ה ע נ ר י ק   ש ע נ ק ע ו ו י ט ש

# מיט פייער און שווערד

ייד יש: משה בליישטיפט



ו ו א ר ש ע, 1924

פֿארלאג ש. יאטשקאווסקי, גענשע 7

געזעצט און געדרוקט בא ברידער וואיציקיעוויטש. ווארשא, גענשע 15.

געבונדן בא א. קאמיען

Ogniem i Mieczem,
H. Sienkiewicza

Wydawnictwo Szymon
Jaczkowski — Warszawa

Drukarnia B-ci Wójcikiewicz
Warszawa, Gęsia 15.

# 1 קאַפּיטל

דאָס יאָר 1647 איז געווען אַ משונהדיק יאָר, אין וועלכן פֿאַרשידענע סימנים אויפֿן הימל און אויף דער ערד האָבן אָנגעזאָגט אומגליקן און אומגעוויינלעכע געשעענישן.

די דאַמאָלסדיקע קראָניקער דערמאָנען, אַז אין פֿרילינג האָבן אומגעהייערע מחנות פֿון הייַשעריקן זיך אַ לאָז געטון פֿון די ווילדע פֿעלדער און אַ תל געמאַכט פֿון די זריעות און גראָזן, וואָס איז באַטראַכט געוואָרן ווי אַן אָנזאָג פֿון טאָטערישע אָנפֿאַלן. זומער איז פֿאָרגעקומען אַ גרויסע ליקוי־חמה, און באַלד דערנאָך האָט זיך אויפֿן הימל באַוויזן דער קאָמעט. אין וואַרשע האָט מען איבער דער שטאָט געזען אַ קבר און אַ פֿייערדיקן צלם אין די וואָלקנס; מ'האָט דעריבער געפֿאַסט תעניתים און געגעבן צדקה, ווייל מ'האָט געזאָגט, אַז אַ מגפֿה וועט קומען אויפֿן לאַנד און פֿאַרטיליקן דעם מענטשלעכן מין. ענדלעך איז געקומען אַזאַ לייכטער ווינטער, וואָס אַזעלכן האָבן אַפֿילו גרייז־גראָע זקנים נישט געדענקט. אין די דרומדיקע געגנטן האָט דאָס אייז אַפֿילו נישט באַדעקט די וואַסערן, וועלכע זענען צוזאַמען מיטן שניי, וואָס האָט געשמאָלצן יעדן באַגינען, אַרויסגעטרעטן פֿון די בעטן און פֿאַרגאָסן די ברעגעס. עס זענען אָפֿט געפֿאַלן רעגנס. דער סטעפּ איז צווייקט געוואָרן און זיך פֿאַרוואַנדלט אין אַ גרויסן זומפּ, די זון ווידער האָט מיטאָג־צייט אַזוי שטאַרק געוואַרעמט, אַז — פּלאי־פּלאים! — אין בראַצלאַווער געגנט און אויף די ווילדע פֿעלדער האָט אַ גרין גראָז באַדעקט די סטעפּעס און די פֿלאַכע שטחים שוין אינמיטן דעצעמבער. די בינען אין די בין־שטאָקן האָבן אָנגעהויבן צו זשומען און צו טומלען, די בהמות האָבן געמאַכט קולות אין די שטאַלן. ווען מען האָט אַזוי געזען בחוש ווי דער דרך־הטבע

ענדערט זיך ממש אינגאנצן, האָבן אַלע אין רוס זיך געריכט אויף אומגעוויינלעכע געשעענישן און געוואונדערט זייערע אומרו־איקע הערצער און אויגן צו די ווילדע פעלדער, פון וואַנען די סכנה האָט גיכער ווי פון ווו־עס־איז זיך געקאָנט באַווייזן.

אָבער אויף די פעלדער האָט קיין שום אויסערגעוויינלעכע זאַך נישט פּאַסירט און עס זענען נישט געווען קיין שום אַנ־דערע קאַמפן און צוזאַמענשטויסן אַ חוץ די, וואָס זענען דאָרט געוויינלעך פאָרגעקומען און וועגן וועלכע עס האָבן געוווּסט נאָר די אָדלערס, די ראָבן און די פעלד־חיות.

ווייל אַזעלכע זענען שוין געווען די דאָזיקע פעלדער. די לעצטע שפּורן פון מענטשלעכן ישוב האָבן זיך געענדיקט, צו דרום־צו, נישט ווייט פון כשערכין פון דער זייט דניעפּר, און פון דער זייט דניעסטר ווידער — נישט ווייט פון אומאַן, און שפּעטער שוין, העט ווייט צו די אָזערעס און צום ים, נאָר גאָלער סטעפּ, ווי אין אַ ראַם צווישן צוויי טייכן אַרומגענומען. אין דניעפּר־בויגן, אין ניזש, האָט נאָך געקאָכט דאָס קאָזאַקישע לעבן הינטער די פּעלזן, אָבער אין די פעלדער גופא האט קיי־נער נישט געוואוינט און נאָר ביי די עקן האָבן אפשר ווו־נישט־ווי געשטעקט פעלד־ביידלעך, ווי אינזלען אינמיטן ים. די דאָזיקע ערד האָט געהערט צו דער רעפּובליק, אָבער זי איז געווען וויסט און די רעפּובליק האָט די טאָטערס געגעבן רשות דאָרט צו פּאַשען די בהמות. ווייל אָבער די קאָזאַקן זענען אָפט באַפאַלן די טאָטערס, איז דאָס פּאַשע־אָרט אויך צו דער זעלבער צייט געווען אַ שלאַכט־פעלד.

וויפיל קאַמפן זענען דאָרט געפירט געוואָרן, וויפיל מענטשן זענען געפאַלן, האָט קיינער נישט געציילט, האָט קיינער נישט געוווּסט. בלויז די אָדלערס, די ראָבן און די פעלד־חיות האָבן עס געזען, און ווער עס האָט פון דערווייטנס דערהערט אַ גע־רויש פון פליגל און אַ קראַקען, ווער עס האָט געזען, ווי די פייגל דרייען זיך אין אַ עיגול איבער איין אָרט, דער האָט געוווּסט, אַז נישט־באַגראָבענע מתים אָדערביינער ליגן דאָרט...

מ׳האָט אין די גראָזן געלויערט אויף מענטשן, ווי אויף ווילדע

חיות. עס האָט געליאָרט ווער עס האָט נאָר געוואָלט. דער פֿאַרמשפּט'ער פֿאַרברעכער האָט זיך באַהאַלטן אין די ווילדע סטעפּעס, דער באַוואָפֿנטער פּאַסטוך האָט דאָרט געהיטן די סטאַדע, דער ריטער האָט דאָרט געזוכט פּאַסירונגען, דער רויבער — רויב, דער קאָזאַק — דעם טאָטער, דער טאָטער — דעם קאָזאַק. ס'פֿלעגט טרעפֿן, אַז גאַנצע גרופּן האָבן פֿאַרטיידיקט די סטאַדע קעגן אַ המון פֿון אָנפֿאַלער. דער סטעפּ איז געווען פּוסט און פֿול צו דער זעלבער צייט, שטיל און אימהדיק, רויִק און פֿול מיט פֿאַרבאָרגענע סכּנות, ווילד פֿון די ווילדע פֿעלדער, אָבער אויך פֿון די ווילדע ברואים.

אַמאָל פֿלעגט אים אויך באַלעבן אַ גרויסע מלחמה. דאַמאָלס האָבן, ווי די כוואַליעס, איבער אים געשווומען טאָטערישע מחנות, קאָזאַקישע פּאָלקן, פּוילישע אָדער וואַלאַכישע פֿאַנען; אין די נעכט האָט דאָס כראַפּען פֿון די פֿערד זיך אויסגעמישט מיט'ן געהייל פֿון די וועלף, די קלאַנגען פֿון די קעסלען און מעשענע טרומייטערס האָבן דערגרייכט אַזש ביזן אווידאָוו-טייך און צום ים, און אויפֿ'ן שוואַרצן שליאַך, אויף קוטשמינסק — וואָלסטו געמיינט: אַ מבול פֿון מענטשן. די גרעניצן פֿון דער רעפּובליק האָבן געהיטן פֿון קאַמענעץ ביז צום דניעפּר די קאָזאַקן-ישובֿים און די פֿעלד-ביידלעך. און ווען די שליאַכן האָבן געזאָלט פֿאַרפֿלייצט ווערן פֿון אָנפֿאַלער, האָט מען דאָס דערקענט לויט די אומגעהייער גרויסע מחנות פֿון די פֿייגעל, וואָס זענען איבערגעשראָקן געוואָרן דורך די טאָטערישע באַנדעס און געפֿלויגן צו דער צפֿון-זייט. אָבער די טאָטערן, ווי נאָר זיי האָבן זיך אַרויסגעלאָזן פֿון שוואַרצן וואַלד אָדער זיי זענען אַריבערגעגאַנגען צום דניעסטער, זענען זיי צוגלייך מיט די פֿייגל אָנגעקומען אין די דרומדיקע געגענטן.

אָבער יענעם ווינטער זענען די פֿייגל ניט געפֿלויגן מיט אַ געפּילדער אין די זייט פֿון פּוילן דער רעפּובליק. אויפֿ'ן סטעפּ איז געווען שטילער ווי תּמיד. אין דעם מאָמענט, ווען עס הייבט זיך אָן אונזער דערציילונג, איז די זון גראָד פֿאַרגאַנגען, און אירע רויטליכע שטראַלן האָבן באַלויכטן דעם גאַנצן

פוסטן שטח. אויפן צפונדיקן עק פון די ווילדע פעלדער,ביים טייך אמעלניטשק, ביז צו זיין אויסגוס, וואָלט דאָס שאַרפּ־סטע אויג ניט געקאָנט אַנטדעקן קיין איין לעבעדיקע נשמה, אַפילו ניט דעם מינדעסטן ריר אין די טונקעלע, פאַרטרוקנטע און פאַרוועלקטע קוסטעס. נאָר אַ העלפט פון זון־טעלער האָט נאָך אַרויסגעקוקט פון הינטערן האָריזאָנט. די זון איז שוין גע־ווען טונקעל, און שפעטער האָט זיך ביסלעכווייז אויך דער סטעפ וואָס אַמאָל מער פאַרשאָטנט. אויפ׳ן לינקן ברעג, אויף אַ ניט גרויסער הויכקייט, וואָס איז גיכער ענליך צו אַ קבר, איידער צו אַ בערגל, האָט זיך נאָך געלויכטן די יתר־הפלטה פון אַ געמויערטן בנין, וועלכן נאָך טעאָדאָריק בוטשאַצקי האָט אַמאָל אויפגעשטעלט און וועלכער איז שפעטער דורך די אָנ־פאַלן חרוב ונחרב געוואָרן. פון דער דאָזיקער חורבה האָט זיך געצויגן אַ לאַנגער שאָטן. פון דער ווייטנס האָבן געלויכטן די וואַסערן פון ברייט פונאַנדערגעגאָסענעם אָמעלניטשק, וועלכער דרייט זיך אויף דעם אָרט אַריין צום דניעסטער. אָבער די שיין האָט זיך געלאָשן וואָס אַמאָל מער אויפ׳ן הימל און אויף דער ערד. פון הימל איז דערגאַנגען נאָר דאָס פּישטשען פון די פייגל, וואָס האָבן זיך געצויגן צום ים, ווייטער האָט קיין שום קול ניט איבערגעריסן די שטילקייט.

די נאַכט איז צוגעפאַלן איבערן מדבר און צוזאַמען מיט איר איז אויך געקומען די שעה פון רוחות. די ריטערס, וואָס האָבן געוואַכט אין די קאַזאַקן־ישובים, האָבן זיך דערציילט אין יענע צייטן, אַז אין די נעכט שטייען אויף אין די ווילדע פעל־דער די שאָטנס פון די געפאַלענע, וואָס זיינען דאָרט פלוצלינג אומגעקומען אין זייערע זינד, און פראַווען זייערע ווילדע טענץ, ניט מורא האָבנדיק פאַר קיין שום צלם און פאַר קיין שום קירך. דעריבער, ווען די שטריק, וואָס ווייזן אָן אויף צפון, האָבן זיך אָנגעהויבן צו לעשן, האָט מען אין די קאַזאַקן־ישובים אָבגעריכט תפלות פאַר די פאַרשטאָרבענע. מ׳האָט אויך געזאָגט, אַז די שאָטנס פון די רייטער בלאָנדזשען איבער דער מדבר און פאַרשטעלן דעם וועג פאַר די רייזנדע, וויינענדיק און בעטנדיק

אַ ברכה אין נאָמען פֿון הייליקן צלם. צווישן זיי האָבן זיך אויך געטראָפֿן געשפּענסטער, וועלכע האָבן יאָמערנדיק זיך געיאָגט נאָך די מענטשן. אַ געניט אויער פֿלעגט פֿון דער ווייטנס שוין פֿונאַנדערשיידן דאָס יאָמערן פֿון די געשפּענסטער פֿון וועלפֿישן געיאָמער. מ'פֿלעגט אויך זעען גאַנצע חיילות פֿון שאָטנס, וועלכע האָבן ציטנווייז זיך אַזוי דערנענטערט צו די ישובים, אַז די וואַך האָט געמוזט אַלאַרמירן. דאָס האָט געווײנלעך אָנגעזאָגט אַ גרויסע מלחמה. דאָס באַגעגנען איינצעלנע שאָטנס איז אויך ניט געווען קיין גוטער סימן, אָבער ניט שטענדיק האָט מען זיך געדאַרפֿט ריכטן אויף אַ צרה, ווייל אויך אַ לעבעדיקער מענטש פֿלעגט זיך ניט איינמאָל באַווייזן און נעלם ווערן, ווי אַ שאָטן פֿאַר די רייזנדע, דעריבער האָט ער אויך אָפֿט געקאָנט באַטראַכט ווערן פֿאַר אַ רוח.

ווי באַלד די נאַכט איז צוגעפֿאַלן איבערן אַמעלניטשק, איז שוין דעריבער ניט געווען קיין חידוש, וואָס אַרום דער חורבה האָט זיך באַוויזן אַ רוח אָדער אַ מענטש. די לבנה האָט זיך גראָד אַרויסגערוקט פֿון הינטערן דניעסטער און געוואָרפֿן אַ בלאַסע שיין אויף די וויסטעניש, אויף די שפּיצן פֿון די דערנער און אויף די ווייטקייטן פֿון סטעפּ. מיט אַמאָל האָבן זיך נידריגער אין סטעפּ באַוויזן עפּעס אויך אַנדערע נאַכט־באַשעפֿענישן. די דורכפֿליענדע כמאַרעלעך האָבן יעדע ווײלע פֿאַרשטעלט די שיין פֿון דער לבנה און יענע געשמאַלטן. האָבן דעריבער אַמאָל אַרויסגעגלאַנצט פֿון שאָטן און אַמאָל ווידער זיך פֿאַרלאָשן. מאָמענטנווייז זענען זיי אינגאַנצן נעלם געוואָרן און ווי זיך געשמאָלצן אין שאָטן. צורוקנדיק זיך צו דער הויכקייט, אויף וועלכער ס'איז געשטאַנען דער ערשטער רייטער, האָבן זיי זיך דורכגעגנבעט שטיל, פֿאָרזיכטיק, לאַנגזאַם און יעדע ווײלע זיך פֿאַרהאַלטן אויפֿן וועג.

אין זייערע תנועות איז געווען עפּעס דערשרעקנדעס, ווי אין דעם גאַנצן סטעפּ, לפֿנים אַזוי רויקן. דער ווינד האָט אָפֿט געבלאָזן פֿון דער דניעסטער־זייט, אַרויסרופֿנדיק אַ אומעטיקן גערויש צווישן די פֿערטרוקנטע דערנער, וועלכע האָבן זיך גע־

בויגן און געטרייסלט, ווי איבערגעשראָקענע. צום סוף זענען די געשטאַלטן פאַרשווונדן, זיך באַהאַלטן אין שאָטן פון דער חורבה. אין בלאַסן ליכט פון דער נאַכט האָט מען געקאָנט זען נאָר איין רייטער, וואָס איז געשטאַנען אויף דער הויכקייט.

ענדלעך האָט יענס גערויש צוגעצויגן זיין אויפמערקזאַמקייט. צוגייענדיק צום עק פון בערגל, האָט ער גענומען זיך שטאַרק איינקוקן אין סטעפ. אין דער רגע האָט דער ווינט אויפגעהערט צו בלאָזן, דאָס גערויש איז אַנטשוויגן געוואָרן, ס'איז געוואָרן זייער שטיל.

פּלוצלינג האָט זיך דערהערט אַ שרעקלעכער פייף. געמישטע קולות האָבן גענומען שרייען אימהדיק: „אַלאַ! אַלאַ! יעזוס קריסטוס! העלף! שלאָג"! ס'האָט אָפּגעהילכט אַ שיסעריי פון ביקסן, רויטע ליכט-פּאַסן האָבן צוריסן די פינסטערניש. הילכיקע טריט פון פערד האָבן זיך אויסגעמישט מיטן געקלאַנג פון אייזן. עפּעס נייע רייטער זענען אויסגעוואַקסן ווי פון אונטער דער ערד אויפן סטעפּ. וואָלסט געמיינט: אַ שטורעם האָט זיך פּלוצלינג אָפּגעריסן אין דעם דאָזיקן שטילן, אימהאַנוואַרפנדיקן מדבר. שפּעטער האָבן מענטשלעכע קרעכצן זיך אויסגעמישט מיט די שרעקלעכע קולות, צום סוף איז אַלץ שטיל געוואָרן, דאָס געראַנגל איז געווען געענדיקט.

אַפּנים, ס'האָט זיך אָפּגעשפּילט איינע פון די געוויינלעכע סצענעס אויף די ווילדע פעלדער.

די רייטער האָבן זיך גרופּירט אויף דער הויכקייט, אייניקע זענען אראָפּ פון די פערד, צוקוקנדיק זיך פלייסיק צו עפּעס.

מיט אַמאָל האָט זיך אין דער פינסטערניש דערהערט אַ שטאַרקע און באַפעלענדע שטים:

— העי דאָרט! אָנרייבן פייער און אָנצינדן!

אין אַ ווײַלע אַרום האָבן זיך געשאָטן צו ערשט פונקען, און שפּעטער האָט זיך צופלאַקערט אַ פלאַם פון ים-רויכן און קין-שפּענער, וועלכע די רייזנדע איבער די ווילדע פעלדער פלעגן שטענדיק מיט זיך פירן.

באַלד האָט מען אין די ערד אַריינגעשלאָגן אַ שטעקן מיט אַ פייער-פאָן, אין דאָס העלע ליכט, וואָס איז געפאַלן פון דער הויך, האָט שאַרף באַלויכטן אַ פּאָר צענדליג מענשן, וועלכע זענען געשטאַנען געבויגן איבער עפּעס אַ געשטאַלט, וואָס איז געלעגן אָן באַוועגונג אויף דער ערד.

דאָס זענען געווען זעלנער, אין אַ רויטער הויפישער הלבשה און מיט וועלפישע קאַפּוזעס אויף די קעפּ. איינער פון זיי, וואָס איז געזעסן אויף אַ טיכטיקן פערד, האָט אויסגעזען צו זיין דער ראש פון די איבעריקע. אַראָפּזעצנדיק זיך פון פערד, איז ער צוגעגאַנגען צו יענער ליגנדער געשטאַלט און אַ פרעג געטון:

— נו, וואָס וואַכמייסטער, ער לעבט, אָדער ער לעבט ניט?

— ער לעבט, האַר נאַמיעסטניק, אָבער ער שנאָרכט; די נעץ האָט אים דערוואָרגן.

— און ווער איז ער?

— ניט קיין טאָטער, ווייזט אויס, אַ חשוב׳ער מענש.

— נו, אַ דאַנק גאָט.

דאָ האָט דער נאַמיעסטניק געוואָרפן אַ אויפמערקזאַמען בליק אויף דעם ליגנדן מאַן.

— ווייזט אויס אַ העטמאַן — האָט ער אַ זאָג געטון.

— און דאָס פערד הינטער אים איז אַ ווינטיג טאָטעריש פערד, קיין בעסערס וועט מען ביים כאַן אַליין ניט געפינען — האָט צוגעגעבן דער וואַכמייסטער — אָט האַלט מען עס.

דער פּאָרוטשניק האָט אַ קוק געטון, און זיין פנים האָט זיך אויסגעלייטערט. נעבן אים האָבן צוויי זעלנער געהאַלטן אַ פלינקן פערד, וועלכעס האָט, אַראָפּלאָזנדיק די אויערן און פונאַנדערבלאָזנדיק די נאָז-לעכער, אויסגעצויגן דעם קאָפּ און מיט שרעקיקע אויגן געקוקט אויף זיין האַר.

— אָבער דאָס פערד, האַר נאַמיעסטניק, וועט זיין אונזער? — האָט דער וואַכמייסטער געפרעגט.

— און דו, הינטישער גלויבן, וואָלסט וועלן אין סטעפּ

צונעמען דאָס פֿערד ביי אַ קריסט?

— דאָס איז דאָך פֿון שלל...

דעם ווייטערדיקן שמועס האָט איבערגעריסן דאָס שטאַרקע שנאָרכן פֿון דערוואָרגענעם.

— אַריינגיסן אים בראָנפֿן אין מויל — האָט געזאָגט דער האַר באַמיעסטניק — עפֿנט אים דעם גאַרטל.

— וועלן מיר בלייבן אויף נאַכט-לעגער?

— יאָ, זאָטלט אָפּ די פֿערד, צינדט אָן פֿייער.

די זעלנער זענען פֿלינק אויפֿגעשפּרונגען. איינע האָבן גענומען מונטערן און רייבן דעם ליגנדן, די צווייטע האָבן זיך געלאָזט נאָך ים-רוירן, אַנדערע האָבן פֿונאַנדערגעשפּרייט אויף דער ערד פֿעלן פֿון בערן און קעמלען אויף נאַכט-לעגער.

דער האַר באַמיעסטניק האָט זיך נישט מער געדאגהט וועגן דערוואָרגענעם מאַן, געעפֿנט דעם גאַרטל און זיך אויסגעצויגן אויף דער בורקע ביים פֿייער. דאָס איז געווען זייער אַ יונגער מענטש, אַ טרוקענער, שוואַרצלעכער, אַ הדרת-פּנימדיקער, מיט אַ דאַר געזיכט און בולטער אָדלער-נאָז. אין זיינע אויגן האָט זיך געמאָלט אַן אכזריותדיקע פֿאַנטאַזיע און קאַמף-לוסטיקייט, אָבער אויפֿן פּנים איז געווען אַ אויסדרוק פֿון ערלעכקייט. די דיקע וואָנסן און די אַפּנים שוין לאַנג נישט געגאָלטע באָרד האָבן אים צוגעגעבן חשיבות נישט לויטן עלטער נאָך.

ביני-לביני האָבן צוויי דינער זיך פֿאַרנומען מיט צוגרייטן דאָס נאַכט-עסן. מ'האָט געלעגט אויפֿן פֿייער פֿאַרטיקע געפֿערטלטע שעפּסעלעך; מ'האָט אויך אַראָפּגענומען פֿון פֿערד אַ פּאָר עופֿות, וואָס זענען געפֿאַנגען געוואָרן בייטאָג, און איין חיה, פֿון וועלכער אַ דינער האָט באַלד גענומען אַראָפּשינדן די הויט. דאָס פֿייער האָט געפֿלאַקערט, וואַרפֿנדיק אויפֿן סטעפּ אַ געוואַלטיקן רויטן ליכט-עיגול. דער דערשטיקטער מענטש האָט ביסלעכווייז אָנגעהויבן קומען צו זיך.

אַ געוויסע צייט האָבן זיינע מיט בלוט-פֿאַרלאָפֿענע אויגן געבלאָנדזשעט איבער די פֿרעמדע, באַטראַכטנדיק גוט זייערע פּנימער, שפּעטער האָט ער זיך באַמיט אויפֿצושטיין. דער זעלנער,

וועלכער האָט פֿריִער געשמועסט מיטן נאַמיעסטניק, האָט איִם אונטערגעהויבן ביי די אָרעמס; אַ צווייטער האָט איִם אַריינגע־לעגט אין האַנט אַן אַקס, אויף וועלכער דער אומבאַקאַנטער האָט זיִך אָנגעלענט מיט אַלע כּוחות. דאָס פּנים זיינס איז געווען נאָך רויט, די אָדערן אָנגעלאָפֿן. צום סוף האָט ער מיִט אַ גע־שטיִקטער שטיִם אַרויסגערעדט דאָס ערשטע וואָרט:

— וואַסער!

מ׳האָט איִם דערלאַנגט בראָנפֿן, וועלכן ער האָט געטרונקען און געטרונקען. אַפּנים, אַז דאָס האָט איִם אויפֿגעמונטערט, ווייל אַוועקנעמענדיק צום סוף די פֿלאַש פֿון מויל, האָט ער שוין מיט אַ קלאָרן קול געפֿרעגט:

— אין וועמענס הענט ביִן איך?

דער נאמיעסטניק האָט זיִך אויפֿגעשטעלט און איז צוגע־גאַנגען צו איִם.

— אין די הענט פֿון די, וואָס האָבן דיך מציל געווען.

— הייסט עס, נישט איר האָט מיִך געכאַפּט אויף די נעץ?

— מיין האַר, אונזער זאַך איז די שווערט, נישט די נעץ. איר זענט גוטע זעלנער פּוגע בכּבוד מיט אייער חשד. רויבער, וואָס פֿאַרשטעלן זיך פֿאַר טאָטערס, האָבן דיִך געכאַפּט און, אויב דו האָסט חשק, קאָנסטו זיי אָנקוקן, אָט ליִגן זיי דאָרט אויסגעקוילעטע ווי די שעפּסן.

דערביי האָט ער אָנגעוויזן מיט דער האַנט אויף אַ פּאָר טונקעלע גופֿים, וואָס זענען געלעגן אונטן ביים בערגל.

און דער אומבאַקאַנטער האָט דערויף געזאָגט:

— אויב אַזוי, ערלויבט מיר זיִך אָפּצורוען.

דאָס איז געווען אַ מאַן אין פֿולען עלטער, פֿון אַ מיִטלען וווקס, מיִט ברייטע אַקסלען, כּמעט אַ ריִזיקן קערפּער־בוי און שאַרפֿע שטריִכן. אַ קאָפּ האָט ער געהאַט אַ געוואַלדיִקן, אַ פֿאַרוועלקטע, זייער אָפּגעברענטע הויט, שוואַרצע און אַביסל משופּעדיִקע אויגן, ווי ביי אַ טאָטער, און איִבער די שמאָלע ליפּן האָט אים אַראָפּגעהאָנגען אַ דינע וואָנ , וואָס איז ז ך

ערשט בײַ די עקן פֿונאַנדערגעגאַנגען אין צװײ ברײטע צעפּ זײַן מעכטיק פּנים האָט עדות געזאָגט װעגן מוט און שטאָלץ. ס'איז געװען אין אים עפּעס צוציִענדעס און אָפּשטױסנדעס אינאײנעם—אַ העטמאַנישע חשיבות, צונױפֿגעפּאָרט מיט טאָטערישע ביטערקײט, גוטמוטיקײט און װילדקײט.

אָפּזיצנדיק אַביסל אױפֿן זאָטל, האָט ער זיך אױפֿגעשטעלט און, צו אַלעמענס איבעררעשונג, איז ער גלײַך געגאַנגען באַקוקן די הרוגים, נישט דאַנקנדיק פֿריִער זײַנע רעטער.

— אַ גראָבער יונג!—האָט אַ ברום געטון דער נאַמיעסטניק.

דער אומבאַקאַנטער האָט דערװײַל גענוי זיך אײַנגעקוקט אין יעדן פּנים, צושאָקלענדיק מיטן קאָפּ, װי אַ מענטש, װאָס האָט אַלץ משיג געװען, שפּעטער האָט ער זיך לאַנגזאַם צוריקגעקערט צום נאַמיעסטניק, קלאַפּנדיק זיך בײַ די זײַטן און זוכנדיק נישט װילנדיק דעם גאַרטל, אין װעלכן ער האָט אַפּנים געװאָלט אַרײַנשטעקן די הענט.

ס'איז דעם יונגן נאַמיעסטניק נישט געפֿעלן געװאָרן די דאָזיקע חשיבות פֿון אַ מענטש, װאָס איז נאָר װאָס אָפּגעשניטן געװאָרן פֿון דער שטריק, ער האָט דעריבער געזאָגט מיט שפּאָט:

— מ'װאָלט געקאָנט מײנען, אַז איר זוכט באַקאַנטע צװישן די דאָזיקע גזלנים, אָדער איר זענט מתפּלל פֿאַר זײערע נשמות.

דער אומבאַקאַנטער האָט ערנסט געענטפֿערט:

— אי דו האָסט אַ טעות, מײַן האַר, און אי דו האָסט נישט קײן טעות: דו האָסט נישט קײן טעות, װײַל כ'האָב געזוכט באַקאַנטע, און דו האָסט אַ טעות, װײַל דאָס זענען נישט קײן גזלנים, נאָר דינער פֿון אַ געװיסן שלאַכטשיץ, מײַן שכן.

— אױב אַזױ, טרינקט איר, הײסט עס, נישט פֿון אײן ברונעם מיט יענעם שכן.

עפּעס אַ משונהדיקער שמײכל איז דורכגעפֿלױגן איבער די דינע ליפּן פֿון אומבאַקאַנטן.

— און דערזין האָט איר אַ טעות — האָט ער געברומט דורך די ציין.

אין אַ ווײַלע אַרום האָט ער צוגעגעבן העכער:

— אָבער זײַט מיר מוחל, וואָס כ׳האָב אײַך נישט צוערשט אָפּגעגעבן דעם געהעריקן דאַנק פאַר דער הילף און ערפאָלג־רייכער רעטונג, וואָס האָט מיך מציל געווען פון אַזאַ פלוצלונג־דיקן טויט. אייער גבורה, מיין האַר, איז מיר בייגעשטאַנען ניצול צו ווערן פון אַ אומגליק, וואָס האָט מיר געדראָט צוליב דעם, וואָס כ׳בין נישט געווען פאָרזיכטיק און זיך אָפּגעשיידט פון מיינע מענטשן, אָבער מיין דאַנקבאַרקייט גלייכט זיך אויס מיט אייער גוטהאַרציקייט.

דערביי האָט ער אויסגעשטרעקט זיין האַנט צום נאַמיעסטניק.

אָבער דער שטאָלצער יונגערמאַן האָט זיך נישט גערירט פון אָרט און זיך נישט געאײַלט צו דערלאַנגען זיין האַנט. ער האָט נאָר געזאָגט:

— כ׳וואָלט פריער וועלן וויסן, צי איך האָב צו טון מיט אַ שלאַכטשיץ, ווארום הגם איך בין אין דעם נישט מסופק, שטייט מיר פונדעסטוועגן ניט אָן אָנצונעמען אַ דאַנק פון אַ מענטשן, וואָס זיין נאָמען איז מיר ניט באַקאַנט.

— איך זע אין אײַך, מיין האַר, אַ אמתן ריטערלעכן גייסט—און איר האָט רעכט. כ׳האָב געדאַרפט אָנהויבן פון נאָמען מיין געשפרעך און דאַנק. איך בין זענאָבי, אַבדאַנק פון הערב אַבדאַנק מיטן קליינעם צלם, אַ שלאַכטשיץ פון קיעווער געגנט, ווו איך בין אַ תושב און פירער פון קאַזאַקן־פאָלק ביים פירשט דאָמיניק זאַסלאַווסקי.

— און איך — יאַן סקשעטוסקי, נאַמיעסטניק פון פאַנצער־פאָלק ביי זיין ליכטיקער הויכקייט פירשט יערעמי ווישניאַוויעצקי.

— אַ באַרימטן מלחמה־מאַן דינט איר, מיין האַר. — נעם איצט אָן מיין דאַנק און האַנט.

דער נאַמיעסטניק האָט זיך מער ניט געוואַקלט. אמת, די חברים פון פאַנצער־פאָלק פלעגן קוקן פון אויבן אַראָפּ אויף זעלנער פון אַנדערע פאָלקן, אָבער דער האַר סקשעטוסקי איז

געווען אין סטעפּ, אויף די ווילדע פעלדער, ווו אַזעלכע זאַכן זענען ניט אָנגעגאַנגען. איבעריגנס, האָט ער געהאַט צו טון מיט אַ פּאָלקאָווניק, וואָס האָט באַלד געזעען בחוש, וואָרום בעת זיינע זעלנער האָבן געבראַכט דעם האַר אַבדאַנק דעם גאַרטל און שווערט, וועלכע מ'האָט פון אים אַראָפּגענומען ביים מונטערן, האָבן זיי אים צו דער זעלבער צייט אויף דערלאַנגט אַ קורצן שטאָק אין אַ ביינערנער ראַם מיט אַ שפּיץ פון האָרן. און אַזאַ שטאָק טראָגן געוויינלעך אַלע פירער פון די קאַזאַקן־פּאָלקן. אַ חוץ דעם אין די הלבשה פון האַר זענאָבי אַבדאַנק געווען אַ לייטישע, און די שענע שפּראַך האָט עדות געזאָגט וועגן אַ פלינקן מוח און בעהאַוועטקייט אין דער וועלט.

האַר סטשעטוסקי האָט אים פאַרבעטן אין די געזעלשאַפט. דער ריח פון געבראָטן פלייש האָט גראָד געגומען זיך הערן פון פייער, קיצלענדיק די נאָז־לעכער און דעם גומען. אַ דינער האָט אַרויסגענומען דאָס פלייש פון פייער און עס דערלאַנגט אויף אַ פאַן. — מ'האָט זיך גענומען עסן און ווען מ'האָט געבראַכט אַ גרויסן זאַק מיט מאלדאַווישן ווײַן, וואָס איז געווען פון אַ ציגענער פעל, האָט זיך באַלד פאַרבונדן אַ לעבהאַפטער שמועס.

—הלואי זאָלן מיר בשלום קומען אַ היים! — האָט האַר סקשעטוסקי געזאָגט.

— דאָס קערט איר אַהיים? פון וואַנען? — האָט געפרעגט אַבדאַנק.

— פון מרחקים. פון קרים.

— און וואָס האָט איר, מיין האַר, דאָרט געטון? מיט אויסקויף־געלט געפאָרן?

— ניין, האַר פּאָלקאָווניק; כ'בין געפאָרן צום כאַן אַליין. אַבדאַנק האָט נייגעריק אָנגעשטעלט די אויערן.

— אין אַ שיינע חברותא האָט איר זיך אַריינגעלאָזט, מ'קאָן ניט זאָגן. און מיט וואָס זענט איר געפאָרן צום כאַן?

— מיט אַ בריוו פון זיין הויכקייט פירשט יערעמי.

— איר זענט, הייסט עס, געווען אַ שליח. און וואָס האָט

דער האַר פּירשט געשריבן צום כאַן?

דער נאַמיעסטניק האָט שאַרף אַ קוק געטון אויפן חבר.

— האַר פּאָלקאָווניק — האָט ער געזאָגט — דו האָסט זיך באַגעגנט אויג אויף אויג מיט רויבער, וואָס האָבן דיך געכאַפּט אויף די נעץ — דאָס איז דיין עסק; אָבער וואָס דער פּירשט האָט געשריבן צום כאַן, דאָס גייט ניט מיך און ניט דיך אָן, נאָר זיי ביידע אַליין.

— כ'האָב זיך נאָר וואָס געחידושט — האָט אַבדאַנק כּמעט געענטפערט — וואָס דער האַר פּירשט האָט אַזאַ יונגן מענטש געוויילט פאַר אַ שליח צום כאַן, אָבער נאָך אייער תשובה, מיין הער, חידוש איך זיך שוין מער נישט, ווארום כ'זע, אַז איר זענט יונג אין יאָרן, אָבער אַלט אין שכל און חכמה.

דער נאַמיעסטניק האָט שטיל אויסגעהערט די חנופה-רייד, ער האָט נאָר געדרייט די וואָנס און געפרעגט:

— זאָגט מיר, מיין האַר, וואָס טוט איר ביים אַמעלניטשק און ווי אַזוי זענט איר געקומען אַהער איינער אַליין?

— איך בין נישט איינער אַליין, ווארום איך האָב מיינע מענטשן געלאָזט אין וועג, און איך פאָר קיין קודאַק, צום האַר גראָדזשיצקי, וואָס שטייט דאָרט אין דער שפּיץ פון דער פאַר-וואַלטונג און צו וועלכן דער האַר העטמאַן האָט מיך געשיקט מיט בריוו.

— און פאַרוואָס פאָרט איר נישט, מיין האַר, מיט דער שיף, צום וואַסער?

— אַזוי איז געווען דער באַפעל, אויף וועלכן איך טאָר נישט עובר-זיין.

— עס חידושט מיך, וואָס דער האַר העטמאַן האָט אַרויס-געגעבן אַזאַ באַפעל, ווארום גראָד אין סטעפּ בּיסטו געווען אויסגעשטעלט אויף אַזעלכע גרויסע סכנות, וועלכע דו וואָלסט זיכער געווען אויסגעמיטן, פאָרנדיק דורכן וואַסער.

— מיין האַר, די סטעפּעס זענען איצט רויק; איך קען זיי נישט פון היינט, און דאָס, וואָס האָט מיך געטראָפן, איז נאָר מענטשלעכע רשעות און חוצפה.

— און ווער לויערט דאָס אַזוי אויף אייער לעבן, מיין האַר?

— דאָס איז אַ לאַנגע מעשה. מיין בייזער שכן, האַר נאַמיעסטניק, וועלכער האָט אַ תל געמאַכט פון מיין האָב און גוטס, מיך פאַרטריבן פון מיין נחלה, געשלאָגן מיין זון — און דאָ — ווי איר האָט געזען — האָט ער מיך געוואָלט אומברענגען.

— טראָגט איר דען ניט, מיין האַר, קיין שווערד ביי דער זייט?

אויף אבדאַנקס מעכטיקן פנים האָט אַ בליץ געטון די שנאה, זיינע אויגן האָבן טריב אַ לויכט געטון און ער האָט לאַנגזאַם, אָבער דייטלעך געענטפערט:

— איך טראָג, און זאָל מיר גאָט אַזוי העלפן, ווי איך וועל קיין אַנדערן פסק פאַר מיינע שונאים שוין מער נישט זוכן.

דער פּאָרוטשניק האָט געוואָלט עפּעס זאָגן, אָבער מיט אַמאָל האָבן זיך אין סטעפּ דערהערט טריט פון פערד, אָדער בעסער געזאָגט, אַ איילִיקע גאַלאָפּ פון פערדישע פיס איבערן פייכטן גראָז. באַלד איז אויך דעם נאַמיעסטניקס דינער, וואָס פירט אָן מיט דער וואַך, פאָרגעלאָפן מיט דער ידיעה, אַז עפּעס מענטשן קומען אָן.

דאָס זענען מתתמא מיינע מענטשן — האָט אבדאַנק געזאָגט — וואָס זענען געבליבן ניט ווייט פון טאַשמינאַ. ניט ריכטנדיק זיך אויף אַ אומגליק, האָב איך זיי צוגעזאָגט דאָ צו וואַרטן אויף זיי.

אין אַ ווײַלע אַרום האָט אַ גרופּע רייטער אַרומגערינגלט אין אַ האַלב-עיגול דאָס בערגל. ביים שיין פון פייער האָבן זיך אַנטפּלעקט פערדישע קעפּ מיט אָפענע נאָז-לעכער, וואָס האָבן פון פאַרמאַטערטקייט שווער געאָטעמט, און איבער זיי די געבויגענע קעפּ פון רייטער, וועלכע האָבן, פאַרשטעלנדיק די אויגן פאַרן שיין, גלייך געקוקט אין ליכט.

— העי, מענטשן, ווער זענט איר?—האָט אבדאַנק אַ פרעג געטון.

— גאָטס קנעכט!—האָבן געענטפערט די שטימען פון דער פינסטער.

— יאָ, דאָס זענען מיינע יינגען—האָט אָבדאַנק געזאָגט, ווענדנדיק זיך צום נאַמיעסטניק—זייט באַגריסט! זייט באַגריסט!

אייניקע זענען אַראָפּ פון די פערד און צוגעגאַנגען צום פייער.

— און מיר האָבן זיך געאיילט, געאיילט, פּאָטער. וואָס איז מיט דיר?

— געווען אין אַ סכנה. כוועדקאָ דער בוגד האָט געוווסט, ווו איך בין און שוין דאָ געוואַרט מיט נאָך מענטשן. ער האָט אַפּנים מיך אַ היבש ביסל איבערגעיאָגט. זיי האָבן מיך געכאַפּט אויף די נעץ!

— העלף אונז גאָט! העלף אונז גאָט! און ווער איז דאָס דער לאַך נעבן דיר?

דערביי האָבן זיי געוואָרפן אַ בייזן בליק אויפן האַר כקשיטוסקי און זיינע חברים.

— דאָס זענען גוטע פריינט—האָט אָבדאַנק געענטפערט—אַ דאַנק גאָט, איך בין געזונט און לעבעדיק. באַלד לאָזן מיר זיך ווייטער אין וועג.

— גאָט צו דאַנקען! מיר זענען גרייט.

די ניי-אָנגעקומענע האָבן גענומען אָנוואַרעמען די הענט ביים פייער, ווייל די נאַכט איז געווען אַ קאַלטע, הגם דער הימל איז געווען לויטער. געווען זענען זיי אַן ערך פערציק הויך-געוואַקסענע און גוט-באַוואָפנטע מענטשן. זיי האָבן לחלוטין נישט אויסגעזען ווי רעגיסטרירטע קאָזאַקן, וואָס איז סקשיטוסקין אויסגעקומען זייער מאָדנע, בפרט אַז זיי זענען געווען אַ שפּאַר הייפל. דאָס אַלץ האָט ביים נאַמיעסטניק געוועקט אַ גרויסן חשד. ווען דער העטמאַן וו. וואָלט געשיקט דעם העך אבדאַנק קיין קודאַק, וואָלט ער דאָך אים מיטגעגעבן אַ וואַך פון די רעגיסטרירטע, און אַ חוץ דעם, פאַרוואָס האָט ער אים עפּעס געהייסן גיין קיין טשעכרין דורכן סטעפּ און נישט דורכן וואַסער? די נויטיקייט איבערצוגיין אַלע טייכן, וואָס שניידן דורך די

ווילדע פעלדער ביזן דניעפּר, האָט נאָר געקאָנט פאַרשלעפּן די נסיעה.—גיכער האָט מען געקאָנט גלויבן, אַז הער אבדאַנק האָט גאָר געוואָלט אויסמיידן קודאַק.

אָבער אויך די פּערזאָן פון הער אבדאַנק גופא האָט ניִשט געלאָזט רוען דעם יונגן נאַמיעסטניק. עס איז אים באַלד געווען קשה, וואָס די קאָזאַקן, וועלכע פלעגן זיך געוויינלעך מיט זייערע פּאָלקאָווניקעס באַגיין ווי מיט זייערס גלייכן, האָבן זיך צו אים באַצויגן מיט אַן אומגעוויינלעכן דרך-ארץ, ווי צו אַן אמת'ן העטמאַן. דאָס איז מסתמא געווען אַ ריטער אַ חשוב. אָבער דוקא דאָס האָט סקשעטוסקי'ן נאָך מער פאַרחידוש'ט: ער, וואָס קען אוקראַינע אי פון דער זייט און אי פון יענער זייט דניעפּר, האָט וועגן אַ באַרימטן ריטער מיט'ן נאָמען אבדאַנק קיינמאָל גאָר ניִשט געהערט. דערביי האָט דאָס פּנים פון דעם דאָזיקן מאַן אויסגעדריקט עפּעס אומגעוויינלעכעס — עפּעס אַ פאַרבאָרגענע קראַפט, וועלכע האָט געשלאָגן פון זיין פּרצוף, ווי די היץ פון אַ פלאַם, עפּעס אַ פעסטער רצון, וואָס זאָגט עדות, אַז דער דאָזיקער מענטש וועט זיך פאַר גאָרניט און פאַר קיינעם נישט צוריקציען. גראָד אַזאַ רצון האָט אויך אויסגעדריקט דאָס פּנים פון פירשט יערעמי ווישניאַוויעצקי, אָבער ביים פירשט איז עס געווען אַן איינגעבוירענער גאַב פון דער נאַטור, מיט וועלכן עס זיינען באַשאָנקן מענטשן פון גרויסן יחוס און מאַכט, ווי קומט עס אָבער צו אַן אומבאַקאַנטן מענטש, וואָס בלאָנדזשעט אין וויסטן סטעפּ?

הער סקשעטוסקי האָט לאַנג נאָכגעטראַכט. ס'איז אים איינגעפאַלן, אַז דאָס איז אפשר אַ גרויסער פאַרברעכער, וועלכער ווערט געראָדפט דורך דער גערעכטיקייט און איז דעריבער אַנטלאָפן אין די ווילדע פעלדער — באַלד ווידער, אַז דאָס איז אַ פירער פון אַ רויבער-באַנדע, אָבער אין דעם לעצטן איז ער אַליין געווען מסופק. סיי די הלבשה און סיי די שפּראַך פון דעם דאָזיקן פאַרשוין האָבן עדות געזאָגט וועגן גאָר עפּעס אַנדערש. אַזוי האָט דער נאַמיעסטניק פשוט נישט געוווסט, וואָס ער זאָל טראַכטן וועגן אים, ער איז דעריבער געווען בלויז

פֿאַרזיכטיִק. ביני־לביני האָט אבדאַנק געהייסן דערלאַנגען דאָס פֿערד.

— האַר נאַמיעסטניק — האָט ער געזאָגט — איך מוז זיך אײַלן אין ווײַטערדיִקן וועג. דערלויבט מיר נאָכאַמאָל אײַך צו דאַנקען פֿאַר דער היִלף. הלוואי זאָל מיר גאָט געבן די מעגלעכקײַט אײַך אָפּצוצאָלן מיט אַ ענלעכע טובה.

— כ'האָב נישט געוווּסט, ווען איך בין מציל, דעריבער האָב איך אויך קיין דאַנק נישט פֿאַרדיִנט.

— דאָס רעדט איִר אַזוי פֿון עניוות־וועגן, וועלכע איז נישט קלענער פֿאַר אײַער גבורה. נעמט אָן פֿון מיִר דעם דאָזיִקן רינג.

דעם נאַמיעסטניקס פּנים האָט זיך געשמייכלט און ער האָט זיך צוריִקגעצויגן אויף אַ שריִט, מעסטנדיִק אבדאַנקן מיט די אויגן. אבדאַנק האָט זיך אָבער ווײַטער גערעדט כּמעט מיט אַ פֿאָטערלעכער חשיבות אין דער שטיִם און אין דער פֿיגור:

— גיִט נאָר אַ קוק. נישט צוליב דער עשירות, וואָס ליגט באַהאַלטן אין דעם דאָזיִקן רינג, גיב איך דיִר איִם, נאָר צוליב זײַנע אַנדערע מעלות. נאָך אין די ייִנגע יאָרן, ווען איִך בין געווען געפֿאַנגען בײַ די מאַכמעדאַנער, האָב איך איִם באַקומען פֿון אַ עולה־רגל, וועלכער האָט צוריִקגעקערט פֿון הייליקן לאַנד. אין אויג פֿון דאָזיקן רינג ליגט באַהאַלטן ערד פֿון קריסטוסעס קבר. פֿון אַזאַ מתּנה טאָר מען זיך נישט אָפּזאָגן, ווען אַפֿילו זי שטאַמט פֿון פֿאַרברעכעריִשע הענט. איִר, מײַן האַר, זענט נאָך אַ יונגער מענטש און זעלנער, מה־דאָך אַ זקן, וואָס שטייט בײַם ברעג פֿון קבר, קאָן נישט וויִסן, וואָס עס דערוואַרט איִם אין דער לעצטער מינוט פֿון זײַן לעבן, אַ פּשיטא־שוין אַ יונגער מאַן, וועלכער האָט נאָך פֿאַר זיך אַ לאַנגע צוקונפֿט און איִז אודאי אויסגעשטעלט אויף אַ לאַנגע קייט פֿון סבּות. דער דאָזיִקער רינג וועט פֿאַר דיִר זײַן אַ סגולה קעגן אומגליִקן און וועט דיך שיִצן; ווען עס וועט קומען דער יום־הדין, און דאָס זאָג איִך דיִר, אַז דער יום־הדין גייט שוין דורך די ווילדע פֿעלדער.

אַ ווײַלע איז געווען שטיל; עס האָט זיך נאָר געהערט דאָס גערויש פֿון פֿײַער און דאָס כראָפּען פֿון די פֿערד.

פֿון די ווײַטע דערנער האָט זיך דערטראָגן דאָס יאָמער-לעכצ וואָיען פֿון די וועלף. מיט אַמאָל האָט אבדאַנק ווידער אויסגערופֿן, ווי רעדנדיק צו זיך אַליין:

— דער יום-הדין גייט שוין דורך די ווילדע פֿעלדער, און אַז ער וועט קומען — וועט זיך פֿאַרחידוש'ן די גאַנצע וועלט...

דער נאַמיעסטניק האָט מעכאַניש אָנגענומען דעם רינג, אַזוי איבעראַשט איז ער געווען פֿון די ווערטער פֿון דאָזיקן וווּנדערלעכן מענטש.

און אבדאַנק האָט זיך פֿאַרקוקט אין די פֿינסטערע ווײַט-קייט פֿון סטעפּ.

שפּעטער האָט ער זיך לאַנגזאַם אומגעדרייט און זיך גע-זעצט אויפֿן פֿערד. — זײַנע יינגען האָבן שוין געוואַרט צו-פֿוסנס בײַם בערגל.

— אין וועג! אין וועג! — בלײַב געזונט, פֿרײַנט זעל-נער — האָט ער געזאָגט צום נאַמיעסטניק — די צייטן זענען איצט אַזעלכע, אַז אַ ברודער גלויבט ניט זײַן ברודער, דערפֿאַר ווייסטו אויך ניט, וועמען דו האָסט מציל געווען, וואָרום איך האָב דיר מײַן נאָמען ניט אויסגעגעבן.

— איז, הייסט עס, אבדאַנק ניט אייער נאָמען?

— דאָס איז מײַן הערב...

— און דער נאָמען?

— באָגדאַן זינאָבי כמיעלניצקי.

מיט די דאָזיגע ווערטער האָט ער אַראָפּגעניִדערט פֿון בערגל און נאָך אים האָבן זיך געלאָזן די יונגען. באַלד זענען זיי נעלם געוואָרן אין נעפּל און אין דער נאַכט. ערשט ווען זיי זענען שוין געווען אָפּגעפֿאָרן אַנ'ערך פֿון אַ האַלבן מייל, האָט דער ווינט אָנגעטראָגן זייער געזאַנג, דאָס ליד פֿון די קאָ-זאַקן:

„אוי, גאָט, באַפֿריי אונז אַלע אָרימע קנעכט,

„פֿון דער שווערער קנעכטשאַפֿט,
„פֿון פֿרעמדער אמונה, —
„צו אַ ליכטיקן לעבן.
אויף שטילע וואַסערן,
„אין לאַנד פֿון פֿרייד,
„אין דער וועלט פֿון קריסטן —
„פּאַרנעם, גאָט, אונזער בקשה,
„די תּפֿלות פֿון אומגליקלעכע,
„פֿון אומגליקלעכע קנעכט”.

די שטימען זענען אייניציקווייז אַנטשוויגן געוואָרן, שפּעטער האָבן זיי זיך צונויפֿגעגאָסן מיט׳ן גערויש פֿון ווינט און די דערנער פֿון סטעפּ.

# 2 קאַפּיטל.

צומאָרגנס באַגינען, אָנקומענדיק קיין טשערכין, האָט האַר סקושעטוסקי זיך אָפּגעשטעלט אין דער שטאָט אין הויז פון פּירשט יערעמי, ווו ער האָט אויך געהאַט בדעה צו פאַר־ברענגען אַ לענגערע צייט, כּדי די מענשן און די פערד זאָלן קאָנען אויסרוען נאָך דער לאַנגער נסיעה פון קרים, ווארום צוליב דעם, וואָס די וואַסערן פון דניעפּר האָבן זיך אַריבערגע־גאָסן איבער די ברעגעס און צוליב די שטורמישע כוואַליעס, האָבן זיי געמוזט פאָרן דורך דער יבשה, ווייל קיין שום שיף האָט יענעם ווינטער נישט געקאָנט שווימען אויפ'ן וואַסער. סקושעטוסקי אַליין האָט אויך דאָרט פאַרבראַכט אַ קורצע צייט און שפּעטער איז ער געגאַנגען צום הער זאַטשווילכאָווסקי, קאָמיסאַר פון דער רעפּובליק, אַ טיכטיקן זעלנער, וועלכער האָט אַפילו נישט געדינט ביים פּירשט, ער איז אָבער געווען זיין איש־נאמן און פריינט. דער נאַמיעסטניק האָט געוואָלט אים פרעגן, צי ער האָט נית באַקומען פון לובני וועלכע ס'איז באַפעלן. דער פּירשט האָט אָבער גאָרנישט באַפוילן; ער האָט נאָר גע־הייסן סקושעטוסקין, אַז אויב די תשובה פון כאַן וועט זיין אַ גינסטיקע, זאָל ער זיך נית איילן, כּדי די מענטשן און פערד זאָלן נית פאַרמאַטערט ווערן. און מיטן כאַן האָט דער פּירשט געהאַט אַזאַ עסק: אַ פּאָר טאָטערס האָבן אָן אַ ערלויבניש פון פּירשט געאַקערט ערד אין זיין מלוכה אויף יענער זייט דניעפּר. דער פּירשט האָט זיי אַפילו גוט מקיים־פּסק געווען, ער האָט אָבער געפאָדערט פון כאַן, אַז ער זאָל זיי אויך באַשטראָפן. דער כאַן האָט געגעבן אַ גינסטיקע תשובה: ער האָט צוגעזאָגט צו צושיקן אין אַפּריל אַ ספּעציעלן שליח, צו באַשטראָפן די ווידערשפּעניקע, און ווילנדיק געווינען די סימפּאַטיע פון אַזאַ

באַרימטן מלחמה־מאַן, ווי דער פּירשט, האָט ער אים געשיקט דורך סקזשעטוסקין אַ פערד פון גרויסן יחוס און אַ צויבל־הוט. הער סקזשעטוסקי, וואָס האָט מיט כבוד אויסגעפירט זיין שליחות, וועלכע איז שוין אַליין געווען אַ באַווייז פון גרויסער צוגענייגטקייט מצד דעם פירשט, איז געווען זייער צופרידן, וואָס מ׳האָט אים דערלויבט זיך אויפצוהאַלטן אין טשעכרין און ער האָט זיך נישט געדאַרפט איילן אין וועג אַריין. דאַקעגן איז דער אַלטער זאַטשווילכאָווסקי געווען שטאַרק פאַרדאגהט צוליב דעם, וואָס עס האָט זיך זייט אַ גרויסער צייט אָפּגעטון אין טשעכרין. זיי זענען אַלזאָ ביידע געגאַנגען צו דאָפּולן, אַ וואָלעך, וועלכער האָט געהאַלטן אין דער שטאָט אַ איינפאָר־הויז און אַ וויין־שענק, און הגם ס׳איז נאָך געווען פרי, האָבן זיי דאָרט געטראָפן אַסך שלאַכטשיצעס. ס׳איז גראָד געווען אַ יריד־טאָג און אַ חוץ דעם איז דעמאָלט אין טשעכרין אויסגעפאַלן אַ אָפּרו־טאָג פאַר די בהמות, וועלכע מ׳האָט געטריבן צום לאַגער פון קרוין־מיליטער, און דערביי האָט זיך אָנגעקליבן אַ גרויסער המון מענטשן. די שלאַכטע ווידער האָט זיך געוויינטלעך פאַרזאַמלט אין מאַרק, אין אַזוי־גערופענעם דזוואָניעצקי־ווינקל ביי דאָפּולן. עס זענען אַזוי אַרום דאָרט געווען קאָניעצפּאָלער אַרענדאַטאָרן און טשעכרינער באַאַמטע און שכנות־דיקע פּריצים, וואָס זיצן אויף חזה־ערד, באַזעסענע און פון קיינעם נישט אָפּהענגיקע שלאַכטשיצעס, ווייטער דאָרפישע באַאַמטע, אַ פּאָר זקנים קאָזאַקן און אַ ביסל קליינע שררות, סיי אַזעלכע, וואָס לעבן פון פּאַכט און סיי אַזעלכע, וואָס לעבן אויף אייגענע נחלות.

אַלע זיינען זיי געזעסן אויף די בענק, וואָס שטייען אַרום די לאַנגע דעמבאָווע טישן און הויך געשמועסט וועגן כמיעלניצקיס אַנטלויפן, וואָס איז געווען דאָס וויכטיקסטע געשעעניש אין דער שטאָט. סקזשעטוסקי און זאַטשווילכאָווסקי האָבן זיך באַזונדער אַוועקגעזעצט אין אַ ווינקל און דער נאַמיעסטניק האָט אָנגעהויבן אויסצופרעגן, וואָס פאַר אַ פויגל ס׳איז געווען דער דאָזיקער כמיעלניצקי, וועגן וועלכן אַלע האָבן גערעדט.

איר ווייסט גאָרניט? — האָט געענטפערט דער אַלטער זעל־נער — דאָס איז אַ מיליטעריִשער שרייבער אין זאַפּאָראָזשיע, אַ שררה פון סובאָטאָוו און — האָט ער ווייטער צוגעגעבן — מיינער אַ ידיד. מיר קענען זיך פון לאַנג. מיר זיינען געווען אין פאַר־שיידענע פאַרלעגנהייטן, אין וועלכע ער האָט ניט איינמאָל אַרויס־געוויזן זיין בריהשקייט, באַזונדערס ביי צעצאָרע, אַזאַ בעל־נסיון אין מיליטעריִשע ענינים וועסטו אפשר ניט געפינען אין דער גאַנצער רעפובליק. הויך זאָגט מען דאָס ניט, אָבער ער האָט אויף זיך אַ העטמאַנישן קאָפּ: אי אַ בעל־כוח און אי אַ בעל־מוח; אַלע קאָזאַקן גיבן אָפּ מעהר כבוד אים איידער זייערע עלטסטע און אַטאַמאַנען, אָבער ביי זיינע אַלע גוטע מעלות, איז ער אַ עזות־פנים, אַ היץ־קאָפּ, און ווען די שנאה באַוועלטיגט אים— וואַרפט ער אָן אַ אימה אויף אַלע.

— וואָס איז אים געשען, אַז ער איז אַנטלאָפן פון טשעכרין?

— ער פלעגט תמיד האָבן מחלוקתן מיטן סטאַראָסטע טשאַפּלינסקי, אָבער דאָס זיינען שטותים! אַ געוויינלעכע קנאה־שנאה צווישן איין שלאַכטשיץ און צווייטן. זיי זיינען ניט די ערשטע און ניט די לעצטע. מ'זאָגט, אַז ער האָט אויסגעשפּאַנט דאָס ווייב ביים סטאַראָסטע. דער סטאַראָסטע האָט ביי אים צו־גענומען זיין געליבטע, און מיט איר חתונה־געהאַט, און ער האָט זי ביי אים דערפאַר שפּעטער אָפּגענומען. אין דאָס לאָזט זיך גלויבן, וואָרום געוויינלעך... ווייבער זיינען לייכטזיניק. אָבער דאָס אַלץ איז נאָר לפנים, אין דער אמתן זיינען דאָ באַהאַלטן אַ סך וויכטיקערע טעמים. זעט איר, מיין האַר, די זאַך איז אַזאַ: אין טשערקאַסי וווינט דער אַלטער באַראַבאַש, אַ קאָזאַקישער פּאָלקאָווניק, אונזערער אַ ידיד. ער האָט געהאַט פּריווילעגיעס און אויף עפּעס קעניגלעכע בריוו, וועגן וועלכע מ'האָט געזאָגט, אַז זיי האָבן מעורר געווען די קאָזאַקן צו אַ מרידה קעגן דער שלאַכטע. אַזוי אָבער, ווי דאָס איז אַ גוטער, אַנשטענדיקער מענטש, האָט ער זיי געהאַלטן ביי זיך און ניט פאַרעפנטלעכט. און אָט האָט כמיעלניצקי באַראַבאַשן פאַרבעטן אויף אַ באַל צו זיך קיין טשעכ־

רין, און נאָכדעם געשיקט אין זיין נחלה מענטשן, וועלכע האָבן ביים ווייב צוגעגנבעט די בריוו און די פּריווילעגיעס און אַנטלאָפן מיט זיי. איצט האָט מען מורא, אַז זיי זאָלן ניט אויסגענוצט ווערן צו אַ בונט, ווי אין אָסטראָניצאַ, וואָרום, ווי געזאָגט, איז דאָס אַ שרעקלעכער מענטש און מען ווייסט ניט, וווהין ער איז אַנטלאָפן.

הער סקשועטוסקי האָט דערויף אויסגערופן:

— אָט דאָס איז אַפּויגל! ער האָט דאָך מיך אָפּגענאַרט! ער האָט זיך פאָרגעשטעלט פאַר אַ קאָזאַקן-פּאָלקאָווניק פון פירשט ד. זאַסלאַווסקי. איך האָב דאָך אים די נאַכט באַגעגנט אין סטעפּ און אים באַפרייט פון דער נעץ.

זאַטשווילכאָווסקי האָט זיך אַזש ביים קאָפּ אָנגעכאַפּט.

— גאָט מיינער! וואָס רעט איר? דאָס קאָן דאָך ניט זיין.

—ס'קאָן זיין, אויב ס'איז געווען. ער האָט מיר איינגערעט, אַז ער איז פּאָלקאָווניק ביים פירשט ד. זאַסלאַווסקי און אַז דער גרויסער העטמאַן האָט אים געשיקט קיין קודאַק, צום הער גראָדזשיצקי, אָבער איך האָב דערין שוין ניט געגלויבט, וואָרום ער איז געפאָרן ניט דורכן וואַסער, נאָר זיך דורכגעגנבעט דורכן סטעפּ.

— כיטרע ווי אוליס! אָבער ווו האָט איר אים באַגעגנט?

— ביים אַמעלניטשק. אויף דער רעכטער זייט פון דניעפּר. ער איז, ווייזט אויס, געפאָרן קיין סיטש.

— ער האָט געוואָלט קודאַק מיידן. איצט איז עס קלאָר. אַ סך מענטשן האָט ער געהאַט מיט זיך?

— אַנ'ערך פון פערציק. אָבער זיי זיינען צו שפּעט אָנגעקומען. ווען ניט מיינע מענטשן, וואָלט אים דעם סטאַראָסטעס דינער געווען דערוואָרגן.

— וואַרט נאָר, מיין הער. די זאַך איז זייער וויכטיק. דעם סטאַראָסטעס דינער, זאָגט איר?

— אַזוי האָט ער אַליין געזאָגט.

— פון וואַנען האָט אָבער דער סטאַראָסטע געקאָנט וויסן, וווּ אים צו זוכן, בעת דאָ, אין דער שטאָט, ברעכן זיך אַלע

די מוחות, ניט ווייסנדיק ווו ער איז אהינגעקומען?

— דאָס קאָן איך אויך ניט וויסן. אפשר האָט כמיעלניצקי געזאָגט ליגן און מיט אכיון אָנגעגעבן פשוטע רויבער פאַר דעם סטאַראָסטעס דינער, כדי דורך דעם נאָך בולטער צו באַווייזן די עוולות, וואָס ווערן קעגן אים באַגאַנגען.

— דאָס קאָן ניט זיין. אָבער אַ מאָדנע זאַך. צי ווייסט איר, מיין האַר, אַז עס זיינען פאַרהאַן בריוו פון העטמאַן, וואָס באַפעלן צו כאַפן כמיעלניצקין און אים אריינצוזעצן אין תפיסה!

דער נאַמיעסטניק האָט ניט באַוויזן צו ענטפערן, ווייל אין חדר איז גראָד עפּיס אַ שלאַכטשיץ אַריינגעקומען מיט אַ גרויסן געפילדער. ער האָט געקלאַפּט מיט דער טיר איין מאָל און אַ צווייט מאָל און וואַרפנדיק אַ חוצפּהדיקן בליק איבער דער שטוב, האָט ער אויסגערופן:

— איך בויג זיך פאַר אייך, מיינע הערן!

דאָס איז געווען אַ מאַן פון אַ יאָר פערציק, אַ נידריקער, מיט אַן אויסדרוק פון פאַרביסנקייט אויפן פּנים, וואָס האָט באַקומען נאָך מער שאַרפקייט דורך די באַוועגלעכע אויגן, וואָס זיינען ווי פלוימען געזעסן אין שפּיץ קאָפּ — קענטיק, אַ זייער לעבעדיקער, רירעוודיקער און היציקער מענטש.

— איך בויג זיך, מיינע הערן! — האָט ער העכער און שאַרפער איבערגעחזרט, ווען מ׳האָט אים מיט אַמאָל ניט געענטפערט.

— איך בויג זיך, איך בויג זיך — האָבן אַ פּאָר שטימען זיך אָנגערופן.

געווען איז דאָס הער טשאַפּלינסקי, דער געהילף פון טשעכרינער סטאַראָסטע, אַ געטרייער דינער פון יינגן הער כאָראָנזשי קאָניעצפּאָלסקי.

אין טשעכרין האָט מען איהם ניט סובל געווען, ווייל ער האָט געהאַט אַ טבע זיך מיט אַלע אַרומצושפּאַרן, אַרומצוקריגן זיך און אָנצוטון צרות, מחמת דעם אָבער, וואָס ער איז געווען אַ תקיף, האָבן זיך געפונען מענטשן, וואָס האָבן מיט אים געהאַט אַ מגע-ומשא.

זאַטשווילִיכאָווסקי איז געווען דער איינציקער, וועלכן ער האָט נושא־פּנים געווען, אַזוי ווי אַלע, צוליב זיין אָנזען, גוטע מדות און גבורה. דערזעענדיק אים, איז ער באַלד צו אים צוגעגאַנגען און, נויגנדיק זיך מיט גאוה פֿאַר סקושעטווסקין, האָט ער זיך געזעצט נעבן זיי מיטן גלאָז מעד אין האַנט.

— הער סטאַראָסטע — האָט זאַטשווילִיכאָווסקי געפֿרעגט — ווייסט איר עפּעס וועגן כמיעלניצקין?

— ער הענגט, הער כאָראָנזשי, ווי איך בין טשאַפּלינסקי, ער הענגט, און אויב ער הענגט ניט ביז איצט, וועט ער הענגען. איצט, ווען עס זענען פֿאַרהאַן די בריוו פֿון העטמאַן, זאָל ער נאָר אַריינפֿאַלן אין מיינע הענט.

דערביי האָט ער מיט דער פֿויסט אַ זעץ־געטון אין טיש, אַז די פּליסקייט האָט אַרויסגעשפּריצט פֿון די גלעזער.

— גיסט נישט אויס, מיין האַר, דעם ווייַן! — האָט הער סקושעטווסקי זיך אָנגערופֿן.

זאַטשווילִיכאָווסקי האָט איבערגעהאַקט:

— צי וועט איר אים אָבער כאַפּן? ער איז דאָך אַנטלאָפֿן און קיינער ווייסט נישט, וווּ ער איז?

— קיינער ווייסט נישט? איך ווייס — ווי איך בין טשאַפּלינסקי! איר, האַר כאָראָנזשי, קענט דאָך כוועדקען. דער דאָזיגער כוועדקע דינט אים, ער דינט אָבער אויך מיר. ער וועט זיין כמיעלניצקיס מלאך־המות. אָבער גענוג דערפֿון. כוועדקא האָט זיך אַרייגגעלאָזן אין חברותא מיט כמיעלניצקיס ייִנגן. אַ מענטש מיט המצאות. ער ווייסט וועגן יעדן שריט, ער האָט זיך אונטערגענומען מיר אים צוצושטעלן אַ לעבעדיקן אָדער אַ טויטן און ער איז אַרויסגעפֿאָרן אין סטעפּ נאָך פֿריִער פֿאַר כמיעלניצקין, ווייסנדיק ווו אים אָפּצוואַרטן — דאָס איז שוין איינמאָל אַ מזיק!

דערביי האָט ער ווידער אַ זעץ געטאָן אין טיש.

— מיין האַר, גיסט ניט אויס דעם ווייַן! — האָט הער סקשעטוסקי שאַרף ווידער אויסגעשריגן. עפּיס האָט ער פֿון ערשטן אויגנבליק אָן דערפֿילט אַ שׂנאה צו דעם דאָזיקן וויצע־סטאַ־

ראָסטע.

דער שלאַכטשיץ איז רויט געוואָרן, זיינע בולט'ע אויגן האָבן אַ בליץ-געטאָן, מיינענדיק, אַז עס מאַכט זיך עפּיס אַ געלעגענהייט, און ער האָט פאַרביסן אַ קוק געטון אויף סקשעטוסקי'ן, אָבער דערזעענדיק אויף אים די קאָליר פון די ווישניאָוויעצקי'ס, האָט ער גובר-געווען זיין כעס. הגם כאָראָנזשי קאָניעצפּאָלסקי האָט דעמאָלט נישט געלעבט בשלום מיטן פירשט, איז אָבער טשעכרין געווען צו גאָנט צו לובני און עס האָט געשמעקט מיט אַ סכנה, נישט צו רעספּעקטירן די פירשטלעכע קאָליר.

און דער פירשט האָט אויך צוג קליבן אַזעלכע מענטשן, אַז יעדער פון זיי האָט אָן אַ לאַנגן ישוב-הדעת זיך מיט קיינעם נישט אַריינגעלאָזט אין אַ מחלוקה.

— האָט, הייסט עס, כוועדקא זיך אונטערגענומען אייך צוצושטעלן כמיעלניצקין?—האָט זאַטשווילכאָווסקי ווידער געפרעגט.

— כוועדקא. און ער וועט אים צושטעלן — אַזוי ווי איך בין טשאַפּלינסקי.

— און איך זאָג אייך, אַז ער וועט אים נישט צושטעלן. כמיעלניצקי האָט זיך אַרויסגעדרייט פון דער נעץ און האָט זיך געלאָזט קיין סיטש. וועגן דעם דאַרף מען נאָך היינט מודיע-זיין דעם הער קראַקאָווסקי. מיט כמיעלניצקי'ן גייט קיין ליצנות ניט אָן. הקיצור, ער האָט אַ טיפערן מוח, אַ שטאַרקערע האַנט און אַ בעסערן מזל פאַר אייך, מיין האַר, וואָס איר היצט זיך צופיל. כמיעלניצקי איז בשלום אָפּגעפאָרן, זאָג איך אייך נאָכאַמאָל, און אפשר גלויבט איר נט, וועט עס אייך עדות-זאָגן דער דאָזיקער ריטער, וועלכער האָט אים נעכטן געזען אין סט..פּ און אַ געזונט פון זיך משלח געווען.

— ס'קאָן ניט זיין, ס'קאָן ניט זיין! — האָט טשאַפּלינסקי געשריגן, רייסנדיק זיך ביי דער טשופּרינע.

— און נאָכמ ר — האָט זאַטשווילכאָווסקי צוגעגעבן — דאָס האָט דער דאָזיקער ריטער, וועלכער זיצט דאָ, אים אַליין מציל געווען און אויסגעקוילעט זייערע דינער. ער איז אָבער דערין ניט שולדיק, ווייל ער קערט צוריק פון אַ שליחות אין

קריִם און ער האָט וועגן די בריוו פֿון העטמאַן גאָרניט געוווסט. זעענדיק, ווי אַ מענטש ווערט אין סטעפּ באַפֿאַלן צווישן רויבער, ווי ער האָט געמיינט, איז ער אים געקומען צו הילף. וועגן כמיעלניצקיס אַרויסדרייען זיך פֿון דיין נעץ בין איך דיר באַצייטנס מודיע, ווייל ער האָט בדעה צוזאַמען מיט זיינע חברים פֿון זאַ-פּאַראָזשע דיך צו באַזוכן אין דיין גוט און דו ווערסט, דוכט זיך, ניט זיין שטאַרק צופֿרידן דערפֿון. צופֿיל האָסטו מיט אים זיך אַרומגעריסן. טפֿו, צום טייוול!

זאַטשווילינסקי האָט אויך ניט ליב געהאַט טשאַפּלינסקין.

טשאַפּלינסקי איז אויפֿגעשפּרונגען פֿון אָרט און פֿאַר כּעס איז ביי אים אַזש דאָס לשון אָפּגענומען געוואָרן, דאָס פּנים איז אים נאָר אינגאַנצן רויט געוואָרן און די אויגן זיינען וואָס אַ מאָל מער אַרויסגעקראָכן פֿון די לעכער. שטייענדיק אַזוי פֿאַר סקושעטוסקין, האָבן זיך פֿון זיין מויל געשאָטן נאָר אָפּגעהאַקטע ווערטער:

— וואָס הייסט! איר האָט, ניט קוקנדיק אויפֿן העטמאַנס בריוו!.. איך וועל אייך... כ'וועל אייך...

און הער סקושעטוסקי איז גלייך ניט אויפֿגעשטאַנען פֿון זיין אָרט, נאָר אָנשפּאַרנדיק זיך אויפֿן אָרעם, האָט ער געקוקט אויפֿן אונטערשפּרינגענדיקן טשאַפּלינסקין ווי אַ כּלוי-פֿור אויף אַ געבונדענעם שפּערלינג.

— וואָס טשעפּעט איר זיך צו מיר, ווי אַ דאָרן אין אַ הינטישן עק? — האָט ער אַ פֿרעג געטון.

— איך וועל אויך אין פֿעסטונג מיט זיך... איר האָט, ניט קוקנדיק אויפֿן העטמאַנס באַפֿעל... איך וועל אייך מיט קאַזאַקן!..

ער האָט געמאַכט אַזעלכע קולות, אַז אין צימער איז אַ ביסל שטיל געוואָרן. די בייגעוועזענע האָבן אויסגעדרייט די קעפּ צו טשאַפּלינסקין. ער האָט שטענדיג געזוכט אַ פּתחון-פּה, ווייל אַזוי איז שוין געווען זיין טבע זיך צו וואַרפֿן אויף יעדן, ווען ער האָט באַגעגנט, אָבער דאָס מאָל האָבן זיך אַלע גע'חידוש'ט, וואָס ער האָט אָנגעהויבן אין דער אָנוועזנהייט פֿון זאַטשווילינסקין, פֿאַר וועלכן ער האָט נאָך מורא געהאַט,

און וואָס ער האָט פאַרטשעפּעט אַ זעלנער, וואָס טראָגט אויף זיך ווישניאָוויעצקיס קאָליר.

— שווייגט — האָט דער אַלטער כאָראָנזשי זיך אָנגע־רופן — דער דאָזיקער ריטער איז מיט מיר.

— איך וועל איי... איי... אייך אין פעסטונג... אין קייטן! — האָט טשאַפּלינסקי ווייטער געשריגן, ניט רעכנענדיק זיך שוין מיט גאָרנישט און מיט קיינעם ניט.

איצט האָט הער סקזשעטוסקי זיך אויך אויפגעשטעלט אַזוי גרויס ווי ער איז, אָבער ער האָט נישט אַרויסגעצויגן די שווערד פון דער שייד, נאָר אַזוי ווי זי האָט אַראָפּגעהאַנגען אונטן אויף דער שנור, האָט ער זי אָנגעכאַפּט אין־דער מיט און אונטערגערוקט אין דער הויך, אַזוי אַז דאָס הענטל צוזאַמען מיטן צלמל האָבן אָנגערירט טשאַפּלינסקיס נאָז.

— גיט נאָר אַ שמעק — האָט ער קאַלט אַזאָג געטאָן.

— שלאָגט, ווער אין גאָט גלויבט... דינער! — האָט טשאַפּלינסקי אויסגעשריגן, אָנכאַפּנדיק דאָס הענטל פון דער שווערד.

אָבער ער האָט ניט כאַוויזן אַרויסצוציען די שווערד. דער יינגער נאַמיעסטניק האָט אים מיט די פינגער אומגעוואָרפן, געכאַפּט מיט איין האַנט פאַרן קאַרק, מיט דער צווייטער ביי די זייטן, אויפגעהויבן אין דער הויך אַ צאַפּלדיקן, ווי אַ פיש, און געענדיק אַזוי מיט אים צווישן די בענק, האָט ער אויסגערופן:

— ברידער, מאַכט אַ וואַרע פאַר אַן אָקס, ווייל ער וועט שטויסן!

מיט די ווערטער איז ער צוגעגאַנגען צו דער טיר, האָט מיט טשאַפּלינסקין אַ קלאַפּ געטון אין איר, זי געעפנט און אַרויסגעוואָרפן דעם וויצע־סטאַראָסטע אויף די גאַס.

דערנאָך האָט ער רויק זיך אַוועקגעזעצט אויף זיין פריער־דיקן אָרט נעבן זאַטשווילכאָווסקין.

אין שטוב איז אַ ווײַלע געווען שטיל. די גבורה, וואָס הער סקזשעטוסקי האָט באַוויזן, האָט אימפּאָנירט די פאַרזאַמלטע שלאַכטע. באַלד אָבער האָט זיך די גאַנצע שטוב געטרייסלט פון

בעלעכטער.

— זאָלן לעבן חישניאָוויעצקיס מענטשן! — האָבן איינינקע אויסגערופן.

— אין חלשות אין חלשות איז ער געפאַלן און זיך באַגאָסן מיט בלוט — האָבן געשריגן אַנדערע, וועלכע האָבן אַרויסגעקוקט דורך דער טיר, ווילנדיק זען וואָס מיט טשאַפּלינסקין איז געוואָרן. — די דינער הויבן אים אונטער.

נאָר אַ קליין הייפל פון וויצע-סטאַראָסטעס אָנהענגער האָט געשוויגן און, ניט האָבנדיק קיין מוט זיך אָנצונעמען פאַר אים, האָבן זיי בייז געקוקט אויפן גאַמיעסטניק.

— דעם אמת געזאָגט, איז דער דאָזיקער כלב אַביסל צו היציק — האָט זאַטשווילכאָווסקי געזאָגט.

— דאָס איז אַ כלב שבכלבים און ניט קיין כלב — האָט, צוקומענדיק, געזאָגט אַ דיקער שלאַכטשיץ, וועלכער האָט געהאַט אַ בלאָנע אויף איין אויג און אויפן שטערן אַ לאָך, ווי אַ טאַלער די גרויס, פון וועלכן ס'האָט אַרויסגעלויכטן אַ נאַקעטער ביין. — אַ כלב שבכלבים איז דאָס און ניט קיין כלב! דערלויבט מיר, — האָט ער ווייטער געזאָגט, ווענדנדיק זיך צום הער סקזשעטוסקי — איך פאָרצושטעלן מיין דינסט. איך בין יאַן זאַגלאָבאַ פון הערב וועשעלע (אין שטערן), וואָס יעדער קאָן לייכט דערקענען שוין פון דעם לאָך, וואָס די קויל פון אַ רויבער האָט מיר געמאַכט אין שטערן, ווען איך האָב זיך אַ נדר געגעבן עולה-רגל צו זיין אין הייליקן לאַנד כדי אָפּצוקומען פאַר מיינע יוגנט-חטאים.

— לאָזט בעסער צורו — האָט זאַטשווילכאָווסקי געזאָגט — איר האָט דאָך אַנומלט געזאָגט, אַז מ'האָט אייך געמאַכט דאָס לאָך מיט אַ גלאָז אין ראַדאָם.

— אַ קויל פון אַ רויבער, ווי איר זעט מיך אַ לעבעדיקן. אין ראַדאָם איז געווען עפּעס אַנדערש.

— איר האָט זיך א נדר געגעבן צו גיין אין הייליקן לאַנד... ס'קאָן זיין; אָבער אַז איר ענט דאָרט בישט געווען, דאָס איז זיכער.

— כ׳בין ניט געווען, ווייל שוין אין גאַנצן האָב איך באַקומען אַ מערטירער־קראַנץ. אויב איך זאָג ליגן, בין איך אַ כלב־שבכלבים, ניט קיין שלאַכטשיץ.

— אָבער איר רעט דאָך שטותים

— אַ אויסוווּרף בין איך אין אויערן אין אייערע הענט, הער נאַמיעסטניק.

— דערווייל זענען צוגעקומען אויך אַנדערע און זיך באַקענט מיטן הער סקזשעטוסקי, אויסדריקנדיק אים זייער צופרידנקייט, וואָרום זיי האָבן טשאַפּלינסקין בכלל נישט סובל געווען און זיך געפרייט, וואָס עס האָט אים געטראָפן אַזאַ בזיון. משונה׳דיק און נישט צו פאַרשטיין איז דאָס, וואָס די גאַנצע שלאַכטע אין דער סביבה פון טשעכרין, און אויך די קלענערע שררות, די אַרענדאַטאָרן פון די גרעסערע גיטער, יאָ, אפילו קאָניעצפּאָלסקיס דינער, זיי אַלע, הגם זיי האָבן, ווי געוויינלעך ביי שכנים, געוווּסט וועגן די סכסוכים צווישן טשאַפּלינסקין און כמיעלניצקין, האָבן געהאַלטן פאַר דעם לעצטן. וואָרום כמיעלניצקי האָט געשמ׳ט פאַר אַ אויסגעצייכנטן זעלנער, וואָס האָט ניט ווייניק נצחונות אָפּגעהאַלטן אין פאַרשידענע מלחמות. מ׳האָט אויך געוווּסט, אַז דער קעניג אַליין האָט מיט אים געהאַט אַ מגע־ומשא און הויך געשעצט זיין מיינונג, און אויפן גאַנצן אינצידענט האָט מען געקוקט ווי אויף איינעם פון די געוויינלעכע סכסוכים צווישן איין שלאַכטשיץ און צווייטן, וואָס זיינען געווען מעשים־בכל־יום, בפרט אין די רוטענישע לענדער. מ׳האָט זיך אַזוי אַרום געשטעלט אויפן צד פון דעם, וואָס האָט באַוויזן צו געווינען מער סימפּאַטיע, און קיינער האָט זיך נישט משער געווען, אַז דערפון זאָל קאָנען קומען צו אַזעלכע שרעקלעכע רעזולטאַטן. שפּעטער ערשט האָט זיך אין אַלעמענס הערצער צופלאַקערט אַ שנאה צו כמיעלניצקין, סיי אין די הערצער פון דער שלאַכטע, און סיי אין די הערצער פון דער גייסטלעכקייט פון ביידע אמונות.

זיי זיינען בכן צוגעקומען צום הער סקשעטוסקי מיט די קווארטן און געזאָגט: „טרינק, ברודער! טרינקט אויך מיט מיר!

זאָלן לעבן ווישניאָוויעצקי׳ס מענטשן! נאָך אַזוי יונג און שוין פּאָרוטשניק ביים פּירשט! זאָל לעבן פּירשט יערעמי, דער העטמאַן איבער אַלע העטמאַנס! מיט׳ן פּירשט יערעמי וועלן מיר גיין אין עק וועלט! — אויף די טערקן און טאָטערס — קיין סטאַמבול! זאָל לעבן וולאַדיסלאַוו דער פערטער, וואָס געוועלטיקט איבער אונז מיט חסד!״ העכער פון אַלע האָט אָבער געשריגן זאַגלאָבאַ, וועלכער איז אַליין געווען גרייט צו פאַרכּוסען און צו פאַרפלאַפּלען מער ווי אַ גאַנצער פּאָלק.

— מיינע הערן! — האָט ער געמאַכט יעלות, אַז די שויבן אין די פענסטער האָבן זיך אַזש געטרייסלט — איך האָב שוין גערופן צום משפט דעם סולטאַן פאַר די געוואַלט־טאַטן, וואָס ער איז קעגן מיר באַגאַנגען אין גאַלאַץ.

— דערציילט ניט קיין פוסטע מעשיות, ווארום דאָס לשון קאָן נאָך ביי אייך אָפּגענומען ווערן.

— וואָס הייסט, מיינע הערן? פיר אַרטיקלען אַנטהאַלט דער מלחמה־קאָדעקס: געוואַלט־טאַטן, אונטערצינדונג, רויב, באַוואָפנטער אָנפאַל?

— איר קרייט ווי אַ האָן.

— אַפילו ביז צום טריבונאַל וועל איך אָנשפּאַרן.

— הערט־זשע אויף...

— איך וועל אַרויסבאַקומען אַ פּסק־דין און אויף אים מוצא־שם־רע זיין, און שפּעטער מלחמה, אָבער שוין מיט אַן אויסוווּרף.

— לחיים, מיינע הערן!

אייניקע האָבן געלאַכט, און מיט זיי אויך הער סקושעטוסקי, ווארום ער איז געווען אביסל בגלוכנדיק, און דער שלאַכטשיץ ווידער האָט ווייטער געקרייט ווי אַ אמתער האָן, וואָס קוויקט זיך מיט זיין אייגענעם קול. צום גליק איז זיין דרשה איבערגעריסן געוואָרן דורך אַ צווייטן שלאַכטשיץ, וועלכער איז צוגעקומען און ציענדיק אים פאַרן אַרבל, האָט ער געזאָגט מיט אַ זינגעדיקן ליטווישן אַקצענט:

— שטעל־זשע פאָר, הער זאַגלאָבאַ, אויך מיך פאַרן הער

באַמיִעסטניִק סקושעטוסקיִ — שטעל־זשע מיִך פאָר!

— א, אדרבא, אדרבא. האַר נאַמיעסטניִק, אָט איז הער פּאָוס ננאָגאַ (שלעפּער),

— פּאָדביִפּיענטא (פּיאַטע־שלעגער) — האָט דער שלאַכ־טשיִץ פאַרבעסערט.

— אַלץ איינס! פון הערב זערוויִפּלודראַ (הויז־רייסער)...

— זערוויִקאַפּטור (קאַפּוזע־רייסער) — האָט פאַרבעסערט דער שלאַכטשיִץ.

— אַלץ איינס. פון פּשעקיִשקיִ (הינטיִשע קישקעס).

— פון מיִשעקיִשקיִ (מייז־קיִשקעס) — האָט פערבעסערט דער שלאַכטשיִן.

— אַלץ איינס. כ'ווייס ניִשט, וואָס כ'וואָלט בעסער גע־וואָלט: קיִשקעס פון מייז אָדער פון היִנט. אָבער איינס איז זי־כער, אַז כ'וואָלט ניִט דאָ און ניִט דאָרט געוואָלט ווינען, וואָ־רום איִ זיִך דאָרט צו באַנוצן, איִז ניִשט גרינג און איִ פון דאָרט אַרויסצוקריִכן, איִז ניִשט קיין חכמה, מיין הער,—האָט ער ווייטער געזאָגט צו סקושעטוסקין, אָנווייזנדיִק אויפן ליִטוויִנער: שוין אַ וואָך, ווי איך טריִנק ווייַן אויפן חשבון פון דאָזיִקן שלאַכטשיִץ, וועלכער האָט אַ שווערד ביי דער זייט, פונקט אַזאַ שווערע ווי זיין געלד־זאַק, און אַ געלד־זאַק, פונקט אַזאַ שווערן, ווי זיינע וויִצן. אָבער אויב איך האָב אַמאָל געטרונקן ווייַן פאַרן געלד פון אַ מער משונהדיקן מענטש, ווי אָט דער שלאַכטשיץ, וועל איך זיִך דערלויבן מיִך צו האַלטן פאַר אַזאַ שוטה, ווי אָט דער, וואָס קויפט מיִר ווייַן.

— ער האָט איִם נישקשה אָפּגעמשלט — האָט לאַכנדיִק אויסגערופן די שלאַכטע.

אָבער דער ליִטוויִנער איִז ניִט געווען איִן כעס, ער האָט נאָר געשאָקלט מיִט דער האַנט, מיִלד געשמייכלט און איִבערגע־חזרט:

— עט, לאָזט בעסער צורו — מיאוס צו הערן!

הער סקשעטוסקיִ האָט זיִך נייגיִריִק צוגעקוקט צו דער דאָזיִקער נייער פיִגור, וועלכע האָט באמת פאַרדיִנט דעם נאָמען

„משונהדיקע״. קודם־כּל איז דאָס געווען אַ מענטש פֿון אַזאַ הויכן וווקס, אַז ער האָט מיטן קאָפּ שיִער ניט אָנגעשפּאַרט דעם סופֿית, און צוליב זיין אויסערגעוויינלעכער מאָגערקייט האָט ער אויסגעזען צו זיין נאָך העכער. זיינע ברייטע אַקסלען און דער אָדערדיקער קאַרק האָבן עדות געזאָגט אויף אַ אונגעוויינלעכן כּוח, אָבער ער האָט אויף זיך געהאַט נאָר הויט און ביינער. אַ בויך האָט ער געהאַט אַזאַ איינגעפֿאַלענעם, אַז מ׳האָט געקאָנט מיינען, ער הונגערט שוין מי־יודע ווי לאַנג, אָבער אָנגעטאָן איז ער געווען זייער שיין, אין אַ גרויער אָנגעצויגענער יאַקע פֿון סוועבאָדינער טוך, מיט שמאָלע אַרבל און אין הויכע שוועדישע שטיוול, וועלכע האָבן אין ליטע אָנגעהויבן אַריינצוגיין אין די מאָדע. דער ברייטער, גוט־אויסגעשטאָפּטער גאַרטל פֿון לאָש האָט ניט געהאַט אויף וואָס זיך צו האַלטן און האָט זיך דעריבער אַראָפּגעלאָזט ביז צו די קני, און צום גאַרטל איז געווען צוגעבונדן אַ קרייץ־שווערד, אַזאַ לאַנגע, אַז זי האָט דערגרייכט כּמעט ביז צום אָרעם פֿון דאָזיקן ריזיקן מאַן.

ווער עס וואָלט זיך אָבער דערשראָקן פֿאַר דער דאָזיקער שווערד, וואָלט זיך באַלד באַרויִקט, אַ קוק־טוענדיק אויפֿן פּנים פֿון איר אייגענטימער. דאָס איז געווען אַ דאַר פּנים, אַזוי ווי ער אינגאַנצן, באַצירט מיט צוויי אַראָפּהענגענדיקע ברעמען און מיט אַ פּאָר וואָנסעס פֿון פֿלאַקס־קאָליר, וועלכע האָבן אויך אַזוי אַראָפּגעהאָנגען, אָבער דאָס דאָזיקע פּנים איז געווען אַזוי כּשר, אַזוי תּמימותדיק, ווי ביי אַ קינד. די אַראָפּהענגענדיקע וואָנסעס און ברעמען האָבן אים צוגעגעבן אַן אויסדרוק פֿון פֿאַרדאגהטקייט, אומעט און לעכערלעכקייט אינאיינעם. ער האָט אויסגעזען ווי איינער, וועלכן די מענטשן פֿאַרשטויסן, אָבער ביים הער סקשעטוסקי האָט ער נושא־חן געווען פֿון ערשטן בליק צוליב דער ערלעכקייט פֿון זיין פּנים און אויסגעצייכנטער זעלנערישער האַלטונג.

— הער נאַמיעסטניק — האָט ער געזאָגט — דאָס זענט איר פֿון פּירשט הער ווישניאָוויעצקי?

— יאָ.

דער ליטווינער האָט צוזאַמענגעקלייגט די הענט, ווי צו אַ תּפֿילה, און די אויגן געהויבן אין די הויך.

— אַך, וואָס פֿאַר אַ גרויסער מלחמה־העלד, וואָס פֿאַר אַ ריטער, וואָס פֿאַר אַ פֿירער!

— זאָל גאָט מזכּה זיין די רעפּובליק מיט וואָס מער אַזעלכע מענטשן.

— אודאי, אודאי. קאָן מען אפֿשר זיך שטעלן אונטער זיין פֿאָן?

— ער וועט אייך אויפֿנעמען מיט צופֿרידנקייט.

דאָ האָט הער זאַגלאָבאַ זיך אַריינגעמישט אין שמועס:

— דער פֿירשט וועט האָבן צוויי בראָט־שפּיזן אין זיין קיך, איינעם פֿון אייך, דעם צווייטן פֿון אייער שווערד, אָדער ער וועט דיך צונעמען פֿאַר אַ תּלין און הייסן אויף דיר רוצחים הענגען. אָדער ער וועט מיט אייך מעסטן טוך אויף הלבשה פֿאַר זיינע מענטשן! טפֿו, ווי אַזוי האָט איר ניט קיין בושה, אַלס מענטש און קאַטאָליק, צו זיין אַזוי לאַנג ווי אַ שלאַנג, אָדער ווי אַ שפּיז פֿון אַ געצן־דינער!

— מיאוס צו הערן — האָט דער ליטווינער געדולדיק געזאָגט.

— ווי איז אייער נאָמען? — האָט סקזשעטוסקי געפֿרעגט — ווען איר האָט גערעדט, האָט הער זאַגלאָבאַ אויך אַזוי פֿיל מאָל איבערגעהאַקט די רייד, אַז איך האָב, במחילה, גאָרניט געקאָנט פֿאַרשטיין.

— פּאָדבּיפּיענטאַ.

— פּאָווסינאָגאַ.

— זערוויקאַפּטור פֿון מישעקישקי.

— נאַדיר און שעפּ נחת. כ'טרינק זיין וויין, אָבער אַ שוטה בין איך, אויב דאָס זענען ניט נעמען פֿון געצן־דינער.

— שוין לאַנג האָט איר פֿאַרלאָזן ליטע? — האָט געפֿרעגט דער נאַמיעסטניק.

— שוין צוויי וואָכן בין איך אין טשעהרין. ד'רוויסנדיק

זיך פֿון הער זאַטשווילִיכאָווסקין, אַז איר וועט דורכפֿאָרן די דאָזיקע שטאָט, וואַרט איך דאָ, כּדי מיט אייער הילף פֿאָרצושטעלן דעם פּירשט מיין בקשה.

— זאָגט־זשע מיר, כ׳בעט אייך, כ׳וואָלט וועלן וויסן צו וואָס איר טראָגט אַזאַ תּלינים־שווערד אונטערן אָרעם?

— דאָס איז ניט קיין תּלינים־שווערד, הער נאַמיעסטניק, נאָר אַ קרייץ־שווערד, און כ׳טראָג זי, ווייל זי שטאַמט פֿון שלל און געהערט שוין לאַנג צו אונזער משפּחה. נאָך ביי כאָיניצי האָט זי געדינט אין אַ ליטווישער האַנט — דערפֿאַר טראָג איך זי.

— אָבער דאָס איז אַ גרויסע מאַשין און מוז זיין מוראדיק שווער — סיידן מיט צוויי הענט?

— מ׳קאָן מיט צוויי, מ׳קאָן מיט איינער.

— ווייזט כ׳בעט אייך.

דער ליטווינער האָט אַרויסגעצויגן די שווערד און זי דערלאַנגט, אָבער ביים הער סקושעטוסקי האָט זיך די האַנט באַלד אַראָפּגעלאָזט. ניט צוזאַמענלייגן זי און ניט פריי פֿאָכן מיט איר, האָט ער נישט באַוויזן. מיט צוויי הענט האָט ער זיך יאָ אַן עצה געגעבן, אָבער דאָס איז אויך שווער אָנגעקומען. הער סקשעטוסקי האָט זיך אַביסל פֿאַרשעמט, און ווענדנדיק זיך צו די בייגעווזענע, האָט ער געזאָגט:

— נו, מיינע הערן, ווער פֿון אייך וועט מאַכן אַ קרייץ?

— מיר האָבן שוין געפּרובט — האָבן אַ פּאָר שטימען אָפּגעענטפֿערט — נאָר איין הער קאָמיסאַר זאַטשווילִיכאָווסקי וועט זי אויפֿהויבן, אָבער קיין קרייץ וועט ער אויך ניט מאַכן.

— נו, און איר? — האָט געפֿרעגט הער סקשעטוסקי, ווענדענדיק זיך צום ליטווינער.

דער שלאַכטשיץ האָט אויפֿגעהויבן די שווערד ווי אַ שטרוי, האָט מיט איר פֿיל מאָל געפֿאָכעט מיט דער גרעסטער לייכטקייט, אַז די לופֿט האָט אַזש געפּייפֿט אין שטוב און אַ ווינט האָט אַ בלאָז־געטון איבער די פּנימער.

— זאָל גאָט זיין אין אייער הילף! — האָט סקשעטוסקי אויסגערופֿן — אַ זיכערע דינסט האָט איר ביים פּירשט.

— גאָט זעט, אַז איך שטרעב צו איר, ווייל דינענדיק בײם פּירשט, וועט מיין שווערד נישט פֿאַרזשאַווערט ווערן.

— אָבער אייערע וויצן יאָ — האָט הער זאַגלאָבאַ געזאָגט — ווייל איר קאָנט מיט זיי אַזעלכע קונצן ניט מאַכן.

זאַטשווילכאָווסקי האָט זיך אויפגעשטעלט און ביידע, ער און דער נאַמיעסטניק, האָבן זיך געקליבן אַוועקצוגיין. אָבער אין שטוב איז פּלוצלונג אַריינגעקומען אַ מענטש, אַ ווייסער ווי אַ טויב, און דערזעענדיק זאַטשווילכאָווסקין, האָט ער געזאָגט:

— הער קאָמיסאַר, איך בין געקומען ספּעציעל צו אייך! דאָס איז געווען באַראַבאַש, אַ טשערקאַסער פּאָלקאָווניק.

— אויב אַזוי, קומט צו מיר אין די וווינונג — האָט זאַטשווילכאָווסקי געזאָגט, — דאָ זיינען שוין אַלע מוחות אַזוי פאַרדרייט, אַז מ׳זעט שוין נישט די וועלט.

זיי זיינען צוזאַמען אַרויסגעגאַנגען, און סקזשעטוסקי מיט זיי. באַלד אויף יענער זייט שוועל האָט באַראַבאַש אַ פרעג געטון:

— איז נישטאָ קיין ידיעה וועגן כמיעלניצקין?

— פאַראַן. ער איז אַנטלאָפן קיין סיטש. אָט דער אָפיציר האָט אים נעכטן באַגעגנט אין סטעפּ.

— איז ער ניט געפאָרן דורכן וואַסער? כ׳האָב אַרויסגעשיקט אַ שליח קיין קודאַק, אַז מ׳זאָל אים כאַפּן, אָבער אויב אַזוי, איז עס אומזיסט.

זאָגנדיק דאָס, האָט באַראַבאַש פאַרשטעלט די אויגן מיט די הענט און כסדר אויסגעשריגן:

— חעלף, קריסטוס! העלף, קריסטוס!

— וואָס שרעקט איר זיך אַזוי?

— איר ווייסט דען, וואָס ער האָט ביי מיר דורך אַ שווינדל אַרויסגעריסן? ווייסט איר, וואָס עס באַדייטן אַזעלכע דאָקומענטן צו פאַרעפנטלעכן אין סיטש? העלף אונז, קריסטוס! אויב דער קעניג וועט נישט פאַרפירן אַ מלחמה מיט די מאַכמעדאַנער, באַדייט דאָס אַ פונק אין פולווער...

— איר האָט מורא פאַר אַ מרידה?

— איך האָב נישט מורא, נאָר איך זע זי, און כמיעלניצקי איז בעסער פון נאַלעוויַקאן און פון לאָבאָדאַן.

— און ווער וועט מיט אים גיין?

— ווער? די זאַפּאָראָזשער, די רעגיסטרירטע, די שטעטישע, דער המון, די פּויערן — און אָט די אַלע!

דאָ האָט באַראַבאַש אָנגעוויזן אויפן מאַרק און אויף די מענטשן, וואָס האָבן זיך געדרייט אויף אים. דער גאַנצער מאַרק איז געווען אָנגעשטאָפּט מיט גרויסע גרויע אָקסן, וואָס זענען געטריבן געוואָרן קיין קאָרסון פאַרן מיליטער, און ביי די אָקסן אַ גרויסער המון פון פּאַסטוכער, אַזוי גערופענע טשאַבאַנעס, וועלכע האָבן זייער גאַנץ לעבן פאַרבראַכט אָפּט אין סטעפּעס און מדבריות — אמת'ע פּרא-אדמס, אָן יעדער אמונה. מ'האָט געקענט זען צווישן זיי פאַרשוינען, וואָס זענען גיכער ענלעך אויף רוצחים, איידער אויף פּאַסטוכער, אכזריותדיקע, שרעקלעכע, באַדעקטע מיט שמאַטעס פון פאַרשיידענע בגדים. דער גרעסטער טייל פון זיי איז געווען אָנגעטאָן אין מאַנטלען פון שעפּסן-פעל אָדער אין ניט-אויסגעאַרבעטעטע פעלן, מיט וואָל פון אויבן פאָרנט זעגען זיי געווען אָפן, הגם ס'איז געווען ווינטער, אַזוי אַז עס האָט זיך אַרויסגעזען די נאַקעטע, פון די סטעפּ-ווינטן אָפּגעברענטע ברוסט. יעדער איז געווען באַוואָפנט, אָבער מיט די פאַרשידענסטע כלי-זיינס: מאַנכע האָבן געהאַט פייל-און-בויגנס אויף די פּלייצעס, מאַנכע ביקסן, אָדער, ווי זיי הייסן אויפן קאָזאַקישן לשון, „פּישטשעליעטן", מאַנכע-שווערדן, אַנדערע ווידער קאָסעס אָדער בלויז שטעקנס מיט צוגעבונדענע פערדישע באַקן ביים עק. צווישן זיי האָבן זיך אַרומגעדרייט די טאַל-איינוווינער, וואָס זענען ניט ווייניקער ווילד, הגם בעסער באַוואָפנט פאַר זיי, און ווילדע האָבן געפירט אין לאַגער געטרוקנטע פיש, נבלות פון חיות און שעפּסן-פעטס; זאַלץ-און-בינענשטאָק-הענדלער, באַזיצער פון די סטעפּעס און וועלדער און אויך וואַקס-שלעגער מיט האָניק, וואַלד-תושבים מיט סמאָלע און שמירעכץ; ווייטער פּויערן מיט פורן, רעגיסטרירטע קאָזאַקן, טאָטערס פון ביעלגראַד און גאָט ווייס ווער, נאָך — שלעפּערס—

„סיראָמאַכערס״ פון אַלע עקן וועלט. די גאַנצע שטאָט איז גע־
ווען פול מיט שכּורים, וואָרום אין טשעכרין זענען זיי פאַרבלי־
בן אויף נאַכט־לעגער, האָט מען דעריבער אַ הוליע־געטון ביזן
שלאָפן גיין. אויפן מארק האָט מען פונאַנדערגעלעגט פייערס,
דאָ און דאָרט האָט געפּלאַקערט אַ פעסל מיט סמאָלע. פון או־
מעטום האָט זיך דערטראָגן אַ געפּילדער און אַ רעש. די
אימהדיקע קלאַנגען פון די טאָטערישע פייפעלעך און פויקן
האָבן זיך צונויפגעמישט מיט די קולות פון די בהמות און מיט
די מילדערע טענער פון די לירעס, וועלכע זענען באַגלייט גע־
וואָרן דורכן געזאַנג פון די בלינדע, וואָס האָבן געזונגען דאָס
אין יענער צייט באַליבטע ליד:

„סאָקאָל דו מיינער,
ברודער דו מיינער,
גאַנץ הויך פליסטו,
גאַנץ ווייט זעסטו״.

און צוזאַמען דערמיט האָבן זיך געהערט ווילדע
אויסגעשרייען. „הו! האַ! — הו! האַ!״ פון די קאָזאַקן, וועלכע
האָבן, אויסגעשמירטע מיט סמאָלע און טויט־שכּור׳ע, געטאַנצט
אויפן מארק אַ „טרעפּאַק״. דאָס אַלץ צוזאַמען איז געווען שטור־
מיש און משוגע־ווילד. פאַר זאַטשווילכאָווסקין איז גענוג געווען
איין קוק, כּדי זיך איבערצייגן, אַז באַראַבאַש איז געווען גע־
רעכט, אַז די מינדעסטע סבּה איז געווען גענוג אויף צו באַ־
וועגן צו אַ מרידה די דאָזיקע ווילדע ברואים, וועלכע זענען
שטענדיק געווען בעלנים אויף רויב און גזלה און געווענט צו
רציחות. גאַנץ אוקראַינע איז געווען פול מיט אַזעלכע נפשות.
און אַ חוץ דעם דאָזיקן המון איז נאָך געווען סיטש, איז נאָך
געווען זאַפּאָראָזשע, אויף וועלכע ס׳איז ערשט ניט לאַנג אַרויפ־
געלעגט געוואָרן אַ צוים, און מ׳האָט זיי איינגעשפּאַנט אין
אַ שטרענגן יאָך. זיי האָבן אָבער דעם יאָך אומגעדולדיק געביסן,
האָבנדיק אין זכּרון די אַמאָליקע פּריווילעגיעס און פילענדיק אַ
טיפע שנאה צו די קאָמיסאַרן, דערביי האָבן סיטש און זאַפּאַראָ־
זשע פאַרגעשטעלט מיט זיך אַן אָרגאַניזירטע קראַפט, וועלכע

האָט געוווּנען די סימפּאַטיע פֿון די אונגעהויערע פּויערן־מאַסן, וואָס זענען ניט געווען אַזעלכע סבלנים, ווי די פּויערן אין די אַנדערע געגנטן פֿון דער רעפּובליק, ווייל זיי האָבן געהאַט ביי דער זייט טשערטאָמעליק, ווו עס איז ניט געווען קיין מושל און אַלץ איז געווען הפקר. הער כאָראָנזשי האָט זיך דעריבער אומעטיק פֿאַרטראַכט, הגם ער האָט אַליין געשטאַמט פֿון רוס און איז געווען אַ הייסער אָנהענגער פֿון דער מזרחדיקער רעליגיעזער צערעמאָניע.

אַ זקן, זענען אים גוט געלעגן אין זכרון די צייטן פֿון נאַלעוואיקאַ, לאַביאָדאַ, קרעמסקי; ער האָט געקענט די אוקראַינישע גזלנים אפֿשר בעסער, ווי ווער עס איז אין רוס, און קענענדיק צו דער זעלבער צייט כמיעלניצקין, האָט ער געוווּסט, אַז ער איז שקול כּנגד צוואַנציק לאַבאַדאַס און נאַלעוואיקאַס. ער האָט דעריבער תּופֿס געווען די גאַנצע סכּנה פֿון זיין אַנטלויפֿן קיין סיטש, דערצו נאָך מיט די קעניגלעכע בריוו, וועגן וועלכע באַראַבאַש האָט דערציילט, אַז זיי זענען געווען פֿול מיט הבטחות פֿאַר די קאָזאַקן און האָבן זיי מעורר־געווען צו אַ ווידערשטאַנד.

— הער פּאָלקאָווניק—האָט ער געזאָגט צו באַראַבאַשן — אייער חוב איז צו פֿאָרן קיין סיטש, אָפּשוואַכן כמיעלניצקיס השפּעות און באַרויקן, באַרויקן!

— הער כאָראָנזשי — האָט באַראַבאַש געענטפֿערט — איך וועל אייך נאָר זאָגן אַזוי פֿיל, אַז בלויז אויף די ידיעה וועגן כמיעלניצקיס אַנטלויפֿן מיט די פּאַפּירן, איז אַ העלפֿט פֿון מיינע טשערקאַסער מענטשן אים אויך נאָכגעלאָפֿן קיין סיטש, מיינע צייטן זענען שוין אַריבער. אויף מיר וואַרט דער קבר, נישט די אָנפירערשאַפֿט.

און באמת, באַראַבאַש איז טאַקע געווען אַ גוטער זעלנער, אָבער אַן אַלטער מאַן און אָן יעדער השפּעה.

בינו־לבינו זענען זיי צוגעקומען צו זאַטשוויליכאָווסקיס דירה; דעם אַלטן כאָראָנזשיס געמיט איז שוין געווען אַביסל באַרויקט, ווי עס איז שטענדיק געווען די טבע פֿון דעם דאָ=

זיקן מזל-טוב, און ווען זיי האָבן זיך געזעצט טרינקען מעד, האָט ער געזאָגט מונטער:

— דאָס זענען אַלץ שטותים, אויב די מלחמה מיטן מאַכּמעדאַנער איז, ווי מען זאָגט, צוגעגרייט, און אַ סברה, אַז עס איז אַזוי, וואָרום הגם די רעפּובליק וויל נישט קיין מלחמה און נישט ווייניק האָבן שוין די סיימען דעם קיניג דאָס לעבן פאַרביטערט, איז דער קיניג פונדעסטוועגן בכח אויסצופירן דאָס זייניקע. דאָס דאָזיקע גאַנצע פייער וועט מען קאָנען אַ קער-טון צום טערק, און יעדנפאַלס האָבן מיר זיך נישט וואָס צו איילן. איך אַליין וועל פאָרן צום הער קראַקאָווסקי, אים אָפּגעבן אַ באַריכט און בעטן, אַז ער זאָל זיך וואָס נענטער צו אונז צורוקן מיט זיין חייל. צי כ'וועל עפּעס פועלן, ווייס איך נישט. הגם דאָס איז אַ העלדישער מענטש און געניטער מלחמה-מאַן, האָט ער אָבער צופיל בטחון אין זיין דעה און אין זיין מילי-טער. איר, טשערקאַסער פּאָלקאָווניק, האַלט די קאָזאַקן אין דער מורא — און איר, הער נאַמיעסטניק, אַז איר וועט אָנקומען קיין לובני, זייט מתרה דעם פירשט, אַז ער זאָל סיטש פון זיין אויג נישט אַרויסלאָזן. ווען אַפילו זיי זאָלן עפּעס טון — זאָג איך נאָכאַמאָל: מיר האָבן זיך נישט וואָס צו איילן. אין סיטש איז איצט קיין סך מענטשן נישט פאַראַן, זיי זענען זיך פאַנאַנדער-געפאָרן נאָך פיש און נאָך חיות און זיצן איבער די דערפער אין גאַנץ אוקראַינע. ביז זיי וועלן זיך צונויפקלייבן, וועט אַ סך וואַסער אָפּשווימען אין דניעפּר. דערביי ווארפט אָן דעם פירשטס נאָמען אַן אימה אויף זיי און ווען זיי וועלן זיך דערוויסן, אַז ער לאָזט זיין אויג נישט אַראָפּ פון סיטש, וועלן זיי אפשר רויק איינזיצן.

— איך בין גרייט אַרויסצופאָרן פון טשעכרין אַפילו אין צוויי טעג אַרום—האָט געזאָגט דער נאַמיעסטניק.

— זייער גוט. צוויי און דריי טעג באַדייטן גאָרנישט. איר, הער פּאָלקאָווניק פון די טשערקאַסן, שיקט שנעל אַרויס שליחים צו קרוין-כאָראָנזשי און צום פירשט דאָמיניק מיט דער ידיעה וועגן געשעענעס. אָבער, ווי איך זע, שלאָפט איר שוין?

באראבאש האָט באמת צוזאַמענגעלייגט די הענט אויפן בויך און איז טיף איינגעדרימלט; אין אַ ווײַלע אַרום האָט ער אַפילו אָנגעהויבן צו שנאָרכן. דער אַלטער פּאָלקאָווניק, ווען ער האָט נישט געגעסן און נישט געטרונקן — ער האָט ביידע זאַכן זייער ליב געהאַט—איז ער געשלאָפן.

— גיט אַ קוק—האָט זאטשווילִיכאָווסקי שטיל געזאָגט צום נאַמיעסטניק—און דורך אַזאַ זקן ווילן די וואַרשעווער סטאַטיסטן האַלטן די קאָזאַקן אין דער מורא. גאָט איז מיט זיי, זיי האָבן דאָך אויך געהאַט צוטרוי צו כמיעלניצקין, מיט וועלכן דער קאַנצלער האָט געשלאָסן עפּעס אָפּמאַכן. ער וועט אָבער אַפּנים זיי מיאוס אָפּנאַרן.

דער נאַמיעסטניק האָט אָפּגעזיפּצט צום צייכן פון מיטגע־פיל. באַראַבאַש ווידער האָט נאָך שטאַרקער געכראָפּעט און שפּעטער האָט ער אַ ברום־געטאָן פון שלאָף:

— העלף, קריסטוס! העלף, קריסטוס!

— ווען האָט איר בדעה צו פאַרלאָזן טשעכרין?—האָט געפרעגט דער כאַראַנזשי.

— ס׳איז מיין חוב צו וואַרטן אַ צוויי טעג. טשאַפּלינסקי וועט דאָך מסתמא ווערן זיך נוקם־זיין פאַר דעם בזיון, וואָס ער איז אויסגעשטאַנען.

— ער וועט דאָס נישט טון. ווען איר וואָלט נישט גע־טראָגן די פירשטלעכע קאָליר, וואָלט ער באַלד קעגן אייך אַרויסגעשיקט זיינע מענטשן—אָבער מיטן פירשט אָנצוהויבן איז נישט קיין לייכטע מערכה—אפילו פאַר קאָניעצפּאָלסקיס מענטשן.

— איך וועל אים מודיע זיין, אַז איך וואַרט, אַז אין צוויי אָדער דריי טעג אַרום פאָר איך אַרויס. פאַר אַ באַהאַל־טענעם אָנפאַל האָב איך אויך נישט קיין מורא, כל־זמן איך האָב ביי דער זייט אַ שווערד און אַ הייפל מענטשן.

מיט די דאָזיקע ווערטער האָט דער נאַמיעסטניק זיך געזעגנט מיטן אַלטן כאַראָנזשי און איז אַרויסגעגאַנגען.

דער הימל איז איבער דער גאַנצער שטאָט געווען העל באַלויכטן פון די פייערס, וואָס זענען געווען אויסגעלייגט

אויפֿן מאַרק, אַזוי אַז מ׳האָט געקאָנט מיינען, גאַנץ סשעכרין ברענט, און מיטן אָנקומען פֿון דער נאַכט האָט זיך דער טומל און די קולות נאָך מער פֿאַרשטאַרקט. די ייִדן האָבן אפֿילו נישט אַרויסגעשמעקט פֿון זייערע הייזער, אין איין ווינקל האָט דער המון פֿון די טשאַבאַנעס הייזעריק געזונגען די אומעטיקע סטעפּ-לידער. די ווילדע זאַפּאָראָזשער האָבן געטאַנצט אַרום די פֿייערס, וואַרפֿנדיק אין דער הויך היטלען, שיסנדיק פֿון זייערע ביקסן און טרינקנדיק בראָנפֿן עמערווייז. דאָ און דאָרט האָט אויסגעבראָכן אַ געשלעג, צו וועלכן דעם סטאַראָסטאַס מענטשן האָבן אַ סוף געמאַכט. דער נאַמיעסטניק האָט זיך געמוזט דורכברעכן אַ וועג מיטן הענטל פֿון דער שווערד און, הערנדיק דאָס דאָזיקע געפּילדער און גערויש פֿון די קאָזאַקן, האָט ער זיך רגעווייז געטראַכט, אַז דאָס איז שוין די שטים פֿון דער מרידה. ס׳האָט זיך אים אויך אויסגעדוכט, אַז ער זעט בייזע בליקן און הערט שטילע קללות קייגן זיך. אין זיינע אויערן האָבן נאָך געקלונגען באַראַבאַשס ווערטער: „העלף, קריסטוס! העלף, קריסטוס!“ און דאָס האַרץ האָט ביי אים שטאַרקער געקלאַפּט.

און דערווייל איז אין שטאָט וואָס אַמאָל הילכיקער געוואָרן דאָס הייזעריקע געזאַנג פֿון די טשאַבאַנעס, און די זאַפּאָראָזשער האָבן געשאָסן פֿון די ביקסן און זיך געבאָדן אין בראָנפֿן.

די שיסעריי און די ווילדע געשרייען: „הו-האַ! הו-האַ!“ האָבן זיך פֿאַרטראָגן צו די אויערן פֿון נאַמיעסטניק אפֿילו דעמאָלט, ווען ער האָט זיך שוין געלייגט שלאָפֿן אין זיין וווינונג.

## 3 קאַפּיטל.

מיט אַ פּאָר טעג שפּעטער האָט די מחנה פֿון אונזער באַמיעסטניק שנעל מאַרשירט אין דער ריכטונג פֿון לובני. נאָכדעם, ווי זיי זענען אַריבער דעם דניעפּר, זענען זיי געגאַנגען אויפֿן ברייטן סטעפּ־וועג, וועלכער האָט פֿאַרבונדן טשעכרין מיט לובני דורך זשוקי, סעמי־מאָגילי און כאָראָל. אַ צווייטער וועג האָט געפֿירט פֿון דער פּירשטלעכער הויפּט־שטאָט קיין קיעוו. אין די אַלטע צייטן, איידער העטמאַן זשולקיעווסקי האָט מלחמה־געהאַלטן ביי סאָלאָניצאַ, זענען אַזעלכע וועגן לגמרי נישט געווען. קיין קיעוו איז מען געפֿאָרן פֿון לובני דורכן סטעפּ און מדבר; קיין טשעכרין האָט דער וועג געפֿירט דורכן וואַסער—צוריקוועגס ווידער איז מען געפֿאָרן דורך כאָראָל. די דאָזיקע מלוכה אויף יענער זייט דניעפּר, די אַלטע פּאָלנאָווי־צער ערד—איז בכלל געווען וויסט, נישט אַ סך מער באַוווינט, ווי די ווילדע פֿעלדער, די טאָטערס האָבן זיך אָפֿט אין איר אַריינגעריסן און זי איז שטענדיק געווען אַ מקום־מוכן־לפּורעניות פֿאַר די זאַפּאָראָזשער רויבער־באַנדעס.

ביי די ברעגעס פֿון סולאַ האָבן גערוישט געוואַלדיקע וועלדער, אין וועלכע קיין מענטשלעכער פֿוס האָט נאָך כמעט נישט געטראָטן. איבער די איינגעפֿאַלענע ברעגעס פֿון סולאַ, צודאַ, שליפּאָכאָר, קאָראָוזוי, אָרזשאָוויץ, פּשאָלאַ און אַנדערע גרעסערע און קלענערע טייכן, האָבן זיך דאָ און דאָרט געבילדעט זומפּן, וואָס זענען צום טייל געווען באַוואַקסן מיט געדיכטע קוסטעס און וועלדער און צום טייל האָבן זיי אויסגעזען ווי אַ נאַקעטע גרינע פֿלאַכקייט. די דאָזיקע וועלדער און זומפּן זענען געוואָרן אַ מקום־מקלט פֿאַר חיות פֿון אַלע מינים; אין די פֿינסטערסטע וואַלד־טיפֿענישן האָבן געלעבט אָן אַ שיעור בער־

דיקע אָקסן, בערן און ווילדע חזירים, און נעבן זיי גרויסע מחנות פֿון וועלף, לוקסן, טיגערס, סטאַדעס פֿון סאַרנעס און רויטע אַנטילאָפּן. אין די זומפּן און וואסער־בלאָטעס האָבן ביבערס פֿאַרלייגט זייערע נעסטן, און וועגן די דאָזיקע ביבערס האָט מען אין זאַפּאָראָזשע דערציילט, אַז עס זענען פֿאַראַן צווישן זיי הונדערט־יעריקע זקנים, וואָס זענען ווייס, ווי שניי פֿון אַלטקייט.

אין די הויכע, טרוקענע סטעפּעס זענען אַרומגעשפּרונגען סטאַדעס פֿון ווילדע פֿערד מיט לאַנג־האָריקע קעפּ און בלוטיקע אויגן. די טייכן האָבן געווימלט פֿון פֿיש און וואַסער־פֿייגל. משונהדיק איז געווען די דאָזיקע ערד, די האַלב־פֿאַרשלאָפֿענע, אויף וועלכער עס זענען אָבער נאָך קענטיק געווען שפּורן פֿון אַמאָליקן מענטשלעכן ישוב. אומעטום האָט מען געקאָנט געפֿונען חורבות, דעם יתר־הפּלטה פֿון אייביקע פֿעסטונגען; לובני און כאָראָל אַליין זענען אויפֿגעבויט געוואָרן אויף אַזעלכע חורבות; אומעטום איז געווען פֿול מיט קברים, אַלטע און נייע, וואָס זענען שוין געווען באַוואַקסן מיט וואַלד. אויך דאָ, ווי אין די ווילדע פֿעלדער, זענען יעדע נאַכט אויפֿגעשטאַנען רוחות און געשפּענסטער, און די זאַפּאָראָזשער זקנים פֿלעגן זיך דערציילן ביים פֿייער נסים־ונפֿלאות וועגן דעם, וואָס האָט זיך פֿון צייט צו צייט פֿאַרלאָפֿן אין יענע וואַלד־טיפֿענישן, פֿון וועלכע ס'האָט זיך דערטראָגן אַ געביל פֿון אומבאַקאַנטע חיות, ספֿק־מענטשלעכע, ספֿק־חיהשע קולות, אַ אימהדיקער ליאַרעם, ווי פֿון אַ שלאַכט אָדער אַ געיעג. אונטער די וואַסערן האָבן זיך אָנגערופֿן די גלאָקן פֿון איינגעזונקענע שטעט. די ערד איז געווען גאַסט־פֿריינטלעך און ווייניק צוגענגלעך, ערטערווייז צופֿיל צעווייקט, ערטערווייז אָן וואַסער, פֿאַרויכערט, פֿאַרטרוקנט. דאָרט צו וווינען איז געווען אַ סכּנה. די, וואָס האָבן זיך דאָרט באַזעצט און ווי עס איז איינגעאָרדנט, זיינען שפּעטער באַפֿאַלן געוואָרן דורך די טאָטערס און פֿאַרטיליקט געוואָרן פֿון דער ערד. בלויז די זאַפּאָראָזשעס זיינען אַהין אָפֿט געקומען זיך צו יאָגן אויף ביבערס, נאָך חיות און פֿיש, ווייל אין צייט פֿון שלום האָט דער גרעסטער

טייל פון די טאָל־באַוווינער זיך אַרויסגעלאָזט פון סיטש אין פאַרשידענע זייטן אויף געיעג, אָדער, ווי זיי האָבן געזאָגט, אויף „אַרבייט“ איבער אַלע טייכן, היילן, וועלדער און וואַסער־געוויקסן, נישטערנדיק אין ערטער, וואָס קיינער האָט אפילו פון זיי ניט געוווּסט.

פונדעסטוועגן האָט אויך דאָס מענטשלעכע לעבן זיך געפּרוּווט צו באַהעפטן מיט דער דאָזיקער ערד, ווי אַ געוויקס, וואָס פּרוּווט זיך איינצוזויגן מיט זיין שורש אין דער ערד אומעטום, ווו עס קאָן נאָר, און יעדעס מאָל, ווען עס ווערט אויסגעריסן, וואַקסט עס ווידער אַרויס דאָרט, ווו עס קאָן נאָר.

עס זענען אין דעם וויסטעניש אויפגעשטעלט געוואָרן שטעט, שטעטלעך, קאָלאָניעס, דערפער און פערמעס. די ערד האָט ערטערווייז נושא־פּרות געווען און די פרייקייט האָט געצויגן. אָבער דאָס לעבן האָט זיך צובליט ערשט דעמאָלט, ווען די דאָזיקע ערד איז אריבער אין רשות פון די פירשטן וויש־ניאוויעצקיס. פירשט מיכאַל האָט נאָכדעם, ווי ער האָט חתונה געהאַט מיט אַ מאָהילאַנקע, זיך גענומען פלייסיק איינצואָרדנען זיין מלוכה אויף יענער זייט דניעפּר; ער האָט אַראָפּגעבראַכט מענטשן, באַזעצט די פּוסטע שטחים, פאַרזיכערט פרייקייט ביז דרייסיק יאָר, געבויט קלויסטערס און איינגעפירט זיינע פירשטלעכע געזעצן. אַפילו דער, וואָס האָט זיך דאָ באַזעצט נאָך אַ לאַנגע צייט פריִער און געמיינט, אַז ער זיצט אויף זיין אייגענער ערד, האָט גערן געצאָלט צינש דעם פירשט, ווייל פאַרן פרייז פון דאָזיקן שטייער האָט ער גענאָסן פון פירשטס מעכטיקער אַפּוטרופּסות, וואָס האָט אים באַשערמט און באַשיצט פון די טאָטערס און פון די טייל באַוווינער, וועלכע זענען אָפט מאָל געווען ערגער פון די טאָטערס. אָבער דאָס אמתע לעבן האָט ערשט אויפגעבליט אונטער דער אייזערנער האַנט פון יונגן פירשט יערעמי. זיין מלוכה האָט זיך אָנגעהויבן באַלד הינטער טשעכרין און זיך אויסגעלאָזט אַזש העט ביי קאָנאָטאָפּ און ראָמני. נישט בלויז פון דער דאָזיקער מלוכה איז באַשטאַנען דעם פירשטס פאַרמעגנס, וואָרום אָנהויבנדיק פון דער סאַנדאָמי־

רער געגנט, זענען זיינע ערד-שטחים געלעגן אין די געגנטן פֿון וואָלין, רוס, קיעוו, אָבער די מלוכה אויף יענער זייט דניעפּר איז געווען דאָס אויג אין קאָפּ פֿון העלדישן פּירשט.

דער טאָטער האָט לאַנג געלויערט בײַ אָריאָל, בײַ וואָרסקלאַ און געשנאַפּט ווי אַ וואָלף, איידער ער האָט זיך דערוועגט צו טרײַבן דאָס פֿערד אויף צפֿון; — די טאָל-באַוווינער האָבן אַפֿילו נישט געפּרוווט אָנצוהויבן מיט זיי. די אָרטיקע אונרויִקע רויבער-באַנדעס זענען געגאַנגען אין דינסט. אויפֿן ווילדן רויבערישן המון, וואָס האָט פֿריִער געלעבט פֿון גזלות און רציחות, איז איצט אַרויפֿגעלייגט געוואָרן אַ צוים; ער האָט זיך באַזעצט אין געצעלטן אויף די גרעניצן פֿון דער מלוכה און, ליגנדיק דאָרט, ווי אַ הונט אויף דער קייט, האָט ער מיט זײַנע גיריקע ציין זיך געשיצט פֿון אָנפֿאַלן.

אַזוי איז דאָרט דער מדבר פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ בליִענדיקן געדיכט-באַוווינטן ישוב. אויפֿן אָרט פֿון די אַמאָליקע פֿאַרחרובטע שליאַכן זענען אויסגעבויט געוואָרן נײַע וועגן. אַרום די טייכן האָט מען אויפֿגעשטעלט ערד-מויערן, וואָס זענען אַרומגעשאָטן געוואָרן דורך די טאָטערישע שקלאַפֿן אָדער טאָל-באַוווינער, וועלכע מען האָט געכאַפּט בײַ אַ רויבערײַ מיט כּלי-זיין אין די הענט. דאָרט, וווּ דער ווינט האָט אַמאָל ווילד געברומט בײַנאַכט אין די דערנער און וועלף און זעלבסטמערדער האָבן יאָמערלעך געוואָיעט, האָט זיך איצט געהערט דאָס גערויש פֿון מילן. אַן ערך פֿון פֿערציק רעדער, שוין נישט רעדנדיק די גרויסע צאָל ווינט-מילן, האָבן געמאָלט תּבֿואה בלויז אויף יענער זייט דניעפּר. פֿערציק טויזנט נפֿשות האָבן אײַנגעצאָלט שטייער אין די פּירשטלעכע קאַסעס. די וועלדער זענען פֿול געוואָרן מיט בין-שטאָקן, אויף די גרעניצן זענען כּסדר אויסגעוואַקסן נײַע דערפֿער, פֿערמעס, קאָלאָניעס. אויף די סטעפּעס האָבן זיך, אַ חוץ די ווילדע חיות, געפּיטערט גאַנצע סטאַדעס פֿון היימישע פֿערד און בהמות. דער אומדורכדרינגלעכער, איינהייטלעכער אָנבליק פֿון די וועלדער און סטעפּעס איז באַפֿאַרבט געוואָרן מיטן רויך פֿון כאַטעס, מיט די באַגילטע שפּיצן פֿון קירכעס—

די וויסטעניש איז פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ באַוווינט לאַנד.

דער נאַמיעסטניק סקשעטוסקי איז זיך אַלזאָ אַזוי געפֿאָרן פֿריילעך און אָן איילעניש, ווייל ער איז מיט אַלץ געווען באַזאָרגט, גלייך ווי ער וואָלט געפֿאָרן אויף זיין אייגענער ערד. געווען איז עס ערשט אָנהויב יאַנואַר פֿון 18=טן יאָר, אָבער דער משונהדיקער, אויסערגעוויינלעכער ווינטער האָט זיך לחלוטין נישט געלאָזט פֿילן. אין דער לופֿט האָט געשמעקט מיט פֿרילינג; די ערד איז צעווייקט געוואָרן און געשיינט מיט די וואַסערן פֿון צעגאַנגענעם שניי; אויף די פֿעלדער האָט געגרינט דאָס גראָז, און די זון האָט אַזוי שטאַרק געוואַרימט, אַז בעת דער נסיעה מיטאָג=צייט האָבן די פֿלייצעס אונטער די פּעלצן געברענט, ווי אין זומער=צייט.

די מתנה פֿון נאַמיעסטניק האָט זיך פֿאַרגרעסערט, וואָרום אין טשעכרין האָט זיך מיט איר פֿאַראייניקט אַ וואַלאַכישע דעפּוטאַציע, וועלכע דער האָספּאָדאַר האָט געשיקט קיין לובני מיטן הער ראָזוואַן אורסו בראש. די דעפּוטאַציע איז באַגלייט געוואָרן פֿון אַ פּאָר צענדליק וואָלאַכישע זעלנער און פֿורן מיט דינער. אַ חוץ דעם איז מיט אונזער נאַמיעסטניק געפֿאָרן אונזער באַקאַנטער לאָנגינוס פּאָדביפּיענטאַ פֿון הערב זערוויקאַפּטור, מיט זיין לאַנגער שווערד אונטערן אָרעם און מיט אייניקע דינער.

די זון, דאָס וווּנדערבאַרע וועטער און דער ריח פֿון אָנקומענדיקן פֿרילינג, האָבן אָנגעפֿילט מיט פֿרייד אַלעמענס הערצער, דער נאַמיעסטניק האָט זיך אָבער געפֿרייט מער פֿון אַלע צוליב דעם, וואָס ער האָט צוריקגעקערט פֿון דער לאַנגער נסיעה אין פֿירשטס הויז, וואָס איז אויך געווען זיין היים, און צוריקגעקומען איז ער נאָכדעם, ווי ער האָט אויסגעפֿירט זיין שליחות על=צד=היותר=טוב, אַזוי אַז ער האָט געמעגט זיכער זיין אין אַ גוטן קבלת=פּנים.

אָבער זיין שמחה האָט אויך געהאַט אַנדערע סבות.

אַחוץ דעם חסד פֿון פֿירשט, וועלכן ער האָט ליב געהאַט בלב ונפֿש, האָבן אין לובני אויף אים געוואַרט אויך אַ פּאָר

שוואַרצע אויגן, זיסע ווי האָניק.

דאָס איז געווען אַנושקאַ באָזשאָ-באָהאַטאַ = קראַשעווסקאַ, דאָס ערן-פֿריילין פֿון דער פֿירשטין גריזעלדאַ, דאָס שיינסטע מיידל צווישן אַלע הויף-פֿרויען, אַ גרויסע קאָפּ-פֿאַרדרייערין, פֿאַר יועלכער אַלע האָבן גע'חלש'ט אין לובני, און זי — פֿאַר קיינעם ניט. די פֿירשטין גריזעלדאַ האָט שטאַרק מקפּיד געווען אין ענין דרך-ארץ און צניעות, דאָס איז אָבער ניט געווען קיין מניעה פֿאַר יונגוואַרג צו וואַרפֿן איינער אויפֿן צווייטן ברענענ-דיקע בליקן און צו זיפֿצן. הער סקושעטוסקי פֿלעגט אַלזאָ שיקן זיינע זיפֿצן צו די שוואַרצע אויגן צוגלייך מיט אַלע אַנדערע, און בלייבנדיק אַמאָל אַליין אין זיין וווינונג, פֿלעגט ער זיך נעמען זיין פֿלייט אין די האַנט און זינגען:

„דו ביסט דאָס ליד איבער אַלע לידער".

אָדער:

„ווי אַ טאָטערישע מחנה,
נעמסטו מיין האַרץ געפֿאַנגען!"

אַזוי אָבער ווי דאָס איז געווען אַ פֿריילעכער מענטש און דערצו נאָך אַ זעלנער, וואָס איז זייער צוגעבונדן צו זיין פֿאַך, האָט ער זיך דעריבער ניט שטאַרק גענומען צום האַרץ, וואָס אַנושאַ האָט אויך געשמייכלט צו אים, פּונקט אַזוי ווי צום הער ביכאָוויעץ פֿון וואָלאָכישן פּאָלק, ווי צום הער וורצל פֿון דער אַרטילעריע, ווי צום הער וואָלאָדיאָווסקי פֿון די דראַגונער, און אַפֿילו צום הער באַראַנאָווסקי פֿון די הוסאַרן. דער לעצטער איז שוין געווען אויף דער עלטער און ער האָט געשטאַמלט, ווייל אַ קויל פֿון אַ ביקס האָט געהאַט דורכגעלעכערט זיין גו-מען. אונזער נאָמיעסטניק האָט זיך שוין אַפֿילו אַמאָל געשלאָגען אויף שווערן מיטן הער וואָלאָדיאָווסקי צוליב אַנושאַן, אָבער אַז ס'איז אים אויסגעקומען צו לאַנג צו זיצן אין לובני און וועלכער עס איז מלחמה מיט די טאָטערס, איז אים לאַנגווייליג געוואָרן. אַפֿילו ביי אַנושאַן און ווען ס'איז געקומען די צייט זיך צו לאָזן אין וועג אַריין — האָט ער עס געטאָן גערן, אָן עגמת-נפש אָן תרעומות.

דערפֿאַר פֿלעגט ער אָבער אויך צוריק קומען מיט שמחה. אין אויך איצט, צוריק קומענדיק פֿון קרים, נאָכדעם ווי ער האָט גינסטיק ערלעדיקט זיין שליחות, האָט ער זיך פֿריילעך אונטערגעזונגען, רייטנדיק אויף זיין פֿערד נעבן הער לאָנגינוס, וועלכער איז געזעסן אויף אַ גרויסע ליפֿלענדישע קאָבילע, אַ פֿאַר׳דאגה׳טער און אַ אומעטיקער, ווי תמיד. די פֿורן פֿון דער דעפּוטאַציע, די זעלנער, די באַגלייטונג זענען געבליבן ווייט הינטער זיי.

— דער הער שליח ליגט אויף דער פֿור ווי אַ שטיק האָלץ, און שלאָפֿט כסדר – האָט דער נאַמיעסטניק געזאָגט — נסים-ונפֿלאות האָט ער מיר אָנדערציילט וועגן זיין וואַלאַכיען ביז ער איז מיד געוואָרן, און איך האָב זיך נייגעריק צוגעהער־ט. ניטאָ וואָס צו זאָגן, דאָס לאַנד איז רייך, דער קלימאַט אַ אויסגעצייכנטער אַ שפֿע פֿון גאָלד, ווייַן, פּרות און בהמות. כ׳האָב זיך דעריבער געטראַכט, אַז אונזער פֿירשט איז דאָס קינד פֿון אַ מאָהילעווערין און האָט פּונקט אַזאַ רעכט אויפֿן טראָן פֿון האָספּאָדאַר, ווי די אַלע, וואָס זייערע רעכט האָט פֿירשט מיכאַל אָפּגעפּרעגט. וואלאַכיען איז ניט קיין נייעס פֿאַר אונזערע פֿירשטן. זיי האָבן שוין פֿאָרט געשלאָגן אי די טערקן, אי די טאָטערס, אי די וואלאכן, אי די סעמיגראָדער...

— אָבער דאָס פֿאָלק איז דאָרט ניט אַזוי העלדיש, ווי ביי אונז. וועגן דעם האָט מיר אויך הער זאַגלאָבאַ אין טשעכרין דערציילט — האָט הער לאָנגינוס געזאָגט — און ווען אַפֿילו איך וואָלט אים ניט געגלויבט, וועט אָבער דער דאָזיקער אמת באַשטעטיקט אין די תּפֿילה-ביכער.

— וואָס הייסט, אין די תּפֿילה-ביכער?

— איך אַליין האָב אַזאַ תּפֿילה-בוך און קאָן עס אויך ווייזן, ווייל איך פֿיר עס שטענדיק מיט זיך.

ביי די דאָזיקע ווערטער האָט ער אויפֿגעבונדן די שטריק פֿון זאָטל און, אַרויסנעמענדיק אַ קליין ביכל, וואָס איז געווען איינגעבונדן אין קאַלבס-פֿעל, האָט ער צוערשט עס פֿרום אַ קוש געטון, שפּעטער האָט עס איבערגעמישט אַ פּאָר זייטלעך און געזאָגט:

— לעזט, מיין האַר.

סקזשעטוסקי האָט גענומען לעזן.

— מיר באַהאַלטן זיך אונטער דיין שוץ, הייליקע מוטער פון גאָט...״—ווו איז דאָ די רייד וועגן די וואַלאַכן? וואָס רעט איר!—דאָס איז דאָך אַ תּפילה!

— לעזט ווייטער, מיין האַר.

—„...כּדי מיר זאָלן זוכה זיין צו די הבטחות פון הער קריסטוס. אמן״.

— נו, און איצט די פראַגע...

סקשעטוסקי האָט געלעזן:

— „פראַגע: פאַר וואָס רופט זיך די וואַלאַכישע קאַוואַ־לעריע לייכטע? ענטפער: ווייל זי איז לייכט צובם אַנטלויפן. אמן״. יאָ, אמת! אָבער אין דאָזיקן בוך זענען פאַרשידענע עניינים משונה׳דיק צונויפגעמישט.

— ווייל דאָס איז אַ זעלנעריש בוך, ווו עס געפינען זיך אינאיינעם מיט תּפילות אויך פאַרשידענע מיליטערישע אָנ־ווייזונגען, וועלכע באַקענען אייך מיט אַלע באַציעס און לערנען אייך, ווער פון זיי איז איידל און וועלכע גראָב; און וועגן די וואַלאַכן ווערט דאָרט געזאָגט, אַז זיי זענען פּחדנים און דערצו נאָך גרויסע בוגדים.

— אַז זיי זענען בוגדים, דאָס איז זיכער, וואָרום מ׳זעט דאָס אויך פון דעם, וואָס עס האָט זיך פאַרלאָפן מיטן פירשט מיכאַל. דעם אמת זאָגנדיק, האָב איך אויך געהערט, אַז זיי זענען ניט קיין גרויסע גבורים. האָט דאָך דער פירשט אַן אויסגעצייכנטען וואַלאַכישן פאָלק, אין וועלכן הער ביכאָוועץ איז פּאָרוטשניק, אָבער ס׳איז אַ גרויסער ספק, צי אין יענעם וואַלאַכישן פאָלק געפינען זיך אַפילו צוואַנציק וואַלאַכן.

— ווי מיינט איר, הער נאַמיעסטניק, אַ סך מענטשן האָט דער פירשט אונטער געווער?

— אַנ׳ערך פון אַכט טויזנט, ניט אַריינרעכענענדיק די קאַזאַקן, וואָס שטייען אין די פעסטונגען. אָבער זאַטשוויליכאָווסקי האָט מיר געזאָגט, אַז עס ווערן צוגעצויגן פרישע כּחות.

— אויב אַזוי, וועט אפשר גאָט צושיקן אַ מלחמה אונטער דער פירונג פון פירשט?

— מען זאָגט, אַז עס גרייט זיך אַ גרויסע מלחמה מיט'ן טערק און אַז דער קיניג אַליין זאָל אַרויסמאַרשירן מיט'ן גאַנצן חייל פון דער רעפובליק. כ'ווייס אויך, אַז עס זענען צוריקגע־צויגן געוואָרן די הבטחות פאַר די טאָטערס, וועלכע האָבן פאַר שרעק אַפילו ניט די העזה צו באַרירן די ערד. וועגן דעם האָב איך געהערט אויף אין קר.ם, ווו מ'האָט מיך מקבל־פנים געווען מיט אַזאַ כבוד צוליב דער ידיעה, וואָס האָט זיך פאַר־שפרייט, אַז ווען דער קיניג וועט אַרויסמאַרשירן מיט די העט־מאַנס, וועט דער פירשט זיך לאָזן אויף קרים און איינגאַנצן פאַר־טיליקן די טאָטערס. און ס'איז דאָך זיכער, אַז קיין אַנדערן וועט מען אַזאַ שליחות ניט איבערגעבן.

הער לאנגינוס האָט געהויבן די הענט און די אויגן אין די הויך.

הלואי, דערבאַ מדיקער גאָט, שיק־צו אַזאַ הייליקע מלחמה, צום רום פון קריסטנטום און אונזער פאָלק, און מיר, דעם זינ־דיקן בשר־ודם, דערלויב מקיים צו זיין אין דער דאָזיקער מלחמה מיין נדר, כדי איך זאָל קאָנען געפינען אַ נחמה אָדער גאָר אַ רומפולן טויט.

— האָט איר דען עפּיס אַ נדר־געטאָן אין שייכות מיט מלחמה?

— אַזאַ חשובן ריטער ווי איר, וועל איך אַנטפּלעקן מיין גאַנצע נשמה, הגם ס'איז פאַראַן אַסך צו דערציילן, אָבער אַזוי ווי איר לעגט צו גערן אייער אויער, וועל איך אָנהויבן.— ווי איר ווייסט, מיין הער, רופט זיך מיין הערב זערוויקאַפּטור און די סבה דערפון איז אָט וואָס: ווען איינער פון מיינע אבות, סטאַווייקא פאָרביפיענטאַ, האָט נאָך ביי גרונוואַלד דערזען, ווי דריי ריטערס, אָנגעטון אין קאַפּוטעס פון מאָנאַכן, פאָרן אין איין שורה, האָט ער זיי אָנגעיאָגט און אָפּגעהאַקט אַלע דריי קעפּ אויף אַ מאָל און וועגן דאָזיקן העלדישן טאַט דערציילן אַלע כראָניקעס מיט אַ גרויסן שבח פאַר מיין עלטער־זיידן,

— אייער עלטער-זיידע האָט אַ פּנים געהאַט אַ ניט-לייכ־טערע האַנט פאַר אייך, אָבער מיט רעכט האָט מען אים אַ נאָמען געגעבן זערוויקאַפּטור.

— דער קעניג האָט אים אויך געשענקט אַ הערב, מיט דריי ציגן-קעפּ אויף אַ זילבערנעם דעק, צום אָנדענק פון יענע ריטערס, ווייל פונקט אַזעלכע קעפּ זיינען אויך געווען אויסגע־מאָלט אויף זייערע פאַנצערס. דעם דאָזיקן הערב, צוזאַמען מיט אָט דער שווערד, האָט מיין עלטער-זיידע סטאַווייקאָ פּאָדבי־פיענטא איבערגעלאָזט בירושה זיינע קינדער און קינדס-קינדער, כּדי זיי זאָלן אונטערהאַלטן דעם רום פון דער משפּחה און פון דער שווערד.

— ניטאָ וואָס צו ריידן, איר קומט אַרויס פון אַ גאַנץ פיינעם יחוס.

דאָ האָט הער לאַנגינוס אָנגעהויבן ביטער צו זיפצן, און ווען ס'איז אים צום סוף אַ ביסל לייכטער געוואָרן, האָט ער ווייטער אַזוי געזאָגט:

— אַלס דער לעצטער פון דער משפּחה, האָב איך אַ נדר געטון אין טראָקי פאַר דער הייליקער פרייל, צו לעבן אין אָפּ־געשייטקייט און ניט חתונה צו האָבן, כּל-זמן איך וועל, לויטן רומפולן מוסטער פון מיין עלטער-זיידע סטאַווייקא פּאָדביפּיענ־טא, ניט אָפּהאַקן מיט דער זעלבער שווערד דריי קעפּ מיט איין האַנט-באַוועגונג. אָ, באַרמהאַרציקער גאָט, דו זעסט, אַז כ'האָב אַלץ געטון, וואָס כ'בין נאָר געווען בכח צו טון. ביזן היינטיקן טאָג האָב איך אָפּגעהיטן מיין נדר, די געפילן איך מיין האַרץ האָב איך דערשטיקט, כ'האָב געזוכט מלחמות און האָב געקעמפט, אָבער קיין מזל האָב איך נישט געהאַט...

דער פּאָרוטשניק האָט אַ שמייכל געטון אונטערן דער וואָנס.

— און איר האָט קיין דריי קעפּ ניט אָפּגעהאַקט?

— עס האָט זיך נישט געמאַכט! נישט קיין מזל! צו צוויי קעפּ האָט געטראָפן, אָבער דריי — קיינמאָל ניט. ס'האָט זיך נישט איינגעגעבן, און ס'איז שווער צו פועלן ביי די שונאים, אַז זיי זאָלן זיך אויס-סדרן גלייך צו דער שחיטה. איין גאָט

זעט מיין ווייטאָק: כח אין די ביינער איז פאַראַן, עשירות איז פאַראַן... אָבער די יוגנט פאַרגייט, כ'בין שוין באַלד פינף און פערציק יאָר אַלט, דאָס האַרץ גאַרט נאָך ליבע, די משפחה גייט אונטער און קיין דריי קעפ זענען נישטאָ, כאָטש צורייס זיך!... אַזאַ זערוויקאַפּטור בין איך. אַ חוזק פאַר לייטן, נו, הער זאַגלאָבאַ זאָגט מיט רעכט, און איך בין מקבל אַלע יסורים באהבה און ברייננג זיי אַ קרבן פאַרן הער יעזוס.

דער ליטווינער האָט ווידער אָנגעהויבן אַזוי צו זיפצן, אַז זיין ליפלענדישע קאָבילע האָט, אַפּנים פון מיטגעפיל פאַר איר האַר, אויך אָנגעהויבן קרעכצן און יאָמערלעך צו כראָפּען.

— דאָס קאָן איך נאָר אייך זאָגן—האָט דער נאַמיעסטניק געזאָגט—אַז אויב איר וועט ביים פירשט יערעמי נישט געפינען קיין געלעגנהייט, וועט איר זי שוין קיינמאָל מער נישט האָבן.

— הלואי, גאָט!—האָט לאנגינוס געענטפערט—דערפאַר טאַקע פאָר איך בעטן דעם פירשט, אַז ער זאָל מיט מיר טאָן אַ חסד.

דאָס ווייטערדיקע געשפּרעך איז איבערגעריסן געוואָרן דורך אַ אונגעוויינלעכן גערויש פון פליגל. ווי געזאָגט, זענען די פייגל יענעם ווינטער נישט געפלויגן אויף יענער זייט ים, די טייכן זענען נישט פאַרפרוירן געוואָרן און דעריבער איז אומעטום איבער די בלאָטעס געווען אונגעוויינלעך פול מיט ים-פייגל. גראָד אין דער רגע האָט דער פּאָרוטשניק מיטן הער לאנגינוס זיך דערנענטערט צום ברעג פון קאַהאמליק, מיט אַמאָל האָט איבער זייערע קעפּ זיך דערהערט אַ לאַרם. דאָס איז איבער זייערע קעפּ געפלויגן אַ מחנה זשוראַוולעס אַזוי נידריק, אַז מ'האָט כמעט מיט אַ שטעקן געקאָנט צו זיי דערלאַנגען. די מחנה איז געפלויגן מיט אַ שרעקלעכן געפילדער און אָנשטאָט זיך אַראָפּצולאָזן צווישן די דערנער, האָבן זיי זיך פלוצלינג געלאָזט פליען נאָך העכער.

— זיי אַנטלויפן, גלייך ווי מ'וואָלט זיי געיאָגט — האָט געזאָגט הער סקשעטוסקי.

— אָ, אָ, איר זעט? — האָט הער לאנגינוס געזאָגט, אָנווייזנדיק אויף אַ ווייסן פויגל, וועלכער האָט דורכגעשניטן די

לופט און געפֿלויגן משופּעדיק צו דער מחנה זשוראַוולעס.

— אַ בלויפֿוס, אַ בלויפֿוס! ער שטערט זיי זיך אַראָפּצו־לאָזן! — האָט דער נאַמיעסטניק אויסגערופֿן. — דער שליח האָט בלויפֿוס—האָט ער זיי אַודאי נאָכגעלאָזט.

אין דעם מאָמענט איז הער ראַזוואַן אורסו מיט אימפּעט אָנגעפֿאָרן אויף זיין שוואַרצן אַנאַטאָלער פֿערד און הינטער אים איינינקע פֿון זיינע סאָלדאַטן.

— הער פּאָרוטשניק, איך פֿאַרבעט אייך אויף די פֿאַרווײַלונג —האָט ער געזאָגט.

— איז דאָס אייער בלויפֿוס?

— יאָ, און זייער אַ פֿיינער, איר וועט זען...

זיי האָבן אין דרייען זיך געאיילט פֿאָרויס און הינטער זיי אַ וואָלאָך מיט אַ רייף, וועלכער האָט זיך פֿעסט איינגעקוקט אין די פֿייגל און געשריגן מיט אַלע כחות, אָנרייצנדיק דעם בלויפֿוס צום קאַמף.

דער טיכטיקער פֿויגל האָט דערווייל שוין געצווונגען די מחנה זיך אויפֿצוהויבן אין די הויך, שפּעטער האָט ער בליץ־שנעל אַ פֿאַל געטון נאָך העכער און געבליבן הענגען איבער איר. די זשוראַוולעס האָבן זיך צונויפֿגעקליבן אין איין גרויסן עיגול און אימהדיק געפֿילדערט מיט די פֿליגל. די לופֿט איז פֿול געוואָרן מיט שרעקלעכע קולות. די פֿייגל האָבן אויסגע־שטרעקט די העלזער, אויסגעצויגן די שנאָבלען אין די הויך און געוואַרט אויפֿן אָנפֿאַל.

דער בלויפֿוס האָט דערווייל זיך געדרייט איבער זיי. אַמאָל האָט ער זיך אַראָפּגעניידערט, אַמאָל זיך אויפֿגעהויבן, גלייך ווי ער וואָלט זיך געשלאָגן מיט דער דעה, צי ער זאָל זיך אַראָפּלאָזן אונטן, ווו עס זענען צו זיין ברוסט געווען געווענ־דעט הונדערטער שאַרפֿע שנאָבלען. זיינע ווייסע פֿעדערן, וואָס זענען געווען באַלויכטן פֿון דער זון, האָבן געשיינט ווי די זון אַליין אויפֿן בלויען לויטערן הימל. מיט אַמאָל, אָנשטאָט זיך צו וואַרפֿן אויף די פֿייגל, האָט ער ווי אַ פֿייל פֿון בויגן זיך גע־לאָזט פֿליען ווייטער און באַלד איז ער נעלם געוואָרן הינטער

די בוימער און דערנער.

סקשעטוסקי איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט זיך געיאָגט נאָך אים אויף זיין פערד. דער שליח, דער וואָלאָך און הער לאנגינוס האָבן אים נאָכגעטון.

פלוצלינג, אויפן שייד-וועג, האָט דער נאַמיעסטניק פאַר-האַלטן דאָס פערד, וואָרום אַ נייער און משונהדיקער אָנבליק האָט איבערראַשט זיינע אויגן. אין מיטן וועג איז געלעגן אויף אַ זייט אַ קאַרעטע מיט אַ צובראָכענעם אַקס. צוויי יונגע קאָ-זאַקן האָבן געהאַלטן די אויסגעשפּאַנטע פערד. קיין קוטשער איז אינגאַנצן נישט געווען, ער האָט זיך אַפּנים געלאָזט אין וועג זוכן הילף. ביי דער קאַרעטע זענען געשטאַנען צוויי פרויען, איינע מיט אַ שטרענגן און מאַנסבילישן פּנים, אָנגעטון אין אַ מאַנטל פון פוקסן-פעל און אין אַ הוט פון דעם זעלבן פעל מיט אַ רונדיקער דעק; די צווייטע איז געווען אַ יונגע פריילן, פון אַ הויכן וווּקס, מיט שררהרישע און זייער שיינע שטריכן. אויפן אָרעם פון דער דאָזיקער יונגער פרוי איז זיך רויק געזעסן אַ בלויפוס און פונאַנדערשפּרייטנדיק די פעדערן אויף דער ברוסט, העט ער זיי געגלעט מיטן שנאָבל.

דער נאַמיעסטניק האָט געגעבן אַ צי-צוריק דאָס פערד, אַז די קאָפּיטעס האָבן זיך אַזש איינגעגראָבן אין זאַמד פון וועג, און די האַנט האָט ער אויפגעהויבן צום היטל אַ צומישטער, און נישט וויסנדיק וואָס ער זאָל רעדן—צי זאָל ער באַגריסן אָדער זיך אויספרעגן וועגן בלויפוס. מבולבל איז ער געוואָרן אויך דערפאַר, וואָס פון הינטער דער קאַפּוזע פון פריילין האָבן אויף אים אַפּוירגעקוקט אויג, וואָס אַזעלכע האָט ער נאָך אין זיין לעבן נישט געזען. שוואַרצע, סאַמעטענע, און נאַסע זענען זיי געווען, און אָפּט זיך געביטן, און פלאַם-פייערדיקע, אַז די אויגן פון אַנושאַ באָזשאַבאַהאַטאַ וואָלטן אַקייגן זיי פאַרלאָשן געוואָרן, ווי ליכטלעך אַקייגן אַ פלאַקער. איבער די דאָזיקע אויגן האָבן די טונקעלע ברעמען זיך געצייכנט אין צוויי דעליקאַטע בויגנס, די פאַררויטלטע באקן האָבן געבליט, ווי די שענסטע בלום, דורך די קאַרשן-רויטע, אַביסל געעפנטע ליפּן האָט אַרויסגעקוקט ציינדלעך

ווי די פּערל, און פֿון הינטער דער קאַפּוזע האָבן זיך אַראָפּגעגליטשט געדיכטע שוואַרצע צעפּ. „צי איז דאָס יונגאַ אַליין, אָדער עפּעס אַן אַנדערער אָפּגאָט?“ — האָט דער נאַמיעסטניק אַ טראַכט געטאָן, זעענדיק די דאָזיקע שלאַנקע פּיגור, די בולטע ברוסט און דעם ווייסן בליפּוס אויפֿן אָרעם.

אונזער נאַמיעסטניק איז אַזוי געשטאַנען מיט אַ בלויזן קאָפּ און זיך איינגעקוקט אין איר, ווי אין אַ וווּנדערלעך בילד, גאָר די אויגן זיינע האָבן געלויכטן און פֿאַרן האַרץ האָט אים עפּעס אָנגעכאַפּט, ווי מיט אַ האַנט. און ער האָט שוין געוואָלט אָנהויבן ריידן מיט די ווערטער: „אויב דו ביזט אַ געוויינלעכער בשר־ודם און נישט קיין גאָט“... אָבער גראָד אין דער רגע איז אָנגעפֿאָרן דער שליח און הער לאָנגינוס און הינטער זיי דער וואָלאָך מיט דער רייף. דערזעענדיק דאָס, האָט דאָס פֿריילן אונטערגעשטעלט דעם בליפּוס איר האַנט, ער איז באַלד אַראָפּ פֿון אָרעם און זיך געזעצט אויף איר, אַריבערטרעטנדיק פֿון איין פֿוס אויפֿן צווייטן. דער נאַמיעסטניק האָט געגעבן אַ צייכן דעם וואָלאָך און געוואָלט אַראָפּנעמען דעם פֿויגל, אָבער דאָ איז געשען אַ וווּנדערלעכע זאַך. איבערלאָזנדיק איין פֿוס אויף דער האַנט פֿון פֿריילן, האָט דער בליפּוס מיטן צווייטן פֿוס זיך אָנגעכאַפּט אָן דער האַנט פֿון נאַמיעסטניק און אַנשטאָט זיך איבערצוזעצן, האָט ער פֿריילעך אָנגעהויבן צו צווישן און צוצוציען אַזוי שטאַרק איין האַנט צו דער צווייטער, אַז זיי האָבן זיך געמוזט באַרירן. אַ ציטער איז דורכגעלאָפֿן איבער דעם נאַמיעסטניקס קערפּער, און דער בליפּוס האָט זיך ערשט דעמאָלט געלאָזט אַריבערטראָגן אויף די רייף, ווען דער וואָלאָך האָט אים אַרויפֿגעלייגט אַ קאַפּוזע אויפֿן קאָפּ.

דערווייל האָט די עלטערע פֿרוי זיך גענומען קלאָגן:

— ריטער! — האָט זי געזאָגט — ווער איר זאָלט נישט זיין, אָבער זאָגט זיך נישט אָפּ צו געבן הילף פֿרויען, וואָס זענען געבליבן אומבאַהאָלפֿן אין מיטן וועג און ווייסן אַליין נישט, וואָס צו טון. ביז אַהיים האָבן מיר נישט מער ווי דריי מייל, אָבער אין דער קאַרעטע האָבן געפּלאַצט די אַקסן און

ס'איז אונז נישט געבליבן קיין אַנדערע ברירה, ווי צו נעכטיקן אין פעלד; דעם קוטשער האָב איך געשיקט צו מיינע זין, אַז זיי זאָלן אונז צושיקן אַ פור, אָבער ביז דער קוטשער וועט דאָרט אָנקומען און צוריקקערן, וועט דערווייל די נאַכט צופאַלן, און אויף דעם דאָזיקן מדבר איז אַ מורא צו בלייבן, ווייל אין דער נאָענט זענען פאַראַן קברים. די אַלטע שלאַכטשאַנקע האָט גערעדט גיך און מיט אַזאַ מגושמדיקער שטים, אַז דער נאַמיעסטניק האָט זיך אַזש פאַרחידושט, פונדעסטוועגן האָט ער העפלעך געענטפערט:

— לאָזט נישט צו, מאַדאַם, דעם געדאַנק, אַז מיר וועלן אייך און אייער ליבע טאָכטער איבערלאָזן אָן הילף. מיר פאָרן קיין לובני, ווייל מיר זענען זעלנער, וואָס דינען ביים פירשט יערעמי, און מיר פאָרן צוזאַמען אין איין וועג, און ווען אפילו דאָס וואָלט נישט אַזוי געווען, וואָלטן מיר אויך גערן זיך אַקער געטאָן אין אייער וועג, אויב אונזער געזעלשאַפט וועט אייך באַר ליב־זיין. וואָס שייך פורן, האָב איך אַזעלכע נישט, וואָרום איך פאָר מיט מיינע חברים אויפן זעלנערישן שטייגער, אָבער דער הער שליח האָט, און איך בין זיכער אַז אַלס העפלעכער ריטער, וועט ער גערן זיי געבן צו אייער דינסט.

דער שליח האָט אַראָפּגענומען דעם צויבל הוט, ווייל קענענדיק די פּוילישע שפּראַך, האָט ער פאַרשטאַנען וועגן וואָס עס האַנדלט זיך. באַלד איז ער, ווי אַ העפלעכער ריטער, אַרויסגעטרערן מיט שיינע קאָמפּלימענטן און תיכּף געהייסן דעם וואָלאָך אַ שפּרונג־טאָן נאָך די פורן, וועלכע זענען געבליבן ווייט פון הינטן, אין משך פון דער דאָזיקער צייט האָט דער נאַמיעסטניק געקוקט אויפן פריילין, וועלכעס האָט ניט געקאָנט אַריבער טראָגן זיין גיריקן בליק און אַראָפּגעלאָזט די אויגן צו דער ערד, און די דאַמע מיטן קאָזאַקישן פּרצוף האָט ווייטער געזאָגט אַזוי:

— זאָל אייך גאָט באַלוינען פאַר דער הילף. און אַזוי ווי ביז לובני איז נאָך אַ ווייטער מהלך, נעמט אָן אונזער בקשה צו קומען אונטער אונזער דאַך, ווו איך און מיינע זין וועלן

אייך מיט שמחה מקבל־פנים זיין. מיר זענען פון ראָזלאָגי־סיראָ־מאַכי, איך בין די אלמנה נאָכן פירשט קורצעוויטש־בוליהאַ, און דאָס איז ניט מיין טאָכטער, נאָר די טאָכטער פון אַן עלטערן קורצעוויטש, מיין מאַנס אַ ברודער, וועלכער האָט זיין טאָכטער איבערגעלאָזט אונטער אונזער אפּוטרופּסות. מיינע זין זענען איצט אין דערהיים, און איך קער צוריק פון טשערקאַסי, וווּ איך בין געפאָרן מתפּלל זיין פאַרן אַלטאַר פון דער הייליקער־ריינסטער. און אָט האָט אונז אויפן וועג געטראָפן אַ סבה און ווען ניט איר, מיינע הערן, וואָלט אונז אויסגעקומען צו נעכטיקן אויפן וועג.

די פירשטן וואָלט נאָך לענגער גערעט, אָבער גראָד האָבן זיך פון דער ווייטנס באַוויזן די פורן, וואָס זענען אָנגעפאָרן אין איילעניש צוזאַמען מיט דער מחנה פון שליחס און הער סקשעטוסקיס זעלנער.

— זענט איר דאָס, מאַדאַם, די אלמנה נאָכן פירשט וואַסיל קורצעוויטש?—האָט דער נאַמיעסטניק געפרעגט.

— ניין!—האָט לעבהאַפט און עטוואָס צארניק די פירשטן געענטפערט — איך בין די אלמנה נאָך קאָנסטאַנטין, און דאָס איז וואַסילס טאָכטער, העלענע — האָט זי געזאָגט, אָנווייזנדיק אויפן פריילין.

— וועגן פירשט וואַסיל דערציילט מען זיך אָן אַ סך אין לובני. דאָס איז געווען אַ העלדישער זעלנער און אַ מקורב פון פירשט מיכאַל.

— אין לובני בין איך נישט געווען — האָט פרוי קורצעוויטש געזאָגט מיט אַ געוויסער גאוה — און וועגן זיין העלדישקייט ווייס איך גאָרנישט, זיינע שפּעטערדיקע מעשים איז נישט כדאי צו דערמאָנען, זיי זענען אַזוי אויך פאַר קיינעם קיין סוד נישט.

הערנדיק דאָס, האָט די פירשטין העלענע אַראָפּגעהאָנגען דעם קאָפּ אויף די ברוסט, ווי אַ בלום וואָס ווערט אונטערגעשניטן דורך אַ קאָסע, און דער נאַמיעסטניק האָט לעבהאַפט געענטפערט:

— דאָס זאָלט איר נישט זאָגן, מאַדאַם. פֿירשט וואַסיל, וועלכער איז דורך אַ שרעקלעכן טעות פֿון דער מענטשלעכער גערעכטיקייט פֿאַרמשפּט געוואָרן צו פֿאַרלירן זיין לעבן און פֿאַרמעגן, האָט זיך געמוזט מציל־זיין דורך אַנטלויפן, אָבער שפּעטער האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז ער איז אומשולדיק. מ'האָט דאָס מפֿרסם געווען און אים אויף אַזאַ אופֿן אומגעקערט זיין כּבֿוד אַלס אַנשטענדיקער מענטש; און דער דאָזיקער כּבֿוד דאַרף נאָך גרעסער זיין צוליב דער גרויסער עוולה, וואָס איז קעגן אים באַגאַנגען געוואָרן.

די פֿירשטין האָט שאַרף אַ קוק געטון אויפֿן נאַמיעסטניק און איר מיאוס און שטרענג פּנים האָט בולט אויסגעדריקט כּעס. אָבער הער סקשעטוסקי, הגם אַ יונגערמאַן, האָט געהאַט אין זיך אַזוי פֿיל ריטערלעכן מוט און אַזאַ קלאָרן בליק, אַז זי האָט זיך נישט דערוועגט אים אָפּצושפּאַרן, דאַקעגן האָט זי זיך געווענדעט צום פֿריילין העלענע:

— איר דאַרפֿט דאָס נישט הערן, גייט בעסער און קוקט זיך צו, אַז די פּעקלעך פֿון דער קאַרעטע זאָלן אַריבערגעטראָגן ווערן אויף די פֿורן, אויף וועלכע מיר וועלן זיצן מיטן רשות פֿון די דאָזיקע הערן.

— דערלויבט מיר, פֿריילין, אייך בייהילפֿיק צו זיין — האָט דער נאַמיעסטניק זיך אָנגערופֿן.

זיי זענען ביידע געגאַנגען צו דער קאַרעטע, אָבער קוים זענען זיי שטיין געבליבן איינער אַקעגן צווייטן אויף ביידע זייטן פֿון אירע טירלעך, האָבן די זיידענע פֿראַנזן פֿון העלע־נעס אויגן זיך אויפֿגעהויבן און איר בליק איז געפֿאַלן אויפֿן פּנים פֿון פּאָרוטשניק, ווי אַ העלער, וואַרעמער שטראַל פֿון דער זון.

— ווי אַזוי זאָל איך אייך, מיין הער, דאַנקן — האָט זי געזאָגט מיט אַ שטים, וועלכע האָט געקלונגען אין נאַמיעסטניקס אויערן ווי זיסע מוזיק, ווי די טענער פֿון אַ פֿלייט — ווי אַזוי זאָל איך אייך דאַנקן דערפֿאַר, וואָס איר האָט זיך אָנגענומען פֿאַרן כּבֿוד פֿון מיין פֿאָטער און פֿאַר דער עוולה, וואָס עס באַ־

גייען קעגן אים די נאָענטסטע קרובים?

— גנעדיק פריילין! — האָט דער נאַמיעסטניק געענטפערט, פילנדיק בשעת־מעשה אַז דאָס האַרץ צוגייט אין אים, ווי שניי אַקעגן דער פרילינג זון. — זאָל מיר גאָט אַזוי העלפן, ווי איך וואָלט פאַר אַזאַ דאַנק גרייט געווען צו שפּרינגען אין פייער, אָדער אַפילו צו פאַרגיסן מיין בלוט, אָבער וואָס קומט אַרויס דערפון, וואָס דער רצון איז גרויס, אַז דאָס פאַרדינסט איז אַ סך קלענער, און צוליב זיין נישטיקייט דאַרף איך נישט אָננעמען דעם דאַנק פון אייער מויל, גנעדיק פריילין.

— אויב איר, מיין הער, זייט מבטל מיין דאַנק, בין איך, אַלס אָרעמע יתומה, נישט בכּח אייך אַנדערש מיין דאַנק אויס־צודריקן.

— אין בין אים נישט מבטל—האָט דער נאַמיעסטניק מונ־טערער געזאָגט—אָבער איך וויל פאַרדינען אַזאַ גרויסן חסד דורך אַ לאַנגער און געטרייער דינסט און מיין איינציקע בקשה איז, אַז איר זאָלט באַוויליקן אָנצונעמען מיין דאָזיקע דינסט.

הערנדיק די דאָזיקע ווערטער, איז העלענע געוואָרן זייער רויט און צומישט, שפּעטער איז זי מיט אַמאָל בלאַס געוואָרן און, אויפהויבנדיק די הענט צום פנים, האָט זי זיך אָנגערופן מיט אַ אומעטיקן קול:

— אַזאַ דינסט וואָלט אייך, מיין הער, נאָר צרות פאַרשאַפט.

און דער נאַמיעסטניק האָט זיך איבערגעבויגן דורך די טירלעך פון ד״ר קאַרעטע און האָט אַזוי געזאָגט מיט אַ שטילער און וואַרימער שטים:

— זי וועט פאַרשאַפן וואָס גאָט וועט געבן, און ווען אפילו יסורים, בין איך פונדעסטוועגן גרייט צו פאַלן צו אייערע פיס, גנעדיק פריילין, מיט דער בקשה, אַז איר זאָלט מיר דער־לויבן אייך צו דינען.

— עס קאָן דאָך נישט זיין, ריטער, אַז נאָכדעם, ווי איר האָט מיך נאָר וואָס דערזען, זאָלט איר שוין האָבן אַזאַ חשק מיר צו דינען.

— ווי נאָר איך האָב אייך דערזען, האָב איך שוין לחלוטין

פֿאַרגעסן אין זיך און איך זע, אַז דער ביז-איצט פֿרייער זעלנער וועט מוזן פֿאַרוואַנדלט ווערן אין אַ קנעכט, אָבער אַזוי, ווייזט-אויס, איז גאָטס רצון. די ליבע איז ווי אַ פֿייל, וואָס לעכערט דורך אומגעריכטערהייט די ברוסט, און אָט פֿיל איך איצט איר שטאָך, הגם נעכטן וואָלט איך דערין אַליין נישט געגלויבט, ווען מ׳וואָלט עס מיר געוועין זאָגן.

— אויב איר וואָלט נעכטן נישט געגלויבט, ווי אַזוי קאָן איך היינט גלויבן?

— די צייט וועט אייך, גנעדיק פֿריילין, אַמבעסטן דערין איבערצייגן, און מיין אויפֿריכטיקייט קאָנט איר, אפֿילו שוין איצט, נישט בלויז אין מיינע ווערטער, נאָר אויך אין מיין פּנים איינזען.

און ווידער האָבן די זיידענע פֿוירהענגלעך פֿון העלענעס אויגן זיך אויפֿגעהויבן, און איר בליק האָט זיך באַגעגנט מיטן מוטיקן און איידעלן פּנים פֿון יונגן זעלנער און מיט זיינע אויגן, וואָס האָבן אויסגעדריקט אַזאַ אַנטציקטקייט, אַז אַ טונקעלע רויטקייט האָט באַדעקט איר געזיכט. אָבער זי האָט שוין מער נישט אַראָפּגעלאָזט איר בליק צו דער ערד און אַ לאַנגע ווײַלע האָט ער געטרונקען די זיסקייט פֿון אירע וווּנדערבאַרע אויגן. אַזוי זענען זיי געשטאַנען און געקוקט אויף זיך ווי צוויי נפֿשות, וואָס הגם זיי האָבן זיך געטראָפֿן אויפֿן וועג אין אַ מדבר, פֿילן זיי, אַז זיי האָבן זיך אויסדערווײַלט מיט אַמאָל און אַז זייערע נשמות הויבן אָן צו בענקען איינע נאָך דער צווייטער, ווי צוויי טויבן.

די דאָזיקע מינוטן פֿון אַנטציקונג זענען באַלד פֿאַרשטערט געוואָרן דורך דער שטים פֿון פֿירשט קאָנסטאַנטינס אלמנה, וועלכע האָט גערופֿן דאָס פֿריילין העלענע. די פֿורן זענען אָנגעקומען. די זעלנער האָבן גענומען אַריבערלייגן אויף זיי די פּעקלעך פֿון דער קאַרעטע און אין אַ ווײַלע אַרום איז אַלץ געווען פֿערטיק.

הער ראָזוואַן אורסו, דער העלפֿלעכער ריטער, האָט ביידע פֿרויען אָפּגעטרעטן זיין אייגענע קאַרעטע—דער נאַמיעסטניק האָט

זיך געזעצט אויפֿן פֿערד, מ'האָט זיך געלאָזט אין וועג אַריין.
ס'איז שוין געווען בין-השמשות-צייט, די ביז איבער די
בערגעס פֿונאַנדערגעגאָסענע וואַסערן פֿון קאַהאַמליק האָבן גע-
לויכ ן, ווי גאָלד אַקעגן דער פֿאַרגייענדיקער זון, און אַקעגן
דער פּורפּור-רויטקייט אין מערב. הויך אויפֿן הימל האָבן זיך
געבילדעט גרופּן פֿון לייכטע כמאַרעלעך, וועלכע האָבן זיך
אָנגעצונדן און שפּעטער ביסלעכווייז זיך אַראָפּגערוקט לאַנגזאַם
צו די עקן פֿון האָריזאָנט, גלייך ווי זיי וואָלטן געווען פֿאַר-
מאַטערט פֿון שטענדיקן אַרומבלאָנדזשען איבערן הימל און גע-
גאַנגען שלאָפֿן ערגעץ אין אַ אומבאַקאַנטער וויג. הער סקשע-
טוטקי איז געפֿאָרן ביי דער זייט פֿון פֿריילין העלענע, אָבער
ער האָט מיט איר נישט פֿאַרפֿירט קיין שמועס, ווייל ריידן מיט
איר אַזוי ווי פֿריער האָט ער אין אָנוועזנהייט פֿון פֿרעמדע
נישט געקאָנט, און פּוסטע ווערטער האָט זיין מויל נישט גע-
וואָלט אַרויסברענגען. ער האָט זיך געפֿילט מאָדנע גליקלעך,
און אין קאָפּ האָט גערוישט ווי פֿון וויין.
דער גאַנצער קאַראַוואַן איז געפֿאָרן גיך און מונטער, די
שטילקייט איז נאָר איבערגעריסן געוואָרן דורכ'ן כראָפּען פֿון
די פֿערד, אָדער געקלאַנג פֿון די שפּאָרנס. שפּעטער האָבן די
וואַלאַכישע זעלנער אויף די הינטערשטע פֿורן פֿאַרצויגן אַ אוי-
מעטיק וואַלאַכיש ליד, באַלד האָבן זיי אָבער אויפֿגעהערט און
עס האָט זיך דערטראָגן די נאָז-שטים פֿון הער לאָנגינוס, וועל-
כער האָט פֿרום געזונגען: „איך האָב פֿון הימל אַראָפּ
באַפֿוילן, אַז עס זאָל אויפֿגיין אַן אומאויפֿ-
הערלעך ליכט, און ווי מיט אַ נעפּל האָב איך
באַדעקט די גאַנצע ערד”. ביני-לביני איז פֿינסטער
געוואָרן. די שטערנס האָבן אויפֿגעבליצט אין הימל און פֿון דער
פֿייכטער ערד זיינען אויפֿגעגאַנגען ווייסע נעפּלען, ווי ים'ען אָן
אַ ברעג.
זיי זיינען אַריינגעפֿאָרן אין אַ וואַלד, אָבער קוים האָבן
זיי באַוויזן דורכצומאַכן אַ קליינעם מהלך, האָבן זיך דערהערט
טריט פֿון פֿערד און פֿינף רייטערס זענען געבליבן שטיין פֿאַרן

קאַראַוואַן. דאָ זיינען געווען די יונגע פירשטן, וועלכע זענען, דערהערנדיק פון קוטשער וועגן דער סבה, וואָס האָט געטראָפן מיט זייער מוטער, איר שנעל אַקעגנגעפאָרן, פירנדיק מיט זיך אַ וואָגן, געשפּאַנט אין פיר פערד.

— זענט איר דאָס, מיינע זינדלעך? — האָט די אַלטע פירשטין אַ פרעג געטון.

די רייטערס האָבן זיך דערנענטערט צו די פורן.

— מיר, מאַמע!

— זייט באַגריסט! אַ דאַנק די דאָזיקע הערן, האָב איך שוין קיין הילף נישט נויטיק. דאָס זענען מיינע זין, וועלכע איך האָב דעם כבוד פאַר אייך פאָרצושטעלן: סימעאָן, יור, אַנדזשיי און מיקאָלאַי — אָבער ווער איז דאָס דער פינפטער? — האָט זי געפרעגט, גוט איינקוקנדיק זיך אין זיי — העי, אויב מיינע אַלטע אויגן זעען אין דער פינסטער, איז דאָס באַהון — וואָס?

העלענע האָט זיך מיט אַמאָל צוריקגעצויגן אין די טיר פון דער קאַרעטע.

— איך בויג זיך פאַר אייך, פירשטין, און פאַר אייך, פריילין פירשטין העלענע! — האָט דער פינפטער רייטער זיך אָנגערופן.

— באָהון! — האָט די אַלטע געזאָגט — קומסט פון פאָלק, סאָקאָל! און מיטן פלייט? זיי מיר באַגריסט! העי, זינדלעך! איך האָב שוין פערבעטען די דאָזיקע הערן אויף נאַכט-לעגער קיין ראָזלאָגי, און איצט בייגט איר זיך פאַר זיי! א אורח אין שטוב — גאָט אין שטוב! באַוויליקט, מיינע הערן, אָנצוטון דעם כבוד אונזער הויז.

די בוליהאָס האָבן אַרונטערגענומען די היטלעך.

— מיר בעטן הכנעהדיק די הערן אין אונזער הויז.

— זיי האָבן מיר שוין אויך צוגעזאָגט, זיין הויכקייט דער הער שליח און אויך דער הער נאַמיעסטניק. חשובע ריטערס וועלן מיר האָבן דעם כבוד מקבל-פנים צו זיין, אָבער זיי זענען אוודאי, געוווינט צו די טייערע מאכלים אין די הויפן,

און איך ווייס דערױבער ניט, צי עס וועט זיי שמעקן אונזער אָרעמע שפּייז.

— מיר זענען אויפגעצויגן געווארן אויף זעלנעריש ברויט, און ניט אויף די הויפישע מאכלים — האָט געזאָגט הער סקשע־טוסקי.

און הער ראָזוואַן אורסו האָט צוגעגעבן:

— כ׳האָב שוין אַלס גאַסט פאַרזוכט דעם טעם פון ברויט אין שררהשע הייזער און ווייס, אַז עס שמעקט בעסער ווי דאָס ברויט אין די הויפן.

די פורן זענען געפאָרן פאָרויס, און די אַלטע פירשטין האָט ווייטער געזאָגט:

— שוין לאַנג, שוין לאַנג זענען פאַרגאַנגען אונזערע בע־סערע צייטן. אין וואָלין און אין ליטע זענען נאָך פאַראַן קורצע וויטשעס, וועלכע האַלטן די פאַסט און לעבן זיך אויפן שררהשן שטייגער, אָבער זיי ווילן ניט קענען די אָרעמע קרובים, און דערפאַר וועט זיי גאָט שטראָפן. מיר לעבן אָרעם כמעט, ווי די קאָזאַקן, און איר, מיינע הערן, מעגט אונז דאָס מוחל זיין און גערן אָננעמען דאָס, וואָס מיר געבן אייך פון גאַנצן האַרץ, איך און מיינע פינף זין וווינען אין איין דערפל און אין איינציקע פערמעס און צוזאַמען מיט אונז לעבט אויך דאָס דאָזיקע פריילין.

דער נאַמיעסטניק האָט זיך פאַרהידושט, הערנדיק די דאָ־זיקע ווערטער, ווייל אין לובני האָט מען אים דערציילט, אַז ראָזלאָגי איז געווען אַ גרויסע נחלה און אַז זי האָט אַמאָל גע־הערט צום פירשט וואַסיל, העלענעס פאָטער. ס׳האָט אים אָבער ניט געפאַסט צו פרעגן, ווי אַזוי זי איז אַריבער אין רשות פון קאָנסטאַנטין און זיין אַלמנה.

— האָט איר, גנעדיקע מאַדאַם, פינף זין? — האָט געפרעגט הער ראָזוואַן אורסו.

— כ׳האָב געהאַט פינף, ווי די לייבן — האָט געענטפערט די פירשטין — אָבער דעם עלטסטן, וואַסיל האָבן די געצן־דינער אין ביעלגראַד מיט פאַקלען אויסגעברענט די אויגן, און זייט

דעמאָלט איז ער אויך אַראָפּ פון זינען. ווען די יונגע גייען אויף אַ מלחמה, בלייב איך אַליין אין דער היים, נאָר בלויז מיט אים און מיט דער פריילין, פון וועלכן כ'האָב מער צרות, ווי נחת.

דער ביטול-טאָן, מיט וועלכן די אַלטע פירשטין האָט גערעדט וועגן העלענען, איז געווען אַזאַ אָפענער, אַז דער פּאָרוטשניק האָט אים געמוזט אויפכאַפּן. עס האָט אין אים אויפגעקאָכט דער כעס און ער האָט שיער נישט אַרויסגעלאָזט אַ ביטערע קללה; אָבער די ווערטער זיינען געבליבן שטעקן אין האַלז, ווען ער האָט אַ קוק געטאָן אויף העלענען און דערזען ביי דער שיין פון דער לבנה אירע מיט טרערן באַגאָסענע אויגן...

— וואָס איז אייך, גנעדיק פריילין? פאַרוואָס וויינט איר?— האָט ער שטיל געפרעגט.

העלענע האָט געשוויגן.

— איך קאָן נישט אַריבערטראָגן אייערע טרערן—האָט הער סקשעטוסקי געזאָגט און זיך אַראָפּגעבויגן צו איר, און זעענדיק, אַז די אַלטע פירשטין שמועסט מיטן הער ראָזוואַן אורסו און קוקט נישט אין זיין זייט, האָט ער ווייטער גענומען בעטן:-איך באַשווער אייך, רעדט עפּעס, גאָט זעט, אַז איך וואָלט מיין געזונט און מיין בלוט אָפּגעגעבן, אַבי אייך צו באַרויקן.

מיטאַמאָל האָט ער דערשפּירט, אַז איינער פון די רייטער פאָרט נעבן אים אַזוי נאָענט, אַז די פערד האָבן זיך אַזש געריבן מיט די זייטן.

דער שמועס מיט העלענען איז איבערגעהאַקט געוואָרן. הער סקשעטוסקי האָט זיך, אַ פאַרחידושטער, אָבער אויך אַ דערצאַרנטער, אויסגעדרייט צום עזות-פּנים.

ביי דער שיין פון דער לבנה האָט ער דערזען צוויי אויגן, וועלכע האָבן געקוקט אויף אים חוצפּהדיק, אַרויספאָדערנדיק און מיט שפּאָט אינאיינעם.

די דאָזיקע אימהדיקע אויגן האָבן געפינקלט ווי די

שלפּיעס פון אַ וואָלף אין פינסטערן וואַלד.

— וואָס, צום טייוול?—האָט דער נאַמיעסטניק זיך געטראַכט—אַ שד אָדער וואָס?—און איינקוקנדיק זיך פון דער נאָענט אין די דאָזיקע ברענענדיקע אויגן, האָט ער אַ פרעג געטון:

— פאַרוואָס שטופט איר זיך, מיין הער, אַזוי מיט אייער פערד און שטעלט אויף מיר אָן אַזאַ פּאָר אויגן?

דער ריטער האָט גאָרניט געענטפערט, נאָר כסדר ווייטער געקוקט עקשנותדיק און חוצפּהדיק.

— אויב ס׳איז פינסטער, קאָן איך אָנצינדן פייער, און אויב דער וועג איז צו ענג, פאַרקערעווע אין סטעפּ! — האָט שוין דער נאַמיעסטניק העכער אויסגערופן.

— און דו, לאַך, פלי אַוועק פון דער קאַרעטע, אויב דו רעדסט וועגן סטעפּ — האָט דער רייטער געענטפערט.

דער נאַמיעסטניק, אַלס מענש, וואָס האָט זיך שנעל אַנטשלאָסן צו מעשים, האָט ניט געענטפערט, נאָר אַ זעץ געטאָן מיט׳ן פוס אין בויך פון דעם אָנפאַלערס פערד, אַז דאָס פערד האָט אַזש אַ קרעכץ געטאָן און אָפּגעשפּרונגען אין סאַמע עק פון וועג.

דער רייטער האָט פאַרהאַלטן דאָס פערד אויפן אָרט און אַ ווײַלע האָט זיך אויסגעוויזן, אַז ער האָט בדעה זיך צו וואַרפן אויפן נאַמיעסטניק, אָבער דאָ האָט זיך דערהערט די שטרענגע, באַפעלנדיקע שטים פון דער אַלטער פירשטין:

— באַהון, וואָס איז מיט דיר!

די דאָזיקע ווערטער האָבן באַלד געהאַט אַ פעולה. דער רייטער האָט אויסגעדרייט דאָס פערד און איז דורך דער צווייטער זייט פון דער קאַרעטע צוגעפאָרן צו דער פירשטין, וועלכע האָט ווייטער געזאָגט:

— וואָס איז מיט דיר? עי, דו ביזט נישט אין פּערעיאַסלאַוו, און נישט אין קרים, נאָר אין ראָזלאָגי—געדענק דאָס. און איצט מאַרש פאָרויס און פיר די וואָגנס, ווייל מיר פאָרן באַלד אַריין אין אַ הייל, און אין הייל איז פינסטער! מאַרש, סיראָמאַכאַ!

הער סקשעטוסקי איז געווען פאַרחידושט און אויפגערעגט

צו דער זעלבער צייט. דער דאָזיקער באָהון האָט אַפּנים געזוכט אַ געלעגנהייט און וואָלט זי געפונען, אָבער פאַרוואָס האָט ער זי געזוכט? פאַרוואָס איז ער אויף אים אַזוי פּלוצלינג אָנגעפאַלן?

אין נאָמיעסטניקס מוח האָט זיך אַרייַנגעגנבעט אַ געדאַנק, אַז העלענע איז געווען די סבה דערפון, און דער דאָזיקער געדאַנק האָט אים שוין נישט אָפּגעלאָזן, ווען ער האָט געוואָרפן אַ בליק אויף איר פּנים און, נישט קוקנדיק אויף די נאַכט-פינסטערניש, דערזען, אַז עס איז בלאַס און אַז עס דריקט אויס פּחד און שרעק.

דערווייל איז באָהון געריטן אויף זיין פערד פּאַרויס, לויטן באַפעל פון דער פירשטין, וועלכע האָט אים נאָכגעקוקט און געזאָגט האַלב צו זיך און האַלב צום נאָמיעסטניק:

— דאָס איז אַ ווילדער קאָפּ און אַ קאָזאַק אַ שד.

— ווייזט אויס, אַביסל משוגע—האָט שפּאָטיש געענטפערט הער סקשעטוסקי, — איז דאָס אַ קאָזאַק, וואָס דינט ביי אייערע זין, גנעדיקע מאַדאַם?

די אַלטע פירשטין איז צוריקגעשפּרונגען פון אָרט אין דער קאַרעטע.

— וואָס רעדט איר, מיין הער? דאָס איז באָהון, אַ פּאָדפּאָלקאָווניק, אַ באַרימטער זעלנער, אַ פריינט פון מיינע זין און ביי מיר ווי אַ לייבלעך זעקסט-קינד. עס קאָן דאָך נישט גיין, אַז איר זאָלט נישט האָבן געהערט זיין נאָמען, ווייל אַלעמען איז ער דאָך באַקאַנט.

און באמת איז הער סקשעטוסקין דער דאָזיקער נאָמען געווען גוט באַקאַנט. צווישן די נעמען פון די פאַרשיידענע פּאָלקאָווניקעס און קאָזאַקישע אַטאַמאַנעס האָט ער פאַרנומען דעם אויבן-אָן און אַלע האָבן פון אים גערעדט אויף ביידע זייטן פון דניעפּער. די בלינדע האָבן געזונגען וועגן באָהונען לידער איבער אַלע ירידן און קרעטשמעס, אויף די אָוונטן האָט מען זיך אָנדערציילט נסים-ונפלאות וועגן דעם יונגן גבור. ווער ער איז געווען, פון וואַנען ער האָט זיך גענומען—האָט קיינער נישט געוווּסט. איינס איז אָבער זיכער געווען, אַז זיין וויגל

זענען געווען די סטעפּעס, דער דניעפּר, די פּעלזן און טשער־טאָמעליק מיט זיין פּלאָנטער פון זומפּן, אָזערעס, אינזלען, פּעלזן, היילן און געוויקסן. פון זיין קינדהייט אָן האָט ער זיך איינגעלעבט און צוזאַמענגעוואַקסן מיט דער דאָזיקער ווילדער וועלט.

אין דער צייט פון שלום איז ער צוזאַמען מיט אַנדערע געגאַנגען „נאָך פיש און חיות", האָט זיך געשלעפּט איבער די קרומע שטעגן פון דניעפּר, געבלאָנדזשעט איבער די זומפּן און געוויקסן אינאיינעם מיט אַ חבריא פון האַלב־נאַקעטע חברים — אָדער ער האָט גאָר גאַנצע חדשים פאַרבראַכט אין די וואַלד־טיפענישן. ער פלעגט זיך לאָזן אין די ווילדע פעלדער נאָך שלל איבער די טאָטערישע סטאַדעס פון בהמות און פערד, אויף געשלעגן, באַהאַלטענע אָנפאַלן, אויף מלחמות מיט די איינוווינער פון די ברעגעס, קיין ביעלגראַד, קיין וואַלאַכיען, אָדער מיט קאָזאַקישע שיפלעך אויפן שוואַרצן ים. זיינע טעג האָט ער פאַרבראַכט נאָר אויפן פערד, און זיינע נעכט — ביים פייער אין סטעפּ. אין זיין פריער יוגנט איז ער געוואָרן דער ליבלינג פון אַלע טאָל־באַוווינער, אין זיין פריער יוגנט האָט ער שוין אַליין אָנגעפירט מיט אַנדערע, און אין משך פון אַ קורצער צייט האָט ער מיט זיין גבורה אַלע איבערגעשטיגן. ער האָט זיך נישט געשראָקן מיט הונדערט ריטער צו זיין אַפילו קיין באַכטשיסאַראַי און זי אונטערצוצינדן אין די אויגן פון כאַן גופא; ער האָט פאַרברענט דערפער און שטעטלעך, האָט אויסגעקוילעט די איינוווינער; די, וואָס זענען אַריינגעפאַלן אין זיינע הענט, האָט ער אויף שטיקער צוריסן מיט די פערד, ער איז אַראָפּגעפאַלן פלוצלינג ווי אַ שטורעם, פאַרבייגעלאָפן ווי דער טויט: אויפן ים האָט ער זיך אַ צווילדעוועטער געוואָרפן אויף די טערקישע טראַטווס. ער האָט זיך אַראָפּגעלאָזט טיף אין בודזשאַק, ער איז אַריינגעקראָכן, ווי מ'האָט געזאָגט, אין פיסק פון לייב. מאַנכע זיינע אָנפאַלן זענען פשוט געווען משוגע־ווילד. די, וואָס זענען נישט געווען אַזוי דרייסט און האָבן זיך נישט איינגעשטעלט דאָס לעבן אַזוי ווי ער, האָבן

געגוססט אויף די טערקישע תּליות, אָדער געפּוילט ביי די רו=
דערס אויף די טערקישע טראַטוועס — ער אָבער איז שטענדיק
אַרויס בשלום און מיט אַ רייכן שלל. מ'האָט געזאָגט, אַז ער
האָט אָנגעקליבן גרויסע אוצרות און אַז ער האָט זיי באַהאַלטן
צווישן די געוויקסן פון דניעפּר, אָבער נישט איינמאָל האָט מען
געזען, ווי ער האָט געטרעטן מיט פּאַרקויטיקטע פיס איבער
גאָלד און זילבער; אונטער די פערדישע קאָפּיטעס האָט ער
אויסגעשפּרייט דיוואַנעס, אָדער, אָנגעטון אין דאַמאַסטן, האָט ער
זיך געבאָדן אין בלאָטע, כדי אויף אַזאַ אופן אַרויסצווייזן זיין
עקל צו די דאָזיקע טייערע געוועבן און בגדים. לאַנג איינזיצן
אויף איין אָרט האָט ער אין ערגעץ נישט געקאָנט. זיינע אַלע
מעשים האָט ער אויסגעפירט אָן ישוב=הדעת, אַזוי ווי זיין ווילד=
דע פאַנטאַזיע האָט אים דיקטירט. אָנקומענדיק קיין טשעכרין,
טשערקאַסי אָדער פּערעיאַסלאַוו, האָט ער אָפט דאָרט געהוליעט
צום טויט מיט אַנדערע זאַפּאַראָזשער, אָדער ער האָט גאָר גע=
לעבט ווי אַ נזיר, נישט גערעדט מיט מענטשן, אַנטלאָפן אין
די סטעפּעס. דאָ האָט ער זיך ווידער אַרומגערינגלט מיט בליג=
דע, וועלכע האָבן פאַר אים געשפּילט און געזונגען גאַנצע טעג,
און ער האָט זיי דערביי באַשאָטן מיט גאָלד. צווישן דער
שלאַכטע איז ער געווען אַ הויף=קאַוואַליר, צווישן קאָזאַקן—דער
ווילדעסטער קאָזאַק, צווישן ריטערס—אַ ריטער, צווישן גזלנים—
אַ גזלן. אַ סך האָבן אים געהאַלטן פאַר משוגע. וואָרום ער
האָט אין זיך באמת געהאַט אַ צווילדעוועטע און צובושעוועטע
נשמה. צו וואָס ער האָט געלעבט אויף דער וועלט, וואָס ער
האָט געוואָלט, צו וואָס ער האָט געשטרעבט, ווען ער האָט
געדינט — האָט ער אַליין נישט געוווסט. ער האָט געדינט די
סטעפּעס, די שטורמען, דער מלחמה, דער ליבע און דער איי=
גענער פאַנטאַזיע. אָבער דוקא מיט זיין פאַנטאַזיע האָט ער זיך
אויסגעצייכנט פון אַלע אַנדערע אַטאַמאַנעס=פּראַ=אדמס און פון
דער גאַנצער רויבער=באַנדע, וועלכע איז נאָר געווען להוט נאָך
רויב און גזלה און האָט נישט בלויז די טאָטערס, נאָר אַפילו
אייגענע אויך נישט געשוינט. באָהון האָט גענומען שלל, אָבער

ער האָט בעסער געוואָלט מלחמה אײדער רויב, ער האָט זיך געיאָגט נאָך סכנות צוליב זײער אײגענעם רייץ; פֿאַר לידער האָט ער געצאָלט מיט גאָלד, ער האָט זיך געיאָגט נאָך כבוד, מער איז אים קײן שום זאַך נישט אָנגעגאַנגען.

פֿון אַלע קאָזאַקן־מנהיגים האָט נאָר ער אַליין אָמבעסטן פֿאַרקערפּערט דעם קאָזאַק־ריטער, דערפֿאַר האָט אים אויך דאָס ליד פֿון המון אויסגעקליבן פֿאַר זײן ליבלינג און זײן נאָמען איז באַרימט געוואָרן איבער גאַנץ אוקראַינע.

אין דער לעצטער צײט איז ער געוואָרן פּעריאַסלאַווער פּאָדפּאָלקאָווניק, אָבער די מאַכט פֿון פּאָלקאָווניק איז געלעגן אין זײנע הענט, ווײל דער אַלטער לאָבאָדאַ איז שוין געווען שוואַך און מיד אויף צו פֿירן דעם פּאָלק.

הער סקשעטוסקי האָט בכן גוט געוווסט, ווער באָהון איז געווען, און אויב ער האָט געפֿרעגט די אַלטע פֿירשטין, צי ער איז אַ קאָזאַק, וואָס דינט בײ אירע זין, האָט ער דאָס געטון מיט אַ בכיונדיקן־ביטול און שפּאָט, מחמת ער האָט באַלד דערשפּירט אין אים אַ שונא, און ניט קוקנדיק אויפֿן רום פֿון קאָזאַקישן פֿירער, האָט דאָס גאַנצע בלוט אויפֿגעקאָכט אין נאַמיעסטניק דערפֿאַר, וואָס דער קאָזאַק האָט זיך דערוועגט מיט אים אַזוי חוצפּה׳דיק צו באַגײן.

ער האָט זיך אויך געטראַכט, אַז קוים האָט עס זיך אָנגעהויבן, וועט עס שוין אַזוי גלאַט ניט אָפּגײן. אָבער הער סקשעטוסקי איז געווען אַ פֿאַרביסענער און אומערשראָקענער מענטש, ער האָט געהאַט בטחון אין זיך און פֿאַר קײן שום זאַך זיך ניט צוריקגעצויגן, און נאָך סכנות האָט ער זיך כמעט אַליין געיאָגט. ער איז געווען גרײט אַפֿילו באַלד זיך צו וואַרפֿן אויף באָהונען, אָבער ער איז געפֿאָרן בײ דער זײט פֿון פֿרײלין העלענע און דאָס האָט אים צוריקגעהאַלטן. איבעריקנס, זענען די פֿורן שוין אַרויס פֿון דער הײל און פֿון דער ווײטנס האָט שוין געווונקען דאָס ליכט פֿון ראָזלאָגי.

## 4 קאַפּיטל.

די פֿאַמיליע קורצעוויטש־בוליהאַ איז געווען אַ אַלטע פֿירשטלעכע משפּחה, וואָס איר חתימה איז געווען קורטש, זי האָט געשטאַמט פֿון קאָריאַט, און אַ סברה, אַז זי האָט געצויגן איר יחוס פֿון רוריק. פֿון אירע צוויי הויפּט־אָפּצווייגונגען איז איינע געזעסן אין ליטע, די צווייטע אין וואָלין, און אויף יענער זייט דניעפּר האָט זיך ערשט אַריבערגעטראָגן פֿירשט וואַסיל, איינע פֿון די פֿיל מיטגלידער פֿון דער וואָלינער אָפּצווייגונג; ער איז געווען אָרעם און האָט ניט געוואָלט בלייבן צווישן די פֿאַרמעגלעכע קרובים, ער איז דעריבער אַריינגעטרעטן אין דינסט ביים פֿירשט מיכאַל וויִשניאַוויעצקי, דער פֿאָטער פֿון באַרימטן „יערעמי”.

באַקומענדיק אַ גרויסן שם אין דער דאָזיקער דינסט און אָפּגעבנדיק פֿיל ריטערלעכע פֿאַרדינסטן דעם פֿירשט, האָט דער לעצטער אים געשאָנקן דאָס רויטע ראָזלאָגי, וועלכעס האָט שפּעטער צוליב דער גרויסער צאָל פֿון וועלף, באַקומען דעם נאָמען „דאָס וועלפּישע ראָזלאָגי,” און ער האָט זיך דאָרט באַזעצט. אין יאָר 1629 האָט ער אָנגענומען די קאַטוילישע־רוימישע אמונה און חתונה־געהאַט מיט אַ פֿריילין פֿון דער פֿאַמיליע ראַהאָז, חשובע שלאַכטשיצעס, וועלכע האָבן געשטאַמט פֿון וואַלאַכיען. פֿון דער דאָזיקער חתונה איז מיט אַ יאָר שפּעטער געקומען אויף די וועלט די טאָכטער העלענאַ; די מוטער איז געשטאָרבן אין קימפּעט און דער פֿירשט וואַסיל, ניט טראַכטנדיק מער וועגן אַ צווייט מאָל חתונה־האָבן, האָט זיך אינגאַנצן אָפּגעגעבן דער בעל־הבתּישקייט און דער דערציִונג פֿון דער בת־יחידה. דאָס איז געווען אַ מענטש מט אַ גרויסן גייסט און זייער גוּ־טע מדות. ווען ער האָט זיך שוין געהאַט דערשלאָגן צו אַ

שטיקל פֿאַרמעגנס, האָט ער באַלד געגומען טראַכטן וועגן זיין עלטערן ברודער קאָנסטאַנטין, וועלכער האָט געלעבט אין וואָלין אין דחקות און, אָפּגעשטויסן פֿון די רייכע קרובים, איז ער געווען געצוווּנגען צו ציען חיונה פֿון געפּאַכטעטער ערד. דעם דאָזיקן ברודער צוזאַמען מיטן ווייב און פֿינף זין האָט ער אַראָפּגעבראַכט קיין ראָזלאָגי און געטיילט מיט זיי יעדן ביסן ברויט. אויף אַזאַ אופֿן האָבן ביידע קורצעוויטשעס זיך געלעבט במנוחה ביז צום סוף יאָר 1634, ווען וואַסיל האָט מיטן קיניג וולאַדיסלאַוו מאַרשירט אויף סמאָלענסק. דאָרט האָט זיך פֿאַרלאָפֿן יענער אומגליקליכער פֿאַל, וועלכער האָט גורם געווען זיין אונטערגאַנג. אין קעניגלעכן לאַגער האָט מען איבערגענומען אַ בריוו, געשריבן צו שעהינען, געחתמ׳עט מיטן נאָמען פֿון פֿירשט און פֿאַרזיגלט מיט דער חתימה קורטש. אַזאַ אָפֿענער באַווייז פֿון בגידה מצד אַ ריטער, וועמענס נאָמען איז ביז דעמאָלט געווען אָן דער מינדעסטער פּגימה, האָט אַלע פֿאַרחידוש און איבערראַשט. אומזיסט האָט וואַסיל געשווירן ביי גאָט, אַז סיי דער כתב, און סיי די חתימה אויפֿן בריוו זענען ניט זיינע — דער הערב קורטש אויפֿן שטעמפּל האָט באַזייטיקט אַלע ספקות, און אין תירוץ, אַז ער האָט פֿאַרלוירן דעם זיגל, האָט קיינער ניט געוואָלט גלויבן — דער אומגליקלעכער פֿירשט איז סוף־כל־סוף פֿאַרן חטא פֿון בגידה פֿאַר׳משפּט געוואָרן צו פֿאַרלירן זיין כבוד און לעבן און, כדי זיך מציל צו זיין פֿון טויט, האָט ער געמוזט אַנטלויפֿן. אָנקומענדיק ביי־נאַכט קיין ראָזלאָגי, האָט ער באַשווירן זיין ברודער קאָנסטאַנטין אין נאָמען פֿון אַלעם הייליקן, אַז ער זאָל ווי אַ פֿאָטער באַהאַנדלען זיין טאָכטער — און ער איז אַוועקגעפֿאָרן אויף אייביק. מ׳האָט געזאָגט, אַז ער האָט פֿון באַר נאָך געשריבן אַ בריוו צום פֿירשט יערעמי מיט דער בקשה, אַז ער זאָל ביי העלענען ניט צורויבן דאָס שטיקל ברויט און זי רויִק לאָזן אין ראָזלאָגי אונטער קאָנסטאַנטינס אַפּוטרופּסות — שפּעטער האָט ער פֿון אים מער ניט געהערט. עס זענען געווען ידיעות, אַז ער איז באַלד געשטאָרבן, דאָ ווידער, אַז ער איז צוגעשטאַנען צו די קייזערלע־

כער אַרמיי און אומגעקומען אין דער מלחמה אין דייטשלאַנד, אָבער ווער האָט עס געקאָנט וויסן אויף זיכער? ער איז מתתמא אומגעקומען, אויב ער האָט זיך מער וועגן זיין טאָכטער ניט נאָכגעפרעגט. באַלד האָט מען אויפגעהערט וועגן אים צו ריידן, און מ'האָט זיך אָן אים דערמאָנט ערשט דעמאָלט, ווען עס איז אַנטפּלעקט געוואָרן זיין אומשולד. אַ געוויסער קובצעוויטש, פון וויטעבסק האָט פאַר זיין טויט זיך מודה געווען, אַז ער האָט ביי סמאָלענסק געשריבן דעם בריוו צו שעהינען און אים אונטערגעחתמעט מיטן זיגל, וואָס ער האָט געפונען אין לאַגער. די דאָזיקע דערקלערונג האָט אַלעמענס הערצער אָנגעפילט מיט יסורים און עגמת-נפש. דעם פסק-דין איז בטל געוואָרן, דעם פירשט וואַסילס נאָמען האָט צוריק באַקומען דעם פאַרלוירענעם כבוד, אָבער פאַר אים גופא איז דער שכר פאַר זיין צער געקומען צו שפּעט. וואָס שייך ראָזאָלאָגי, האָט יערעמי גאָר ניט געטראַכט עס צו פאַרכאַפּן, ווייל די ווישניאָוויעצקיס, וועלכע האָבן וואַסילן גוט געקענט, זענען קיינמאָל ניט געווען זיכער אין זיין שולד. ער וואָלט אַפילו געקאָנט בלייבן אין ראָזאָלאָגי און זיך אויסלאַכן פון פסק-דין, און אויב ער איז אַנטלאָפן, איז עס נאָר דערפאַר, וואָס ער האָט די חרפּה ניט געקאָנט אַריבערטראָגן.

העלענע איז אַלזאָ רויק אויפגעוואַקסן אין ראָזאָלאָגי אונטער דער השגחה פון איר פעטער—און ערשט נאָך זיין טויט זענען פאַר איר געקומען שווערע צייטן. קאָנסטאַנטינס ווייב, וועלכע האָט געשטאַמט פון אַ משפחה פון אַ ספקדיקן יחוס, איז געווען אַ שטרייגגע פרוי, אַ מרשעת, אָבער אַ ענערגישע, און נאָר איר מאַן אַליין האָט באַוויזן אויף איר אַרויפצולייגן אַ צוים. נאָך זיין טויט האָט זי מיט אירע אייזערנע הענט פאַרכאַפּט די שליטה אין ראָזאָלאָגי. די דינער האָבן געציטערט פאַר איר—די הויף-לייט האָבן פאַר איר מורא געהאַט, ווי פאַר פייער, און באַלד האָבן די שכנים אויך דערשפּירט איר אייזערנע האַנט. אויפן דריטן יאָר פון איר ממשלה איז זי צוויי מאָל מיט געווער אין דער האַנט אָנגעפאַלן אויף די שיווינסקיס אין בראָהארקי, איבערטוענדיק זיך אַליין אין מאַנסבילישע בגדים און

אָנפֿירנדיק אויפֿן פֿערד מיט די דינער און געדונגענע קאָזאַקן. ווען די פֿאָלקן פֿון פֿירשט יערעמי האָבן אַמאָל צוקלאַפּט אַ באַנדע טאָטערס, וועלכע האָבן געבושעוועט ביי די זיבן קברים, האָט די פֿירשטין אין דער שפּיץ פֿון אירע מענטשן אויסגעהרגעט דעם יתר־הפּליטה, וועלכער איז אַנטלאָפֿן אַזש קיין ראָזלאָגי. אין ראָזלאָגי ווידער האָט זי זיך באַזעצט אויפֿן גוט און דאָרט געבעלי־הבתעוועט ווי ביי זיך אין דער היים. די זין האָט זי ליב געהאַט ביז גאָר, אָבער אַלס פֿראָסטע פֿרוי, האָט זי נישט געטראַכט וועגן אַ אָנשטענדיקער דערציִונג פֿאַר זיי. אַ נזיר פֿון גריכיש־קאַטוילישן גלויבן, וואָס איז אַראָפּגעבראַכט געוואָרן פֿון קיִעוו, האָט זיי אויסגעלערנט לעזן און שרייבן — און דאָס איז געווען אַלץ. אָבער נישט ווייט פֿון ראָזלאָגי איז דאָך געווען לובני, און דאָרט איז געווען דער פֿירשטלעכער הויף, אין וועלכן די יונגע פֿירשטן וואָלטן געקאָנט ווערן מיט לייטן גלייך, זיך אויסלערנען שרייבן אין דער קאַנצעלאַריע, און זיך צוגעווינען צו געזעלשאַפֿטלעכע ענינים, אָדער זיי וואָלטן געקאָנט אַריינטרעטן אין די פֿאָלקן און זיך לערנען אין דער ריטערלעכער שול. די פֿירשטין האָט אָבער געהאַט אירע טעמים, צוליב וועלכע זי האָט זיי נישט געשיקט קיין לובני.

וואָרום טאָמער דערמאָנט זיך דער פֿירשט יערעמי, צו וועמען ראָזלאָגי געהערט און עס פֿאַלט אים איין צו וועלן וויסן, וואָס עס הערט זיך מיט דער אַפּוטרופּסות איבער העלענען, אָדער גאָר עס פֿאַרגלוסט זיך אים איבערצונעמען די דאָזיקע אַפּוטרופּסות צוליב וואַסילס אָנדענק? די פֿירשטין וואָלט דאָך געמוזט זיך אָפּטראָגן פֿון ראָזלאָגי — האָט זי דעריבער בעסער געוואָלט, מ׳זאָל אין לובני פֿאַרגעסן, אַז עס זענען פֿאַראַן עפּעס קורצעוויטשעס אויף דער וועלט. דערפֿאַר טאַקע זענען די יונגע פֿירשטן אויפֿגעוואַקסן ווי פּרא־אדמס און גיכער ווי קאָזאַקן, איידער ווי שלאַכטשיצעס. נאָך אין זייער יוגנט האָבן זיי זיך שוין באַטייליקט אין די מעשים־תעתועים פֿון דער אַלטער פֿירשטין, אין די אָנפֿאַלן אויף די שליווינסקיס, און די עקספּעדיציעס אויף די טאָטערישע מחנות. פֿילנדיק אַ איינגעבוירענעם

עקל צו ביכער און שריפֿט, האָבן זיי גאַנצע טעג געשאָסן פֿון בויגנס, אָדער זיך געלערנט אומגיין מיט שפּיזן, שווערדן, פֿאַרוואַרפֿן נעצן. זיי האָבן זיך אפֿילו נישט פֿאַרנומען מיט דער ווירטשאַפֿט, ווייל די מוטער האָט זי נישט אַרויסגעלאָזט פֿון אירע הענט. און אַ רחמנות איז געווען צו קוקן אויף די דאָזיקע קינדער פֿון אַ מיוחסדיקער פֿאַמיליע, וואָס אין זייערע אָדערן האָט געפֿלאָסן פֿירשטלעך בלוט, אָבער זייערע מנהגים זענען געווען רוי און מגושמדיק, און די מוחות און פֿאַרהאַרטעוועטע הערצער האָבן דערמאָנט אָן דעם וויסטן סטעפּ. דערווייל זענען זיי אויסגעוואַקסן ווי די דעמבעס; וו סנדיק גאַנץ גוט, אַז זיי זענען עם-הארצים, האָבן זיי זיך געשעמט צוזאַמענצוקומען מיט דער שליאַכטע, דאַגעגן איז זיי מער ניחא געווען די חברותא פֿון ווילדע קאָזאַקישע פֿירער. זיי האָבן זיך דעריבער באַצייטנס געחברט מיט די איינוווינער פֿון טאָל, ווו מ'האָט זיי געהאַלטן פֿאַר זייערס גלייכן. עס פֿלעגט טרעפֿן, אַז זיי זענען אַ האַלב יאָר אָפּגעזעסן אין סיטש; זיי זענען געגאַנגען אויף „אַרבעט" מיט די קאָזאַקן, האָבן זיך באַטייליקט אין עקספּעדיציעס אויף די טאָטערס און קאָזאַקן, וואָס איז סוף-כל-סוף געוואָרן זייער וויכטיקסטע און באַליבסטע באַשעפֿטיקונג.

די מוטער האָט זיי דערין נישט געשטערט, ווייל זיי האָבן אָפֿט מיטגעבראַכט אַ רייכן שלל. אָבער אויף איינער פֿון אַזעלכע עקספּעדיציעס איז דער עלטסטער, וואַסיל אַרייַנגעפֿאַלן אין די געצן-דינערישע הענט. אמת, די ברידער האָבן אים מיט דער מיטהילף פֿון באָהונען און זיינע זאַפּאָראָזשער חברים באַפֿרייט, אָבער מיט אויסגעשטאָכענע אויגן. זייט דעמאָלט האָט וואַסיל געמוזט זיצן אין דער היים; און פּונקט ווי ער איז אַמאָל געווען דער ווילדעסטער, אַזוי איז ער שפּעטער געוואָרן געלאַסן און רויק און זיך פֿאַרזונקען אין מחשבות און תּפֿלות. די ייִנגערע ברידער האָבן ווייטער זיך פֿאַרנומען מיט זייער קריגס-מלאכה, צוליב וועלכער מ'האָט זיי צום סוף געקרוינט מיטן צונאָמען פֿירשטן-קאָזאַקן. ס'איז אויך גענוג געווען אַ קוק צו טון אויף ראָזאָלאָגי-סיראָמאַכי, אַז מ'זאָל באַלד דערקענען, וואָס פֿאַר אַ מין

מענטשן עס וווינען דאָרט. ווען דער שליח און הער סקשיטוסקי זענען צונעפאָרן צום טויער מיט זייערע פור, האָבן זיי דערזען נישט אַ הויף, נאָר גיכער אַ שאָפּע, צוזאַמענגעשטעלט פון גרויסע דעמבאָווע בעלקעס מיט שמאָלע פענסטער, וואָס זענען שטאַרק ענלעך געווען אויף שיס-לעכער. די דירות פאַר די משרתים און קאָזאַקן, די שטאַלן, די שפּייכלערס און די שפּייז-קאַמערן זענען געשטאַנען האַרט ביים דאָזיקן הויף, בילדנדיק אַ אומגע-לומפּערטן בנין, וואָס איז באַשטאַנען פון אַמאָל העכערע, אַמאָל נידעריקערע טיילן, און האָט פון דרויסן אויסגעזען אַזוי אָרעם און איינפאַך, אַז ווען נישט דאָס ליכט אין די פענסטער, וואָלט מען עס נישט אָנגענומען פאַר אַ מענטשלעכע דירה. אויפן פרייען פלאַץ פאַרן הויז האָט מען געזען צוויי ברונעמס, נעבן דעם טויער — אַ סלופּ מיט אַ ראָד אין דער שפּיץ, אויף וועלכן ס'איז געווען אַ אויפגעצויגענער בער. דורכן מעכטיקן טויער, אויך פון אַזעלכע דעמבאָווע בעלקעס, האָט מען געקאָנט צוקומען צום פרייען פלאַץ, וועלכער איז אינגאַנצן געווען אַרומגערינגלט מיט אַ גרוב און אַ צוים.

דאָס איז אַמאָל געווען אַ פאַרטיידיגונגס-אָרט, באַוואָרנט קעגן אָנפאַלן פון שונאים. עס האָט אין אַלע פּרטים דערמאָנט אָן די קאָזאַקישע קאַנט-פעסטונגען, און הגם דאָס רוב ווינ-טערטער פון די שלאַכטשיצעס זענען געווען פון אַזאַ שניט, האָט דער דאָזיקער הויף פונדעסטוועגן מער פון אַלע געהאַט דאָס פּנים פון אַ רויבער-נעסט. די משרתים וועלכע זענען אַקעגן געגאַנגען די געסט מיט פאַקעלן, זענען גיכער ענדלעך געווען אויף רוצחים, איידער אויף דינער. די גרויסע הינט אויפן פרייען פלאַץ האָבן זיך געריסן אויף די קייטן, גלייך ווי זיי וואָלטן זיך געוואָלט אָפּרייסן און וואַרפן זיך אויף די אָנגעקו-מענע, פון די שטאַלן האָט זיך דערטראָגן דאָס כריפען פון די פערד, די יונגע בולי-האָס האָבן צוזאַמען מיט דער מוטער גע-נומען שרייען אויף די משרתים, באַפעלן און שיטן מיט קללות. ביי אַזאַ האַרמידער זענען די געסט אַריין אין הויז, אָבער דאָ ערשט איז דער הער ראַזוואַן אורסו, וועלכער האָט

לכתחילה, זעענדיק דעם ווילדן און קלאָגעדיקן אָנבליק פֿון דעם דאָזיקן הויז, חרטה געהאַט דערויף, וואָס ער האָט אָנגענומען די איינלאַדונג אויף נאַכט־לעגער, פֿאַרוואונדערט געוואָרן פֿון דעם, וואָס זיינע אויגן האָבן דערזען. דער אינערלעכער טייל פֿון הויז איז לחלוטין ניט געווען צוגעפּאַסט צו זיין אויסערלעכן מאוסן אָנבליק. צוערשט זענען זיי אריין אין אַ רחבותדיקן פּאָדער־הויז, וואָס זיינע ווענט זענען כמעט אינגאַנצן געווען באַהאָנגען מיט פֿאַרשידענע מינים כּלי־זיין און פֿעלן פֿון ווילדע חיות.

אין צוויי געוואַלדיקע אויוונס האָבן געפֿלאַקערט האָלץ־קלעצער, און ביי זייער העלער שיין האָט מען געזען רייכע פֿערד־געשפּאַנען, גלאַנציקע פּאַנצערס, טערקישע שיפֿן־פּאַנצערס, אויף וועלכע עס האָבן דאָ און דאָרט געפֿינקלט טייערע שטיינער, דראָטיגע העמדלעך מיט גאָלדענע קנעפּ, האַלב־פּאַנצערס, בויך־גאַרטלען, רינג־קראַגנס, קאָסטבאַרע שטאָלענע הארנישן, פּוילישע און טערקישע העלמען, און אויך אייזערנע העלמען מיט זילבערנע דעקן. אויף דער קעגנאיבערדיקער וואַנט האָבן געהאָנגען פּאַנצערס, וועלכע מ׳האָט שוין אין יענער צייט ניט באַנוצט. נעבן זיי פּוילישע שפּיזן און מזרחדיקע שליידער־שפּיזן, קינזשאַלן, אויך אַ גרויסע צאָל פֿון פֿאַרשידענע מינים שווערדן, וואָס זייערע שאַרפֿן האָבן געשיינט מיט פֿאַרשידענע קאָלירן ווי שטערנדלעך אַקעגן ליכט פֿון פֿייער. אין יעדן ווינקל האָבן אַראָפּגעהאָנגען בינטלעך פֿעלן פֿון פּיקסן, וועלף, בערן און גראָנאָסטאַיען — דאָס געווינס פֿון די פֿירשטלעכע געיעגן. נידעריגער, אין דער לענג פֿון די ווענט, האבן געדרימלט אויף רייפֿן פֿאַרשידענע רויב־פֿייגל, וואָס זענען אַראָפּגעבראַכט געוואָרן פֿון די וויַיטע מזרח־סטעפּעס און באַנוצט געוואָרן צו געיעגן אויף וועלף.

פֿון פּאָדער־הויז זענען די געסט אַריינגעגאַנגען אין אַ גרויסן גאַסט־חדר. אויך דאָ האָט אויפֿן קאַמין געברענט אַ גרויס פֿייער. אין דעם דאָזיקן חדר איז דאָס עשירות געווען נאָך גרעסער, ווי אין פּאָדער־הויז. די הוילע בעלקעס אין די ווענט זענען געווען באַדעקט מיט טייערע גאָלד־און זילבער־באַשטיקטע

געוועבן, אויפן פֿאָל זענען געווען אויסגעשפּרייט פּרעכטיקע מזרחדיקע טעפּיכן. אין דערמיט איז געשטאַנען אַ לאַנגער טיש אויף געקרייצטע פּיס פֿון איינפאַכע ברעטער, און אויף אים — גרויסע בעכערס, אינגאַנצן באַגילטע, אָדער געשניצטע פֿון ווענעדישן גלאָז. ביי די ווענט זענען געשטאַנען קלענערע טישן, קאָמאָדעס און שענקלעך, אויף זיי קעסטלעך און שייטלעך, באַדעקט מיט בראָנז, מעשענע לייכטערס און זייגערס, וואָס זענען אַמאָל דורך די טערקן צוגערויבט געוואָרן ביי די ווענעציאַנער, און שפּעטער דורך די קאָזאַקן ביי די טערקן. דאָס גאַנצע חדר איז געווען פול מיט לוקסוס-חפצים, און די בעל-הבתים האָבן אָפט ניט געוווסט, צו וואָס זיי טויגן. אומעטום איז פּראַכט געווען צונויפגעמישט מיט דער גרעסטער פּשטות פֿון סטעפּ. קאָסטבאַרע טערקישע קאָמאָדעס, באַדעקט מיט בראָנז, ביין, פּערלמוטער, זענען געשטאַנען נעבן נישט-געהיבלעוועטע שענקלעך, פּראָסטע הילצערנע שטולן נעבן ווייכע סאָפֿעס, באַדעקט מיט טעפּיכן. די קישנס, וואָס זענען אויפֿן מזרחדיקן שטייגער געלעגן אויף די סאָפֿעס, האָבן געהאַט ציכן, באַשטיקטע מיט גאָלד אָדער פֿון זיידענע שטאָפֿן, זעלטן אָבער זענען זיי געווען געשטאָפּט מיט פּוך, דאָס רוב מיט היי אָדער אַרבעס-שטרוי. די טייערע געוועבן און לוקסוס-חפצים זענען געווען דאָס אַזוי-גערופֿענע „האָב און גוטס" פֿון טערקן, טאָטערס, צום טייל זענען זיי געקויפט געוואָרן פֿאַר אַ שיבוש ביי די קאָזאַקן, צום טייל פֿאַרכאַפּט געוואָרן אויף די פֿיל מלחמות נאָך דורכן אַלטן פּירשט וואַסיל, צום טייל בעת די עקספּעדיציעס צוזאַמען מיט די טאָלבאַווינער דורך די יונגע בילי־האַס, וועלכע האָבן בעסער געוואָלט זיך לאָזן אין קאָזאַקן-שיפֿלעך אויפֿן שוואַרצן ים, איידער חתונה האָבן אָדער פֿירן די בעל-הבתישקייט. דאָס אַלץ האָט נישט געמאַכט קיין שום רושם אויפֿן הער סקשעטוסקי, וועלכער האָט גוט געקענט די קאַנט-הייזער, אָבער דער וואָלאָכישער ריטער האָט זיך גאָרנישט געקאָנט אָפּחידושן, זעענדיק, אַז די קורצעוויטשעס, וועלכע באָדן זיך אין אַזאַ עשירות, טראָגן שטיוול פֿון פּראָסטן לעדער און פּעלצן, נישט אסך בעסערע

פון די, וואָס עס טראָגן די משרתים, ס'האָט זיך אויך געחידושט הער לאָנגין פּאָדבּיפּיענטאַ, וועלכער איז אין ליטע געווען גע־ווינט צו אַ גאַנץ אַנדערן לעבנס־שטייגער.

בּיני־לבּיני האָבּן די יונגע פּירשטן אויפגענומען די געסט האַרצלעך און מיט אַ גרויסער צופרידנקייט, אָבער אַזוי ווי זיי זענען נישט געווען קיין מעורבים בּין הבּריות, האָבּן זיי דאָס געטון אויף אַזאַ אומגעלומפּערטן אופן, אַז דער נאַמיעסטניק האָט קוים זיך געקאָנט איינהאַלטן פון לאַכן.

דער עלטערער סימעאָן האָט געזאָגט:

— מיר פרייען זיך זייער מיט אייך, מיינע הערן. און מיר זענען אייך דאַנקבּאַר פאַרן חסד, וואָס איר האָט מיט אונז געטון. אונזער הויז איז אייער הויז, פילט זיך דאָ דעריבּער ווי בּיי זיך אין דערהיים. מיר בּויגן זיך פאַר אייך, גנעדיקע הערן, אין אונזער אָרעמען הויז.

הגם עס איז אין טאָן פון זיינע רייד ניט קענטיק געווען קיין שום הכנעה, אָדער פּערשטענדניש, אַז ער נעמט אויף העכערע פאַר זיך, האָט ער פונדעסטוועגן, לויטן קאָזאַקישן מנהג, זיך געבויגט פאַר זיי בּיזן גאַרטל, און הינטער אים האָבּן זיך נעבויגט די יונגערע בּרידער, מיינענדיק, אַז דאָס פאָדערט פון זיי די גאַסט־פריינדשאַפט. און דערבּיי האָבּן זיי געזאָגט:

— מיר בּויגן זיך פאַר די הערן, מיר בּויגן זיך!..

דערווייל האָט די פּירשטין אַ צי־געטאָן בּאָהונען פאַרן אַרבּל און אים אַרויסגעפירט אין אַ צווייטן חדר.

— הער, בּאָהון—האָט זי גיך געזאָגט—כ'האָבּ ניט קיין צייט לאַנג צו ריידן. כ'האָבּ געזען, אַז דו שאַרפסט די ציין אויף דעם דאָזיקן יונגן שלאַכטשיץ און זוכסט אַ געלעגנהייט זיך מיט אים צו טרעפן?

— מאַמע — האָט דער קאָזאַק געענטפערט, קושענדיק די האַנט פון דער זקנה — די וועלט איז בּרייט, ער האָט זיך זיין וועג – און איך מיין וועג. ניט איך האָבּ אים געקענט, ניט איך האָבּ וועגן אים געהערט, אָבער זאָל ער זיך ניט דערוועגן צו

נאָנט צוצוגיין צו דער יונגער פּירשטין, וואָרום, איך שווער ביי
מיין לעבן, איך וועל אַ בליץ-טון מיט מיין שווערד פאַר זיינע
אויגן.

— העי, ביסט משוגע געוואָרן, משוגע געוואָרן! און ווו איז
דיין מוח, קאָזאַק? וואָס טוט זיך מיט דיר? ווילסטו אומברענגען
אונז און זיך? דאָס איז דאָך ווישניאָוויעצקיס אַ זעלנער און נאַ-
מיעסטניק, אַ חשובער מענטש, ער איז געפּאָרן מיט אַ שליחות
פון פירשט צום כאַן. אויב נאָר אַ האָר פון זיין קאָפּ וועט
געריירט ווערן אונטער אונזער דאַך, ווייסטו, מיט וואָס דאָס
שמעקט? דער וואָיעוואָדא וועט ווענדן זיינע אויגן אויף ראָז-
לאָגי, וועט נקמה-נעמען פאַר'ן נאַמיעסטניק, אויך פאַרטרייבן
צו אַלדע רוחות, און העלענאַן מיטנעמען קיין לובני — און וואָס
וועט דאַמאָלט זיין? פּרוב נאָר מיט אים אָנצוהויבן, אויב דו
ווילסט פאַרזוכן דעם טעם פון דער תליה, משוגענער קאָזאַק!..
זאָל זיך דער שלאַכטשיץ צוגיין צום מיידל, אָדער נישט צוגיין,
אָבער אַזוי ווי ער איז געקומען, אַזוי וועט ער אַוועקפאָרן
און ס'וועט זיין שטיל. און דו האַלט זיך איין, און אויב דו
ווילסט נישט, גיי דיר, פון וואַנען דו ביסט געקומען, וואָרום דו
וועסט אויף אונז ברענגען אַ אומגליק!

דער קאָזאַק האָט געביסן די וואָנס, געסאָפּעט, אָבער ער
האָט פאַרשטאַנען, אַז די פירשטן איז גערעכט.

— זיי וועלן מאָרגן אַוועקפאָרן, מאַמע — האָט ער געזאָגט,
און איך וועל גובר-זיין מיין כעס, אָבער זאָל נאָר די שוואַרץ-
ברעמיקע נישט אַרויסגיין צו זיי.

— און וואָס גייט דאָס דיך אָן? ווילסט מ'זאָל מיינען,
אַז איך האַלט זי פאַרשפאַרט, ווי אין אַ תפיסה? זי וועט דוקא-
יאָ אַרויסגיין, ווייל אַזוי וויל איך. דו זאָג מיר דאָ אין מיין
הויז נישט קיין דעה, דו ביסט דאָ נישט בעל-הבית.

— זייט ניט אין כעס, פירשטין. אויב ס'קאָן אַנדערש
נישט זיין, וועל איך צו זיי זיין זיס, ווי טערקישע באַקאַליעס.
כ'וועל מיט אַ צאָן נישט אַ קריץ-טאָן, נישט צורירן זיך צו
דער שווערד, ווען אַפילו דער כעס וועט מיך אויפרעסן, ווען

אַפֿילו די נשמה וועט מיר פֿון לײַב אַרויסשפּרינגען. זאָל זײַן ווי איר ווילט.

— אָט אַזוי רייד, סאָקאָל מײַנער, נעם די פֿלייט, שפּיל, זינג, וועט דיר לײַכטער ווערן אויף דער נשמה. און איצט קום צו די געסט.

זיי זענען צוריקגעגאַנגען אין גאַסט-צימער. די פֿירשטן, וועלכע האָבן נישט געוווּסט, ווי אַזוי משמח צו זײַן די געסט, האָבן זיי כּסדר געבעטן, אַז זיי זאָלן זײַן פֿריילעך, און זיך גענייגט פֿאַר זיי ביזן גאַרטל. הער סקזשעטוסקי האָט באַלד שאַרף און גאווהדיק אַ קוק געטון באָהינען אין די אויגן אַרײַן, אָבער ער האָט אין זיי נישט באַמערקט קיין חשק אָנצוגרייפֿן און אויך נישט קיין אַרויספֿאָדערונג. דאָס פּנים פֿון יונגן קאַזאַקן-פֿירער האָט אויסגעדריקט געלאַסנקייט און פֿרייד, וואָס זענען געווען אַזוי געשיקט סימולירט, אַז דאָס געניטסטע אויג וואָלטן זיי געקאָנט אַרײַנפֿירן אין אַ טעות. דער נאַמיעסטניק האָט זיך אין אים גוט אײַנגעקוקט, ווײַל ער האָט לכתּחילה אין דער פֿינסטער נישט געקאָנט זען זײַנע שטריכן. איצט האָט ער דערזען אַ בחור, הויך ווי אַ טאָפּאָל, מיט אַ שלאַנקן פּנים, באַצירט מיט אַן אַראָפּהענגעדיקער געדיכטער שוואַרצער וואָנס. די פֿריילעכקייט אויפֿן דאָזיקן פּנים האָט דורכגעשלאָגן דורך דער אוקראַינישער פֿאַרטראַכטקייט, ווי די זון דורך אַ נעבל. ער האָט געהאַט אַ הויכן שטערן, אויף וועלכן ס'איז אַראָפּגעפֿאַלן אַ שוואַרצע טשופּרינע אין דער פֿאָרם פֿון איינצעלנע לאָקן און אַרומגעשניטענע, האָבן זיי זיך אויסגעלייגט, ווי גלײַכע צײַנדלעך איבער די געדיכטע ברעמען. די אָדלער-נאָז, די פֿונאַנדערגעבלאָזענע נאָז-לעכער און די ווײַסע ציין, וואָס האָבן געגלאַנצט בײַ יעדן שמייכל, האָבן צוגעגעבן דעם דאָזיקן פּנים כּמעט אַ רויבערישן אויסדרוק, אָבער בכלל איז דאָס געווען אַ טיפּ פֿון אַ אוקראַינישער שיינקייט, שטורמישער, פֿאַרביקער און קאַמפּסלוסטיקער. מיט זײַן וווּנדערבאַר שיינער הלבשה האָט זיך דער סטעפּ-יונג אויך אויסגעצייכנט פֿון די פֿירשטן, וואָס זענען געווען אָנגעטאָן אין פּעלצן. באָהון האָט געהאַט אויף זיך אַ

אונטער־ראָק פֿון אַ דינער זילבערנער לאַמע און אַ רויטן אויבער־ראָק. די רויטע פאַרב האָבן געטראָגן אַלע פּערעיעסלאַווער קאָזאַקן. ער איז געווען אַרומגעגאַרטלט אין אַ קרעפּ־פּאַסעק, פֿון וועלכן ס׳האָט אַראָפּגעהאָנגען אַ טייערע שווערד אויף אַ זיידענער שנור; אָבער סיי די שווערד און סיי די הלבשה זענען פֿאַרבלאַסט געוואָרן אַקעגן דעם עשירות פֿון טערקישן קינזשאַל, וועלכער האָט געשטעקט אין גאַרטל און וואָס זיין קלינג איז געווען באַזעצט מיט אַזוי פֿיל שטיינער, אַז עס האָבן זיך פֿון אים אַזש פונקן געשאָטן. אַזאַ שיין געקליידעטן מענטש וואָלט יעדער אָנגענומען גיכער פֿאַר עפּעס אַ שררה פֿון גרויסן יחוס, איידער פֿאַר אַ קאָזאַק, בפֿרט, אַז זיין פֿרייע האַלטונג און זיינע ריטערלעכע תנועות האָבן אויך נישט עדות געזאָגט וועגן אַ נידריקער אָפּשטאַמונג. צוגעענדיק צו לאָנגינען, האָט באָהון אויסגעהערט די מעשה וועגן עלטער־זיידן סטאַווייקאָ און וועגן די דריי אַראָפּגעהאַקטע קעפּ, שפּעטער האָט ער זיך געווענדעט צום נאַמיעסטניק און גלייך, ווי עס וואָלט צווישן זיי גאָרנישט פֿאָרגעקומען, האָט ער געפֿרעגט גאַנץ פֿריי:

— ווי איך הער, קערט איר, מיין הער, צוריק פֿון קרים?

— פֿון קרים — האָט טרוקן געענטפֿערט דער נאַמיעסטניק.

— איך בין אויך דאָרט געווען, און הגם כ׳האָב ביז באַכטשיסאַראי נישט אָנגעשפּאַרט, מיין איך אָבער, אַז איך וועל אויך דאָרט זיין, אויב עס וועלן זיך באַשטעטיקן יענע גינסטיקע ידיעות.

— וועגן וועלכע ידיעות רעדט איר, מיין הער?

— פֿאַראַן קלאַנגען, אַז אויב דער גנעדיקער קיניג וועט פֿאַרפֿירן א מלחמה מיטן טערק, וועט דער פֿירשט וואָיעוואָדאַ זיך לאָזן אויף קרים מיט פֿייער און שווערד. די דאָזיקע ידיעות האָבן אַרויסגערופֿן אַ גרויסע שמחה אין גאַנץ אוקראַינע און אין ניזש, וואָרום אויב מיר וועלן אונטער אַזאַ פֿירער נישט אַ הוליעטון אין באַכטשיסאַראַי, וועלן מיר שוין קיינמאָל נישט הוליען.

— מיר וועלן אַ הוליע־טאָן, ווי גאָט איז אין הימל! — האָבן זיך אָנגערופֿן די קורצעוויטשעס.

דעם פּאָרוטשניק האָט איינגענומען דער דרך־ארץ, מיט וועלכן באָהון האָט גערעט וועגן פירשט, דערפאַר האָט ער אַ שמייכל געטון און געזאָגט מיט אַ מילדערן טאָן:

— ווי איך זע, באַגנוגנט איר זיך ניט, מיין הער, מיט די מלחמות קעגן די טאָל־באַוווינער, וועלכע האָבן אייך פאַרשאַפט אַזוי פיל רום און כבוד.

— אַ קליינע מלחמה — אַ קליינער רום; אַ גרויסע מלחמה — אַ גרויסער רום. קאָנאַשעוויטש סאַהיידאַטשני האָט זיך קונה־שם געווען ניט אויף די שיפלעך, נאָר ביי כאָטשים.

אין דער רגע האָט זיך די טיר געעפנט און אין חדר איז לאַנגזאַם אַריינגעקומען וואַסיל, דער עלטסטער פון די קור־צעוויטשעס, וועלכן העלענאַ האָט געפירט ביי דער האַנד. דאָס איז געווען אַ מענטש אין די רייפע יאָרן און מיט זיין אויס־געמאָגערטן און טרויעריקן פנים האָט ער דערמאָנט די קדושים אויף די ביזאַנטישע בילדער. די לאַנגע האָר, וואָס זיינען גרוי געוואָרן פאַר דער צייט, פון צרות און יסורים, זיינען אים אַראָפּגעפאַלן ביז צו די אָרעמס, און אַנשטאָט אויגן האָט ער געהאַט צוויי גרויסע לעכער. אין דער האַנט האָט ער געהאַלטן אַ מעשענעם צלם, מיט וועלכן ער האָט גענומען בענטשן דאָס צימער און אַלע אָנוועזנדיקע.

— אין נאָמען פון גאָט און פאָטער, אין נאָמען פון גואל און דער הייליקער־ריינסטער — האָט ער געזאָגט — אויב איר זייט אַפּאָסטאָלן און ברענגט מיט זיך גוטע בשורות, זייט באַגריסט אין קריסטלעכן הויז. אמן!

— זייט מוחל, מיינע הערן — האָט די פירשטן געברומט — ער איז ניט ביים קלאָרן פאַרשטאַנד.

וואַסיל האָט ווידער כסדר געבענטשט מיטן צלם און ווייטער געזאָגט:

— אַזוי ווי עס שטייט אין די „אַפּאָסטאָלישע שמועסן”: די, וואָס וועלן פאַרגיסן זייער בלוט פאַרן גלויבן, וועלן אויסגע־לייזט ווערן; די, וואָס וועלן אומקומען צוליב גליקן, צוליב ריוח אָדער שלל — וועט זייער נאָמען זיין צו שאַנד און צו שפּאָט!!.

לאָמיר מתפלל זיין! ווי איז צו אייך, ברידער! ווי איז צו מיר, וואָרום מיר האָבן געפירט מלחמה צוליב שלל! גאָט, זיי דערבאַרמדיק צו אונז, זינדיקע! גאָט, זיי דערבאַ־מדיק... און איר, מענער, וואָס איר זענט געקומען פֿון מרחקים, וואָס פֿאַר אַ בשורה ברענגט איר? זענט איר אַפּאָסטאָלן?

ער איז אַנטשוויגן געוואָרן און עס האָט זיך אויסגעדוכט, אַז ער וואַרט אויף אַ תשובה. דער נאַמיעסטניק האָט דעריבער אין אַ ווײַלע אַרום געענטפֿערט:

— מיר זײַנען נאָך ווײַט פֿון אַזאַ גרויסן כּבֿוד. מיר זײַ־נען נאָר זעלנער, וואָס זענען גרייט זיך מקריב צו זײַן פֿאַר דער אמונה.

— אויב אַזוי, וועט איר אויסגעלייזט ווערן — האָט דער בלינדער געזאָגט — אָבער פֿאַר אונז איז נאָך ניט געקומען די שעה פֿון אויסלייזונג... ווי איז צו אייך, ברידער! ווי איז צו מיר!

די לעצטע ווערטער האָט ער אַרויסגערעדט כּמעט מיט אַ קרעכץ און אויף זײַן פּנים האָט זיך אויסגעמאָלט אַזאַ טיפֿער יאוש, אַז די געסט האָבן ניט געוווּסט, וואָס זיי זאָלן טון. דער־ווײַל האָט אים העלענאַ אַוועקגעזעצט אויף אַ שטול, אַליין אָבער איז זי אַרויסגעלאָפֿן אין פֿאָדער־הויז און צוריקגעקומען אין אַ ווײַלע אַרום מיט אַ פֿלייט אין דער האַנט.

עס האָבן אָפּגעהילכט אין חדר שטילע קלאַנגען, וואָס זײַנען באַגלייט געוואָרן דורכן קול פֿון דער ייִנגער פֿירשטן, וועל־כע האָט געזונגען אַ פֿרום ליד:

בײַ טאָג און בײַ נאַכט רוף איך צו דיר גאָט!
זע אונזער פּיין, אונזער שמערץ און טרערן,
פֿאַרגיב אונזערע זינד, דערבאַרמדיקער גאָט,
באַוויליק אונזער שטים צו דערהערן.

דער בלינדער האָט צוריקגעוואָרפֿן דעם קאָפּ און זיך צו־געהערט צו די ווערטער פֿון ליד, וועלכע האָבן אַפּנים אויף אים געווירקט, ווי אַ היילנדיקער באַלזאַם. פֿון זײַן געזיכט זײַנען איינציקווייז פֿאַרשוווּנדן דער צער און די שרעק; צום סוף איז אים

געוויִרקט ווי אַ הילנדיקער באַלזאַם. פֿון זיין געזיכט זיינען איינציִקוויז פֿאַרשוווּנדן דער צער און די שרעק; צום סוף איז אים דער קאָפּ אַראָפּגעפֿאַלן אויף די ברוסט און אַזוי איז ער געבליבן זיצן אַ האַלב-איינגעשלאָפֿענער, אַ האַלב-פֿאַרגליווערטער.

— אַבי ניט איבעררייסן דאָס געזאַנג, וועט ער זיך שוין איינגאַנצן באַרויִקן — האָט די פֿירשטן שטיל געזאָגט — זעט איר, מיינע הערן, זיין משוגעת באַשטייט דערין, וואָס ער וואַרט כּסדר אויף אַפּאַסטאָלן און ווער עס זאָל ניִשט קומען אין הויז אַריין, גייט ער באַלד אַרויס פרעגן, צי דאָס זענען ניִשט אַפּאָסטאָלן געקומען...

דערווייל האָט העלענאַ ווייטער געזונגען:

„פיר מיך אין דיינע וועגן, אָ גרויסער גאָט,
איך בין דאָך ווי אַ וואַנדערער אין מדבר דעם טיפֿן,
אָדער ווי אַ בלאָנדזשענדיקע שיף צווישן כוואַליעס
אין שטורמישן ים".

איר זיסע שטים האָט געקלונגען וואָס אַמאָל שטאַרקער און מיט דער פֿלייט אין דער האַנט, מיט די אויגן, געווענדעט אין די הויך, איז זי געווען אַזוי ווונדערבאַר, אַז דער נאַמיעסטניק האָט פֿון איר די אויגן ניט געקאָנט אָפּרייסן. ער האָט זיך פֿאַרקוקט אויף איר, ער האָט זיך איינגעגראָבן אין איר — ער האָט פֿאַרגעסן א דער גאַנצער וועלט.

פֿון דער התפּעלות האָבן אים ערשט אויפֿגעוועקט די ווערטער פֿון דער אַלטער פֿירשטן:

— גענוג שוין! ער וועט שוין איצט שנעל נישט אויפֿקומען. און דערווייל בעט איך די הערן אויף נאַכט-עסן.

— מיר בעטן אויף ברויט און זאַלץ! — האָבן זיך נאָך דער מוטער אָנגערופֿן די יונגע בוליהאַס.

הער ראַזוואַן, אַלס ריטער מיט שיינע מאַניערן, האָט דערלאַנגט זיין אָרעם דער פֿירשטן. זעענדיק דאָס, האָט הער סקזשעטוסקי זיך באַלד צוגעשאַרט צו העלענאַן. דאָס האַרץ איז אין אים צוגאַנגען ווי וואַקס, ווען ער האָט דערשפּירט איר האַנט אויף זיינער, פֿון די אויגן זיינען אים צוזש פֿונקען

געגאַנגען—און ער האָט געזאָגט:

— דוכט זיך, אַז די מלאכים אין הימל זינגען ניט שע־גער פאַר אייך, גנעדיק פריילין.

— איר זינדיקט, ריטער, פאַרגלייכנדיק מיין געזאַנג צום געזאַנג פון מלאכים — האָט העלענאַ געענטפערט.

— כ׳ווייס ניט, צי איך זינדיק, אָבער דאָס איז זיכער, אַז כ׳וואָלט זיך געלאָזט די אויגן אויסשטעכן, אַבי צו קאָנען הערן אייער געזאַנג מיין גאַנץ לעבן. אָבער וואָס רעד איך! אַז כ׳וועל זיין בלינד, וועל איך דאָך ניט קאָנען דיך זען, און דאָס וואָלט אויך געווען אַ שמערץ ניט צום אַריבערטראָגן.

— זאָגט דאָס ניט, מיין הער, וואָרום אַז איר וועט מאָרגן פון דאַנען אַוועקפאָרן, וועט איר מיך מאָרגן פאַרגעסן.

— אָ, דאָס וועט ניט זיין. איך בין אין אייך אַזוי פאַר־ליבט, אַז אַזוי לאַנג ווי איך וועל לעבן, וועל איך פון קיין צווייטע... אַנדערע ליבע ניט וויסן, און דיך וועל איך קיינמאָל נישט פאַרגעסן.

ביי די דאָזיקע ווערטער האָט אַ טונקעלע רויטקייט באַ־גאָסן דאָס פנים פון דער יונגער פירשטין און איר ברוסט האָט זיך אָנגעהויבן שטאַרקער צו באַוועגן. זי האָט געוואָלט ענט־פערן, אָבער נאָר אירע ליפן האָבן געציטערט. און הער סקשע־טוסקי האָט ווייטער געזאָגט:

— איר, פריילין, וועט גיכער פאַרגעסן מיך נעבן יענעם רויטן קאָזאַק, וועלכער וועט באַגלייטן דיין געזאַנג אויף אַ באַ־לאַלייקע.

— קיינמאָל נישט! קיינמאָל נישט! — האָט דאָס מיידל געשעפטשעט — אָבער איר, מיין הער, היט זיך פאַר אים, דאָס איז אַ שרעקלעכער מענטש.

— וואָס האָב איך דאַרט מורא פאַר אייער קאָזאַק, און ווען אפילו גאַנץ סיטש זאָל האַלטן מיט אים, בין איך פאַר דיר גרייט צו שטעלן זיך אין דער גרעסטער סכנה. דו ביסט ביי מיר ווי אַ עדל־שטיין, וואָס זיין ווערט קאָן גאָרנישט אָפגע־שאַצט ווערן, דו ביזט מיין וועלט, כ׳וויל נאָר וויסן צו די

ליבסט מיך אויך.

אַ שטילער „יאָ" האָט אָפּגעקלונגען, ווי אַ גן־עדן־מוזיק אין הער סקושעטוסקיס אויערן און עס האָט זיך אים באַלד געדוכטן אַז לכל הפּחות צען הערצער קלאַפּן אין אים; אין זיינע אויגן האָט זיך אַלץ אַזוי אויסגעלייטערט, גלייך ווי שטראַלן פון דער זון וואָלטן באַלויכטן די וועלט; ער האָט אין זיך דערשפּירט עפּעס פאַרבאָרגענע כּוחות, ס'האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז פליגל זייגען אים אויסגעוואַקסן ביי די אָרעמס. בעתן נאַכט־עסן האָט צו אים אַפּאָר מאָל געוואונקן באָהונס פּנים, וואָס איז געווען זייער פאַרענדערט און בלאַס. אָבער דער נאַמיעסטניק, וועלכער איז געווען זיכער אין העלענאַס ליבע צו אים, האָט נישט געטראַכט וועגן דאָזיקן קאָנקורענט. „גייט ער צום טייוול! — האָט ער זיך געטראַכט — זאָל ער מיר נאָר נישט אַריינקריכן אין וועג, וואָרום איך וועל אים צוררייבן". איבעריקנס, זענען זיינע געדאַנקען געגאַנגען אין אַ אַנדער ריכטונג.

ער האָט געפילט, אַז העלענאַ זיצט ביי אים אַזוי נאָנט, אַז מיט זיין אָרעם באַריִרט ער כּמעט איר אָרעם. ער האָט געזען די רויטקייט, וואָס גייט נישט אַראָפּ פון איר פּנים און פון וועלכער עס האָט געשלאָגן אַ היץ. ער האָט געזען די כּסדר־זיך־באַוועגנדיקע ברוסט און די אויגן, וועלכע האָבן זיך אַמאָל צניעותדיק אַראָפּגעלאָזט און באַדעקט מיט די ברעמען, און אַמאָל ווידער געשיינט ווי צוויי שטערן. וואָרום אויך העלענאַ, הגם זי האָט געליטן ביי די קורצעוויטשעס, הגם זי האָט געלעבט אַ פאַריתומטע, אַ פאַראומערטע און אַ שרעקעדיקע, איז זי דאָך געווען אַ אוקראַיִניש קינד מיט זידיק בלוט. קוים זענען אויף איר געפאַלן די וואַרעמע שטראַלן פון ליבע, האָט זי באַלד אויפגעבליט, ווי אַ רויז, און אויפגעוואַכט צו אַ נייעם אומבאַקאַנטן לעבן. אויף איר פּנים האָט אַ שיין־געטון דאָס גליק, די דרייסטקייט, און די דאָזיקע געפילן האָבן, קעמפנדיק מיט דער מיידלשער שעמעוודיקייט, באַמאָלט אירע באַקן מיט פרעכטיקע רויזן־קאָלירן. הער סקשעטוסקי איז דערביי שיער נישט פון דער הויט אַרויסגעשפּרונגען. ער האָט געטרונקען אָן

אַ שיעור, אָבער דער מעד האָט נישט געווירקט אויף אים, ווייל ער איז שוין געווען שכור פון ליבע. ער האָט קיינעם מער נישט געזען ביים טיש, אַ חוץ זיין מיידל. ער האָט נישט געזען, אַז באָהון איז געוואָרן וואָס אַמאָל בלאַסער און אָפּט אָנגעטאַפּט דאָס הענטל פון זיין קינזשאַל; ער האָט נישט געהערט, ווי הער לאָנגין האָט דערציילט צום דריטן מאָל וועגן זיין עלטער־זיידע סטאַווייקאַ, און קורצעוויטש וועגן זיינע עקס־פּעדיציעס נאָך טערקישן שלל, אַלע האָבן געטרונקען, אַ חוץ באָהונען, און דעם בעסטן ביישפּיל האָט געגעבן די אַלטע פירשטין, אויפהויבנדיק איר בעכער דאָ פאַרן געזונט פון די געסט, דאָ פאַרן געזונט פון גנעדיקן הער פירשט און דאָ ווי־דער פאַרן געזונט פון האָספּאָדאַר לופּול. מ׳האָט אויך גערעדט וועגן וואַסילן, וועגן זיינע אַמאָליקע ריטערלעכע גבורות, וועגן דער אומגליקלעכער מלחמה און איצטיקן משוגעת. און אָט דאָס לעצטע האָט דער עלטסטער סימעאָן מסביר געווען אַזוי:

— באַטראַכט נאָר, מיינע הערן, אויב דאָס מינדעסטע שטויבל אין אויג שטערט די ראיה, היינט ווי אַזוי־זשע האָבן גרויסע שטיקער סמאָלע, אַז זיי האָבן זיך אַריינגעקריגן אין זיין שכל, נישט געזאָלט אים צומישן און משוגע מאַכן?

— דאָס איז זייער אַ דעליקאַטער אינסטרומענט — האָט באַמערקט הער לאָנגין.

דאָ האָט די אַלטע פירשטין באַמערקט באָהונס פאַרענ־דערטע צורה.

— וואָס איז דיר, סאָקאָל?

— די נשמה טוט־ווי, מאַמע — האָט ער טריב געזאָגט — אָבער דאָס וואָרט פון אַ קאָזאַק איז נישט קיין רויך, איך וועל עס מקיים־זיין.

— לייד, מיין זונדל, עס וועט זיין אַ כּוסה.

דאָס נאַכט־עסן איז געווען געענדיקט — אָבער אין די בעכערס האָט מען כּסדר צוגעגאָסן מעד. עס זענען אויך געקו־מען קאָזאַקן, וועלכע מ׳האָט גערופן, אַז זיי זאָלן טאַנצן, כּדי די שמחה זאָל זיין נאָך גרעסער. עס האָבן זיך דערהערט די

טענער פֿון באַלאַלייקעס און פּייקלעך און אונטער זייערע קלאַנגען האָבן די פֿאַרשלאָפֿענע קאָזאַקן געמוזט טאַנצן. שפּעטער האָבן אויך די יונגע בוליהאַס געכאַפּט אַ טענצל. די אַלטע פֿירשטין האָט זיך געהאַלטן ביי די זייטן און גענומען אונטערשפּרונגען אויפֿן אָרט און צאַפּלען און זינגען. זעענדיק דאָס, האָט סקשעטוסקי זיך געלאָזט טאַנצן מיט העלענאַן. ווען ער האָט זי אַרומגענומען מיט די הענט, האָט זיך אים אויסגעדוכט, אַז ער דריקט־צו אַ שטיק הימל צו דער ברוסט. אין אימפּעט פֿון טאַנץ האָבן אירע לאַנגע צעפּ זיך אַרומגעפּלאָכטן אַרום זיין האַלז, גלייך ווי דאָס מיידל וואָלט געוואָלט אים צובינדן צו זיך אויף אייביק. דער שלאַכטשיץ האָט שוין מער נישט געקאָנט אויסהאַלטן און ווען ער האָט זיך איבערצייגט, אַז קיינער זעט נישט, האָט ער זיך אַראָפּגעבויגן און מיטן גאַנצן כּח אַ קוש געטון א רע זיסע ליפּן.

ווען ער איז שפּעט ביינאַכט געבליבן אַליין מיטן הער לאָנגין אין חדר, אין וועלכן מ׳האָט פֿאַר זיי צוגעגרייט אַ געלעגער צום שלאָפֿן, האָט דער פֿאָרוטשניק זיך נישט געלייגט שלאָפֿן, נאָר זיך געזעצט אויפֿן בעט און געזאָגט:

— מיט אַ גאַנץ אַנדערן מענטש ווערט איר שוין מאָרגן פֿאָרן קיין לובני!

פּאָדביפּיענטאַ, וועלכער האָט נאָר וואָס געענדיקט די תּפֿלה, האָט ברייט געעפֿנט די אויגן און געפֿרעגט:

— וואָס הייסט? ווערט איר דען דאָ בלייבן?

— נישט איך וועל בלייבן, נאָר דאָס האַרץ ווערט בלייבן, בלויז ליבע־זכרונות וועלן מיט מיר פֿאָרן. איר זעט מיך, מיין הער, אין אַ גרויסער אויפֿרעגונג, ווייל פֿון פֿיינלעכע תּאווה קאָן איך קוים דעם אָטעם כאַפּן.

— האָט איר זיך, מיין הער, פֿאַרליבט אין דער יונגער פֿירשטין?

— יאָ, אַזוי איז עס טאַקע, ווי איר זעט מיך דאָ זיצן אַ לעבעדיקן פֿאַר אייך. קיין שלאָף נעמט מיך נישט, נאָר עס ווילט זיך מיר זיפֿצן, און כ׳האָב מורא, אַז כ׳זאָל דערפֿון נישט

אויסגעוועפּט ווערן אינגאַנצן. איך זאָג דאָס אייך דערפֿאַר, ווייל איר האָט אַ האַרץ, וואָס גאַרט און לעכצט נאָך ליבע, וועט איר דעריבער פֿאַרשטיין מיינע יסורים.

הער לאַנגין האָט אַליין אָנגעהויבן צו זיפֿצן צום צייכן, אַז ער פֿאַרשטייט דעם צער פֿון ליבע, און אין אַ רגע אַרום האָט ער טרויעריק אַ פֿרעג געטון:

— און אפֿשר האָט איר אויך אַ שבועה געטון צו לעבן אין פּרישות?

— אייער שאלה איז נישט צו דער זאַך, וואָרום ווען אַלע וואָלטן אַזעלכע שבועות געגעבן, וואָלט דאָך די וועלט קיין קיום נישט געקאָנט האָבן.

דאָס אַריינקומען פֿון אַ דינער האָט איבערגעריסן דעם ווייטערדיקן שמועס. דאָס איז געווען אַ אַלטער טאָטער מיט פֿלינקע שוואַרצע אויגן און אַ געקנייטשטן פּנים, ווי אַ געטרוקנטער עפּל. אַריינקומענדיק, האָט ער געוואָרפֿן אַ כיטרען בליק אויף סקשעטוסקין און געפֿרעגט:

— דאַרפֿן די הערן נישט עפּעס האָבן? אפֿשר צו גלעזלעך מעד פֿאַרן שלאָפֿן־גיין?

— מ׳דאַרף נישט.

דער טאָטער איז צוגעגאַנגען צו סקשעטוסקין און האָט אַ ברום געטון:

— כ׳האָב אייך, מיין הער, עפּעס צו זאָגן אין פֿריילנס נאָמען.

— זיי־זשע מיר אַ גוטער מלאך! — האָט דער נאָמיעסטניק פֿריילעך אויסגערופֿן — דאַרפֿסט זיך אויך נישט היטן פֿאַר דעם דאָזיקן ריטער, וואָרום כ׳האָב פֿאַר אים אָראָפּגערעדט מיין האַרץ.

דער טאָטער האָט אַרויסגענומען פֿון אַרבל אַ שטיקל באַנד:

— דאָס פֿריילן שיקט אייך, גנעדיקער הער, דאָס דאָזיקע באַנד און זי האָט געהייסן זאָגן אַז זי ליבט אייך פֿון גאַנצן האַרץ.

דער פּאָרוטשניק האָט געכאַפּט דאָס באַנד און עס גענו־מען הייס קושן און צודריקן צו דער ברוסט, און ווען ער האָט זיך שוין געהאַט אַ ביסל אָפּגעקילט, האָט ער געפרעגט:

— וואָס האָט זי דיר געהייסן זאָגן?

— אַז זי ליבט אייך, גנעדיגער הער, פון גאַנצן האַרץ.

— נאַ־דיר אַ טאַלער פאַר דיין טרחה, האָט זי הייסט, עס, געזאָגט, אַז זי ליבט מיך?

— יאָ!

— נאַ־דיר נאָך אַ טאַלער! זאָל זי זיין געבענטשט פון גאָט, וואָרום זי איז פאַר מיר אויך די ליבסטע אויף דער וועלט. זאָג־זשע איר... אָדער וואַרט: כ׳וועל איר אַליין שרייבן; ברענג מיר טינט, פעדער און פּאַפּיר.

— וואָס? — האָט געפרעגט דער טאָטער.

— טינט, פעדער און פּאַפּיר.

— דאָס איז ביי אונז אין הויז נישט בנמצא, זינט פירשט וואַסיל האָט געלעבט, איז געווען — און אויך שפּעטער, ווען די יונגע פירשטן האָבן זיך ביים גלח געלערנט שרייבן — אָבער דאָס איז שוין לאַנג.

הער סקזשעטוסקי האָט אַ קנאַק געטאָן מיט די פינגער.

— הער פּאָדביפּיענטאַ, אפשר האָט איר טינט און פעדער?

דער ליטווינער האָט פונאַנדערגעשפּרייט די הענט און געהויבן די אויגן אין די הויך.

— טפו, צום טייוול! — האָט דער פּאָרוטשניק געזאָגט — אָט בין איך אין אַ פאַרלעגנהייט!

בינו־לבינו האָט זיך דער טאָטער אַוועקגעזעצט ביים פייער.

— צו וואָס שרייבן — האָט ער געזאָגט, נישטערנדיק אין די קוילען — דאָס פריילן איז געגאַנגען שלאָפן, און דאָס, וואָס דער גנעדיקער האַר וויל איר שרייבן, קאָן מען מאָרגן זאָגן.

— אויב אַזוי, איז עפּעס אַנדערש. ווי איך זעה, ביסטו אַ געטרייער דינער פון דער יונגער פירשטן. נאַ־דיר דערפאַר אַ דריטען טאַלער. — שוין לאַנג דינסטו?

— האָ, האָ! שיין פערצען יאָר, ווי פּירשט וואַסיל האָט מיך גענומען אין געפאַנגענשאַפט — און זייט דעמאָלט האָב איך אים געטריי געדינט, און ווען ער איז אַנומלט ביי נאַכט אַוועק־געפאָרן אויף פאַרפאַלן צו ווערן, האָט ער דאָס קינד איבערגע־לאָזן קאָנסטאַנטינען, און צו מיר האָט ער געזאָגט: טשעכלי, דו זאָלסט אויף נישט אָפּטרעטן פון מיידל און זאָלסט זי היטן ווי דאָס אויג אין קאָפּ.

— טוסטו טאַקע אַזוי?

— אַזוי טו איך טאַקע, און איך קוק.

— זאָג, וואָס זעסטו? ווי גייט עס דאָ דער יונגער פּירשטן?

— שלעכט באַגייט מען זיך דאָ מיט איר, מ׳וויל זי אָפּ־געבן באַהונען, וועלכער איז אַ פאַרשאָלטענער הונט.

— אָ, עס וועט דערפון גאָרנישט זיין! ס׳וועט זיך גע־פונען, ווער ס׳זאָל זיך פאַר איר אָנעמען!

— יאָ האָט דער אַלטער געזאָגט, איבערלייגנדיק די גליי־ענדיקע קוילן — זיי ווילן זי אָפּגעבן באַהונען, כדי ער זאָל זי נעמען און אַוועקטראָגן ווי דער וואָלף אַ שעפּס, און זיי איבער־לאָזן אין ראָזלאָגי — ווייל ראָזלאָגי איז איר נישט זייער, ס׳איז איר געבליבן בירושה נאָכן פּירשט וואַסיל. באַהון ווידער איז דאָס גרייט צו טון, ווייל אין מדבר האָט ער גאָלד און זילבער מער, ווי זאַמד אין ראָזלאָגי, אָבער זי האָט אים פיינט, זייט ער האָט פאַר אירע אויגן צוהאַקט אויף שטיקער אַ מענטש מיט אַ האַק. בלוט איז פאַרגאָסן געוואָרן צווישן זיי און עס האָט אַרויסגעשפּראָצט שנאה. גאָט איז איינציק!

דער נאָמיעסטניק האָט די נאַכט שוין נישט געקאָנט איינ־שלאָפן. ער האָט זיך געדרייט איבערן חדר, געקוקט אין די לבנה און אין די געדאַנקען זיך מיישב געווען, וואָס ער האָט צו טון. ער האָט איצט פאַרשטאַנען דאָס שפּיל פון די בוליהאַס, ווען עפּעס אַ שלאַכטשיץ פון דער סביבה וואָלט חתונה־געהאַט מיט העלענאַן, וואָלט ער דאָך געפאָדערט ראָזלאָגי און זיין תביעה וואָלט געווען אַ גערעכטע, ווייל עס האָט דאָך צו איר

געהערט; און אפשר וואָלט ער נאָך פאַרלאַנגט אַ דין־וחשבון פון דער אפּוטראָפּסות. אָט צוליב וואָס די בוליִהאַס, וועלכע זענען שוין אַזוי אויך ענלעך געוואָרן אויף קאָזאַקן, האָבן באַשלאָסן אָפּצוגעבן דאָס מיידל דעם קאָזאַק. ווען הער סקזשעטוסקי האָט וועגן דעם געטראַכט, האָט ער צונויפגעביילט די פויסטן און צו־געלייגט די האַנט צו דער שווערד. ער האָט באַשלאָסן צו מאַכן צו־נישט די דאָזיקע פּלענער און האָט זיך געפילט בכוח דאָס צו טון. די השגחה איבער העלענאַן האָט דאָך אויך געהערט צום פירשט יערעמיִ, איינמאָל, ווייל די ווישניאָוויעצקיס האָבן גע־שענקט ראָזלאָגי דעם אַלטן וואַסיל, צווייטנס, האָט דאָך וואַסיל גיפּא געשריבן פון באַר אַ בריוו צום פירשט מיט דער בקשה וועגן אפּוטראָפּסות. אָבער דער פירשט איז געווען צופיל פאַר־טאָן אין עפנטלעכע ענינים, אין דער מלחמה און גרויסע אונ־טערנעמונגען, און דעריבער האָט ער ביז איצט נישט געקאָנט טראַכטן וועגן דער אפּוטראָפּסות. ס'וועט אָבער גענוג זיין מיט איין וואָרט אים צו דערמאָנען און די גערעכטיקייט וועט געשען.

ס'האָט זיך שוין געשאַרעט אויף טאָג, ווען הער סקזשע־טוסקי האָט זיך געוואָרפן אויפן געלעגער. ער איז געשמאַק גע־שלאָפן און צומאָרגנס האָט ער זיך אויפגעוועקט מיט אַ פאַר־טיגן באַשלוס. ער האָט זיך צוזאַמען מיטן הער לאָנגין שנעל אָנגעטאָן, ווייל די פורן זענען שוין געשטאַנען גרייט, און הער סקזשעטוסקיס זעלנער זענען געזעסן אויף די פערד, גרייט צום אָפּפאָרן. אין גאַסט־צימער האָט דער שליח געגעסן זופּ צוזאַמען מיט די קורצעוויטשעס און דער אַלטער פירשטן; בלויז באָהון איז נישט געווען; מ'האָט נישט געוווּסט, צי ער איז נאָך גע־שלאָפן, אָדער ער איז אָפּגעפאָרן.

נאָכדעם ווי סקשעטוסקי האָט געהאַט עפּעס געגעסן, האָט ער געזאָגט:

— גנעדיקע מאַדאַם! די צייט לויפט, באַלד דאַרפן מיר זיך זעצן אויף די פערד, אָבער איידער מיר וועלן דאַנקען פון גאַנצן האַרץ פאַר דער גאַסט־פריינטשאַפט, האָב איך דאָ אַ וויכ־טיקן ענין, וועגן וועלכן כ'וואָלט וועלן ריידן באַזונדער מיט

אייך, גנעדיקע מאַדאַם, און מיט אייערע זין.

דאָס פּנים פון דער פירשטין האָט אויסגעדריקט פאַר־חידושטקייט, זי האָט אַ קוק געטון אויף די זין, אויפן שליח און אויפן הער לאַנגין, גלייך ווי זי וואָלט וועלן פון זייערע פּנימער זיך אָנשטויסן, וועגן וואָס עס האַנדלט זיך, און מיט אַ געוויסער אומרויקייט אין דער שטים האָט זי געזאָגט.

איך בין גרייט, מיין הער.

דער שליח האָט געוואָלט אויפשטיין, אָבער זי האָט אים ניט דערלויבט. זיי זענען אַריינגעגאַנגען אין יענעם פּאָדער־הויז, וואָס איז געווען באַדעקט מיט פאַרשידענע כּלי־זיינס. די יונגע פירשטן האָבן זיך אויסגעשטעלט אין אַ שורה הינטער זייער מוטער, וועלכע האָט זיך אַוועקגעשטעלט אַקעגן סקשע־טוסקין און געפרעגט:

— וועגן וואָס פאַר אַ ענין ווילט איר, מיין הער, רעדן?

דער נאַמיעסטניק האָט אויף איר אָנגעשטעלט אַ שאַרפן, כמעט שטרענגן בליק און געזאָגט:

— זייט מיר מוחל, גנעדיקע מאַדאַם, און אויך איר, יונגע פירשטן, וואָס אָנשטאָט, ווי דער מנהג איז, צו רעדן דורך השובע שליחים, וועל איך אַליין אונטערהאַנדלען וועגן מיין ענין. אָבער אַנדערש קאָן נישט זיין. און אַזוי ווי קיינער איז נישט בכח צו קעמפן מיטן הכרח, וועל איך אָן לענגערע טענות־ומענות פאַרשטעלן אייך, אַלס אפּוטרופּסים, מיין הכנעה־דיקע בקשה, אַז איר זאָלט באַווילן מיר צו געבן די פירשטין העלענאַ פאַר אַ ווייב.

ווען אין דער רגע, אין ווינטער־צייט, וואָלט אַ דונער געשלאָגן אויפן פּלאַץ אין דאזלאגי, וואָלט עס געווען מאַכן אַ קלענערן רושם אויף דער פירשטין און אירע זין, איידער סקשעטוסקיס דאָזיקע ווערטער. אַ ווײַלע האָבן זיי געקוקט מיט פאַרוווּנדערונג אויפן נאַמיעסטניק, וועלכער איז פאַר זיי גע־שטאַנען אַ שטייפער, אַ רויקער און וווּנדערלעך שטאָלצער, גלייך ווי ער וואָלט געהאַט בדעה נישט צו בעטן, נאָר צו באַפעלן, און זיי האָבן נישט געקאָנט געפינען קיין ווערטער

אויף צו ענטפערן — אָבער די פירשטין האָט צום סוף געפרעגט:

— וואָס הייסט? איר? העלענאַן?

— איך, גנעדיקע מאַדאַם — און דאָס איז מיין פעסטער באַשלוס.

אַ ווײַלע איז געווען שטיל.

— איך וואַרט אויף אייער תּשובה, גנעדיקע מאַדאַם.

— זייט מוחל, מיין הער — האָט די פירשטין געענטפערט, נאָכדעם ווי זי האָט זיך אַביסל באַרויִקט, און איר קול איז געוואָרן טרוקן און שאַרף — ס'איז פאַר אונז נישט קיין קליינער כבוד די בקשה פון אַזאַ ריטער, אָבער ס'קאָן פון איר גאָרנישט ווערן, ווייל העלענאַן האָב איך שוין צוגעזאָגט אַן אַנדערן.

— באַטראַכט אָבער, מאַדאַם, אַלס געטרייע אפּוטרופּס'טע, צי דאָס איז נישט געווען קעגן דעם רצון פון דער יונגער פירשטין און צי איך בין נישט בעסער פון דעם, וועלכן איר האָט העלענאַן צוגעזאָגט.

— מיין הער! ווער ס'איז בעסער — דאָס איז מיין דאגה — איר קאָנט זיין אַפילו דער בעסטער, איז אונז אַלץ איינס, ווייל מיר קענען אייך נישט.

דאָ האָט דער נאַמיעסטניק זיך נאָך שטאָלצער אויסגעגלייכט און זיינע בליקן זענען געוואָרן, ווי די מעסערס, שאַרפע, הגם קאַלטע.

— אָבער איך קען אייך, בוגדים! — האָט ער אויסגעשריגן — איר ווילט אַ קרובה פאַרקויפן פאַר אַ פויער, אַבי ער זאָל אייך איבערלאָזן אין דער אומגעזעצליכער פאַרכאַפּטער נחלה...

— איר זענט אַליין אַ בוגד! — האָט געשריגן די פירשטין

— אַזוי צאָלט איר דאָס אָפּ פאַר דער גאַסט־פריינטשאַפט, אַזוי דאַנקט איר דאָס אונז? אָ, שלאַנג! ווער ביסטו אַזוינס? פון וואַנען האָסטו זיך דאָס גענומען?

די יונגע קורצעוויטשעס האָבן אָנגעהויבן צו קנאַקן מיט די פינגער און צו וואַרפן בליקן אויף די ווענט מיטן געווער, און דער נאַמיעסטניק האָט אויסגערופן:

— געצן־דינער! איר האָט צוגעזלט די נחלה פון אַ

יתומה, אָבער ס'וועט אייך גאָרנישט העלפֿן. אין אַ טאָג אַרום וועט דער פֿירשט וועגן דעם שוין וויסן.

דערהערנדיק דאָס, האָט די פֿירשטין זיך געוואָרפֿן אין עק פֿון צימער און, כאַפּנדיק אַ שפּיז, איז זי צוגעגאַנגען מיט איר צום נאַמיעסטניק. די פֿירשטן האָבן אויך געכאַפּט יעדער, וואָס ער האָט נאָר געקאָנט, דער אַ שווערד, דער אַ ביקס, דער אַ מעסער, און האָבן אים אַרומגערינגלט אין אַ האַלבער עיגול, סאָפּנדיק ווי אַ מחנה צורייצטע וועלף.

— צום פֿירשט וועסטו גיין?—האָט געשריגן די פֿירשטין— ווייסטו אָבער, צי דו וועסט פֿון דאַנען אַרויס אַ לעבעדיקער? צי דאָס איז נישט דיין לעצטע שעה?

סקשעטוסקי האָט פֿאַרלייגט די הענט אויף דער ברוסט און האָט מיט קיין אויג נישט אַ פּינטל געטון.

— אַלס פֿירשטלעכער, שליח קער איך צוריק פֿון קריג-- האָט ער געזאָגט -- אויב נאָר איין טראָפּן פֿון מיין בלוט וועט דאָ פֿאַרגאָסן ווערן, וועט אין דריי טעג אַרום נישט בלייבן קיין שריד-ופּליט פֿון אייער הויף און איר אַליין וועט פֿאַרפֿוילט ווערן אין די לובניער תּפֿיסות. איז דען פֿאַראַן אַזאַ מאַכט אויף דער וועלט, וואָס וועט בכח-זיין אייך מציל צו זיין? סטראַשעט בעסער נישט, ווייל כ'האָב פֿאַר אייך קיין מורא נישט!

— מיר וועלן אומקומען, אָבער דו וועסט צוערשט אומקומען.

— אויב אַזוי, שלאָגט—אָט איז מיין ברוסט.

די פֿירשטן מיט זייער מוטער בראש האָבן אַלץ געהאַלטן די שאַרפֿן געווענדעט צום נאַמיעסטניקס ברוסט, אָבער וואָלסט געשווווירן, אַז עפּעס אומזיכטבאַרע קייטן האָבן געבינדן זייערע הענט. סאָפּנדיק און קריצנדיק מיט די ציין, האָבן זיי זיך געריסן צו אים אין אַ אומבאַהאָלפֿענער צורייצטקייט — אָבער געשלאָגן האָט פֿון זיי קיינער נישט. ס'האָט ביי זיי צוגערויבט די מאַכט ווישניאָוויעצקיס שרעקלעכער נאָמען.

דער נאַמיעסטניק האָט זיך געפֿילט זיכער.

דער אומבאַהאָלפֿענער כּעס פֿון דער פֿירשטין האָט זיך נאָר אויסגעגאָסן אין אַ שטראָם פֿון זלזולים:

— לץ! אויך-מיר-שלאַכטשיץ! קבצן! פֿירשטלעכער יחוס האָט זיך דיר פֿאַרוואָלט — אָבער דערפֿון וועט גאָרנישט ווערן! יעדן איינציקן וועלן מיר זי אָפּגעבן, אַבי נישט דיר, און דאָס קאָן דער פֿירשט אַליין אונז אויך נישט פֿאַרווערן

דערויף האָט הער סקשעטוסקי געענטפֿערט:

— ס'איז איצט נישט קיין צייט פֿאַר אייך אויפֿצוווייזן מיין יחוס, אָבער כ'מיין, אַז אייער פֿירשטנטום וואָלט אים דרייסט געמעגט נאָכטראָגן די שווערד און דעם הערב. איבעריקנס, אויב אַ פּויער איז פֿאַר אייך גוט געווען, בין איך בעסער. וואָס איז שייך מיין פֿאַרמעגנס, האָט עס אויך נישט וואָס זיך צו שעמען פֿאַר אייערן, און אויב איר זאָגט, אַז איר וועט מיר העלענאַן נישט געבן, טאָ הערט, וואָס איך וועל אייך זאָגן: איך בין אויך גרייט אייך צו לאָזן ביי ראָזלאָגי און קיין דין-וחשבון פֿון דער אַפּוטרופּסות וועל איך נישט פֿאַרלאַנגען.

— שענק נישט דאָס, וואָס איז נישט דיינס.

— איך שענק נישט, נאָר איך גיב אַ הבטחה אויף להבא און זאָג גוט מיט מיין ריטערלעכן וואָרט. איר האָט אַלזאָ די ברירה: אָדער אָפּגעבן אַ דין-וחשבון דעם פֿירשט פֿון דער אַפּוטרופּסות און פֿאַרלאָזן ראָזלאָגי, אָדער גאָר מיר אָפּגעבן דאָס מיידל און בלייבן ביי דער נחלה...

די שפּיז האָט זיך לאַנגזאַם אַרויסגעגליטשט פֿון דער פֿירשטנס האַנט. אין אַ ווײַלע אַרום איז זי מיט אַ קלאַנג אַראָפּגעפֿאַלן אויף די ערד.

— קלויבט אויס — האָט הער סקושעטוסקי איבערגעחזרט — שלום אָדער מלחמה!

— אַ גליק — האָט שוין מילדער געזאָגט די אַלטע פֿירשטין — וואָס באָהון איז מיט זיינע סאָקאָלס אַוועקגעפֿאָרן. ער האָט נישט געוואָלט קוקן אויף אייך, וואָרום ער האָט שוין נעכטן עפּעס חושד-געווען. אַ נישט וואָלט דאָ נישט אָפּגעגאַנגען אָן בלוט-פֿאַרגיסנג

— גנעדיקע מאַדאַם, איך טראָג אויף די שווערד נישט צוליב דעם, אַז זי זאָל מיר די זייטן אָפּרייסן.

— ליגט זיך אָבער איבער, מיין הער, צי איז דאָס אָנשטענדיק פון אַזאַ ריטער, אַריינצוקומען אין אַ הויז, זיך צוצוטשעפּען צו מענטשן און צו וועלן זיך נעמען מיט געוואַלט אַ מיידל פונקט, אַ שטייגער, ווי פון טערקישער געפאַנגענשאַפט?

— ס'איז אַזוי רעכט, אויב זי האָט קעגן איר ווילן גע־זאָלט פאַרקנסט ווערן פאַר אַ פויער.

— דאָס זאָלט איר, מיין הער, וועגן באַהונען ניט זאָגן, ווייל הגם מ'ווייסט ניט פון וועמען ער קומט, איז ער אָבער אַ גרויסער מלחמה־מאַן און באַרימטער־ריטער. און מיר קענען אים נאָך אַלס קינד, ער איז ביי אונז ווי אַ אייגענער. צונעמען ביי אים דאָס דאָזיקע מיידל, איז גלייך, ווי מ'וואָלט אין אים אַ מעסער אַריינגעשטאָכן.

— גנעדיקע מאַדאַם, איך אייל מיך אין וועג, האָט דערי־בער ניט פאַראיבל, אויב כ'וועל נאָכאַמאָל איבערהזרן: קלויבט־אויס!

די פירשטין האָט זיך געווענדעט צו די זין:

— און וואָס, זינדלעך, זאָגט איר אויף אַזאַ הכנעהדיקע בקשה פון דעם דאָזיקן ריטער?

די בוליהאַס האָבן זיך איבערגעקוקט, זיך געשטויסן מיט די עלנבויגנס און געשוויגן.

צום סוף האָט סימעאָן אַ ברום געטון.

— ווערט הייסן שלאָגן, מאַמע, וועלן מיר שלאָגן — וועסט הייסן געבן דאָס מיידל, וועלן מיר געבן.

— שלאָגן איז שלעכט און געבן איז שלעכט

שפּעטער האָט זי זיך געווענדעט צו סקזשעטוסקין:

— איר האָט אונז אַזוי צוגעדרוקט צו דער וואַנט, אַז מיר קאָנען זיך נישט קיין עצה געבן. באָהון איז אַ משוגענער מענטש, ער איז מסוגל אַלץ אָפּצוטון. ווער וועט אונז שיצן פאַר זיין נקמה? ער וועט טאַקע אַליין אומקומען דורכן פירשט, אָבער ער וועט פריער אונז אומברענגען. וואָס זאָלן מיר טון?

— ווי איר פאַרשטייט.

די פירשטן האָט אַ ווײַלע שטילגעשוויגן.

— הערט־זשע, הער ריטער, דאָס אַלץ מוז בלייבן בסוד־סודות. באַהונען וועלן מיר שיקן קיין פּערעיאַסלאַוו, מיר מיט העלענאַן וועלן אַראָפּפאָהרן קיין לובני, און איר וועט פּויעלן ביים פירשט, אַז ער זאָל אונז צושיקן אַ וואַך קיין ראָזלאָגי, באַהון האָט אין דער נאָנט הונדערט פופציג מענטשן, וואָס אַ טייל פון זיי געפינט זיך דאָ. איר קאָנט נישט העלענאַן באַלד נעמען, ווייל ער וועט זי אָפּשלאָגן. אַנדערש קאָן דאָס נישט זיין. פאָרט דעריבער אַליין, גיט קיינעם נישט אויס דעם סוד און וואַרט אויף אונז.

— און אַז איר וועט מיך אָפּנאַרן?

— הלואי וואָלטן מיר עס געקאָנט! — אָבער מיר קאָנען נישט, איר זעט דאָך אַליין. גיט אייער וואָרט, אַז איר וועט עס האַלטן בסוד.

— איך גיב — און איר גיט דאָס מיידל?

— מיר האָבן נישט קיין אַנדער ברירה—הגם ס׳איז אונז אַ רחמנות אויף באַהונען...

— טפוי, טפוי!—האָט דער נאַמיעסטניק מיט אַמאָל אויסגערופן, ווענדנדיק זיך צו די פירשטן—פיר מענטשן זענט איר, ווי די ריזן, און איר האָט מורא פאַר איין קאָזאַק און מוזט זיך פאַר אים היטן. הגם ס׳איז מיין חוב אייך צו דאַנקן, מוז איך אייך אָבער זאָגן: ס׳איז אַ פּחיתות־הכבוד פאַר שלאַכטשיצעס!

— איר זאָגט אונז נישט קיין מוסר — האָט די פירשטין אויסגעשריגן—דאָס איז נישט אייער דאגה. וואָס זאָלן מיר טון? וויפיל האָט איר זעלנער אויף זיינע הונדערט פופציק מענטשן? איר וועט אונז פאַרטיידיקן? איר וועט פאַרטיידיקן אַפילו בלויז העלענאַן, וועלכע ער איז גרייט מיט געוואַלט צו פאַרכאַפּן? דאָס איז נישט אייער עסק. פאָרט זיך קיין לובני, און וואָס מיר וועלן טון, דאָס ווייסן מיר שוין, אַבי מיר וועלן אייך ברענגען העלענאַן.

— טוט וואָס איר ווילט. נאָר איינס וויל איך אייך נאָך זאָגן: אויב העלענאַן וועט דאָ געשען אַ עולה — וועט זיין ווי׳ צו אייך!

— הויבט נאָר נישט ווידער אָן מיט אונז, וואָרום איר קאָנט אונז נאָך אַרויסברענגען פון די כלים.

— איר האָט דאָך קעגן איר געוואָלט באַגיין אַ גוואַלט־טאַט, און אויך איצט, פאַרקויפנדיק זי פאַר ראָזלאַגי, איז אייך גאָרנישט איינגעפאַלן צו פרעגן, צי מיין פערזאָן וועט איר זיין ניחא?

— מיר וועלן זי טאַקע פרעגן פאַר אייערע אויגן — האָט זיך אָנגערופן די פירשטין, דערשטיקנדיק דעם כעס, וועלכער האָט אויפסניי אָנגעהויבן צו קאָכן אין איר ברוסט, וואָרום זי האָט גוט געפילט די פאַראַכטונג אין נאַמיעסטניקס ווערטער. סימעאָן איז געגאַנגען נאָך העלענאַן און אין אַ ווײַלע אַרום האָט ער זיך צוזאַמען מיט איר באַוויזן אין פאָדער־הויז.

צווישן די דאָזיקע געשרייען און דראָונגען, וועלכע האָבן, דוכט זיך, נאָך געהילכט אין דער לופט, ווי אָפּקלאַנגען פון אַ פאַרבײַגייענדיקן גאָס־רעגן; צווישן די דאָזיקע געקנייטשטע ברעמען, בייזע בליקן און שטרענגע פנימער האָט איר וווּנדער־באַר פנים אַ שיין־געטון, ווי די זון נאָך אַ שטורם.

— גנעדיק פריילין! — האָט טריב געזאָגט די פירשטין, אָנווייזנדיק אויף סקשעטוסקין — אויב דו ווילסט, וועט ער זיין דיין מאַן.

העלענאַ איז בלאַס געוואָרן, ווי די וואַנט, זי האָט אַ גע־שריי געטון און פאַרשטעלט די אויגן מיט די הענט, און שפּע־טער האָט זי זיי מיט אַמאָל אויסגעשטרעקט צו סקשעטוסקין.

— איז דאָס אמת? — האָט זי געשעפּטשעט, ווי פאַרש־ורט.

---

מיט אַ שעה שפּעטער איז די מחנה פון שליח און פון נאַמיעסטניק לאַנגזאַם געפאָרן מיטן וואַלד־שליאַך אין די ריכטונג פון לובני. סקשעטוסקי מיטן הער לאָנגין פּאָדביפּיענטאַ זענען

געפֿאָרן בראש—הינטער זיי האָבן דעם שליחס פֿורן זיך אויסגעצויגן אין אַ לאַנגער שורה. דער נאַמיעסטניק איז געווען אינגאַנצן פֿאַרזונקען אין מחשבות און בענקעניש, מיט אַמאָל האָבן אים פֿון דער דאָזיקער פֿאַרטראַכטקייט אויפֿגעוועקט אָפּגעריסענע ווערטער פֿון אַ ליד:

„טוזשי, טוזשו, דאָס האַרץ טוט וויי”...

טיף אין וואַלד, אויף אַ שמאָלן שטעג, וואָס איז דורך די פֿויערן אויסגעטרעטן געוואָרן, האָט זיך באַוויזן באָהון. זיין פֿערד איז געווען באַדעקט אַזוי גרויס ווי עס איז מיט שוים און בלאָטע.

אַפּנים, אַז דער קאָזאַק האָט, ווי זיין שטייגער איז, זיך געלאָזט אין די סטעפּעס און וועלדער, כּדי זיך צונויפֿצוגיסן מיטן ווינט, פֿאַרלוירן גיין אין דער ווייטקייט און זיך פֿאַרגעסן, און דעם צער פֿון דער נשמה—איבערטראָגן, ביז ער וועט פֿאַרגיין.

איצט האָט ער זיך גראָד אומגעקערט קיין ראָזלאָגי.

קוקנדיק אויף די דאָזיקע שיינע, אמת-ריטערלעכע פֿיגור, וועלכע איז נאָר פֿאַרבייגעלאָפֿן און נעלם-געוואָרן, האָט הער סקשעטוסקי נישט ווילנדיק זיך געטראַכט, און אפֿילו אַ ברום געטון אונטער דער נאָז.

— אַ גליק פֿונדעסטוועגן, וואָס ער האָט פֿאַר אירע אויגן צוהאַקט אַ מענטש.

פּלוצלונג האָט עפּיס אַ רחמנות-געפֿיל אים אָנגעכאַפּט ביים האַרץ. ס'איז אים געווען אַ רחמנות אויף באָהונ'ען, נאָכמער איז אים געווען אַ שאָד דאָס, וואָס, געבנדיק זיין וואָרט דער פֿירשטין, האָט ער נישט געקאָנט אָט איצט אים אָניאָגן אויפֿן פֿערד און זאָגן:

— מיר ליבן איין מיידל, איינער פֿון אונז דאַרף, אַלזאָ, נישט לעבן אויף דער וועלט. צי אַרויס, קאָזאַק, דיין שווערט!

# 5. קאַפּיטל

אָנקומענדיק קיין לובני, האָט הער סקשעטוסקי נישט געטראָפֿן אין דערהיים דעם פירשט, וועלכער איז געווען אָפּגעפֿאָרן צום הער סופּטשינסקי, איינער פֿון זיינע אַמאָליקע הויף-לייט, קיין שיינטשא צו דער טויף-צערעמאָניע. מיט אים זיינען אויך געווען די פירשטין, די צוויי פֿריילינס זבאַראַזש און פֿיל פּערזאָנען פֿון הויף. מ׳האָט דעריבער מודיע געווען קיין שיינטשא, סיי וועגן נאַמיעסטניקס צוריקקער פֿון קרים, און סיי וועגן אָנקומען פֿון שליח. ביני-לביני האָבן די באַקאַנטע און חברים זיך פריילעך באַגריסט נאָך סקשעטוסקיס לאַנגער נסיעה, און באַזונדערס הער וואָלאָדיאָווסקי, וועלכער איז נאָכן לעצטן דועל געווען אונזער נאַמיעסטניקס נאָענטסטער ידיד. דער דאָזיקער ריטער האָט זיך אויסגעצייכנט דערמיט, וואָס ער איז תּמיד געווען פֿאַרליבט. נאָכדעם, ווי ער האָט איינגעזען, אַז אַנושאַ באָזשאָבאָהאַטאַ איז נישט אויפריכטיק, האָט ער זיין עמפּינדלעך האַרץ געהאַט געווענדעט צו אַניעלאַ לענסקאַ, אויך אַ פֿריילין פֿון הויף. אָבער ווען דאָס דאָזיקע פֿריילין האָט אויך, גראָד מיט אַ חודש צוריק, חתונה געהאַט מיטן הער סטאַניעווסקי, האָט וואָלאָדיאָווסקי זיך געטרייסט דערמיט, וואָס ער האָט זיך פֿאַרליבט אין דער אַלטער פּירשטין אַננאַ, זבאַראסקא אַ טאָכטער פֿון פירשט ווישניאָוויעצקיס שוועסטער.

ער האָט אָבער אַליין זיך געכאַפּט, אַז דאָס מאָל איז ער צו הויך פֿאַרקראָכן און אַז ער קאָן זיך נישט טרייסטן מיט דער מינדעסטער האָפֿנונג, בפֿרט אַז אויך די האַנט פֿון דער פּירשטין האָבן שוין געבעטן אין נאָמען פֿון הער פּשיעמסקי, דעם לענטשיצער וואָיעוואָדאס זון, זיינע שליחים, הער באָדזינסקי און הער לאַסאָטאַ. דער שלימזלדיקער וואָלאָדיאָווסקי האָט טאַקע

דערציילט אונזער נאַמיעסטניק וועגן זיין נייעם עגמת־נפש, איבערגעבנדיק אים אַלע ענינים און סודות פון הויף, וועלכע זענען דעם נאַמיעסטניק אין איין אויער אַריין און פון דעם אַנדערן אַרויס, ווייל זיין מוח און האַרץ זענען געווען פאַרנומען מיט עפעס אַנדערש. ווען נישט די אומרויִקייט פון זיין נשמה, וואָס יעדע ליבע, הגם געגנזייטיקע, רופט שטענדיק אַרויס, וואָלט סקשעטוסקי זיך געפילט גליקלעך צוליב דעם, וואָס נאָך אַ לאַנגער אָפּוועזנהייט איז ער צוריקגעקומען קיין לובני, ווו ער האָט געפונען אַרום זיך פריינטלעכע פנימער און יענעם טומל פון זעלנערישן לעבן, מיט וועלכן ער איז שיין פון לאַנג אָן געווען געוווינט. לובני האָט, אַלס שלאָס־רעזידענץ פון פירשט, געקאָנט מיט איר פראַכט זיך אויסגלייכן מיט אַלע „קעניגלעכע" הויפן, פונדעסטוועגן איז געווען אַ חילוק צווישן איר און זיי: אין לובני איז דאָס לעבן געווען שטרענג, ווי אין אַ אמתן לאַגער. ווער עס האָט ניט געקענט די דאָרטיקע מנהגים און סדר, דער וואָלט, אָנקומענדיק אפילו אין דער רויִקסטער צייט, געקאָנט מיינען, אַז דאָרט גרייט זיך עפעס אַ גרויסע מלחמה. איר האָט דאָרט געזען מער זעלנער, ווי הויפלייט, מער אייזן, ווי גאָלד, איר האָט דאָרט געהערט גיכער קלאַנגען פון לאַגער־טרומייטן, איידער דעם טומל פון בעלער און פאַרוויילונגען — אומעטום האָט געהערשט אַ מוסטערהאַפטע אָרדנונג און אַ זעלטענע דיסציפּלין; אומעטום האָט נעווימלט פון ריטער פון פאַרשידענע פאָלקן: פון דראַגונישע, קאָזאַקישע, טאָטערישע, וואַלאַכישע און פאַנצער־פאָלקן, אין וועלכע עס האָבן געדינט ניט בלויז אַלע תושבים פון יענער זייט דניעפּר, נאָר די פרייוויליקע שלאַכטע פון אלע געגנטן פון דער רעפּובליק. ווער עס האָט געוואָלט זיך לערנען אין אַ ריכטיקער ריטערלעכער שול, דער איז געקומען קיין לובני; צוזאַמען מיט מענטשן פון רוס האָט איר דאָרט געקאָנט טרעפן מאַזור אין ליטא און קליין־פּאָליאַקן, יאָ, אַפילו פרוסאַקעס אויך. די פוס־גייער־רעגימענטן און די אַרטילעריע, אָדער דאָס אַזוי גערופענע „פייערדיקע פאָלק", איז באַשטאַנען דער עיקר פון געבליבענע דייטשן, וואָס

זענען געדונגען געוואָרן פֿאַר אַ הויכער שכירות — אין די דראַגונער-פּאָלקן האָבן דאָס רוב געדינט די אָרטיקע — ליטא אין די טאָטערישע פּאָלקן. קליין-פּאָליאַקן ווידער האָבן זיך גערן געריסן אין די פּאַנצער-פּאָלקן. פֿירשט ווישניאָוויעצקי האָט אויך ניט דערלויבט די ריטער צו פֿוילענצן און דעריבער האָט אין לאַגער תמיד געהערשט אַ באַוועגונג. דאָ האָבן פּאָלקן אַרויסמאַרשירט אין די קאָזאַקן-ישובים און פֿעלד-געצעלטן, אַנדערע האָבן אַריינמאַרשירט אין הויפּט שטאָט — גאַנצע טעג זענען פֿאָרגעקומען מושטרירונגען און איבונגען. הגם די טאָטערס האָבן ניט געשטעפּעט, פֿלעגט דער פֿירשט פֿון צייט צו צייט אונטערנעמען ווייטער עקספּעדיציעס אין די וויסטע סטעפּעס און מדבריות, כדי צוצוגעוווינען די זעלנער צו מאַרשן, אָנצושפּאַרן דאָרט, וווּ קיינער האָט ניט אָנגעשפּאַרט און פֿונאַנדערצוטראָגן דעם רום פֿון זיין נאָמען. אַזוי האָט ער זיך אויך דעם פֿאַרגאַנגענעם הערבסט געלאָזט דורכן לינקן ברעג פֿון דניעפּר קיין קוידאַק, וווּ הער גראָדזיצקי, דער דאָרטיקער פֿאַרוואַלטער, האָט אים מקבל פּנים-געווען ווי אַ אמתן מאָנאַרך; שפּעטער האָט ער מאַרשירט נעבן די פֿעלזן-שוועלן אַזש ביז ראָטצאַ און אויפֿן קבר פֿון די קוטשקאַסן האָט ער געהייסן אָנשיטן אַ גרויסן באַרג פֿון שטיינער צום זכרון און צום צייכן, אַז אין יענער געגנט איז נאָך קיין שום מושל אַזוי ווייט ניט געווען.*)

הער באָגוסלאַוו מאָשקעוויטש, אַ גוטער זעלנער, הגם נאָך אַ יונגערמאַן, און דערביי אויך אַ געלערנטער מענטש, וועלכער האָט באַשריבן די דאָזיקע עקספּעדיציע, פּונקט ווי די אַנדערע מאַרשן פֿון פֿירשט, האָט סקשעטוסקי, אָנדערציילט נסים וועגן איר, און הער וואָלאָדיאָווסקי האָט זיי באַלד באַשטעטיקט, ווייל ער גופֿא האָט זיך אויך געהאַט באַטייליקט אין דער עקספּעדיציע. זיי האָבן באַזוכט די פֿעלזן-שוועלן און זיי באַוווּנדערט, באַזונדערס דעם שרעקלעכן „ניענאַסיטיעץ", וועלכער האָט יאָר-איין, יאָר-

*) אַזוי האָט דערציילט מאָשקעוויטש, וועלכער האָט געקענט ניט וויסן אַז סאַמועל זבאָראָווסקי איז געווען אין סיטש.

אויס, ווי אַמאָל סצילא און כאַריבדא, פֿאַרצערט צו צענדליקער מענטשן. שפּעטער האָבן זיי זיך געלאָזט צום מזרח, צו די פֿאַר-ברענטע סטעפּעס, ווו די רייטער האָבן ניט געקאָנט פֿאָרן איבער דעם טליענדיקן אַש, אַזוי אַז זיי האָבן די פֿיס פֿון די פֿערד גע-מוזט אַרומוויקלען מיט פֿעלן. זיי האָבן דאָרט געטראָפֿן פֿיל עקדישן און ריזיקע שלאַנגען, צען איילן די לענג און דיק ווי אַ מענטשלעכער אָרעם. אויפֿן וועג האָבן זיי אויף די איינזאַמע דעמבעס אויסגעקריצט צום אייביקן אָנדענק די פֿירשטלעכע הערבן און צום סוף זענען זיי פֿאַרקראָכן אין אַזעלכע פּוסטע סטעפּעס, אַז מ'האָט שוין דאָרט קיין שפּור פֿון אַ מענטשן ניט געקאָנט געפֿינען.

— כ'האָב געמיינט — האָט געזאָגט דער גלערנטער הער מאַטשקעוויטש — אַז סוף כל סוף וועלן מיר, ווי אוליס, אָנקומען ביז צום האַדעס.

דאָ האָט זיך הער וואָלאַדיאָווסקי אָנגערופֿן:

— די מענטשן פֿון הער סטראַזשניק זאַמאָיסקיס פּאָלק, וועלכער איז געגאַנגען פֿאָרנט, האָבן געשווירן, אַז זיי האָבן געזען דעם פּונקט, ווּ עס לאָזט זיך אויס די ערד-קויל.

דער נאַמיעסטניק ווידער האָט דערציילט זיינע חברים וועגן קרים, ווו ער האָט פֿאַרבראַכט כמעט אַ האַלב יאָר, וואַרטנדיק אויף די תשובה פֿון דעם כאַן, וועגן די דאָרטיקע שטעט, וואָס זענען פֿאַרבליבן פֿון די אַמאָליקע צייטן, וועגן די טאַטערס און זייער מיליטערישער מאַכט, און צום סוף וועגן דער שרעק, וואָס איז זיי באַפֿאַלן, הערנדיק, אַז די רעפּובליק מיט איר גאַנצן חייל זאָל מאַרשירן אויף קרים.

אַזוי האָבן זיי געפּלוידערט יעדן אָוונט, וואַרטנדיק אויפֿן צוריקקער פֿון פֿירשט — דערווייל האָט דער נאַמיעסטניק פֿאָר-געשטעלט פֿאַר די נאָענטסטע חברים דעם הער לאָנגין פּאָדבי-פּיענטאַ, וועלכער האָט אַלס זיסער מענטש, באַלד נושא-חן גע-ווען ביי אַלע און אַרויסווייזנדיק מיט דער שווערד זיין איבער-מענטשלעכן כּוח, האָבן אים אַלע נאָך מער נושא-פּנים געווען. ער האָט אויך דערציילט וועגן זיין עלטער-זיידן סטאַווייקאָ און

וועגן די אָפּגעהאַקטע דריי קעפּ, ער האָט נאָר פֿאַרשוויגן זיין נדר, נישט וועלנדיק זיך אויסשטעלן אויף לייטישן געלעכטער. באַזונדערס זענען זיך לאָנגין און וואָלאָדיאָווסקי געגנזייטיק גע־פעלן געוואָרן צוליב דעם, וואָס זיי האָבן ביידע געהאַט הייסע הערצער; אין אַפּאָר טעג אַרום זענען זיי ביידע געגאַנגען צוזאַ־מען זיפּצן הינטער די שטאָט, איינער צו אַ שטערן, וואָס האָט געשיינט צו הויך, אַז ער זאָל אים קענען דערגרייכן, דאָס הייסט, צו דער פירשטן אַננאַ,— דער צווייטער צו אַ אומבאַ־קאַנטער, פון וועלכער עס האָט אים אָפּגעשייט דער נדר וועגן די דריי קעפּ.

וואָלאָדיאָווסקי האָט אַפילו געצויגן דעם הער לאָנגין צו די דראַגונער, אָבער דער ליטווינער האָט באַשלאָסן זיך צו פֿאַרשרייבן אין פּאַנצער-פּאָלק, ווייל ער האָט געוואָלט דינען אונטער סקזשעטוסקין, וועגן וועלכן ער האָט מיט צופרידנהייט געהערט אין לובני, אַז אַלע האַלטען אים פֿאַר אַ ערשט-קלאַ־סיקן ריטער און פֿאַר איינעם פֿון פירשטס בעסטע אָפיצירן. און גראָד איז אין פּאָלק, אין וועלכן סקזשעטוסקי איז געווען פּאָרוטשניק, פריי געוואָרן אַ פּלאַץ נאָכן הער זאַקזשעווסקי, וועלכער האָט דעם צונאָמען „האָב רחמנות". זייט צוויי וואָכן איז הער זאַקזשעווסקי געווען מסוכנדיק קראַנק אָן אַ האָפענונג צו בלייבן לעבן, ווייל אַלע זיינע ווונדן האָבן זיך געעפנט צו־ליב דער פייכטקייט. צום נאַמיעסטניקס ליבע-דאגות איז נאָך צו־געקומען דער טרויער צוליב דער דראָענדער אבדה פון אַ אַלטן חבר און געניטן פריינט; שעהן-לאַנג איז ער יעדן טאָג געזעסן ביי אים צוקאָפּנס, נישט אָפּטרעטנדיק פון אים אַפילו אויף אַ שריט, און וויפיל ער האָט געקאָנט האָט ער אים געטרייסט מיט דער האָפנונג, אַז זיי וועלן זיך נאָך צוזאַמען באַטייליקן נישט אין איין מלחמה.

אָבער דער זקן האָט זיך נישט געניטיקט אין קיין נחמה. ער האָט זיך פריילעך געגוסט אויפן אַלטן ריטערלעכן געלע־גער, וואָס איז געווען באַצויגן מיט פעל פון אַ פערד, און כמעט מיט אַ קינדערישן שמייכל האָט ער געקוקט אויפן צלם,

וואָס איז געהאָנגען איבערן בעט. און סקשעטוסקין האָט ער געענטפערט:

— האָב רחמנות, הער פּאָרוטשניק, איך גיי מיר שוין אין מיין אייביקער רו אַריין. מיין גוף איז אַזוי לעכערדיק פון די וווּנדן, אַז איך האָב נאָר מורא דערפאַר, צי דער הייליקער פּעטער, וועלכער איז גאָטס העכסטער שר און איז ממונה איבער דער ריינקייט אין הימל, וועט מיך אַריינלאָזן אין גן־עדן אין אַזאַ געלעכערטן בגד. אָבער איך וועל אים זאָגן: הייליקער פּעטערל, איך באַשווער דיך ביים מלכות־אויער, זיי מיך נישט מבייש, וואָרום דאָס האָבן די געצן־דינער מיר אַזוי אַ תל גע־מאַכט פון מיין לייב... האָב רחמנות! און אויב דער הייליקער מיכאל וועט אונטערנעמען אַ מלחמה קעגן די רוחות פון גיהנום, וועט דער אַלטער זאַקזשעווסקי נאָך צונויץ קומען.

און הגם דער פּאָרוטשניק האָט, אַלס זעלנער, שוין אַזוי פיל מאָל זיך געטראָפן פּנים־אל־פּנים מיטן טויט און אַליין אויך געממיתט אַנדערע, האָט ער פונדעסטוועגן נישט געקאָנט איינ־האַלטן די טרערן, הערנדיק דעם דאָזיקן זקן, וועמענס אָפּ־שטאַרבן איז געווען ענליך צו אַ לויטערן זון־אונטערגאַנג.

אין איין פרימאָרגן האָבן די גלאָקן אין אַלע לובניער קירכעס געקלונגען, אָנזאָגנדיק דעם טויט פון הער זאַקשעווסקי. דעם זעלבן טאָג איז דער פירשט צוריקגעקומען פון שיעגטשאַ און צוזאַמען מיט אים די הערן באַדזינסקי אין לאַסאָטאַ, און אויך דער גאַנצער הויף און פיל שלאַכטשיצעס אין אַפּאָר צענד־ליגג קאַרעטעס, וואָרום ביים הער סופּטשינסקי איז זיך צוזאַמענ־געקומען אַגרויסער עולם, דער פירשט האָט איינגעאָרדנט אַ שיינע לויה, ווילנדיק באַערן די פאַרדינסטן פון פאַרשטאָרבענעם און אַרויסווייזן, ווי ווייט ער האָט געליבט די ריטערס. ס'האָבן זיך אַלזאָ באַטייליקט אין דער טרויער פּראָצעסיע אַלע רעגי־מענטן, וואָס זענען געשטאַנען אין לובני, אויף די פעסטונגס־מויערן האָט מען געשאָסן פון ביקסן און האַרמאַטען. די קאַוואַ־לעריע איז געגאַנגען פון שלאָס ביז צו דער שטאָטישער קירך אין מיליטערישע אָרדנונג אָבער מיט איינגעוויקלטע פאָנען; היני־

טער איִר זענען געגאַנגען די פוס־גייער־רעגימענטן מיט איבער־געקערטע ביקסן. דער פירשט אַליין, אָנגעטון אין טרויער, איז געפאָרן הינטערן אָרון אין אַ באַגילטער קאַרעטע, געשפּאַנט אין אַכט גרויסע פערד ווי מילך, וואָס זייערע האָר און עקן זענען געווען העל־רויט געפאַרבט און אויף די קעפּ האָבן זיי געהאַט בינטלעך פון שוואַרצע שטרויס־פעדערן. פאַר דער קאַרעטע איז געגאַנגען אַ אָפּטיילונג פון יאַנטשאַרן, וואָס בילדן דעם פירשטס לייב־שמירה, באַלד הינטער דער קאַרעטע זענען פּאַזשן אין שפּאַנישער הלבשה געריטן אויף פלינקע פערד, ווייטער די הויכע הויף־באַאַמטע, פאַרשידענע הויף־לייט, און צום סוף די קאַמער־דינער און לאָקאַיעס. די לויה האָט זיך צוערשט אָפּגעשטעלט ביי די טירן פון דער קירך, ווו קסיאָנדז יאַסקולסקי האָט באַגריסט דעם אָרון מיט אַ רעדע, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן מיט די ווערטער: „ווו אַהין איילסטו אַזוי, הער זאַקשעווסקי?" שפּעטער האָבן גערעדט נאָך אַפּאָר פון דער געזעלשאַפט, און צווישן זיי אויך הער סקשעטוסקי, אַלס עלסטער און פריינד פון מת. שפּעטער האָט מען אַריינגעטראָגן דעם קערפּער אין די קירך און דאָ ערשט האָט גענומען דאָס וואָרט דער בעל־דרשן איבער אַלע בעל־דרשנס: קסיאָנדז יעזואיט מוראָוויעצקי, וועלכער האָט אים מספּיד געווען מיט אַזעלכע שיינע און מליצהדיקע ווערטער, אַז דער פירשט אַליין האָט זיך צעוויינט, וואָרום ער האָט געהאַט אַ אויסערגעווענלעך גוט האַרץ און צו די זעלנער איז ער געווען ווי אַ געטרייער טאַטע. ער האָט אָפּגעהיטן אַ אייזערנע דיסציפּלין, אָבער אין גוט־האַרציקייט, גוטע באַהאַנדלונג פון די מענטשן און חסדים, וואָס ער האָט געטון ניט בלויז מיט זיי אַליין, נאָר אויך מיט זייערע קינדער און פרויען, האָט עס ניט געהאַט צו זיך קיין גלייכן. לגבי מורדים איז ער געווען שרעקלעך און אומברחמנותדיק, ער איז אָבער געווען אַ אמתער בעל־טובה ניט בלויז פון דער שלאַכטאַ, נאָר אויך פון זיין גאַנצן פאָלק. ווען אין זעקס און פערציקסטן יאָר האָט דער היישעריק אַ תל געמאַכט פון די תבואות, האָט ער די פּאַכטער געשענקט די פּאַכט־שכירות פאַר אַ גאַנץ יאָר, די

אונטערטאַנען האָט ער געהייסן אַרויסגעבן תבואה פון די שפייכ־לערס, און נאָך דער שרפה אין כאַראַל האָט ער אַלע דאָרטיקע איינוווינער אויסגעהאַלטן אויף זיין חשבון. די ארענדאַטאָרן און וויצע־סטאַראָסטוואָס אין די דערפער האָבן געציטערט, אַז עס זאָל צו אים ניט דערגיין אַ ידיעה וועגן וועלכע עס איז עברות אָדער עולות, וואָס ווערן באַגאַנגען קעגן פאָלק. די יתומים האָבן געהאַט אַזאַ זיכערע אפּוטרופסות, אַז אויף יענער זייט דניעפּר האָט מען זיי גערופן „פּירשטלעכע קינדער". עס האָט איבער זיי געהאַט השגחה די פּירשטן גריזעלדאַ גופא צוזאַמען מיטן פאָטער מוכאַוויעצקי. אויף אַלע פּירשטלעכע געביטן האָט געהערשט אָרדנונג, צופרידנקייט, יושר און מנוחה, אָבער אויך שרעק, ווייל אין פאַל פון דער מינדעסטער ווידערשפּעניקייט איז דער פּירשט געווען אומדערבאַרמיק אין זיין כעס און שטראָפן. אַזוי האָט זיך די מידה פון רחמים אין אים פאַרייניקט מיט דער מידה פון אכזריות. אָבער אין יענע צייטן און אין יענע קאַנטן האָט נאָר אַדאַנק דער דאָזיקער אכזריות געקאָנט בליען און פּרוכפּערן זיך דאָס מענטשלעכע לעבן און די מענטשלעכע מי, נאָר אַדאַנק איר זענען אויפגעבויט געוואָרן שטעט און דערפער, דער ערד־אַרבעטער האָט גובר געווען דעם היידאַמאַק, דער סוחר האָט זיך רויק געפירט זיין מסחר, די גלאָקן האָבן רויק גערופן די גלויביקע צו דער תפילה, דער שונא האָט זיך ניט דערוועגט אַריבערצוטרעטן די גרענעץ, די גזלנים זענען מאַסן־ווייז אומגעקומען אויף די תליות אָדער זיי זענען געוואָרן גוטע זעלנער, און דאָס וויסטע לאַנד האָט אויפגעבליט.

פאַרן ווילדן לאַנד און פאַר די ווילדע תושבים איז נויטיק געווען דוקא אַזאַ האַנט, ווארום אויף יענער זייט דניעפּר זע־נען געקומען די ווילדעסטע עלעמענטן פון אוקראַינאַ, עס זענען געקומען אַהין די ישובניקעס, וועלכע עס האָט צוגעצויגן די פּרוכטבאַרע ערד, אַנטלאָפענע פּויערים פון אַלע קאַנטן פון דער רעפּובליק, פאַרברעכער, וואָס זענען אַנטלאָפן פון תליות. האַלטן זיי אין דער מורא, פאַרוואַנדלען אין רויקע תושבים און צוגע־ווינען צום באַזעסגעם לעבן—האָט געקאָנט נאָר אַזאַ לייב,

וואָס אויף זיין געשריי איז אַלץ פֿאַרציטערט געוואָרן.

ווען הער לאָנגינוס פּאָדביפּיענטאַ האָט צום ערשטן מאָל אין לעבן דערזען דעם פֿירשט בעת דער לויה, האָט ער זיינע אייגענע אויגן נישט געוואָלט גלויבן. נאָכדעם ווי ער האָט זיך אַזוי פֿיל אָנגעהערט וועגן זיין רום האָט, ער זיך פֿאָרגעשטעלט, אַז דאָס מוז אודאי זיין עפּעס אַ ריז מיט אַ קאָפּ, וואָס האָט זיין גלייכן נישט צווישן מענטשן, און דערווייל איז דער פֿירשט גאָר געווען כמעט פֿון אַ קליינעם ווּקס און געניוג דאַר. ער איז נאָך געווען יונג, בסך־הכל איז ער ערשט אַלט געווען זעקס און דרייסיק יאָר, אָבער אויף זיין פּנים זענען שוין קענטיק געווען די שפּורן פֿון די מלחמות. אין לושני האָט ער באמת געלעבט ווי אַ ריכטיקער מלך, אָבער בעת די מלחמות אין מאַרשן האָט ער מיטגעמאַכט דעם גורל פֿון דעם פּשוטן חבר, ער האָט געגעסן שוואַרץ ברויט און איז געשלאָפֿן אויף דער ערד אויף אַ פֿילץ־טוך, און אַזוי ווי דעם גרעסטן טייל פֿון זיין לעבן האָט ער געפּטרט אויף די אַרבעטן אין לאַגער, האָבן זיי געלייגט זייער הותם אויף זיין פּנים. פֿונדעסטוועגן האָט דאָס דאָזיקע פּנים באַלד אויפֿן ערשטן בליק עדות געזאָגט וועגן אַ אויסערגעוויינלעכן מענטש. עס האָט אויסגעדריקט אַ אייזערנעם ווילן און מאַיעסטעט, פֿאַר וועלכן יעדער האָט נישט ווילנדיק געמוזט בויגן דעם קאָפּ. ס'איז קענטיק געווען, אַז דער דאָזיקער מענטש קען זיין מאַכט און גדולה — און ווען מ'וואָלט אים צומאָרגנס אַרויפֿגעלייגט אַ קרוין אויפֿן קאָפּ, וואָלט די משא פֿון דער דאָזיקער קרוין אים נישט פֿאַרחידושט און אויך נישט צוגעדריקט. אויגן האָט ער געהאַט גרויסע, רויקע, כמעט זיסע, פֿונדעסטוועגן האָט זיך אויסגעדוכט, אַז דונערס ליגן אין זיי איינגעשלאָפֿן און דו האָסט געפֿילט, אַז ווייי וועט זיין צו דעם, וואָס וועט זיי אויפֿוועקן. קיינער האָט נישט געקאָנט אַריבערטראָגן דעם רויִקן גלאַנץ פֿון דעם דאָזיקן בליק און מ'האָט געזען ווי שליחים, אויסגעפּרובטע הויף־לייט, זענען געוואָרן מבולבל און נישט געקאָנט עפֿנען דאָס מויל, ווען זיי האָבן זיך געשטעלט פֿאַרן פֿירשט יערעמי. איבעריגנס איז ער אין זיין

מלוכה אויף יענער זייט דניעפּר געווען אַ אמתער מלך. פון זיין קאַנצעלאַריע זענען אַרויסגעגאַנגען פּריווילעגיעס און באַפעלן: „מיר, מיט גאָטס חסד פירשט און האַר" א. אַ. וו. נישט גרויס איז אויך געווען די צאָל פון די הערן, וואָס ער האָט זיי געהאַלטן פאַר זיינס גלייכן. פירשטן, וואָס זיינען אַרויסגעקומען פון אַמאָליקע מושלים, זיינען ביי אים געווען הויף־באַאַמטע, אַזעלכע איז אויך אין זיין צייט געווען העלענאַס פאָטער, וואַסיל בוליהאַ קורצעוויטש, און די דאָזיקע משפּחה האָט דאָך ווי ס'איז אויבן געזאָגט געוואָרן, געצויגן איר יחוס פון קאָריאַטן און האָט באמת געשטאַמט פון רוריקן.

געווען אין פירשט יערעמי עפּיס אַזוינס, וואָס האָט ניט קוקנדיק אויף זיין איינגעבוירענער גוטסקייט, אָפּגעשטויסן פון זיך די מענטשן. אַזוי ווי ער האָט ליב געהאַט די זעלנער, האָט ער אַליין זיי מקרב געווען צו זיך, — צו אים האָט אָבער קיינער זיך ניט דערוועגט צו נאָענט צו האַלטן. און פונדעסטוועגן, ווען ער וואָלט געהייסן ווען פון די ריטער שפּרינגען אויפן פערד אין תהום פון דניעפּר, וואָלט ער עס אָן שום שהיות געטון.

פון זיין מוטער, דער וואָלאַכערין, האָט ער געירשנט די ווייסקייט פון זיין הויט, יענע ווייסקייט פון צוגליטן אייזן, פון וועלכער עס שלאָגט אַ היץ און די, ווי די, פליגל פון אַ ראָב, שוואַרצע האָר, וואָס איז אויפן גאַנצן קאָפּ געווען אונטערגעגאָלט און נאָר פאָרנט איז זי אַ געדיכטע און אַ אונטערגעשניטענע אַראָפּגעפאַלן איבער די ברעמען און פאַרשטעלט אַ האַלבן שטערן. — ער האָט זיך געקליידט אויפן פּוילישן שטייגער, אויף די הלבשה נישט שטאַרק מדקדק געווען און נאָר בעת גרויסע פייערלעכקייטן האָט ער זיך אָנגעטון אין טייערע בגדים, אָבער דעמאָלט האָט ער אַזוי גרויס ווי ער איז געלויכטן, פון גאָלד און שטיינער. הער לאַנגין האָט מיט אַ פּאָר טעג שפּעטער בייגעוווינט אַזאַ פייערלעכקייט, בעת דער פירשט האָט אויפגענומען דעם ה' ראָזוואַן אורסו. די אוידיענצן פון די שליחים זיינען שטענדיק פאָרגעקומען אין דעם אַזוי גערופענעם הימלישן זאַל, ווייל אויף זיין סופיט איז דער הימל מיט די שטערן

געווען אויסגעמאָלט דורך דעם מאָלער העלם פֿון דאַנציג. דער פֿירשט איז דעמאָלט געזעסן אונטער אַ חופּה פֿון סאַמעט און גראַנאָסטאַיען, אויף אַ הויכן שטול, וועלכער איז געווען ענלעך אויף אַ טראָן און וואָס זיין צופֿוסנס איז געווען באַשלאָגן מיט באַגילטן בלעך; הינט ר דעם פֿירשט איז געשטאַנען פֿירשט מוכאָוויעצקי, דער סעקרעטאַר, מאַרשאַל פֿירשט וואָראָניטש, הער באָגוסלאַוו מאָשקעוויטש, ווייטער די פּאַזשן און צוועלף לייבוועכטער מיט העלעבאַרדן, אָנגעטון אין שפּאַנישע הלבשות; דער זאַל איז געווען איבערפֿולט מיט ריטער אין פּרעכטיקע בגדים. הער ראַזוואַן האָט געבעטן אין נאָמען פֿון האָספּאָדאַר, אַז דער פֿירשט זאָל מיט זיין השפּעה און אימה־אָנוואַרפֿנדיקן נאָמען אויספֿועלן בייר ראַן, אַז ער זאָל פֿאַרווערן די בודזיאַקער טאָטערס אַריינצופֿאַלן אין וואָלאָכיען, ווו זיי האָבן יעדעס יאָר אָנגעמאַכט שרעקלעכע חורבנות און היזקות. דער פֿירשט האָט דערויף געענטפֿערט אין אַ שיינעם לאַטיין, אַז די בודזיאַקער טאָטערס האָבן אַפֿילו ניט שטאַרק מורא פֿאַרן פּאַן אַליין, פֿונדעסטוועגן, ווען טשאַוס־מוזשאַ, דעם פּאַנס שליח, וועט זיין ביי אים אין אַפּריל, וועט ער מיט אים אַ שמועס טון וועגן די וואָלאַכישע עוולות. הער סקשעטוסקי האָט שוין פֿריער געהאַט אָפּגעגעבן אַ באַריכט פֿון זיין שליחות און נסיעה און אויך פֿון אַלץ, וואָס ער האָט געהערט וועגן כמיעלניצקין און זיין אַנטלויפֿן קיין סיטש. דער פֿירשט האָט באַשלאָסן אַרויסצושיקן אַ פּאָר פּאָלקן קיין קודאַק, אָבער ער האָט דעם דאָזיקן ענין ניט צוגעגעבן קיין גרויסע חשיבות. ווען עס האָט אויסגעזען, אַז קיין שום סכנה דר ט ניט דער מאַכט פֿון דער מלוכה אויף יענער זייט דניעפּר, האָבן זיך אין לובני אָנגעהויבן פֿייערלעכקייטן און פֿאַרווײַלונגען, הן לכבוד דעם באַזוך פֿון שליח ראַזוואַן און הן דערפֿאַר, וואָס די הערן באָידזינסקי און לאַסאָטאַ האָבן ענדלעך אין נאָמען פֿון וואָיעוואָדע פּשיעמסקיס זון פֿייערלעך געבעטן די האַנט פֿון דער עלטערער פֿירשטן אַננאַ און באַקומען פֿון דער פֿירשטן גריזעלדאַ אַ גינסטיקע תשובה.

דער קליינער וואָלאָדיאָווסקי איז געווען דער איינציקער

וואָס האָט דערפון ניט ווייניק געליטן, און ווען סקשעטושסקי האָט געפּרוּווט אים טרייסטן און באַרויקן, האָט ער געענטפערט:

— דיר איז גוט, ווייל אויב דו וועסט נאָר וועלן, וועט אַנושאַ באָזשאָבאָהאַטאַ דיר געהערן. זי האָט שוין דאָ די גאַנצע צייט דיך דערמאָנט צום גוטן; כ'האָב געמיינט לכתּחילה, אַז זי טוט דאָס דערפאַר, כּדי אַרויסצורופן אייפערזוכט ביי בוכאָוויעצקין, אָבער כ'זע, אַז זי האָט אים נישט אין זינען, און אַז איר האַרץ געהערט נאָר דיר אַליין.

— וואָס גייט מיך אָן אַנושאַ! גיי דיר צוריק צו איר — איך וועל ניט שטערן. אָבער וועגן דער פירשטין אַננאַ הער־אויף צו טראַכטן, ווייל דו וואָלסט דאַן ענליך געווען אויף איינעם, וואָס וויל פאַרדעקן מיט אַ היטל אַ פעניקס אויף זיין נעסט.

— איך ווייס, אַז זי איז אַ פעניקס און דערפאַר וויל איך פון בענקעניש צו איר אודאי מוזן אויסגיין.

— דו וועסט לעבן און זיך פאַרליבן, אָבער נאָר ניט אין דער פירשטין באַרבאַראַ, ווייל עס וועט ווידער קומען אַ זון פון אַ וואָיעוואָדא און זי דיר אַוועקשאַרן פון אונטער דער נאָז.

— איז דען דאָס האַרץ אַ קנעכט, וועלכן מ'קאָן באַפעלן? וועסטו דען די אויגן פאַרווערן צו קוקן אויף אַזאַ וווּנדערבאַרע בריאה, ווי די פירשטין באַרבאַראַ, וואָס איר אָנבליק וואָלט געווען בכּוח צו רירן אפילו ווילדע בעסטיעס?

— אַ שיינער משל! — האָט הער סקשעטושסקי אויסגעשריגן — כ'זע, אַז דו וועסט זיך אָן מיין הילף באַגיין, אָבער כ'זאָג די נאָכאַמאָל: גיי צוריק צו אַנושאַ, ווייל פון מיין זייט וועסטו זיך אויף קיין שום מניעות ניט אָנשטויסן.

אַנושאַ האָט אָבער אין דער אמת'ן וואלאדיאָווסקי'ן אַפילו ניט אין זין געהאַט. דאַגעגן, האָט זי גערייצט, אינטריגירט און אויפגעבראַכט די גלייכגילטיקייט פון הער סקשעטוס'ין, וועלכער האָט איצט, צוריקקערנדיק נאָך אַזאַ לאַנגער אָפּוועזנהייט, כּמעט אויף איר נישט געקוקט. אין די אָוונטן, ווען דער פירשט איז מיט די חשובסטע אָפיצירן און הויף־לייט געקומען אין פאַרוויילונגס־צימער פון דער פירשטין אַביסל שמועסן, האָט אַנושאַ,

אַרויסקוקנדיק פֿון הינטער דער פֿירשטינס פּלייצעס (ווייל די פֿירשטין איז געווען הויך און אַנושאַ נידריק), זיך געגריבלט מיט איר שוואַרצע אויגעלעך אין נאַמיעסטניקס פּנים, זוילנדיק געפֿונען דעם שליסל פֿון דאָזיקן רעטעניש. אָבער סקשעטוסקיס אויגן, צוגלייך מיט זיינע געדאַנקען, האָבן געבלאָנדזשעט ערגעץ אַנדערשוווּ, און ווען זיין בליק איז געפֿאַלן אויפֿן מיידל, איז ער געווען אַזוי פֿאַרטראַכט און פֿאַרשטאַרט, גלייך ווי ער וואָלט נישט געקוקט אויף יענע אַנושאַ, צו וועלכער ער האָט אַמאָל געזונגען:

„ווי אַ טאַטערישע מחנה,

נעמסטו מיין האַרץ געפֿאַנגען"!...

— וואָס איז מיט אים געוואָרן?—האָט זיך אַליין געפֿרעגט דאָס צובאַלעוועטע ליבלינג פֿון גאַנצן הויף און, טופּנדיק מיטן קליינעם פֿיסל, האָט זי באַשלאָסן די זאַך חוקר־ודורש צו זיין. זי איז, דעם אמת זאָגנדיק, נישט געווען פֿאַרליבט אין סקשע־טוסקין, אָבער זי איז געווען צוגעוווינט צו תּאוהדיקע בליקן און דערפֿאַר נישט געקאָנט אַריבערטראָגן, אַז מ'זאָל אויף איר נישט קוקן. שוין בלויז פֿון כעס אַליין איז זי גרייט געווען זיך צו פֿאַרליבן אין דעם דאָזיקן חצוף.

איינמאָל, לויפֿנדיק מיט גאַרן פֿאַר דער פֿירשטין, האָט זי באַגעגנט דעם הער סקשעטוסקי, וועלכער איז אַרויסגעגאַנגען פֿון פֿירשטס שלאָף־צימער. זי איז אויף אים אָנגעפֿלויגן ווי אַ שטורם, זי האָט אים כמעט אַ שטויס געטון מיט דער ברוסט און צוריקציענדיק זיך שנעל, האָט זי געזאָגט:

— אַך! ווי איך האָב זיך דערשראָקן! גוט מאָרגן, מיין הער!

— גוט מאָרגן, פֿריילין אַננאַ! בין איך דען אַזאַ מנוול, אַז איך האָב אַזש אָנגעוואָרפֿן אַ מורא אויף פֿריילין אַננאַ?

דאָס מיידל איז געשטאַנען מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן, קרייזלענדיק מיט די פֿינגער פֿון דער פֿרייער האַנט די עקן פֿון די צעפּ, אַריבערטרעטנדיק פֿון איין פֿיסל אויפֿן צווייטן און, כלומרשט אַ צומישטע, האָט זי געענטפֿערט מיט אַ שמייכל:

— ע, ניין דאָס, דאָס ניין... בשום אופֿן נישט... ווי איך ליב די מאַמע!

מיט אַמאָל האָט זי אַ קוק געטון אויפֿן פּאָרוטשניק און ווידער באַלד אַראָפּגעלאָזט די אויגן.

— זענט איר נישט אין כּעס אויף מיר?

— איך? אָבער צי גייט אייך דען אָן מיין כּעס?

— דער אמת געזאָגט, ניין. אַ דאגה מיר אייער כּעס. איר מיינט אפֿשר, אַז כ׳וועל באַלד וויינען? הער ביכאָוויעץ איז העפֿלעכער...

— אויב אַזוי, בלייבט מיר נישט עפּעס אַנדערש, ווי אָפּצוטרעטן דאָס פעלד דעם הער ביכאָוויעץ און זיך נישט צו ווייזן פֿאַר די אויגן פֿון פֿריילין אַננאַ.

— איך האַלט אייך דען אָן?

ביי די דאָזיקע ווערטער האָט אַנושאַ אים פֿאַרשטעלט דעם וועג.

— איר קערט צוריק פֿון קרים? — האָט זי געפֿרעגט.

— פֿון קרים.

— און וואָס האָט איר מיטגעבראַכט פֿון קרים?

— כ׳האָב מיטגעבראַכט דעם הער פּאָדביפּיענטאַ. פֿריילין אַננאַ האָט דאָך אים געזען? זייער אַ ליבער און געלאַסענער קאַוואַליר.

— אַוודאי איז ער ליבער פֿאַר אייך. און צו וואָס איז ער געקומען אַהער?

— כּדי פֿריילין אַננאַ זאָל קאָנען אויף אים אויספּרוּוון איר כּח. אָבער איר מוזט זיך ענערגיש דערצו נעמען, ווייל מיר איז באַקאַנט אַ סוד וועגן דעם דאָזיקן קאַוואַליר, צוליב וועלכן ס׳איז אים נישט מעגלעך גובר צו זיין... און אַפֿילו פֿריילין אַננאַ וועט גאָרנישט קאָנען אויפֿטון.

— פֿאַר וואָס איז אים נישט מעגלעך גובר צו זיין?

— ווייל ער קאָן נישט חתונה־האָבן.

— און וואָס גייט דאָס מיך אָן! פֿאַר וואָס ער קאָן נישט חתונה־האָבן?

סקשעטוסקי האָט זיך אַראָפּגעבויגן צום מיידלס אויער אָבער ער האָט געזאָגט זייער הויך און דייטלעך:

— ווייל ער האָט אַ נדר געטון צו לעבן אין פּרישות.

— איר זענט נישט קלוג!—האָט אַנושאַ שנעל אויסגערופן און איז באַלד נעלם געוואָרן, ווי אַ אָנגעשראָקענער פויגל.

דעם זעלבן אָוונט האָט זי פונדעסטוועגן צום ערשטן מאָל אויפמערקזאַם געקוקט אויפן הער לאָנגין. געסט זענען דעם טאָג געווען נישט ווייניק, ווייל דער פירשט האָט געפּראַוועט אַ אָפּשיידס-באַנקעט פאַרן הער באָדזינסקי. אונזער ליטווינער, וועלכער איז געווען אָנגעטון אין אַ ווייסן אַטלאַסענעם אונטער-ראָק און טונקל-בלאָען סאַמעטענעם אויבער-ראָק, האָט אויסגעזען זייער שיין, בפרט, אַז ביי דער זייט האָט אָנשטאָט דער תּלינים-ווערד אים אַראָפּגעהאָנגען אַ לייכטע קרומע שווערד אין אַ באַגילדטער שייד.

אַנושאַ האָט געוואָרפן אירע אויגעלעך אויפן הער לאָנגין אַביסל מיט אַ כּיון, אויף להכעיס דעם הער סקשעטוסקי. דער נאַמיעסטניק וואָלט אָבער פונדעסטוועגן דאָס נישט באַמערקט, ווען נישט וואָלאָדיאָווסקי, וועלכער האָט אים אַ שטויס געטון ביים עלנבויגן און געזאָגט:

— זאָל איך אַריינפאַלן אין געפאַנגענשאַפט, אויב אַנושאַ שאַרט זיך ניט צו צו דעם דאָזיקן ליטווישן דראָנג.

— זאָג דאָס אים אַליין.

— אודאי וועל איך זאָגן. אַ געקליבן פּאָרל וועט דאָס זיין.

— ער וועט זי קאָנען טראָגן אַנשטאָט אַ ספּינקע אין אונטער-ראָק, פּונקט אַזוי צוגעפּאַסט זיינען זיי איינער צום אַנדערן.

— אָדער אַנשטאָט אַ צאַצקע אויפן היטל.

— וואָלאָדיאָווסקי איז צוגעגאַנגען צום ליטווינער:

— מיין הער – האָט ער געזאָגט — ערשט נישט לאַנג זענט איר געקומען אַהער, אָבער אַ שטיפער, זע איך, זענט איר נישט קיין קליינער.

— אָבער פאַרוואָס מיינט איר אַזוי, ברודערקע ה. רצי-קער, פאַרוואָס מיינט איר אַזוי?

— ווייל איר האָט דאָ דעם שיינסטן מיידל פֿון די הויף־פֿרויען שוין פֿאַרדרייט דעם קאָפּ.

— ברודערקע! — האָט פּאָדביפּיענטאַ געזאָגט, צונויפֿפּלייגענדיק די הענט — וואָס פֿאַלט אייך דען איין?

— גיט אַ קוק, מיין הער, אויפֿן פֿרייליין אַננאַ באָזשאָ־באַהאַטאַ, אין וועלכער מיר אַלע זיינען דאָ פֿאַרליבט, ווי זי ווינקט צו אייך מיט די אויגעלעך. אָבער היט זיך, אַז זי זאָל פֿון אייך ניט חוזק מאַכן, ווי זי האָט פֿון אונז חוזק געמאַכט.

ביי די דאָזיקע ווערטער האָט וואָלאָדיאָווסקי זיך אומגע־דרייט אויף איין אָפּצאַס און איז אַוועקגעגאַנגען, איבערלאָזנדיק דעם הער לאָנגין אַ פֿאַרוווּנדעטן. ער האָט זיך אַפֿילו ניט דערוועגט באַלד אַ קוק צו טון אין אַנושאַס זייט און ערשט נאָך אַ גע־וויסער צייט האָט ער פּלוצלונג געוואָרפֿן אַ בליק — אָבער ער איז אַזש פֿאַרציטערט געוואָרן. פֿון הינטער דער פֿירשטין גרי־זעלדאַס אָרעם האָבן צוויי פֿלאַם־פֿייערדיקע אויגן באמת געקוקט אויף אים גיריק און עקשנותדיק. „שטן, לאָז אָפּ!” האָט דער ליטווינער אַ טראַכט געטון און רויט־ווערנדיק ווי אַ יינגל, איז ער אַנטלאָפֿן אין אַ צווייטן ווינקל פֿון זאַל.

אָבער דער נסיון איז געווען אַ שווערער, דאָס דאָזיקע שטנ׳דל, וואָס האָט אַפֿוירגעקוקט פֿון הינטער דער פֿירשטינס פּלייצעס איז געווען אַזוי מלא־חן, די דאָזיקע אויגעלעך האָבן אַזוי פֿיל געלויכטן, אַז עס האָט דעם הער לאָנגין עפּעס געצויגן, אַז ער זאָל אויף זיי כאָטש נאָך אַ מאָל אַ קוק טון. אָבער דאָ האָט ער זיך דערמאָנט אין זיין נדר, פֿאַר די אויגן האָבן זיך אים געשטעלט זערוויקאַפּטור, זיין עלטער־זיידע סטאַווייקאָ־פּאָד־ביפּיענטאַ, די דריי אָפּגעהאַקטע קעפּ און אַ פּחד איז אים באַ־פֿאַלן: ער האָט זיך געצלמט און יענעם אָוונט האָט ער שוין מער ניט געקוקט.

דערפֿאַר אָבער איז ער צומאָרגנס באַגינען געקומען אין סקשעטוסקיס דירה.

— הער נאַמיעסטניק, וועלן מיר שנעל אַרויסמאַרשירן? וואָס האָט איר עפּעס געהערט מכּוח דער מלחמה?

— איר איילט זיך, מיין הער, האָט געדולד, כל־זמן איר זענט נאָך ניט אַריינגעטרעטן אין פאָלק.

הער פאַדביפיענטאַ איז טאַקע נאָך ניט געווען פאַרשריבן אויפן אָרט פון פאַרשטאָרבענעם זאַקשעווסקי. ער האָט געמוזט וואַרטן, ביז עס וועט אַריבער אַ פערטל יאָר, וואָס וואָלט ערשט אויסגעפאַלן דעם ערשטן אַפריל.

אָבער ער האָט זיך באמת געאיילט, און דעריבער האָט ער ווייטער געפרעגט דעם נאַמיעסטניק:

— און זיין מאַיעסטעט דער פירשט, האָט מכּוח דעם גאָר־ניט געזאָגט?

— גאָרניט. משמעות, אַז דער קעניג וועט בּיזן טויט ניט אויפהערן טראַכטן וועגן אַ מלחמה, אָבער די רעפּובליק וויל ניט קיין מלחמה.

— מ'האָט דאָך אָבער געזאָגט אין טשעכרין, אַז עס דראָט אַ מרידה פון די קאָזאַקן?

— ווייזט אויס, אַז דער נדר דאָקוטשעט אויך זייער שטאַרק. וואָס שייך דער מרידה, זייט וויסן, אַז ביז פרילינג וועט זי ניט אויסברעכן, ווייל הגם דער ווינטער איז אַ לייכטער, איז אָבער ווינטער פאָרט ווינטער. מיר האָבן ערשט דעם 15 פעברואַר, אַ ליאַדע טאָג קאָנען נאָך קומען פרעסט, און דער קאָזאַק רירט זיך ניט אין זיין פעלד אַריין, כל־זמן ער קאָן זיך ניט אַרומרינגלען מיט גראָבנס, ווייל הינטער די גראָבנס שלאָגן זיי זיך ווי די ווילדע חיות, אָבער אין פעלד זענען זיי ניט בכּוח אויסצוהאַלטן.

— מוז מען, הייסט עס, וואַרטן אַפילו אויף די קאָזאַקען?

— איר מוזט אויך, מיין הער, אין זינען האָבן דאָס, אַז הגם איר וואָלט בעת דער מרידה געפינען די דריי קעפ, איז נאָך אַ ספק, צי דאָס וועט אייך באַפרייען פון נדר, ווייל עס איז דאָך אַ חילוק צווישן די קרייץ־ריטער אָדער טערקן און אונזערע אייגענע — מיר זיינען דאָך, ווי זאָגט מען עפּעס, קינדער פון איין מאַמע.

— אָ, גרויסער גאָט! איר האָט דאָך מיך געקוילעט אָן אַ

מעסער. וואָס פאַר אַ צרה! זאָל־זשע קסיאַנדז מוכאַוויעצקי מיר פאַרענטפערן די דאָזיקע ספקות, אַ ניט וועל איך קיין איין רגע ניט וויסן פון קיין מנוחה.

מסתמא וועט ער זיי פאַרענטפערן, ווייל דאָס איז אַ געלערנטער און פרומער מענטש, אָבער ער וועט מסתמא אויך ניט זאָגן עפּעס אַנדערש. אַ בירגער־קריג איז אַ ברידער־קריג.

— און ווען אַ פרעמדע מאַכט זאָל די מורדים קומען צו הילף?

— דעמאָלט וואָלט געווען עפּיס אַנדערש, אָבער איצט קאָן איך אייך נאָך איין עצה געבן: וואַרט און האָט געדולד.

אָבער הער סקשעטוסקי גופא האָט ניט געקאָנט פאָלגן די דאָזיקע עצה. עס האָט אים באַהערשט וואָס אַמאָל אַ גרעסערע בענקעניש, עס זענען אים שוין נמאס געוואָרן די הויף־פייערלעכקייטן און די דאָזיקע אַלע פנימער, אויף וועלכע ער האָט אַמאָל אַזוי ליבלעך געקוקט. די הערן באָדזינסקי, לאַסאָטאַ און הער באָזוואַן אורסו זענען שוין אָפּגעפאָרן, און נאָך זייער אָפּפאָרן האָט געהערשט אַ טיפע שטילקייט. דאָס לעבן האָט אָנגעהויבן צו פליסן איינטעניק. דער פירשט איז געווען פאַרנומען מיט זיינע געוואַלדיקע גיטער און יעדן אין דער פרי האָט ער זיך פאַרשלאָסן מיט די קאָמיסאַרן, וואָס זענען אָנגעפאָרן פון גאַנץ רוס און סאַנדאָמירער געגנט — אַפילו צו מיליטערישע איבונגען האָבן נאָר זעלטן געקאָנט פאָרקומען. די טומלדיקע אָפיצירן־באַלן, אויף וועלכע מ׳האָט געשמועסט וועגן די קומענדיקע מלחמות, זיינען סקשעטוסקין שטאַרק דערעסן געוואָרן. ער האָט דעריבער געגומען די ביקס אויפן אָרעם און איז אַנטלאָפן אויף יענע זייט סאָלאָניצאַ, ווו זשולקעוויטש האָט אַ מאָל אַזוי שרעקלעך צוקלאַפּט נאַלעוואַיקאָן, לאָבאָדאַן און קרעמפּסקין. די שפּורן פון יענער שלאַכט, זענען שוין געווען פאַרווישט סיי אין מענטשלעכן זכרון און סיי אויפן שלאַכט־פעלד. נאָר פון צייט צו צייט האָט די ערד נאָך אַרויסגעוואָרפן פון איר שויס ווייסע ביינער, און פון יענער זייט טייך האָט אַרויסגעשטעקט אַ קאָזאַקישע ערד־וואַנד, הינטער וועלכער עס האָבן זיך אַזוי פאַר-

צווייפּלט פֿאַרטיידיקט לאַבאַדאָס און נאַלעוואַיקאָס מחנות. אָבער אויף די ערד-וואַגד איז שוין געווען געדיכט באַוואַקסן מיט דערנער. דאָרט אַהין איז סקשעטושסקי אַנטלאָפֿן פֿון הויף-טומל און אָנשטאָט צו שיסן אויף די פֿייגל, האָט ער זיך פֿאַרזונקען אין געדאַנקען; דאָרט איז פֿאַר זיינע גייסטיקע אויגן געשטאַנען די געשטאַלט פֿון געליבטן מיידל, וואָס איז אַרויסגערופֿן געוואָרן פֿון זיין זכרון און האַרץ; דאָרט צווישן נעבל, געראויש פֿון די דערנער און אומעטיקייט פֿון יענע ערטער, האָט ער דערשפּירט, אַז עס ווערט אים גרינגער אויף זיין פֿון בענקעניש געפּייניקטער נשמה.

אָבער שפּעטער האָבן גענומען פֿאַלן אָפֿטע פֿרילינג-צוזאָגנדיקע רעגנס. סאָלאָניצאַ איז פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ זומפּ. ס׳איז שווער געוואָרן אַרויסצושטעקן דעם קאָפּ פֿון שטוב, אַזוי אַז דער נאַמיעסטניק האָט פֿאַרלוירן אויך די נחמה, וואָס ער האָט געפֿונען אין דעם איינזאַמען אַרומבלאָנדזשען. און דערווייל איז זיין אומרויִקייט געוואַקסן—און נישט בחנם. ער האָט לכתחילה געהאָפֿט, אַז די אַלטע קורצעוויטשעס מיט העלענען, אויב דער פֿירשטין וועט זיך נאָר איינגעבן משלח צו זיין באָהונען, וועלן באַלד אָנקומען קיין לובני, און איצט האָט ער די דאָזיקע האָפֿנונג אויך געמוזט אויפֿגעבן. די רעגנס האָבן פֿאַרדאָרבן די וועגן, דער סטעפּ איז אויף גאַנצע מיילן, אויף ביידע ברעגעס פֿון סולאַ, פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ געוואַלדיקן זומפּ, און כדי אים דורכצופֿאָרן האָט מען געמוזט וואַרטן, ביז די הייסע פֿרילינג-זון וועט אויסזויגן די אָנגעקליבענע וואַסערן און פֿייכטקייט. אין משך פֿון דער דאָזיקער גאַנצער צייט האָט העלענע געמוזט בלייבן אונטער אַ אַפּוטרופּסות, צו וועלכער סקשעטושסקי האָט נישט געהאַט קיין צוטרוי, אין אַ אמתער וועלפֿישער נעסט, צווישן רויע, ווילדע מענטשן, וואָס זענען נאָך דערצו געווען שונאים סקשעטושסקיס. אמת, זיי האָבן צוליב זייער אייגענער טובה געדאַרפֿט האַלטן זייער וואָרט—און זיי האָבן כמעט נישט געהאַט קיין אַנדער ברירה—אָבער ווער האָט געקאָנט דערגיין, וואָס זיי טראַכטן זיך, וואָס זיי ווילן

זיך דערוועגן אָפּצוטון, בפֿרט, אַז עס האָט איבער זיי געוואַכט דער שרעקלעכער קאָזאַקן־פֿירער, וועלכן זיי האָבן אַפּנים אי געליבט און אי מורא־געהאַט איננאיינעם. ס'וואָלט אים לייכט אָנגעקומען אויך זיי צו צווינגען, אַז זיי זאָלן אים אָפּגעבן דאָס מיידל, און אַזעלכע פֿאַלן האָבן טאַקע נישט זעלטן געטראָפֿן. אין זיין צייט האָט אויך דער חבר פֿון אומגליקלעכן נאַלעוואַיקאָ, לאָבאָדאָ, געצוווּנגען די פֿרוי פּאָפּלינסקאַ, אַז זי זאָל אים געבן פֿאַר אַ ווייב דאָס מיידל, וואָס זי האָט דערצויגן, הגם דאָס דאָזיקע מיידל איז אַרויסגעקומען פֿון שלאַכטשיצעס, גרויסע מיוחסים, און הגם זי האָט דעם קאָזאַקן־פֿירער פֿיינט געהאַט מיט דער גאַנצער נשמה. אָבער אויב ס'איז אמת, וואָס מ'האָט דערציילט וועגן באָהונס אונגעהויערן עשירות, האָט ער דאָך לייכט געקאָנט אויסקויפֿן סיי דאָס מיידל און סיי דעם אָנוועער פֿון ראָזלאָגי. און שפּעטער וואָס? שפּעטער—האָט הער סקשעטוסקי געטראַכט—וועלן זיי מיר שפּאַטיש מודיע זיין, אַז עס איז שוין פֿאַרפֿאַלן, און אַליין וועלן זיי אַנטלויפֿן ערגעץ אין די ליט־ווישע אָדער מאַזאָוויער וועלדער, ווו דעם פֿירשטס מעכטיקע האַנט וועט צו זיי אפֿילו נישט קאָנען גרייכן. הער סקשעטוסקי האָט זיך געטרייסלט, ווי אין קדחת ביים דאָזיקן געדאַנק, ער האָט זיך געוואָרפֿן ווי אַ וואָלף אויף דער קייט, ער האָט חרטה געהאַט אויף זיין ריטערלעכן וואָרט, וואָס ער האָט געגעבן דער פֿירשטין—און האָט נישט געוווּסט, וואָס ער זאָל טון. און געווען איז דאָס אַ מענטש, וואָס האָט פֿיינט געהאַט זיך צו לאָזן פֿון די געשעענישן ציפֿן ביי דער באָרד. בטבע איז ער געווען אַ גרויסער אונטערנעמער מיט אַ גרויסער ענערגיע. ער האָט נישט געוואַרט דערויף, וואָס דער גורל וועט אים צושיקן; ער האָט בעסער געוואָלט נעמען דעם גורל פֿאַרן קאַרק און צווינגען אים מזלדיק צוצושפּילן—דערפֿאַר איז אים שווערער ווי וועמען עס איז אַנדערן אָנגעקומען צו זיצן מיט פֿאַרלייגטע הענט אין לובני.

ער האָט אַלזאָ באַשלאָסן צוצוטרעטן צו מעשים. ער האָט געהאַט אַ משרת מיטן נאָמען זשענדזשאַן, אַ קליינער שלאַכטשיץ

פֿון פּאָדלעסיען, אַ זעכצן־יעריק יינגל, אָבער אַ געשיקטער און אַ פֿלינקער, וועלכער האָט מיט זיינע קלוגע המצאות אַריבערגע־שטיגן נישט איין אַלטן פֿוקס. אַט דעם דאָזיקן בחור האָט ער באַשלאָסן אַרויסצושיקן צו העלענען, און אויך אויף אויסשפּירונ־גען. סאיז שוין געווען סוף פֿעברואַר; די רעגנס האָבן אויפֿגע־הערט צו גיסן, סאיז געווען אַ יסוד צו דערוואַרטן, אַז דער חודש מערץ וועט זיין אַ שיינער, און די וועגן זענען שוין מסתּמא בעסער געוואָרן. זשענדזשאַן האָט זיך אַלזאָ געקליבן אין וועג אַריין. הער סקשעטוסקי האָט אים מיטגעגעבן אַ בריוו, פּאַפּיר, פֿעדערן און אַ פֿלעשל טינט, וועלכעס ער האָט גע־הייסן היטן ווי דאָס אויג אין קאָפּ, ווייל ער האָט געדיינקט, אַז די דאָזיקע זאַכן זענען נישט בנמצא אין ראָזלאָגי. דעם בחור האָט ער אויך אָנגעזאָגט, אַז ער זאָל נישט אויסגעבן פֿון וועמען ער איז, אַז ער זאָל מאַכן דעם אָנשטעל, דאָס ער פֿאָרט קיין טשעכרין און זאָל זיך גוט צוקוקן צו אַלץ, און באַזונדערס זאָל ער חוקר־ודורש זיין וועגן באָהונען, ווו ער איז און וואָס ער טוט. זשענדזשאַן האָט זיך נישט געלאָזט צוויי מאָל איבער־חזרן די אינסטרוקציעס, האָט אַראָפּגערוקט דאָס היטל טיף אויף אַ אויער, האָט אַ פֿייף געטון מיט דער בייטש און איז אַוועק־געפֿאָרן.

פֿאַרן הער סקשיטוסקי זענען געקומען שווערע טעג פֿון דערוואַרטונג. כּדי צו פֿאַרטרייבן די צייט האָט ער געקעמפֿט אויף שטעקנס מיטן הער וואָלאָדיאָווסקי, וועלכער איז געווען אַ גרויסער מומחה אין דעם דאָזיקן שפּיל, אָדער געוואָרפֿן די שפּיז אין אַ רינג. עס האָט אויך פּאַסירט אין לובני, אַ פֿאַל, וועלכער האָט שיער נישט געקאָסט דאָס לעבן פֿון נאַמיעסטניק. איינמאָל האָט דער בער זיך אָפּגעריסן פֿון דער קייט, האָט צוניזוקט אויפֿן שלאָס־הויף צוויי קייט־קנעכט, האָט אָנגעשראָקן די פֿערד פֿון הער קאָמיסאַר כלעבאָווסקי און צום סוף זיך געוואָרפֿן אויפֿן נאַמיעסטניק, וועלכער איז גראָד געגאַנגען פֿון וואָפֿן־מאַגאַזין צום פֿירשט, אָן שווערד ביי דער זייט, האַלטנדיק אין דער האַנט נאָר אַ לייכטן שטעקן מיט אַ מעשענעם קעפּל.

דער נאַמיעסטניק וואָלט אודאי אומגעקומען, ווען ניט העד לאָנגין, וועלכער האָט דערזען פון וויאָפּן-הויז, וואָס עס טוט זיך, וואָלט ניט געכאַפּט זיין תּלינים-שווערד און געלאָפן צו הילף. העד לאָנגין האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ער איז אַ ווירדיק אייניקל פון זיין עלטער-זיידע סטאַווייקאָ, ווייל פאַר די אויגן פון גאַנצן הויף האָט ער מיט איין האַנט-באַוועגונג אָפּגעהאַקט דעם קאָפּ פון בער צוזאַמען מיט דער לאַפּע. דעם דאָזיקן באַווייז פון אויסערגעוויינלעכער גבורה האָט באַוואונדערט פון פענסטער דער פירשט אַליין, וועלכער האָט שפּעטער אַריינגעפירט דעם העד לאָנגין אין די חדרים פון דער פירשטין, ווו אַנושאַ באָזשאַבאָ-האַטאַ האָט צו אים אַזוי געוווּנקען מיט די אויגעלעך, אַז ער האָט צומאָרגנס געמוזט גיין זיך מתודה זיין און שפּעטער האָט ער גאַנצע דריי טעג זיך נישט געוויזן אין שלאָס, ביז ער האָט דורך הייסע תּפילות נישט פאַרטריבן דעם יצר-הרע.

בינו-לבינו זענען אַריבער צען טעג, און זשענדזשאַנען האָט מען נאָך אַלץ ניט צוריק געזעען. אונזער העד יאַן איז פון דער וואַרטונג אָפּגעדאַרט געוואָרן און אַזוי אַראָפּ פון פּנים, אַז אַנושאַ האָט אַזש דורך שליחים זיך גענומען אויספרעגן, וואָס עס איז אים—און קאַרבאָני, דעם פירשטס דאָקטאָר, האָט אים פאַרשריבן עפּעס אַ רפואה צו מרה-שחורה. אָבער אַ אַנדערע רפואה האָט ער נויטיק געהאַט, ווייל בייטאָג און ביינאַכט האָט ער געטראַכט וועגן זיין פירשטין — און ער האָט וואָס אַמאָל שטאַרקער געפילט, אַז ניט עפּעס אַ לייכטזיניק געפיל האָט זיך באַזעצט אין זיין האַרץ, נאָר די גרויסע ליבע, וועלכע מוז באַפרידיקט ווערן, ווייל אַנדערש איז זי עלול צו צערזעצן די מענטשליכע ברוסט ווי אַ שוואַכע כלי.

ס'איז דעריבער לייכט זיך פאָרצושטעלן העד יאַנס שמחה, ווען אין איין טאָג איז פאַרטאָגס אין זיין דירה אַריינגעקומען זשענדזשאַן אַ פאַרבלאָטיקטער, אַ פאַרמאַטערטער, אַ אָפּגעמאָ-גערטער, אָבער אַ פריילעכער און מיט אַ גוטער בשורה, וואָס מ'האָט געקאָנט אַראָפּלעזן פון זיין שטערן. דער נאַמיעסטניק איז גלייך אַראָפּגעשפּרונגען פון בעט, איז צוגעלאָפן צו אים

און אָנכאַפּנדיק איִם פֿאַר די הענט, האָט ער אויסגעשרינגן:

— בריִוו האָסטו?

— כ׳האָב, מיין הער. אָט זענען זיי.

דער נאַמיעסטניק האָט געכאַפּט און גענומען לעזן. אַ לאַנגע צייט איז ער געווען מסופּק, צי אַפּילו אין גליִקלעכסטן פֿאַל וועט איִם זשענדזשאַן ברענגען אַ בריִוו, ווייל ער איז ניט געווען זיכער, צי העלענאַ קען שרייבן. די מיידלעך פֿון די קאַנט-געביִטן זענען ניט געווען געלערנט, און העלענאַ איז דערצו נאָך אויפֿגעצויגן געוואָרן צווישן עם-הארצים. אָבער דער פּאָטער האָט אַפּנים זי נאָך אויסגעלערנט די דאָזיִקע קונץ, ווייל זי האָט אָנגעשריִבן אַ לאַנגן בריִוו אויף פֿיִר זייטלעך פּאַפּיִר. די אָרעמע האָט אמת ניט געקענט זיִך אויסדריקן שיין, מליצהדיק, אָבער זי האָט געשריִבן פּשוט, גלייך פֿון האַרץ, די פֿאָלגנדיִקע ווערטער:

— „איִך וועל שוין אייך, מיין הער, קיינמאָל ניִט פֿאַרגעסן, איִר מיִך גיִכער, ווייל איִך הער, אַז עס זענען פֿאַראַן אויך לייכטזיניִקע צוויִשן אייך. אָבער אויב ער האָט אַ יונגל מיִט אַ כּיון אַזאַ ווייטן מהלך געשיקט, איִז דאָס אַ באַווייז, אַז איר האָט מיך ליִב, ווי איִך אייך, און דערפֿאַר דאַנק איִך אייך פֿון טיפֿן האַרץ. איִר זאָלט אויך ניִט מיינען, מיין הער, אַז דאָס איִז ניט קעגן מיין עניוות אייך אַזוי צו שרייבן וועגן דער דאָזיקער ליִבע, אָבער עס איִז שוין בעסער צו זאָגן דעם אמת, איידער צו לייקענען, אָדער איִם באַהאַלטן, ווען אין האַרץ טוט זיך גאָר עפּעס אַנדערש. כ׳האָב אויך אויסגעפרעגט דעם הער זשענדזשאַן, וואָס איִר טוט אין לובני ווי אַזוי מען איִז זיִך נוהג איִן גרויסן הויף, און ווען ער האָט מיִר דערציילט וועגן דער שיינקייט און חן פֿון די דאָרקיקע מיידללך, האָב איך זיִך שיער ניִט צווויינט פֿון עגמת-נפש״...

דאָ האָט דער נאַמיעסטניק מפּסיק געווען דאָס לעזן און אַ פֿרעג געטון זשענדזשאַנען:

— וואָס האָסטו דאָרט, שוטה איינער, אָנדערציילט?

— אַלץ גוט, מיין הער! — האָט זשענדזשאַן געענטפֿערט.

דער נאַמיעסטניק האָט ווייטער געלעזן:

„... וואָרום ווי אַזוי קאָן איך, אַ פּראָסט מיידל, זיך פאַרגלייכן מיט זיי. אָבער דאָס יינגל האָט מיר געזאָגט, אַז איר ווילט אויף קיין איינע פון זיי נישט קוקן...״

— דאָס הײסטו גוט געזאָגט! — האָט באַמערקט דער נאַ־מיעסטניק.

זשענדשזאַן האָט אַפילו נישט געוווּסט, וועגן וואָס עס האַנדלט זיך, ווייל דער נאַמיעסטניק האָט דעם בריוו געלעזן גאַנץ שטיל, אָבער ער האָט געמאַכט אַ מינע פון אַ חכם און אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ מעשה־מענטש. און סקזשעטוסקי האָט ווייטער געלעזן:

„... און באַלד האָב איך מיך באַרויקט, בעטנדיק גאָט, אַז איר זאָלט אויך ווייטער זיין אַזוי צוגענייגט צו מיר און אַז ער זאָל אונז ביידע בענטשן — אמן. איך האָב זיך שוין געהאַט אַזוי פאַרבענקט נאָך אייך, מיין הער, ווי נאָך אַ מאַמע, ווייל מיר, דער יתומה, איז שלעכט אויף דער וועלט, אָבער נישט ביי אייך, מיין הער... גאָט זעט מיין האַרץ, אַז עס איז ריין, אָבער עפּעס אַנדערש איז מיין פּראָסטקייט, וועלכע איר מוזט מיר מוחל זיין...״

ווייטער האָט די שיינע פירשטן מודיע געווען, אַז קיין לובני וועט זי אַרויספאָרן מיט איר מומע, ווי נאָר די וועגן וועלן זיך פאַרבעסערן, און אַז די פירשטן אַליין אײלט זיך צו פאָרן, ווייל פון טשעכרין קומען אָן ידיעות וועגן עפּעס קאָ־זאַקן־אומרוען, זי וואַרט נאָר אויפן צוריקקער פון די יונגע פירשטן, וועלכע זענען געפאָרן קיין באָגוסלאַוו אויפן פערד־יריד.

„איר זענט אַ אמתער כישוף־מאַכער — האָט העלענאַ ווייטער געשריבן — אַז איר האָט געקענט אויך די מומע געווי־נען אויף אייער זייט״.

דאָ האָט דער נאַמיעסטניק אַ שמייכל געטון. ער האָט זיך דערמאָנט, מיט וועלכע מיטלען ער האָט געמוזט איינעמען די דאָזיקע מומע. דער בריוו האָט זיך געענדיקט מיט פאַרזיכערונ־

גען פֿון אַ שטענדיקער און ערלעכער ליבע, וואָס אַ קינפּטיק ווייב דאַרף פֿילן צו איר מאַן. בכלל האָט פֿון דעם דאָזיקן בריוו אַרויסגערעדט אַ כשר האַרץ, און דעריבער האָט דער נאַמיעסטניק געלעזן דעם דאָזיקן האַרציקן בריוו אַ סך מאָל פֿון אָנהויב ביזן סוף, טראַכטנדיק כסדר: „מיין שיין מיידל! זאָל מיך גאָט שטראָפֿן, אויב איך וועל דיך אַמאָל פֿאַרלאָזן".

שפּעטער האָט ער גענומען אויספֿרעגן זשענדזשאַנען וועגן אַלץ.

דער דורכגעטריבענער יונג האָט אים אָפּגעגעבן אַ גענויען דין-וחשבון פֿון דער גאַנצער נסיעה. מ'האָט אים אויפֿגענומען ווי ס'געהערט צו זיין. די אַלטע פֿירשטן האָט אים אויסגעפֿרעגט וועגן נאַמיעסטניק און דערוויסנדיק זיך, אַז ער איז געווען אַ באַרימטער ריטער און דעם פֿירשטס אַ מקורב, און דערצו נאָך אַ רייכער מענטש, איז זי געווען זייער צופֿרידן.

— זי האָט מיך אויך געפֿרעגט — האָט זשענדזשאַן געזאָגט — צי איר, מיין הער, אַז איר זאָגט עפּעס צו, האַלט איר אייער וואָרט, און איך האָב איר דערויף געענטפֿערט: „גנעדיקע מאַדאַם! ווען דאָס דאָזיקע פֿערד, אויף וועלכן כ'בין געקומען צו פֿאָרן, וואָלט מיר צוגעזאָגט געוואָרן, וואָלט איך געוווּסט אויף זיכער, אַז עס איז מיין..."

— ביזט אַ פֿויגל—האָט געזאָגט דער נאַמיעסטניק — ווייל אָבער דו האָסט פֿאַר מיר אַזוי גוט-געזאָגט, טו זאָל עס שוין בלייבן ביי דיר. האָסטו, הייסט עס, ניט געמאַכט קיין שום אָנשטעל, נאָר געזאָגט, אַז איך האָב דיך געשיקט?

— כ'האָב געזאָגט, ווייל כ'האָב געזעען, אַז מ'קאָן, און באַלד האָט מען מיך טאַקע נאָך בעסער אויפֿגענומען, און באַזונדערס דאָס פֿריילין, וועלכעס איז אַזוי וואונדערבאַר, אַז קיין צווייטעס וועט מען אויף דער וועלט נישט געפֿינען. און הערנדיק אַז איך קום פֿון אייך, מיין הער, האָט זי שוין ממש נישט געוווּסט, וווּ מיך אַוועקצוזעצן און ווען נישט די פֿאַסט-טעג, וואָלט מיר דאָרט ווויל געווען, ווי אין הימל. לעזנדיק אייער בריוו, מיין הער, האָט זי אים באַגאָסן מיט טרערן פֿון שמחה.

דער נאַמיעסטניק האָט אויך אַ רגע געשוויגן פֿון שמחה און אין אַ ווײַלע אַרום ערשט האָט ער ווידער געפֿרעגט:

— און וועגן יענעם באַהון האָסטו גאָרנישט געהערט?

— כ'האָב נישט געוואָלט פֿרעגן וועגן דעם דאָס פֿרײַלין, אָדער די מאַדאַם, אָבער כ'האָב פֿאַרקניפּט אַ שמועס מיטן אַלטן טאָטער טשעכלי, וועלכער איז אפֿילו אַ געצן־דינער, אָבער אַ געטרײַער משרת פֿון פֿרײַלין. ער האָט מיר דערציילט, אַז זיי האָבן אַלע שטאַרק געמורמלט אויפֿן הער, אָבער שפּעטער האָבן זיי זיך באַרויִקט, ווײַל זיי האָבן דערגאַנגען, אַז דאָס אַלץ, וואָס מ'דערציילט וועגן דעם דאָזיקן באַהונס אוצרות, איז נישט מער ווי אַ באָבע־מעשה.

— ווי? אַזוי אָבער זענען זיי דאָס דערגאַנגען?

— זעט איר, מיין הער, די זאַך איז אַזוי געווען: זיי האָבן געהאַט אַ סכסוך מיט די שיווינסקיס און זיך שפּעטער מתחייב־געווען זיי צו באַפֿרידיקן מיט געלט. ווען ס'איז געקומען דער טערמין, האָבן זיי געזאָגט באַהונען: באָרג אויס! און ער האָט געענטפֿערט: טערקישע גיטער האָב איך טאַקע אַביסל, אָבער קיין אוצרות נישט, ווײַל דאָס, וואָס כ'האָב געהאַט, האָב איך, זאָגט ער, פֿאַרשווענדעט. אַז זיי האָבן דאָס דערהערט, איז ער באַלד בײַ זיי געפֿאַלן אין די אויגן—און זיי האָבן אייך, מיין הער, ליב באַקומען.

— מ'קאָן נישט זאָגן, דו האָסט אַלץ חוקר־ודורש געווען.

— מיין הער, ווען איך וואָלט איינס זיך דערוווסט, און דאָס צווייטע נישט, וואָלט איר דאָך, מיין הער, דעמאָלט צו מיר געקאָנט זאָגן: דאָס פֿערד האָסטו מיר געשיינקט, אָבער דעם זאָטל האָסטו מיר נישט געגעבן. וואָס טויג דעם הער דאָס פֿערד אָן דעם זאָטל?

— גיי, נו, נעם דיר אויך דעם זאָטל.

— איך דאַנק אייך הכנעהדיק, מיין הער. זיי האָבן אויך באַהונען באַלד משלח געווען קיין פּערעיאַסלאַוו, און אַז איך האָב זיך וועגן דעם דערוווסט, האָב איך מיר אַזוי געטראַכט: פֿאַרוואָס זאָל איך אויך נישט זיך אַראָפּכאַפּן קיין פּערעיאַסלאַוו,

אַז דער הער וועט פֿון מיר זיין צופֿרידן, וועל איִך גיִכער באַקומען אַ אויסצייכנונג...

— וועסט באַקומען דעם נייעם קוואַרטל. ביזטו געווען אויך איִן פּערעיאַסלאַוו?

— געווען. אָבער כ'האָב באָהונען דאָרט ניִשט געפֿונען. דער אַלטער פּאָלקאָווניִק לאַבאָדאָ איִז קראַנק. מ'זאָגט אַז באָהון וועט איִנגיִכן נאָך אים ווערן פּאָלקאָווניִק... אָבער דאָרט קומען פֿאָר עפּעס משונהדיִקע זאַכן. פֿון דיִ זעלנער איִז קוים געבליִבן אַ הייפֿל ביים פּאָלק—די איִבעריִקע, זאָגט מען, זענען אַוועק מיט באָהונען, אָדער גאָר אַנטלאָפֿן קיין סיִטש, און דאָס איִז, מיין הער, זייער אַ וויִכטיִקע זאַך, ווייל דאָרט גרייט זיִך משמעות עפּעס אַ מרידה. כ'האָב געוואָלט דוקא דערגיין עפּעס וועגן באָהונען, אָבער נאָר אַזוי פֿיִל האָט מען מיִר געזאָגט, אַז ער איז אַריבער אויפֿן רוסיִשן*) ברעג; נו, טראַכט איִך מיִר, אויב אַזוי דראָט ניִשט אונזער פֿריִילין קיין סכּנה פֿון זיין זייט—און איך האָב מיִך אומגעקערט.

— האָסט גוט געטאָן. און קיין שום סבה האָט מיִט דיִר ניִט פּאַסיִרט אויפֿן וועג?

— ניין, מיין הער, נאָר עס וויִלט זיִך מיִר שרעקלעך עסן.

זשענדזשאַן איִז אַרויסגעגאַנגען, און דער נאַמיעסטניק האָט, בלייבנדיק אַליין, גענומען אויפֿסניי לעזן העלענעס בריִוו און צופֿרעסן צו די ליִפּן זיינע אותיות, וואָס זענען ניִט געווען אַזוי שיין, וויִ דיִ הענט, וואָס האָבן זיי אָנגעשריִבן. זיין האַרץ איִז פֿול געוואָרן מיִט בטחון — און ער האָט זיִך געטראַכט: באַלד וועלן דיִ וועגן אויסטריִקענען, זאָל נאָר גאָט געבן שיינע וועטערן. און וואָס שייך די קורצעוויִטשעס, אַז זיי האָבן זיִך דערוווסט, אַז באָהון איִז אַ קבצן, וועלן זיי מיִך שוין זיִכער ניִט אָפּנאַרן. כ'וועל ביי זיי לאָזן ראָזלאָגי און זיי נאָך עפּעס דערלייגן פֿון מיינס, אַביִ איִך זאָל באַקומען יענעם כייערן שטערן...

*) דעם רעכטן ברעג פֿון דניעפּר האָט מען גערופֿן רוסיִשער, דעם ליִנקן—טאָטעריִשער.

און אָנטועענדיק זיך, איז ער מיט אַ שיינענדיקן פנים, מיט
אַ ברוסט, פול מיט גליק, געגאַנגען אין געבעט-הויז קודם-כל דאַנקען
הכנעהדיק גאָט פאַר דער גוטער בשורה.

# 6 קאַפּיטל.

אין גאַנץ אוקראַינע און אין דער גאַנצער געגנט אויף יענער זייט דניעפּר איז אַנטשטאַנען עפּעס אַ רעש, וואָס האָט אָנגעזאָגט אַ נאָענטן שטורם; עפּעס מאָדנע ידיעות האָבן געוואַנדערט פון דאָרף צו דאָרף, פון קאָלאָניע צו קאָלאָניע, פּונקט ווי יענע געוויקסן, וואָס דער ווינט טראָגט פונאַנדער אין הערבסט איבער די סטעפּעס. אין די שטעט האָט מען זיך געסודלט וועגן עפּעס אַ גרויסער מלחמה, הגם קיינער האָט ניט געוווּסט, ווער און קעגן וועמען עס וועט מלחמה=האַלטן. פּנימער זענען געוואָרן אונרויִק. דער פּויער איז ניט גערן אַרויסגעגאַנגען מיטן אַקער=אייזן אין פעלד, הגם עס האָט זיך פרי איינגעשטעלט אַ שטילער, וואַרעמער פרילינג, און איבער די סטעפּעס האָבן די לערכעס שוין לאַנג געשפּילט. אין די אָוונטן האָבן אין די דערפער זיך צונויפגעקליבן די מענטשן אין קופּעס און, שטייענדיק אויפן וועג, האָבן זיי שטילערהייט געשמועסט וועגן אימהדיקע זאַכן. די בלינדע, וואָס האָבן זיך געדרייט מיט לירעס און געזאַנג, האָט מען אויסגעפרעגט וועגן נייעס. מאַנכע האָט זיך אויסגעדוכט, אַז אין די נעכט זעען זיי עפּעס אָפּגלאַנצן אויפן הימל און אַז די לבנה, וואָס שווימט אַרויס הינטער די וועלדער, איז רויטער ווי תמיד. מ'האָט דאָס אָנגענומען פאַר אַ סימן, אַז מ'דאַרף זיך ריכטן אויף אומגליקן אָדער אויפן טויט פון קיניג— און דאָס אַלץ איז געווען משונהדיק, באַזונדערס דערפאַר, וואָס אין יענע מדינות, וועלכע זענען פון שטענדיק אָן געווינט געווען צו אונרוען, מלחמות, אָנפאַלן, האָט די שרעק נישט געהאַט קיין לייכטן צוטריט; און אויב די בהלה האָט דאָרט פונדעסטוועגן אַלעמען אַזוי באַהערשט, האָט די לופט געמוזט טראָגן אין זיך עפּעס אויסערגעוויינלעך בייזע שטורמען.

באַזונדערס שווער און שטיקנד איז געווען דערפאַר, וואָס קיינער האָט נישט געקאָנט אָנווייזן אויף די סכנה. אָבער צווישן אַלע שלעכטע סימנים זענען געווען צוויי, וואָס האָבן באמת אָנגעזאָגט, אַז אויף עפּעס דאַרף מען זיך פאָרט ריכטן. קודם-כל דאָס, וואָס איבער אַלע דערפער און שטעט האָבן זיך באַוויזן זקנים מיט ליִרעס אין אַ צאָל, וואָס איז ביז איצט נאָך נישט געהערט געוואָרן, און געווען זענען צווישן זיי עפּעס פרעמדע, קיינעם נישט באַקאַנטע פאַרשוינען, וועגן וועלכע מ'האָט זיך געשעפּטשעט, אַז דאָס זענען פּויליִשע זיידעס. אַרומשלעפּנדיק זיך אומעטום, האָבן די דאָזיקע פאַרשוינען אין אַ סודותדיקן טאָן אָנגעזאָגט, אַז עס דערנענטערט זיך דער טאָג פון גאָטס משפט און צאָרן. אַחוץ דעם האָבן די טאָל-באַוווינער אָנגעהויבן שכורן אויף וואָס די וועלט שטייט.

דער צווייטער סימן איז געווען נאָך געפערלעכער. דאָס ענגע און קליינע סיטש האָט נישט געקאָנט שפּייזן אַלע אירע מענטשן, מלחמות האָבן זיך נישט שטענדיק געמאַכט, דערפאַר האָבן די סטעפּעס נישט געגעבן די קאָזאַקן קיין חיונה. אַסך קאָזאַקן האָבן זיך דעריבער אין די רויִקע צייטן יעדעס יאָר צושפּרייט איבער די באַוווינטע געגנטן. גאַנץ אוקראַינא, אַפילו גאַנץ רוס איז געווען פול מיט זיי. איין טייל האָט זיך פאַרדונגען ביי די סטאַראָסטעס, אַ צווייטער טייל האָט פאַרקויפט בראָנפן אויף די וועגן, נאָך אַ טייל האָט זיך איבער די דערפער און שטעט פאַרנומען מיט מסחר און מלכות. כמעט אין יעדן דאָרף איז ווייט פון אַלע אַנדערע געשטאַנען א כאַטע, אין וועלכער עס האָט געוווינט אַ זאַפּאָראָזשער. מאַנכע האָבן אין אַזעלכע כאַטעס געהאַט ווייבער און ווירטשאַפט. און אַזאַ זאַפּאָראָזשער, וועלכער איז געווענלעך געווען אַ דורכגעטריבענער און אויסגעפּרובטער מענטש, איז פּשוט געווען אַ גליק פאַרן דאָרף, אין וועלכן ער האָט געוווינט. זיי זענען געווען די בעסטע שמידן, ראָד-מאַכער, גאַרבער, וואַקס-שלעגער, פישער און יעגער. דער קאָזאַק איז געווען אַ מושלם בכל המעלות, ער האָט אַלץ געמאַכט, ער האָט אויפגעשטעלט אַ הויז און אויפגענייט

אַ זאטל. דאָס זענען אָבער דאָס רוב נישט געווען קיין רויקע תּושבים, ווייל זיי האָבן געלעבט אַ דערווייליק לעבן. ווער עס האָט געוואָלט אַ פּסק־דין מיט כּלי־זיין אויספירן, מאַכן אַ אײַ־בערפאַל אויף אַ שכן, אָדער זיך שיצן פאַר אַ אָנפאַל, האָט נאָר געדאַרפט אַ געשריי־טון און באַלד זענען זיך די יונגע צוזאַמענגעלאָפן, ווי די ראָבן צו דער פּרעס. עס האָט זיך מיט זיי באַנוצט די שלאַכטע, עס האָבן זיך מיט זיי באַנוצט די פּריצים, וואָס קריגן זיך שטענדיק אַרום, ווען אָבער די אַלע געלעגנהייטן זענען נישט געווען, זענען זיי שטיל אין די דער־פער געזעסן און געאַרבעט שווער און מיט ביטערן שווייס אויף אַ שטיקל ברויט.

אַזוי האָט עס אָפּט אָנגעהאַלטן אַ יאָר, צווי, ביז עס איז אָנגעקומען אַ ידיעה וועגן עפּעס אַ גרויסער מלחמה. פון עפּעס אַ אַטאַמאַן קעגן די טאָטערס, צי קעגן די „לאַכן", אָדער גאָר פון די פּוילישע שלאַכטשיצעס קעגן וואַלאַכיען; — און די דאָזי־קע ראָד־מאַכער, שמידן, גאַרבער, וואַקס־שלעגער האָבן תּיכף־ומיד אַוועקגעוואָרפן זייער רויקע באַשעפטיקונג און קודם־כּל זיך גענומען שכּורן אויף וואָס די וועלט שטייט אין אַלע אוק־ראַינישע שענקן.

אַז זיי האָבן שוין אַלץ געהאַט פאַרזאָפן, האָבן זיי וויי־טער געטרונקען אויף באַר, „ניט אויפן חשבון פון דעם, וואָס עס איז פאַרהאַן, נאָר פון דעם, וואָס וועט זיין". דאָס הייסט, אויפן חשבון פון דעם קומענדיקן שלל.

די דאָזיקע ערשיינונג פלעגט זיך אַזוי אָפט איבערחזורן, אַז שפּעטער פלעגן די בעלי־נסיון אין אוקראַינע זאָגן: אָהאָ! די שענקן טרייסלען זיך פון די טאָל באַווינער—אַ סימן, אין אוק־ראַינא וועט עפּעס גולד־ווערען".

און די סטאַראָסטעס האָבן באַלד פאַרשטאַרקט די גאַרני־זאָנען אין די שלעסער, גוט אַכטונג געבנדיק אויף אַלץ, די פּריצים האָבן צוזאַמענגעצויגן דאָס חייל — די שלאַכטע האָט אַרויסגעשיקט די ווייבער און קינדער אין די שטעט.

אין יענעם פרילינג האָבן די קאָזאַקן גענומען טרינקען

אַזוי ווי קיינמאָל ניט, זיי האָבן זיך געלאָזט וואיל-גיין און פאַר-
שווענדעט דאָס גאַנצע פאַרהאָרעוועטע פאַרמעגנס, און דאָט ניט
בלויז אין איין פּאָוויאַט, ניט בלויז אין איין וואָיעוואודזטווע,
נאָר אין גאַנץ רוס, אַזוי לאַנג און ברייט ווי זי איז.

עפּעס האָט זיך אַלזאָ געגרייט אויף אַן אכת, הגם די
טאָל באַוואוינער אַליין האָבן נאָך לגמרי ניט געוווסט, וואָס איי-
גנטלעך עס גרייט זיך. מ׳האָט אָנגעהויבן ריידן וועגן כמיעלניצ-
קין, וועגן זיין אַנטלויפן קיין סיטש, און וועגן די פּעסטונגס-
מענטשן פון טשערקאַסי, באהוסלאָוו, קאָרסון און אַנדערע שטעט,
וואָס זענען אַנטלאָפן נאָך אים — מ׳האָט אָבער אויך עפּעס אַנ-
דערש דערציילט. שוין גאַנצע יאָרן האָבן זיך פאַרשפּרייט ידיעות
וועגן אַ גרויסער מלחמה מיט די געצן-דינער, וועלכע דער קי-
ניג האָט געוואָלט, כדי צו געבן די גוטע יונגן אַ געלעגנהייט
צו באַרייכערן זייער שלל, אָבער די לאַכן האָבן ניט געוואָלט—
און איצט האָבן זיך די אַלע ידיעות צונויפגעמישט און אַרויס-
גערופן אין די מענטשלעכע מוחות אַ אונרויקייט און אַ דער-
וואַרטונג פון עפּעס אויסערגעוויינלעכע געשעענישן.

די דאָזיקע אומרואיקייט האָט זיך אויך דורכגעריסן דורך
די מויערן פון לובני. אויף די דאָזיקע אַלע סימנים איז געווען
אונמעגלעך צו פאַרמאַכן די אויגן, און באַזונדערס איז דאָס ניט
געווען די טבע פון פירשט יערעמי. אין זיין מלוכה האָט די
אומרויקייט א ת ניט אָנגענומען קיין ממשותדיקע פאָרם — די
מורא האָט אויף אַלע ארויפגעלעגט אַ צוים, אָבער אין אַ געווי-
סע צייט אַרום האָבן פון אוקראַינא אָנגעהויבן אָנצוקומען ידיעות,
אַז דאָ און דאָרט הויבן די פּויערן אָן צו שטעלן אַ ווידער-
שטאַנד דער שלאַכטע, אַז זיי מאָרדן יודן, אַז זיי ווילן מיט
געוואַלד זיך פאַרשרייבן אין מיליטער און מלחמה-האַלטן מיט די
געצן-דינער און אַז די צאָל פון די אַנטלאָפענע קיין סיטש
ווערט וואָס אַמאָל גרעסער.

דער פירשט האָט דעריבער פונאַנדערגעשיקט שליחים: צום
הער קראַקאָווסקי, צום הער קאַלינאָווסקי צו לאָבאָדאַן אין
פּערעיאַסלאַוו—און אַליין האָט ער צוזאַמענגעצויגן די סטאַדעס

פון די סטעפּעס און די חיילות פֿון די פּעסטונגען, ביני־לביני זענען אָנגעקומען באַונרוּיקנדיקע ידיעות. דער הער גרויס־העטמאַן האָט מודיע געווען אַלץ, וואָס ער האָט געוווּסט וועגן כמיעלניצקין, ער האָט אָבער ניט משער געווען, אַז פֿון דעם דאָזיקן ענין זאָל קאָנען גולד־ווערן אַ שטורם; דער הער פֿעלד־העטמאַן האָט געשריבן, אַז „די הולטאַיעס ווימלען געוויינלעך, ווי די ווערם, אין פֿרילינג". בלויז דער אַלטער כאָראָנזשי זאַטשווילעכאָווסקי אַליין האָט צוגעשיקט אַ בריוו, אין וועלכן ער האָט באַשווירן דעם פֿירשט, אַז ער זאָל צו קיין שום זאַך זיך ניט באַציִען מיט ביטול, ווייל אַ גרויסער שטורם רוקט זיך אָן פֿון די ווילדע פֿעלדער. וועגן כמיעלניצקין האָט ער מודיע געווען, אַז פֿון סיטש איז ער אָפּגעפֿאָרן קיין קרים, כדי צו בעטן דעם כאַן וועגן הילף. און ווי עס זיינען מיר מודיע גוטע פֿריינט פֿון סיטש — האָט ער געשריבן — רופֿט דער קאָזאַקן־העטמאַן צונויף פֿון אַלע טייכן דאָס רייטער־און פֿוס־גייער־מיליטער, ניט זאָגנדיק קיינעם, צו וואָס ער טוט דאָס. איך מיין דעריבער, אַז דער דאָזיקער שטורם וועט זיך אויסלאָזן צו אונז. און אויב ער וועט אויסברעכן מיט דער הילף פֿון די טאָטערס, ווער ווייס, צי ער וועט ניט חרוב ומוחרב מאַכן גאַנץ רוס".

דער פֿירשט האָט צו זאַטשווילעכאָווסקין געהאַט מער צוטרוי, איידער די העטמאַנעס אַליין, ווייל ער האָט געוווּסט, אַז אין גאַנץ רוס קען קיינער ניט אַזוי גוט, ווי ער, די קאָזאַקן און זייערע גענג. ער האָט דעריבער באַשלאָסן צונויפצוקלייבן וואָס מער חייל און צו דערזעלבער צייט צו דערגיין דעם גאַנצן אמת.

איינמאָל אין דער פֿרי האָט ער געהייסן צו זיך רופֿן דעם הער ביכאָוויץ, דעם פּאָרוטשניק פֿון וואָלאַכישן פּאָלק, און צו אים געזאָגט:

— איר וועט פֿאָרן מיט אַ שליחות פֿון מיר קיין סיטש, צום הער אַטאַמאַן פֿון די קאָזאַקן. און איר וועט אים איבערגעבן דעם דאָזיקן בריוו מיט מיין חתימה. כדי איר זאָלט אָבער וויסן, ווי אַזוי זיך נוהג צו זיין, זאָג איך אייך מיט וואָס. דער

בריוו איז נאָר אַ אָנשטעל, און די גאַנצע חשיבות פון דער שליחות ליגט אין אייער שכל; איר זאָלט קוקן אויף אַלץ, וואָס דאָרט קומט פאָר, וויפיל מיליטער זיי האָבן צונויפגערופן און צי זיי רופן נאָך צונויף. באַזונדערס באַפעל איך אייך זיך אַריינצולאָזן אין חברותא מיט מענטשן און גוט חוקר-ודורש צו זיין אַלץ וועגן כמיעלניצקין, ווו ער איז און צי ס׳איז אמת, אַז ער איז געפאָרן קיין קרים בעטן הילף ביי די טאָטערס. איר פאַרשטייט?

— ווי מ׳וואָלט עס מיר אויף דער האַנט אונטערגעשריבן.

— איר וועט פאָרן קיין טשעכרין, אויפן וועג זאָלט איר נישט אָפּרוען לענגער ווי איין נאַכט. אָנקומענדיק קיין טשעכרין זאָלט איר גיין צום כאָראָנזשי זאַטשווילִיכאָווסקי, אַז ער זאָל אייך פאַרזאָרגן מיט בריוו פון זיינע פריינט אין סיטש, וועלכע איר וועט די בריוו אָפּגעבן בסוד. יענע וועלן אייך אַלץ זאָגן. פון טשיכרין וועט איר מיטן וואַסער פאָרן קיין קידאַק, איר וועט זיך אין מיין נאָמען בויגן פאַרן הער גראָדזשיצקי און אים איבערגעבן דעם דאָזיקן בריוו. ער וועט אייך הייסן איבערפירן דורך די פעלזן-שוועלן און צושטעלן די נויטיקע איבערפירער. אין סיטש זאָלט איר זיך אויף נישט זוימען. קוקט, האָרכט און קומט צוריק, אויב איר וועט לעבן, ווייל דאָס איז אַ סכנהדיקע נסיעה.

— מיין לעבן, הער פירשט, איז אין אייער רשות. וויפיל מענטשן זאָל איך מיטנעמען?

— נעמט מיט פערציק מאַן. איר וועט זיך לאָזן אין וועג אַריין אָוונט-צייט און פאַרן אָפּפאָרן וועט איר נאָכאַמאָל קומען צו מיר נאָך אינסטרוקציעס. אַ וויכטיקע שליחות גיב איך אייך איבער.

הער בילאָוויץ איז אַרויסגעגאַנגען אַ צופרידענער; אין פאָדער-הויז האָט ער באַגעגנט סקשעטוסקין מיט אַ פאָר אָפיצערן פון דער אַרטילעריע.

— נו, וואָס איז דאָרט געווען?

— איך לאָז מיך היינט אין וועג אַריין.

— וואַהין, וואַהין?
— קיין טשעכרין, און פון דאָרט ווייטער.
— אויב אַזוי קומט מיט מיר-האָט סקשעטוסקי געזאָגט.
ער האָט אים אַריינגעפירט אין זיין קוואַרטיר און דאָרט אים געגומען שטאַרק בעטן, אַז ער זאָל אים אָפּטרעטן די דאָזיקע פונקציע.
— דו ביזט דאָך אַ פריינט-האָט ער געזאָגט-פאַרלאַנג וואָס דו ווילסט, אַ טערקיש פערד וועל איך דיר געבן, ס׳וועט מיר קיין שום זאַך נישט צו טייער זיין, אַבי איך זאָל נאָר קאָנען פאָרן, ווייל מיין נשמה רייסט זיך אין יענע מקומות! אויב דו ווילסט געלט, וועל איך דיר געבן, אַבי לאָז מיך פאָרן. קיין כבוד וועט דאָס דיר נישט פאַרשאַפן, ווייל די מלחמה, אויב אַזעלכע וועט זיין, וועט זי נאָך פריער אויסברעכן-און דו קאָנסט אומקומען. כ׳ווייס אויך, אַז פונקט ווי נאָך אַנדערע, האָסטו אויך ליב אַנושאַן, און אויב דו וועסט אַוועקפאָרן, וועט מען זי ביי דיר צונעמען.
דער לעצטער אַרגומענט האָט געווירקט אויפן הער ביכאָוויץ מער ווי אַלע אַנדערע, פונדעסטוועגן האָט ער זיך אָקעגנגעשטעלט. וואָס וואָלט דער פירשט געזאָגט, ווען ער וואָלט אָפּגעטרעטן; וואָלט ער אים דאָס נישט פאַר אומגוט גענומען? אַזאַ שליחות איז דאָך אַ סימן פון צוגענייגטקייט מצד דעם פירשט.
דערהערענדיק דאָס, איז סקשעטוסקי געלאָפן צום פירשט און תיכף געהייסן דעם פאַזש אים מעלדן ביים פירשט.
באַלד איז דער פאַזש צוריקגעקומען און מודיע געווען, אַז דער פירשט דערלויבט אַריינצוגיין.
דאָס האַרץ פון נאַמיעסטניק האָט געקלאַפּט, ווי מיט אַ האַמער פון מורא, אַז ער זאָל נישט דערהערן דאָס קורצע: „ניין!" נאָך אַזאַ אָפּזאָג וואָלט ער געמוזט פון אַלעם זיך מיאש זיין.
— און וואָס ווילסטו זאָגן? — האָט געפרעגט דער פירשט, דערזעענדיק דעם נאַמיעסטניק.

סקשעטוסקי האָט זיך פאַר אים גענויגט ביז צו די פיס.

— הער פירשט, כ'בין געקומען הכנעהדיק בעטן, אַז די עקספעדיציע קיין סיטש זאָל מיר איבערגעגעבן ווערן. ביכאָוויעץ וועט זי מיר אפשר אָפּטרעטן, ווייל ער איז מיינער אַ פריינט, און מיר גייט עס ממש אין לעבן, אַז איך זאָל זי באַקומען — הער ביכאָוויעץ האָט אָבער מורא, אַז אייער פירשטערלעכער מאַיעסטעט וועט דערפאַר אויף אים בייז זיין.

— אָבער וואָס רעדסטו?—האָט דער פירשט אויסגערופן — איך וואָלט דאָך קיין אַנדערן ווי דיך נישט געשיקט, נאָר כ'האָב גערעכנט, אַז דו וועסט נישט גערן פאָרן, נאָכדעם, ווי דו האָסט ערשט נישט לאַנג דורכגעמאַכט אַזאַ לאַנגע נסיעה.

— גנעדיקער פירשט, ווען מ'וואָלט מיך אַפילו יעדן טאָג געשיקט, וואָלט איך מיט שמחה געפאָרן אין יענע מקומות.

דער פירשט האָט אויף אים אַ קוק געטון מיט זיינע שוואַרצע אויגן און אין אַ ווייל אַרום געפרעגט:

— וואָס האָסטו דאָרט?

דער נאַמיעסטניק איז געשטאַנען אַ צומישטער, ווי אַ שולדיקער, נישט קאָנענדיק אַריבערטראָגן דעם פאָרשנדיקן בליק.

— כ'זע שוין, אַז כ'מוז זאָגן דעם אמת — האָט ער זיך אָנגערופן — וואָרום אייער חכמה, גנעדיקער פירשט, קאָנען קיין שום המצאות נישט בייקומען, איך ווייס אָבער נישט, צי איר וועט מיר וועלן טון אַ חסד.

און דאָ האָט ער גענומען דערציילן, ווי אַזוי ער האָט זיך באַקענט מיט דער טאָכטער פון פירשט וואַסיל, ווי אַזוי ער האָט זיך אין איר פאַרליבט, און אַז ער וואָלט געוואָלט זי איצט באַזוכן, און צוריקקערנדיק פון סיטש, זי אַראָפּברענגען קיין לובני, כדי זי צו שיצן פאַר די קאָזאַקן־מהומות און פאַר באָהונס ווילדן אָנגריף. ער האָט נאָר פאַרשוויגן די שווינדלערישע פלענער פון דער אַלטער פירשטין, ווייל אַזוי האָט ער איר צוגעשווירן. אָבער ער האָט אַזוי שטאַרק געבעטן דעם פירשט, ער זאָל אים איבערגעבן ביכאָוויעצס שליחות, אַז דער פירשט האָט זיך אָנגערופן:

— איך וואָלט דיר אַזוי אויך דערלויבט צו פֿאָרן און מיטצונעמען מענטשן, אָבער אַז דו האָסט יאָ אַלץ אַזוי קלוג איינגעאָרדנט און צונויפֿגעבונדן דיין ליבע מיט דער דאָזיקער שליחות, מוז איך שוין פֿאַר דיר דאָס טון.

ביי די דאָזיקע ווערטער האָט ער אַ פּאַטש געטון אין די הענט און געהייסן דעם פּאַזש רופֿן דעם הער ביכאָוויעץ.

דער נאַמיעסטניק האָט מיט שמחה געקושט די האַנט פֿון פּירשט, וועלכער האָט אים אָנגענומען ביים קאָפּ און געהייסן זיין רויק. ער האָט זייער ליב געהאַט סקשעטוסקין אַלס טיכטיקן זעלנער און אָפֿיציר, אויף וועלכן מ׳האָט זיך אין אַלץ געקאָנט פֿאַרלאָזן. אַ חוץ דעם איז צווישן זיי געווען יענע צונויפֿגע-בונדנקייט, וואָס שאַפֿט זיך צווישן דעם אונטערגעוואָרפֿענעם, וואָס פֿאַרערט מיטן גאַנצן האַרץ זיין עלטסטן, און דעם עלטסטן, וועלכער פֿילט דאָס גוט. אַרום פּירשט האָבן זיך שטענדיק גע-דרייט ניט ווייניק הויף-לייט, וועלכע האָבן אים געדינט און געחנפֿעט צוליב זייער אייגענער טובֿה, אָבער יערעמי האָט פֿאַרמאָגט אַ שאַרפֿע תּפֿיסה און גוט געוווסט, וואָס ער זאָל וועגן יעדן טראַכטן. ער האָט געוווסט, אַז סקשעטוסקי איז געווען לויטער ווי אַ טרער—ער האָט אים דעריבער געשעצט און איז אים גע-ווען דאַנקבאַר פֿאַר זיינע געפֿילן.

פֿיל שמחה האָט אים אויך פֿאַרשאַפֿט די ידיעה, אַז זיין ליבלינג האָט זיך פֿערליבט אין דער טאָכטער פֿון וואַסיל קורצע-וויטש, דעם אַלטן דינער פֿון די ווישניאָוויעצקיס, וואָס זיין אָנ-דענק איז געווען דעם פּירשט אי טייער און אי פֿאַרבונדן מיט אַ טיפֿן צער.

— ניט פֿון אומדאַנקבאַרקייט לגבי דעם פּירשט—האָט ער געזאָגט—האָב איך זיך ניט נאָכגעפֿרעגט וועגן מיידל, ווייל אָבער די אַפּוטרופּסים זענען ניט געקומען קיין לובני און קיינער האָט זיך אויף זיי פֿאַר מיר ניט באַקלאָגט, האָב איך געמיינט, אַז זיי זענען ערלעך. קוים אָבער האָסטו זי מיר איצט דערמאָנט, וועל איך וועגן איר געדענקען, ווי וועגן אַ אייגענער.

הערנדיק דאָס, האָט סקשעטוסקי ניט געקאָנט זיך גענוג-

אָפּחידושן אויף דער גוטסקייט פֿון דעם דאָזיקן מושל, וועלכער האָט, דוכט זיך, אַליין געמאַכט זיך פֿאָרווורפֿן דערפֿאַר, וואָס צוליב דעם, וואָס ער איז געווען פֿאַרוואָרפֿן מיט פֿאַרשידענע ענינים, האָט ער זיך ניט פֿאַרנומען מיטן גורל פֿון דעם קינד פֿון זיין אַמאָליקן זעלנער און הויף־דינער.

דערווייל איז אָנגעקומען הער ביכאָוויעץ.

— מיין הער — האָט צו אים דער פֿירשט געזאָגט — איך האָב איינמאָל געזאָגט: אויב דו ווילסט, וועסטו פֿאָרן, אָבער כ'בעט דיך, טו דאָס פֿאַר מיינטוועגן און טרעט אָפּ דיין שליחות סקשעטוסקין. ער האָט זיך זיינע ספּעציעלע, גערעכטע טעמים זי צו פֿאַרלאַנגען און איך וועל אַ טראַכט טון ווי אַזוי אייך צו באַפֿרידיקן דערפֿאַר מיט עפּעס אַנדערש.

— גנעדיקער פֿירשט — האָט ביכאָוויעץ געענטפֿערט — איר טוט מיר אַ גרויסן חסד, וואָס אָנשטאָט צו באַפֿעלן, פֿאַרלאָזט איר זיך אויף מיין גוטן ווילן, און איך וואָלט צו אַזאַ חסד נישט ראוי געווען, ווען איך וואָלט אים נישט אָנגענומען מיטן גרעסטן דאַנק.

— דאַנק־זשע דיין פֿריינט — האָט דער פֿירשט געזאָגט, ווענדנדיק זיך צו סקשעטוסקין — און גיי זיך גרייטן אין וועג.

סקשעטוסקי האָט טאַקע באַדאַנקט בוכאָוויעצן און מיט אַ פּאָר שעה שפּעטער איז ער געווען גרייט. אין לובני איז אים שוין לאַנג שווער געווען איינצוזיצן, און די דאָזיקע עקספּעדיציע האָט באַפֿרידיקט אַלע זיינע ווונטשן. צוערשט האָט ער געוואָלט זען העלענען און שפּעטער — אמת, אַז ער האָט געמוזט אויף אַ לענגערע צייט זי פֿאַרלאָזן, אָבער גראָד אַזאַ צייט איז געווען נויטיק, ביז די וועגן וועלן נאָך די געוואַלטיקע רעגנס אַזוי זיך פֿאַרבעסערן, אַז מ'זאָל קאָנען איבער זיי פֿאָרן. פֿריער וואָלט די פֿירשטין מיט העלענען נישט געקאָנט אַראָפּפֿאָרן קיין לובני, ער וואָלט דעריבער געמוזט אָדער וואַרטן אין לובני, אָדער זיצן אין ראָזלאָגי, דערמיט וואָלט ער אָבער עובר־געווען אויפֿן אָפּמאַך מיט דער פֿירשטן און וואָס איז נאָך ערגער — ער וואָלט אַרויסגערופֿן אַ חשד ביי באַהונען. העלענע וואָלט ערשט אין

לובני געווען גוט באַוואָרנט קעגן זיינע ווילדע פֿלענער. אָבער אַזוי ווי זי האָט נאָך געמוזט אַ לענגערע צייט בלייבן אין ראָזלאָגי, איז דעריבער געווען דאָס גלייכסטע פֿאַר סקשעטוסקין אָפּצופֿאָרן פֿון ראָזלאָגי, דערפֿאַר אָבער צוריקוועגס זי מיטנעמען שוין אונטערן שוץ פֿון פירשטס חייל. אַזוי אויסרעכענענדיק, האָט דער נאַמיעסטניק זיך צוגעאײַלט אָפּצופֿאָרן און נאָכדעם ווי ער האָט אַלץ געהאַט צוגעגרייט, גענומען בריוו און אינ־סטרוקציעס פֿון פֿירשט און געלט אויף די נסיעה פֿון קאַסירער. האָט ער זיך נאָך אַ שטיק פֿאַר נאַכט געלאָזט אין וועג אַריין, מיטנעמענדיק מיט זיך זשענדושאַנען און פערציק מענטשן פֿון פֿירשטלעכן קאָזאַקן־פּאָלק.

# 7. קאַפּיטל.

געווען איז עס שוין אין דער צווייטער העלפֿט פֿון חודש מערץ. די גראָזן זענען געדיכט און הויך געוואַקסן; די פֿעלדבלימעלעך האָבן געבליט, אין סטעפּ האָט געגומען קאָכן דאָס לעבן. פֿאָרנדיק באַגינען אין דער שפּיץ פֿון זיינע מענטשן, האָט זיך דעם נאַמיעסטניק אויסגעדוכטן, אַז ער פֿאָרט איבער אים פֿון גראָז, וואָס וויגט זיך אונטערן ווינט, ווי אַ שטורמישע כוואַליע. און אומעטום איז געווען פֿול מיט פֿריילעכקייט און פֿרילינגס־שטימען: געשוייען, געצווישטשערייען, פּייפּערייען, געקנאַקערייען, געקלאַפּערייען מיט די פֿליגל און פֿריילעכע געזשומערייען פֿון פֿליגן; דער סטעפּ האָט געקלונגען ווי אַ לירע, אויף וועלכער עס שפּילט גאָטס האַנט. איבער די קעפּ פֿון די רייטער האָבן אומבאַוועגלעך געשטעקט אין דער הימל־בלויקייט מחנות פֿון יאַסטרעבן, וועלכע האָבן געהאַט אַ פּנים פֿון אויסגעהאָנגענע צלמים, דריי־עקן פֿון ווילדע גענז, שנורן פֿון זשוראַוולעס; אויף דער ערד האָבן אַרומגעהיפּט סטאַדעס פֿון ווילדע פֿערד: אָט פֿליט אַ סטאַדע סטעפּ־פֿערד, מ׳זעט ווי זיי שפּאַלטן מיט דער ברוסט דאָס גראָז, לויפֿן ווי אַ וויכער און בלייבן שטיין אין אַ האַלב־עיגול אַרום די רייטער ווי איינגעגראָבענע, מיט צולאָזטע גזשיוועס, פֿונאַנדערגעלאָזענע נאָזלעכער און פֿאַרחידושטע אויגן! וואָלסט ג מיינט, זיי ווילן צוטרעטן די אומגעבעטענע געסט. אָבער נאָך אַ ווײַלע און זיי צולויפֿן זיך פּלוצלינג און פֿאַרשווינדן פּונקט אַזוי שנעל, ווי זיי זענען אָנגעלאָפֿן — בלויז די גראָזן רוישן, בלויז די בלומען בלענדן! די פֿערדישע טריט זענען אַנטשוויגן געוואָרן, ווידער הערט מען בלויז דאָס שפּילן פֿון די פֿייגל. דוכט זיך פֿריילעך, אָבער עפּעס אַ אומעטיקייט איז פֿאַרבאָרגן אין דער דאָזיקער פֿריילעכקייט, ס׳איז

טומלדיק, דולט זיך, און דערביי פּוסט — אָ! און ברייט, און רחבותדיק! מיט קיין פֿערד וועסטו ניט אָניאָגן, מיט קיין געדאַנק וועסטו ניט אָניאָגן... עס בלייבט דיר נאָר ליב צו באַקומען דעם דאָזיקן אומעט, די דאָזיקע פּוסטקייט, די דאָזיקע סטעפּעס און מיט אַ פֿאַרבענקטער נשמה איבער זיי צו שוועבן, צו רוען אויף זייערע קברים, זייער שטים צו פֿאַרנעמען און אָפּצוענטפֿערן.

באַגינען איז עס געווען. גרויסע טראָפּנס האָבן געפֿינקלט אויף די בוימעלעך און גראָז, דער פֿרישער בלאָנדיקער ווינט האָט געטרוקנט די ערד, אויף וועלכער עס זענען נאָך די רעגנס געשטאַנען ברייטע קאַלוזשעס, וואָס האָבן אויסגעזען ווי פֿונאַנדערגעגאָסענע טייכלעך, וועלכע לויכטן אַקעגן דער זון. דעם נאַמיעסטניקס מחנה האָט מאַרשירט לאַנגזאַם, ווייל ס'איז שווער געווען צו איילן זיך, מחמת די פֿערד זיינען אָפֿט ביז איבער די קני געזונקען אין דער צעווייקטער ערד. אָבער דער נאַמיעסטניק האָט זיי לאַנג ניט געלאָזט רוען איבער די קברים-בערגלעך, ווייל ער האָט זיך געאיילט אי צו באַגריסן און אי זיך באַלד צו שיידן. צומאָרגנס מיטאָג-צייט, נאָכדעם ווי ער איז דורכגעפֿאָרן אַ שטיק וואַלד, האָט ער שוין דערזען די ווינט-מילן אין ראָזלאָווי, וואָס זיינען געווען צעוואָרפֿן איבער די בערגלעך און אַרומיקע קברים. דאָס האַרץ האָט אים געקלאַפּט, ווי מיט אַ האַמער. קיינער ריכט זיך דאָרט אויף אים, קיינער ווייסט ניט, אַז ער וועט קומען; וואָס וועט זי זאָגן, אַז זי וועט אים דערזען? אָ, אָט זיינען שוין די שכנותדיקע כאַטעס, וואָס ליגן באַהאַלטן אין די יינגע קאַרשן-גערטנער — נאָך ווייטער דאָס צוצויגענע דאָרף פֿון די הויף-לייט. און נאָך ווייטער זעט זיך אויף דער ברוגעם אויפֿן הויף-פּלאַץ. דער נאַמיעסטניק האָט גענומען יאָגן דאָס פֿערד אין גאַלאָפּ און הינטער אים אויך זיינע באַגלייטער; זיי זיינען געפֿלויגן אַזוי דורכן דאָרף מיט אַ געקלאַנג און געפּילדער. דאָ און דאָרט איז אַ פּויער אַרויסגעלאָפֿן פֿון דער כאַטע, האָט אַ קוק געטאָן און זיך איבערגעצלמט: שדים, אָדער ניט קיין שדים? טאָטערס, אָדער ניט קיין טאָטערס? די בלאָטע

שפּריצט אַזוי פון אונטער די קאָפּיטעס, אַז עס איז ניט געווען צו דערקענען, ווער עס פליט. און זיי זיינען דערווייל אַנגעלאָפן צום פּלאַץ און זיך אָפּגעשטעלט פאַרן פאַרמאַכטן טויער.

— העי דאָרט! עפנט ווער עס איז!

דער טומל, קלעפּ און געביל פון די הינט האָבן אַרויס־געררופן די מענטשן פון הויף. זיי זיינען צוגעלאָפן צום טויער אין איין שרעק, מיינענדיק, אַז אַ שונא פאַלט־אָן.

— ווער איז?

— עפנט!

— די פּירשטן זענען נישט אין דער היים.

— עפנט, געצן־דינער! מיר קומען פון פירשט פון לובני.

די דינער האָבן צום סוף דערקענט סקשעטוסקין.

— דאָס זייט איר, גנעדיקער הער — באַלד, באַלד!

מ'האָט געעפנט דאָס טויער, און באַלד איז אויך די פּירשטן אַליין אַרויסגעקומען פון פאָדער־הויז און, פאַרשטעלנדיק מיט דער האַנט די אויגן, האָט זי געקוקט אויף די אָנגעקומענע.

סקשעטוסקי איז אַראָפּגעשפּרונגען פון פערד און, צוגייענדיק צו איר, האָט ער געזאָגט:

— איר דערקענט מיך נישט, גנעדיקע מאַדאַם?

— אָך, דאָס זייט איר, הער באַמיעסטניק. כ'האָב געמיינט, טאָטערס פאַלן אָן. איך בייג זיך און פאַרבעט אין שטוב אַריין.

— איר חידושט זיך אודאי, מאַדאַם — האָט סקשעטוסקי געזאָגט, אַריינקומענדיק אין שטוב — וואָס איר זעט מיך אין ראָזלאָגי. אָבער איך האָב מיין וואָרט נישט געבראָכן. דאָס האָט מיך דער פּירשט אַליין געשיקט קיין טשעכרין און נאָך ווייטער. ער האָט מיך דערביי געהייסן זיך פאַרהאַלטן אין ראָזלאָגי און זיך פרעגן, וואָס איר מאַכט.

— איך בין זייער דאַנקבאַר דעם גנעדיקן פּירשט פאַר זיין חסד און טובה. האָט בדעה שנעל פון ראָזלאָגי אַרויסצוטרייבן?

— ער טראַכט אַפילו ניט וועגן דעם, יוויל ער ווייס ניט, אַז מ'דאַרף אייך אַרויסטרייבן, און איך וועל מיין וואָרט מקיים

זיין. איך וועט בלייבן אין ראָזלאָגי; כ׳האָב געגוג מיין אייגן ברויט.

דערהערנדיק דאָס, איז די פירשטין אויפגעמונטערט גע־וואָרן און זי האָט געזאָגט:

— זעצט זיך, גנעדיקער הער, און זייט פריילעך, ווי איך פריי מיך מיט אייך.

— און דאָס פריילין איז געזונט? ווו איז זי?

— כ׳ווייס, אַז איר זייט ניט געקומען צו מיר, מיין קאַ־וואַליר. זי איז געזונט, געזונט; פון ליבע איז דאָס מיידל נאָך פעטער געוואָרן. אָבער באַלד וועל איך זי רופן, און אַליין וועל איך מיך אַ ביסל איבערטאָן, ווייל ס׳איז מיר אַ בושה אַזוי געסט מקבל־פנים צו זיין.

די פירשטין איז געווען אָנגעטאָן אין אַ קלייד פון אָפּגע־שאָסענעם [redacted] ציץ, אין אַ פעלץ פון אויבן און שטיוול פון קאַלבס־פעל אויף די פיס.

אין דער רגע אין העלענאַ, הגם מ׳האָט זי נאָך ניט גע־האַט גערופן, אַריינגעלאָפן אין חדר, ווייל פון טאַטער טשעבלי האָט זי זיך דערוווסט, ווער עס איז געקומען. זי איז אַריינגע־פאַלן אין חדר אין איילעניש, אַ רויטע ווי אַ קאַרש, און האָט קוים געקאָנט דעם אָטעם כאַפּן, בלויז אירע אויגן האָבן גע־לויכטן פון גליק און שמחה. סקשעטוסקי איז צוגעשפרונגען קושן אירע הענט און נאָכדעם, ווי די פירשטין האָט זיי איבערגעלאָזט אַליין, האָט ער געקושט אויף אירע ליפּן, ווייל ער איז געווען אַ האַסטיקער מענטש. זי האָט זיך אויך ניט זייער שטאַרק אַקעגנגעשטעלט, פילנדיק, אַז די כוחות פאַרלאָזן זי פון צופיל גליק און גדולה.

— און איך האָב זיך אויף אייך ניט געריכט — האָט זי געשעפּטשעט, האַלב פאַרמאַכנדיק אירע שיינע אויגן — אָבער קושט ניט אַזוי פיל, עס איז דאָך ניט שיין.

— ווי אַזוי זאָל איך ניט קושן — האָט דער ריטער גע־ענטפערט—אַז האָניק שמעקט מיר ניט אַזוי זיס, ווי דיינע ליפּן? כ׳האָב געמיינט, אַז איך וועל שוין מוזן איינגעדאַרט ווערן אָן

דיר, אָבער צום גליק האָט מיך דער פּירשט אַליין געשיקט אַהער.

— ווייסט דען דער פּירשט?

— כ'האָב אים אַלץ געזאָגט. און ער איז גאָר צופרידן, ווייל ער האָט זיך דערמאָנט אָן פּירשט וואַסיל: העי, דו, האָסט עפּעס געמוזט מיר אַ כּישוף אָנטאָן, אַ חוץ דיר זע איך נישט די וועלט.

— אַ חסד פון גאָט איז דאָס, וואָס דו ביסט אַזוי פאַרבלענדט.

— געדענקסטו יענעם מופת, וואָס דער בלויפּוס האָט באַוויזן, ציענדיק אונזערע הענט איינס צו דער אַנדערע? אַ פּנים ס'איז שוין געווען אַ באַשערטע זאַך.

— כ'געדענק...

— ווען כ'בין פון בענקעניש געגאַנגען אין לובני צו דער סאַלאַניצא, האָב איך דיך געזען כמעט ווי אַ לעבעדיקע, און ווען כ'האָב אויסגעשטרעקט די הענט, ביסטו נעלם געוואָרן. אָבער דאָ וועסט מיר מער נישט אַנטרונען, ווייל כ'מיין, אַז קיין שום זאַך וועט אונז שוין נישט שטעלן זיך אין וועג.

— און אויב עס וועט זיך שטעלן, וועט עס נישט זיין מיין שולד.

— זאָג־זשע מיר נאָכאַמאָל, אַז דו ליבסט מיך.

העלענא האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן, אָבער זי האָט געענטפערט ערנסט און דייטלעך:

— ווי קיינעם נישט אויף דער וועלט.

— ווען עס וואָלט מיך עמיצער באַשאָטן מיט גאָלד און מיט כבוד, וואָלט איך בעסער וועלן הערן די דאָזיקע ווערטער, ווייל כ'פיל, אַז דו זאָגסט דעם אמת, הגם איך ווייס אַליין נישט, מיט וואָס כ'האָב זוכה געווען, אַז דו זאָלסט מיט מיר טון אַזאַ גרויסן חסד.

— ווייל דו האָסט זיך מרחם געווען אויף מיר, ווייל דו האָסט מיך צוגעטוליעט און זיך אָנגענומען פאַר מיר און גערעדט צו מיר אַזעלכע ווערטער, וועלכע כ'האָב פריער קיינמאָל

ביִשט געהערט.

העלענא איִז אַנטשוויִגן געוואָרן פֿון גערירטקייט, און דער פּאָרוטשניִק האָט אויפסניי גענומען קושן איִרע הענט.

— אַ האַרין וועסטו מיִר זיין, נישט אַ ווייב.

אַ ווײַלע האָבן זיי געשוויִגן, נאָר ער האָט זיין בליִק פֿון איִר ניִשט אַראָפּגעלאָזט, וויִלנדיִק זיִך אָפּנעמען פֿאַר דער גאַנצער צייט, וואָס ער האָט זי ניִשט געזען. זי איִז איִצט איִן זיי.ע אויגן געווען נאָך שענער, ווי פֿריִער. איִן דעם דאָזיִקן טונקעלן חדר, איִן ליִכט פֿון די זון־שטראַלן, וואָס האָבן זיך געבראָכן איִן אַלע רעגנבויגן־קאָליִרן אויף די פֿענסטער־שויבן, האָט זי אויסגעזען ווי יענע בילדער פֿון די הייליקע בתולות איִן די פֿינסטערע קיִרכען־שטובן. און צו דער זעלבער צייט האָט פֿון איִר געשלאָגן אַזאַ וואַרמקייט און לעבן, אַזוי פֿיִל מיידלשער חן און צויבער איִז געווען אויסגעגאָסן אויף איִר פּנים און איִן איִר גאַנצער פֿיִגור, אַז מ'האָט געקאָנט דעם קאָפּ פֿארליִרן, זיִך איינליִבן אויף טויט און ליבן אָן אַ סוף און אָן אַ שיעור.

— פֿון דיין שיינקייט וועל איִך נאָך אודי בליִנד ווערן! — האָט דער נאַמיִעסטניִק געזאָגט.

די פֿיִרשטן האָט אַ שמייכל געטון און דערביי האָבן איִרע ווייסע צײנדלעך פֿריילעך אַרויסגעגלאַנצט.

— פֿריילן אַננאַ באַזשאָבאָהאַטאַ איִז מסתמא הונדערט מאָל שענער פֿאַר מיִר!

— זי איִז איִן פֿערגלייך מיִט דיִר אַקוראַט ווי אַ בלייערנע שיִסל אַקעגן דער לבנה.

— און מיִר האָט הער זשענדזשאַן גאָר עפּעס אַנדערש געזאָגט.

— הער זשענדזשאַן איִז ווערט פּעטש. וואָס גייט מיִך אָן יענץ פֿריילן! זאָלען אַנדערע ביִנען טריִנקען האָניִק פֿון יענער בלום, עס פֿעלט דאָרט ניִשט פֿון דעם מיִן.

דאָס ווייטערדיִקע געשפּרעך איִז איִבערגעריִסן געוואָרן צוליִבן אַרייגקומען פֿון אַלטן טשעכליִ, וועלכער איִז געקומען באַגריִסן דעם נאַמיעסטניִק. ער האָט אים שוין באַטראַכט פֿאַר זיין

קינפטיקן בעל־הבית, און דעריבער האָט ער זיך געבוקט פאַר אים אויף דער שוועל, אָפּגעבנדיק אים שלום-עליכם אויפֿן מזרח־דיקן שטייגער.

— נו, אַלטער טשעכלי, כ׳וועל דיך אויך מיטנעמען מיטן פּרייַלן. דו וועסט איר שוין דינען ביזן טויט.

— נישט לאַנג וועט שוין אויסקומען אויף אים צו וואַרטן, גנעדיקער הער, אָבער אַזוי לאַנג ווי כ׳לעב, וועל איך דינען. גאָט איז איינציקן!

— אין אַ חודש אַרום, אַז כ׳וועל צוריקקערן פון סיטש, וועלן מיר אָפּפאָרן קיין לובני — האָט דער נאַמיעסטניק געזאָגט, ווענדענדיק זיך צו העלענאַן — און דאָרט וואַרט שוין קסיאָנדז מוכאָוויעצקי אויף אונז.

העלענאַ האָט זיך איבערגעשראָקן:

— דו פאָרסט קיין סיטש?

— דער פירשט שיקט מיך מיט בריוו, דו דאַרפסט אָבער נישט מורא האָבן. די פּערזאָן פון אַ שליח איז הייליק אויך ביי געצן־דינער. דיך מיט דער פירשטן וואָלט איך אַפילו באַלד אַוועקגעשיקט קיין לובני, נאָר די וועגן זענען שרעקלעך פאַר־דאָרבן. כ׳האָב אַליין געזען — אַפילו מיט פערד איז נישט לייכט צו פאָרן.

— לאַנג וועסטו בלייבן אין ראָזלאָגי?

— נאָך היינט אין אָוונט פאָר איך אָפּ קיין טשעכרין. וואָס גיכער כ׳וועל מיך שיידן, אַלץ גיכער וועל איך צוריק־קערן. איבריקנס, בין איך אין דינסט ביים פירשט: נישט מיין צייט, נישט מיין ווילן.

— איך פאַרבעט אויף עסן, אויב איר האָט זיך שוין אָנ־געזעטיקט מיט ליבע און צערטלעכקייטן — האָט די פירשטין, אַריינקומענדיק, געזאָגט —האָ, האָ! דאָס מיידל האָט רויטע בעק־לעך, אַפנים איר האָט אומזיסט קיין צייט נישט פאַרלוירן, הער קאַוואַליר! נו, עס חידושט מיך אַפילו גאָרנישט.

ביי די דאָזיקע ווערטער האָט זי גוטמוטיק אַ קלאַפּ געטון העלענאַן איבער דער האַנט און זיי זענען אוועק אויף

מיטאָג, די פירשטין איז געווען זייער פריילעך געשטימט. באַהון איז איר שוין ניט געלעגן אין זכרון, און איצט האָט זיך אַ דאַנק דעם נאַמיעסטניקס גוט-האַרציקייט אַלץ אַזוי איינגעאָרדנט, אַז ראָזלאָגי צוזאַמען מיט אירע ווערדער, פערדער, גרעניצן און קאָלאָניעס וועלן געהערן איר און אירע זין.

און דאָס איז דאָך ניט געווען קיין קלייניקייט.

דער נאַמיעסטניק האָט אויסגעפרעגט וועגן די פירשטן, צי זיי וועלן גיך צוריקקומען.

— איך רעכנט זיך שוין אויף זיי אַ ליאַדע טאָג. זיי זענען תחילת געווען אין כעס אויף אייך, אָבער שפעטער, זע-ענדיק אייער אויפפירונג, האָבן זיי אייך זייער ליב באַקומען, ווי אַ קינדפּטיקן קרוב, ווייל זיי טענהן, אַז אַזאַ העלדישן קאַ-וואַליר איז שווער צו געפינען אין די היינטיקע צייטן פון פחדנות און ווייך-האַרציקייט:

נאָכן מיטאָג איז דער נאַמיעסטניק מיט העלענאַן אַרויסג-גאַנגען אין קאַרשן-גאָרטן, וועלכער האָט זיך געפונען האַרט ביים גראָבן הינטערן פּלאַץ. דער גאָרטן איז געווען באַשאָטן מיט בלומען, ווי מיט שניי, הינטערן גאָרטן האָט זיך געזעען אַ וועלדל, אין וועלכן אַ קוקוק האָט געקוקוקט.

— דאָס איז אַ סימן, אַז מיר וועלן זיין גליקלעך — האָט הער סקשעטוסקי געזאָגט — אָבער מ׳דאַרף אַ פרעג טון.

און ווענדנדיק זיך צום וועלדל, האָט ער געפרעגט:

— קוקוק מיין שיינער! ווי לאַנג וועל איך לעבן צוזאַמען מיט דעם דאָזיקן פריילין?

דער קוקוק האָט גענומען קוקוקן און קוקוקן. זיי האָבן אָבגעציילט פופציק און מער.

— הלואי, גאָט!

— די קוקוס זאָגען שטענדיק אמת — האָט העלענאַ באַ-מערקט.

— אויב אַזוי, וועל איך נאָך פרעגן! — האָט דער אויפגעצ-רוימטער נאַמיעסטניק געזאָגט.

און ער האָט געפרעגט:

— קוקוק מײַן שײנער! און אַ סך װעלן מיר האָבן יונגלעך?

דער קוקוק האָט, װי אױף באַשטעלונג, באַלד גענומען ענטפערן און אָנגעקוקוקט ניט מער און ניט װײניקער װי צװעלף.

הער סקשעטוסקי איז געװען מלא שמחה.

— איך װעל װערן אַ סטאַראָסטע, װי גאָט איז מיר ליב! האָסט געהערט? הא?

— כ׳האָב גאָרנישט געהערט—האָט העלענאַ געענטפערט אַ רױטע װי אַ קאַרש — כ׳װײס אַפילו נישט, װעגן װאָס דו האָסט געפרעגט.

— אפשר זאָל איך נאָכאַמאָל פרעגן?

— דאָס איז אױך ניט נױטיק.

מיט אַזעלכע געשפרעכן און פאַרװײלונגען איז זײ פאַרגאַנגען דער טאָג, װי אַ חלום. אין אָװנט האָט דער נאַמיעסטניק זיך הײס און לאַנג געזעגנט מיט זײַן אױסדערװײלטער און איז אָפּגעפאָרן קײן טשעהרין.

# 8 קאַפּיטל.

אין טשעכרין האָט דער הער סקשעטוסקי געטראָפֿן דעם אַלטן זאַטשווילי־כאָווסקי זייער אַ אויפֿגערעגטן און פֿאַרביטערטן; ער האָט אומגעדולדיק אויסגעקוקט אויפֿן שליח פֿון פֿירשט, ווייל די ידיעות פֿון סיטש זענען געוואָרן וואָס אַמאָל מוראדיקער. עס איז שוין נישט געווען קיין שום ספֿק, אַז כמיעלניצקי האָט מיט כּלי־זיין אין די הענט זיך געגרייט נקמה צו נעמען פֿאַר זיינע עוולות און פֿאַר די אַמאָליקע קאָזאַקישע רעכט. זאַטשווילי־כאָווסקי האָט געהאַט וועגן אים ידיעות, אַז אין קרים האָט ער ביים כאַן געבעטלט הילף פֿון די טאָטערס און אַז אין סיטש האָט מען זיך גערייכט, דאָס ער וועט אַ ליאַדע טאָג מיט איר קומען. ס'האָט זיך בכן געגרייט אין טאָל אַ גרויסע מלחמה קעגן דער רעפּובליק, וואָס וואָלט מיט דער הילף פֿון די טאָטערס געקאָנט אַ תּל מאַכן פֿון לאַנד. דער שטורם האָט זיך אָנגערוקט וואָס אַמאָל נענטער, דייטלעכער, שרעקלעכער. די בהלה, וואָס האָט באַהערשט אוקראַינע, איז שוין נישט געווען מער אומבאַשטימט און אונקלאָר, נאָר מ'האָט שוין פּשוט זיך גערייכט אויף זייערע שחיטות און מהומות. דער גרויס־העטמאַן, וועלכער האָט לכתּחילה פֿון די גאַנצע זאַך זיך נישט גענומען צום האַרצן, האָט זיך איצט נענטער צוגערוקט מיט מיליטער צו טשערקאַסי; די פֿאָרפּאָסטנס פֿון קרוין־מיליטער זענען צוגעקומען אַזש ביז טשעכרין, דער עיקר כּדי צו פֿאַרהאַלטן דאָס אַנטלויפֿן, וואָרום די קאָזאַקן פֿון די פֿעסטונגען און דער המון האָבן מאַסנווייז גענומען אַנטלויפֿן קיין סיטש. די שלאַכטע, האָט זיך געזאַמלט אין די שטעט. מ'האָט געזאָגט, אַז אין די דרומדיקע וואָיעוודזטוועס איז שוין ערקלערט געוואָרן אַ אַלגעמיינע מאָבליזאַציע. מאַנכע האָבן, נישט וואַרטנדיק אויף באַפֿעלן

אַוועקגעשיקט די ווייבער און קינדער אין די שלעסער, און אַליין אַוועק קיין טשערקאַסי. דאָס אומגליקלעכע אוקראַינע האָט זיך צוטיילט אויף צוויי העלפטן; איינע האָט געאיילט קיין סיטש, די צווייטע צום קרוין־לאַגער; איינע האָט געוואָלט, אַז עס זאָל בלייבן די הערשנדיקע אָרדנונג, די צווייטע האָט געשטרעבט צו הפקרדיקער פרייהייט; איינע האָט באַגערט אויפצוהאַלטן די פרוכט פון אַ דורות־לאַנגער אַרבעט, די צווייטע האָט געשטרעבט ביי איר צוצורויבן דאָס דאָזיקע גוטס.ביידע האָבן אינגיכן געזאָלט זייערע ברידערלעכע הענט באַנעצן מיט אייגענעם בלוט. דער שרעקלעכער סכסוך, איידער ער האָט זיך אויסגעזוכט רעליגיעזע לאָזונגען, וועלכע זענען פאַר די טאָל־באַוווינער געווען אינגאַנצן פרעמד, האָט אויסגעבראָכן אַלס סאָציאַלע מלחמה.

אָבער הגם עס האָבן זיך אויפן אוקראַינישן האָריזאָנט אָנגעקליבן שוואַרצע כמאַרעס, הגם די דאָזיקע כמאַרעס האָבן אויסגעשפרייט אַ בייזע פינסטערניש, הגם זיי האָבן אין זיך געטראָגן שטורעמס און די דונערס האָבן זיך געקלאָרט פון איין עק אין צווייטן, האָבן די מענטשן פונדעסטוועגן זיך נישט אָפּגעגעבן קיין דין־וחשבון ווי ווייט דער שטורעם וועט הוליען און בושעווען. אפשר האָט זיך דערפון נישט אָפּגעגעבן קיין דין־וחשבון אויך כמיעלניצקי אַליין, וועלכער האָט דערווייל געשיקט בריוו צום הער קראַקאָווסקי, צום קאָזאַקן־קאָמיסאַר און צום קרוין־כאָראָנזשי. די בריוו זענען געווען פול מיט תרעומות און טענות און צוגלייך אויך מיט שבועות, אַז ער איז געטריי וולאַדיסלאַוו דעם פערטן און דער רעפובליק. צי האָט ער געוואָלט געווינען צייט, אָדער ער האָט אפשר גערעכנט, אַז עפּיס אַ אָפּמאַך קאָן נאָך מאַכן אַ סוף צו דעם סכסוך? פאַרשיידענע השערות זענען וועגן דעם אַרויסגעזאָגט געוואָרן — נאָר צוויי מענטשן האָבן קיין איין שעה זיך נישט געלאָזט פאַרפירן.

די דאָזיקע מענטשן זענען געווען זאַטשווילכאָווסקי און באַראַבאַש.

דער אַלטער פאָלקאָווניק האָט אויך באַקומען אַ בריוו פון כמיעלניצקין. דער בריוו איז געווען פול מיט שפּאָט, דראָונ-

געך און זלזולים. „מיר וועלן מיטן גאַנצן זאַפּאָראָזשער חייל — האָט כליעלניצקי געשריבן — אָנהויבן צו בעטן און פֿאָדערן, אַז עס זאָלן דערפֿילט ווערן יענע רעכט, וועלכע איר, גנעדיקער הער, האָט ביי זיך באַהאַלטן. און ווייל דו האָסט זיי באַהאַלטן צוליב דיין אייגענער טובה און נוצן, דעריבער ערקלערט דיך דאָס גאַנצע זאַפּאָראָזשער חייל פֿאַר ראוי צו זיין פּאָלקאָווניק איבער שעפּסן, אָדער חזירים, אָבער נישט איבער מענטשן. און איך בעט אייך גנעדיקער הער, מיר מוחל זיין, אויב כ'האָב אייך אין יום־טוב פֿון הייליקן ניקאָלאַי מיט עפּעס פּוגע־בכבוד געווען אין מיין אָרימע שטוב אין טשעכרין — און וואָס כ'בין אָן אייער וויסן און רשות אָפּגעפֿאָרן קיין זאַפּאָראָזשע".

— גיט אַ קוק, מיינע הערן — האָט באַראַבאַש געזאָגט צו זאַטשווילכאָווסקין און סקשעטוסקין — ווי אַזוי ער מאַכט דאָס חוזק פֿון מיר, און איך האָב אים דאָך ערשט געלערנט מלחמה־האַלטן און כ'בין זיך מיט אים באַגאַנגען כמעט, ווי אַ פֿאָטער.

— ער איז, הייסט עס, מתרה, אַז מיטן גאַנצן זאַפּאָראָזשער חייל וועט ער פֿאָדערן די רעכט — האָט זאַטשווילכאָווסקי געזאָגט — דאָס איז פּשוט אַ בירגער־מלחמה, די שרעקלעכסטע פֿון אַלע מלחמות.

דערויף האָט סקשעטוסקי זיך אָנגערופֿן:

— איך זע, אַז איך דאַרף זיך איילן; גיט מיר, מיינע הערן, בריוו צו די, מיט וועלכע ס'וועט מיר אויסקומען צו קומען אין פֿאַרבינדונג.

— צום קאָזאַקן־אַטאַמאַן האָט איר?

— כ'האָב פֿון פֿירשט אַליין.

— אויב אַזוי וועל איך אייך געבן צו איינעם פֿון די קאָזאַקן־פּאָלקאָווניקעס, און הער באַראַבאַש האָט דאָרט אויך אַ קרוב באַראַבאַש; פֿון זיי וועט איר זיך אַלץ דערוויסן. און ווער ווייס, צי עס איז שוין נישט צו שפּעט פֿאַר אַזאַ עקספּעדיציע. דער פֿירשט וויל וויסן, וואָס עס הערט זיך דאָרט אויף אַן אמת? — די תשובה איז אַ קורצע: שלעכט! און — וויל ער וויסן, וואָס מ'דאַרף טון? — די עצה איז אַ קורצע: וואָס מער מיליטער

צונויפֿקלייבן און זיך פֿאַרייניקן מיט די העטמאַנס.

— אויב אַזוי, שיקט וואָס גיכער אַ שליח צום פֿירשט מיט דער תשובה און עצה — האָט הער סקשעטוסקי געזאָגט — איך מוז פֿאָרן, ווייל מ׳האָט מיך געשיקט און דעם פֿירשטס באַשלוס קאָן איך נישט ענדערן.

— און ווייסט איר, אַז די דאָזיקע נסיעה איז פֿאַרבונדן מיט שרעקלעכע סכנות? — האָט זאַטשווילִיכאָווסקי געזאָגט — דאָ איז דער המון שוין אַזוי אויפֿגערעגט, אַז ס׳איז אים שווער רויִק איינצוזיצן. אַ נס, וואָס דאָס קרוין־מיליטער איז נאָענט, אַנישט וואָלט זיך דער המון געוואָרפֿן אויף אונז. איצט קאָנט איר שוין פֿאַרשטיין, וואָס דאָרט טוט זיך! איר קריכט גלייך דעם שלאַנג אין האַלז אַריין.

— הער כאָראָנזשי, יונה איז שוין געווען אין בויך פֿון וואַלפֿיש, נישט אין האַלז, און מיט גאָטס הילף איז ער אַרויסגעקראָכן בשלום.

— אויב אַזוי, פֿאָרט. אייער אַנטשלאָסנקייט פֿאַרדינט אַ לויב. ביז קודאַק קאָנט איר פֿאָרן זיכער, דאָרט וועט איר זיך אומקוקן, וואָס איר זאָלט ווייטער טון. גראָדזשיצקי איז אַ אַלטער זעלנער, ער וועט אייך געבן די בעסטע אינסטרוקציעס. און צום פֿירשט וועל איך מסתמא אַליין אַרויספֿאָרן; אויב ס׳איז מיר אויף מיינע אַלטע יאָרן באַשערט זיך צו שלאָגן, וויל איך בעסער אונטער זיין פֿירונג, איידער אונטער דער פֿירונג פֿון אַ אַנדערן. דערווייל וועל איך פֿאַר אייך צוגרייטן אַ שיפֿל מיט איבערפֿירער, וואָס וועלן אייך צופֿירן ביז קודאַק.

סקשעטוסקי איז אַרויסגעגאַנגען און איז גלייך אַוועק צו זיין קוואַרטיר אויפֿן מאַרק, צום פֿירשטס הויז, כדי צו מאַכן די לעצטע הכנות. נישט קוקנדיק אויף די סכנות פֿון דער דאָזיקער נסיעה, פֿאַר וועלכע ס׳האָט אים געוואָרנט זאַטשווילִיכאָווסקי, האָט דער נאַמיעסטניק געטראַכט וועגן איר מיט אַ געוויסער צופֿרידנקייט. ער וועט זען דעם דניעפּר כמעט אין זיין גאַנצער לענג, ביז צום טאָל און די פֿעלזן־שוועלן און פֿאַר די ריטער פֿון יענער צייט איז דאָס געווען ווי אַ פֿאַרכישופֿט לאַנד, פֿאַר־

זילט אין סודות, צו וועלכן ס׳האָט געצויגן יעדן, וואָס איז געווען להוט נאָך אויסערגעוויינלעכע פֿאַרלויפֿעניש. נישט איינער האָט זיין גאַנץ לעבן געפּטרט אין אוקראַינע, און נישט געקאָנט זיך באַרימען, אַז ער האָט געזען סיטש—סיידן אַז ער האָט זיך געוואָלט פֿאַרשרייבן אין די קאָזאַקן־געמיינשאַפֿט, אָבער דערויף איז צווישן דער שלאַכטע נישט געווען קיין סך בעלנים. די צייטן פֿון סאַמעק זבאָראָווסקי זענען פֿאַרביי און שוין נישט געזאָלט מער צוריקקערן. דער תהום צווישן סיטש און דער רעפּובליק, וועלכער איז אַנטשטאַנען אין די צייטן פֿון נאַלעווייקא און פּאַוולוק, איז נישט בלויז נישט באַזייטיקט געוואָרן, נאָר ער איז נאָך געוואָרן וואָס אַמאָל טיפֿער, און די שלאַכטשיצעס, נישט בלויז די פּוילישע, נאָר אויך די רומענישע, וואָס האָבן זיך נישט אָפּגעשיידט פֿון די טאָל־באַוווינער נישט מיטן לשון און נישט מיט דער אמונה, פֿלעגן שוין וואָס ווייניקער קומען קיין סיטש. אַזעלכע בוליהאָס קורצעוויטשעס איז נישט געווען קיין סך צווישן דער שלאַכטע; בכלל איז די שלאַכטע איצט געטריבן געוואָרן קיין סיטש, צו די קאָזאַקן, נאָר דורך אַ אומגליק, פֿאַרשיקונג אָדער בכלל דורך וועלכע עס איז באַגאַנגענע חטאים, צוליב וועלכע מ׳האָט געמוזט גיין אָפּריכטן גלות.

און דעריבער איז די רויבער־רעפּובליק אין טייל געווען איינגעהילט אין אַ סודות־שלייער, אומדורכדרענגלעך ווי די דניעפּר־נעבלען. מ׳האָט דערציילט וועגן איר נסים ונפֿלאות, וועלכע הער סקשעטוסקי האָט שטאַרק געהאַט חשק צו זען מיט די אייגענע אויגן.

ער האָט אויך, דעם אמת־געזאָגט, מורא געהאַט, אַז ער וועט פֿון דאָרט נישט צוריקקומען. אַ שליח איז פֿאָרט אַ שליח, בפֿרט אַז ער איז געשיקט פֿון פֿירשט יערעמי.

אַזוי טראַכטנדיק, האָט ער אַרויסגעקוקט דורכן פֿענסטער פֿון זיין דירה אויפֿן מאַרק. בינו־לבינו איז אַריבער אַ שעה, נאָך אַ שעה, מיט אַמאָל האָט זיך סקשעטוסקין אויסגעדוכט, אַז ער זעט עפּעס צוויי באַקאַנטע געשטאַלטן, וועלכע גייען צום דזוואָניעצקי־ווינקל, ווו ס׳איז די קרוים פֿון וואָלאַך דאָפּולאַ.

ער האָט זיך בעסער איינגעקוקט: דאָס איז געווען הער זאַגלאָבאַ מיט באָהונען.

זיי זענען געגאַנגען, האַלטנדיק זיך ביי די הענט און באַלד זענען זיי פאַרשוואונדן געוואָרן אין די פינסטערע טירן, איבער וועלכע ס׳האָט געהאַנגען אַ קראַנץ צום צייכן, אַז דאָרט איז אַ שענק און אַ וויין־קראָם.

דער נאַמיעסטניק האָט זיך געחידושט אי איבער באָהונס אויפהאַלטן־זיך אין טשעכרין און אי איבער זיין פריינדשאַפט מיטן הער זאַגלאָבאַ.

— זשענדזשאַן! אַהער דאָ! — האָט ער גערופן זיין דינער.

דער דינער האָט זיך באַוויזן אין דער טיר פון דער־נעבנדיקן חדר.

— הער נאָר, זשענדזשאַן, דו וועסט גיין אין שענק אַריין, אָט דאָרט אונטער דעם קראַנץ; וועסט דאָרט געפינען אַ דיקן שלאַכטשיץ מיט אַ לאָך אין שטערן און דו וועסט אים זאָגן, אַז עמיצער, וואָס דאַרף אים זייער נויטיק האָבן, וויל אים זען און אַז ער וועט פרעגן ווער, זאָלסטו נישט זאָגן.

זשענדזשאַן איז אַרויסגעלאָפן און ס׳האָט נישט לאַנג געדויערט איז ער צוריקגעקומען צוזאַמען מיטן הער זאַגלאָבאַ.

— זייט באַגריסט, גנעדיקער הער — האָט געזאָגט הער סקזשעטוסקי, ווען דער שלאַכטשיץ האָט זיך באַוויזן אין דער טיר פון חדר — געדענקט איר מיך?

— צי איך געדענק? זאָלן מיך די טאַטערס שמעלצן אויף חלב און מאַכן פון מיר ליכט פאַר זייערע מעטשעס, אויב כ׳האָב פאַרגעסן. דאָס האָט איר דאָך מיט אַ פּאָר חדשים צוריק געעפנט ביי דאָפּולן די טיר פאַר די טשאַפּלינסקיס, וואָס איז מיר זייער געפעלן געוואָרן, ווייל פונקט אויף אַזאַ אויפן האָב איך זיך אָמאָל באַפרייט פון תפיסה אין סטאַמבול. און וואָס טוט הער פּאַוסינאַגאַ פון הערב זערוויפלודרי צוזאַמען מיט זיין שווערד? צי זעצן זיך נאָך אַלץ די פייגל אויף זיין קאָפּ, האַלטנ־דיק אים פאַר אַ איינגעדאַרטן בוים?

— הער פּאָדביפּיענטאַ איז געזונט און האָט געהייסן אייך גריסן.

— דאָס איז זייער אַ רייכער שלאַכטשיק, אָבער אַ גרויר סער שוטה. אויב ער וועט אָפּהאַקן אַזעלכע דריי קעפּ ווי זיין אייגענער, וועט דאָס ערשט אויסמאַכן אָנדערהאַלבן, ווייל ער וועט אָפּהאַקן דריי האַלב־קעפּ*). טפו! ווי הייס, הגם ס׳איז ערשט מערץ. די צונג ווערט פאַרטריקנט אין גאָרגל.

— איך האָב אויסגעצייכנטן מעד, אפשר וועט איר אויס־טרינקען?

— אַ שוטה זאָגט זיך אָפּ, ווען אַ חכם בעט. דער פעלד־טשער האָט מיך טאַקע געהייסן טרינקען מעד, כדי עס זאָל מיר פאַרטרייבן די מרה־שחורה פון קאָפּ. שווערע צייטן קומען איצט פאַר דער שלאַכטע: דער יום־הדין גייט. טשאַפּלינסקי האָט שיער נישט אַ פּגירה איינגענומען פון שרעק, צו דאָפּלן גייט ער נישט, ווייל דאָרט טרינקען די פּאָלקאָווניקעס נאָר איך אַליין שטעל זיך מוטיק אַקעגן דער סכנה און חבר זיך מיט די דאָ־זיקע פּאָלקאָווניקעס, הגם עס הערט זיך פון זיי דער ריח פון דזשעגעדזש. אַ גוטער מעד! ער איז באמת אויסגעצייכנט! פון וואַנען האָט איר אים?

— פון לובני. אַסך זענען דאָ פאַראַן קאָזאַקן־פּאָלקאָווניקעס?

ווער איז דאָ נישטאָ? פעדאָר יאַקובאָוויטש איז דאָ, דער אַלטער פילאָן דזשעדזשאַלאַ איז דאָ, דאַניאל נעטשאַי איז דאָ, און צוזאַמען מיט זיי איז אויך דאָ זייער אויג אין קאָפּ, באָ־הון, וועלכער איז געוואָרן מיינער אַ ידיד זייט כ׳האָב מיט אים געטרונקען און אים צוגעזאָגט צו אַדאָפּטירן. זיי זיצן אַלע איצט אין טשעכרין און פאַרשפּרייטן אַ מיאוסן ריח, קוקנדיק אין וועלכע זייט זיי זאָלן זיך ווענדן, ווייל זיי האָבן נאָך נישט די עצה זיך אָפּן אַרויסצוזאָגן פאַר כמיעלניצקין. אָבער אויב זיי וועלן נישט צושטיין צו כמיעלניצקין, וועט דאָס זיין מיין פאַרדינסט.

— ווי אַזוי דען?

---

*) האַלב־קאָפּ (Półgłówek) — אַ נאַר.

— איך טרינק מיט זיי און בשעת מעשה רעד איך זיי אָן צו זיין געטריי דער רעפּובליק. אויב דער קיניג וועט מיך דערפֿאַר נישט מאַכן פֿאַר אַ סטאַראָסטע, איז אַ סימן, אַז עס איז גישטאָ קיין יושר אין דער דאָזיקער רעפּובליק און נישט קיין שכר פֿאַר פֿאַרדינסטן, און ס׳איז שוין מער תּכלית צו זעצן הינער אויף די אייער, איידער איינצושטעלן דאָס לעבן פֿאַר דער טובה פון כּלל.

— בעסער וואָלט איר געטון, ווען איר וואָלט זיך איינגע־שטעלט און געשלאָגן מיט זיי, אָבער איך זע, אַז איר וואַרפט אַרויס אומזיסט געלט אויף כּיבוד, וואָרום איר וועט זיי אויף אַזאַ אופן סיי ווי סיי נישט געווינען.

— איך וואַרף אַרויס געלט? פֿאַר וועמען האַלט איר מיך? נישט געגוג, וואָס איך לאָז מיך אַריין אין חברותא מיט די דאָ־זיקע כאַמעס, זאָל איך נאָך פֿאַר זיי צוצאָלן פֿאַר מיר.

— און יענער באָהון, וואָס טוט ער דאָ?

— ער? ער שטעלט אָן די אוירן און וויל וויסן, וואָס מען הערט דאָ פֿון סיטש. דאָס זעלבע טוען אויך די איבעריקע. דערצו איז ער אַהערגעקומען. דאָס איז דער ליבלינק פון אַלע קאָזאַקן. זיי שאַרן זיך צו אים ווי די מאַלפּעס, ווייל ס׳איז דאָך זיכער, אַז דער פּערעיאַסלאַווער פּאָלק וועט גיין מיט אים און נישט מיט לאַבאָדאַן. און ווער ווייס, מיט וועמען קשעטשאַווסקיס רעגיסטרירטע וועלן גיין? ווען די טאָל־באַוווינער מאַרשירן אויפֿן טערק אָדער טאָטער, איז ער זייער חבר, אָבער איצט איז ער זיך גוט מיישב, ווייל שכורערהייט האָט ער זיך פֿאַר מיר מודה געווען, אַז ער איז פֿאַרליבט אין אַ טאָכטער פון אַ שלאַכטשיץ און וויל מיט איר חתונה האָבן, דערפֿאַר פאַסט אים נישט ערב דער חתונה צו האָבן אַ מגע־ומשא מיט פּויערן. ער וויל דאָך טאַקע, אַז כ׳זאָל אים אַדאָפּטירן און צולאָזן צו מיין הערב. אייער מעד איז אויסגעצייכנט!

— טרינקט נאָך.

— כ׳וועל טרינקן, כ׳וועל טרינקן. ביי דאָפּולן וועט איר אַזאַ מעד נישט באַקומען.

— האָט איר נישט געפרעגט, ווי עס הייסט דאָס פריילין, מיט וועלכער באַהון וויל חתונה האָבן?

— מיין הער, וואָס גייט מיך אָן איר נאָמען? כ׳ווייס נאָר, אַז אויב כ׳וועל באַהונען צוטשעפּען הערנער, וועט זי הייסן מאַדאַם הירש.

דער נאַמיעסטניק האָט פּלוצלינג באַקומען אַ גרויסן חשק אויסצופּאַטשן דער הער זאַגלאָבאַ. דער לעצטער האָט אָבער גאָרנישט באַמערקט און ווייטער גערעט:

— אין די יינגע יאָרן בין איך געווען אַ גרויסער שטיפער. ווען איך זאָל אייך נאָר דערציילן, פאַרוואָס כ׳האָב אין גאַלאַץ באַקומען אַ פּאַלמע! איר זעט דאָס לאָך אויף מיין שטערן? גענוג, אַז כ׳וועל אייך זאָגן, אַז די סריסים אין הארעם פון דאָר-יקן פּאַשאַ האָבן מיר עס געמאַכט.

— איהר האָט דאָך געזאָגט, אַז אַ קויל פון רויבער?

— כ׳האָב געזאָגט? האָב איך גוט געזאָגט! יעדער טערק איז אַ רויבער—זאָל מיר גאָט אַזוי העלפן!

דער ווייטערדיקער שמועס איז איבערגעהאַקט געוואָרן צוליב זאַטשוויליכאָווסקיס אַריינקומען.

— נו, הער נאַמיעסטניק — האָט דער אַלטער כאָראָנזשי געזאָגט—די שיפן זיינען גרייט, איר האָט איבערפירט זייער ערליכע מענטשן, לאָזט זיך אין וועג אַריין אין גאָטס נאָמען, אַפילו באַלד. און אָט זענען די בריוו.

— אויב אַזוי וועל איך הייסן מיינע מענטשן, אַז זיי זאָלן שוין אַרויס צום ברעג.

— און ווו אַהין קלויבט איר זיך דאָס?—האָט געפרעגט הער זאַגלאַבאַ.

— קיין קודאַק.

— ס׳וועט אייך דאָרט זייער הייס זיין.

אָבער ד״ר נאַמיעסטניק האָט שוין נישט געהערט די התראה, ווייל ער איז אַרויס אויפן הויף, ווו עס זענען ביי די פערד געשטאַנען זיינע מענטשן, כמעט שוין גרייט צו דער נסיעה.

— אויף די פערד און צום ברעג!—האָט הער סקשעטוסקי באַפוילן—די פערד אַריינפירן אין די שיפן און וואַרטן אויף מיר!

דערווייל האָט דער אַלטער כאַראַנזשי געזאָגט צו זאַגלאָבאַן אין חדר:

— כ'האָב געהערט, אַז איר, מיין הער, חברט זיך איצט מיט די קאָזאַקישע פּאָלקאָווניקעס און טרינקט מיט זיי.

— פאַר די טובה פון כלל, גנעדיקער הער כאַראַנזשי.

— איר זייט אַ געשיקטע־לץ, אָבער אַ קנאַפּער בעל־בושה. איר ווילט דורך אַ כוסע זיך צוחנפענען צו די קאָזאַקן, כדי זיי זאָלן אין פאַל פון אַ נצחון זיין אייערע פריינט.

— ווען אַפילו דערפאַר, וואָס איך בין געפיינקט געוואָרן דורך די טערקן וואָלט איך נישט ווען די זעלביקע ענויים נאָכאַמאָל מיטמאַכן ביי די קאָזאַקן, וואָלט עס אויך נישט געדאַרפט חידושן, ווייל צווי שוואָמען קאָנען קאַליע מאַכן די בעסטע זופּ. און וואָס שייך בושה, נעם איך קיינעם נישט צו פאַר אַ שותף—איך וועל זי אַליין פאַרדייען, און הלואי זאָל זי מיר שמעקן נישט ערגער פון דעם דאָזיקן מ"ד. מעשים טובים מוזן, פונקט ווי אייל, אַרויסשווימען אין די הויך.

אין דעם מאָמענט איז סקשעטוסקי צוריקגעקומען.

— מיינע מענטשן פאָרן שוין אָפּ—האָט ער געזאָגט.

זאַטשווילכאָווסקי האָט אָנגעגאָסן אַ גלאָז:

— פאַר אַ גליקלעכע נסיעה!

— און בשלומדיקן צוריקקער—האָט הער זאַגלאָבאַ צוגעגעבן.

— עס וועט זיך אייך גוט פאָרן, ווייל דאָס וואַסער איז הויך.

— זעצט אייך, מיינע הערן, לאָמיר אויסטרינקען די רעשט דאָס פּסל איז ניט גרויס.

זיי האָבן זיך געזעצט און געטרונקען.

— אַ טשיקאַווע לאַנד וועט איר אָנקוקן, מיין הער — האָט זאַטשווילכאָווסקי געזאָגט — און גריסט דעם הער גראַד־זשיצקי פון קודאַק! ער, איז דאָס אַ זעלנער! זיצט זיך אין עק וועלט, ווייט פון העטמאַנס אויגן, און אַ אָרדנונג איז ביי אים, אויף די גאַנצע רעפּובליק געזאָגט געוואָרן. איך קען גוט קודאַק און די פעלזן. אין די אַמאָליקע יאָרן פלעגט מען אָפטער פאָרן

אַהין, און עס ווערט אַזש קאַלאַמוטנע אויפן האַרץ ווען מען דערמאָנט זיך, אַז דאָס איז שוין אַריבער, פאַרגאַנגען, און איצט. .

דאָ האָט דער כאַראָנזשי אָנגעשפּאַרט זיין גרויען קאָפּ אויף דער האַנט און זיך טיף פאַרטראַכט. אויף אַ ווײַלע איז געוואָרן שטיל, עס האָבן זיך נאָר געהערט פערדישע טריט אין טויער, ווייל די רעשט פון סקשעטוסקיס מענטשן איז אַרויסגעפאָרן צום ברעג צו די שיפן.

— גאָט מיינער! — האָט זאַטשווילִיכאָווסקי אויסגערופן, אויפכאַפּנדיק זיך פון זיין פאַרטראַכטקייט — אַמאָל זענען דאָך געווען בעסערע צייטן, הגם מען האָט זיך אויך ניט ווייניק אַרומגעריסן. אָט געדענק איך אַזוי ווי היינט די געשעענישן ביי כאָטשים מיט זיבן און צוואַנציק יאָר צוריק! ווען די הוסאַרן זיינען אונטער לובאָמירסקיס קאָמאַנדע געגאַנגען צו דער אַטאַקע אויף די יאַנטשאַרן, האָבן די קאָזאַקן אין זייערע גראָבנס געוואָרפן די היטלען אין די הויך און געשריגן צו סאַהיידאַטשנין, אַז די ערד האָט אַזש געציטערט: „לאָז אונז, באַטקאָ, שטאַרבן מיט די לאַכן!" און היינט? דער טאָל, וועלכער האָט געדאַרפט זיין אַ שוץ־מויער פאַרן קריסטנטום, לאָזט היינט אַריין די טאַטערס אין די גרעניצן פון דער רעפּובליק, כדי זיך צו וואַרפן אויף זיי ערשט דעמאָלט, ווען זיי וועלן צוריק ערן מיטן שלל. היינט איז ערגער: אָט מאַכט כמיעלניצקי פשוט יד־אחת מיט די טאָטערס, מיט וועלכע ער וועט בשותפות מאָרדן די קריסטן...

— לאָמיר פאַרטרינקען דעם דאָזיקן צער! — האָט זאַגלאָבאַ איבערגעריסן — ווי גוט איז דער דאָזיקער מעד!

— איך וואָלט שוין וואָס שנעלער געוואָלט ליגן אין קבר, און ניט דאַרפן זען דעם ברידער־קריג — האָט ווייטער געזאָגט דער אַלטער כאַראָנזשי — די חטאים פון ביידע צדדים וועלן זיך וואַשן אין בלוט, אָבער דאָס דאָזיקע בלוט וועט ניט מכפר זיין די זינד, ווייל איין ברודער וועט דאָ מאָרדען דעם צווייטען. און ווער זיינען דאָס די מענטשן פון טאָל? רוטענער, און ווער דינט אין פירשט יערעמיס ארמיי? און ווער זענען אייערע מענטשן? רוטענער. און וויפיל פון זיי געפינען זיך אין קרוין־

לאַגער? און איך אַליין ווער בין? אָך, אומגליקליך אוקראַינע!
די קרימער געצן-דינער וועלן דיר אַרויפלייגן אַ קייט אויפן האַלז און דו וועסט די טערקישע גאַלערעס שלעפן!

— קלאָגט נישט אַזוי, הער כאָראָנזשי!—האָט הער סקשעטוסקי זיך אָנגערופן—ווייל באַלד וועלן אונזערע אויגן אָנהויבן גיסן מיט טרערן. אפשר וועט נאָך אַ ליכטיקע זון אויפשיינען פאַר אונז!

אָבער די זון איז גראָד פאַרגאַנגען, און אירע לעצטע שטראַלן זיינען געפאַלן מיט אַ רויטן אָפגלאַנץ אויפן כאָראָנזשעס ווייסע האָר.

די קירכן-גלאָקן אין דער שטאָט האָבן גערופן צו די אָוונט-תפילות.

זיי זיינען אַרויסגעגאַנגען, הער סקשעטוסקי איז געגאַנגען אין קאָשטשיאָל, הער זאַטשווילִיכאָווסקי אין די צערקווע, און און הער זאַגלאָבאַ צו דאָפעלן אין דזוואָניעצקי ווינקל.

ס׳איז שוין געווען פינסטער, ווען זיי זיינען זיך ווידער צוזאַמענקומען ביים ברעג. הער סקשעטוסקיס מענטשן זיינען שוין געזעסן אין די שיפן. די איבערפירער האָבן נאָך אַריינגעטראָגן די לאָדונגען. אַ קאַלטער ווינט האָט פון דער נאָענט זיך אָנגעטראָגן צום דניעפּר און אָנגעזאָגט, אַז די נאַכט וועט נישט זיין קיין באַזונדערס שיינע. ביים ליכט פון פייער, וואָס האָט געפלאַקערט ביים ברעג, האָט דאָס וואַסער פון טייך בלוטיק געגלאַנצט און עס האָט זיך געדוכטן, אַז עס אַנטלויפט עָרגיץ אין אַ אומבאַקאַנטע פינסטערע ווייטקייט.

— אַ גליקלעכן וועג! — האָט דער כאָראָנזשי געזאָגט, דריקנדיק היצלעך די האַנט פון יונגעַנמאַן — און זייט פאַרזיכטיק, מיין הער!

— איך וועל גאָרנִיט פאַרגעסן. מיט גאָטס הילף וועלן מיר זיך איננגיכן זען.

— איך וועל גאָרגיט פאַרגעסן. מיט גאָטס הילף וועלן מיר זיך אינגיכן זען.

— סיידן אין לובני, אָדער אין פירשטס לאַגער.

— פֿאָרט איִר, הייסט עס, צום פֿירשטן?

זאַטשוויִליכאָווסקי האָט געהויבן די הענט איִן די הויך.

— און וואָס דען בלייבט מיִר צו טון? אויב מלחמה, איִז מלחמה?

— בלייבט־זשע מיִר רעכט געזונט, הער כאָראָנזשי!

— זאָל אייך גאָט שיִצן!

— זאָל לעבן! — האָט זאַגלאָבאַ אויסגערופֿן — און אויב דאָס וואַסער וועט אייך אַוועקטראָגן אַזש קיין סטאַמבול, גריסט דאָרט דעם סולטאַן. אָדער גאָר: כאַפּט אים דער טייוול! אַ אויסגעצייכנטער מעד איז דאָס געווען! בררר! ווי קאַלט דאָ איז!

— צום ווידערזען!

— צום ווידערזען!

— זאָל גאָט אייך באַגלייטן!

די רודערס האָבן אַ סקריפּ־געטון און געפּאַטשט איִן וואַסער, די שיפֿן זיינען אָפּגעשווומען. דאָס פֿייער, וואָס האָט געברענט אויפֿן ברעג, האָט זיך שנעל וואָס אַמאָל מער דערווייטערט. אַ לאַנגע צייט האָט נאָך סקשעטוסקי געזען דעם כאָראָנזשיס גרייז־גרויִע געשטאַלט, וואָס איז געווען באַלויכטן מיטן שיין פֿון פֿייער, און עפּיס אַן אומעט האָט אים פּלוצלונג פֿאַרקלעמט דאָס האַרץ. אָט טראָגט אים דאָס דאָזיקע וואַסער, טראָגט אים, אָבער, דערווייטערט אים פֿון פֿריינטלעכע הערצער, פֿון דער געליִבטער, פֿון באַקאַנטע געגנטן; עס טראָגט איִם קעגן זיין ווילן, ווי אויף אַ באַפֿעל פֿון דער השגחה, ציבער אין ווילדע מקומות, אין אַ פֿינסטערניש...

זיי זיינען אַרויסגעשווומען אויפֿן דניעפּר.

דער וויִנט האָט געפּייפֿט, די רודערס האָבן אייִנטעניִק און אומעטיִק געפּאַטשט איִן וואַסער. די איִבערפֿיִרער האָבן פֿאַרצויגן אַן אוקראַאיִניִש ליִדל.

סקשעטוסקי האָט זיִך איינגעוויִקלט איִן אַ מאַנטל און זיִך געלעגט אויפֿן געלעגער, וואָס די זעלנער האָבן פֿאַר איִם אויסגעבעט. ער האָט גענומען טראַכטן וועגן העלענאַן, וועגן דעם,

אַז זי איז נאָך בּיז איצט נישט אין לובני, אַז באָהוּן איז געבליבן און ער פֿאָרט אַוועק. מורא, בייזע פֿאָרגעפילן, דאגות זענען אים באַפֿאַלן, ווי די ראבן. ער האָט זיך גענומען ראַנגלען מיט זיי, בּיז ער איז פֿאַרמאַטערט געוואָרן, די געדאַנקען האָבן זיך אים פֿאַרפלאָנטערט, זיך מאָדנע צונויפֿגעמישט מיטן פייף פֿון ווינט, מיט די פעטש פֿון די רודערס, מיטן געזאַנג פֿון די פֿישער — און ער איז איינגעשלאָפֿן.

# 9. קאַפּיטל.

צומאָרגנס האָט ער זיך אויפֿגעכאַפּט אַ פֿרישער, אַ געזונטער און מיט אַ פֿריילעכן געמיט. דאָס וועטער איז געווען פּרעכטיק. די ברייט פֿונאַנדערגעגאָסענע וואַסערן האָבן זיך געקנייטשט אין קליינע קנייטשן פֿון דעם לייכטן און וואַרעמען ווינטל.

די ברעגעס זענען געווען פֿאַרהילט אין אַ געדיכטן נעבל און זיך צונויפֿגעגאָסן מיטן אויבערפֿלאַך פֿון די וואַסערן אין איין גלייכן אומדורכדרינגלעכן שטח. ווען זשענדזשאַן האָט זיך אויפֿגעכאַפּט און אויסגעריבן די אויגן, האָט ער זיך אַזש דערשראָקן. ער האָט זיך אַרומגעקוקט מיט פֿאַרחידושטע אויגן און, נישט דערזעענדיק אין ערגיץ קיין ברעג, האָט ער אויסגערופֿן:

— אָ, גאָט! מיין האַר, דאָס מוזן מיר שוין אודאי זיין אויפֿן ים...

— דאָס איז נישט דער ים, נאָר דער טייך איז אַזוי מעכטיק — האָט סקושעטוסקי געענטפֿערט — און די ברעגעס וועסטו דערזען, ווען דער נעבל וועט פֿאַרשווינדן.

— כ'מיין, אַז אין גיכן וועט אונז אויסקומען צו וואַנדערן קיין טערקיי.

— מיר וועלן וואַנדערן, אויב מ'וועט אונז הייסן, איבעריגנס, זעסטו דאָך, אַז מיר פֿאָרן נישט אַליין.

נישט ווייט פֿון זיי האָט מען טאַקע געקאָנט זען אַ פּאָר צענדליק שיפֿלעך און שמאָלע שוואַרצע קאָזאַקישע לודקעס, וואָס זענען געווען באַהאָנגען מיט ים־רוירן. אַ טייל פֿון די דאָזיקע שיפֿן איז געשווימען מיטן וואַסער, געטראָגן דורכן האַסטיקן שטראָם, די איבעריקע האָבן זיך מיט פֿיל מי דורכגעשניטן אַ וועג אין די הויך פֿון טייך מיט דער הילף פֿון רודערס און

זעגל. זיי האָבן געפּירט פּיש, וואַקס, זאַלץ און געטריקנטע קאַרשן אין די ברעג־שטעט, אָדער זיי האָבן צוריקגעקערט פון די באַוווינטע געגנטן, אָנגעלאָדן מיט לעבנס־מיטלען פאַר קודאַק, און מיט סחורות, וועלכע האָבן לייכט געפּינען קונים אויפן קראָמען־באַזאַר אין סיטש. די ברעגעס פון דניעפּר זענען שוין, אָנהויבנדיק פון עק פשאָלאַ, געווען פוסט און וויסט, און נאָר זעלטן האָבן זיך אויף זיי געוויזן קאָזאַקישע ווינטער־ביידלעך, אָבער דער טייך האָט געבילדעט דעם שליאַך, וואָס פאַרבינדט סיטש מיט דער איבעריקער וועלט. דערפאַר איז אויך די באַוועגונג אויף אים געווען אַ גרויסע, בפרט דעמאָלט, ווען די וואַסערן זענען געשטיגן און דורכדעם—פאַרלייכטערט דאָס פאָרן דורכן טייך. דעמאָלט האָבן די שיפן, וואָס גייען טייך אַראָפּ, געקאָנט דורכפאָרן אַפילו די פעלזן, אַ חוץ דעם ניענאַסיטעץ.

דער נאַמיעסטניק האָט זיך נייגעריק צוגעקוקט צום דאָזיקן לעבן אויפן טייך, און דערווייל זענען זיינע שיפן שנעל געשווומען אין די ריכטונג פון קודאַק. דער נעבל איז פאַרשוווּנדן, די ברעגעס האָבן זיך דייטלעך אַרויסגעזען. איבער די קעפּ פון די פאָרער זענען אַרומגעפלויגן מיליאָנען וואַסער־פייגל, פעליקאַנען, ווילדע גענז, זשוראַוולעס, קאַטשקעס, וואַסער־שוואַלבן און טשייקעס; פון צווישן די ים־רוירן ביים ברעג האָט זיך דערטראָגן אַזאַ געפּילדער, אַזאַ גערודער פון וואַסער און גערויש פון פליגל, אַז דו וואָלסט געמיינט, די פייגל האַלטן דאָרט אַפּ אסיפות אָדער פירן אַ מלחמה.

הינטער קרעמענטשוג זענען די ברעגעס געוואָרן נידעריקער און אָפן.

— גיט נאָר אַ קוק, מיין האַר — האָט זשינדזשאַן מיט אַמאָל אויסגעשריגן — די זון גליט דאָך אַזוי שטאַרק, און די פעלדער זענען גאָר באַדעקט מיט שניי.

סקשעטוסקי האָט אַ קוק געטון; און באמת, ווי ווייט דאָס אויג האָט געגרייכט, האָט עפּעס אַ ווייסע דעק געפּינקלט אין די שטראַלן פון דער זון אויףביידע זייטן פון טייך.

— העי, עלטסטער! וואָס איז דאָרט דאָס ווייסע? — האָט

ער געפרעגט דעם עלטסטן איבערפירער.

— קאַרשן, האַר!—האָט דער עלטסטער געענטפערט.

דאָס זענען ווירקלעך געווען קאַרשן-וועלדער, וואָס זענען באַשטאַנען פון קלייניקע בוימעלעך, מיט וועלכע עס זענען גע־ווען ברייט באַוואַקסן ביידע ברעגעס הינטער דעם אויסגוס פון פשאַלאַ. זייערע פירות זענען געווען זיס און גרויס, אין הערבסט האָבן זיי געדינט אויף חיונה פאַר די פייגל, חיות און פאַר־בלאָנדזשעטע מענטשן אין מדבר, און צו דער זעלבער צייט האָט מען זיי אויך אויף שיפן געפירט צו פאַרקויפן אַזש קיין קיעוו און ווייטער. איצט זענען די וועלדער געווען באַשאָטן מיט בלימעלעך. ווען זיי האָבן זיך דערנענטערט צום ברעג, כדי צו לאָזן אויסרוען די מענטשן ביי די רודערס, האָט דער נאַ־מיעסטניק זיך אַרויסגעזעצט מיט זשענדזשאַנען, ווילנדיק בענטער זיך צוקוקן צו די דאָזיקע וועלדער. עס האָט זיי פאַרכאַפט אַזאַ פאַרשכורנדיקער ריח, אַז זיי האָבן קוים געקאָנט דעם אָטעם כאַפן. אויף דער ערד זיינען שוין געלעגן פיל בלעטער. ערטער־ווייז זענען די בוימעלעך אַזוי ג דיכט געוואַקסן, אַז מ'האָט צווישן זיי נישט געקאָנט דורכגיין. צווישן די קאַרשן זענען אויך געוואַקסן בשפע קלייניקע ווילדע מאַנדל-בוימעלעך, באַדעקט מיט ראָזע בלומען, וועלכע האָבן פאַרשפרייט נאָך אַ שטאַרקערן ריח. מיליאָנען זומער-פייגעלעך, בינען און פאַרביקע שמעטער־לינגען זענען אַרומגעפלויגן איבער דעם דאָזיקן פיל-קאָליריקן ים פון בלומען, וואָס זיין עק האָט מען מיטן אויג נישט געקאָנט דערזען.

— דאָס זענען דאָך פלאַי-פלאַים, האַר — האָט זשענדזשאַן געזאָגט—און פאַרוואָס וווינען דאָ ניט קיין מענטשן? אויך חיות זע איך דאָ אַ סך.

צווישן די קאַרשן-בוימלעך זענען דורכגעלאָפן גרויע, ווייַסע האָזן, און געוואַלדיקע מחנות פון גרויסע בלוי-פיסיקע פשע־פיורקעס. זשענדזשאַן האָט אַ פּאָר פון זיי דערשאָסן מיט זיין ביקס, אָבער, צו זיין גרויסן צער האָט ער זיך שפּעטער דער־וווסט פון עלטסטן, אַז זייער פלייש איז סם.

אויף דער ווייכער ערד זענען אויך קענטיק געווען שפורן פון הירשן און אנטילאָפּן און פון דער ווייטנס האָבן זיך דער־טראָגן אָפּקלאַנגען, וואָס האָבן דערמאָנט דאָס כראַפּן פון ווילדע חזרים.

נאָכדעם, ווי זיי האָבן אַלץ געזען און זיך אויסגערוט האָבן די וואַנדערער זיך געלאָזט ווייטער אין וועג אַריין. די ברעגעס האָבן זיך אַמאָל געהויבן און אַמאָל זענען זיי געוואָרן פלאַכער, אַנטפּלעקנדיק פאַר די אויגן שיינע וועלדער, בערגלעך, קערים און רחבותדיקע סטעפּעס. די געגנט איז געווען אַזוי פּרעכטיק, אַז סקשעטוסקי האָט ניט ווילנדיק איבערגעחזרט זשענד־זיאַנדס פראַגע: פאַרוואָס וווינען דאָ ניט קיין מענטשן? אָבער דערצו איז נויטיק געווען, אַז עפּעס אַ צווייטער יערעמי וויש־ניאָוועצקי זאָל איבער־עמען די דאָזיקע מדבריות, זיי איינאָרדנען און שיצן פאַר אָנפאַלן פון די טאָטערס און טאָל־באַוווינער. ערטערווייז האָט דער טייך זיך געשלענגלט, געדרייט, פאַרגאָסן טאָלן, זיך מיט שוימיקע כוואַליעס צוקלאַפּט אין די פעלזן פון ברעג און אָנגעפּילט מיט וואַסער די פינסטערע פעלזן־היילן. אין אַזעלכע היילן און לעכער האָבן די קאָזאַקן געהאַט זייערע באַהעלטנישן. די אויסגוסן פון די טייכן, וואָס זענען געווען באַדעקט מיט אַ וואַלד פון ים־רוירן, דערנער און אַנדערע מדבר־געוויקסן, זענען אַזש שוואַרץ געווען פון פייגל, בקיצור: אַ ווילדע וועלט, אַ אָפּגרונט־טיפע, פּוסטע און סודותדיקע, האָט זיך פונאַנדערגעוויקלט פאַר די אויגן פון אונזערע וואַנדערער.

די נסיעה אויפן וואַסער איז געוואָרן פאַרבונדן מיט יסורים, ווייל צוליב דעם וואַרעמען טאָג האָבן זיך באַוויזן מחנות פון שטענדיקע מיקן און אַנדערע אינזעקטן, וואָס זענען אין טרוקענעם סטעפּ אומבאַקאַנט: פיל פון זיי, ווי אַ פינגער די דיק, האָבן אַזוי שטאַרק געביסן, אַז דאָס בלוט האָט שטראָ־מענווייז גערונען.

אין אָוונט זענען זיי אָנגעקומען צום אינזל ראָמאַנאָווקאַ, וואָס זיינע פייערן האָט מען שוין געזען פון דער ווייטנס, און זיי האָבן זיך דאָ אָפּגעשטעלט אויף נאַכט־לעגער. די פישער,

וואָס זענען אָנגעלאָפֿען אַ קוק טאָן אויפֿן נאַמיעסטניקס מחנה, האָבן געהאַט העמדער, פּנימער און הענט אײַנגאַנצן אויסגעשמירט מיט דזשעגעכץ, כּדי זיך צו שיצן פֿאַר די שאַרפֿע פֿליגן.

דאָס זענען געווען מענטשן ווילדע און מגושמדיקע. צום פֿרילינג זענען זיי זיך דאָ צוזאַמענגעפֿאָרן אין מאַסן כאַפּן און רויכערן פֿיש, וועלכע זיי האָבן שפּעטער געפֿירט קיין טשערקין, טשערקאַסי, פּערעיאַסלאַוו און קיעוו. זייער מלאָכה איז געווען אַ שווערע, אָבער אַ ריוחדיקע, צוליב דער שפע פֿון פֿיש, וועלכע זענען זומער אַפֿילו געוואָרן אַ צרה פֿאַר די דאָזיקע געגנטן, ווײַל מחמת דעם פֿעלן פֿון וואַסער זענען זיי אויסגעפּגרט אין די טײַך־צונגען און אין די אַזוי גערופֿענע „שטילע ווינקלען" און מיט זייער עיפּושדיקן ריח פֿאַרפּעסטעט די לופֿט.

דער נאַמיעסטניק האָט זיך דערוווּסט פֿון די פֿישער, אַז אַלע טאָל־באַוווינער, וועלכע האָבן זיך דאָ פֿאַרנומען מיט פֿישכאַפּערײַ, האָבן זייט אַ פּאָר טעג פֿאַרלאָזט דעם אינזל און אָפּגעפֿאָרן קיין סיטש אויף די אויפֿפֿאָדערונג פֿון קאָזאַקן־אַטאַמאַן. יעדע נאַכט האָט מען פֿון אינזל אויך געזען פֿײַערן, וואָס די אַנטלויפֿנדיקע קיין סיטש האָבן געברענט אין סטעפּ. די פֿישער האָבן געוווּסט, אַז עס גרייט זיך אַ מלחמה קעגן די „לאַכן", און זיי האָבן דערפֿון גאָרנישט געמאַכט קיין סוד פֿאַרן נאַמיעסטניק. הער סקשעטוסקי האָט בכן געזען, אַז זיין עקספּעדיציע איז אפֿשר טאַקע אַ פֿאַרשפּעטיקטע און ס'קאָן זיין, אַז איידער ער וועט אָנקומען קיין סיטש, וועלן די קאָזאַקן־פּאָלקן מאַרשירן אויף צפֿון. אָבער מ'האָט אים געהייסן פֿאָרן און, אַלס עכטער זעלנער, האָט ער זיך נישט אַרײַנגעלאָזט אין קיין חקירות, נאָר באַשלאָסן אַרײַנצודרינגען אַפֿילו אין סאַמע מיטן פֿון זאַפּאָראָזשער לאַגער.

צו מאָרגנס באַגינען האָבן זיי זיך געלאָזט אין ווייטערדיקן וועג אַרײַן. זיי זענען פֿאַרבייגעפֿאָרן דעם וווּנדערבאַרן טאַרענסקי־רוג, סוכאַ־גוראַ און קאָנסקי־אָסטרוג, וואָס האָט געשמ'ט מיט זײַנע זומפּן און שלאַנגען, צוליב וועלכע ס'איז דאָרט נישט מעגלעך געווען צו וווינען. דאָס אַלץ, ווי די ווילדקייט

פון דער געגנט, און אין דער פֿאַרשטאַרקטער שטראָם פֿון וואַ־סער, האָט דאָ שוין אָנגעזאָגט די נאָענטקייט פֿון די פֿעלזן. צום סוף האָט זיך אויפֿן האָריזאָנט דייטלעך באַוויזן דער קוראַקער טורם — דער ערשטער טייל פֿון דער נסיעה איז געווען גע־ענדיקט.

אָבער יענעם אָוונט האָט דער נאַמיעסטניק נישט געקאָנט אַריינקומען אין שלאָס, ווייל הער גראָדזשיצקי האָט איינגעפֿירט אַ אָרדנונג, אַז נאָכדעם לאָזונג, וואָס די גלאָקן האָבן אויסגע־שפּילט פֿאַרן זון אונטערגאַנג, האָט מען קיינעם נישט אַריינגע־לאָזט פֿון שלאָס און אין שלאָס, און ווען אַפֿילו דער קיניג אַליין וואָלט געקומען, וואָלט ער אויך געמוזט נעכטיקן אין סלאָ־בודקא, הינטער די מויערן פֿון דעם פֿעסטונג.

אַזוי האָט אויך געטון דער נאַמיעסטניק. איז דאָס נאַכט־לעגער נישט געווען זייער באַקוועם, ווייל די בערך זעכציק כאַטעס אין סלאָבודקאַ, געמאַכט פֿון ליים, זענען געווען אַזוי נידריק אַז אין איינציקע פֿון זיי האָט מען געמוזט אַריינקריכן מיט צונויפֿגעקאָרטשעטע פֿיס. קיין אַנדערע וווין־הייזלעך האָט נישט געלוינט צו בויען, ווייל בעת יעדן טאָטערישן אָנפֿאַל האָט די פֿעסטונג זיי פֿאַרוואַנדלט אין חורבות, כדי די אָנפֿאַלער זאָלן זיך אין זיי נישט קאָנען שיצן און דאָרט געפֿינען אַ זיכערן צו־טריט צו די מויערן. עס האָבן אין דעם דאָזיקן סלאָבודקאַ גע־ווינט „מענטשן פֿון מערב", דאָס הייסט אַזעלכע, וואָס זענען אַהער פֿאַרוואָגלט געוואָרן פֿון פּוילן, רוס, קרים און וואָלאַכיען. כמעט יעדער האָט דאָ געהאַט אַ אַנדער אמונה, אָבער דאָרט איז דאָס קיינעם ניט אָנגעגאַנגען. די עיר האָט מען ניט באַאַרבעט צוליב דער סכנה מצד די טאָטערס, מ'האָט זיך געשפּייזט מיט און תבואה, וואָס איז געבראַכט געוואָרן פֿון אוקראַינע, מ'האָט געטרונקען בראָנפֿן פֿון הירזש, און זיך באַשעפֿטיקט מיט פֿאַרשי־דענע מלאכות, און דערפֿאַר האָט מען זיי אין שלאָס זייער געשעצט.

דער נאַמיעסטניק האָט כמעט קיין אויג ניט געקאָנט צו־מאַכן צוליב דעם שטינקנדיקן ריח פֿון די פֿערד־פֿעלן, פֿון וועלכע

מ'האָט אין סלאָבאָדקאַ אויסגעאַרבעט לעדערן: פּאַסן, צומאַרגנס, פּאַרטאָגס, ווי נאָר די גלאָקן האָבן געקלונגען און די טראָמפּייטן האָבן טרומייטערט צום אויפשטיין, האָט ער געגעבן צו וויסן אין שלאָס, אַז אַ שליח פֿון פּירשט איז אָנגעקומען און וויל אויפגענומען ווערן. גראָדזשיצקי, וועלכן ס'איז נאָך גוט געלעגן אין זכרון דער באַזוך פֿון פּירשט, איז אים אַליין אַקעגנגעגאַנגען. דאָס איז געווען אַ מאַן פֿון אַ יאָר פֿופֿציק. אַ אײן-אויגיקער ווי אַ ציקלאָפּ, אַ טריבער, ווײַל, זיצנדיק אין אַ העק אין עק וועלט און ניט זעענדיק קיין מענטשן, איז ער פֿערווילדערט געוואָרן, און האָבנדיק אין זיין רשות אַ אומבאַגרענעצטע מאַכט, איז ער געוואָרן ערנסט און שטרענג. דערבײַ איז זיין פּנים געווען מיאוס פֿון פּאָקן-גריבלעך, עס האָבן עס אָבער באַצירט שניטן פֿון שווערדן און וווּנדן פֿון טאָטערישע קוילן, וואָס האָבן אויסגעזען ווי ווייסע פֿלעקן אויף אַ טונקעלער הויט. דאָס איז אָבער געווען אַ ערלעכער, וואַכזאַמער זעלנער, וועלכער האָט אויף קיין איין מינוט ניט אַראָפּגעלאָזט זיינע אויגן פֿון די טאָטערס און קאָזאַקן. ער פֿלעגט טרינקען נאָר וואַסער. איז געשלאָפֿן ניט מער ווי זיבן שעה אין מעת-לעת, איז אָפֿט אַראָפּגעשפּרונגען ביינאַכט אַ קוק טאָן, צי די וועכטער היטן גוט די מויערן, און פֿאַר דער מינדעסטער עבֿרה האָט ער די זעלנער שטרענג און אכזריותדיק מקיים-פּסק געווען. די קאָזאַקן האָט ער באַהאַנדלט מיט חסד, הגם ער האָט אויף זיי אָנגעוואָרפֿן אַ מורא, און דערפֿאַר האָבן זיי זיך באַצויגן צו אים מיט דרך-ארץ. ווען עס פֿלעגט ווינטער אין סיטש זיין אַ דוחק אין ברויט פֿלעגט ער זיי שטיצן מיט תּבֿואה. דאָס איז געווען אַ רוטענער, פֿון יענע מין רוטענער, וואָס זענען אין זיין צייט געגאַנגען מיט פּשעצלאָוו לאַנצקאָראָנסקין און סאַמעק זבאָראָווסקין אין די סטעפּעס.

— פּאָרט איר, הייסט עס, מיין הער קיין סיטש? — האָט ער געפֿרעגט סקשעטושקין, נאָכדעם ווי ער האָט אים אַרײַנגעפֿירט אין שלאָס און גאַסטפֿריינדלעך מקבל-פּנים געווען.

— קיין סיטש. וואָסערע ידיעות האָט איר, גנעדיקער הער

קאָמענדאַנט, פון דאָרט?

— מלחמה! דער קאָזאַקן־אַטאַמאַן רופט צוזאַמען פון אַלע טייכן און אינזלען די קאָזאַקן. פון אוקראַינע אַנטלויפן כסדר מענטשן און איך שטער זיי ניט. אַ אַרמיי איז שוין דאָרט פאַרהאַן פון בערך פינף און דרייסיק טויזנט, און אפשר מער. ווען זיי וועלן מאַרשירן אויף אוקראַינע, ווען עס וועלן צו זיי צושטייען די קאָזאַקן פון די פעסטונגען און דער המון, וועט זי באַטרעפן הונדערט טויזנט.

— און כמיעלניצקי?

— אַ ליאַדע טאָג ריכט מען זיך אויף אים פון קרים מיט די טאָטערס. אפשר איז ער שוין דאָ; דעם אמת זאָגנדיק איז אייער פאָרן קיין סיטש אַ אומזיסטע טרחה, ווייל דאָ וועט איר ניט לאַנג דאַרפן וואַרטן אויף זיי; ס'איז זיכער, אַז זיי וועלן קודאַק ניט מיידן און זי אויך נישט לאָזן הינטער זיך.

— און איר וועט זיך פאַרטיידיקן?

גראָדזשיצקי האָט טריב אַ קוק געטון אויפן נאַמיעסטניק און געענטפערט מיט אַ דייטלעכער, רויקער שטים:

— און איך וועל מיך ניט פאַרטיידיקן...

— וואָס הייסט דאָס?

— ווייל כ'האָב נישט קיין פולווער. כ'האָב אַרויסגעשיקט צוואַנציק שיפלעך, אַז מ'זאָל מיר צושיקן כאָטש אַביסל פולווער — און מ'האָט נישט געשיקט. כ'ווייס נישט, צי מ'האָט די שליחים געכאַפּט — אָדער זיי האָבן אַליין נישט — כ'ווייס נאָר, אַז ביז איצט האָט מען נישט געשיקט. ס'וועט מיר קלעקן אויף צוויי וואָכן, אויף לענגער נישט. ווען כ'וואָלט געהאַט גענוג פולווער, וואָלט איך צוערשט קודאַק און זיך אַליין אויפגעריסן אין דער לופט, איידער אַ קאָזאַק וואָלט דאָ זיין פוס אַוועקגעשטעלט. מ'האָט מיך געהייסן דאָ ליגן — ליג איך, מ'האָט געהייסן וואַכן — וואַך איך, מ'האָט געהייסן קריצן מיט די ציין — קריץ איך, און אַז מ'וועט דאַרפן אומקומען — איין מאָל ווערט מען נאָר געבוירן — וועל איך אויך דאָס באַווייזן.

— און אַליין קאָנט איר, מיין הער, נישט מאַכן קיין פולווער?

— שוין צוויי חדשים, ווי די זאַפּאָראָזשער לאָזן מיר ניט דורך קיין סאַלפּעטער, וועלכן מען מוז ברענגען פון שוואַרצן ים. אַלץ איינס, כ'וועל אומקומען!

— מיר מעגן זיך לערנען ביי אייך, אַלטער זעלנער! און פאַרוואָס פאָרט איר אַליין נישט אַרויס נאָך פולווער?

— מיין הער, איך וועל קודאַק נישט פאַרלאָזן און קאָן נישט פאַרלאָזן; דאָ האָב איך געלעבט, דאָ וועל איך אויך שטאַרבן. און זאָל זיך אייך נישט דוכטן, אַז איר פאָרט אויף באַנקעטן און בעלער, מיט וועלכע מ'איז אַנדערשוואו מכבד שליחים, אָדער, אַז דער טיטל שליח וועט אייך דאָרט בייַשטיין. זיי מאָרדן דאָך אַפילו זייערע אייגענע אַטאַמאַנעס, און אַזוי לאַנג, ווי איך זיץ דאָ, געדענק איך נישט, אַז עמיצער פון זיי זאָל זיין געשטאָרבן מיט אַ נאַטירלעכן טויט. אויך איר וועט אומקומען.

סקשעטוסקי האָט געשוויגן.

— כ'זע, אַז איר פאַרלירט דעם מוט. אויב אַזוי, פאָרט בעסער נישט.

— גנעדיקער הער קאָמענדאַנט — האָט דער נאַמיעסטניק דערויף געזאָגט מיט כעס — טראַכט אויס עפּעס בעסערס, כדי מיך אָנצושרעקן, ווייל דאָס, וואָס איר זאָגט מיר, האָב איך שוין געהערט אפשר צען מאָל, און אויב איר גיט מיר אַן עצה נישט צו פאָרן, איז עס אַ סימן, אַז איר אויף מיין אָרט וואָלט אויך נישט געפאָרן—באַטראַכט נאָר דעריבער, צי אַ חוץ פולווער וועט אייך אויך נישט אויספעלן מוט אויף צו פאַרטיידיקן קודאַק.

אָנשטאָט אויפגעבראַכט צו ווערן, האָט גראָדזיצקי קלאָרער אַ קוק געטון אויפן נאַמיעסטניק.

— אַ שוואַרץ-צייניקער העכט! — האָט ער אַ ברום געטון אויף רוטעניש — זייט מיר מוחל, מיין הער. פון אייער תשובה דרינג איך, אַז איר וועט באַווייזן אָפּצוהיטן דעם כבוד פון פירשט און פון אייער ריטערלעכן שטאַנד. כ'וועל אייך אַלזאָ געבן אַ פּאָר שיפלעך, ווייל מיט שיפן וועט איר די פעלזן נישט דורכפאָרן.

— וועגן דעם בין איך טאַקע געקומען בעטן אייך, מיין הער.

— נעבן ניענאַסיטעץ וועט איר זיי הייסן שלעפּן אויף דער יבשה, ווייל הגם דאָס וואַסער איז הויך, קאָן מען אָבער דאָרט קיינמאָל נישט דורכפאָרן. אַ קליינע לודקע קאָן אויך קוים דורכקריכן. און ווען איר וועט שוין זיין אויפן נידעריקן וואַסער, דעמאָלט זאָלט איר זיך היטן פאַר איבעררעשונגען און געדענקט, אַז אייזן און בליי פּועלן מער, ווי ווערטער. דאָרט שעצט מען נאָר דרייסטע מענטשן. די שיפלעך וועלן אויף מאָרגן זיין פאַרטיק, כ'וועל נאָר הייסן צוגעבן צו יעדן שיפל אַ צווייטן רודער, ווייל ביי די פעלזן איז איין רודער צו ווייניק.

ביי די דאָזיקע ווערטער האָט גראָדזיצקי אַרויסגעפירט דעם נאַמיעסטניק פון חדר, כדי אים צו ווייזן דאָס שלאָס אין זיין אָרדנונג. אומעטום האָט געהערשט אַ מוסטערהאַפטער סדר און דיסציפּלין. אַ שטאַרקע שמירה האָט ביי טאָג און ביי נאַכט געוואַכט אויף די מויערן; וועלכע זיינען דורך די טאָטערישע געפאַנגענע אָן אויפהער באַפעסטיגט און פאַרבעסערט געוואָרן.

— יעדעס יאָר שטט איך די מויער אויף אַ אייל העכער — האָט הער גראָדזשיצקי געזאָגט — דערפאַר איז זי טאַקע אַזוי אויסגעוואַקסן, אַז ווען איך וואָלט געהאַט גענוג פּולווער, וואָלטן הונדערט טויזנט מיך אויך נישט געקאָנט בייקומען; אָבער אָן כלי-זיין וועל איך נישט פאַרטיידיקן, ווען עס וועט קומען אַ איבערמאַכט.

די פעסטונג איז באמת נישט געווען צום בייקומען, ווייל אַחוץ האַרמאַטן, האָבן זי געשיצט די אָפּגרונטן פון דניעפּער און די אומצוטריטלעכע פעלזן, וואָס זענען משופּעדיק אַראָפּגעהאַנגען אין וואַסער; זי האָט זיך אַפילו נישט גענויטיקט אין אַ גרויסן גאַרניזאָן. אין שלאָס זענען נישט געשטאַנען מער ווי זעכציק מאַן דערפאַר אָבער פון די געקליבנסטע זעלנער, וואָס זענען געווען גוט באַוואָפנט מיט פאַרשידענע כלי-זיינס. דער דניעפּער איז אין דעם אָרט געווען אַזוי שמאָל, אַז אַ פייל, גע-

וואָרפֿן פֿון דער מויער, איז געפֿלויגן ווייט אויפֿן צווייטן ברעג. די שלאָס־האַרמאַטן האָבן געהערשט איבער ביידע ברעגעס און איבער דער גאַנצער געגנט. אַחוץ דעם איז אויף אַ האַלבן מייל אָפּגערוקט פֿון שלאָס געשטאַנען אַ הויכער טורם, פֿון וועלכן מ׳האָט געזען וואָס עס טוט זיך אויף אַ מהלך פֿון אַכט מייל אַרום אים, און אין דעם דאָזיקן טורם האָבן זיך געפֿונען הונדערט זעלנער, צו וועלכע הער גראָדזשיצקי האָט יעדן טאָג אַריינגעקוקט. דערזעענדיק אין דער סביבה אַ המון, האָבן די דאָזיקע זעלנער תיכּף ומיד געגעבן צו וויסן אין שלאָס, און דעמאָלט האָט מען געקלונגען אין די גלאָקן און דער גאַנצער גאַרניזאָן איז באַלד געשטאַנען אונטער געווער.

— עס גייט כמעט נישט אַריבער אַ וואָך — האָט הער גראָדזשיצקי געזאָגט — אָן עפּעס אַן אַלאַרם, ווייל די טאָטערס שלעפּן זיך דאָ אָפּט אַרום אין די טויזנטער, ווי די וועלף אין גאַנצע סטאַדעס. מיר שיסן אויף זיי פֿון די האַרמאַטן וויפֿיל מיר קאָנען. אָפֿט נעמט די וואַך אָן סטאַדעס פֿון ווילדע פֿערד פֿאַר טאָטערס.

— און עס ווערט אייך נישט נמאס, מיין הער, צו זיצן אין אַזאַ העק? — האָט הער סקשעטוסקי געפֿרעגט.

— ווען מ׳וואָלט מיר אַפֿילו אָפּגעגעבן אַ דירה אין אַ קעניגלעכן פּאַלאַץ, וואָלט איך בעסער געוואָלט דאָ בלייבן. פֿון דאַנען זע איך מער די וועלט, איידער דער קעניג פֿון זיין פֿענסטער אין וואַרשע.

און באמת, פֿון די מויערן האָט מען געזען אַ אומגעהויערן שטח פֿון די סטעפּעס, וועלכע האָבן איצט אויסגעזען ווי אַ ים פֿון גרינס; אויף צפֿון האָט מען געזען דעם אויסגוס פֿון סאַמאַרע, און אויף דרום — דעם גאַנצן לויף פֿון דניעפּרס פֿעלזן, אָפּגרונטן, וועלדער, אַזש ביז צו די שוימען פֿון צווייטן פֿעלזן־שוועל סורסקי.

אין אָוונט האָבן זיי נאָך באַזוכט דעם טורם, ווייל סקשעטוסקי, וועלכער האָט צום ערשטן מאָל געזען דאָס דאָזיקע פֿעסטונג, וואָס איז געלעגן פֿאַרבאָרגן אין די סטעפּעס, איז

געוועזן אַ בעלן אַלץ אָנצוקוקן. דערווייל האָט מען אין סלאָבאָדקא צוגעגרייט פאַר אים די שיפלעך, וועלכע זענען געווען פאַרזען מיט רודערס אויף ביידע עקן און דורכדעם געוואָרן פלינקער און לייכטער. צומאָרגנס באַגינען האָט ער געזאָלט זיך לאָזן אין וועג אַריין. אָבער ביינאַכט האָט ער זיך כמעט נישט געלייגט שלאָפן, טראַכטנדיק, וואָס ער זאָל טון צוליב דעם אומפאַרמיידלעכן טויט, מיט וועלכן ס'איז געווען פאַרבונדן זיין שליחות אין שרעקלעכן סיטש. דאָס לעבן האָט אים אמת געלאָקט, ווייל ער איז געווען יונג, און ער האָט געליבט און געזאָלט לעבן צוזאַמען מיט זיין געליבטער: אָבער טייערער פון לעבן זענען אים געווען כבוד און רום. נאָר ס'האָט אים געפלאָגט דער געדאַנק, אַז די מלחמה איז נאָענט, אַז העלענאַ, וואָס וואַרט אויף אים אין ראָזלאָגי, קאָן זיין אַרומגעכאַפּט פון דעם מוראדיקסטן פייער און אויסגעשטעלט נישט בלויז אויף באָהונס אָנגריף, נאָר אויך אויף די ווילדקייטן פון צוויושעטן און צובושעוועטן המון. אַ טיפער ווייטאָק און די דאגה וועגן איר גורל האָבן אים דעריבער נישט געלאָזט רוען. די סטעפּעס האָבן געמוזט שוין טריקענען, מ'האָט שוין מסתמא געקענט פאָרן פון ראָזלאָגי קיין לובני, און דערווייל האָט ער אַליין געהייסן העלענאַן און דער אַלטער פירשטין וואַרטן אויף זיין צוריקקער, ווייל ער האָט זיך נישט גערעכנט, אַז דער שטורעם זאָל אַזוי גיך קאָנען אויסברעכן, ער האָט נישט געוווסט, מיט וואָס עס שמעקט די נסיעה קיין סיטש. ער האָט מיט שנעלע טריט געשפּאַנט איבערן שלאָס-צימער, געריסן די באָרד און געבראָכן די הענט. וואָס האָט ער געזאָלט טון, ווי אַזוי האָט ער געזאָלט זיך נוהג זיין. אין די געדאַנקען האָט ער שוין געזען ראָזלאָגי אין פלאַמען, אַרומגערינגלט פון אַ צווווילדעוועטן המון, וואָס איז גיכער ענלעך אויף שדים, איידער אויף מענטשן. זיינע אייגענע טריט האָבן אָפּגעהילכט מיט אַ טריבן ווידערקול אונטער דעם געוועלבטן שלאָס, און עס האָט זיך אים אויסגעדוכטן, אַז דאָס גייען שוין די בייזע רוחות נאָך העלענאַן. אויף די מויערן האָט מען פון טרומייטן געגעבן סיגנאַלן צו לעשן דאָס ליכט, און

אים האָט זיך געדוכט, אַז דאָס איז דער אָפּקלאַנג פון באָהונס־טרומייט, און ער האָט געקריצט מיט די ציין און אויסגעשטרעקט די הענט צום הענטל פון דער שווערד. אָך, צו וואָס ער האָט אַזוי עקשנותדיק זיך געריסן צו דער דאָזיקער עקספּעדיציע און זי אויסגעכאַפּט ביי ביכאָוויעצן!

זשענדזשאַן, וועלכער איז געשלאָפן אויף דער שוועל, האָט באַמערקט די אויפרעגונג פון זיין האַר, ער איז דעריבער אויפגעשטאַנען. זיך אויסגעריבן די אויגן, פאַרגרעסערט די פלאַמען, וואָס האָבן געברענט אין די אייזערנע רייפן און גענומען זיך דרייען איבערן חדר, ווילנדיק ציען אויף זיך די אויפמערקזאַמקייט פון זיין האַר.

אָבער דער נאַמיעסטניק איז געווען אינגאַנצן פאַרזונקען אין זיינע פיינלעכע געדאַנקען און האָט ווייטער געשפּאַנט איבערן חדר, וועקנדיג מיט זיינע שריט דעם אַנטשוויגענעם ווידערקול.

— מיין האַר, העי, מיין האַר!.. — האָט זשענדזשאַן גערופן.

סקשעטוסקי האָט אַ קוק געטון אויף אים מיט פאַרשטאַרטע אויגן. מיט אַמאָל האָט ער זיך אויפגעכאַפּט פון זיין פאַרטראַכטקייט.

— זשענדזשאַן, דו האָסט מורא פאַרן טויט? — האָט ער געפרעגט.

— פאַר וועמען? וואָס הייסט, פאַרן טויט? וואָס רעט דער האַר?

— ווייל ווער עס פאָרט קיין סיטש, דער קערט נישט צוריק.

— אויב אַזוי, פאַרוואָס פאָרט דער האַר?

— אַזוי וויל איך, דאָס איז ניט דיין עסק, אָבער אויף דיר איז מיר אַ רחמנות, ווייל דו ביסט נאָך אַ קינד, און הגם דו ביסט אַ שטיפער, וועסטו דאָרט מיט דיינע שטיפערייען גאָרנישט אויפטאָן. קער צוריק קיין טשעכרין, און שפּעטער קיין לובני.

זשענדזשאַן האָט זיך אָנגעהויבן קראַצן אין קאָפּ.

— מיין האַר, אודאי האָב איך מורא פֿאַרן טויט, ווייל דער, וואָס האָט ניט מורא פֿאַרן טויט, דער האָט ניט מורא פֿאַר גאָט, וואָרום אַז גאָט וויל, לעבט מען, און אַז גאָט וויל, שטאַרבט מען, אָבער קוים קריכט דער האַר גערנווילּיק דעם טויט אין די אָרעמס אַריין, וועט דער חטא פֿאַלן אויפֿן האַר, און ניט אויף מיר, דעם דינער, און דערפֿאַר וועל איך דעם האַר ניט פֿאַרלאָזן, ווייל כ׳בין דאָך נישט עפּעס אַ פּויער, נאָר אַ שלאַכטשיץ, הגם אַ אָרעמער, אָבער דאָך נישט אָן אַמביציעס.

— כ׳האָב געוווסט, אַז דו ביסט אַ ווילער בחור, כ׳וועל דיר אָבער זאָגן: אויב דו ווילסט ניט מיט גוטן פֿאָרן, וועסטו פֿאָרן אויף מיין באַפֿעל, ווייל אַנדערש קאָן עס ניט זיין.

— אַז דער האַר וועט מיך אַפילו דערהרגענען, וועל איך אויך נישט פֿאָרן. וואָס מיינט זיך דער האַר, אז איך בין אַ בוגד, אָדער וואָס, אַז איך וועל דעם האַר לאָזן אומקומען?

דאָ האָט זשענדזשאַן אויפֿגעהויבן די הענט צו די אויגן און גענומען כליפּן אויף אַ קול. הער סקשעטוסקי האָט איינ־געזען, אַז אויף אַזאַ אופֿן וועט ער ביי אים גאָרנישט פּועלן, אין שטרענג באַפֿעלן האָט ער נישט געוואָלט, ווייל ס׳איז אים געווען אַ רחמנות אופֿן יונגל.

— הער—האָט ער צו אים געזאָגט—קיין שום הילף וועס־טו מיר נישט געבן, איך וועל דאָך מיט גוטן מיין קאָפּ ניט אונטערשטעלן דער שווערד, און דו וועסט איבערפֿירן קיין ראָזלאָגי בריוו, וואָס עס גייט מיר אין זיי מער, ווי אין מיין גאַנצן לעבן. דו וועסט דאָרט זאָגן דער אַלטער און די פֿירשטן, אַז זיי זאָלן תיכף, אן שום שהיות, אַוועקפֿירן דאָס פֿריילין קיין לובני. ווייל אַנישט, וועט די מרידה אויסברעכן און זיי וועלן בלייבן דאָרט שטעקן. און אַליין וועסטו אויך אַכטונג גע־בן, אַז עס זאָל אַזוי געשען. אַ וויכטיקע שליחות געב איך דיר איבער, אַ שליחות, וואָס מען פֿאַרטרויט אָן אַ פֿריינט און ניט אַ משרת.

— אויב אַזוי, זאָל דער האַר אַ צווייטן שיקן; מיט אַ בריוו קאָן יעדער פֿאָרן.

— און ווען איך האָב דאָ, וואָס איך זאָל אים קאָנען דאָס אָנפֿאַרטרויען? ביסטו פֿון זינען אַראָפּ? איך זאָג דיר נאָכ־מאָל; אויב דו וועסט מיך צוויי מאָל מציל זיין פֿון טויט, וועסטו מיר נישט טון אַזאַ טובה, ווייל איך ווער געפּלאָגט פֿון דעם געדאַנק, וואָס עס קאָן טרעפֿן, און פֿון יסורים ווערט אויף מיר די הויט נאָס פֿון שווייס.

— אוי, מיין גאָט! כ׳זע אַז כ׳מוז פֿאָרן, אָבער מיר איז אויפֿן האַר אַזאַ רחמנות, אַז ווען דער האַר וואָלט מיר אַפֿילו געשענקט דעם דאָזיקן געשפּרענקלטן גאַרטל, וואָלט איך מיך אויך נישט באַרויקט.

— דו וועסט באַקומען דעם גאַרטל, נאָר טו וואָס איך הייס דיך.

— כ׳וויל דעם גאַרטל אויך נישט, אַבי דער האַר זאָל מיך לאָזן פֿאָרן מיט זיך.

— מאָרגן וועסטו צוריקפֿאָרן אויף אַ שיפֿל, וואָס הער גראָדזשיצקי שיקט אַרויס קיין טשעכרין, פֿון דאָרט וועסטו אָן שהיות און אָן אָפּרו גלייך פֿאָרן קיין ראָזלאָגי. דאָרט זאָלסטו נישט זאָגן, אַז איך בין אין אַ סכנה, נישט דער אַלטער פֿירשטן און אויך נישט דער פריילן, זאָלסט זיי נאָר בעטן, אַז זיי זאָלן באַלד און אַפֿילו מיט פערד פֿאָרן קיין לובני און ווען אַפֿילו אָן שום חפצים. אָט האָסטו אַ בייטל מיט געלט אויפֿן וועג, די בריוו וועל איך דיר באַלד אָנשרייבן.

זשענדזשאַן איז געפֿאַלן צו די פֿיס פֿון נאַמיעסטניק.

— מיין האַר, וועל איך אייך שוין מער נישט זען?

— ווי גאָט וועט ווילגעפֿעלן, ווי גאָט וועט ווילגע־פֿעלן! — האָט געענטפֿערט דער נאַמיעסטניק, אונטערהויבנדיק אים — אָבער אין ראָזלאָגי זאָלסטו ווייזן אַ פֿריילעך פּנים. איצט גיי שלאָפֿן.

די רעשט פֿון דער נאַכט האָט סקשעטוסקי פֿאַרבראַכט אויף שרייבן בריוו און אָפּריכטן הייסע תּפֿילות, נאָך וועלכע ס׳איז צו אים באַלד געקומען דער מלאך פֿון באַרויקונג. דער־ווייל איז די נאַכט בלאַס געוואָרן און דער מאָרגנשטערן האָט

אַריינגעבליקט דורך די שמאָלע פֿענסטערלעך פֿון מזרח. עס האָט געטאָגט – און ראָזע אָפּגלאַנצן האָבן זיך אַריינגעגנבעט אין חדר. אויפֿן טורם אין שלאָס האָט מען געגומען שפּילן „צום אויפשטיין". באַלד דערויף האָט גראָדזשיצקי זיך באַוויזן אין חדר.

— הער נאַמיעסטניק, די שיפֿלעך זענען גרייט.

— און איך בין אויך גרייט—האָט סקושעטוסקי רויק געזאָגט.

## 10. קאַפּיטל.

די פליִנקע שיפלעך זענען געפלויגן מיטן שטראָם, ווי די שוואַלבן, טראָגנדיק דעם יונגן ריטער און זיין גורל. צוליב דעם, וואָס דאָס וואַסער איז געווען הויך, האָבן די פעלזן ניט פאָרגע־שטעל מיט זיך קיין גרויסע סכנה. זיי האָבן געמיטן סורסקי, לאָכאַני, אַ גליקלעכע כוואַליע האָט זיי אַריבערגעשליידערט דורך דעם וואָראָנאָוו־צוים, די שיפלעך האָבן געסקריפּעט אַ ביסל ביי קניאַזשי און סטשעלטשי, אָבער זיי האָבן זיך נאָר געריבן אָן זיי און זענען ניט צוקלאַפּט געוואָרן, ביז זיי האָבן צום סוף דערזען פון דער וויטנס די שוימן און דיווירבלען פון שרעק־לעכן ניענאַסיטעץ. דאָ האָט מען זיך שוין געמוזט אַרויסזעצן און שלעפּן די שיפלעך אויף דער יבשה. די דאָזיקע שווערע און לאַנגע אַרבעט האָט געווײנלעך געדויערט אַ גאַנצן טאָג. צום גליק זענען אויפן גאַנצן ברעג געלעגן פיל קלעצער, וועלכע זע־גען אַפּנים געבליבן פון אַמאָליקע נסיעות דורך די פעלזן, די דאָזיקע קלעצער האָט מען אונטערגעלעגט אונטער די שיפלעך, כדי זיי זאָלן זיך לייכטער קאָלערן איבער דער ערד. אין דער גאַנצער געגנט און אין די סטעפּעס האָט מען ניט געזען קיין לעבעדיקן נפש, אויפן טייך — קיין איין שיפל, ווייל קיין סיטש האָבן שוין ניט געקאָנט שווימען קיין אַנדערע אַ חוץ די, וואָס הער גראָדזשיצקי האָט דורכגעלאָזט דורך קודאַק, און הער גראָדזשיצקי האָט בכיון אָפּגעשניטן זאַפּאָראָזשע פון דער איבע־ריקער וועלט. די שטילקייט איז דעריבער איבערגעריסן געוואָרן בלויז דורך די רוישיקע כוואַליעס, וואָס האָבן אָנגעקלאַפּט אין די פעלזן. אין משך פון דער צייט, וואָס די מענטשן האָבן געשלעפּט די שיפלעך, האָט סקשעטוסקי זיך צוגעקוקט צום דאָ־זיקן מופת פון דער נאַטור. אַן אימהדיק בילד האָט זיך אַנט־

פֿלעקט פֿאַר זײַנע אויגן. איבער דער גאַנצער ברייט פֿון טייך זענען געלאָפֿן זיבן פֿעלזן־דאַמבעס, וואָס האָבן הויך אַרויסגעשטעקט איבערן וואַסער, שוואַרצע, צופֿליקטע דורך די כוואַליעס, וועלכע האָבן אין זיי ווי אויסגעהאַקט טויערן און דורכגענג. דער טייך האָט מיט דער גאַנצער משא וואַסער זיך אַלאָז געטאָן אויף די דאָזיקע דאַמבעס און זיך צוקלאַפּט אָן זיי, און אַ צווילדעווטער, אַ צעוויוּשעטער, אַ צושמעטערטער אויף ווייסע, שוימיקע שפּליטערס, האָט ער זיך אָנגעשטרענגט זיי אַריבערצושפּרינגען, ווי אַ צובריקעוועט פֿערד. אָבער, צוריקגעשטויסן נאָך אַמאָל, נאָך איידער ער האָט באַוויזן זיך דורכרייסן דורך די עפֿנונגען, וואָלסטו געמיינט, אַז ער האָט געביסן די פֿעלזן מיט די ציין, געקאָרטשעט זיך אין אַ אומבאַהאָלפֿענעם כּעס און זיך מוראדיק צונויפֿגעקנוילט, אַרויסגעזעצט אין די הויך סלופּעס, געקאָכט ווי אַ קעסל און געטאָפּעט פֿון פֿאַרמאַטערטקייט ווי אַ ווילדע חיה. און דערנאָך ווידער אַ געקנאַל ווי פֿון הונדערט האַרמאַטן, אַ געהייל ווי פֿון גאַנצע סטאַדעס וועלף, אַ כראָפּן און אַ אָפּגעשטאַנענקייט. און ביי יעדער דאַמבע דאָס זעלבע געראנגל, די זעלבע מהומה. איבער דעם תּהום איז געשטאַנען אַ געפֿילדער פֿון פֿייגל, ווי איבערגעשראָקענע פֿון דעם דאָזיקן אנבליק, און צווישן די דאַמבעס טריבע שאָטנס פֿון די פֿעלזן, וועלכע האָבן געציטערט און געפּלאַטערט, ווי די בייזע רוחות.

די מענטשן, וואָס האָבן געשלעפּט די שיפֿלעך, הגם זיי זענען שוין געווען צוגעוווינט, האָבן זיך פֿרום געצלמט, וואָרנענדיק צום נאַמיעסטניק, אַז ער זאָל צו נאָענט צום ברעג ניט צוגיין. וואָרום זיי האָבן געגלויבט, אַז ווער עס קוקט צולאַנג אויפֿן ניענאַסיטעץ, דער דערזעט צום סוף עפּעס אַזוינס, פֿון וועלכן ער ווערט צודולט; מ׳האָט אויך דערציילט, אַז פֿון צייט צו צייט פֿלעגן זיך פֿון די ווירבלען אויסציען לאַנגע שוואַרצע הענט און כאַפּן די אומפֿאָרזיכטיקע, וועלכע זענען צו נאָענט צוגעגאַנגען, און דאַמאָלט פֿלעגט אַ שרעקלעך געלעכטער אָפּהילכן אין די אָפּגרונטן. אין די נעכט האָבן אַפֿילו די זאַפּאָראָזשער זיך ניט דערוועגט דורכצושלעפּן די שיפֿלעך.

צו דער ברודערשאַפט אין טאָל האָט נישט געקאָנט פאַר אַ חבר אויפגענומען ווערן דער, וואָס איז נישט אַליין דורכגעפאָרן די פעלזן אויף אַ שיפל, אָבער פאַרן ניעגאַסיטעץ האָט מען געמאַכט אַן אויסנאַם, ווייל זיינע פעלזן זענען קיינמאָל נישט געווען פאַרגאָסן. באָהון איז געווען דער איינציקער, וועגן וועלכן די בלינדע האָבן געזונגען, אַז ער האָט זיך דורכגעגנבעט אויף דורכן ניעגאַסיטעץ, אָבער מ'האָט דערין נישט געגלויבט.

דאָס דורכשלעפן די שיפלעך האָט געדויערט כמעט דעם גאַנצן טאָג און די זון האָט שוין אָנגעהויבן אונטערצוגיין, ווען דער נאַמיעסטניק האָט זיך ווידער אַריינגעזעצט אין שיפל. דערפאַר זענען זיי די ווייטערדיקע פעלזן דורכגעפאָרן זייער לייכט, ווייל זיי זענען אינגאַנצן געווען באַדעקט מיט וואַסער, און צום סוף זענען זיי אַריינגעשוומען „אין די שטילע וואַסערן פון טאָל".

אויפן וועג האָט הער סקשעטוסקי געזען אויף אַ בערגל אַ געוואַלדיקן קבר פון ווייסע שטיינער, וואָס דער פירשט האָט געהייסן אָנשיטן צום אָנדענק פון זיין אויפהאַלטן זיך אין דעם דאָזיקן אָרט און וועגן וועלכן הער באָגוסלאַוו מאַשקעוויטש האָט אים דערציילט אין לובני. פון דאַנען ביז סיטש איז שוין נישט געווען ווייט. אָבער אַזוי ווי דער נאַמיעסטניק האָט נישט געוואָלט ביינאַכט אַריינפאָרן אין טשערטאָמעליקער לאַבירינט, האָט ער באַשלאָסן איבערצונעכטיקן אין כאָרטיצאַ.

ער האָט אויך געוואָלט באַגעגנען עפּעס אַ לעבעדיקן נפש פון זאַפּאָראָזשע און געבן צווערשט צו וויסן וועגן זיך, כדי מ'זאָל וויסן, אַז אַ שליח און נישט עמיצער אַנדערש קומט אָן. כאָרטיצאַ האָט אָבער אויסגעוויזן צו זיין פוסט. דאָס האָט נישט ווייניק פאַרחידושט דעם נאַמיעסטניק, וואָרום ער האָט געוווּסט פון גראָדזשיצקין, אַז דאָרט איז שטענדיק געשטאַנען אַ קאָזאַקישער גאַרניזאָן, כדי צו שיצן פאַר טאָטערישע אָנפאַלן. ער איז אַפילו אַליין מיט נאָך אַ פּאָר מענטשן אַוועק ווייט פון ברעג אויף אויסשפּירונגען, אָבער דעם גאַנצן אינזל האָט ער נישט געקאָנט דורכגיין, ווייל ער איז געווען איבער אַ מייל

לאַנג, און די נאַכט איז שוין צוגעפֿאַלן, אַ פֿינסטערע און פֿאַרכמאַרעטע. דער נאַמיעסטניק איז צוריקגעגאַנגען צו די שיִפֿלעך, וועלכע מ׳האָט דערווייל אויסגעלייגט אויפֿן זאַמד און פֿאַרן שלאָפֿן־גיין האָט מען אָנגעצונדן פֿייער, כּדי צו פֿאַרטרייבן די מיקן.

דער גרעסטער טייל פֿון דער נאַכט איז אַריבער רויִק. די זעלנער און די איבערפֿירער זענען געשלאָפֿן ביי די פֿייערן — געוואַכט האָבן נאָר די שומרים און צוזאַמען מיט זיי אויך דער נאַמיעסטניק, וועלכֿן עס האָט זייט דעם אָפּפֿאָרן פֿון קודאַק געפּלאָגט אַ שרעקלעכע שלאָפֿלאָזיקייט. ער האָט אויך געשפּירט, אַז עס פֿאַרצערט אים אַ היִץ. אָפּט האָט זיך אים אויסגעדוכטן, אַז ער הערט שריִט, וואָס דערנענטערן זיך פֿון איִנזל, באַלד ווידער זענען צו זיינע אויערן דערגאַנגען עפּעס מאָדנע אָפּקלאַנגען, וואָס זענען ענלעך געווען אויף אַ ווייטן בעטשן פֿון ציִגן. אָבער ער האָט געמיינט, אַז דאָס אויער נאַרט אים.

פּלוצלינג, שוין, האַרט פֿאַרן זון־אויפֿגאַנג, האָט ער דערזען פֿאַר זיך עפּעס אַ טונקעלע געשטאַלט.

דאָס איז געווען איינער פֿון די וועכֿטער.

— האַר, מ׳גייט! — האָט ער גיך געזאָגט.

— ווער?

— מסתּמא טאָל־באַוווינער: זיי זענען אַן ערך פֿערציק מאַן.

— גוט. דאָס איִז נישט פֿיל. וועק־אויף די מענטשן, פֿייער אָנציִנדן!

די זעלנער זענען באַלד געשטאַנען אויף די פֿיִס. דאָס אונטערגעצונדענע פֿייער האָט זיך צופֿלאַקערט אין הויכע פֿלאַמען און באַלויכֿטן די שיפֿלעך און דאָס הייפֿל פֿון נאַמיעסטניקס זעלנער. אויך די וועכטער זענען צוגעלאָפֿן צום ראָד.

ביני־לביני האָבן די נישט־רעגולערע שריִט פֿון אַ גרופּע מענטשן זיך געלאָזט הערן וואָס אַמאָל דייטלעכער, די דאָזיִקע שריִט האָבן זיך פֿאַרהאַלטן אויף אַ געוויסן מרחק; דאַקעגן האָט עפּעס אַ שטיִם געפֿרעגט מיט אַ דראָענדיִקן טאָן:

— ווער איז דאָרטן אויפֿן ברעג?

— און ווער זייט איר? — האָט דער וואַכמייסטער געענט־פֿערט.

— ענטפֿער, צום טייוול, אויב נישט, וועל איך פֿרעגן מיט דער ביקס!

— זיין הויכקייט, דער האַר שליח פֿון זיין מאַיעסטעט, פֿירשט יערעמי וווישניאָוויעצקי צום אַטאַמאַן פֿון די קאָזאַקן — האָט הויך אויסגערופֿן דער וואַכמייסטער.

די שטימען אין דער גרופּע זענען אַנטשוויגן געוואָרן; ס'איז דאָרט אַפּנים אָפּגעהאַלטן געוואָרן אַ קורצע באַראַטונג.

— קום נאָר אַליין דאָ אַהער! — האָט דער וואַכמייסטער זיך אָנגערופֿן — האָב נישט קיין מורא. די שליחים הרגעט מען נישט, אָבער אויך די שליחים הרגענען נישט!

די שריט האָבן זיך ווידער געלאָזט הערן און אין אַ ווייַלע אַרום זענען אַ פּאָר צענדליק געשטאַלטן אַרויס פֿון שאָטן. לויט דער טונקעלער הויט, נידריקן וווקס און פּעלצן מיט דער וואָל פֿון אויבן, האָט דער נאַמיעסטניק פֿון ערשטן בליק דער־קענט, אַז צום גרעסטן טייל זענען דאָס געווען טאָטערס; קאָזאַקן זענען צווישן זיי געווען נאָר אַ פּאָר. אין הער סקשעטוסקיס מוח איז ווי אַ בליץ דורכגעפֿלויגן דער געדאַנק, אַז אויב אין כאָרטיצאַ זענען פֿאַראַן טאָטערס, האָט כמיעלניצקי זיך געמוזט שוין אומקערן פֿון קרים.

בראש פֿון דער גרופּע איז געשטאַנען אַ אַלטער זאַפּאָראָ־זשער פֿון אַ געוואַלדיקער הויך מיט אַ ווילדן און אכזריותדיקן פּנים. צוגייענדיק צום פֿייער, האָט ער אַ פֿרעג געטון:

— ווער איז דאָ דער שליח?

אַ שאַרפֿער ריח פֿון בראָנפֿן האָט געשלאָגן פֿון אים אין אַלע זייטן—דער זאַפּאָראָזשער איז אַפּנים געווען שכור.

— ווער איז דאָ דער שליח?—האָט ער איבערגעפֿרעגט.

— איך בין עס! — האָט שטאָלץ געזאָגט הער סקשעטוסקי.

— דו?

— וואָס בין איך דיר אַ ברודער, וואָס דו זאָגסט מיר „דו"?

— לערן דיִך, פרא־אָדם דרך־ארץ — האָט זיך אָנגערופֿן דער וואַכמייסטער — מ׳דאַרף זאָגן: הויך־ווויל־געבוירענער האַר שליח!

— אַ טויט אייך, שדים־קינדער! אַ מיתה־משונה זאָל אויף אייך קומען! הויך־וווילגעבוירענע זין! צו וואָס פֿאַרט איר דאָס צום אַטאַמאַן?

— ניט דיין עסק! ווייס נאָר, אַז אויב איך וועל ניט ווי משנעלסטן אָנקומען צום אַטאַמאַן, וועסטו באַצאָלן מיט דיין לעבן.

אין דעם מאָמענט האָט אַ צווייטער זאַפּאָראָזשער זיך אַפֿויר. גערוקט פֿון דער גרופּאַ.

— אויף אַ באַפֿעל פֿון אַטאַמאַן — האָט ער געזאָגט — היטן מיר דאָ, אַז קיינער פֿון די „לאַכן" זאָל זיך ניט דערנענטערן, און אויב עס וועט זיך עמיצער דערנענטערן, דאַרפֿן מיר אים בינדן און צושטעלן, אַזוי וועלן מיר טאַקע טון.

— ווער עס פֿאָרט פֿרייוויליק, דעם וועסטו ניט בינדן.

— כ׳וועל בינדן, ווייל אַזוי איז דער באַפֿעל.

— און ווייסטו, פֿויער, וואָס דאָס איז אַזוינס אַ שליח? און ווייסטו פֿון וועמען איך בין געשיקט?

דאָ האָט דער אַלטער ריִז איבערגעהאַקט:

— מיר וועלן אַוועקפֿירן דעם שליח, אָבער פֿאַר דער באָרד — אָט אַזוי!

דערביי האָט ער אויסגעשטרעקט די האַנט צום נאַמיעסט־ניקס באָרד.

אָבער אין דער רגע האָט ער אַ קרעכץ געטון און, ווי געטראָפֿן פֿון אַ דונער, איז ער געפֿאַלן אויף דער ערד.

דער נאַמיעסטניק האָט אים צוהאַקט דעם קאָפּ מיט אַ האַמער.

— שטעך! שטעך! — האָבן ווילדע קולות אויסגעשריגן אין דער גרופּע. — דער פֿירשטס זעלנער האָבן זיך געאיילט מציל זיין זייער פֿירער; עס האָט געקנאַלט פֿון ביקסן, די קולות: „שטעך! שטעך!" האָבן זיך צונויפֿגעגאָסן מיטן געקלאַנג פֿון אייזן. עס האָט אויסגעבראָכן אַ שלאַכט אָן אַ סדר. די פֿייערן,

וואָס זענען צוטרעטן געוואָרן אין דער מהומה, האָבן זיך פֿאַר־לאָשן און אַ פֿינסטערניש האָט פֿאַרהילט די קעמפֿנדיקע. באַלד האָבן ביידע צדדים אַזוי ענג זיך צונויפֿגעקנוילט, אַז עס האָט אויסגעפֿעלט פּלאַץ אויף אויסצוציִען די שווערד, און מעסערס, פֿויסטן און ציין האָבן פֿאַרביטן די שווערדן.

מיט אַמאָל האָבן זיך פֿון דער טיף פֿון אינזל דערטראָגן בייזע אויסרופֿן און געשרייען פֿון אַ סך קולות; פֿאַר די אָנפֿאַ־לער איז אָנגעקומען הילף.

נאָך אַ רגע, און די הילף וואָלט געקומען צו שפּעט, ווייל סקשעטוסקיס דיסציפּלינירטע זעלנער האָבן שוין געהאַט די איבערהאַנט איבער זייערע שונאים.

— צו די שיפֿלעך! — האָט דער נאַמיעסטניק אַ געשריי געטאָן מיט אַ דונערנדיקער שטים.

דעם נאַמיעסטניקס מענטשן האָבן כּהרף־עין אויסגעפֿירט דעם באַפֿעל. צום אומגליק זענען אָבער די שיפֿלעך אַזוי שטאַרק געווען אַריינגעצויגן אין זאַמד, אַז עס איז איצט אוממעגלעך געווען זיי אַראָפּצושטופּן אין טייך.

דערווייל איז דער שונא מיט אַ ווילדע רציחה אַ שפּרונג געטאָן צום ברעג.

— פֿייער! — האָט הער סקשעטוסקי אַ קאָמאַנדע גע־געבן.

אַ זאַלפּ פֿון ביקסן האָט מיט אַמאָל צוריקגעהאַלטן די אָנפֿאַלער, וועלכע זענען געוואָרן צוטומלט, האָבן זיך צונויפֿגע־פּרעסט און צוריקגעצויגן אין אומאָרדנונג, איבערלאָזנדיק אויפֿן זאַמד העכער צען אויסגעצויגענע קערפּערס; אַ פּאָר פֿון די דאָזיקע קערפּער האָבן קאָנוווּלסיוו געצאַפּלט ווי די פֿיש, וואָס ווערן געכאַפּט אין וואַסער און אַרויסגעוואָרפֿן אויפֿן ברעג.

גלייכצייטיק האָבן די איבערפֿירער מיט דער הילף פֿון אַ פּאָר זעלנער אָנגעשפּאַרט די רודערס אויף דער ערד און אָנגעשטרענגט די לעצטע כּחות אַראָפּצושטופּן די שיפֿן אין וואַסער אַריין—אָבער אומזיסט.

דער שונא האָט ענגעהויבן אַן אַטאַקע פֿון דער ווייטנס.

דאָס פליעסקען פֿון די קוילן איבערן וואַסער האָט זיך צונויפֿגעמישט מיטן געפּייף פֿון די פּיילן און קרעכצן פֿון די פֿאַרוווּנדעטע.

די טאָטערס האָבן וואָס אַמאָל מוראדיקער געשריגן: „אַלאַ! אַלאַ!” און מעורר געווען איינער דעם צווייטן; עס האָבן זיי אָפּגעענטפֿערט די געשרייען פֿון די קאָזאַקן: „שטעך! שטעך!” און די רויִקע שטים פֿון הער סקשעטוסקין, וועלכער האָט וואָס אַמאָל אָפֿטער איבערגעחזרט דעם באַפֿעל:

— פֿייער!

די ערשטע שטראַלן פֿון מאָרגנשטערן האָבן מיט אַ בלאַסער שיין באַלויכטן דעם קאַמף. מצד דער יבשה האָט מען געזען דעם המון פֿון קאָזאַקן און טאָטערס, וואָס אַ טייל פֿון זיי האָט ביי די פּנימער געהאַלטן די קאָלבעס פֿון די ביקסן, און אַ צווייטער טייל איז געשטאַנען צוריקגעבויגן אויף הינטן און האָט אָנגעצויגן די פּיילן אויף די בויגנס—און מצד דער יבשה האָט מען געזען צוויי שיפֿלעך, וועלכע האָבן זיך גערויכערט און געלויכטן פֿון די כּסדרדיקע קוילן־זאַלפּן. אין דערמיט זענען אויפֿן זאַמד רויִק געלעגן אויסגעצויגן טויטע קערפּערס.

אין איינעם פֿון די שיפֿלעך איז געשטאַנען הער סקשעטוסקי, העכער איבער אַלע, אַ שטאָלצער, אַ רויִקער, מיט אַ אָפֿיצערן־האַמער אין דער האַנט און מיט אַ הוילן קאָפּ, ווייל אַ טאָטערישע פֿייל האָט אים אָפּגעריסן דאָס היטל.

דער ווייכמייסטער איז צוגעגאַנגען צו אים און האָט אים איינגערוימט:

— מיין האַר, מיר וועלן נישט אויסהאַלטן—די מחנה איז צו גרויס! אָבער דעם נאַמיעסטניק איז שוין געגאַנגען בלויז אין דעם, אַז זיין שליחות זאָל אָפּגעשטעמפּלט ווערן מיט בלוט, אַז זיין כּבֿוד זאָל נישט פֿאַרשוועכט ווערן און אַז ער זאָל אומקומען נישט אָן רום. און דעריבער, ווען די זעלנער האָבן פֿון די זעק מיט לעבנסמיטלען זיך געמאַכט אַ מין שוץ־וואַנט, פֿון הינטער וועלכער זיי האָבן געשאָסן אויפֿן שונא, איז ער אין דערזעלביקער צייט געשטאַנען אָפֿן און אויסגעשטעלט אויף

די קוילן.

— גוט!—האָט ער געזאָגט—מיר וועלן אומקומען ביזן לעצטן.

— מיר וועלן אומקומען, פֿאָטער—האָבן די זעלנער אויסגעשריגן.

— פֿייער!

די שיפֿלעך האָבן זיך ווידער באַדעקט מיט רויך. פֿון דער טיף פֿון אינזל האָבן גענומען אַנטלויפֿן נייע מחנות באַוואָפֿנטע מיט שפּיזן און קאָסעס. די אָנפֿאַלער האָבן זיך צוטיילט אויף צוויי גרופּן. איינע האָט אונטערגעהאַלטן דאָס פֿייער, און די צווייטע, וועלכע איז באַשטאַנען פֿון העכער צוויי הונדערט קאָזאַקן און טאָטערס, האָט נאָר געוואַרט אויף אַ שעת־הכּושר צו אַ האַנט־אַטאַקע. גלייכצייטיק, האָבן זיך פֿון די געוויקסן פֿון אינזל אַרויסגערוקט פֿיר שיפֿלעך, וועלכע האָבן געזאָלט אָנפֿאַלן אויפֿן נאַמיעסטניק פֿון הינטן און פֿון ביידע זייטן.

ס׳איז שוין געווען אינגאַנצן ליכטיק. בלויז די רויך־וואָלקנס האָבן זיך לאַנג אויסגעצויגן אין דער רויקער לופֿט און פֿאַרשטעלט דעם קאַמף־פּלאַץ.

דער נאַמיעסטניק האָט צוואַנציק זעלנער געהייסן זיך אַ קער טאָן צו די אַטאַקירנדיקע שיפֿלעך, וועלכע זענען, געטריבן פֿון רודערס, מיט דער געשווינדקייט פֿון פֿייגל געפֿלויגן איבערן שטילן וואַסער פֿון טייך. דאָס פֿייער, וואָס איז געווען געווענדעט צו די טאָטערס און קאָזאַקן, וועלכע זענען אָנגעקומען פֿון אינזל, איז דעריבער שטאַרק אָפּגעשוואַכט געוואָרן.

דערויף האָבן זיי אַפּנים געוואַרט.

דער וואַכמייטער איז ווידער צוגעגאַנגען צום נאַמיעסטניק.

— מיין האַר! די טאָטערס נעמען די האַנדזשאַרן אין די ציין; באַלד וועלן זיי זיך וואַרפֿן אויף אונז.

אַן ערך פֿון צוויי הונדערט טאָטערס מיט שווערדן אין די הענט, מיט מעסערס אין די ציין, האָבן זיך געגרייט צו דער אַטאַקע. עס זענען מיט זיי געווען אַ פּאַר צענדליק זאַפּאָראָזשער, באַוואָפֿנטע מיט קאָסעס.

דיִ אַטאַקע האָט זיך געזאָלט אָנהויבן פֿון אַלע זייטן, ווייל דיִ שיִפֿלעך פֿון דיִ אָנפֿאַלער זענען שוין געווען צוגעשווומען אויף אַ מרחק פֿון אַ פֿייל. זייערע זייטן האָבן זיך באַדעקט מיט רויך. די קוילן האָבן ווי אַ האָגל זיִך געגומען שיִטן אויפֿן נאַמיעסטניִקס מענטשן, ביידע שיִפֿלעך זענען פֿאַרהיִלכט געוואָרן פֿון קרעכצן. איִן צוואַנציק מיִנוט אַרום זענען אַ העלפֿט פֿון נאַמיעסטניִקס מענטשן געפֿאַלן, די איִבעריִקע האָבן זיִך נאָך פֿאַרצווייפֿלט פֿאַרטיידיִקט. זייערע פּנימער זענען געווען שוואַרץ פֿון רויך, דיִ הענט זענען אָפּגעשטאַנען, דער בליִק איִז פֿאַרנעבלט געוואָרן, דאָס בלוט האָט דיִ אויגן פֿאַרגאָסן, דיִ רויכן פֿון דיִ ביִקסן האָבן גענומען בריִען דיִ הענט. דער גרעסטער טייל איז געווען פֿאַרוווּנדעט.

איִן דער רגע האָט אַ שרעקלעכער געפּיִלדער און געהייל צוריִסן דיִ לופֿט. דאָס האָבן דיִ טאָטערס זיִך אַ לאָז געטון צו דער אַטאַקע.

דיִ רויך־וואָלקנס, וואָס זענען צונויפֿגעטריִבן געוואָרן דורך דער באַוועגונג פֿון דיִ קערפּער־מאַסן, זענען מיִט אַמאָל צופֿלאָסן געוואָרן און אַנטפּלעקט דעם נאַמיעסטניקס צוויי שיִפֿלעך, וואָס זענען געווען באַדעקט מיִט אַ שוואַרצלעכן המון פֿון טאָטערס און האָבן איִצט געהאַט אַ פּנים פֿון צוויי פֿערדיִשע נבלות, וועלכע זענען צופּליִקט געוואָרן דורך אַ סטאַדע וועלף. דער דאָזיִקער המון האָט זיך געשטויסן, געשטופּט, געוואָיעט, געקלעטערט איינער אויפֿן צווייטן, האָט אויסגעזען, ווי ער וואָלט געקעמפֿט מיִט זיִך אַליין, און איז אומגעקומען. אַ פּאָר מענטשן פֿון סקשעטוסקיס חייל האָט זיִך נאָך אַקעגנגעשטעלט, און ביי דעם מאַסט איִז געשטאַנען הער סקשעטוסקיִ, מיִט אַ פֿאַרבלוטיִקטן פּנים, מיִט אַ פֿייל, וואָס האָט טיִף געשטעקט אין זיין לינקן אָרעם, און פֿאַרביִסן זיִך פֿאַרטיידיקט. זיין געשטאַלט איִז וויִ אויסגעוואַקסן געוואַלדיִק צווישן דעם המון, וואָס האָט איִם אַרומגערינגלט, און זיין שווערד האָט געבלענדט ווי אַ בליִץ. אויף יעדן ריִר מיִט דער שווערד האָבן זיך אָפּגערופֿן קרעכצן און זיִפֿצן. דער וואַכמייסטער מיט נאָך אַ זעלנער האָבן איִם

געשיצט פון ביידע זייטן און דער המון האָט זיך מאָמענטנווייז מיט שרעק צוריקגעצויגן פאַר די דאָזיקע דריי זעלנער, אָבער געטריבן פון הינטן, האָט ער זיך אַליין געשטופט און איז אומגעקומען אונטער די קלעפּ פון די שווערדן.

— לעבעדיקערהייט זיי ברענגען צום אַטאַמאַן—האָבן זיך דערהערט קולות צווישן המון—גיב זיך אונטער!

אָבער הער סקשעטוסקי האָט זיך שוין אונטערגעגעבן, נאָר ער איז מיט אַמאָל בלאַס געוואָרן, האָט זיך אַ וואַקל געטון און איז אומגעפאַלן אויפן שיפל.

— פאָטער!—האָט דער וואַכמייסטער מיט יאוש אויסגעשריגן.

באַלד איז ער אָבער אויך געפאַלן. די אָנפאַלער האָבן באַדעקט אינגאַנצן די שיפלעך.

## 11. קאַפּיטל

אין דער כאַטע פון מיליטערישן קאַנטאַזשעי*), אין דער פאָרשטאָט האַסאַן—פּאַשא אין סיטש, זענען געזעסן ביים טיש צוויי זאַפּאָראָזשער, וואָס האָבן געטרונקן בראָנפן פון הירזש, וועלכן זיי האָבן כסדר געשעפּט פון אַ הילצערנעם שעפּעל, וואס איז געשטאַנען אויפן טיש. איינער, אַ זקן, מיט אַ געבוי־גענעם רוקן, איז געווען פיליפּ זאַכאַר, דער קאַנטאָזשעי אַליין, דער צווייטער איז געווען אַנטאָן טאַטאַרטשוק, דער אַטאַמאַן פון טשעכרינער קאַזאַקן־פּאָלק, אַ מענטש פון בערך פערציק יאָר, אַ הויכער, אַ שטאַרקער, מיט אַן אויסדרוק פון ווילדקייט אויפן פּנים און מיט שיפע טאָטערישע אויגן.ביידע האָבן גערעט צוויישן זיך אין דער שטיל, גלייך ווי זיי וואָלטן מורא געהאַט, אַז עמיצער זאָל זיי ניט אונטערהערן.

— הייסט עס, נאָך היינט?—האָט דער קאַנטאַזשעי געפרעגט

— שיער ניט באַלד — האָט טאַטאַרטשוק געענטפערט.

— מ'וואַרט נאָר אויפן העטמאַן און אויף טוהאַי־בעין, וועלכער איז מיט כמיעלן אַליין געפאָרן קיין באַזאַוולוק, ווייל דאָרט שטייט דאָס מיליטער. די געזעלשאַפט האָט זיך שוין צונויפגע־קליבן אויפן פּלאַץ, און די פּאָלקאָווניקעס וועלן נאָך פאַרן אָוונט זיך פאַרזאַמלען אויף אַ באַראַטונג. איידער די נאַכט וועט צו־פאַלן, וועט אַלץ זיין באַקאַנט.

— הם! ס'קאָן זיין שלעכט! — האָט אַ ברום געטאָן דער אַלטער פיליפּ זאַכאַר.

— הער, קאַנטאַזשעי, און דו האָסט געוווסט, אַז ס'איז

---

*) אַ מיליטערישער באַאַמטער אין זאַפּאָראָזשע, וואָס איז ממונה איבער די מאָסן און וואָגן אין די קראָמען, וואָס געפינען זיך אין אַזוי גערופענעם ראָמען־באַזאַר אין סיטש.

עווען אַ בריוו אויך צו מיר?

— אודאי האָב איך געוווסט, ווייל כ'האָב אַליין אָפּגע־טראָגן די בריוו צום העטמאַן, און איך בין אַ מענטש, וואָס פאַרשטייט זיך אויף די קליינע אותיות. מ'האָט געפונען ביים ליאַך דריי בריוו: איינער צום העטמאַן אַליין, דער צווייטער צו דיר, דער דריטער צום יונגן באַראַבאַש. אין סיטש ווייסן שוין אַלע וועגן דעם.

— און ווער האָט געשריבן? ווייסטו ניט?

— צום העטמאַן האָט געשריבן דער פירשט, ווייל אויפן בריוו איז געווען אַ זיגל: צו אייך ווער ס'האָט געשריבן—ווייסט מען ניט.

— זאָל גאָט שומר ומציל זיין!

— אויב מען רופט דיך ניט דאָרט אויפן פראָנט פון די ליאַכן, וועט גאָרניט זיין.

— זאָל גאָט שומר ומציל זיין! — האָט טאַטאַרטשוק אי־בערגעחזרט.

— אַ פּנים, דו פילסט זיך שולדיק.

— טפו! איך פיל מיך ניט שולדיק אין גאָרניט.

— און אפשר וועט דער העטמאַן אַלע בריוו פאַרניכטן, ווייל ער האָט מורא פאַר זיין אייגענער הויט. ס'איז דאָך גע־ווען צו אים אַבריוו פונקט ווי צו דיר.

— און אפשר.

— און אויב דו פילסט זיך שולדיק, נעם...

דאָ האָט דער אַלטער קאַנטאָזשעי נאָך שטילער געזאָגט:

— מאַך ויברח!

— אָבער ווי אַזוי? און וווּ? — האָט טאַטאַרטשוק אומרויִק געפרעגט—דער העטמאַן האָט אויף אַלע אינזלען אַוועקגעשטעלט אַ שמירה, כדי קיינער זאָל זיך נישט אַריבערכאַפּן צו די ליאַכן און נישט אויסזאָגן, וואָס דאָ טוט זיך. אין באַזאַווּלוק היטן די טאָטערס. אַ פיש וועט זיך נישט דורכגליטשן, אַ פויגל וועט נישט דורכפליען.

— אויב אַזוי, באַהאַלט זיך אין סיטש גופא, ווו דו

קאָנסט.

— מ׳וועט געפינען. סיידן דו וועסט מיך באַהאַלטן צווישן די פעסלעך אין באַזאַר? דו ביזט דאָך מיין קרובֿ!

— אַ לייבלעכן ברודער וואָלט איך אויך נישט באַהאַלטן. האָסט מורא פאַרן טויט, שכור דיך אָן; שכורהייט וועסט אַפֿילו נישט שפּירן.

— און אפשר איז אין די בריוו גאָרנישט דאָ?

— אפשר...

— אָט האָסטו דיר אַ אומגליק! אַ אומגליק! — האָט טאַ־טאַרטשוק געזאָגט—איך פּיל מיך אין גאָרנישט ניט שולדיק. איך בין אַ גוטער קאָזאַק, אַ שונא פֿון די ליאַכן. און ווען אַפֿילו ס׳זאָל אין בריוו גאָרנישט זיין, ווייסט דער טייוול, וואָס דער ליאַך וועט זאָגן פֿאַר דער באַראַטונג? ער קאָן מיך אומברענגען.

— דאָס איז אַ פֿאַרביסענער ליאַך; ער וועט גאָרנישט זאָגן!

— ביזט היינט געווען ביי אים?

— געווען. כ׳האָב אים אויסגעשמירט די וווּנדן מיט דזשעגעכץ; כ׳האָב אים אַריינגעגאָסן אין האַלז בראָנפֿן מיט אַש. ער וועט געזונט ווערן. דאָס איז אַ פֿאַרביסענער ליאַך. מ׳זאָגט, אַז אין כאָרטיצאַ האָט ער די טאָטערס, איידער זיי האָבן אים גענומען, אויסגעקוילעט ווי די חזירים. מכּוח דעם לאַך קאָנסטו זיין רויק.

דער טריבער אָפּקלאַנג פֿון די קעסלען, אין וועלכער מ׳האָט געקלאַפּט אויפֿן העטמאַנס פּלאַץ, האָט איבערגעהאַקט דעם ווייטערדיקן שמועס.

דערהערנדיק דעם דאָזיקן אָפּקלאַנג, איז טאַרטאַרטשוק פֿאַרצי־טערט געוואָרן און אויפֿגעשפּרונגען פֿון אָרט. אַ אויסערגעוויינ־לעכע אומרויקייט האָט זיך אויסגעמאָלט אויף זיין פּנים און אין אַלע זיינע באַוועגונגען.

— מ׳רופֿט צו דער באַראַטונג — האָט ער געזאָגט, כאַפּנ־דיק קוים דעם אָטעם — זאָל גאָט שומר ומציל זיין! דו, פּיליפּ, זאָג ניט, וועגן וואָס כ׳האָב דאָ מיט דיר גערעט. זאָל גאָט

שומר ומציל זיין!

ביי די דאָזיקע ווערטער האָט ער געכאַפּט דאָס שעפל מיט בראָנפן, האָט עס אויסגעבויגן מיט ביידע הענט צום מויל און געטרונקען, געטרונקען, גלייך ווי ער וואָלט זיך געוואָלט צום טויט אָנשכורן.

— לאָמיר גיין! — האָט דער קאַנטאַזשעי געזאָגט,

די פּויקערייִ אין די קעסלען האָט אָפּגעהילכט וואָס אַמאָל העכער און דייטלעכער.

זיי זיינען אַרויסגעגאַנגען. די פאָרשטאָט האַסאַן פּאַשאַ איז געווען אָפּגעטיילט פון פּלאַץ נאָר מיט אַ מויער, וואָס האָט אַרומגעצאַרטלט דעם אייגנטלעכן לאַגער, און מיט אַ טויער מיט אַ הויכן טורעם, אויף וועלכן מ׳האָט געזען די מיילער פון די אויסגעשטעלטע האַרמאַטן. אין מיטן דער פאָרשטאָט איז געשטאַנען דאָס הויז פון קאַנטאַזשעי אין די כאַטעס פון די קראָמען אַטאַמאַנעס, און אַרום דעם געניג גרויסן פּלאַץ זיינען געשטאַנען שאַפּעס, אין וועלכע עס האָבן זיך געפינען די קראַמען. דאָס זיינען בכלל געווען קלאָגעדיקע בניינים, אויפגעשטעלט פון דעמבאָווע בעלקעס, וועלכע כאַרטיצאַ האָט צוגעשטעלט בשפע, און געדעקט מיט צווייגן און שטרוי. די כאַטעס אַליין, שוין אַרייננרעכנענדיק די כאַטע פון קאַנטאַזשעי, זיינען מער געווען ענליך אויף געצעלטן, ווייל נאָר זייערע דעכער האָבן זיך אויפגעהויבן איבער דער ערד. די דאָזיקע דעכער זיינען געווען שוואַרץ און פאַרקאָפּטשעט, ווייל ווען ס׳האָט אין דער כאַטע געברענט פייער, האָט דער רויך געשלאָגן ניט בלויז פון דעם אויבערשטן לאָך אויפן דאַך, נאָר פון דעם גאַנצן דאַך-צודעק, און דעמאָלט האָט מען געקאָנט מיינען, אַז דאָס איז ניט אַ כאַטע, נאָר אַ קופּע צווייגן און שטרוי, אין וועלכער מ׳ברענט סמאָלע. אין די כאַטעס האָט געהערשט אַן אייביקע פינסטערניש, דערפאַר האָט אין זיי תמיד געברענט אַ פייער פון קין-שפּענער און פון דעמבאָווע שאָלעכץ. קראָמען-שאַפּעס זיינען דאָרט געווען אַ פּאָר צענדליק, איין טייל פון האָט געהערט צו די איינצלנע פּאָלקן, און אַ צווייטער טייל איז געווען באַשטימט פאַר

די טאָטערס און וואָלאָכן, וועלכע האָבן אין דער צייט פון שלום דאָרט געהאַנדלט, אַ טייל מיט פעלן, מזרח־געוועבן, כלי־זיין און פאַרשידענע מינים שלל, און אַ טייל דער עיקר מיט וויין. אָבער די דאָזיקע סוחרים־קראָמען זיינען זעלטן געווען פאַרנומען, ווייל אין דעם דאָזיקן ווילדן נעסט איז דער מסחר זייער אָפט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין גזלה, פון וועלכער סיי דער קאַנטאַזשעי און סיי די קראָמען־אַטאַמאַנעס האָבן ניט געקאָנט צוריקהאַלטן דעם המון. צווישן די שאָפּעס זיינען אויך געשטאַנען אַכט און דרייסיק לאַגער־ש נקן, אין פאַר זיי זיינען שטענדיק צווישן מיסט, האָלץ־שפּענער, דעמבאָווע קלעצער און קופּעס פון פערד־מיסט געלעגן האַלב־טויט־אָנגעשכור'טע זאַפּאַראָזשער, אַ טייל פאַרזונקן אין אַ טיפן שלאָף, אַ טייל מיט שוים אויף די ליפּן, אין קאַנוווּלסיעס אָדער אַטאַקעס פון משוגעת. אַנדערע האַלב־שכורע קאָזאַקן האָבן געבורמעט קאָזאַקישע לידער, געשפּיגן זיך געשלאָגן אָדער געקושט, פאַרשאָלטן זייער גורל, אָדער באַוויינט זייער גורל, אָדער באַוויינט זייער נויט און געטרעטן איבער די קעפּ און ברוסטן פון זייערע חברים, וואָס האָבן זיך געוואַלגערט אויף דער ערד.

ערשט דעמאָלט, ווען מ'האָט זיך געגרייט צו אַ מלחמה קעגן די טאָטערס אָדער קעגן רוס, האָט מען שטרענג מקפּיד געווען אויף ניכטערקייט און די, וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין דער מלחמה, זענען פאַרמשפּט געוואָרן צום טויט פאַר שכרות. אָבער אין די געוויינלעכע צייטן, באַזונדערס אויפן קראָמען־באַזאַר, זענען כמעט אַלע געווען שכור: דער קאַנטאַזשעי און די קראָמען־אַטאַמאַנעס, די מוכרים און די קונים. דער זויערער ריח פון נישט־געשוימטן בראָנפן, צונויפגעמישט מיטן ריח פון סמאָלע, פיש, רויך און פערדישע פעלן, האָט אייביק אָנגעזעטיקט די לופט אין דער גאַנצער פאָרשטאָט, וועלכע האָט בכלל מיט דער פאַרשיידנפאַרביקייט פון די קראָמען דערמאָנט עפּעס אַ טערקיש אָדער אַ טאָטעריש שטעטל. מ'האָט פאַרקויפט אין זיי אַלץ, וואָס האָט זיך נאָר ווו עס איז אין קרים, וואָלאָכיען אָדער אויף די אַנאַטאָלישע ברעגעס געלאָזט צוראַבירן. מ'האָט

דאָרט באַקומען העלע מזרחדיקע געוועבן, גאָלדענע און זילבערנע דראָטן, גאָלד- און זילבער-באַשטיקטע זיידנוואַרג, גאָלד-שטאָפֿן, טוך, ציץ, דרייליך און לייוונט, צוהאַקטע בראָנזענע און אייזערנע האַרמאַטן, פֿעלן, פּעלצן, געטרוקנטע פֿיש, קאַרשן און טערקישע באַקאַליעס, קירכן-כּלים, מעשענע האַלבע-לבֿנהס, וואָס זענען צוגערויבט געוואָרן פֿון די מינאַרעטן, און באַגילטע צלמים, וואָס זענען אַראָפּגעריסן געוואָרן פֿון די צערקיעס *), פּולווער און קאַלט געווער, שטעקנס צו שפּיזן און זאָטלען. און צווישן דאָזיקן מישמאַש פֿון חפֿצים אַון פֿאַרבן האָבן זיך געדרייט מענטשן, אָנגעטון אין רעשטלעך פֿון די פֿאַרשיידנסטע בגדים, אום זומער האַלב-נאַקעטע, שטענדיק האַלב-ווילדע, פֿאַרקאָפּטשעטע פֿון רויך, שוואַרצע, פֿאַרקויטיקטע און פֿאַרבלאָטיקטע, פֿול מיט טריפֿנדיקע ווונדן פֿון געוואַלדיקע בייסנדיקע מיקן, וועלכע האָבן חמאָרעמווייז געראָיעט איבערן טשערטאָמעליק, און ווי אויבן געזאָגט, תּמיד שיכּור.

אין דעם מאָמענט, האָט גאַנץ האַסאָן פּאַשאַ נאָך מער געווימלט מיט מענטשן ווי תּמיד; מ'האָט פֿאַרמאַכט די טויערן און שיינקן, און אַלע האָבן זיך געאיילט צום סיטשער פּלאַץ, אויף וועלכן ס'האָט געזאָלט אָפּגעהאַלטן ווערן די באַראַטונג. פֿיליפּ זאַכאַר און אַנטאָן טאַטאַרטשוק זענען געגאַנגען צוזאַמען מיט אַנדערע, אָבער דער לעצטער איז געבליבן הינטערשטעליק, ער איז געגאַנגען פּויל און געלאָזט גיין דעם המון פֿאָרויס. די אומרויִקייט אויף זיין פּנים איז געוואָרן וואָס אַמאָל שטאַרקער. דערווייל זענען זיי דורכגעגאַנגען די בריק אויפֿן גראָבן, שפּעטער דאָס טויער, און זיי האָבן זיך געפֿונען אויף דעם גרויסן פֿאַרטיידיקונגס-פּלאַץ, וואָס איז געווען אַרומגערינגלט פֿון אַכט און דרייסיק גרויסע הילצערנע בנינים. דאָס זענען געווען די

---

*) די זאַפּאָראָזשער האָבן בעת זייער אָנפֿאַלן נישט געשוינט קיינעם און גאָרנישט. ביז כמיעלניצקיס ציטן איז בכלל נישט געווען קיין צערקווע אין סיטש. די ערשטע צערקווע האָט כמיעלניצקי אויפֿגעשטעלט; מ'האָט דאָרט אויך קיינעם נישט געפֿרעגט וועגן זיין אמונה, און דאָס, וואָס מען דערציילט וועגן דער רעליגיעזער שטימונג פֿון די סאָל-באַוווינער, איז אַ באָבע-מעשה.

הייזער פֿון די קאָזאַקן-פּאָלקן, אַ מין מיליטערישע קאַזאַרמע, אין וועלכע עס האָבן געוווינט די קאָזאַקן. די דאָזיקע בנינים, פֿון איין גרויס און מאָס, האָבן זיך מיט גאָרנישט נישט פֿונאַנדערגעשיידט איינער פֿון אַנדערן, סיידן מיט די נעמען פֿון די פֿאַרשידענע אוקראַאינישע שטעט, וואָס זיי האָבן געטראָגן און אויף וועלכע עס האָבן זיך אויך גערופֿן די פּאָלקן. אין איין ווינקל פֿון פּלאַץ האָט זיך דערהויבן דאָס ראָטהויז; עס זענען אין אים געזעסן די אַטאַמאַנעס מיטן העטמאַן בראש, און דער המון, אָבער די אַזוי גערופֿענע „געזעלשאַפֿט" האָט זיך בּאַראַטן אונטערן הוילן הימל, אַרויסשיקנדיק יעדע ווײַלע דעפּוטאַציעס צו די עלטסטע, און אַריינגעסנדיק זיך מיט געוואַלט פֿון צייט צו צייט אין ראָטהויז, ווו זיי האָבן טעראָריזירט די בּאַראַטונגען.

אויפֿן פּלאַץ איז דער געדראַנג שוין געווען זייער גרויס, ווייל דער העטמאַן האָט שוין פֿריער געהאַט צונויפֿגערופֿן קיין סיטש אַלע חיילות, וואָס זענען געווען צושפּרייט איבער די אינזלען, טייכן און זומפּן, דערפֿאַר איז די געזעלשאַפֿט געווען גרעסער ווי תמיד. די זון האָט זיך גענייגט צו מערב צו, מ'האָט דעריבער באַצייטנס אָנגעצונדן אַ פּאָר צענדליק פֿעסלעך מיט סמאָלע; דאָ און דאָרט זענען אויך געשטאַנען פֿעסלעך מיט בראָנפֿן, וואָס יעדער פּאָלק האָט פֿאַר זיך אַרויסגעשטעלט, און וועלכע האָבן נישט ווייניק ענערגיע צוגעגעבן די בּאַראַטונגען. די אָרדנונג צווישן די פּאָלקן האָבן געהיטן עסאַולן, וואָס זענען געווען באַוואָפֿנט מיט דיקע דעמבאָווע שטעקנס אויף צו באַרויקן דעם עולם, און מיט פּיסטאָלעטן אויף צו שיצן דאָס אייגענע לעבן; וועלכעס איז אָפֿט געווען אין אַ סכּנה.

פֿיליפּ זאַכאַר און טאַטאַרטשוק זענען גלייך אַריין אין ראָטהויז, ווייל דער ערשטער, אַלס קאַנטאָזשעי, און דער צווייטער, אַלס קאָזאַקן-אַטאַמאַן, האָבן געהאַט דאָס רעכט זיך צו באַטייליקן אין די בּאַראַטונגען. אין ראַט-שטוב איז געשטאַנען נאָר איין קליינער טיש, ביי וועלכן ס'איז געזעסן דער מיליטערישער שרייבער. די אַטאַמאַנעס און דער העטמאַן האָבן געהאַט זייערע ערטער אויף בּענק ביי די ווענט. אָבער אין דעם מאָמענט זענען

די ערטער נאָך נישט געווען פאַרנומען. דער העטמאַן האָט מיט גרויסע שריט געשפּאַנט איבער דער שטוב, און די אַטאַמאַנעס, וועלכע האָבן זיך פאַרזאַמלט אין קליינע גרופּן, האָבן געשמועסט אין דער שטיל, איבעררייסנדיק פון צייט צו צייט איינער דעם צווייטן מיט הויכע קללות. טאַטאַרטשוק האָט באַמערקט, אַז אפילו זיינע באַקאַנטע און פריינט מאַכן דעם אָנשטעל, אַז זיי זעען אים נישט. ער איז דעריבער באַלד צוגעגאַנגען צום יונגן באַראַבאַש, וועלכער איז געווען כמעט אין דערזעלבער לאַגע. אַנדערע האָבן בגנבה געוואָרפן אויף זיי בליקן, וואָס דער יונגער באַראַבאַש האָט זיך לגמרי נישט גענומען צום האַרצן, ווייל ער האָט נישט פאַרשטאַנען, וועגן וואָס עס האַנדלט זיך. דאָס איז געווען אַ מענטש מיט אַ הדרת־פנים און אויסערגעוויינלעכן כח, וואָס נאָר אַ דאַנק אים איז ער עולה לגדולה געוואָרן צו דער מדרגה פון אַ אַטאַמאַן, ווייל אַזוי האָט ער אין גאַנץ סיטש גע־שמט מיט זיין טפשות. דער דאָזיקער שם האָט אים פאַרשאַפט דעם צונאָמען פון אַ שוטהוואַטן אַטאַמאַן און די חזקה אַרויסצו־רופן מיט יעדן וואָרט אַ געלעכטער צווישן די עלטסטע.

— מיר וועלן אַ ביסל וואַרטן, וועלן מיר אפשר מיט אַ שטיין אויפן האַלז גיין אין וואַסער אַריין! — האָט אים טאַטאַר־טשוק איינגערוימט.

— און פאַרוואָס? — האָט באַראַבאַש געפרעגט.

— ווייסטו דען נאָך וועגן די בריוו?

— צו אַלדע רוחות! האָב איך דען געשריבן וועלכע עס איז בריוו?

— גיב אַ קק, ווי מ׳קוקט אויף אונז בגנבה.

— כ׳וואָלט עמיצן געגעבן איבערן קאָפּ, וואָלט ער נישט געקוקט, ווייל די אויגן וואָלטן אים אויסגערונען.

דערווייל האָבן די קולות פון דרויסן עדות געזאָגט, אַז עפּעס איז געשען. באַלד האָבן זיך טאַקע די טירן פון ראַט־שטוב ברייט געעפנט און כמיעלניצקי איז אַריינגעקומען מיט טוהאַי־בעין. זיי האָט מען דאָס מיט אַזאַ שמחה באַגריסט. מיט אַ פּאָר חדשים צוריק איז טוהאַי־בעי, דער גרעסטער גבור צווישן

אַלע טאָטערס, וועלכער האָט אָנגעוואָרפֿן אַ אימה אויף די טאָל באַוווינער, געווען שרעקלעך פֿאַרהאַסט אין סיטש — איצט האָט די „געזעלשאַפֿט" געוואָרפֿן די היטלעך אין די הויך לכּבֿוד אים, האַלטנדיק אים פֿאַר אַ גוטן פֿריינט פֿון כמיעלניצקין און די זאַפּאָראָזשער.

טוהאַי־בעי איז אַריינגעגאַנגען דער ערשטער און נאָך אים כמיעלניצקי מיטן שטאַב אין דער האַנט, אַלס העטמאַן פֿון זאַפּאָראָזשער חיל. דעם דאָזיקן אמט האָט ער פֿאַרנומען זייט ער האָט צוריקגעקערט פֿון קרים מיט דער הילף, וואָס ער האָט אויסגעפּועלט ביים כאַן. דער המון האָט אים דעמאָלט געכאַפּט אויף די הענט און פֿאַרכאַפּנדיק די מיליטערישע קאַסע, האָבן זיי אים געבראַכט אַ שטאַב, אַ פֿאָן און אַ חתימה, וועלכע מ'האָט געווענלעך געטראָגן פֿאַרן העטמאַן. ער האָט זיך דערביי ניט ווייניק געענדערט. מ'האָט געזען בחוש, אַז ער האָט געטראָגן אין זיך דעם שרעקלעכן כּוח פֿון גאַנץ זאַפּאָראָזשע. דאָס איז שוין ניט געווען דער באַעולהטער כמיעלניצקי, וואָס איז אַנטלאָפֿן קיין סיטש דורך די ווילדע פֿעלדער, נאָר כמיעלניצקי דער העטמאַן, דער בלוטיקער גייסט, דער ריז, וואָס נעמט נקמה פֿון מיליאָנען פֿאַר זיין אייגענער עולה.

און פֿונדעסטוועגן האָט ער ניט אַראָפּגעריסן די קייטן, ער האָט נאָר אַרויפֿגעלייגט נייע, שווערע. דאָס האָט מען דערקענט פֿון זיין באַציונג מיט טוהאַי־בײן. דער דאָזיקער העטמאַן פֿון זאַפּאָראָזשע האָט אין האַרץ פֿון זאַפּאָראָזשע פֿאַרנומען דאָס צווייטע אָרט נאָכן טאָטער, האָט הכנעהדיק סובל געווען זיין גאווה און גרינגשעצנדיקע באַהאַנדלונג. דאָס איז געווען די באַציונג פֿון אַ קנעכט צו זיין האַר. אָבער אַזוי האָט געמוזט זיין. כמיעלניצקי האָט זיין גאַנצן אָנזען ביי די קאָזאַקן פֿאַרדאַנקט די טאַטערס און די הסדים פֿון כאַן, וועמענס פֿאַרשטער ס'איז געווען דער ווילדער און אכזריותדיקער טוהאַי־בעי. אָבער כמיעלניצקי האָט געקאָנט צונויפֿפּאָרן די גאווה, וואָס האָט אים דערזעצט די ברוסט, מיט הכנעה, פּונקט אַזוי גוט, ווי כיטרעקייט. דאָס איז געווען אַ לייב און פֿוקס, אַ אָדלער און

אַ שלאַנג. צום ערשטן מאָל זייט דאָס קאָזאַקנטום האָט עקזיסטירט, האָט אַ טאטער געבעליבתעוועט אין סיטש — אָבער אַזעלכע צייטן זענען געקומען. די „געזעלשאַפֿט“ האָט דאָך געוואָרפֿן די היטלעך אין די הויך לכּבוד אַ געצן־דינער. אַזעלכע צייטן זענען געקומען.

די באַראַטונג האָט זיך אָנגעהויבן. טוהאַי־בעי האָט זיך אַוועקגעזעצט אין מיטן, אויף אַ גרעבערן בינטל פֿעלן, און צוויפֿלייגנדיק די פֿיס, האָט ער גענומען קייען געטרוקנטע באַניעקערן און אויסשפּייען דאָס צוקייעטע שאָלעכץ פֿאַר זיך אין מיטן שטוב. ביי זיין רעכטער זייט האָט זיך געזעצט כמיעלניצקי מיטן שטאַב, ביי דער לינקער—דער העטמאַן, און דער אַטאַמאַן און די דעפּוטאַציע פֿון דער „געזעלשאַפֿט“ ווייטער ביי די ווענט. די שמועסן זענען איבערגעהאַקט געוואָרן, נאָר פֿון דרויסן האָט זיך דערטראָגן אַן אַלאַרם און געפּילדער פֿון המון, וואָס האָט זיך באַראַטן אונטערן הוילן הימל, און דאָס דאָזיקע געפּילדער איז געווען ענלעך אויפֿן גערויש פֿון כוואַליעס. כמיעלניצקי האָט אָנגעהויבן צו רעדן*):

— גנעדיקע הערן! מיטן חסד, צוגענייגטקייט, און גוטהאַרציקייט פֿון דעם ליכטיקסטן קרימער צאַר, דעם האַר איבער פֿיל פֿעלקער, וואָס איז פֿאַרוואַנדט מיט די שטערן אין הימל, מיטן רשות פֿון גנעדיקן פּוילישן קיניג וולאַדיסלאַוו, אונזער האַר, און מיטן גוטן ווילן פֿון דעם העלדישן זאַפּאָראָזשער חייל, מיטן בטחון אין אונזער אומשולדיקייט און אין גאָטס גערעכטיקייט, גייען מיר נקמה נעמען פֿאַר אונזערע שרעקלעכע און אכזריותדיקע עולות, וואָס מיר האָבן, ווי קריסטן, געדולדיק אַריבערגעטראָגן אַזוי לאַנג, ווי מיר האָבן געקאָנט, און וועלכע עס זענען קעגן אונדז באַגאַנגען די פֿאַלשע לאַכן, קאָמיסאַרן, סטאַראָסטעס און עקאָנאָמען, די גאַנצע שלאַכטע און יידן. איבער די דאָזיקע עולות האָט איר, גנעדיקע הערן, און דאָס גאַנצע זאַ-

---

*) דער גאַנג פֿון די באַראַטונגען אין סיטש איז באַשריבן אין טאָג־בוך פֿון עריך לאַסאָטאַ, דעם קעניגלעכן שליח קיין זאַפּאָראָזשע אין יאָר 1594.

זאַפּאָראָזשער חייל, שוין פאַרגאָסן פיל טרערן און דערפאַר מיר איבערגעגעבן דעם שטאַב, כדי איך זאָל קאָנען לייכטער זיך נוקם זיין פאַר אונזער אונשולדיקייט פון גאַנצן זאַפּאָראָזשער חייל. האַלטנדיק דאָס פאַר אַ גרויסן חסד פון אייך, מיינע הערן ווילטוער, בין איך געפאָרן צום ליכטיגסטן האַר בעטן וועגן הילף, וועלכע ער האָט אונז געגעבן. אָבער זייענדיק גרייט און געווילט צו ערפילן אייער באַגער, האָב איך מיך נישט ווייניק מצער געווען, הערנדיק, אַז עס קאָנען זיין צווישן אונז בוגדים, וועלכע האָבן אַ מגע-ומשא מיט די פאַלשע לאַכן און זאָגן זיי אויס וועגן אונזערע הכנות — און אויב דאָס זאָל זיין אמת, דאַרפן זיי געקנסט ווערן לויט אייער ווילן און איינזען, גנעדיקע הערן. און מיר בעטן, אַז איר זאָלט אויסהערן די בריוו, וועלכע עס האָט געבראַכט אַ שליח פון אונזער שונא, דעם פירשט ווישניאָוויעצקי, אַהערקומענדיק נישט אַלס שליח, נאָר אַלס שפּיאָן, וועלכער האָט געוואָלט אויסשפּירן אונזערע הכנות און דעם גוטן ווילן פון אונזער פריינט טוהאַי-בעי און דאָס אַלץ דערציילן די לאַכן. איר וועט אויך פסקנענען, צי ער דאַרף באַשטראָפט ווערן פונקט אַזוי ווי די, צו וועלכע ער האָט געבראַכט די בריוו און וועגן וועלכע ס'האָט אונז באַלד מודיע געווען דער העטמאַן, אַלס מיין געטרייער פריינט און פריינט פון טוהאַי-בעין און פון גאַנצן חייל.

כמיעלניצקי איז אַנטשוויגן געוואָרן; דער לאַרם הינטער די פענסטער האָט זיך וואָס אַמאָל מער פאַרשטאַרקט. דער גוי-ליטערישער שרייבער האָט זיך אויסגעשטעלט און גענומען לעזן צוערשט דעם פירשטס בריוו צום אַטאַמאַן פון די קאָזאַקן, וועלכער האָט זיך אָנגעהויבן מיט די ווערטער: מיר „מיט גאָטס חסד, פירשט און האַר אין לובני, כאָראָל, פשילוקאַ, האַדזשאַטש א. אַ. וו. וואָיעוואָדא פון רוס א. אַ. וו. סטאַראָסטא א. אַ. וו.” דער בריוו איז געווען אַ ריין אָפיציעלער. הערנדיק, אַז די חיילות ווערן צונויפגערופן פון אַלע ערטער, האָט דער פירשט אָנגעפרעגט דעם אַטאַמאַן, צי דאָס איז אמת, און צו דער זעלבער צייט אים אויפגעפאָדערט, אַז ער זאָל דאָס אויפגעבן צו-

ליב דעם שלום פון די קריסטלעכע לענדער און כמיעלניצקין ווידער, אויב ער העצט אונטער סיטש, זאָל ער אַרויסגעבן די קאָמיסאַרן, וועלכע וועלן אַליין דאָס פאַרלאַנגען. דער צווייטער בריוו איז געווען פון הער גראַדזשיצקין, אויך צום גרויס-אַטאַ-מאַן, דער דריטער און פערטער פון זאַטשווילִיכאָווסקין און דעם אַלטן טשערקאַסער פּאָלקאָווניק צו טאַטאַרטשוקן און באַראַבאַשן. אין אַלע בריוו האָט זיך גאָרנישט געפונען אַזוינס, וואָס וואָלט געקאָנט וועקן אַ חשד אויף די פערזאָנען, צו וועלכע זיי זע-נען געווען אַדרעסירט. זאַטשווילִיכאָווסקי האָט בלויז געבעטן טאַטאַרטשוקן, אַז ער זאָל באַהילפיק זיין דעם אָפּגעבער פון בריוו און אַז ער זאָל אים ערלעדיקן אַלץ, וואָס דער שליח וועט פאַרלאַנגען.

טאַטאַרטשוק האָט לייכטער אָפּגעעטעמט.

— וואָס זאָגט איר, גנעדיקע הערן, וועגן די דאָזיקע בריוו? — האָט כמיעלניצקי געפרעגט.

די קאָזאַקן האָבן געשוויגן. אַלע באַראַטונגען, אַזוי לאַנג ווי דער בראָנפן האָט נישט צוהיצט די קעפּ, האָבן זיך שטענ-דיק אָנגעהויבן אויף אַזאַ אופן, אַז קיינער פון די אַטאַמאַנעס האָט נישט געוואָלט דער ערשטער נעמען דאָס וואָרט. אַלס פּראָסטע אָבער כיטרע מענטשן, האָבן זיי דאָס דער עיקר געטון פון מורא זיך נישט אַרויסצוכאַפּן מיט אַ נאַרישקייט, וועלכע וואָלט געקאָנט אויסשטעלן דעם פאָרשלאַג-געבער אויף אַ לייטישן געלעכטער אָדער אים מזכה זיין אויפן גאַנצן לעבן מיט אַ חוזק-צונאָמען, ווייל אַזוי איז געווען אין סיטש, ווו ביי דער גרעסטער פּראָסטקייט איז געוואַלדיק געווען אַנטוויקלט דער חוש פאַר חזק-מאַכן און אויך די מורא פאַר אויסלאַכן.

די קאָזאַקן האָבן דערויבער גישוויגן. כמיעלניצקי האָט ווידער גענומען דאָס וואָרט.

— דער עלטסטער אַטאַמאַן איז אונזער ברודער און אויפ-ריכטיקער פריינט. איך גלויב דעם אַטאַמאַן אַזוי ווי מיין אייגע-נער נשמה, און ווער ס׳וואָלט עפּעס אַנדערש געזאָגט, דער איז אַליין אַ בוגד. דער אַטאַמאַן איז אַ אַלטער פריינט און זעלנער.

ביי די דאָזיקע ווערטער האָט ער זיך אויפגעשטעלט או א קוש געטון דעם העטמאַן.

— גנעדיקע הערן! — האָט דערויף געזאָגט דער אַטאַמאַן — איך רוף צוזאַמען דאָס מיליטער, און דער העטמאַן זאָל עס אָנפירן; און וואָס שייך דעם שליח, איז ער מיינער, ווייל מ׳האָט אים צו מיר געשיקט, און אויב ער איז מיינער, שענק איך אים אייך אַוועק.

— איר, גנעדיקע הערן דעפּוטאַטן, בויגט זיך פאַרן אַטאַמאַן — האָט כמיעלניצקי געזאָגט — ווייל ער איז אַ רעכט־פערטיקער מענטש, און גייט זאָגט דער „געזעלשאַפט", אַז אויב עמיצער איז אַ בוגד, איז ניט ער דער בוגד; ער האָט דער ערשטער אַוועקגעשטעלט די שמירה, ער האָט אַליין געהייסן כאַפּן די בוגדים, וואָס וואָלטן אַריבערגעגאַנגען צו די ליאַכן. איר, הערן דעפּוטאַטן, זאָגט, אַז ער איז ניט קיין בוגד, אַז ער איז דער בעסטער פון אונז אַלע.

די הערן דעפּוטאַטן האָבן זיך געבייגט ביז צום גאַרטל צוערשט פאַר טוהאַי־בעין, וועלכער האָט די גאַנצע צייט מיט דער גרעסטער גלייכגילטיקייט געקייעט זיינע באַניעקערן, שפּעטער פאַר כמיעלניצקין, פאַרן אַטאַמאַן — און זענען אַרויסגעגאַנגען פון שטוב.

אין אַ ווײַלע אַרום האָבן פריילעכע אויסגעשרייען הינטער די פענסטער עדות געזאָגט, אַז די דעפּוטאַציע האָט דערפילט דעם אויפטראָג.

— זאָל לעבן אונזער אַטאַמאַן! — זאָל לעבן דער אַטאַמאַן!

— האָבן גערופן הייזעריקע שטימען מיט אַזאַ כוח, אַז די ווענט פון דער שטוב האָבן אַזש געציטערט.

גלייכצייטיק האָט זיך דערהערט אַ שיסערײַ פון ביקסן.

די דעפּוטאַציע איז צוריקגעקומען און האָט זיך ווידער אַוועקגעזעצט אין ווינקל פון שטוב.

— גנעדיקע הערן — האָט כמיעלניצקי געזאָגט, ווען ס׳איז אַ ביסל שטילער געוואָרן הינטער די פענסטער — איר האָט שויז מיט חכמה געפּסקנט, אַז דער עלטסטער אַטאַמאַן איז

אַ רעכטפערטיקער מענטש. אָבער אויב דער אַטאַמאַן איז ניט קיין בוגד, טאָ ווער איז אַ בוגד? ווער האָט פריינט צווישן די ליאַכן? מיט וועמען האָבן זיי אַ מגע־ומשא? צו וועמען שרייבן זיי בריוו? יועמען פאַרטרויען זיי די פערזאָן פון שליח? ווער איז דער בוגד?

ביי די דאָזיקע ווערטער איז כמיעלניצקיס קול געוואָרן וואָס אַמאָל העכער און ער האָט געוואָרפן זיינע בייזע בליקן אין די זייט פון טאַטאַרטשוקן און דעם יונגן באַראַבאַש, גלייך ווי ער וואָלט וועלן דייטלעך אויף זיי אָנווייזן. אין שטוב איז אַנטשטאַנען אַ גערודער, אַ פּאָר שטימען האָבן אָנגעהויבן רופן: „באַראַבאַש און טאַטאַרטשוק;" אַפּאָר פּאָלקאָווניקעס זענען אויפגעשטאַנען פון די ערטער, צווישן דער דעפּוטאַציע האָבן זיך געלאָזט הערן אויסרופן: „אַ טויט!".

טאַטאַרטשוק איז בלאַס געוואָרן, און דער יונגער באַראַבאַש האָט געגומען קוקן מיט פאַרחידושטע אויגן אויף די אַנווענדע. זיין פוילער מוח האָט אַ געוויסע צייט זיך אָנגעשטרענגט תּופס צו זיין, אין וואָס מען באַשולדיקט אים, צום סוף האָט ער זיך אָנגערופן:

— דער הונט וועט נישט עסן קיין פלייש!

ביי די דאָזיקע ווערטער האָט ער אויסגעשאָסן מיט אַ אידיאָטישן געלעכטער און נאָך אים אויך אַנדערע. און מיט אַמאָל האָט דער גרעסטער טייל פון די פּאָלקאָווניקעס אָנגעהויבן ווילד צו לאַכן, אַליין נישט ווייסנדיק פאַרוואָס.

פון הינטער די פענסטער האָבן זיך דערטראָגן וואָס אַמאָל העכערע געשרייען: אפנים, אַז דער בראָנפן האָט שוין דאָרט אָנגעהויבן צו דערהיצן די קעפּ. דאָס גערויש פון דער מענטשלעכער כוואַליע איז פון מינוט צו מינוט געוואָרן מעכטיקער.

אָבער אַנטאָן טאַטאַרטשוק האָט זיך אויפגעשטעלט און ווענדענדיק זיך צו כמיעלניצקין, האָט ער אָנגעהויבן צו רעדן:

— וואָס האָב איך אייך געטון, גנעדיקער האַר זאַפּאָראָזשער העטמאַן, וואָס איר האָט זיך אָנגעזעצט אויף מיין לעבן? אין וואָס באַשטייט מיין חטא? קאָמיסאַר זאַטשווילכאָווסקי האָט

צו מיר געשריבן אַ בריוו — טאָ איז וואָס? האָט דאָך דער פּירשט געשריבן אויך צום גרויס־אַטאַמאַן! און האָב איך דען אָפּגענומען דעם בריוו? ניין! און אַז איך וואָלט געגאַנגען צום שרייבער און זיך געהייסן איבערלעזן, ווייל איך קען נישט שרייבן און נישט לעזן, און איר וואָלט אַלץ געוווּסט, וואָס עס שטייט אין בריוו? און דעם לאַך האָב איך אַפילו פאַר די אויגן נישט געזען, בין איך דען אַ בוגד? העי, זעפּאָראָזשער ברידער. טאַטאַרטשוק איז געגאַנגען מיט אייך קיין קרים, און אַז מ׳איז געגאַנגען אויף וואָלאָכיען, איז ער געגאַנגען אויף וואָלאָכיען; אַז מ׳איז געגאַנגען קיין סמאָלענסק, האָט ער זיך געשלאָגן מיט אייך, גוטע קאָזאַקן, האָט געלעבט מיט אייך, גוטע קאָזאַקן — און האָט זיין בלוט פאַרגאָסן מיט אייך, גוטע קאָזאַקן — און איז אויסגעגאַנגען פון הונגער מיט אייך, גוטע קאָזאַקן. אויב אַזוי, איז ער נישט קיין לאַך, נישט קיין בוגד, נאָר אַ קאָזאַק, אייער ברודער, און אויב דער האַר העטמאַן וויל אים אומברענגען, זאָל ער זאָגן, פאַרוואָס ער וויל דאָס! וואָס האָב איך אים געטון, מיט וואָס האָב איך זיך פאַרזינדיקט? — און איר ברידער, דערבאַרמט זיך און טראָגט אַרויס אַ גערעכטן משפט!

— טאַטאַרטשוק איז אַ גוטער קאָזאַק! טאַטאַרטשוק איז אַ גוטער מענטש! — האָבן זיך אָנגערופן אַ פּאָר שטימען.

— דו, טאַטאַרטשוק, ביסט אַ ווילער קאָזאַק — האָט כמיעלניצקי געזאָגט — און איך וויל דיך נישט אומברענגען, ווייל דו ביסט מיין פריינט און נישט קיין לאַך, נאָר אַ קאָזאַק, אונזער ברידער. ווייל ווען אַ לאַך וואָלט געווען אַ בוגד, וואָלט איך מיך נישט מצער געווען און נישט געוויינט, אָבער ווען אַ ווילער קאָזאַק איז אַ בוגד, מיין פריינט איז אַ בוגד, איז מיר שווער אויפן האַרץ און ס׳איז מיר אַ שאָד דער ווילער קאָזאַק. און אויב דו ביסט געווען אין קרים, אין וואָלאָכיען און אין סמאָלענסק, איז דיין חטא נאָך גרעסער, אויב דו האָסט איצט געוואָלט אויסגעבן דעם לאַך די הכנות און ווילן פון זאַפּאָראָזשער חייל! דיר האָט מען געשריבן, אַז דו זאָלסט ערלעדיקן אַלץ, וואָס ער וועט פאַרלאַנגען, און זאָגט מיר, גנעדיקע הערן

אַטאַמאַנעס, וואָס קאָן אַ לאַך פֿאַרלאַנגען? צי ניִשט מיין טויט און דעם טויט פֿון מיין טרייען פֿריינט טוהאַי-בעי? צי ניִשט דיִ מפּלה פֿון זאַפּאָראָזשער חייל? יאָ, דו, טאַטאַרטשוק, ביִסט שולדיק, און דו ווייסט שוין עפּעס אַנדערש נישט באַווייזן. און צו באַראַבאַשן האָט געשריִבן זיין פֿעטער דער טשערקאַסער פּאָלקאָווניק, אַ פֿריינט פֿון טשאַפּלינסקי און אַ פֿריינט פֿון דיִ לאַכן, וועלכער האָט באַהאַלטן ביי זיך די פּריִווילעגיעס, כּדי דאָס זאַפּאָראָזשער חייל זאָל זיי ניִשט באַקומען, און אויב דאָס איז אַזוי, און איִך שווער ביי גאָט, אַז אַזוי איִז עס, זייט איִר ביידע שולדיִק און בעט דיִ אַטאַמאַנעס, אַז זיי זאָלן אויף אייך רחמנות האָבן, און איך וועל צוזאַמען מיִט אייך בעטן, הגם אייער חטא איִז אַ שווערער און דיִ בגידה אַ דערוויִזענע.

דערווייל האָט זיִך פֿון היִנטערן פֿענסטער שוין געהערט אַ גערויש און אַליאַרם, נאָר עפּעס וויִ אַ רעש פֿון אַ שטורם. די געזעלשאַפֿט האָט געוואָלט וויִסן, וואָס עס טוט זיִך איִן ראַטשטוב, און האָט אַרויסגעשיִקט אַ נייע דעפּוטאַציע.

טאַטאַרטשוק האָט דערפֿיִלט, אַז ער איִז פֿאַרלוירן, איִצט האָט ער זיִך דערמאָנט, אַז מיִט אַ וואָך צוריִק האָט ער צוויִשן דיִ אַטאַמאַנעס גערעדט קעגן אָפּגעבן דעם שטאַב כמיעלניצקין און קעגן דעם בונט מיִט דיִ טאַטערס. קאַלטע טראָפּנס שווייס האָבן איִם אַרויסגעשלאָגן אויפֿן שטערן: ער האָט פֿאַרשטאַנען, אַז ס'איִז שוין ניִשטאָ קיין רעטונג. וואָס שייך דעם יונגען באַראַבאַש, איִז קלאָר געווען, אַז אומברענגענדיִק אים, האָט כמיעלניִצקיִ זיִך געוואָלט נוקם-זיין איִן דעם אַלטן טשערקאַסער פּאָלקאָווניִק, וועלכער האָט הייס געליִבט זיין ברודערס זון. אָבער טאַטאַרטשוק האָט נישט געוואָלט שטאַרבן. ער וואָלט זיִך נישט אָפּגעשראָקן פֿאַר אַ קויל, פֿאַר אַ שווערד, אַפֿילו פֿאַר דער תּליה — אָבער אַזאַ טויט, ווי דער, וואָס האָט אים דערוואַרט, האָט איִם דורכגענומען מיט אַ איִמה ביִז מאַרך פֿון דיִ ביינער. און דעריבער, ווען נאָך כמיעלניִצקיִס ווערטער איִז אַ ווײַלע שטיִל געוואָרן, האָט ער אויסגענוצט דעם דאָזיִקן מאָמענט און מוראדיִק אויסגעשריִגן:

— אין נאָמען פֿון קריסטוס! ברידער אַטאַמאַנעס, האַרציקע פֿריינט, ברענגט נישט אום אַ אומשולדיקן, איך האָב דאָך דעם לאַך נישט געזען, כ׳האָב נישט גערעדט מיט אים! האָט רחמנות, ברידער! כ׳ווייס נישט, וואָס דער לאַך וואָלט פֿון מיר געוואָלט, פֿרעגט אים אַליין! איך שווער ביי קריסטוסן, ביי דער הייליקער־ריינסטער, ביים הייליקן ניקאָלאַי דעם בעל־מופֿת, ביים הייליקן מיכאַל דעם שר פֿון די מלאָכים, אַז איר וועט אומברענגען אַ כשרע נשמה!

— אַהערברענגען דעם לאַך! — האָבן די פּאָלקאָווניקעס אויסגערופֿן.

ס׳איז אַנטשטאַנען אַ מהומה; אַ טייל האָט זיך געוואָרפֿן אין שכנותדיקן חדר, אין וועלכן דער געפֿאַנגענער איז געווען פֿאַרשפּאַרט, כדי אים צו ברענגען פֿאַרן ראַט, אַנדערע זענען דראָענדיק צוגעגאַנגען צו טאַטאַרטשוקן און באַראַבאַשן. הלאַדקי, דער אַטאַמאַן פֿון מירגאָראָדער פּאָלק, האָט דער ערשטער אויסגעשריגן: „אַ טויט!” די דעפּוטאַציע האָט איבערגעחזרט דעם אויסגעשריי, און טשאַרנאָטאַ איז צוגעשפּרונגען צו דער טיר, האָט זי געעפֿנט און אויסגערופֿן צום פֿאַרזאַמלטן המון:

— גנעדיקע הערן פֿון דער געזעלשאַפֿט, טאַטאַרטשוק איז אַ בונד און באַראַבאַש איז אַ בוגד—אַ טויט זיי!

דער המון האָט אָפּגעענטפֿערט מיט שרעקלעכע קולות. אין חדר איז אַנטשטאַנען אַ מהומה; אַלע פּאָלקאָווניקעס זענען אויפֿגעשטאַנען פֿון די ערטער. אַ טייל האָט גערופֿן: „דעם לאַך! דעם לאַך!”, אַנדערע האָבן זיך באַמיט צו באַרויִקן דעם טומל. מיט אַמאָל האָט זיך די טיר אונטערן דרוק פֿון דער מאַסע ברייט אויפֿגעפּראַלט און אין חדר איז אַריינגעפֿאַלן דער המון, וואָס האָט זיך באַראַטן אויפֿן הויף. שרעקלעכע פֿאַרשויניצן, צווילדעוועטע און צובושעוועטע, האָבן אָנגעפֿילט דעם חדר, שרייענדיק, וואַרפֿנדיק מיט די הענט, קריצנדיק מיט די ציין און פֿאַרשפּרייטנדיק אַ ריח פֿון בראָנפֿן: „אַ טויט טאַטאַרטשוקן, אַ טויט באַראַבאַשן! גיט אַהער די בוגדים! אַרויס מיט זיי אויפֿן פּלאַץ!”—האָבן געשריגן שכורע שטימען. „שלאָגן! דערהרגענען!”

און הונדערטער הענט האָבן זיך אויסגעשטרעקט אין דער רגע נאָך די אומגליקלעכע קרבנות. טאַטאַרטשוק האָט זיך נישט אָפּגעשטעלט, ער האָט נאָר מוראדיק געקרעכצט, אָבער דער יונגער באַראַבאַש האָט זיך גענומען פּאַרטיידיקן מיט אַ שרעקלעכן כּח. ער האָט ערשט איצט פאַרשטאַנען, אַז מ׳וויל אים ערמאָרדן; אַ שרעק, פאַרצווייפלונג און איבּערעגונג האָבן זיך אָפּגעשלאָגן אויף זיין פּנים; אַ שוים האָט באַדעקט זיינע ליפּן, פון דער ברוסט האָט אַרויסגעזעצט אַ ווילד געשריי. צוויי מאָל האָט ער זיך געהאַט אַרויסגעריסן פון די הענט פון זיינע פּייניקער און צוויי מאָל האָבן זייערע הענט אים אָנגעכאַפּט פאַר די הענט, פאַר דער ברוסט, פאַר דער באָרד און פאַר דער טשופּרינע; ער האָט זיך געראַנגלט, געביסן, געשריגן, געפאַלן אויף דער ערד און ווידער זיך אויפגעהויבן אַ פאַרבלוטיקטער, אַ צוניזוקטער. מ׳האָט אויף אים צוריסן די בגדים, מ׳האָט אים אויסגעפליקט די האָר פון קאָפּ, אויסגעקלאַפּט אַ אויג, צום סוף אַ צוגעדריקטן צו דער וואַנט צוברעכן אַ האַנט. דעמאָלט איז ער אומגעפאַלן. די פּייניקער האָבן אים געכאַפּט פאַר די פיס און צוזאַמען מיט טאַטאַרטשוקן אַרויסגעשלעפּט אויפן פּלאַץ. דאָרט ערשט, ביי דער שיין פון די ברענענדיקע סמאָלע־פעסער און פייער־הויפנס, האָט זיך אָנגעהויבן די אמתע עקזעקוציע. אַ פּאָר טויזנט מענטשן האָבן זיך געוואָרפן אויף די פאַרמשפּטע און זיי צוריסן אויף שטיקער, שרייענדיק און רייסנדיק זיך צו די קרבנות. מ׳האָט זיי געטרעטן מיט די פיס, מ׳האָט זיי אויסגעפליקט שטיקער פליש. דאָס מענטשן־געווימל האָט זיך געשטויסן אַרום זיי מיט אַ שרעקלעכער צוויושעטקייט. פון צייט צו צייט האָבן בלוטיקע הענט אויפגעהויבן אין דער הויך צוויי פאַרמלאָזע קערפּערס, וואָס האָבן שוין נישט געהאַט קיין מענטשלעכע צורה, אין באַלד האָט מען זיי ווידער געשליידערט אויף דער ערד. די, וואָס זענען געשטאַנען פון דער ווייטנס, האָבן געשריגן מיט קולי־קולות, אַ טייל, אַז מ׳זאָל די קרבנות אַריינוואַרפן אין וואַסער, און אַ צווייטער טייל, אַז מ׳זאָל זיי אַריינלייגן אין די פעסער מיט ברענענדיקע סמאָלע. צווישן די

שכּורים האָט אויסגעבראָכן אַ געשלעג. אין משוגעת האָט אַ אָנגעצונדן צוויי פֿעסער מיט בראָנפֿן, וועלכע האָבן באַלויכטן די דאָזיקע גהינום־סצענע מיט אַ פֿלאַטערדיקן, בלויען ליכט. פֿון הימל האָט אויף איר אַראָפּגעקוקט אַ שטילע, קלאָרע, לויטערע לבנה.

אַזוי האָט די „געזעלשאַפֿט" מקיים־פּסק געווען איבערע בוגדים.

און אין ראָט־שטוב איז נאָכדעם, ווי די קאָזאַקן האָבן אַרויסגעשלעפּט הינטער די טיר טאַטאַרטשוקן און דעם יונגן באַראַבאַש, ווידער שטיל געוואָרן און די אַטאַמאַנס האָבן פֿאַרנומען זייערע פֿריערדיקע ערטער ביי די ווענט, ווייל פֿון שכנותדיקן חדר האָט מען אַריינגעפֿירט דעם געפֿאַנגענעם.

אַ שאָטן איז געפֿאַלן אויף זיין פּנים, ווייל אויך דאָס פֿייער אויפֿן קאַמין האָט זיך געלאָשן — און אין דעם טונקעלן ליכט האָט מען געזען נאָר אַ הויכע פֿיגור, וואָס האָט זיך געהאַלטן שטייף און גאוהדיק, הגם די הענט זענען ביי איר געווען געבונדן מיט שטריק. אָבער הלאַדקי האָט צוגעוואָרפֿן אַ בינטל קין און באַלד האָט אַ שטאַרקער פֿלאַם אַרויסגעזעצט אין די הויך און באַגאָסן מיט אַ העלן שיין דאָס פּנים פֿון געפֿאַנגענעם, וואָס איז געווען געווענדעט צו כמיעלניצקין.

דערזעענדיק אים, האָט כמיעלניצקי אַ ציטער געטאָן.

דער געפֿאַנגענער — איז געווען הער סקשעטוסקי.

טוהאַי־בעי האָט אונסגעשפּיגן דאָס שאָלעכץ פֿון די באַניעקערן און אַ ברום געטאָן אויף רוטעניש.

— איך קען דעם דאָזיקן לאַך — ער איז געווען אין קרים.

— אַ טויט אים! -- האָט הלאַדקי אויסגעשריגן.

— אַ טויט! — האָט טשאַרנאָטאַ איבערגעחזרט.

כמיעלניצקי האָט זיך שוין באַהערשט. ער האָט נאָר אָפּגעמאָסטן מיט די אויגן הלאַדקין און טשאַרנאָטאַן, וועלכע זענען אונטער דער השפּעה פֿון דעם דאָזיקן בליק אַנטשוויגן געוואָרן. שפּעטער האָט ער זיך געווענדעט צום גרויסן אַטאַמאַן און געזאָגט:

— איך קען אים אויך.

— פון וואַנען קומסטו?—האָט דער גרויס-אַטאַמאַן געפרעגט סקשעטוסקין.

— מיט אַ שליחות בין איך געפאָרן צו דיר, גרויס-אַטאַמאַן, אָבער אין כאָרטיצאַ זענען מיך רוצחים באַפאַלן און להיפך צו די מנהגים, וואָס ווערן אָפּגעהיטן ביי די ווילדעסטע פעלקער, האָבן זיי מיר אויסגעהרגעט מיינע מענטשן, און מיך, ניט קוקנדיק אויף מיין מיסיע און שטאַנד, פאַרוואונדעט, מבזה געווען און אַלס געפאַנגענעם דאָ אַהערגעבראַכט, פאַר וואָס דו, גרויס אַטאַמאַן, וועסט מוזן אָפּגעבן אַדין-וחשבון זיין מאַיעסטעט דעם פירשט יערעמיווישניאָוועצקי.

— און פאַרוואָס האָסטו אַרויסגעוויזן דיין פאַלשקייט? פאַרוואָס האָסטו צושפּאָלטן דעם קאָפּ פון אַ גוטן קאָזאַק? פאַר וואָס האָסטו מיט נאָך דריי מענטשן אומגעבראַכט אַזוי פיל מענטשן, וויפיל איר אַלע צוזאַמען זייט געווען? און אַהער ביסטו מיט אַ בריוו צו מיר געפאָרן, כדי זיך צוצוקוקן צו אונזערע הכנות און דערציילן וועגן זיי די ליאַכן? מיר ווייסן אויך, אַז דו האָסט געהאַט בריוו אויך צו די בוגדים פון זאַפּאָראָזשער חייל, כדי צוזאַמען מיט זיי אומצוברענגען דאָס גאַנצע חייל, און אויב אַזוי וועסטו ניט ווי אַ שליח, נאָר ווי אַ בוגד באַטראַכט ווערן און געמשפט ווערן.

— האָסט אַ טעות, גרויס-אַטאַמאַן, און אויך דו, גנעדיקער הער העטמאַן-אוזורפּאַטאָר — האָט געזאָגט דער נאַמיעסטניק, ווענדנדיק זיך צו כמיעלניצקין. — אויב כ'האָב געהאַט בריוו, איז זיך אַזוי נוהג יעדער שליח, וואָס פאָרט אין פרעמדע מקומות, אַז ער נעמט מיט בריוו פון באַקאַנטע צו באַקאַנטע, כדי ער זאָל אַליין האָבן מיט וועמען זיך אַריינצולאָזן אין חברותא. און איך בין דאָ אַהערגעפאָרן מיט אַבריוו פון פירשט, כדי אייך צוריקצוהאַלטן פון אַזעלכע מעשים, וואָס זענען עלול אומגליקליך צו מאַכן די רעפּובליק, און אייך און דעם גאַנצן זאַפּאָראָזשער חייל צו געבן אַ ענדגילטיקן טויט-קלאַפּ. וואָרום אויף וועמען הויבט איר אויף אייער גאָטלאָזע הענט? אַקעגן וועמען מאַכט איר, וואָס איר רופט זיך באַשיצער פון קריסנטום,

ד־אחת מיט געצנדינער? אַקעגן דעם קיניג, אַקעגן דעם שטאַנד פֿון די שלאַכטשיצעס און דער גאַנצער רעפּובליק. אויב אַזוי זייט איר בוגדים, און ניט איך, און דאָס זאָג איך אייך, אַז אויב איר וועט מיט הכנעה און געהאָרכזאַמקייט ניט מכפּר זיין אייערע זינד, וועט זיין וויי צו אייך! זענען דען שוין לאַנג אַריבער די צייטן פֿון פּאַוולוק און נאַלעווייקאַ? האָט איר שוין פֿאַרגעסן די שטראָף, וואָס האָט זיי געטראָפֿן? געדענקט, אַז די געדולד פֿון דער רעפּובליק האָט שוין געפּלאַצט און די שווערד הענגט איבער אייערע קעפּ.

— דו בילסט, הינטישער זון, כדי זיך אַרויסצודרייען און ניצול צו ווערן פֿון טויט! — האָט דער גרויס־אַטאַמאַן אויסגעשריגן — אָבער ס'וועט דיר גאָרניט העלפֿן, ניט דייגע דראָונגען און ניט דיין גלאַטע צונג.

אויך די איבריקע אַטאַמאַנעס האָבן גענומען קריצן מיט די ציין און קלאַפּן מיט די שווערדן, און הער סקשעטוסקי האָט פֿאַרריסן דעם קאָפּ נאָך העכער און אַזוי געזאָגט:

— מיין ניט, גרויס־אַטאַמאַן, אַז איך האָב מורא פֿאַרן טויט, אָדער איך שיץ מיין לעבן, אָדער וויל באַווייזן מיין אומשולד. איך בין אַ שלאַכטשיץ און קאָן געמשפּט ווערן נאָר דורך מיינס גלייכן, און איך שטיי דאָ ניט פֿאַר שופֿטים, נאָר פֿאַר רוצחים; ניט פֿאַר שלאַכטשיצעס, נאָר פֿאַר פּויערן; ניט פֿאַר ריטער, נאָר פֿאַר באַרבאַרן, און כ'ווייס גאַנץ גוט, אַז איך וועל ניט אַנטרונען ווערן פֿון טויט, מיט וועלכן איר וועט אַריבערכאַפּן די מאָס פֿון אייער רשעות. אויף מיר וואַרט טויט און עינויים, אָבער הינטער מיר שטייען די מאַכט און די נקמה פֿון דער גאַנצער רעפּובליק, פֿאַר וועלכער איר אַלע ווערט פֿאַרציטערט!

די שטאָלצע האַלטונג, דאָס דרייסטע לשון און דער נאָמען פֿון דער רעפּובליק האָבן געמאַכט אַ שטאַרקן רושם. די אַטאַמאַנעס האָבן זיך שטילשווייגנדיק איבערגעקוקט. אַ ווייל האָט זיך זיי אויסגעדוכטן, אַז פֿאַר זיי שטייט ניט אַ געפֿאַנגענער, נאָר אַ שרעקלעכער שליח פֿון אַ מעכטיקן פֿאָלק, און טוהאַי־

בעי האָט ער ברוס גלייכן:

— אַ פאַרביסענער ליאַך!

— אַ פאַרביסענער ליאַך! — האָט איבערגעחזרט כמיעלניצקי.

אַ געוואַלדיקע קלאַפעריי אין דער טיר האָט איבערגעריסן זייער געשפּרעך. אויפן פּלאַץ איז גראַד פאַרענדיקט געוואָרן די עקזעקוציע איבער טאַטאַרטשוקן און באַראַבאַשן; די געזעלשאַפט האָט אַרויסגעשיקט אַ נייע דעפּוטאַציע.

אַ פּאָר צענדליק פאַרבלוטיקטע, פאַרסאָפּעטע, פאַרשוויצטע, אָנגעשכּורטע קאָזאַקן זענען אַריין אין שטוב, זיי האָבן זיך אָוועקגעשטעלט ביי דער טיר און אויסשטרעקנדיק די הענט, פון וועלכע ס׳האָט נאָך געשלאָגן אַ פּאַרע פון פרישן בלוט, האָבן זיי געזאָגט:

— די געזעלשאַפט בויגט זיך פאַר אייך, הערן עלטסטע — דאָ האָבן זיי זיך אַלע געבויקט ביזן גאַרטל — און בעט, אַז איר זאָלט זיי אַרויסגעבן דעם דאָזיקן ליאַך, כדי זי זאָל מיט אים אַ הוליע־טון, ווי מיט באַראַבאַשן און טאַטאַרטשוקן?

— אַרויסגעבן זיי דעם ליאַך! — האָט טשאַרנאָטאַ אויסגעשריגן.

— נישט אַרויסגעבן! — האָט זיך אַ צווייטער אָנגערופן — זאָלן זיי וואַרטן! ער איז אַ שליח!

— אַ טויט אים! — האָבן זיך אָנגערופן פאַרשידענע שטימען.

שפּעטער האָבן זיי געשוויגן, וואַרטנדיק, וואָס עס וועלן זאָגן דער גרויס־אַטאַמאַן און כמיעלניצקי.

— די געזעלשאַפט בעט; ווען נישט, וועט זי אַליין נעמען — האָבן די דעפּוטאַטן איבערגעחזרט.

ס׳האָט זיך אויסגעדוכטן, אַז סקזשעטוסקי איז פאַרלוירן אָן אַ רעטונג, אָבער דאָ האָט כמיעלניצקי זיך צוגעבויגן צו טוהאַי־בעיס אויער.

— ער איז דיין געפאַנגענער — האָט ער אים איינגערוימט — אים האָבן די טאַטערס גענומען, ער איז דיין. ווע...

לאָזן אים צונעמען ביי דיר? דאָס איז אַ רייכער שלאַכטשיץ, און אַחוץ דעם וועט פירשט יערעמי אים אויסקויפן מיט גאָלד.

— גיט אַהער דעם ליאַך — האָבן וואָס אַכאָל מוראדיקער געשריגן די קאָזאַקן.

טוהאַי בעי האָט זיך אויסגעצויגן אויף זיין זיץ־פּלאַץ און זיך אויפגעשטעלט. זיין פּנים האָט זיך פאַרענדערט אין איין מינוט, די אויגן האָבן זיך ביי אים אויסגעגלצט, ווי ביי אַ ווילדע קאַץ, די ציין האָבן אָנגעהויבן צו גלאַנצן. מיט אַ מאָל איז ער צוגעשפּרונגען, ווי אַ טיגער, צו די קאָזאַקן, וואָס האָבן פאַרלאַנגט דעם געפאַנגענעם.

— אַוועק, ציגנבעק, נישט גלויביקע הינט! קנעכט! חזירים־פרעסער! — האָט ער אויסגעשריגן, אָנכאַפּנדיק צוויי זאַפּאָראָזשער פאַר די בערד און רייסנדיק זיי מיט אַ ווילדער אומבאַרחמנות־דיקייט — אַוועק שכּורים, קרעציקע בהמות! עקלדיקע שרצים! איר זייט דאָ געקומען מיר צונעמען מיין געפאַנגענעם, און איך וועל אייך ווייזן! ציגנבעק! — דערביי האָט ער יעדעס מאָל אַן אַנדערן געריסן ביי דער באָרד, צום סוף האָט ער איינעם אומגעוואָרפן און גענומען טרעטן מיט די פיס — אויפן פּנים, קנעכט! וואָרום איך וועל אייך אַוועקפירן אין געפאַנגענשאַפט, וואָרום איך וועל גאַנץ סיטש צוטרעטן מיט די פיס, אַזוי ווי אייך! כ'וועל זי פאַרברענען, באַדעקן מיט אייערע קערפּער!

די דעפּוטאַטן האָבן זיך צוריקגעצויגן אין שרעק — דער שרעקלעכער פיינט האָט געוויזן, וואָס ער קאָן.

און אַ וווּנדערלעכע זאַך: אין באַזאָוולוק זענען געשטאַנען באַר זעקס טויזנט טאָטערס. אמת, אַז הינטער זיי איז נאָך געשטאַנען דער כאַן מיט דער גאַנצער קרימער מאַכט, אָבער בלויז אין סיטש זענען געווען אַ פּאָר צענדליק טויזנט קאָזאַקן, אַ חוץ די, וואָס כמיעלניצקי האָט שוין געהאַט אַרויסגעשיקט אויף טאמאקווקע — און פונדעסטוועגן האָט קיין איין שטים פון פּראָטעסט זיך נישט דערהויבן קעגן טוהאַי־בעין. ווייזט אויס, אַז דער אופן, אויף וועלכן דער שרעקלעכער טאָטער האָט געשיצט זיין געפאַנגענעם, איז געווען דער איינציקער, וואָס האָט געהאַט

אַז פּעולה, וואָס האָט אָנגעוואָרפן אַ מורא אויף די קאָזאַקן, וועלכע האָבן זיך אין איצטיקן מאָמענט נישט געקאָנט באַגיין אָן דער טאַטערישער הילף. די דעפּוטאַציע איז שנעל אַרויס אויפן פּלאַץ, שרייענדיק צום המון, אַז זיי וועלן זיך נישט לוסטיק מאַכן איבערן ליאַך, ווייל ער איז טוהאַי-בעיס געפאַנ- גענער, און טוהאַי-בעי איז אַפּנים געוואָרן בייז! „די בערד האָט ער אונז אויסגעריסן!"—האָבן זיי דערציילט. אויפן פּלאַץ האָט מען באַלד געגומען איבערחזרן: „טוהאַי-בעי איז געוואָרן בייז!" —„איז געוואָרן בייז!"—האָט דער המון אומעטיק אויסגערופן— „איז געוואָרן בייז! איז געוואָרן בייז!"—און מיט אַ פּאָר מינוטן שפּעטער האָט עפּעס אַ שטים יאָמערלעך געזונגען ביים פייער:

העי, העי!
טוהאַי-בעי
איז געוואָרן בייז!
העי, העי,
טוהאַי-בעי,
זיי נישט אַזוי בייז!

באַלד האָבן טויזנטער שטימען אונטערגעכאַפּט: „העי-העי! טוהאַי-בעי!"—און אַזוי איז אַנטשטאַנען איינס פון יענע לידער, וועלכע זענען שפּעטער פאַנאַנדערגעטראָגן געוואָרן איבער גאַנץ אוקראַינע, ווי דורך אַ ווינטער, וועלכער האָט מיט זיי געמאַכט ציטערן די סטרונעס פון די לירעס און פלייטן.

אָבער מיט אַמאָל איז אויך דאָס געזאַנג איבערגעריסן געוואָרן, ווייל דורכן טויער, פון דער זייט פון האַסאַן-פּאַשאַ, זענען אַריינגעפאַלן אַ פּאָר צענדליק מענטשן און דורכרייסנדיק זיך דורכן המון, און שרייענדיק „לאָזט דורך! לאָזט דורך!" זענען זיי מיט אַלע כחות געלאָפן צום ראַט-הויז. די אַטאַמאַנעס האָבן זיך שוין געהאַט געקליבן אַרויסצוגיין, ווען די דאָזיקע נייע געסט זענען אַריינגעפאַלן אין שטוב.

— בריוו צום העטמאַן!—האָט אויסגערופן אַן אַלטער קאָזאַק,

— פון וואַנען קומט איר?

— מיר זענען פון טשעכרין. אַ טאָג און אַ נאַכט גייען

מיר מיטן בריָוו. אָט איָז ער.

כמיעלניצקי האָט גענומען דעם בריָוו פֿון קאָזאַקס הענט און אָנגעהויבן לעזן. מיָט אַמאָל האָט זיין פּנים זיך פֿאַרענדערט, ער האָט איבערגעריסן דאָס לעזן און געזאָגט מיָט אַ דייטלעכער שטיָם:

— גנעדיקע הערן אַטאַמאַנעס! דער גרויס־העטמאַן שיקט אַרויס זיין זון סטעפּאַן מיָט אַ אַרמיי קעגן אונז. מלחמה!

די שטוב איז פֿול געוואָרן מיָט אַ משונהדיקער שושקעריי; ס'איז ניָשט קלאָר געווען, צי דאָס איָז געווען אַ שושקעריי פֿון שמחה, אָדער פֿון שרעק. כמיעלניצקי האָט זיך אַוועקגעשטעלט אין מיָטן שטוב, האָט אָנגעשפּאַרט די הענט אויף די זייטן, פֿון זיינע אויגן האָבן געשאָטן פֿונקען און זיין שטיָם האָט געדונערט מוראדיק און באַפֿעלנדיק:

— די פּאָלקאָווניקעס צו די פּאָלקן! שיסן פֿון די האַרמאַטן אויפֿן טורם! צוברעכן די פֿעסער מיט בראָנפֿן! מאָרגן פֿאַרטאָגס מאַרשירן מיר אַרויס!

פֿון דער רגע אָן, איז אין סיטש געקומען אַ סוף צו די באַראַטונגען און אסיפֿות, צו דער שליטה פֿון די אַטאַמאַנעס, צו די סיימען און אַנטשיידונגען פֿון דער געזעלשאַפֿט. כמיעלניצקי האָט איבערגענומען אַ אומבאַגרענעצטע מאַכט. אָט ערשט ניָשט לאַנג איז ער ניָשט זיכער געווען, צי די שטורמישע געזעלשאַפֿט וועט אים הערכן, און ער האָט דורך אַ שווינדל געמוזט שיצן דעם געפֿאַנגענעם און דורך אַ שווינדל אומברייגען די, אויף וועלכע ער האָט געוואָרפֿן אַ אומחן; איצט איז ער געוואָרן דער פּוסק איבער אַלעמענס לעבן און טויט. אַזוי פֿלעגט שטענדיק זיין. פֿאַר און נאָך דער מלחמה, הגם דער העטמאַן איז שוין געווען אויסגעקליבן, האָט דער המון נאָך אָנגעוואָרפֿן זיין ווילן די אַטאַמאַנעס און דעם עלטסטן אַטאַמאַן, און ס'איז געווען אַ סכנה זיך ניָשט צו רעכענען מיט דעם דאָזיקן ווילן. קוים איז אָבער די מלחמה אָנגעזאָגט געוואָרן, איז די געזעלשאַפֿט פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ אַרמיי, וואָס איז אונטערגעוואָרפֿן אַ מיליטערישער דיסציפּלין, די אַטאַמאַנעס זענען געוואָרן

אָפּיצערן און דער העטמאַן—אַ פֿירער־דיקטאַטאָר.

דערהערנדיק כמיעלניצקיס באַפֿעלן, האָבן דעריבער די אַטאַמאַנעס זיך באַלד געאײלט צו זײערע פּאָלקן. די באַראַטונג איז געװען געענדיקט.

אין אַ װײלע אַרום, האָט דאָס קנאַלן פֿון האַרמאַטן פֿון דעם טויער, װאָס פֿירט פֿון האַסאַן־פּאַשאַ צום סיטשער פּלאַץ, געמאַכט ציטערן די װענט פֿון ראָט־הויז, און האָט אָפּגעהילכט מיט אַ טריבן עכאָ איבערן גאַנצן טשערטאָמעליק, אָנזאָגנדיק אַ מלחמה.

ער האָט אויך געעפֿנט אַ נײע תקופֿה אין דער געשיכטע פֿון צװײ פֿעלקער, אָבער דערפֿון האָבן נישט געװוּסט, סײ די סיטשער שכּורים און סײ דער זאַפּאָראָזשער העטמאַן.

## 12. קאַפּיטל

כמיעלניצקי מיט סקשעטוסקין זענען געגאַנגען אויף נאַכטלעגער צום עלטסן אַטאַמאַן און צוזאַמען מיט זיי אויך טוהאַי־בעי, וועלכן ס'איז צו שפּעט געווען צוריקצוקערן קיין באַזאַוולוק. דער ווילדער בעי האָט געקוקט אויפן נאַמיעסטניק ווי אויף אַ געפאַנגענעם, וואָס דאַרף אויסגעקויפט ווערן פאַר אַ הויכן פּרייז, און דעריבער האָט ער זיך צו אים באַצויגן ניט ווי צו אַ קנעכט, נאָר מיט רעספּעקט, אפשר נאָך מיט אַ גרעסערן, ווי צו די קאָזאַקן, ווייל ער האָט אים אין זיין צייט געזען אַלס שליח פון פירשט אין הויף פון כאַן. זעענדיק דאָס, האָט דער גרויסאַטאַמאַן אים פאַרבעטן אין זיין כאַטע און אויך אָנגעהויבן זיך אַנדערש מיט אים צו באַגיין. דער אַלטער אַטאַמאַן איז בלבונפש געווען איבערגעגעבן כמיעלניצקין, וועלכער האָט אים איינגאַנצן באַהערשט — און אָט האָט ער באַמערקט, בעת דער באַראַטונג אַז כמיעלניצקין איז עס אַפּנים געווען געלעגן, מציל צו זיין דעם געפאַנגענעם. אָבער ער האָט זיך נאָך מער פאַרחידושט, ווען כמיעלניצקי האָט זיך געווענדעט צו טוהאַי־בעין, ווי נאָר זיי האָבן זיך אַוועקגעזעצט אין דער כאַטע.

— טוהאַי־בעי — האָט ער געזאָגט — וויפיל האָסטו בדעה צו נעמען אויסקויף־געלד פאַר דעם דאָזיקן געפאַנגענעם?

טוהאַי־בעי האָט אַ קוק געטאָן אויף סקשעטוסקין און געזאָגט:

— דו האָסט געזאָגט, אַז דאָס איז אַ חשובער מענטש, און איך וויס, אַז ער איז דער שליח פון שרעקלעכען פירשט און דער שרעקלעכער פירשט האָט ליב זיינע מענטשן. ביסמילאַך! איינער וועט באַצאָלן און דער צווייטער וועט באַצאָלן — צוזאַמען...

דאָ האָט טוהאַי־בעי זיך פאַרטראַכט:

— צווי טויזנט טאָלער!

כמיעלניצקי האָט זיך דערויף אָנגערופן:

— כ׳וועל דיר געבן צווי טויזנט טאָלער.

דער טאָטער האָט אַ ווײַלע געטראַכט. זײַנע משופּעדיקע אויגן האָבן דורכדרינגלעך באַטראַכט כמיעלניצקין, גלײַך ווי ער וואָלט וועלן דערגיין, וואָס בײַ אים אין האַרץ טוט זיך.

— דו וועסט געבן דרײַ — האָט ער געזאָגט.

— פאַרוואָס זאָל איך געבן דרײַ, אַז דו האָסט אַליין געוואָלט צוויי?

— ווײַל אויב דו ווילסט אים האָבן, איז עס דאָך פאַר דיר וויכטיק, און אויב ס׳איז פאַר דיר וויכטיק, וועסטו געבן דרײַ.

— ער האָט מיך מציל געווען פון טויט.

— אַלאַ! דאָס איז ווערט מיט טויזנט מער!

דאָ האָט סקשעטוסקי זיך אַרײַנגעמישט אין דינגעניש.

— טוהאַי־בעי! — האָט ער געזאָגט מיט כּעס — פון פירשטס קאַסע קאָן איך דיר גאָרניט צוזאָגן, אָבער ווען אַפילו כ׳וואָלט געמוזט אַ תּל מאַכן פון מײַן נחלה, וועל איך אַליין געבן דרײַ. כ׳האָב אויך כמעט אַזוי פיל ביים פירשט אויף פּראָוויזיע און אַ גוט דערפל, און דאָס אַלץ וועט קלעקן. און דעם דאָזיקן העטמאַן וויל איך נישט פאַרדאַנקען מײַן פרײַהייט און לעבן.

— און פון וואַנען ווייסטו, וואָס איך וועל מיט דיר טון?— האָט כמיעלניצקי זיך אָנגערופן. און שפּעטער, ווענדנדיק זיך צו טוהאַי־בעין, האָט ער געזאָגט:

— די מלחמה וועט זיך אָנהויבן. וועסט שיקן צום פירשט, אָבער איידער דער שליח וועט צוריקקומען, וועט אַסך וואַסער אָפּשווימען אין דניעפּער, און איך וועל דיר מאָרגן אַליין ברענדאָס געלד קיין באַזאַווליוק.

— געב פיר, וועל איך מיטן ליאַך אַפילו נישט רעדן — האָט טוהאַי־בעי אומגעדולדיק געענטפערט.

— כ׳וועל געבן פיר, אַזוי ווי דו האָסט געזאָגט.

— גנעדיקער הער העטמאַן — האָט דער גרויס־אַטאַמאַן זיך אָנגערופן — ווילסט, וועל איך דיר באַלד דאָס געלד געבן. כ'האָב דאָ אונטער דער וואַנט, אפשר נאָך מער.

— מאָרגן וועסטו אַוועקפירן קיין באַזאַווולוק — האָט כמיעלניצקי געזאָגט.

טוהאַי־בעי האָט זיך אויסגעצויגן און אַ געניץ געטון.

— כ'וויל שלאָפן — האָט ער געזאָגט — מאָרגן פאַרטאָג מוז איך גיין קיין באַזאַווולוק. ווו זאָל איך שלאָפן?

דער גרויס־אַטאַמאַן האָט אים אָנגעוויזן אויף אַ בינטל שעפסן־פעלן ביי דער וואַנט.

דער טאָטער האָט זיך געוואָרפן אויפן געלעגער. באַלד האָט ער אָנגעהויבן צו כראָפען ווי אַ פערד.

כמיעלניצקי איז אַ פּאָר מאָל זיך דורכגעגאַנגען איבער דער שמאָלער שטוב און האָט געזאָגט:

— איך בין נישט שלעפעריק, כ'וועל נישט קאָנען איינשלאָפן. געב מיר עפּעס צו טרינקען, הער גרויס־אַטאַמאַן.

— בראָנפן אָדער וויין?

— בראָנפן. כ'וועל נישט איינשלאָפן.

— די הענער קרייען שוין — האָט דער גרויס־אַטאַמאַן געזאָגט.

— ס'איז שפּעט! גיי דו אויך שלאָפן, אַלטער פריינט, טרינק אויס און גיי צום רום און גליק!

— צום גליק!

דער גרויס־אַטאַמאַן האָט מיטן אַרבל אָפּגעווישט דאָס מויל, שפּעטער האָט ער כמיעלניצקין דערלאַנגט די האַנט, און אַוועקגייענדיק אין צווייטן עק שטוב, האָט ער זיך שיער נישט איינגעגראָבן אין די שעפסן פעלן, ווייל זיין בלוט איז פון אַלטקייט שוין געווען אפּגעקילט.

באַלד האָט זיין כראָפען זיך צונויפגעמישט מיט טוהאַי־בעיס כראָפען.

כמיעלניצקי איז געזעסן ביים טיש אַ פאַרטראַכטער און שטילגעשוויגן.

מיט אַמאָל האָט ער זיך אויפגעכאַפּט, האָט אַ קוק געטון אויף סקושעטוסקין און געזאָגט:

— הער נאַמיעסטניק, איר זייט פריי.

— כ'בין דיר דאַנקבאַר, הער זאַפּאַראָזשער העטמאַן, הגם איך מאַך נישט קיין סוד דערפון, אַז כ'וואָלט בעסער געוואָלט אַ צווייטן דאַנקן פאַר מיין פרייהייט.

— אויב אַזוי דאַנק נישט. האָסט מיך מציל געווען פון טויט, האָב איך דיר אויך אָפּגעטון אַ טובה, און איצט זענען אונזערע חשבונות אויסגעגליכן. אָבער דאָס מוז איך דיר נאָך זאָגן, אַז איך וועל דיך באַלד נישט אָפּלאָזן, סיידן דו וועסט מיר געבן דיין ריטערלעך וואָרט, אַז צוריקקערנדיק וועסטו קיין וואָרט נישט זאָגן וועגן אונזערע הכנות, וועגן אונזערע כחות און בכלל וועגן אַלץ, וואָס דו האָסט דאָ געזען אין סיטש.

— ווי איך זע, האָסט דו מיר נאָר געגעבן צו פאַרזוכן דעם טעם פון פרייהייט, ווייל אַזאַ וואָרט וועל איך דיר נישט געבן, וואָרום ווען איך וואָלט עס דיר געגעבן, וואַלט איך געווען גלייך צו די, וואָס גייען איבער צום שונא.

— מיין לעבן און דער קיום פון גאַנצן זאַפּאַראָזשער חייל הענגט אָפּ פון דעם, אַז דער גרויס-העטמאַן זאָל נישט מאַרשירן קעגן אונז מיט אַלע כוחות, און ער וואָלט דאָך דאָס נישט פאַרזוימט צו טון, ווען דו וואָלסט אים דערציילט וועגן אונזער מאַכט. ס'זאָל דעריבער דיר נישט זיין קיין חידוש, וואָס אויב דו ווילסט מיר נישט געבן דאָס וואָרט, וועל איך דיך נישט אָפּלאָזן כל-זמן איך וועל מיך נישט פילן זיכער. איך ווייס, אויף וואָס איך האָב מיך אַנטשלאָסן; כ'ווייס, ווי שרעקלעך ס'איז די מאַכט פון מיין קעגנער: ביידע העטמאַנעס, דיין שרעקלעכער פירשט, וואָס איז שקול כנגד אַ גאַנצער אַרמיי, און די זאַסלאַווסקיס, און די קאָניעצפּאָלסקיס, און אַלע יענע קליינע מושלים, וואָס האַלטן זייער פוס אויפן האַלז פון די קאָזאַקן! אמת, נישט ווייניק מי האָב איך פאַרלייגט און נישט ווייניק בריוו האָב איך געמוזט פונאַנדערשיקן, ביז ס'האָט זיך מיר איינגעגעבן זייער וואַכזאַמקייט איינצושלעפערן — און דעריבער קאָן איך איצט

נישט דערלאָזן, אַז דו זאָלסט זי אויפוועקן. וואָרום אויב דער המון, און די שטאָטישע קאָזאַקן און אַלע, וואָס ווערן גערודערט אין זייער גלויבן און פרייהייט, האָבן זיך געשטעלט אויף מיין זייט, ווי די זאַפּאָראָזשער אַרמיי און דער גנעדיקער קרימער ראַן, האָף איך, אַז איך וועל די שונאים ביקומען, ווייל אויך מיינע כּוחות וועלן גרויס זיין, אָבער אַממערסטן האָב איך בטחון צו גאָט, וועלכער האָט געזען די עולות און געקוקט אויף מיין אומשולד.

דאָ האָט כמיעלניצקי אַריינגעגאָסן אין זיך אַ גלאָז בראָנפן און גענומען אומרויק שפּאַנען אַרום טיש. און הער סקשעטוסקי האָט אים אָפּגעמאָסטן מיט די אויגן און געזאָגט מיט אַ פעסטער שטים:

— לעסטער נישט, זאַפּאָראָזשער העטמאַן, גאָטס נאָמען און רוף נישט צו אים נאָך הילף און שוץ, וואָרום דו וועסט נאָר דערוועקן גאָטס צאָרן און עס וועט דיך שנעל טרעפן זיין גערעכטע שטראָף. צי מעגסטו רופן צו גאָט נאָך שוץ, דו, וואָס רופסט אַרויס צוליב דינע עולות און פריוואַטע סכסוכים אַזאַ שרעקלעכן שטורעם, און בלאָזט פונאַנדער דאָס פייער פון אַ ברידער-מלחמה און מאַכסט יד-אחת מיט געצן-דינער קעגן קריסטן? און וואָס וועט דערפון אַרויסקומען? צי דו וועסט מנצח זיין, אָדער האָבן אַ מפּלה, אים מיט בלוט און טרערן וועסטו פאַרגיסן וועסט חרוב מאַכן דאָס לאַנד ערגער פון דעם היישעריק, דיין אייגן בלוט און פלייש וועסטו אָפּגעבן אין געפאַנגענשאַפט פון געצן-דינער, וועסט אויפטרייסלען די רעפובליק, אויפהויבן דיין האַנט קעגן מאַיעסטעט, שענדן גאָטס נאָמען, און דאָס אַלץ דערפאַר, ווייל טשאַפּלינסקי האָט דיר צוגענומען דיין נחלה, ווייל ער האָט שכורערהייט דיך געסטראַשעט! און וואָס אַלץ דערוועגסטו זיך נישט צו טון? וואָס ביסטו אַלץ נישט מקריב פאַר פריוואַטע חשבונות? דו רופסט צו גאָט — און איך, הגם איך בין אין דיין רשות, הגם מיין לעבן און פרייהייט ליגן אין דיינע הענט—זאָג איך דיר: דעמשטן, און נישט גאָט דאַרפסטו רופן צו הילף, ווייל נאָר דאָס גהינום אַליין קאָן דיר אַרויסהעלפן!

כמיעלניצקי איז רויט געוואָרן — ער האָט אָנגעכאַפּט דאָס הענטל פֿון דער שווערד און געקוקט אויפֿן נאַמיעסטניק, ווי אַ לייב, וואָס גרייט זיך אַ געשריי צו טון און זיך צו וואַרפֿן אויף זיין קרבן — אָבער ער האָט זיין כעס גובר געווען. צום גליק איז ער נאָך נישט געווען שכּור און אפשר איז אים באַפֿאַלן עפּעס אַ שרעק, און אפשר האָט עפּעס אַ שטים גערופֿן צו אים אין דער נשמה: קער דיך אום! ווייל מיט אַ מאָל, גלייך ווי ער וואָלט געוואָלט זיך ווילן פֿאַרטיידיקן פֿאַר זיינע אייגענע געדאַנקען, אָדער זיך אַליין איבערצייגען, האָט ער אַזוי געזאָגט:

— פֿון אַ אַנדערן וואָלט איך נישט פֿאַרליב גענומען אַזעלכע רייד, אָבער אויך דיך בין איך מתרה, אַז דיין העזה זאָל נישט פֿאַרצערן מיין געדולד. דו סטוראַשעסט מיך מיטן גהינום, ביסט מיך חושד אין פּריוואַטע חשבונות און בגידה, און פֿון וואַנען ווייסטו, אַז איך גיי נקמה נעמען נאָר פֿאַר אייגענע עוולות? ווו וואָלט איך געפֿינען מיטהעלפֿער, ווו וואָלט איך געפֿונען יענע טויזענטער וואָס זענען שוין צוגעשטאַנען צו מיר און ווען נאָך צושטיין, ווען איך וואָלט נאָר געוואָלט זיך אָפּרעכענען פֿאַר מיין אייגענעם אומרעכט? גיב אַ קוק, וואָס טוט זיך אין אוקראַינע? העי! דאָס לאַנד איז געבענשט, דאָס לאַנד איז אונזער מאַמע, דאָס לאַנד איז אונזער היים, און ווער איז אין איר זיכער מיטן מאָרגנדיקן טאָג? ווער איז אין איר גליקלעך? ווער איז אין איר ניט באַרויבט פֿון זיין גלויבן, ניט באַגזלט פֿון זיין פֿרייהייט, ווער וויינט ניט אין איר און ווער קרעכצט ניט? בלויז די ווישניאַוויעצקיס, און די פּאָטאָצקיס, און די זאַסלאַווסקיס, און די קאַלינאָווסקיס, און די קאָניעצפּאָלסקיס און דאָס הייפֿל שלאַכטשיצעס! זיי קומען די סטאַראָסטוועס, די הויכע אַמטען, די ערד און די מענטשן, זיי קומט דאָס גליק און די גאָלדענע פֿרייהייט, און דאָס איבריקע פֿאָלק שטרעקט אויס מיט טרערן די הענט צום הימל, וואַרטנדיק אויף גאָטס רחמנות, ווייל די רחמים פֿון קעניג העלפֿן שוין אויך ניט. און וויפֿיל זענען פֿאַראַן אַפֿילו צווישן דער שלאַכטע גופֿא, וואָס

נישט קאָנענדיק איבערטראָגן זייערע רדיפֿות, האָבן זיי עוקר געווען קיין סיטש, פּונקט אַזוי ווי איך אַליין האָב עוקר געווען? איך וויל אויך ניט קיין מלחמה מיטן קעניג, איך וויל אויך ניט קיין מלחמה מיט דער רעפּובליק! זי איז אַ מאַמע, ער איז אַ פֿאָטער: דער קעניג איז אַ גנעדיקער האַר, אָבער די שררות! מיט זיי קאָנען מיר ניט לעבן; זיי שינדן פֿון אונז די הויט, זיי רייסן פֿון אונז אַרויס די פֿאַרשידענע שטייערן, זייערע אכזריותדיקע מעשים און רדיפֿות, וואָס זיי רודפֿן אונז דורך די ייִדן, שרייען צום הימל נאָך נקמה. און מיט וואָס האָט מען אָפּגעצאָלט דעם זאַפּאָראָזשער חיל פֿאַר די גרויסע פֿאַרדינסטן, וואָס זיי האָבן געהאַט אין פֿאַרשידענע מלחמות? ווו זענען די קאָזאַקישע פּריווילעגיעס? דער קעניג האָט געגעבן, די שררות האָבן אָפּגענומען. נאַלעוואַיקאָ איז געפֿערטלט געוואָרן! פּאַוולוק איז פֿאַרברענט געוואָרן אין אַ מעשענעם אָקס! דאָס בלוט איז נאָך נישט פֿאַרטרוקנט געוואָרן פֿון די וואונדן, וואָס זשולקעוויסקיס און קאָניעצפּאָלסקיס שווערד האָט אונז פֿאַרשאַפֿט! די טרערן זענען נאָך נישט אָפּגעווישט געוואָרן נאָך די דערהרגעטע, געקוילעטע, געהאַנגענע — און איצט — קוק! וואָס לייכט אויפֿן הימל — דאָ האָט כמיעלניצקי דורכן פֿענסטערל אָנגעוויזן אויפֿן שיינענדיקן קאָמעט—גאָטס צאָרן! גאָטס ריט!—און אויב איך זאָל עס זען אויף דער ערד—זאָל געשען גאָטס רצון! כ׳וועל נעמען אויף מיר די דאָזיקע לאַסט!

ביי די דאָזיקע ווערטער האָט ער אויסגעשטרעקט די הענט אין דער הויך און עס האָט זיך געדוכט, אַז ער פּלאַקערט אינגאַנצן ווי אַ גרויסער נקמה־פֿאַקל. ער האָט אָנגעהויבן צו ציטערן און שפּעטער איז ער געפֿאַלן אויף די באַנק, גלייך ווי ער וואָלט צוגעדריקט געוואָרן דורך דער משא פֿון זיין שליחות.

עס האָט געהערשט אַ שטילקייט, וועלכע איז נאָר איבערגעריסן געוואָרן דורכן כראַפּען פֿון טוהאַי בעי און דעם גרויס־אַטאַמאַן — און אין איין ווינקל פֿון דער כאַטע האָט אַ גריל יאָמערלעך געגרילט.

דער נאַמיעסטניק איז געזעסן מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ. וואָלסט געמיינט, ער זוכט אַ תשובה אויף כמיעלניצקיס ווערטער וועלכע זענען געווען אַזוי האַרט ווי שטיקער גראַניט, צום סוף האָט ער אַזוי אָנגעהויבן צו ריידן מיט אַ שטילן און אומעטיקן קול:

— אַך, ווען דאָס וואָלט אַפילו געווען אמת, ווער ביסטו דאָס, העטמאַן, וואָס דו מאַכסט זיך פאַר אַ שופט און תלין? וואָס פאַר אַ אכזריות, וואָס פאַר אַ גאווה האָט דיך באַהערשט? פאַרוואָס פאַרלאָזט דו זיך ניט אויף גאָטס משפט און שטראָף? איך פאַרטיידיק ניט די רשעים, איך לויב ניט די עוולות, רדיפות כשר איך ניט פאַר אַ געזעץ, אָבער מאַך נאָר אַ חשבון־הנפש אויך דו, העטמאַן! דו קלאָגסט זיך אויף די רדיפות פון די שררות, דו זאָגסט, אַז זיי ווילן ניט פאָלגן ניט דעם קעניג און ניט דאָס געזעץ, דו פאַראורטיילסט זייער גאווה, און אַליין ביסטו פריי פון איר? צי הויבסטו אַליין ניט אויף די האַנט אויף די רעפובליק, אויפן געזעץ און מאַיעסטעט? דו זעסט די רשעות פון שררות און פריצים, אָבער דו זעסט ניט, אַז ווען ניט זייערע ברוסטן, ווען ניט זייערע פאַנצערס, ווען ניט זייער מאַכט, ווען ניט זייערע שלעסער, ווען ניט זייערע האַרמאַטן און מחנות, דעמאָלט וואָלט די דאָזיקע ערד, וואָס פליסט מילך און האָניק, געקרעכצט אונטער אַ הונדערט מאָל שווערערן יאָך פון די טערקן אָדער טאטערס! וואָרום ווער וואָלט זי פאַרטיידיקט? אַ דאַנק וועמענס שוץ און מאַכט דינען ניט אייערע קינדער אין די יאַנטשאַרן, און די מיידלעך ווערן ניט פאַרכאַפּט אין די שענדלעכע האַרעמס? ווער באַזעצט די וויסטעניש, בויט־אויף דערפער און שטעט, שטעלט־אויף הייליקטימער פאַר גאָט?..

דאָ איז סקשעטוסקיס שטים געוואָרן וואָס אַמאָל מעכטיקער, און כמעלניצקי האָט זיין אומעטיקן בליק איינגעגראָבן אין פלעשל מיט בראָנפן, די צונויפגעביילטע פויסטן האָט ער אַוועקגעלייגט אויפן טיש און ער האָט געשוויגן, גלייך ווי ער וואָלט מיט זיך אַליין זיך געראַנגעלט.

— און ווער זענען זיי? — האָט סקשעטוסקי ווייטער

גערעדט — צי זענען זיי געקומען אַהער פֿון דייטשלאַנד, אָדער פֿון טערקיי? צי איז דאָס נישט אייער אייגן בלוט, אייער אייגן פֿלייש? איז דאָס נישט אייער אייגענע שלאַכטע, אייערע אייגענע פֿירשטן? און אויב עס איז אַזוי, איז ווי צו אייך, העטמאַן, ווייל איר באַוואָפֿנט יינגערע ברידער קעגן עלטערע. אָ, גאָט! ווען אפילו זיי וואָלטן געווען רשעים, ווען אפילו אַלע — און עס איז דאָך נישט אַזוי — וואָלטן געטרעטן דאָס געזעץ, פֿאַרגוואַלדיקט די רעכט — זאָל זיי משפּטן גאָט אין הימל און די פֿייערן אויף דער ערד. אָבער נישט איר, העט־מאַן! וואָרום קאָנט איר דען זאָגן, אַז צווישן אייך זענען פֿאַראַן נאָר צדיקים? האָט איר זיך קיינמאָל נישט פֿאַרזינדיקט, האָט איר דאָס רעכט צו וואַרפֿן מיט שטיינער פֿאַר פֿרעמדע חטאים? און אויב איר האָט מיך געפֿרעגט, ווו עס זענען די קאָזאַ־קישע רעכט, וועל איך אייך ענטפֿערן: נישט די שררות האָבן זיי צוגערויבט, נאָר די זאַפּאַראָזשער, נאָר לאָבאָדאַ, סאַסקאָ, נאַלעווייקאָ און פּאַוולוק, וועגן וועלכן דו טראַכסט־אויס, אַז ער איז אָפּגעגעפּרעגעלט געוואָרן אין אַ מעשענעם אָקס, ווייל דו ווייסט גוט, אַז עס איז אַזוי נישט געווען! עס האָבן זיי צו־געגזלט אייערע מרידות, אייערע מהומות און אָנפֿאַלן, וואָס זענען געמאַכט געוואָרן אויפֿן טאָטערישן שטייגער. ווער האָט אַריינגעלאָזט די טאָטערס אין די גרעניצן פֿון דער רעפּובליק, כדי ערשט שפּעטער, ווען זיי האָבן צוריקגעקערט באַלאָדנט מיט שלל, זיי צו באַפֿאַלן און צו באַרויבן? — איר! ווער — גאָט אין הימל! — האָט דאָס אייגענע, קריסטליכע פֿאָלק איבער־געגעבן אין געפֿאַנגענשאַפֿט? ווער האָט אָנגעמאַכט די גרעסטע מהלוקתן? — איר! פֿאַר וועמען איז סיי דער שלאַכטשיץ, סיי דער סוחר, סיי דער פּויער נישט געווען זיכער? — פֿאַר אייך! ווער האָט צופֿלאַקערט בריזדער־מלחמות, ווער האָט חרוב גע־מאַכט אויפֿן פֿייער אוקראַיִנישע דערפֿער און שטעט, באַרויבט גאָטס הייליגטימער, פֿאַרגוואַלדיקט מיידלעך — איר און איר! וואָס ווילט איר אַלזאָ נאָך? אפשר, אַז עס זאָלן געגעבן ווערן רעכט אויף ברידער־מלחמות און רויבערייען? מ'האָט דאָך פֿון

אײך מער פֿאַרלײַב גענומען, װי צוגענומען! מ׳האָט געװאָלט די פֿאַרפֿױלטע אברים הײלן, נישט אױסשנײדן *) און איך װײס נישט — צי ס׳איז פֿאַראַן אױף דער װעלט אַ מאַכט, אַחוץ דער רעפּובליק, װעלכע װאָלט סובל געװען אַזאַ מכה אין איר אײגענעם שױס און איר געדולד װאָלט נישט געפּלאַצט! און מיט װאָס װערט דאָס באַלױנט, מיט װאָס באַדאַנקט? אָט שלאָפֿט דאָ דײַן פֿאַרבינדעטער, אָבער פֿאַרביסענער שונא פֿון דער רעפּובליק; דײַן פֿרײַנט, אָבער פֿײַנט פֿון צלם און קריסטנטום — נישט אַ אוקראַיִנישע שררה, נאָר אַ טאָטערישער פּריץ פֿון קרים — מיט אים גײסטו דאָס חרוב מאַכן די אײגענע נעסט, מיט אים גײסטו משפּטן דײַנע ברידער! אָבער ער װעט אױך פֿון הײַנט אָן געװעלטיקן איבער דיר, אים מוזטו דערלאַנגען דאָס געשפּאַן!

כמיעלניצקי האָט אַראָפּגעלאָזט אַ נײַ גלאָז מיט בראָנפֿן.

— װען מיר זענען אַנומעלט געװען מיט באַראַבאַשן בײַם גנעדיקן קעניג — האָט ער טריב געענטפֿערט — און װען מיר האָבן זיך באַקלאָגט אױף די עולות און רדיפֿות, האָט אונזער האַר געזאָגט: האָט איר דען נישט קײן ביקסן און שװערדן בײַ דער זײַט?

און װען דו װאָלסט געשטאַנען פֿאַרן מלך־המלכים, װאָלט ער דיר געזאָגט: צי האָסטו מוחל געװען דײַנע שונאים אַזױ װי איך האָב מײַנע מוחל געװען?

— מיט דער רעפּובליק װיל איך נישט קײן מלחמה!

— נאָר דו לעגסט איר דעם חלף אױפֿן האַלז.

— כ׳גײ בעפֿרײַען די קאָזאַקן פֿון אײַערע קײטן!

— כּדי אױף זײ אַרױפֿצולעגן דעם טאָטערישן יאָך!

— כ׳װיל פֿאַרטײדיקן דעם גלױבן:

— מיט אַ געצנדינער פֿאַר אַ שותּף.

— אַװעק דו, ביסט נישט די שטים פֿון מײַן געװיסן!

אַװעק, זאָג איך דיר!

---

*) זשילקעװסקיס היסטאָרישע װערטער.

— דאָס פאַרגאָסענע בלוט וועט דיך גיט לאָזן צורו, די מענטשלעכע טרערן וועלן דיך אָנקלאָגן, דער טויט וואַרט אויף דיר, דער משפט וואַרט!

— אַוועק! — האָט כמיעלניצקי אויסגעשריגן מיט אַ ווילדן כעס און אַ בליק געטאָן מיט אַ מעסער פאַרן נאַמיעסטניקס ברוסט.

— דערהרגע מיך! — האָט סקשעטוסקי געזאָגט.

און ווידער איז אַ ווײַלע געוואָרן שטיל, ווידער האָט זיך געהערט בלויז דאָס כראַפּן פון די שלאָפנדיקע און דאָס יאָמערלעכע סקריפּן פון גריל.

כמיעלניצקי איז געשטאַנען אַ ווײַלע מיטן מעסער ביי סקשעטוסקיס ברוסט; מיט אַמאָל האָט ער זיך אויפגעכאַפּט, זיך מיישב געווען, אַראָפּגעלאָזט דאָס מעסער, דאַגעגן, האָט ער גע־כאַפּט אַ פלאַש מיט בראָנפן און גענומען טרינקן. ער האָט אויסגעטרונקען ביז צום דנאָ און זיך שווער אַוועקגעזעצט אויף דער באַנק.

— איך קאָן אים ניט שטעכן! — האָט ער געברומט — כ'קאָן ניט! עס איז שוין שפעט... עס גייט שוין אויף די זון?... אָבער אומצוקערן זיך איז צו שפעט... וואָס רעדסטו צו מיר וועגן משפט און בלוט?

ער האָט שוין פריער געהאַט אַ סך אויסגעטרונקען, איצט האָט דער בראָנפן אים געשלאָגן אין קאָפּ אריין; ביסלעכווייז האָט ער וואָס אַמאָל מער פאַרלוירן דאָס באַוווסטזיין.

— וואָס פאַר אַ משפט? וואָס? דער כאַן האָט מיר צו־געזאָגט שטיצע, טוהאַי־בעי, שלאָפט דאָ! מאָרגן וועלן די קאָ־זאַקן אַרויסמאַרשירן... מיט אונז איז דער הייליקער מיכאל דער בעל־נצחון!.. און אויב... אויב... איך האָב דיך אויסגעקויפט ביי טוהאַי־בעין — דו געדענקסט דאָס און זאָג... אָך! עפּעס טוט ווײ.. ווײ! אומקערן זיך... שפעט! משפט... נאַלעוואַיקאַ... פּאַוולוק.

מיט אַמאָל האָט ער זיך אויסגעגליכן, האָט אימהדיק אויסגעגלאָצט די אויגן און אַ געשריי געטון:

— ווער איז דאָ?

ווער איז דאָ? — האָט איבערגעחזרט דער האַלב-אויפגעוואַכטער גרויס-אַטאַמאַן.

אָבער כמיעלניצקי האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ אויף די ברוסט, האָט זיך אַ צווייט מאָל אַ שאָקל געטאָן, האָט אַ ברום געטאָן: וואָס פאַר אַ משפט? — און איז אַנטשלאָפן געוואָרן.

סקשעטוסקי איז געוואָרן בלייך און אָפּגעשוואַכט פון די ווונדן, וואָס ער האָט ערשט נישט לאַנג באַקומען, און פון דער אויפרעגונג בעתן געשפּרעך, ער האָט דעריבער גערעכנט, אַז דאָס האַלט ער אפשר ביים שטאַרבן און גענומען הויך מתפלל-זיין.

## 13 קאַפּיטל.

צוםאָרגנס, באַגינען, האָט דאָס קאָזאַקישע פוס-גייער און
רייטער-מיליטער אַרויסמאַרשירט פון סיטש. הגם די סטעפּנה
זענען נאָך נישט באַפלעקט געוואָרן פון בלוט, איז די מלחמה
שוין געהערט אָנגעהויבן. פאָלקן זענען געגאַנגען נאָך פאָלקר
וואָלסט געמיינט, אַז אַ הייעשריק, אָנגעוואַרעמט פון דע-
פרילינג-זון, האָט זיך אַרויסגעשאָטן פון די טשערטאָמעליק,
געוויקסן און געפלויגן צו די אוקראַינישע פעלדער. אין וואַלד,
הינטער באָזאַוולוק, האָבן שוין געוואַרט די טאָטערישע חיילות,
גרייט צום קאַמף. זעקס כוינט פון די געקליבנסטע זעלנער-
וואָס זענען געווען באַוואָפנט לאַין-ערך בעסער פון די געוויינ-
לעכע טאָטערישע רויבער-באַנדעס, זענען געווען די הילף, וואָס
דער כאַן האָט צוגעשיקט די זאַפּאָראָזשער און כמיעלניצקין. די
קאָזאַקן האָבן אויף זייער אָנבליק געוואָרפן די היטלעך אין די
הויך. עס האָבן געדונערט די האַרמאַטן און ביקסן. דער ליאַרם
פון די קאָזאַקן, צונויפגעמישט מיט די אַלאַ-אויסגעשרייען פון
די טאָטערס, האָבן דערגרייכט ביז צום הימל. כמיעלניצקי און
טוהאַי-בעי,ביידע אונטער פאָנען מיט פערדישע עקן, זענען זיך
אַקעגנגעשפּרונגען אויף די פערד און צערמאָניעל זיך באַגריסט.

די חיילות האָבן זיך אויסגעדרייט פלינק און געשיקט,
ווי געוויינלעך ביי די טאָטערס און קאָזאַקן, און באַלד דערויף
האָבן זיי זיך גענומען מאַרשירן. די טאָטערס האָבן פאַרנומען
ביידע קאָזאַקישע פליגל, דעם מיטן האָט אויסגעפילט כמיעל-
ניצקי מיט די רייטער, הינטער וועלכע ס'איז געגאַנגען די
שרעקלעכע זאַפּאָראָזשער פיעכאָטע *), ווייטער די האַרמאַטן

*) נישט קוקנדיק אויף דער היינט הערשנדיקער מיינונג, באַהויפּטעט
בויפלאַן, אַז די זאַפּאָראָזשער פיעכאָטע האָט ווייט איבערגעשטיגן די רייטער.

שיסער מיט די האַרמאַטן, ווייטער דער לאַגער, די פורן, אויף וועלכע עס האָבן זיך געפונען די לאַגער־דינערשאַפט, לעבענס־מיטל־זאַפּאַסן, צו סוף די פּאַסטוכער מיט די סטאַדעס פון שאָף און רינדער.

די פּאָלקן זענען דורכגעגאַנגען דעם באַזאַוולוקער וואַלד און אַרויסגעשווומען אויף די סטעפּעס. דער טאָג איז געווען אַ זוניקער. דאָס מינדעסטע כמאַרעלע האָט ניט פאַרוואָלקנט דעם הימל. אַ לייכט ווינטל האָט געבלאָזן פון צפון צום ים, די זון האָט זיך געשפּילט אויף די שפּיזן און מדבר־בלומען. עס האָבן זיך פאַר די חיילות פונאַנדערגעוויקלט די ווילדע פעלדער, ווי אַ ים אָן אַ ברעג, און אויף דעם דאָזיקן אָנבליק האָט אַ שמחה באַוועלטיקט די קאָזאַקישע הערצער. דער גרויסער רויטער פאָן מיטן בילד פון שר פון די מלאכים האָט זיך אַ פּאָר מאָל אַראָפּגעלאָזט, באַגריסנדיק דעם לייבלעכן סטעפּ, און נאָך אים האָבן זיך געבויגן אַלע איבעריקע פאָנען פון די פּאָלקן און זייערע פירער. איין געשריי האָט זיך אַרויסגעריסן פון אַלע־מענס ברוסטן.

די פּאָלקן האָבן זיך פריי באַוויגן. די קעסל־פּויקער און פלייטן־שפּילער זענען אַרויסגעריטן בראש פון דער אַרמיי; עס האָבן געהילכט די קעסל־פּויקן עס האָבן געקלונגען די פלייטן און פּייקלעך, וועלכע זענען בעגלייט געוואָרן פון אַ ליד, וואָס איז געזונגען געוואָרן דורך טויזנטער שטימען און האָט אויפגעטרייסלט די לופט אין דעם סטעפּ:

„העי, איר סטעפּעס האַרציקע,
איר זייט דאָך רויט־פאַרביקע,
ברייט, ווי ימים שטורמדיקע".

די פלייטן־שפּילער האָבן נאָכגעלאָזט די לייצעס און צו־ריקבויגנדיק זיך אויף הינטן אויף די זאָטלען און מיט אויגן, געווענדעט צום הימל, האָבן זיי געשפּילט אויף די סטרונעס פון

---

לויט כּויפלאַנס השערה, האָבן 200 פּאָליאַקן ליכט בויקלאַפּט 2000 זאַפּאָראָזשער רייטער, דאַגעגן האָבן 100 קאָזאַקן פון זייער לאַגער זיך געקאָנט פאַרטיידיקן אין גראָבנס אַקעגן טויזנט פּאָליאַקן.

די פֿלייטן; די פּייקלעך־שפּילער האָבן אויסציענדיק די הענט איבער די קעפּ, געקלאַפּט אין זייערע מעשענע פּייקלעך, די קעסל־פּויקער האָבן געזעצט אין די קעסל־פּויקן, און די דאָזיקע אַלע אָפּקלאַנגען, צוזאַמען מיט די איינטאָניקע ווערטער פֿון ליד, און דעם ווילדן, צולאָזענעם פּייפּעריי פֿון די טאָטערישע פּייפֿעלעך, האָבן זיך צונויפֿגעגאָסן אין איין לאַרם, אין אַ גרויסן, ווילדן און דערביי אויך אומעטיקן, ווי דער מדבר אַליין. אַ פֿאַרשכּורטקייט האָט אַרומגענומען אַלע פֿאָלקן; די קעפּ האָבן זיך נעוואַקלט צום טאַקט פֿון ליד, און צום סוף האָט זיך אויסגעדוכטן, אַז דער גאַנצער סטעפּ האָט זיך צעזונגען און וויגט זיך צוזאַמען מיט די מענטשן, פֿערד און פֿאָנען.

די איבערגעשראָקענע מחנות פֿון פֿייגל האָבן זיך אויפֿגעכאַפּט פֿון סטעפּ און אַוועקגעלאָזט זיך פֿליען פֿאַרן חייל, ווי אַ צווייטע לופֿט־אַרמיי.

מאָמענטנווייז איז דאָס געזאַנג און שפּילן אַנטשוויגן געוואָרן, און דאַמאָלט האָט זיך געהערט דאָס גערויש פֿון די פֿאָנען, די טריט און דאָס כראַפּן פֿון די פֿערד און דאָס סקריפּן פֿון די לאַגער־פֿורן, וואָס איז געווען ענלעך אויף די געשרייען פֿון שוואַנען און זשוראַוולעס.

בראש, אונטער אַ גרויסער רויטער פֿאָן און אונטער אַ פֿערדישן עק, איז געריטן כמיעלניצקי, אָנגעטון אין רויטן, אויף אַ ווייסן פֿערד מיט אַ באַגילטן שטאַב אין דער האַנט.

דער גאַנצער לאַגער האָט זיך פּאַמעלעך באַוועגן און מאַרשירט אויף צפֿון, באַדעקנדיק ווי אַ גרויסע כוואַליע, טייכלעך, וועלדער און קברים, פֿול־מאַכנדיק דעם פּוסטן סטעפּ־חלל מיט אַ רעש און געפּילדער.

און פֿון טשעכרין, פֿון צפֿונדיקן עק פֿון וויסטעניש, האָט אַקעגנגעשטראָמט דער דאָזיקער כוואַליע אַ צווייטע כוואַליע פֿון קרוין־חייל, אונטער דער פֿירונג פֿון יונגען פּאָטאָצקי. דאָ זענען די זאַפּאָראָזשער און טאָטערס געגאַנגען ווי אויף אַ חתונה, מיט אַ פֿריילעכן ליד אין מויל; דאָרט האָבן די ערנסטע הו־

זאַרן מאַרשירט אין אַ טריבן שטילשווייגן, גייענדיק אומגערן צום דאָזיקן קאַמף, וואָס וועט זיי נישט פֿאַרשאַפֿן קיין רום. דאָ האָט אונטער דער רויטער פֿאָן אַ אַלטער, אויסגעפּרוּווטער פֿירער, דראָענדיק, געשאָקלט מיטן שטאַב, גלייך ווי ער וואָלט זיכער געווען אין נצחון און נקמה; דאָרט האָט אין דער שפּיץ געריטן אַ יונגערמאַן, פֿאַרזונקען אין געדאַנקען, גלייך ווי ער וואָלט געטראַכט וועגן די טרויעריקע אָנרוקנדיקע געשעענישן.

עס האָט זיי נאָך פֿונאַנדערגעטיילט דער גרויסער שטח פֿון סטעפּ.

כמיעלניצקי האָט זיך נישט געאײַלט. ער האָט אויסגערעכנט, אַז וואָס טיפֿער דער יונגער פּאָטאָצקי וועט פֿאַרקריכן אין מדבר, אַלץ ווייטער וועט ער זיך אָפּרוקן פֿון די ביידע העטמאַנס, אַלץ לייכטער וועט זיין אים בייצוקומען. און דערווייל האָבן בייע זנ זלאָפּענע פֿון טשעכרין, פּאָוואָלאָטש און אַלע אוקראַינישע ברעג-שטעט, פֿאַרגרעסערט יעדן טאָג די זאַפּאָראָזשער כחות, מיטברענגענדיק צו דער זעלבער צייט ידיעות פֿון קעגנערישן לאַגער. כמיעלניצקי האָט זיך פֿון זיי זערוווּסט, אַז דער אַלטער העטמאַן האָט אַרויסגעשיקט מיט דער יבשה דעם וון נאָר מיט צוויי טויזנט רייטער *), און זעקס טויזנט זעלנער און טויזנט דייטשע פֿוס-גייער האָט ער אַרויסגעשיקט מיט שיפֿן דורכן דניעפּר. די דאָזיקע ביידע מחנות האָבן באַקומען דעם באַפֿעל צו האָבן צווישן זיך אַ שטענדיקע פֿאַרבינדונג, אָבער דער באַפֿעל איז שוין דעם ערשטן טאָג געבראָכן געוואָרן, ווייל די שיפֿן, וועלכע זענען מיטגעריסן געוואָרן מיטן שנעלן דניעפּר-שטראָם, האָבן זיך דערווייטערט פֿון די הוזאַרן, וועלכע זענען נעגאַנגען ביים ברעג און וואָס זייער מאַרש האָט זיך זייער פֿאַרשלעפּט צוליב דעם, וואָס זיי האָבן געמוזט אַריבערגיין דורך אַלע טייכלעך, וואָס פֿאַלן אַריין אין דניעפּר.

ווילנדיק, אַז דער דאָזיקער אונטערשייד זאָל זיך נאָכמער פֿאַרגרעסערן, האָט כמעלניצקי זיך דערווייל נישט געאײַלט.

---

*) די רוטענישע קהאלן, כּאַמאַיל וועליטשקאַ, למשל, געבן אָן די צאָל פֿון קרוין-מיליטער אויף 22000. די דאָזיקע ציפֿער איז אָבער אַ פֿאַלשע.

אויפן דריטן טאָג פון מאַרש האָט ער זיך פאַנאַנדערגעלייגט מיטן לאַגער ביים קאָמיש-טייך אויף אָפּרו.

דערווייל האָבן טוהאַי-בעיס חיילות געבראַכט אויסזאָגער. דאָס זענען געווען צוויי דראַגונער, וועלכע זענען באַלד הינטער טשעברין אַנטלאָפן פון פּאָטאָצקיס מחנה. לויפנדיק אָן אָפּשטעל אַ טאָג און אַ נאַכט, האָבן זיי באַוויזן זיך שטאַרק צו דערוויי-טערן פון זייער לאַגער. מ׳האָט זיי תּיכּף געשטעלט פאַר כמיעלניצקין.

זייערע דערציילונגען האָבן באַשטעטיקט דאָס, וואָס כמיעל-ניצקי האָט שוין געוווּסט וועגן די כּוחות פון יונגען סטעפאַן פּאָטאָצקי; דאַגעגן האָבן זיי געבראַכט אַ נייע ידיעה, אַז די אָנפירער פון די חיילות, וואָס שווימען צוזאַמען מיט די דייטשע פוס-גייער אויף די שיפן, זענען געווען דער אַלטער באַראַבאַש און קשעטשאָווסקי.

דערהערנדיק דעם לעצטן נאָמען, איז כמיעלניצקי אויפגעש-שפרונגען פון אָרט.

— קשעטשאָווסקי? דער פּאָלקאָווניק פון די פּערעמיאַס-לאָווער רעגיסטרירטע קאָזאַקן?

— ער אַליין, הויך-וואויל-געבוירענער העטמאַן, האָבן געענטפערט די דראַגונער.

כמיעלניצקי האָט זיך געווענדעט צו די פּאָלקאָווניקעס, וואָס האָבן אים אַרומגערינגלט:

— צום מאַרש! — האָט ער אַ קאָמאַנדע געגעבן מיט אַ דונערדיקער שטים.

מיט נישט קיין גאַנצע שעה שפּעטער האָט זיך די מחנה גערירט פון אָרט, הגם די זון איז שוין פאַרגאַנגען און די נאַכט האָט נישט אויסגעזען צו זיין אַ לויטערע. עפּעס שרעק-לעכע, רויטלעכע כמאַרעס, וואָס זענען ענלעך געווען אויף שלאַנגען, אויף לויתנס האָבן זיך פאַנאַנדערגעשפּרייט אויף דעם מערב-זייט פון הימל און זיך דערנענטערט איינע צו דער צוויי-טער, גלייך ווי זיי וואָלטן זיך געגרייט צו אַ קאַמף.

די מחנה האָט מאַרשירט לינקס, צום ברעג פון דניעפּר,

זיי זענען איצט געגאַנגען שטיל, אָן געזאַנג, אָן פֿויקערײַ אין די קעסלען, אין די פּייקלעך, און גיך, אויב עס האָט זיי נאָר ניט געשטערט דאָס גראָז, וואָס איז אַזוי געדיכט און הויך אין דער געגנט, אַז די פֿאָלקן, וואָס זענען אין אים געזונקען, זענען נעלם געוואָרן פֿון אויג, און ס'האָט זיך געדוכטן, אַז די פֿאַרשיידנפֿאַרביקע פֿאָנען שווימען אַליין איבערן סטעפּ. די רייטער האָבן אויסגעטרעטן אַ וועג פֿאַר די פֿורן און פֿוס-גייער, וועלכע האָבן זיך באַוואויגן מיט גרויסער מי און זענען דעריבער געבליבן הינטערשטעליק. ביני-לביני האָט די נאַכט פֿאַרהילט די סטעפּעס. אַ גרויסע רויטע לבֿנה האָט זיך לאַנגזאַם אַרויסגערוקט אויפֿן הימל. זי איז אָבער יעדע ווײַלע פֿאַרשטעלט געוואָרן דורך די כמאַרעס און דעריבער זיך דאָ אָנגעצונדן און דאָ זיך פֿאַרלאָשן, ווי אַ לאָמפּ, וואָס צאַנקט ביים בלאָזנדיקן ווינט.

ס'איז שוין געווען נאָענט צו האַלבער נאַכט, ווען פֿאַר די אויגן פֿון די קאָזאַקן האָבן זיך באַוויזן גרויסע שוואַרצע מאַסן, וואָס האָבן זיך בולט אויסגעשניטן אויפֿן טונקעלען פֿאָן פֿון הימל.

דאָס זענען געווען די מויערן פֿון קודאַק.

די מחנה, וואָס איז געווען פֿאַרהילט אין פֿינסטערניש, האָט זיך דערנענטערט צום שלאָס אַזוי פֿאָרזיכטיק און שטיל, ווי וועלף אָדער נאַכט-פֿייגל. און אפֿשר וועט מען קאָנען אומגעריכטערהייט איינעמען די אין שלאָף פֿאַרזונקענע פֿעסטונג?

אָבער מיט אַמאָל האָט אַ בליץ אויף די מויערן דורכגעשניטן די פֿינסטערניש, אַ שרעקלעכע קאַנאָנערײַ האָט אויפֿגעטרייסלט די פֿעלזן פֿון דניעפּר און אַ פֿײַערדיקע קויל, וועלכע האָט געצייכנט אַ הילן בויגן אויפֿן הימל, איז אַראָפּגעפֿאַלן אין די גראָזן פֿון סטעפּ.

דער טריבער ציקלאַפּ גראָדזשיצקי האָט געגעבן אַ סימן, אַז ער שטייט אויף דער וואַך.

— דער איינאויגיקער הונט! — האָט כמיעלניצקי אַ ברום געטאָן צו טוהאַי-בעין — ער זעט ביינאַכט.

די קאָזאַקן האָבן געמיטן דעם שלאָס, ווייל איצט, ווען קעגן זיי אַליין האָט מאַרשירט דאָס קרוין-מיליטער, האָבן זיי נישט געקאָנט טראַכטן וועגן איינעמען די ריזיקע פעסטונג, און זיי האָבן מאַרשירט ווייטער. אָבער הער גראָדזשיצקי האָט אויף זיי נאָכגעשאָסן פון די האַרמאַטן, אַז די שלאָס-מויערן האָבן זיך אַזש געטרייסלט, נישט אַזוי פיל כדי זיי שאָדן צו ברענגען, ווייל זיי זענען דורכגעגאַנגען אויף אַ ווייטן מהלך, ווי כדי מתרה צו זיין די חיילות, וואָס קומען אָן מיטן דניעפּר און וועלכע האָבן געקאָנט שוין זיין נישט ווייט פון דאַנען.

אָבער קודם כל האָט די הילכיקע שיסעריי פון די קודאַקער האַרמאַטן דערגרייכט צום האַרץ און צו די אויערן פון הער סקשעטוסקי. דער יונגער ריטער, וועלכן מ'האָט אויף כמיעלניצקיס באַפעל מיטגעפירט מיטן קאָזאַקישן לאַגער, איז דעם צווייטן טאָג מסוכנדיק קראַנק געוואָרן. בעת דעם קאַמף אין כאַרטיצא האָט ער, אמת, נישט באַקומען קיין שטערבלעכע ווונד, אָבער ער האָט אָנגעווירן אַזוי פיל בלוט, אַז ער האָט נאָך קוים געזשיפּיעט. זיינע ווונדן, וועלכע זענען אויפן קאָזאַקישן שטייגער פאַרבאַנדאַזשירט געוואָרן דורכן אַלטן קאַנטאַזשעי, האָבן זיך געעפנט, עס האָט אים אָנגעכאַפּט אַ היץ און יענע נאַכט איז ער געלעגן כמעט אָן באַוווּסטזיין אויף דער קאָזאַקישער פור, נישט וויסנדיק, ווו ער איז אויף דער וועלט. עס האָבן אים ערשט אויפגעוועקט די קודאַקער האַרמאַטן. ער האָט געעפנט די אויגן, זיך אויפגעהויבן אויף דער פור און גענומען זיך אַרומקוקן. די קאָזאַקישע מחנה האָט זיך דורכגעשלייכט אין דער פינסטערניש ווי אַ קאַראַהאָד פון רוחות, און דער שלאָס האָט געדונערט און געלויכטן מיט רויטלעכע רויך-וואָלקנס; פייערדיקע קוילן האָבן געשפּרונגען איבערן סטעפּ, סאַפּנדיק און ברומענדיק, ווי צורייצטע הינט. אויף דעם דאָזיקן אָנבליק האָט אַזאַ צער, אַזאַ בענקעניש אַרומגענומען דעם הער סקשעטוסקי, אַז ער איז געווען גרייט אַפילו באַלד צו שטאַרבן, אַבי כאָטש זיין נשמה זאָל אַוועקפליען צו זייניקע. מלחמה! מלחמה! און ער געפינט זיך גאָר אין לאַגער פון שונא, אַ אומבאַהאָלפענער,

אַ קראַנקער, און קען זיך נישט אויפהויבן אויף דער פור. די רעפובליק איז אין סכנה און ער לויפט נישט זי מציל זיין! און דאָרט, אין לובני, גרייטן זיך די חיילות מסתמא שוין צום מאַרש. דער פירשט לויפט מיט בליצן אין די אויגן פאַר די רייען, און דאָרט, ווו ער גיט אַ בויג מיטן שטאַב, דאָרט שלאָגן באַלד דריי הונדערט שפיזן, ווי דריי הונדערט דונערס. דאָ האָבן פאַרשיידענע באַקאַנטע פנימער זיך געשטעלט פאַרן נאַמיעסטניק. דער קליינער וואָלאָדיאָווסקי לויפט אין דער שפיץ פון די דראַגונער מיט זיין דין שווערדל אין דער האַנט, אָבער דאָס איז אַ פעכטמייסטער, וואָס האָט זיין גלייכן נישט, און דער, איבער וועלכן ער גיט אַ פאָכע מיט אים, מעג זיך שוין געזעגנען מיטן לעבן; דאָרט ווידער הויבט־אויף הער פּאָדביפּיענטאַ זיין תּליִנים־שווערד! וועט ער אָפּהאַקן דריי קעפּ, אָדער ער וועט נישט אָפּהאַקן? קסיאָנדז יאַסקולסקי דרייט זיך אַרום די פאָנען און איז מתפּלל מיט די הענט אין דער הויך, אָבער אַזוי ווי דאָס איז אַ אַלטער סאָלדאַט, קאָן ער זיך נישט איינהאַלטן און פון צייט צו צייט שרייט ער אויס: שלאָג! הרגע! און אָט נעמען שוין אויף זיך די פאַנצער־זעלנער דאָס כלי־זיין, די פאָלקן רירן זיך פון אָרט, זיי איילן, יאָגן זיך, אַ שלאַכט, אַ שטורם!

מיט אַמאָל ענדערט זיך דאָס בילד. פאַרן נאַמיעסטניק שטייט העלענאַ, אַ בלאַסע, מיט צולאָזטע האָר, און רופט: „העלף, ווייל באָהון יאָגט מיך!" הער סקשעטוסקי שפּרינגט אויף פון וואָגן, אָבער עפּעס אַ שטים, דאָס מאָל שוין אַווירקלעכע, זאָגט צו אים:

— ליג, קינד, אַ נישט וועל איך דיך בינדן.

דער עסאַול זאַכאַר, וועלכן כמיעלניצקי האָט געהייסן היטן דעם נאַמיעסטניק ווי דאָס אויג אין קאָפּ, לעגט אים צוריק אויפן וואָגן, באַדעקט אים מיט אַ פערדישער פעל און פרעגט נאָך:

— וואָס איז דיר?

דאָ איז הער סקשעטוסקי אינגאַנצן געקומען צו זיך. די

דמיונות ווערן צערונען. די פורן לויפן דורכן ברעג פון דניעפר. א קילווינטל בלאָזט פון טייך און די נאַכט ווערט בלייך. די וואַסער־פייגל הויבן אָן צו פאַרציען זייער פרימאָרגן־געזאַנג.

— הער, זאַכאַר! דאָס האָבן מיר שוין געמיטן קודאַק? — פרעגט הער סקשעטוסקי.

— געמיטן! — ענטפערט דער זאַפּאָראָזשער.

— און וווהין פאָרט איר?

— כ׳ווייס ניט. ס׳וועט אַפּנים זיין אַ מלחמה, אָבער כ׳ווייס ניט.

ביי די דאָזיקע ווערטער האָט פריילעך אַ קלאַפּ געטון דאָס האַרץ אין הער סקשעטוסקיס ברוסט. ער האָט געמיינט, אַז כמיעלניצקי וועט באַלאַגערן קודאַק און אַז דערפון וועט ער אָנהויבן די מלחמה. דערווייל האָט מען פון דעם איילעניש, מיט וועלכן די קאָזאַקן האָבן מאַרשירט, געקאָנט דרינגען, אַז די קרוין־חיילות זענען שוין נאָענט, און אַז כמיעלניצקי האָט אויסגעמיטן קודאַק טאַקע דערפאַר, כדי ער זאָל נישט זיין געצוווּנגען צו אַ שלאַכט אונטער אירע האַרמאַטן. „נאָך היינט אפשר וועל איך פריי זיין", האָט דער נאַמיעסטניק געטראַכט און געהויבן מיט דאַנק די אויגן צום הימל.

## 14 קאפּיטל.

דאָס קנאַלן פון די קודאַקער האַרמאַטן האָבן אויך גע־הערט די חיילות, וואָס זענען געפאָרן מיט די שיפן אונטער דער פירונג פון אַלטן באַראַבאַש און קשעטשאָווסקי.

זיי זענען באַשטאַנען פון זעקס טויזנט רעגיסטרירטע קאָ־זאַקן און איין רעגימענט פון אויסגעצייכנטער דייטשער פּיע־כאָטע מיטן פּאָלקאָווניק האַנס פליק בראש.

הער מיקאָלאַי פּאָטאָצקי האָט לאַנג זיך מיישב געווען, איידער ער האָט אַרויסגעשיקט די קאָזאַקן קעגן כמיעלניצקין, צוליב דעם אָבער, וואָס קשעטשאָווסקי האָט אויף זיי געהאַט אַ גרויסע השפּעה, און צו קשעטשאָווסקין האָט דער העטמאַן געהאַט אַ אומבאַגרענעצטן צוטרוי, האָט ער די קאָזאַקן נאָר גע־הייסן אָפּגעבן די שבועה פון טרייהייט — און ער האָט זיי אַרויסגעשיקט אין גאָטס־נאָמען.

קשעטשאָווסקי, אַ זעלנער אַ בעל־נסיון, וואָס האָט זיך קונה־שם געווען אין די פריערדיקע מלחמות, האָט גענאָסן די חסדים פון די פּאָטאָצקיס, וועלכע ער האָט אַלץ געהאַט צו פאַר־דאַנקן: זיי האָבן אים געמאַכט פאַר אַ פּאָלקאָווניק און פאַר אַ שליאַכטיץ, ווייל זיי האָבן דאָס פאַר אים אויסגעפּועלט אין סיים, און אַחוץ דעם האָבן זיי אים אָפּגעגעבן אויף זיין גאַנץ לעבן גרויסע נחלות, וואָס זענען געלעגן אויפן אָרט, וואו דער דניעפּר און לאַדאַוואַ טרעפן זיך צוזאַמען.

און ווייל ער איז מיט אַזוי פיל קניפּן געווען צוגעבונדן צו דער רעפּובליק און צו די פּאָטאצקיס, האָט קיין שאָטן פון השד נישט געקאָנט אַנטשטיין ביים העטמאַן. דערצו נאָך איז דאָס געווען אַ מענטש אין בעסטן עלטער, ווייל ער איז נאָך קיין גאַנצע פופציק יאָר נישט אַלט געווען — און אַ גרויסע

צוקונפט האָט זיך פאַר אים געעפנט פון זיין דינסט פאַרן לאַנד. געוועזן אַזעלכע, וואָס האָבן אים געוואָלט זען אַ ממלא-מקום פון סטעפאַן כמיעלעצקין, וועלכער האָט אָנגעהויבן זיין קאַריערע פון אַ פשוטן סטעפּיטער און איז עולה-לגדולה געוואָרן צו דער מדרגה פון קיעווער וואָיעוואָדא און סענאַטאָר פון דער רעפובליק. סקשעטשאָווסקי האָט געזאָגט די ברירה צו גיין אויף דעם זעלבן וועג, אויף וועלכן ס'האָט אים געשטויסן זיין גבורה, ווילדע ענערגיע און אַמביציע, וואָס האָט נישט געהאַט קיין שיעור און האָט געלעכצט נאָך עשירות, פונקט אַזוי גוט ווי נאָך כבוד, די דאָזיקע אַמביציע האָט אים ערשט נישט לאַנג געטריבן, זיך משתדל צו זיין וועגן דער ליטווישער סטאַראָסטווא, און ווען עס האָט זי באַקומען הער קאָרבוט, האָט קשעטשאָווסקי טיף אין האַרץ באַגראָבן זיין אָפגעגנאַרטע האָפנונג, אָבער ער איז שיער נישט קראַנק געוואָרן פון קנאה און עגמת-נפש. איצט האָט זיך אים אויסגעדוכטן, אַז די הצלחה הויבט אים אָן צוצושפילן, ווייל באַקומענדיק פון גרויס-העטמאַן אַזאַ וויכטיקע מיליטערישע שליחות, האָט ער דרייסט געקאָנט רעכנען, אַז זיין רום וועט דערגרייכן צו די אויערן פון קעניג. און דאָס איז געווען זייער וויכטיק, וואָרום שפּעטער איז גענוג געווען זיך צו בויגן פאַרן האַר, כדי צו באַקומען אַ פריוולעגיע צוזאַמען מיט די ווערטער, וואָס קלינגען אַזוי זיס אין די אויערן פון יעדן שלאַכטשיץ: „ער האָט זיך פאַר אונז געניגט און געבעטן אים צו באַשענקען, און מיר, געדענקענדיק זיינע פאַרדינסטן, געבן" א. א. וו. אויף אַזאַ אופן האָט מען זיך אין רוס דערשלאָגן צו עשירות און כבוד; אויף אַזאַ אופן זענען געוואַלדיקע שטחים פון די פוסטע סטעפּעס, וועלכע האָבן פריער געהערט צו גאָט און צו דער רעפובליק, אַריבערגעגאַנגען אין פריוואַטן רשות; אויף אַזאַ אופן איז אַ קבצן מגולגל געוואָרן אין אַ פריץ און געקאָנט זיך אַרומטראָגן מיט דער האָפנונג, אַז זיינע קינדער וועלן זיצן צווישן סענאַטאָרן.

קשעטשאָווסקין האָט נאָר פאַרדראָסן דאָס, וואָס אין דער שליחות, וואָס איז אים אָנפאַרטרויט געוואָרן, האָט ער געהאַט

בעראַכאַשן פֿאַר אַ שותּף צו דער מאַכט, אָבער די דאָזיקע שותּפֿות איז נאָר געווען אַ לפֿנים־דיקע. אין דער אמתן איז דער אַלטער טשערקאַסער פּאָלקאָווניק, באַזונדערס אין דער לעצטער צייט, געווען אַזוי פֿאַרעלטערט און פֿאַרמאַטערט, אַז בלויז מיט זיין גוף האָט ער נאָך געהערט צו דער ערד, אָבער זיין נשמה און גייסט זענען געווען פֿאַרזונקען אין אַ שטענדיקער פֿאַרשטאַרטקייט און פֿאַרגליווערטקייט, וואָס זענען געוויינטלעך דער אָנזאָג פֿון אמתן טויט. אין אָנהויב פֿון מאַרש האָט ער זיך אויפֿגעכאַפּט און גענומען אַרבעטן מעשים, גלייך ווי אויפֿן אָפּקלאַנג פֿון מלחמה־טומל האָט דאָס בלוט אָנגעהויבן אין אים שטאַרקער צו פֿליסן, ווארום אין זיין צייט איז דאָס געזוען אַ באַרימטער ריטער און סטעפּ־פירער; אָבער באַלד נאָכן אַרויסמאַרשירן, האָט אים איינגעוויגט דאָס גערויש פֿון די רעדערס, ס׳האָט אים איינגעשלעפֿערט דאָס געזאַנג פֿון די קאָזאַקן און די מילדע באַוועגונג פֿון די שיפֿן און ער האָט פֿאַרגעסן אין גאָטס וועלט. קשעטשאָווסקי האָט מיט אַלץ אָנגעפֿירט אויבראַבאַש האָט זיך געוועקט נאָר צום עסן; אַז ער האָט זיך שוין געהאַט אָנגעגעסן, האָט ער פֿון רגילות־וועגן געפֿרעגט דאָס און יענץ — מ׳האָט אים אָפּגעפּטרט מיט אַבי אַ תּשובֿה, און צום סוף האָט ער אָפּגעזיפֿצט און געזאָגט: אָך, כ׳וואָלט שוין בעסער געוואָלט זיך לעגן אין קבֿר אַריין מיט אַ אַנדערע מלחמה, אָבער אַזוי איז גאָטס רצון!״

דערווייל איז די פֿאַרבינדונג מיטן קרוין מיליטער, ווי האָט מאַרשירט אונטער סטעפֿאַן פּאָטאָצקיס פֿירונג, מיט אַמאָל איבערגעריסן געוואָרן. קשעטשאָווסקי האָט געהאַט טענות, אַז די הוזאַרן און דראַגונער גייען צו פּאַמעלעך, אַז זיי מאַכן צו לאַנגע שהיות ביים אַריבערגיין די טייכלעך, אַז דעם העטמאַנס יונגער זון האָט נישט קיין מיליטערישע געניטקייט, און פֿונדעסטוועגן האָט ער געהייסן פֿאָרן שנעל פֿאָרויס.

די שיפֿן זענען דעריבער געשווומען מיטן דניעפּער־לויף אין די ריכטונג פֿון קודאַק, דערווייטערנדיק זיך וואָס אַמאָל מער פֿון קרוין־מיליטער.

צום סוף האָט מען אין אַ געוויסער נאַכט דערהערט אַ שיסעריי פון האַרמאַטן.

באַראַבאַש איז געשלאָפן און האָט זיך ניט אויפגעוועקט— אָבער פליק, וועלכער איז געפאָרן אין איינער פון די פאָדערשטע שיפן, האָט זיך אַריינגעזעצט אין אַ קליין שיפל און איז צוגעפאָרן צו קשעטשאָווסקין.

— הער פּאָלקאָווניק — האָט ער געזאָגט — דאָס שיסן די קוזאַקער האַרמאַטן!—וואָס זאָל איך טון?

— פאַרהאַלט די שיפן. מיר וועלן איבער נאַכט בלייבן אין די געוויקסן.

— כמיעלניצקי באַלאַגערט אַפנים דעם שלאָס. לויט מיין מיינונג, וואָלט מען געדאַרפט אים אונטערקומען פון הינטן.

— איך פרעג ביי אייך קיין דעה נישט, נאָר איך גיב אַ באַפעל. איך בין קאָמענדאַנט.

— הער פּאָלקאָווניק!...

— שטיין און וואַרטן!—האָט קשעטשאָווסקי געזאָגט.

זעענדיק אָבער, אַז דער ענערגישער דייטש צופּט זיין געלע באָרד און קלערט גאָרנישט אָפּצוטרעטן ביז ער וועט ניט פאַרשטיין דעם שכל פון באַפעל, האָט ער מילדער צוגעגעבן:

— דער קאַשטעלאַן קאָן ביז מאָרגן אין דער פרי אָנקומען מיט די רייטער, און די פעסטונג וועלן זיי אין איין נאַכט נישט בעמען.

— און אויב ער וועט נישט אָנקומען?

— וועלן מיר וואַרטן אַפילו צוויי טעג. איר קענט נישט קוזאַקן! זיי וועלן זיך צוברעכן די ציין ביי זיינע מויערן, און איך וועל אָן קאַשטעלאַן נישט אונטערקומען מיט הילף, ווייל איך האָב דערצו קיין רעכט נישט. דאָס איז זיין זאַך.

פליק האָט איינגעזען, אַז קשעטשאָווסקי רעדט ווי אַ בערדעת, ער האָט דעריבער לענגער נישט געטענהט און זיך צוריקגעגאַנגען צו זיינע דייטשן. באַלד האָבן די שיפן זיך גענומען דערנענטערן צום רעכטן ברעג און אַריינרוקן זיך צווישן די ים-רוירן, וועלכע האָבן אין דעם אָרט ברייט באַדעקט דעם

פּאַנאַנדערגעגאָסענעם טייך. ענדלעך האָט דאָס פּאַטשן פֿון די רודערס אויפֿגעהערט, די שיפֿן האָבן זיך אינגאַנצן באַהאַלטן אין די געוויקסן, און עס האָט אויסגעזען, אַז דער טייך איז אינגאַנצן פּוסט. קשעטשאָווסקי האָט פֿאַרווערט אָנצוצינדן פֿייער, צו זינגען און צו שמועסן. די גאַנצע געגנט איז איינגעהילט געוואָרן אין אַ שטילקייט, וועלכע איז איבערגעריסן געוואָרן נאָר דורכן ווייטן ווידערקול פֿון די קודאַקער האַרמאַטן.

אָבער אויף די שיפֿן האָט אַ הויך באַראַבאַשן קיינער נישט צוגעמאַכט קיין אויג. פֿליק, אַ ריטערלעכער מענטש, וואָס איז געווען להוט נאָך מלחמות, וואָלט אויף פֿליגל געוואָלט צופֿליען צו קודאַק. די קאָזאַקן האָבן זיך געפֿרעגט אין דער שטיל, וואָס עס קאָן ווערן מיט דער פֿעסטונג? וועט זי אויסהאַלטן, אָדער נישט אויסהאַלטן? און דערווייל איז די שיסערײַ געוואָרן וואָס אַמאָל שטאַרקער. אַלע זענען געווען איבערצייגט, אַז דער שלאַכט שטויסט צוריק דעם געוואַלדיקן שטורם. „כמיעל מאַכט נישט קיין קאַטאָוועס, אָבער אויך גראָדזשיצקי מאַכט ניט קיין קאַטאָוועס!" האָבן די קאָזאַקן געשעפּטשעט. און וואָס וועט מאָרגן זײַן?

די זעלבע פֿראַגע האָט זיך מסתמא אויך געשטעלט קשעטאָווסקי, וועלכער האָט זיך געזעצט אין דער שפּיץ פֿון זײַן שיף און זיך טיף פֿאַרטראַכט. כמיעלניצקין האָט ער גוט און פֿון לאַנג אָן געקענט, ער האָט אים שטענדיק געהאַלטן פֿאַר אַ מענטש מיט אויסערגעוויינלעכער פֿעיִקייטן, וועלכן ס'האָט געפֿעלט אַ ברייט פֿעלד, כּדי ער זאָל קאָנען ווי אַ אָדלער הויך אַרויספֿליִען, אָבער איצט האָט קשעטשאָווסקי אויפֿגעהערט צו גלויבן אין אים. די האַרמאַטן האָבן כּסדר געדונערט. הייסט עס, אַז כמיעלניצקי האָט טאַקע אויף אַן אמת באַלאַגערט קודאַק?

— אויב אַזוי — האָט קשעטשאָווסקי געטראַכט — איז ער אַ פֿאַרפֿאַלענער מענטש!

היתּכן? ער האָט מעורר געווען זאַפּאָראָזשע צו אַ מרידה, זיך באַוואָרענט מיטן כאַנס הילף, אָנגעזאַמעלט כּוחות, וואָס אַזעלכע האָט נאָך קיינער פֿון די קאָזאַקן־פֿירער ביז איצט ניט

געהאַט אין זיין רשות, און אָנשטאָט זיך צו איילן קיין אוקראַינאַ, אָנשטאָט מעורר צו זיין דעם המון, ציצוציען ד שטעטישע קאָזאַקן, וואָס גיכער אַ תּל צו מאַכן פון די העטמאַנס און צו באַוועלטיקן דאָס גאַנצע לאַנד, נאָך איידער עס וועלן אָנקומען נייע חיילות עס צו שיצן, נעמט ער גאָר, כמיעלניצקי, ער, דער אַלטער זעלנער, און שטורמט אַ פעסטונג, וואָס לאָזט זיך נישט בייקומען און קאָן אים אויפהאַלטן אַ גאַנץ יאָר? און ער וועט צולאָזן, אַז זיינע בעסטע כּוחות זאָלן אַזוי צוקלאַפּט ווערן אָן די מויערן פון קודאַק, ווי אַ דניעפּר-כוואַלקע צוקלאַפּט-זיך אָן די פעלזן-שוועלן? און ער וועט וואַרטן ביי קודאַק, ביז די העטמאַנס וועלן זיך פאַרשטאַרקן און אים אַרומרינגלען, ווי נאַלעוואַיקאָן ביי סאָלאַניצאַ?..

— ער איז אַ פאַרלוירענער מענטש! — האָט הער קשעטשאָווסקי נאָכאַמאָל איבערגעחזרט. — זיינע אייגענע קאָזאַקן וועלן אים אַרויסגעבן. דער נישט איינגעגעבענער שטורם וועט אַרויסרופן אַ אונצופרידנהייט און אַ מהומה. דער פונק פון דער מרידה וועט פאַרלאָשן ווערן נאָך איידער ער וועט זיך צופלאַקערן, — און כמיעלניצקי וועט נישט זיין שרעקלעכער פון אַ שווערד, וואָס האָט זיך אָפּגעבראָכן ביים הענטל.

ער איז חסר-דעה!

— און אויב אַזוי? — האָט הער קשעטשאָווסקי געטראַכט — אויב אַזוי, וועל איך מאָרגן אַרויסזעצן אויפן ברעג מיינע קאָזאַקן און דייטשן, און ביינאַכט וועל איך פּלוצלונג אָנפאַלן אויף דעם אויסגעמאַטערטן כמיעלניצקי. די זאַפּאָראָזשער וועל איך אויסקוילן, נישט איבערלאָזנדיק פון זיי קיין שריד-ופליט, און כמיעלניצקין וועל איך אַ געבונדענעם וואַרפן צו די פיס פון העטמאַן. ער איז זיך אַליין שולדיק, ווייל עס האָט געקאָנט אַנדערש זיך אויסלאָזן.

דאָ האָט הער קשעטשאָווסקיס פאַנטאַזיע זיך צושפּילט אין אים ווי אויף אָדלער-פליגל אַוועקגעטראָגן גאַנץ הויך. ער האָט גוט געוואוסט, אַז דער יינגער פּאָטאָצקי וועט בשום אופן נישט באַוויזן אָנצוקומען ביז צו דער מאָרגנדיקער נאַכט, אויב אַזוי

ווער וועט דער הידרע אַראָפּהאַקן דעם קאָפּ? קשעטשאָווסקי! ווער וועט דערשטיקן די מרידה, וועלכע האָט מיט אַ שרעקלע־כער שׂרפֿה געקאָנט אַרומכאַפּן גאַנץ אוקראַינע? קשעטשאָווסקי! דער אַלטער העטמאַן וועט אפשר פֿאַריבל האָבן, וואָס דאָס וועט געשען אָן זיין זונס אָנטייל, אָבער ער וועט זיך שנעל באַרויִקן, און דערווייל וועלן אַלע שטראַלן פֿון רום און קעניג־לעכע חסדים באַשייִנען דעם קאָפּ פֿון זיגער.

ניין! מ׳וועט פֿונדעסטוועגן מוזן טיילן דעם רום מיטן אַלטן באַראַבאַש און מיט גראָדזשיצקין! הער קשעטשאָווסקי האָט זיך דאָס שטאַרק גענומען צום האַרצן, אָבער באַלד האָט ער אויסגעפֿונען אַ נחמה. דעם דאָזיקן אַלטן קלאָץ, באַראַבאַשן, וועט מען דאָך אַ ליאַדע טאָג פֿאַרגראָבן אין דער ערד, און גראָדזשיצקי אַבי ער זאָל קאָנען זיצן אין קודאַק און פֿון צייט צו צייט אָנשרעקן די טאָטעס מיט די האַרמאַטן, וועט ער זיך מער גאָרנישט ווינטשן; עס בלייבט עס בלייבט נאָר איין קשעטשאָווסקי.

אַך, ווען ער זאָל קענען ווערן אוקראַינישער העטמאַן!

די שטערן האָבן געווונקען אויפֿן הימל, און דעם פֿאָל־קאָווניק האָט זיך געדוכטן, אַז דאָס פֿינקלען די איידל־שטיינער אין שטאַב; דער ווינט האָט געראַשט אין די ים־רוירן, און אים האָט זיך געדוכטן, אַז דאָס רוישט דער העטמאַן־פֿאָן.

די קודאַקער האַרמאַטן האָבן כסדר געדונערט.

— כמיעלניצקי ציט אויס דעך האַלז צו דער שחיטה — האָט דער פֿאָלקאָווניק ווייטער געטראַכט — אָבער ער איז זיך אַליין שולדיק! ס׳האָט געקאָנט אַ דערש זיין! ווען ער וואָלט מיט אַמאָל מאַרשירט אויף אוקראַינע!... ס׳האָט געקאָנט אַנדערש זיין! דאָרט קאָכט און זידט אַלץ, דאָרט ליגט פּולווער, וואָס וואַרט נאָר אויף אַ פֿונק. די רעפּובליק איז מעכטיק, אָבער אין אוקראַינע האָט זי נישט קיין כּחות, און דער קעניג איז נישט יונג, ער איז קראַנק!

איין געווונענע שלאַכט וואָלט די זאַפּאָראָזשער פֿאַרשאַפֿט אַזאַ נוצן, וואָס עס איז אים גאָרנישט מעגלעך משער צו זיין...

קשעטשאָווסקי האָט באַהאַלטן דאָס פּנים אין די הענט און איז געזעסן אומבאַוועגלעך, און דערווייל האָבן די שטערן זיך אַראָפּגעלאָזט וואָס אַמאָל נידריקער און זענען לאַנגזאַם נעלם געוואָרן אין סטעפּ. די פּשעפּיורקעס, וואָס זענען געווען באַהאַלטן אין די גראָזן, האָבן גענומען רופן איינע די צווייטע. באַלד האָט געדאַרפט טאָגן.

צום סוף זענען דעם פּאָלקאָווניקס מחשבות פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ פעסטן באַשלוס. מאָרגן וועט ער באַפעלן כמיעלניצקין און פון אים מאַכן אַ תּל־עולם. איבער זיין טויטן גוף וועט ער צוקומען צו עשירות און כבוד, ער וועט ווערן דער שטראָף־אינסטרומענט אין די הענט פון דער רעפּובליק, איר באַשיצער, און אין דער צוקונפט — איינער פון אירע חשובסטע מענער, אַ סענאַטאָר. נאָכן נצחון איבער זאַפּאָראָזשע און די טאָטערס וועט מען אים גאָרנישט אָפּזאָגן.
און פונדעסטוועגן — האָט מען אים נישט געגעבן די ליטינער סטאַראָסטווע.

אַז ער האָט זיך אין דעם דערמאָנט, האָט קשעטשאָווסקי צונויפגעבאַלט די פויסטן. מ'האָט אים נישט געגעבן די סטאַראָסטווע, נישט קוקנדיק אויף די מעכטיקע השפּעה פון זיינע מליץ־יושרס, די פּאָטאָצקיס, נישט קוקנדיק אויף זיינע מלחמה־פאַרדינסטן, נאָר דערפאַר, ווייל ער איז אַ פּנים חדשות, און זיין קעגנער שטאַמט פון פירשטלעכן יחוס. אין דער דאָזיקער רעפּובליק איז נישט גענוג געווען צו ווערן אַ שלאַכטשיץ, מ'האָט נאָך געמוזט וואַרטן, ביז דער דאָזיקער יחוס איז באַדעקט געוואָרן מיט שימל ווי ווייַן, ביז ער איז פאַרזשאַווערט געוואָרן, ווי אייזן.

נאָר איין כמיעלניצקי האָט געקאָנט איינפירן אַ נייע אָרדנונג, צו וועלכער דער קעניג אַליין וואָלט זיך אפילו צוגענייגט — אָבער דער דאָזיקער שלימזל האָט בעסער געוואָלט צוקלאַפּן זיין קאָפּ אָן די קודאַקער פעלזן.

דער פּאָלקאָווניק האָט זיך ביסלעכווייז באַרואיקט. מ'האָט אים איינמאָל אָפּגעזאָגט די סטאַראָסטווע — טאָ וואָס איז

דערפֿון געדרונגען? אדרבא, זיי וועלן זיך נאָך גיכער באַמיִען אים צו באַלויגען, בפֿרט נאָכן נצחון און דערשטיקן די מרידה, נאָכן באַפֿרייען אוקראַינע און די גאַנצע רעפּובליק פֿון דער בירגער־מלחמה, דעמאָלט וועט מען שוין קיין שום זאַך אים נישט אָפּזאָגן, דעמאָלט וועט ער שוין אַפֿילו נישט דאַרפֿן אָנקומען צו די פּאַטאַצקיס...

דער שלעפּעריק־ר קאָפּ האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף די ברוסט — און ער איז אַנטשלאָפֿן געוואָרן, חלומנדיק וועגן אַמטן פֿון סטאַראָסטע, פֿון קאַשטעלאַן, וועגן מתנות פון קעניג און פון סיים...

ווען ער האָט זיך אויפֿגעכאַפּט, האָט שוין געשאַריעט אויף טאָג. אויף די שיפֿן זענען נאָך אַלע געווען פֿאַרזונקען אין שלאָף. אין דערווייטנס האָבן אין דעם בלייכן, צוצויגענעם ליכט געגלאַנצט די דניעפּר־וואַסערן. אַרום און אַרום האָט געהערשט אַ אַבסאָלוטע שטילקייט. די דאָזיקע שטילקייט האָט אים טאַקע אויפֿגעוועקט.

די קוזאַקער האַרמאַטן האָבן אויפֿגעהערט צו דונערן.

— וואָס איז דאָס? — האָט קשעטשאָווסקי געטראַכט — דער ערשטער שטורם איז אָפּגעשטויס, אָדער גאָר קודאַק איז איינגענומען געוואָרן?

אָבער דאָס איז נישט מעגלעך!

ניין! די צושלאָגענע קאָזאַקן ליגן פּשוט ערגיץ ווייט פֿון שלאָס און לעקן די ווונדן, און דער אייגאויגיקער גראָדזשיצקי קוקט אויף זיי פֿון שיס־לאָך און שטעלט אויצסניי אָן די האַרמאַטן.

מאָרגן וועלן זיי איבערחזרן דעם שטורם און ווידער אַמאָל צוברעכן די ציין.

ביני־לביני איז טאָג געוואָרן. קשעטשאָווסקי האָט אויפֿגעוועקט די מענטשן אויף זיין שיף און געשיקט אַ שיפֿל נאָך פֿליקן.

פֿליק איז באַלד אָנגעקומען.

— הער פּאָלקאָווניק! — האָט קשעטשאָווסקי אים גע־

זאָגט — אויב ביזן אָוונט וועט דער קאַשטעלאַן נישט אָנקו־מען, און דער שטורם ווערט בייַנאַכט אויפסניי אונטערגענומען ווערן, וועלן מיר גיין דער פעסטונג צו הילף.

— מייַנע מענטשן זענען גרייט — האָט פליק געענטפערט.

— פאַרטייל צווישן זיי פולווער און קוילן.

— שוין פאַרטיילט.

— בייַנאַכט וועלן מיר זיך אַרויסזעצן אויפן ברעג און מאַרשירן גאַנץ שטיל דורכן סטעפ. מיר וועלן זיי באַפאַלן אומגעריכטערהייט.

— גוט, זייער גוט! וואָלט אָבער נישט בעסער געווען זיך צוצורוקן אַביסל מיט די שיפן? ביז צו דער פעסטונג איז אַ מהלך פון בערך פיר מייל. אַביסל צו ווייט פאַר די פוס־גייער.

— די פוס־גייער וועלן זיך זעצן אויף די פערד פון די קאָזאַקן.

— זייער גוט!

— זאָלן די מענטשן ליגן רואיק צווישן די געוויקסן, נישט אַרויסגיין אויפן ברעג און נישט אָנמאַכן קיין רעש. קיין פייער נישט ברענען, ווייל דער רויך קאָן אונז אויסגעבן. זיי דאַרפן וועגן אונז נישט וויסן.

— דער נעבל איז אַזוי געדיכט, אַז זיי וועלן קיין רויך נישט באַמערקן.

און באמת, דער טייך, דער טייך־פּאַס, וואָס איז געווען באַוואַקסן מיט ים־רוירן און אין וועלכן עס זענען געשטאַנען די שיפן, און די סטעפעס זענען געווען באַדעקט, ווי ווייט דאָס אויג האָט געגרייכט, מיט אַ ווייסן אומדורכדרינגלעכן נעבל. אַזוי אָבער ווי ס׳איז ערשט געווען פאַרטאָגס, האָבן די נעבלען נאָך געקאָנט צערונען ווערן און אויפדעקן די סטעפ־ווייטקייטן.

פליק איז אָפּגעפאָרן. די מענטשן אויף די שיפן האָבן זיך איינציגווייז געוועקט; באַלד האָט מען מיטגעטיילט קשע־טשאָווסקיס באַפעלן, אַז מ׳זאָל זיך רואיק פאַרהאַלטן — מ׳האָט זיך דעריבער געקליבן צום פרימאָרגן־עסן אָן דעם זעלנערישן

טומעל, ווען ס'וואָלט עמיצער פֿאַרבייגעגאַנגען דעם ברעג, אָדער געשווומען אין מיטן טייך, וואָלט אים אפילו נישט איינגעפֿאַלן, אַז אין דעם דעָרנעבנדיקן טייך־פּאַס ליגן באַהאַלטן אַ פּאָר טויזנט מענטשן. די פערד האָט מען געגעבן צו עסן פֿון דער האַנט, כדי זיי זאָלן נישט כראָפּן. די שיפֿן, באַדעקט מיטן נעבל, זענען געלעגן פֿאַרבאָרגן אין אַ וואַלד פֿון ים־רוירן. נאָר דאָ און דאָרט האָט זיך דורכגעשלייכט אַ קליין שיפּל מיט צוויי רודערס, וואָס האָט פֿונאַנדערגעפּירט פּאַרטרוקנט ברויט און באַפֿעלן. ווייטער האָט אומעטום געהערשט אַ טויט־שטילקייט.

מיט אַמאָל האָבן זיך אין די גראָזן, רוירן און אין די דערנער פֿון ברעג, אַרום דעם גאַנצן טייך־פּאַס דערהערט משונהדיקע קולות אין זייער אַ גרויסער צאָל, וועלכע האָבן גערופֿן:

— פּוגו! פּוגו!...

אַ שטילקייט...

— פּוגו! פּוגו!

און ווידער איז געוואָרן שטיל, גלייך ווי יענע שטימען, וואָס האָבן גערופֿן אויף די ברעגעס, האָבן געוואַרט אויף אַ תשובה.

אָבער קיין תשובה איז נישט געווען. די אויסרופֿן האָבן אָפּגעהילכט אַ דריט מאָל, אָבער דאָס מאָל שוין שנעלער, אומגעדולדיקער.

— פּוגו! פּוגו!

דעמאָלט האָט זיך פֿון דער זייט פֿון די שיפֿן דערהערט אין נעבל קשעטאָווסקיס שטים:

— און ווער איז דאָס?

— אַ קאָזאַק פֿון לוג!

ביי די קאָזאַקן, וואָס זענען געווען באַהאַלטן אויף די שיפֿן, האָבן די הערצער גענומען אומרויִק קלאַפּן. יענער סודות־פֿולער רוף איז זיי געווען גוט באַקאַנט. אויף אַזאַ אופֿן האָבן די זאַפּאָראָזשער זיך פֿאַרשטענדיקט אין די ווינטער־דירות, אויף

אַזאַ אופן האָבן זיי אויך בעת די מלחמות פאַרבעטן אויף אַ שמועס די ברידער רעגיסטרירטע און שטעטישע קאָזאַקן, צווישן וועלכע עס האָבן זיך געפונען אַ סך, וואָס האָבן בסוד געהערט צו דער ברידערשאַפט.

קשעטשאָווסקיס קול האָט ווידער אָפגעהילכט:

— וואָס ווילט איר?

— באָגדאַן כמיעלניצקי, דער זאַפּאָראָזשער העטמאַן, איז מודיע, אַז די האַרמאַטן זענען געווענדעט צום טייך=פאַס.

— זאָגט דעם זאַפּאָראָזשער העטמאַן, אַז אונזערע האַרמאַטן זענען געווענדעט צו די ברעגעס.

— פוגו! פוגו!

— וואָס נאָך ווילט איר?

— באָגדאַן כמיעלניצקי, דער זאַפּאָראָזשער העטמאַן, בעט אויף אַ שמועס זיין פריינט, דעם הער פּאָלקאָווניק קשעטשאָווסקי.

— זאָל ער צוערשט געבן ערובניקעס.

— צען פּאָלקאָווניקעס.

— מסכּים!

אין דעם מאָמענט האָבן אויף די ברעגעס פון טייך=פאַס אַרויסגעשפּראָצט, ווי בלומען, זאַפּאָראָזשער, וועלכע זענען אַרויסגעקראָכן פון צווישן די גראָזן, אין וועלכע זיי זענען געלעגן באַהאַלטן. פון דער ווייטנס, פון די סטעפּעס, האָבן זיך דערנעבנטערט זייערע רייטער און האַרמאַטן, עס האָבן זיך באַוויזן צענדליקער און הונדערטער פאָנען, פאָלק=צייכנס און שטעקנס מיט פערדישע עקן. זיי זענען געגאַנגען מיט געזאַנג און פויקעריי אין די קעסל=פויקן. דאָס אַלץ צוזאַמען איז גיכער ענלעך געווען אויף אַ פריידיקע באַגריסונג, איידער אויף אַ צוזאַמענשטויס פון פיינטלעכע מחנות.

די קאָזאַקן פון די שיפן האָבן געענטפערט מיט אויסגעשרייען. דערווייל זענען אָנגעקומען די שיפלעך, וואָס האָבן געפירט די קאָזאַקישע סטאַמאַנעס. קשעטשאָווסקי האָט זיך אַריינגעזעצט אין איינס פון זיי און איז אָפּגעפאָרן צום ברעג. דאָרט

האָט מען אים דערלאַנגט אַ פערד און מ'האָט אים באַלד צוגע־פירט צו כמיעלניצקין.

דערזעענדיק אים, האָט כמיעלניצקי אַראָפּגענומען דאָס היטל און שפּעטער אים הערצלעך באַגריסט.

— הער פּאָלקאָווניק — האָט ער געזאָגט — מיין אַלטער פריינט און חבר! ווען דער הער קרוין־העטמאַן האָט דיך גע־הייסן מיך כאַפּן און צושטעלן אין לאַגער, האָסטו דאָס נישט געוואָלט טון, נאָר דו האָסט מיך מתרה געווען, אַז איך זאָל מיך מציל זיין דורך אַנטלויפן. פאַר דער דאָזיקער טובה בין איך דיר שולדיק אַ דאַנק און ברידערלעכע ליבע.

ביי די דאָזיקע ווערטער האָט ער ליבלעך אויסגעשטרעקט די האַנט, אָבער קשעטשאָווסקיס שוואַרצלעך פּנים איז געבליבן קאַלט ווי אייז.

— און איצט, אַז דו ביזט ניצול געוואָרן, הער העט־מאַן — האָט ער געזאָגט — האָסטו אָרגאַניזירט אַ מרידה.

— דאָס גיי איך מיך אָננעמען פאַר מיינע, פאַר דיינע און פאַר די עולות פון גאַנץ אוקראַינע, מיט די קעניגלעכע פריווילעגיעס אין דער האַנט און מיט דער האָפנונג, אַז אונזער גנעדיקער האַר וועט מיר דאָס נישט נעמען פאַר אומגוט.

קשעטשאָווסקי האָט גענומען שאַרף קוקן כמיעלניצקין אין די אויגן אַריין און ער האָט אים אַ פרעג געטאָן:

— האָסט באַלאַגערט קודאַק?

— איך? בין איך דען פון זינען אַראָפּ? איך האָב ודאַק אויסגעמיטן און אפילו נישט אויסגעשאָסן, הגם דער אַלטער בלינדער האָט מיר נאָכגעשאָסן פון האַרמאַטן. איך האָב מיך געאיילט קיין אוקראַינע, נישט קיין קודאַק, און צו דיר האָב איך מיך געאיילט, צום אַלטן ידיד, בעל־טובה.

— וואָס ווילסטו דען פון מיר?

— פאָר מיט מיר אַביסל אין סטעפּ, וועלן מיר זיך אויסשמועסן.

זיי האָבן אַ צי־געטאָן די פערד און אַוועקגעפאָרן. זיי האָבן זיך געזוימט אַ שעה צייט. צוריקומענדיק איז קשעטשאָוו־

סקיס פנים געווען בלייך און שרעקלעך. באַלד האָט ער זיך גענומען געזעגענען מיט כמיעלניצקין, וועלכער האָט אים אַ זאָג געטון אויפן וועג:

— נאָר מיר צוויי וועלן זיין אין אוקראינע, און איבער אונז נאָר דער קעניג און ווייטער קיינער נישט.

קשעטשאָווסקי איז צוריק אַוועק צו די שיפן. דער אַלטער באַראַבאַש, פליק און די עלטסטע האָבן אויף אים געוואַרט מיט אומגעדולד.

— וואָס איז דאָרט? וואָס איז דאָרט? — האָט מען אים געפרעגט פון אַלע זייטן.

— אַרויסזעצן זיך אויפן ברעג! — האָט קשעטשאָווסקי געענטפערט מיט אַ באַפעלנדיקער שטים.

באַראַבאַש האָט אויסגעגלאָצט די פאַרשלאָפענע אויגן עפעס אַ מאָדנער פלאַם האָט אַ בליץ געטון אין זיינע אויגן.

— ס'טייטש? — האָט ער אַ זאָג געטאָן.

— אַרויסזעצן זיך אויפן ברעג, מיר געבן זיך אונטער!

אַ כוואַליע פון בלוט האָט אַ שלאָג געטאָן אין באַראַבאַשס בלאַסן און פאַרוועלטן פנים אַריין. ער האָט זיך אויפגעשטעלט פון קעסל, אויף וועלכן ער איז געזעסן, האָט זיך אויסגעגליכן און מיט אַמאָל איז דער דאָזיקער איינגעהויקערטער, אין דרייען געבויגענער זקן פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ ריז, פול מיט לעבן און קראַפט.

— אַ בגידה! — האָט ער אויסגעשריגן.

— אַ בגידה! — האָט איבערגעחזרט פליק, כאַפנדיק זיך צו דער שווערד.

אָבער ביז ער האָט זי אויסגעצויגן, האָט הער קשעטשאָווסקי אַ פאָכע געטאָן מיט זיין שווערד און מיט איין באַוועגונג האָט ער אים אַוועקגעלייגט אויף דער בריק פון דער שיף.

שפעטער איז ער אַראָפגעשפרונגען פון דער שיף אין אַ צופאָר־שיפל. וואָס איז געשטאַנען דערנעבן און אין וועלכן עס זענען געזעסן פיר זאפאראזשער מיט רודערס אין די הענט — און ער האָט אַ געשריי געטאָן.

— צווישן די שיפן!

דאָס שיפל איז געפלויגן ווי אַ פייל, און הער קשע־טשאָווסקי, וועלכער איז געשטאַנען אין דערמיט מיטן היטל אויף דער פאַרבלוטיקטער שווערד, מיט פלאַם־פייערדיקע אויגן, האָט געשריגן מיט אַ מעכטיקעק שטים:

— קינדער! מיר וועלן נישט מאָרדן די אייגענע! זאָל לעבן באָגדאַן כמיעלניצקי, דער זאַפאָראָזשער העטמאַן!

— זאָל לעבן! — האָבן איבערגעחזרט הונדערטער און טויזנטער שטימען.

— אַ טויט די ליאַכן!

— אַ טויט!!

אויף די קולות פון די שיפן האָבן אָפגעענטפערט מיט אויסגעשרייען די זאַפאָראָזשער אויף די ברעגעס. אָבער אַ סך מענטשן פון די שיפן, וואָס שטייען ווייטער, האָבן נאָך נישט געוווסט וועגן וואָס עס האַנדלט זיך, ערשט ווען ס'האָט זיך אומעטום צוטראָגן די ידיעה, אַז הער קשעטשאָווסקי גייט איבער צו די זאַפאָראָזשער, האָט אַ ווילדע שמחה באַהערשט די קאָזאַקן. זעקס טויזנט היטלעך זענען געפלויגן אין די הויך, זעקס טויזנט ביקסן האָבן אויסגעשאָסן מיט אַמאָל. די שיפן האָבן זיך געטרייסלט אונטער די פיס פון די קאָזאַקן. ס'איז אַנט־שטאַנען אַ טומעל און אַ צומישעניש. אָבער די דאָזיקע שמחה האָט געמוזט באַגאָסן ווערן מיט בלוט, ווייל דער אַלטער באַ־ראַבאש האָט בעסער געוואָלט אומקומען, איידער צו פאַרלאָזן ווי אַ בוגד די פאָן, אונטער וועלכער ער האָט געדינט זיין גאַנץ לעבן. אַ פּאָר צענדליק טשערקאַסער מענטשן זענען צו־געשטאַנען צו אים און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ קורצע, מורא־דיקע שלאַכט — ווי אַלע שלאַכטן, אין וועלכע אַ הייפל מענטשן, וואָס זוכן נישט קיין רחמים, נאָר דעם טויט, פאַרטיידיקן זיך אַקעגן אַ המון. נישט קשעטשאָווסקי, און נישט וועָר־עס־איז פון די קאָזאַקן האָט זיך געריכט אויף אַזאַ ווידערשטאַנד. אין דעם אַלטן פּאַלקאָווניק האָט אויפגעוואַכט דער אַמאָליקער לייב. אויף די אויפפאָדערונג אַז ער זאָל לעגן דאָס געווער, האָט

ער געענטפֿערט מיט שאָסן — און מ'האָט אים געזען מיטן שטאַב אין דער האַנט, מיט צעלאָזטע ווייסע האָר. אַרויסגעבנדיק באַפֿעלן מיט אַ דונערנדיקער שטים און מיט אַ יוגנטלעכער ענערגיע. זיין שיף איז געווען אַרומגערינגלט פֿון אַלע זייטן. די מענטשן פֿון יענע שיפֿן, וואָס האָבן זיך נישט געקאָנט צושטופּן, זענען אַריינגעשפּרונגען אין וואַסער און שווימענדיק אָדער אַרומבלאָנדזשענדיק צווישן די געוויקסן, האָבן זיי זיך שפּעטער אָנגעכאַפּט פֿאַרן קאַנט פֿון דער שיף און זיך אַריינגעריסן אין איר מיט אַ ווילדער צורייצטקייט. דער ווידערשטאַנד איז געווען אַ קורצער. די קאָזאַקן, וואָס זענען געווען איבערגעגעבן באַראַשן, האָבן, צושטאָכענע, צוהאַקטע אָדער צוריסענע, מיט די הענט באַדעקט מיט זייערע טויטע גופֿים די דעק פֿון דער שיף — און דער אַלטער האָט זיך נאָך פֿאַרטיידיקט מיט דער שווערד אין דער האַנט.

קשעטשאָווסקי האָט זיך דורכגעבראָכן אַ וועג צו אים.

— גיב זיך אונטער! — האָט ער אויסגעשריגן.

— בוגד! אַ טויט דיר! — האָט באַראַבאַש געענטפֿערט און אויפֿגעהויבן די שווערד.

קשעטשאָווסקי האָט זיך שנעל צוריקגעצויגן אין המון.

— שלאָגן! — האָט ער אויסגערופֿן צו די קאָזאַקן.

ס'האָט זיך אָבער געדוכטן, אַז קיינער וויל נישט דער ערשטער אויפֿהייבן די האַנט אויפֿן זקן. צום אומגליק האָט זיך אָבער דער פּאָלקאָווניק, אַ באַגאָסענער מיט בלוט, אַ וואַקל געטון און ער איז אומגעפֿאַלן.

דער ליגנדיקער האָט שוין נישט אַרויסגערופֿן קיין אָפּשיי אָדער שרעק, און באַלד זענען אַ פּאָר צענדליק שאַרפֿן אַריינגעשטעקט געוואָרן אין זיין גוף. דער זקן האָט נאָך באַוויזן בלויז אויסצושרייען: „יעזוס מאַריאַ!”

מ'האָט גענומען האַקן דעם ליגנדיקן זקן און מ'האָט אים צושניטן אויף שטיקער. דעם אָפּגעהאַקטן קאָפּ האָט מען איבערגעוואָרפֿן פֿון איין שיף אין די צווייטע, שפּילנדיק זיך מיט אים, ווי מיט אַ באַלעם, אַזוי לאַנג, ביז ער איז דורך אַ אומ-

געשיקטן וואַרף נישט אַריינגעפאַלן אין וואַסער.

עס זענען נאָך קעבליבן די דייטשן, מיט וועלכע ס״איז געווען אַ שווערערע מערכה, ווייל דער רעגימענט איז באַשטאַנען פון טויזנט אויסגעפּרוווטע זעלנער, וואָס האָבן שוין מיטגעמאַכט אַ סך מלחמות.

דער טיכטיק.ר פליק איז, אמת, געפאַלן פון קשעטשאָווסקיס האַנט, אָבער בראש פון רעגיוועגט האָט זיך געשטעלט יאָהאַן ווערנער, אַ פּאָדפּאָלקאָווניק, אַ וועטעראַן נאָך פון דער דרייסיק־יעריקער מלחמה.

קשעטשאָווסקי איז כמעט זיכער געווען אין נצחון, ווייל די דייטשע שיפן זענען געווען אַרומגערינגלט פון אַלע זייטן מיט קאָזאַקישע שיפן, ער האָט אָבער געוואָלט מזכה זיין כמיעלניצקין מיט דער דאָזיקער מחנה פון אומפערגלייכלעכע און אויסגעצייכנט באַוואָפנטע פוס־גייער, דערפאַר האָט ער בעסער געוואָלט זיך אַריינלאָזן מיט זיי אין אונטערהאַנדלונגען.

אַ געוויסע צייט האָט מען געקאָנט מיינען, אַז ווערנער איז מסכים אויף זיי, ווייל ער האָט רויק גערעדט מיט קשעטשאָווסקין און זיך אויפמערקזאַם צוגעהערט צו אַלע הבטחות, וועלכע דער פאַלשער פּאָלקאָווניק האָט נישט געקאַרגט, די פאַרלעגענע שכירות, וואָס די רעפּובליק איז שולדיק געווען די דייטשן, האָט געזאָלט תיכף אויסגעצאָלט ווערן פאַר דער פאַרלאָפענער צייט און נאָך פאַר אַ יאָר פאָרויס. נאָכן יאָר וואָלטן די דייטשן געקאָנט גיין, ווו זיי ווילן, אַפילו אין קרוין־לאַגער.

ווערנער האָט זיך כלומרשט מיישב געווען, אָבער אין דער שטיל האָט ער דערווייל אַרויסגעגעבן אַ באַפעל צונויפצורופן די שיפן אַזוי, אַז זיי זאָלן בילדן איין געשלאָסענעם עיגול. אַרום דעם דאָזיקן עיגול איז געשטאַנען אַ מויער פון די פוס־גייער, הויך־געוואַקסענע און שטאַרקע מענטשן, אָנגעטון אין געלע מאַנטלען און אין קאַפּעלושן פון דער זעלבער קאָליר, אַלע גרייט צום קאַמף, מיטן לינקן פוס אַרויסגערוקט פאָרנט צום שיסן און מיט די ביקסן ביי דער רעכטער זייט.

ווערנער איז מיט אַ אַנטבלויזטעם שווערד אין די האַנט

געשטאַנען אין דער ערשטער ריי און לאַנג זיך געשלאָגן מיט דער דעה.

צום סוף האָט ער אויפגעהויבן דעם קאָפּ.

— הער הויפּטמאַן! — האָט ער געזאָגט — מיר זענען מסכים.

— איר וועט ניט צולעגן צו דער נייער דינסט — האָט קשעטשאָווסקי אויסגערופן מיט שמחה.

— אָבער מיטן באַדינג...

— כ'בין מסכים פאָראויס.

— אויב אַזוי, איז גוט. אונזער דינסט ביי דער רעפּובּליק ענדיקט זיך אין יוני. פון יוני אָן וועלן מיר גיין צו אייך.

אַ קללה האָט זיך אַרויסגעריסן פון קשעטשאָווסקיס מויל, ער האָט זיך אָבער איינגעהאַלטן.

— איר מאַכט חוזק, הער לייטענאַנט?—האָט ער געפרעגט.

— ניין! — האָט ווערנער קאַלטבלוטיק געענטפערט — אונזער זעלנערישער כבוד הייסט אונז שוינען דעם אָבמאַך. די דינסט ענדיקט זיך אין יוני. מיר דינען פאַר געלד, אָבער מיר זענען ניט קיין בוגדים. אַנדערש וואָלט מען אונז ניט געדונגען, און איר אַליין וואָלט אונז אויך ניט געטרויט, וואָרום ווער וואָלט אייך גוט־געזאָגט, אַז אין דער ערשטער שלאַכט וועלן מיר ניט ווידער אַריבערגיין צו די העטמאַנס?

— אויב אַזוי, וואָס ווילט איר?

— איר זאָלט אונז לאָזן אַוועקגיין.

ס'וועט דערפון גאָרניט זיין, משוגענער מענטש! כ'וועל אייך הייסן אויסקוילן ביז איינעם.

— און ווי פיל וועלן פון אייערע אומקומען?

— קיין שריד־ופליט וועט פון אייך ניט בלייבן.

— פון אייערע מענטשן וועט ניט בלייבן קיין העלפט.

ביידע האָבן געזאָגט דעם אמת, און דערפאַר טאַקע האָט קשעטאָווסקי, הגם די קאַלטבלוטיקייט פון דייטש האָט אין אים אויפגעקאָכט דאָס גאַנצע בלוט און דער פּעס האָט אים גענומען שטיקן, נאָך ניט געוואָלט אָנהויבן די שלאַכט.

— ביז די זון וועט פֿאַרגיין — האָט ער אויסגערופֿן — לעגט זיך נאָך איבער, שפּעטער וועל איך הייסן שיסן!

און ער איז איילִיק אַוועקגעפֿאָרן אויף זיין שיף, כדי זיך אַ עצה־האַלטן מיט כמיעלניצקין.

ס׳איז געקומען אַ מאָמענט פֿון דערוואַרטונג. די קאָזאַקישע שיפֿן האָבן אין אַ ענגערן רינג אַרומגענומען די דייטשן, וועלכע האָבן זיך פֿאַרהאַלטן אַזוי רואיק און קאַלט, ווי עס קאָן זיך פֿאַרהאַלטן אין אַ מאָמענט פֿון סכנה נאָר אַן אַלטער און אויסגעפּרוּווטער זעלנער. אויף די דראָונגען און זלזולים, וואָס האָבן יעדע ווײַלע זיך געלאָזט הערן פֿון די קאָזאַקישע שיפֿן, האָבן זיי געענטפֿערט מיט אַ ביטולדיקן שטילשווייגן. עס האָט אויף אַן אמת אימפּאָנירט דער אָנבליק פֿון דער דאָזיקער רויִקייט צווישן די, וואָס אַמאָל שטאַרקערע אויסברוכן פֿון ווילדער צערײצטקייט מצד די קאָזאַקן, וועלכע האָבן געדראָט מיט זייערע שפּיזן און ביקסן, געקריצט מיט די ציין און געשאָלטן, וואַרטנדיק אומגעדולדיק אויפֿן לאָזונג צום קאַמף.

ביני־לביני האָט די זון זיך אַרופּגערוקט פֿון דרום צו דער מערב־זייט פֿון הימל און לאַנגזאַם אַראָפּגערוימט איר גאָלדענע שיין פֿון טייך־פּאַס, וועלכער איז איינציקווייז געזונקען אין שאָטן.

צום סוף איז ער אינגאַנצן פֿאַרזונקען אין שאָטן.

דעמאָלט האָט זיך דערהערט דאָס שאַלן פֿון אַ טרומייט, און באַלד נאָכדעם האָט זיך קשעטשאָווסקיס קול אָנגערופֿן פֿון דערווייטנס:

— די זון איז פֿאַרגאַנגען! האָט איר זיך שוין מיישב געווען?

— שוין! — האָט ווערנער געענטפֿערט — און ווענדנדיק זיך צו די זעלנער, האָט ער אַ פּאָכע געטון מיט דער אַנטבלויזטער שווערד,

— פֿייער! — האָט ער אַ קאָמאַנדע געגעבן מיט אַ רויִקער, קאַלטבלוטיקער שטים.

ס׳האָט אַ קראַך געטון! אַ געפּאַטשעריי פֿון קערפּערס, וואָס זענען אַרײַנגעפֿאַלן אין וואַסער, ווילדע אויסגעשרייען און

אַ פֿיבערהאַפֿטע שיסערײַ האָבן אָפּגעענטפֿערט אויפֿן הילך פֿון די דײַטשע ביקסן. די האַרמאַטן, וואָס זענען אויסגעשטעלט געוואָרן אויפֿן ברעג, האָבן זיך אָנגערופֿן מיט זייער באַס־שטים און גענומען שפּײַען מיט קוילן אויף די דײַטשע שיפֿן. די רויך־וואָלקנס האָבן אײַנגעהילט פֿאַרהילט דעם טײַך־פּאַס — און נאָר צווישן די געשרייען, דונערס, פֿײַפֿערײַ פֿון די טאָטערישע פֿײַלן, סקריפּערײַ פֿון די ביקסן, האָבן די רעגולערע זאַלפֿן פֿון די דײַטשע ביקסן אָנגעזאָגט, אַז די דײַטשן פֿאַרטיידיקן זיך נאָך אַלץ.

בעתן זון־אונטערגאַנג האָט די שלאַכט נאָך געזידט, אָבער זי איז שוין אַפּנים שוואַכער געוואָרן. כמיעלניצקי איז אין באַגלייטונג פֿון קשעטשאָווסקין, טוהאַי־בעין און אַ סך אַטאַמאַנעס, געקומען צום ברעג זיך צוקוקן צו דער שלאַכט. זײַנע פֿונאַנדערגעבלאָזענע נאָז־לעכער האָבן אַרײַנגעצויגן דעם רויך פֿון פּולווער, און די אויערן האָבן מיט פֿאַרגניגן אַרײַנגעזאַפּט אין זיך די יללות פֿון די דערטרונקענע און דערהרגעטע דײַטשן אַלע דרײַ פֿירער האָבן געקוקט אויף די שחיטה, ווי אויף אַ סצענע, וועלכע איז צו גלײַכער צײַט פֿאַר זיי געווען אַ גוטער סימן.

די שלאַכט האָט אויפֿגעהערט. די שיסערײַ איז אַנטשוויגן געוואָרן, דאַקעגן זענען דערגאַנגען ביזן הימל די וואָס אַמאָל העכערע נצחון־אויסגעשרייען פֿון די קאָזאַקן.

— טוהאַי־בעי! — האָט כמיעלניצקי געזאָגט — דאָס איז דער טאָג פֿון ערשטן נצחון.

— קיין שלל איז נישטאָ! — האָט דער טאָטער אַ ברום געטאָן — כ׳וויל נישט אַזעלכע נצחונות.

— דו וועסט נעמען שלל אין אוקראַינע! גאַנץ סטאַמבול און גאַלאַטאַ וועסטו פֿול־מאַכן מיט דײַנע געפֿאַנגענע!

— כ׳וועל אפֿילו דיך נעמען, אויב ס׳וועט נישט זײַן קיין אַנדערער געפֿאַנגענער!

ביי די דאָזיקע ווערטער האָט דער ווילדער טוהאַי זיך ביז צעלאַכט — און מיט אַ ווײַלע שפּעטער האָט ער צוגעגעבן:

— פֿונדעסטוועגן וואָלט איך גערן גענומען די דאָזיקע „פּראַנקן“.

דערווייל האָט די שלאַכט אינגאַנצן אויפֿגעהערט. טוהאַי־בעי האָט פֿאַרקערעוועט דאָס פֿערד צום לאַגער, און נאָך אים זענען אויך די איבעריקע נאָכגעפֿאָרן.

— נו! איצט צו די געלע וואַסערן! — האָט כמיעלניצקי אויסגערופֿן.

# 15 קאַפּיטל.

ווען דער נאַמיעסטניִק האָט דערהערט די שלאַכט, האָט ער מיט אַ ציִטער געוואַרט אויף איר סוף, מיינענדיִק לכתחילה, אַז כמיעלניצקי שטויסט זיךְ צוזאַמען מיִט אַלע כּוחות פֿון די העטמאַנעס.

אָבער איִן אָוונט האָט דער אַלטער זאַכאַר איִם אַרויסגעפֿיִרט פֿון טעות. די ידיעה וועגן דער בגידה פֿון די קאָזאַקן אונטער קשעטשאָווסקיס פֿיִרונג און וועגן דער פֿאַרטיליִקונג פֿון די דייטשן האָט שרעקלעך אויפֿגעבראַכט דעם יינגען ריִטער, וואָרום ער האָט איִן איר געזען אַ אָנזאָג פֿון קומענדיִקע בגידות, און דער נאַמיעסטניִק האָט גאַנץ גוט געוווסט, אַז אַ גרויסער טייל פֿון די חיילות פֿון די העטמאַנס באַשטייט פֿון קאָזאַקן.

דעם נאַמיעסטניִקס יסורים זענען וואָס אַמאָל גרעסער געוואָרן, און דער טריאומף איִן זאַפּאָראָזשער לאַגער האָט זיי נאָך מער פֿאַרביִטערט. אַלץ האָט זיךְ פֿאָרגעשטעלט ווי אַם ערגסטן, וויַיל פֿיִרשט זענען ניִשט געווען קיין ידיעות — און די העטמאַנס זענען אַפּנים באַגאַנגען אַ שרעקלעכן פֿעלער, ווייל אָנשטאָט זיךְ אַוועקצולאָזן מיִט דער גאַנצער מאַכט קיין קודאַק, אָדער גאָר אָפּוואַרטן דעם שונא אין זייערע באַפֿעסטיִקטע לאַגערס אין אוקראַינע, האָבן זיי צושפּליִטערט די כּוחות, זיךְ געֶרנוויִליק אָפּגעשוואַכט, און געלאָזט אַ אָפֿענע טיִר פֿאַר בגידות און אָפּטריניִקייט.

אין זאַפּאָראָזשער לאַגער האָט מען אמת שוין פֿריִער גערעדט וועגן העך קשעטשאָווסקין און וועגן דער באַזונדערער מחנה וואָס איִז אַרויסגעשיִקט געוואָרן אונטער סטעפּאַן פּאָטאָצקיס פֿיִרונג, אָבער דער נאַמיעסטניִק האָט ניִשט געגלויבט איִן

רִי דאָזיקע ידיעות. ער האָט געמיינט, אַז דאָס זענען שטאַרקע פאָרפּאָסטנס, וועלכע וועלן צו דער רעכטער צייט צוריקגעצויגן ווערן. דערווייל אִיז גאָר עפּעס אַנדערש געשען. כמיעלניצקי אִיז דורך קשעטשאָווסקיס מרידה פאַרשטאַרקט געוואָרן מִיט אַ פּאָר טויזנט מענטשן און דעם יונגן פּאָטאָצקין האָט געדראָט אַ מוראדיקע סכנה. אַ באַרויבטן פון יעדער הילף און אַ פאַרבלאָנדזשעטן אין די מדבריות, האָט אִים כמיעלניצקי אִיצט געקאָנט לייכט אַרומרינגלען און פאַרטיליקן בִּיזן לעצטן.

אין זיינע יסורים פון דִי וווּנדן, אין זיין אומרואיקייט און שלאָפלאָזע נעכט האָט סקשעטוסקי געפונען אַ נחמה נאָר אין דִי געדאַנקען וועגן פירשט. כמיעלניצקיס שטערן מוז דאָך פאַרטונקלט ווערן, ווען דער פירשט וועט זִיך נאָר אַ הויב־טאָן אִין זיין לובני. און ווער קאָן וויסן, צִי ער האָט זִיך שוין נִישט פאַראייניקט מִיט די העטמאַנס? הגם כמיעלניצקיס כּוחות זענען געווען גרויס, הגם זיינע ערשטע מלחמה־שריט האָבן מצליח געווען, הגם טוהאַי־בעי אִיז מִיט אִים געגאַנגען און אין פאַל פון אַ נויט האָט דער קרימער „צאַר" אַליין צוגעזאָגט אִים קומען צו הילף — אִיז סקשעטוסקין אפילו נִישט איינגעפאַלן, אַז דער דאָזיקער שטורם זאָל קאָנען לאַנג אָנהאַלטן. אַז איין קאָזאַק זאָל קאָנען אויפטרייסלען דִי גאַנצע רעפּובליק און צוברעכן איר מוראדיקע קראַפט. ביי דִי אוקראַינישע שוועלן וועט דִי דאָזיקע כוואַליע צוקלאַפּט ווערן — האָט דער נאַמיעסטניק געטראַכט. וואָס פאַר אַ סוף האָבן דאָ געהאַט אַלע קאָזאַקישע מרידות? זיי האָבן זִיך צופלאַקערט, ווי אַ פלאַם, און זִיך פאַרלאָשן נאָכן ערשטן צוזאַמענשטויס מיט די העטמאַנס. אַזוי אִיז געווען בִּיז־אִיצט. ווען פון איין זייט האָט זִיך געשטעלט צום קאַמף דִי נעסט פון דִי טאָל־רויבער, און פון דער אַנדערער זייט דִי מאַכט, וואָס אִירע ברעגעס האָבן באַגאָסן צוויי ים'ן — אִיז לייכט געווען פאָראויסצוזען דעם סוף. דער שטורם קאָן נִישט לאַנג אָנהאַלטן, ער וועט אַריבערגיין — און דער הימל וועט זִיך אויסלייטערן. דער דאָזיקער געדאַנק האָט געקרעפטיקט דעם הער סקשעטוסקין און, מ קאָן זאָגן, ער האָט אִים דער-

האַלטן אויף די פיס, אַ נישט וואָלט ער נישט אויסגעהאַלטן די שווערע משא, וואָס האָט אים צוגעפרעסט און וואָס אַזעלכע האָט ער ביז איצט נאָך קיינמאָל אין זיין לעבן נישט געשלעפּט. דער שטורם, הגם ער וועט אַריבערגיין, וועט ער אָבער פאַר־וויסטן די פעלדער, חרוב מאַכן הייזער און אָנמאַכן געוואַלדיקע היזקות. אָט האָט ער צוליב דעם דאָזיקן שטורם שיער נישט פאַרלוירן זיין לעבן, ער איז געבליבן אָן כּוחות און אַריינגע־פאַלן אין אַ ביטערע געפאַנגענ־אַפּט, און דאָס דוקא דעמאָלט, ווען די פרייהייט איז אים נויטיק געווען, ווי דאָס לעבן אַליין. היינט ווי האָבן געמוזט ליידן פון שטורם די שוואַכערע נפשות, וואָס קאָנען זיך נישט שיצן? וואָס האָט זיך אָפּגעטאָן דאָרט, אין ראזלאגי, מיט העלענאן?

אָבער העלענאַ האָט שוין געמוזט זיין אין לובני. דער נאַמיעסטניק פלעגט זי זעען אין חלום, אַן אַרומגערינגעלטע מיט פריינדלעכע פנימער, אַ צוגעטוליעטע דורכן פירשט אַליין און דורך דער פירשטין גריזעלדא, אַ באַוואונדערטע דורך די רי־טערס — אָבער אַ פאַרבענקטע נאָך איר ריטער, וועלכער איז ערגיץ פאַרפאַלן געוואָרן אין סיטש, אָבער ס'וועט דאַך אַמאָל קומען אַ צייט, ווען דער ריטער וועט צוריקקערן. אָט האָט כמיעלניצקי אַליין אים צוגעזאָגט צו באַפרייען — און איבע־ריגנס — די קאָזאַקישע כוואַליע שווימט און שווימט צו די שוועלן פון דער רעפּובליק; אַז זי וועט צוקלאַפּט ווערן, וועט קומען אַ סוף צו די יסורים, ביטערנישן און דאגות.

און די כוואַליע האָט באמת געשטראָמט. כמיעלניצקי האָט אָן שהיות מאַרשירט מיט זיין מחנה אַקעגן דעם העטמאַנס זון. זיינע כּוחות זענען אויף אַן אמת געוועזן מוראדיק, ווייל צוזאַמען מיט קשעטשאָווסקיס קאָזאַקן און טוהאַי־בעיס היילות האָט ער געפירט בערך 25,000 אויסגעבילדעטע און קאַמף־לוסטיקע זעלנער.

וועגן פּאָטאָצקיס כּוחות זענען נישט געווען קיין זיכערע ידיעות. די אַנטלאָפענע האָבן געזאָגט, אַז ער פירט צוויי טויזנט שווערע קאַוואַלעריע און בערך צוואַנציק האַרמאַטן. דעם רעזול־טאַט פון אַ שלאַכט ביי אַזאַ כּוחות־פאַרהעלטניש האָט מען נישט

געקאָנט פּאָרויסזען, ווייל איין אַטאַקע פֿון די שרעקלעכע הוזאַרן איז אָפּט געגוג געווען אויף צוצוקלאַפּן אַ מחנה, וואָס איז צען מאָל אַזוי גרויס. אַזוי האָט ער כאָדקעוויטש, דער ליטווישער העטמאַן, אין זיין צייט בײַ קירכהאָלם מיט דריי טויזנט הוזאַרן אַ תל געמאַכט פֿון אַכצן טויזנט אויסגעצייכנטע שוועדישע פֿוס־גייער און רייטער; אַזוי האָט בײַ קלושין איין פּאַנצער־פּאָלק פּאַרטיליקט מיט אַ ווילדער פּאַרביסנקייט אַ פּאָר טויזנט ענגלישע און שקאָטישע זעלנער. כמיעלניצקין איז דאָס געלעגן אין זכרון און דערפֿאַר איז ער, לויט די יווערטער פֿון רוטעניִשן כראָניקער, געגאַנגען לאַנגזאַם און פּאָרזיכטיק: „מיט די פֿיל אויגן פֿון זיין שכל, קוקנדיק אין אַלע זייטן, ווי אַ כיטרער יעגער, און האַלטנ־דיק די וואַך־פּאָסטנס אויף אַ מרחק פֿון אַ מייל און נאָך ווייטער פֿון אַ לאַגער"*). אַזוי האָט ער זיך דערנענטערט צום געלן וואַסער. מ'האָט ווידער געכאַפּט צוויי אויסזאָגער. זיי האָבן באַ־שטעטיקט די ידיעות וועגן די קנאַפּע קרוין־חילות און מודיע געווען, אַז דער קאַשטעלאַן איז שוין אַריבערגעגאַנגען דאָס געלע וואַסער. דערהערנדיק דאָס, איז כמיעלניצקי געבליבן שטיין ווי צוגענאָגלט צום אָרט און ער האָט זיך גענומען אַרומ־שיטן מיט גרובנס.

דאָס האַרץ האָט בײַ אים געקלאַפּט פֿון שמחה. אויב פּאָטאָצקי וועט זיך דערוועגן אים צו שטורמען, וועט ער זיכער האָבן אַ מפּלה. די קאָזאַקן זענען נישט בכּוח אויסצוהאַלטן אַ שלאַכט אין אָפֿענעם פֿעלד. אָבער הינטער גרובנס שלאָגן זיי זיך אויסגעצייכנט און בײַ אַזאַ איבערוואָג פֿון די כּוחות וועלן זיי דעם שטורם אָן ספֿק צוריקשטויסן. כמיעלניצקי האָט שפּעקולירט אויף פּאָטאָצקיס יונגקייט און אומגעניטקייט. אָבער בײַם יונגען קאַשטעלאַן איז געווען אַ אויסגעפּרובטער זעלנער, דעם זשי־וויעצער סטאַראָסטעס זון, הער סטעפֿאַן טשאַרניעצקי, אַ הוזאַרן פּאָלקאָווניק. דער דאָזיקער טשאַרניעצקי האָט באַמערקט די סכּנה און געפּועלט בײַם קאַשטעלאַן, אַז ער זאָל זיך צוריקציען הינ־

*) סאַמאָיל וועליטשקאָ, 62.

טער די געלע וואַסערן.

כמיעלניצקי האָט ניִשט געהאַט קיין אַנדערע עצה, ווי זיך צו לאָזן נאָך זיי. צומאָרגענס איז ער אַריבער די געלע וואַסערן און ביידע מחנות זענען געבליבן שטיין פנים-אל-פנים.

אָבער קיינער פון די פירער האָט נישט געוואָלט אָנגרייפן דער ערשטער. די פיינדלעכע לאַגערס האָבן אין איילעניש זיך גענומען אַרומרינגלען זיך מיט גראָבנס. דאָס איז אויסגעפאַלן אין שבת דעם 5. מאַי. אַ גאַנצן טאָג האָט געגאָסן אַ שלאַגס-רעגן. די כמאַרעס האָבן אַזוי באַדעקט דעם הימל, אַז שוין מיטאָג-צייט האָט געהערשט אַ פינסטערניש, ווי אין אַ ווינטער-טאָג. נאָך מיטאָג האָט זיך דער גאָס-רעגן נאָך מער פאַרשטאַרקט. כמיעלניצקי האָט זיך געריבן די הענט פון שמחה.

— זאָל נאָר דער סטעפ צווייקט ווערן — האָט ער גע-זאָגט צו קזשעטשאָווסקין — און איך וועל ניִשט מורא האָבן זיך צונויפצושטויסן אין דער ערשטער שלאַכט אפילו מיט די הו-זאַרן, ווייל מיט זייערע שווערע כלי-זיינס וועלן זיי איינגעזונקען ווערן אין דער בלאָטע.

און דער רעגן האָט כסדר געגאָסן, גלייך ווי דער הימל אַליין וואָלט די זאַפּאָראָזשער געוואָלט גיין צו הילף.

די חיילות האָבן זיך אַרומגעצוימט פויל און אָן אַ חשק צווישן די וואַסער-קאַלוזשעס. קיין פייער האָט מען ניִשט געקאָנט אָנצינדן. אַ פּאָר טויזנט טאָטערס זענען אַרויסגעגאַנגען פון לאַגער היִטן, אַז די פוילישע חיילות זאָלן נישט אויסנוצן דעם נעבל, גאָס-רעגן און נאַכט-פינסטערניש און פרוון צו אַנטרונען ווערן. שפעטער איז געוואָרן טויט-שטיל. עס האָט זיך נאָר גע-הערט דאָס געריוש פון גאָס-רעגן און דאָס געברום פון ווינט. קיינער איז מן-הסתם נישט געשלאָפן אין ביידע לאַגערס.

פאַרטאָגס האָבן די טרומייטן געשאַלט אין פוילישן לאַגער לאַנג און יאָמערלעך, ווי אויף אַן אַלאַרם, שפעטער האָבן די פויקן דאָ און דאָרט אָנגעהויבן ברומען. דער טאָג האָט אויפגע-וואַכט אַ אומעטיקער, אַ טריבער, אַ פייכטער, דער גאָס-רעגן האָט

אויסגעהערט, אָבער ס'איז נאָך געפֿאַלן אַ דריבנע רעגנדל, ווי דורכגעזיפּט דורך אַ זיפּ.

כמיעלניצקי האָט געהייסן אויסשיסן פֿון אַ האַרמאַט.

באַלד האָט זיך אָנגערופֿן אַ צווייטער, אַ דריטער, אַ צענטער, און ווען עס האָט זיך צווישן די לאַגערס אָנגעהויבן די געוויינלעכע האַרמאַטן־„קאָרעספּאָנדענץ”, האָט הער סקשעטוס־קי געזאָגט צו זיין קאָזאַקישן מלאך היטער:

— זאַכאַר, פֿיר מיך אַרויס אויף אַ זאַמד־פֿאַרצוימונג, כדי כ'זאָל קאָנען זען, וואָס עס טוט זיך.

זאַכאַר אַליין איז אויך געווען נייגעריק, דערפֿאַר האָט ער אים נישט אָפּגעזאָגט. זיי זענען אַרויף אויף אַ הויכן עק פֿון אַ צוים, פֿון וואַנען מ'האָט געזען, ווי אויף דער האַנט, דעם אַביסל צווייקטן סטעפּ־טאָל, די זומפּן פֿון די געלע וואַסערן און ביידע אַרמייען. קוים אָבער האָט הער סקשעטוסקי אַ קוק געטון, האָט ער זיך אַזש אָנגעכאַפּט פֿאַרן קאָפּ און אויסגעשריגן:

— לעבעדיקער גאָט אין הימל! דאָס איז דאָך נאָר אַ פֿאַרפֿאַסטען, ניט מער!

און באמת, די גראָבנס פֿון די קאָזאַקישע חיילות האָבן זיך געצויגן בערך אויף אַ פֿערטל מייל, בעת דער פּוילישער לאַגער האָט אין פֿאַרגלייך מיט זיי געהאַט אַ פּנים בלויז פֿון אַ קליינעם צוים, די חיילות זענען בטל געוואָרן בששים און ס'האָט דעריבער ניט געקאָנט זיין קיין ספֿק וועגן נצחון פֿון די קאָזאַקן.

אַ ווייטאָק האָט פֿאַרקלעמט דאָס האַרץ פֿון נאַמיעסטניק. הייסט עס, אַז ס'איז נאָך ניט געקומען די צייט, אַז דער בעל־גאווה און בוגד זאָל האָבן אַ מפּלה, אדרבא, עס דערוואַרט אים גאָר אַ נייער נצחון! אַזוי האָט עס לכל־הפּחות אויסגעזען,

די שלאַכט האָט זיך שוין אָנגעהויבן אונטער דעם פֿייער פֿון די האַרמאַטן. פֿון דער הויכקייט, ווו סקשעטוסקי איז געשטאַנען, האָט מען געזען איינצעלנע רייטער, אָדער גרופּן, וואָס שטויסן זיך צוזאַמען. דאָס האָבן די טאָטערס זיך גע־ראַנגעלט מיט פּאָטאָצקיס זעלנער, וואָס האָבן געטראָגן גראַ־

גאַטענע און געלע הלבשות. די ריטער זענען צוגעפֿלן איינער צום צווייטן און באַלד אַוועקגעשפּרונגען, זיי זענען זיך אַקעגנגעריטן פֿון די זייטן, געשאָסן אויף זיך פֿון פּיסטאָלעטן און בויגנס, אָדער זיך באַמיט צו פֿאַרוואַרפֿן זיך מיט נעצן. פֿון דערווייטנס האָבן די דאָזיקע צוזאַמענשטויסן אויסגעזען גיכער ווי אַ שפּילעריי, און נאָר די פֿערד, וואָס זענען געלאָפֿן אַהין און אַהער אָן ריטער איבערן פֿעלד, האָבן עדות געזאָגט, אַז דאָ האַנדלט עס זיך וועגן לעבן און טויט.

די צאָל פֿון די טאָטערס, וואָס האָבן זיך אַרויסגעשאָטן, איז געוואָרן וואָס אַמאָל גרעסער. באַלד איז דאָס פֿעלד שוואַרץ געוואָרן פֿון זייערע געדיכטע מאַסן. דעמאָלט האָבן זיך אויך פֿון פּוילישן לאַגער גענומען אַרויסרוקן וואָס אַמאָל מער פּוילישע פּאָלקן, וועלכע האָבן זיך אויסגעשטעלט פֿאַרן גראָבן גרייט צום קאַמף. ס׳איז געווען אַזוי נאָנט, אַז הער סקשעטוסקי האָט מיט זיין שאַרפֿן אויג געקאָנט פֿונאַנדערשיידן די סימנים, פֿאָנען און אפילו די פּאָלקאָווניקעס און נאַמיעסטניקעס, וואָס זענען מיט זייערע פֿערד געשטאַנען אַביסל מיט דער זייט ביי די פֿאָנען.

דאָס האַרץ האָט ביי אים גענומען צאַפּלען, זיין בלאַס פּנים האָט זיך פֿאַררויטלט, און גלייך ווי זאַכאַר און די קאָזאַקן, וואָס זענען געשטאַנען ביי די האַרמאַטן אויף דער הויכקייט, וואָלטן זיך מיטגעפֿרייט מיט זיינע פֿריידן, האָט ער אויסגערופֿן מיט התלהבות ביי יעדן פּאָלק, וואָס האָט זיך אַרויסגערוקט פֿון הינטערן גראָבן:

— דאָס זענען די דראַגונער פֿון הער באַלאַבאַן, כ׳האָב זיי געזען אין טשערקאַסי!

— דאָס איז דער וואַלאַכישער פּאָלק; זיי האָבן אַ צלם אין צייכן!

— אָ! אָט גייען די פֿוס-גייער אַרויס פֿון הינטער די גראָבנס! און באַלד דערויף האָט ער, אויסשטרעקנדיק די הענט, אויסגערופֿן מיט נאָך מער התלהבות:

— די הוזאַרן! הער טשאַרניעצקיס הוזאַרן!

עס האָבן זיך טאַקע באַוויזן אויף די הוזאַרן אונטער אַ

וואָלקן פון פליגל און אַ וואַלד פון שפּיזן, פאַרפּוצט מיט גאָלד־געוועבן און מיט לאַנגע גרין־שוואַרצע פאָנען. זיי זענען אַרויס־געפאָרן פון גרובן צו זעקס אין אַ ריי און זיך אויסגעשטעלט ביי דער פאַרצוימונג, אין אויפן אָנבליק פון זייער רויקייט, חשיבות און געשיקטקייט האָבן פון שמחה אַזש טרערן זיך באַוויזן אין הער סקזשעטוסקיס אויגן און פאַרנעבלט אויף אַ ווייַלע זיין בליק.

הגם ס׳איז געווען אַזאַ גרויסער חילוק אין די כּוחות, הגם די דאָזיקע פּאָר פאָלקן האָבן קעגן זיך געהאַט אַזאַ גרויסע מאַסע פון זאַפּאָראָזשער און טאָטערס, וועלכע האָבן ווי געוויינלעך פאַרנומען די פליגל, הגם זייערע רייען האָבן זיך אַזוי לאַנג געצויגן איבערן סטעפּ, אַז ס׳איז שווער געווען צו דער־כאַפּן מיטן אויג זייער עק, — האָט הער סקזשעטוסקי שוין גע־גלויבט אין נצחון. זיין פּנים האָט געלאַכט, ער האָט צוריקגע־וואונען די כּוחות, די אויגן, וואָס האָבן זיך איינגעקוקט אין פעלד, האָבן געשפּריצט מיט פייער, נאָר ער האָט נישט געקאָנט איינשטיין אויפן אָרט.

— העי, קינד! — האָט אַ ברום געטון דער אַלטער זאַכאַר — עס ציט די נשמה אין גן־עדן אריין!

דערווייל האָבן אַ פּאָר טאטערישע אָבטיילונגען, מיט גע־שרייען און אַלאַ־אויסרופן זיך געלאָזט לויפן פאָראויס. פון פוי־לישן לאַגער האָט מען אָפּגעענטפערט מיט אַ שיסעריי. די טאטערס זענען אָבער אויסן געווען נאָר אָנצושרעקן; זיי זענען אַפילו נישט צוגעלאָפן צו די פּוילישע פאָלקן, נאָר אין מיטן וועג זיך צושפּרייט אויף ביידע זייטן, צוריקגעלאָפן צו זייער לאַגער און נעלם געוואָרן אין המון.

דאָ האָט זיך דערהערט דאָס קול פון דער סיטשער פּויק און מיט אַמאָל האָט אַ געוואַלדיקע האַלב־לבנה פון קאָזאַקן און טאטערס זיך געלאָזט האַסטיק גיין פאָרויס. כמיעלניצקי האָט אַפּנים געפּרוווט, צי עס וועט זיך אים נישט מיט איין מאָל זיך איינגעבן צו צוקלאַפּן יענע פאָלקן און צו פאַרנעמען דעם לאַ־גער. אין פאַל פון אַ מהומה וואָלט דאָס מעגלעך געווען. אָבער

צווישן די פּוילישע פּאָלקן איז אַפילו קיין סימן דערפון נישט געווען צו זען. זיי זענען געשטאַנען רויק, אויסגעסדרט אין אַ גענויע לאַנגער ליניע, וואָס איר הינטערשטער טייל איז געווען פֿאַרשטעלט דורך גרובן, די זייטן — דורך די לאַגער־האַרמאַטן אַזוי, אַז מ׳האָט זי געקאָנט באַפאַלן נאָר פון פאָרנט. אַ ווײַלע האָט זיך געדוכטן, אַז זיי וועלן אויפנעמען די שלאַכט אויפן אָרט, ווען אָבער די האַלב־לבנה האָט שוין געהאַט דורכגעלאָפן אַ האַלבן שטח, האָבן זיך אין גראָבן דערהערט סיגנאַלן צו דער אַטאַקע- און מיט אַמאָל האָט די מויער פון די שפיזן, וואָס זענען ביז איצט געווען געהויבן אין די הויך, זיך אַראָפּגעלאָזט צו די קעפּ פון די פערד.

— די הוזאַרן גרייפן אָן!—האָט הער סקשעטוסקי אויסגעשריגן.

זיי האָבן זיך אַראָפּגעבויגן אויף די זאָטלען און זיך געלאָזט לויפן פאָרויס און באַלד נאָך זיי—די דראַגונער־פּאָלקן און די גאַנצע מחנה.

דער אָנגריף פון די הוזאַרן איז געווען אַ שרעקלעכער. אין דעם ערשטן אימפּעט האָבן זיי זיך אָנגעשטויסן אויף דריי קאָזאַקן־פּאָלקן — און זיי האָבן זיי כהרף־עין אָפּגעמעקט פון דער ערד. די יאָמערלעכע קולות האָבן דערגרייכט צו הער סקשעטוסקיס אויערן, די פערד און די מענטשן, וואָס האָבן נישט אויסגעהאַלטן די געוואַלדיקע משא פון די אײַזערנע רײַטער, זענען געפאַלן ווי די זאַנגען בעת אַ שטורעם. דער ווידערשטאַנד אין געווען אַזאַ קורצער, אַז סקשעטוסקין האָט זיך געדוכטן, עפּעס אַ געוואַלדיקער שלאַנג האָט מיט איין אָטעם איינגעשלונגען די דאָזיקע דריי פּאָלקן. און געווען זענען דאָס דאָך די גרעסטע גבורים פון סיטש. די פערד, וואָס זענען איבערגעשראָקן געוואָרן דורכן גערויש פון די פליגל, האָבן גענומען פאַרשפּרייטן אַ מהומה אין די זאַפּאָראָזשער רייען. די אירקלייעווער, קאַלניבאַלאַצקער, מינסקער, שקורינער און טיטאַראָווער פּאָלקן זענען אינגאַנצן צוטומלט געוואָרן, און געשטויסן דורך די אַנטלויפנדיקע מאַסן, האָבן זיי אויך גענומען אָפּטרעטן אין אומאָרדנונג. און

דערווייל האָבן די דראַגונער אָנגעיאָגט די הוזאַרן און צוזאַמען מיט זיי זיך גענומען צום בלוטיקן שניט. דער וויאַסוריקנער פּאָלק איז אָפּגעטרעטן נאָך אַ האַרטנעקיקן, אָבער קורצן ווידער־שטאַנד און אין אַ ווילדער מהומה איז ער געלאָפן אַזש ביז צו די קאָזאַקישע גראָבנס. דער מיטלסטער טייל פון כמיעלניצקיס כחות האָט זיך וואָס אַמאָל מער צושאָטן און אַ געשלאָגענער, אַ פונאַנדערגעטריבענער, אין קליינע גרופּן, אַ צושטאָכענער פון די שווערדן און אַ געשטויסענער דורך דעם אייזערנעם אָנלויף, האָט ער נישט געקאָנט דעם אָטעם כאַפּן, כדי זיך אָפּצושטעלן און צוריקצובררענגען אין אָרדנונג זיינע רייען.

— שדים, נישט לאַכן! — האָט אויסגעשריגן דער אַלטער זאַכאַר.

סקשעטוסקי איז ווי פון זינען אַראָפּ. אַ קראַנקער, האָט ער ניט געקאָנט זיך באַהערשן, און ער האָט געלאַכט און גע־וויינט אינאיינעם, מאָמענטנווייז האָט ער אויסגערופן קאָמאַנדאַ־ווערטער, גלייך ווי ער וואָלט אַליין אָנגעפירט מיט אַ פּאָלק. זאַכאַר האָט אים געהאַלטן פאַר די פּאָלעס און געמוזט אויך אַנדערע רופן צו הילף.

די שלאַכט האָט זיך שוין אַזוי שטאַרק דערנענטערט צום קאָזאַקישן לאַגער, אַז מ'האָט כמעט שוין געקאָנט דערקענען די פּנימער. פון די גראָבנס האָט מען געשאָסן פון האַרמאַטן, אָבער די קאָזאַקישע קוילן, וועלכע האָבן געטראָפן סיי די אייגענע און סיי די שונאים, האָבן נאָך מער פאַרשטאַרקט די בהלה.

די הוזאַרן האָבן זיך אָנגעשטויסן אויפן פּאשקאָווער פּאָלק, וועלכער האָט געבילדעט דעם העטמאַנס גוואַרדיע. אין דער מיט פון דאָזיקן פּאָלק איז געווען כמיעלניצקי אַליין. מיט אַמאָל האָט אַ שרעקלעך געשריי זיך צוטראָגן איבער אַלע זאַפּאָראָזשער רייען: דער גרויסער רויטער פאָן האָט זיך אַ וואַקל געטון און איז געפאַלן.

אָבער אין דעם מאָמענט איז קשעטאָווסקי בראש פון זיינע פינף טויזנט קאָזאַקן אַרויסגעטרעטן צום קאַמף. זיצנדיק אויף אַ גרויסן גרויען פערד, איז ער גלייכן פלויגן אין דער ערש־

טער רײַ, אָן היטל, מיט דער שווערד איבערן קאָפּ, צונויפֿקלײַבנדיק פֿאַר זיך די צעזייטע קאָזאַקן, וועלכע האָבן צוריקגעקערט אין אומאָרדנונג צו דער אַטאַקע, דערזעענדיק די אָנקומענדיקע הילף. די שלאַכט האָט זיך אויפֿסנײַ צופֿלאַקערט אין דערמיט פֿון דער ליניע.

אויף ביידע פֿליגלען האָט די הצלחה אויך נישט צוגעשפּילט כמיעלניצקין. די טאָטערס, וועלכע זענען צוויי מאָל צוריקגעוואָרפֿן געוואָרן צווישן די וואַלאַכישע פּאָלקן און פּאָטאָצקיס זעלנער, האָבן אינגאַנצן פֿאַרלוירן דעם חשק צום קאַמף. אונטער טוהאַי-בעין זענען אַוועקגעלייגט געוואָרן צוויי פֿערד. ס'איז געוואָרן קלאָר, אַז דער נצחון איז אויף דער זייט פֿון יינגן פּאָטאָצקין.

די שלאַכט האָט פֿונדעסטוועגן שוין לאַנג נישט אָנגעהאַלטן. דער גאָס-רעגן, וועלכער איז זייט אַ געוויסע צייט וואָס אַמאָל שטאַרקער געוואָרן, איז באַלד געוואָרן אַזוי געדיכט, אַז די רעגן-כוואַליעס האָבן פֿאַרשטעלט די שײַן פֿון דער וועלט. נישט קיין רעגן, נאָר וואַסער-שטראָמען האָבן אַראָפּגעגאָסן אויף די ערד פֿון די אָפֿענע הימל-שלייזן. דער סטעפּ איז פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ טײַך. ס'איז געוואָרן אַזוי פֿינסטער, אַז אויף אַ פּאָר טריט האָט איין מענטש דעם צווייטן נישט געזען. דאָס גערויש פֿון רעגן האָט פֿאַרהילכט די קאָמאַנדאָ. די באַנעצטע ביקסן זענען אַנטשוויגן געוואָרן. דער הימל אַליין האָט געמאַכט אַ סוף צו דער שחיטה.

אַ דורכגעווייקטער ביז צום ביין, אַ ווילד-אויפֿגערעגטער, איז כמיעלניצקי אַרײַנגעפֿאַלן אין זײַן לאַגער. ער האָט צו קיינעם קיין וואָרט נישט אויסגערעדט. מ'האָט פֿאַר אים אויפֿגעשלאָגן אַ געצעלט פֿון קעמל-פֿעלן, אין וועלכן ער האָט זיך באַהאַלטן, זיצנדיק דאָרט איינזאַם און פֿאַרזונקען אין ביטערע געדאַנקען.

עס האָט אים אָנגעכאַפּט אַ יאוש. איצט ערשט האָט ער משיג געווען, וואָס ער האָט זיך אונטערגענומען אויסצופֿירן אַט איז ער צוקלאַפּט, צוריקגעשטויסן, שיער נישט צובראָכן אין

אַ שלאַכט מיט אַזעלכע קליינע כּוחות, אַז ער האָט זיי מיט רעכט געקאָנט אָננעמען פאַר אַ כאַרפּאָסטן. ער האָט געוווּסט, ווי גרויס עס איז די ווידערשטאַנד-קראַפט פון דער רעפּובליקס חיילות, און ער האָט דאָס גענומען אין באַטראַכט, ווען ער האָט באַשלאָסן זיך אַריינצולאָזן אין די מלחמה, אָבער ער האָט דאָך אַ טעות געהאַט אין חשבון, אַזוי, על-כּל-פּנים, האָט זיך אים איצט אויסגעוויזן. ער האָט זיך דעריבער אָנגעכאַפּט פאַרן געגאָלטן קאָפּ און געוואָלט אים צעקלאַפּן אָן דעם ערשטן האַרמאַט, און וואָס וועט ערשט זיין, ווען מ'וועט דאַרפן האָבן צו טון מיט די העטמאַנס און מיט דער גאַנצער רעפּובליק?

זיינע געדאַנקען האָט איבערגעריסן טוהאַי-בעיס אַריינקומען.

דעם טאָטערס אויגן האָבן געברענט פון רציחה, דאָס פּנים איז געווען בלאַס און די ציין האָבן געגלאַנצט דורך די ליפּן, וואָס קיין וואָנס האָט זיי נישט באַדעקט.

— וואו איז דער שלל, ווו זענען די געפאַנגענע, ווו זענען די קעפּ פון די פירער, ווו איז דער נצחון? — האָט ער געפרעגט מיט אַ הייזעריקער שטים.

כמיעלניצקי איז אויפגעשפּרונגען פון אָרט.

— דאָרט! — האָט ער הויך געענטפערט, אָנווייזנדיק אויף די זייט פון קרוין-לאַגער.

— טאָ גיי דיר דאָרט! — האָט טוהאַי-בעי געשריגן — און אַז די וועסט נישט גיין, וועל איך דיך אויף אַ שטריק קיין קרים אַוועקפירן!

— כ'וועל גיין! — האָט כמיעלניצקי געזאָגט — כ'וועל גיין נאָך היינט!

כ'וועל נעמען שלל און געפאַנגענע וועל איך נעמען, אָבער דו וועסט אָפּגעבן אַ דין-וחשבון דעם כאַן, ווייל שלל ווילסטו, אָבער מלחמה מיידסטו אויס!

— הינט! — האָט טוהאַי-בעי אַ ברום-געטאָן — דו ברענגסט אום דעם כאַנס חיילות!

און אַ ווײַלע זענען זיי געשטאַנען איינער אַקעגן צווייטן,

זאַפּנדיק מיט די נאָז־לעכער. דער ערשטער איז כמיעלניצקי צו זיך געקומען.

— טוהאַי־בעי, באַרויק זיך! — האָט ער געזאָגט — דער גאָס־רעגן האָט איבערגעריסן די שלאַכט, ווען קשעטשאָווסקי האָט שוין געהאַט צוקלאַפּט די דראַגונער. און ס'קען זיין מאָרגן וועלן זיי זיך שוין ניט שלאָגן אַזוי פאַרביסן. דער סטעפּ וועט שוין זיין גוט צווייקט. די הוזאַרן וועלן פאַלן. מאָרגן וועלן אַלע זיין אין אונזערע הענט.

— האָסט געזאָגט! — האָט טוהאַי־בעי אַ ברום־געטון.

— און איך וועל האַלטן וואָרט, טוהאַי־בעי, מיין פריינט, דער כאַן האָט דאָך צו מיר דיך געשיקט אַרויסהעלפן מיר, און ניט צרות אָנטון.

— האָסט צוגעזאָגט נצחונות, און ניט מפּלות.

— מ'האָט גענומען אַביסל געפאַנגענע פון די דראַגונער. איך וועל זיי דיר אָפּגעבן.

— גיב זיי. כ'וועל זיי הייסן אַרויפציען אויף די תּליות.

— טו דאָס ניט. לאָז זיי אָפּ. דאָס זענען אוקראַינער פון באַלאַבאַנס פּאָלק. מיר וועלן זיי שיקן, אַז זיי זאָלן אַריבערציען די דראַגונער אויף אונזער זייט. ס'וועט זיין אַזוי, ווי מיט קשעטשאָווסקין.

טוהאַי־בעי איז געוואָרן מילד; ער האָט נאָר שאַרף אַ קוק־געטאָן אויף כמיעלניצקין און אַ ברום־געטאָן.

— שלאַנג...

— כיטרעקייט איז אַזוי פיל ווערט ווי גבורה. אויב מיר וועלן אָנרעדן די דראַגונער צו בגידה, וועט קיין זכר ניט בלייבן פון לאַגער — פאַרשטייסט?

— פאָטאָצקין וועל איך נעמען.

— כ'וועל דיר אים געבן — טשאַרניעצקין אויך.

— גיב איצט בראָנפן, ס'איז קאַלט.

— גוט.

אין דער רגע איז קשעטשאָווסקי אַריינגעקומען. דער פּאָלקאָווניק איז געווען טרויעריק און נידערגעשלאָגן. אַלע

האָפּנונגען אויף אַמטן פון סטאַראָסטע, קאַשטעלאַן, אויף שלע־
סער און אוצרות זענען ווי איינגעהילט געוואָרן אין אַ נעבל
נאָך דער היינטיקער שלאַכט. מאָרגן קאָנען זיי אינגאַנצן צו־
פלאָסן ווערן. און אפשר וועט גאָר, אָנשטאָט די אַלע גליקן,
פון דעם נעבל זיך אַרויספּיקן אַ שטריקל אָדער אַ תּליה. ווען
נישט דאָס, וואָס דורכן פאַרטיליקן דעם העטמאַנס דייטשן האָט
דער פּאָלקאָווניק פאַרבּרענט הינטער זיך אַלע בריקן — וואָלט
ער זיכער איצט געטראַכט, ווי אַזוי בּוגד צו זיין אין כמיעל־
ניצקי און איבּערצוגיין מיט די קאָזאַקן צו פּאָטאָצקיס לאַגער.
אָבער דאָס איז שוין נישט מעגלעך געווען.
זיי האָבן זיך אין דרייען אַוועקגעזעצט ביי אַ גרויסער
פלאַש בראָנפן און גענומען טרינקען שטילשווייגנדיק. דאָס גע־
רויש פון שלאַכט־רעגן האָט איינציקווייז אויפגעהערט.
ס׳האָט אָנגעהויבן צו טונקלען.
הער סקשעטושסקי, אַ פאַרמאַטערטער פון גרויס שמחה, אַ
אָפּגעשוואַרטער, אַ בלאַסער, איז געלעגן אומבאַוועגלעך אויפן
וואָגן. זאַכאַר, וועלכער האָט אים ליב באַקומען, האָט געהייסן
זיינע קאָזאַקן אויסשפּרייטן אויף איבער אים אַ פילצענעם דאַך,
דער נאַמיעסטניק האָט געהערט דאָס טריבּע גערויש פון רעגן,
אָבער אויף דער נשמה איז אים געווען קלאָר, לויטער, ווויל.
אָט האָבן זיינע הויזאַרן געוויזן וואָס זיי קאָנען, אָט האָט זיין
רעפּובּליק געגעבן אַ ווידערשטאַנד, וואָס האָט נישט פאַרשענט
איר מאַיעסטעט, אָט האָט דער ערשטער אימפּעט פון קאָזאַקישן
שטורם זיך שוין צוקלאַפּט אָן די שאַרפע שפּיזן־שפּיצן פון די
קרוין־חיילות, אָבער עס זענען דאָך נאָך פאַראַן די העטמאַנס,
פאַראַן דער פירשט יערעמי און אַזוי פיל שררות, אַזוי פיל
שלאַכטע; אַזוי פיל מאַכט, און איבער דעם אַלעם דער קיניג —
דער האַר איבער די האַרן.
אַ שטאָלץ האָט באַהערשט דעם הער סקשעטושסקין, גלייך
ווי ער וואָלט איצט אין זיך געשפּירט די דאָזיגע גאַנצע מאַכט.
און שפּירנדיק אין זיך די דאָזיקע גבורה, האָט ער צום
ערשטן מאָל, זייט ער האָט אָנגעוווירן די פרייהייט אין סיטש,

דערפֿילט אַ געוויסע רחמנות אויף די קאָזאַקן: זיי זענען שולדיק, אָבער אויך פֿאַרבלענט, אויב זיי האָבן זיך מיט דער האַק פֿאַרמאָסטן אַ קעגן דער זון — האָט ער זיך געטראַכט. זיי זענען שולדיק, אָבער אומגליקלעך, אויב זיי האָבן געפֿאָלגט דעם רוף פֿון איין מענטש, וועלכער פֿירט זיי אויף אַ באַשייַנפּערלעכן טויט.

נאָכדעם האָט זיין געדאַנק זיך ווייטער געוועבט. ס'וועט ווידער ווערן רויק, און דעמאָלט וועט יעדער האָבן דאָס רעכט צו טראַכטן וועגן זיין פּריוואַטן גליק. דאָ האָבן זיין זכרון און נשמה זיך אַוועקגעטראָגן איבער ראָזלאָגי. דאָרט, נעבן דעם לייבן-גרוב, איז זיכער שטיל ווי אויף אַ בית-עלמים. דאָרט וועט צו קיין מרידה נישט קומען, און ווען אַפֿילו יאָ — איז העלענאַ שוין זיכער אין לובני.

און מיט אַמאָל האָט דאָס קראַכן פֿון האַרמאַטן איבערגעריסן דעם גאָלדענעם פֿאָדעם פֿון זיינע געדאַנקען.

דאָס האָט כמיעלניצקי בגלופֿנדיקערהייט ווידער אַרויסגעפֿירט די פּאָלקן צו אַן אַטאַקע.

ס'האָט זיך אָבער אויסגעלאָזט בלויז מיט דער מוזיק פֿון די האַרמאַטן. קזשעטשאָווסקי האָט צוריקגעהאַלטן דעם העטמאַן.

צומאָרגנס איז געווען זונטאָג. דער גאַנצער טאָג איז אַריבער רויק און אָן איין שאָס. די לאַגערס זענען געלעגן איינער אַקעגן צווייטן, ווי צוויי פֿאַרביינדעטע מחנות.

סקשעטוסקי האָט זיך דערקלערט די דאָזיקע שטילקייט דערמיט, וואָס די קאָזאַקן האָבן פֿאַרלוירן דעם חשק זיך צו שלאָגן. ער האָט אָבער נעבעך נישט געוווּסט, אַז כמיעלניצקי האָט דערווייל, „קוקנדיק פֿאַר זיך מיט די פֿיל אויגן פֿון זיין שכל", געאַרבעט מעשים, כדי אַריבערצוציען אויף זיין זייט באַלאַבאַנס דראַגונער.

מאָנטיק האָט די שלאַכט געפֿלאַקערט פֿון באַגינען אָן. סקשעטוסקי האָט געקוקט אויף איר, ווי פֿריער, מיט אַ שמייכל אויפֿן פֿריילעכן פּנים. און ווידער זענען די קרוין-פּאָלקן אַרויסגעטרעטן פֿאַר די גראָבנס, אָבער דאָס מאָל זענען זיי נישט

געלאָפֿן צו דער אַטאַקע, נאָר אויפֿן אָרט געגעבן אַ ווידערשטאַנד דעם שונא. דער סטעפּ איז צעווייקט געוואָרן נישט בלויז אויבן-אויף, ווי אין ערשטן טאָג פֿון דער שלאַכט, נאָר אויך אויף אַ טיפֿע שיכט. די שווערע קאַוואַלעריע האָט זיך כּמעט נישט געקאָנט רירן, און דאָס האָט מיט אַמאָל געגעבן אַ אויבערהאַנט די פֿלינקע זאַפּאָראָזשער און טאָטערישע פּאָלקן. דער שמייכל איז ביסלעכווייז פֿאַרשוווּנדן פֿון סקשעטוסקיס פּנים. ביי די פּוילישע גראָבנס האָט דער שטורמישער אָנלויף פֿון די זאַטאַקירענדע כּמעט אינגאַנצן באַדעקט דעם שמאָלן שטח פֿון די קרוינ-פּאָלקן. ס'האָט זיך געדוכט, אַז אַ ליאַדע רגע וועט די דאָזיקע קייט דורכגעריסן ווערן און די אַטאַקע וועט אָנשפּאַרן גלייך צו די גראָבנס. הער סקשעטוסקי האָט ניט געזען אַפֿילו אַ העלפֿט פֿון יענעם מסירת-נפֿש, פֿון יענער קאַמפּסלוסטיקייט, מיט וועלכע די פּאָלקן האָבן זיך געשלאָגן דעם ערשטן טאָג. זיי האָבן זיך אויך היינט האַרטנעקיק פֿאַרטיידיקט, אָבער זיי האָבן ניט אַטאַקירט די ערשטע, זיי האָבן ניט צוריבן אויף שטויב די קאָזאַקישע פּאָלקן, זיי האָבן נישט אויסגעקערט דאָס פֿעלד פֿאַר זיך, ווי אַ שטורעם-ווינט. די ערד פֿון סטעפּ, וואָס איז געווען צעווייקט נישט בלויז אויבן-אויף, נאָר אויף אַ טיפֿע שיכט, האָט אוממעגלעך געמאַכט די רירעוודיקייט פֿון דער שווערער קאַוואַלעריע און אויף אַן אמת זי צוגענאָגלט ביי די גראָבנס. אין אימפּעט איז געלעגן איר גאַנצער כּח און פֿון אים איז געווען אָפּהענגיק דער נצחון, און דאָ האָט זי געמוזט שטיין אויף אַן אָרט. אין כמיעלניצקי האָט אַרויסגעפֿירט כּסדר נייע פּאָלקן צו דער שלאַכט. ער איז אַליין געווען אומעטום, יעדן פּאָלק האָט ער פּערזענלעך געפֿירט צו דער אַטאַקע און ער האָט זיך צוריקגעצויגן ערשט האַרט פֿאַר די שווערדן פֿון שונא. די זאַפּאָראָזשער האָבן זיך ביסלעכווייז אָנגעשטעקט מיט זיין מסירות-נפֿש און הגם זיי זענען געפֿאַלן אין געדיכטע מאַסן, זענען זיי געלאָפֿן צו די גראבנס, איבעריאָגנדיק איינער דעם צווייטן און מיט קולי-קולות. זיי זענען אָנגעלאָפֿן אויף די מויער פֿון די אייזערנע ברוסטן, אויף די די שאַרפֿן פֿון די

שאַרפֿן פֿון די שפּיזן, און צוקלאַפּטע, נאָך גרויסע אבדות, האָבן זיי זיך ווידער גענומען אַטאַקירן. אונטער דעם דאָזיקן דרוק האָבן די פּוילישע חיילות זיך געמוזט וואַקלען, בויגן, ערטערווייז צוריקציִען, פּונקט ווי אַ גבור, ווען ער ווערט בעתן געראַנגל אַריינגעקלעמט אין די אייזערנע אָרעמס פֿון קעגנער, בלייבט אַמאָל אָן כּוחות, און באַלד מאַכט ער ווידער אַ אָנשטרענגונג און באַקומט די אויבער־האַנט.

פֿאַרמיטאָג זענען כּמעט אַלע זאַפּאָראָזשער כּוחות געווען אין פֿייער און אין דער שלאַכט. די מלחמה האָט געפֿלאַקערט אַזוי עקשנותדיק, אַז צווישן ביידע קעמפֿנדיקע מחנות איז ווי אויסגעוואַקסן אַ נייע מחיצה — פֿון פֿערדישע און מענטשלעכע נבלות.

יעדע ווײַלע זענען אין די קאָזאַקישע גראָבנס צוריקגעקומען פֿון דער שלאַכט גרופּן פֿאַרוווּנדעטע, פֿאַרבלוטיקטע, מיט קויט באַדעקטע און פֿאַרמאַטערטע זעלנער, וואָס זענען געפֿאַלן איבער די פֿיס. אָבער זיי האָבן צוריקגעקערט מיט געזאַנג. פֿון זייערע פּנימער האָט געשלאָגן די היץ פֿון דער שלאַכט און די זיכערקייט אין נצחון. פֿאַר׳חלש׳טע, האָבן זיי נאָר געשריגן: „אַ טויט זיי!” דער גאַרניזאָן, וואָס איז פֿאַרבליבן אין לאַגער, האָט זיך געריסן צו דער שלאַכט.

העל סקשעטוסקי איז באַטריבט געוואָרן. די פּאָלקן האָבן גענומען לויפֿן צו די גראָבנס. זיי האָבן שוין ניט געקאָנט אויסהאַלטן, און אין זייער צוריקציִען־זיך איז קענטיק געווען אַ פֿיבערהאַפֿטע אײַלעניש. אויף דעם אָנבליק האָבן זיך פֿון עטלעכע און צוואַנציק טויזנט מײַלער אַרויסגעריסן פֿרייד־געשרייען. דער אימפּעט פֿון דער אַטאַקע איז פֿאַרטאָפּעלט געוואָרן. די זאַפּאָראָזשער האָבן זיך געזעצט אויפֿן קאַרק פֿון פּאָטאָצקיס קאָזאַקן, וועלכע האָבן פֿאַרשטעלט דעם צוריקצוג.

אָבער די האַרמאַטן און דער האָגל פֿון די ביקסן־קוילן האָבן זיי צוריקגעוואָרפֿן. די שלאַכט האָט אויף אַ ווײַלע אויפֿגעהערט. אין פּוילישן לאַגער האָט זיך דערהערט דאָס שאַלן פֿון אַ שלום־אָנזאָגנדיקער טרומייט.

אָבער כמיעלניצקי האָט שוין ניט געוואָלט קיין שלום. צוועלף פּאָלקן זענען אַראָפּ פון די פערד, כדי צוזאַמען מיט די פוס-גייער און טאָטערס צוצוטרעטן צו שטורמען די גראָבנס.

קשעטשאָווסקי האָט מיט דריי טויזנט פוס-גייער זיי געזאָלט קומען צו הילף אין מאָמענט פון אַנטשיידונג. אַלע קעסלען, פויקלעך און טרומייטן האָבן זיך צוהילכט מיט אַ מאָל, פאַרטויבנדיק די געשרייען און זאַלפּן פון די ביקסן.

הער סקשעטוסקי האָט מיט שרעק געקוקט אויף די טיפע רייען פון די אומפאַרגלייטלעכע זאַפּאָראָזשער פוס-גייער, וואָס זענען געלאָפן צו די גראָבנס און זיי אַרומגענומען מיט וואָס אַמאָל אַ ענגערן רינג. לאַנגע סלופּעס פון ווייסן רויך האָבן אַ קעגן זיי אַרויסגעזעצט פון די גראָבנס, גלייך ווי עפּעס אַ געוואַלדיקע ברוסט וואָלט וועלן אָפּוועקבלאָזן דעם דאָזיקן היישעריק, וואָס האָט זיך אומדערבאַרמיק געשטויסן פון אַלע זייטן. די האַרמאַטן-קוילן האָבן אין זיי אויסגעבויערט לעכער, די ביקסן האָבן געשאָסן וואָס אַמאָל האַסטיקער. די שיסערייַ האָט נישט אויפגעהערט קיין איין רגע — דאָס געווימעל האָט זיך ערטערווייז קאָנוולסיוו געקאָרטשעט, ווי אַ גוואַלדיקער פאַרווונדעטער שלאַנג, אָבער ס'איז געגאַנגען פאָרויס. אָט, אָט לויפן זיי אָן! זיי זענען שוין ביים גראָבן! — די האַרמאַטן קאָנען זיי שוין שאַטן! הער סקשעטוסקי האָט צוגעמאַכט די אויגן.

און איצט זענען די געדאַנקן בליץ-שנעל דורכגעפלויגן דורך זיין קאָפּ: אַז ער וועט עפענען די אויגן, צי ער וועט נאָך דערזען די פוילישע פאָנען איבער די גראָבנס? ער וועט דערזען, אָדער נישט דערזען? דאָרט ווערט דער רעש וואָס אַמאָל גרעסער, דאָרט איז עפּיס אַ אומגעוועגלעך געפילדער. ס'האָט עפּעס געמוזט געשען? געשרייען טראָגן זיך אָן פון מיטן לאַגער. וואָס איז דאָס? וואָס איז געשען?

— אַלמעכטיקער גאָט!

דאָס דאָזיקע געשריי האָט זיך אַרויסגעריסן פון הער סקזשעטוסקיס מויל, ווען ער האָט געעפנט די אויגן און דערזען איבער די גרובנס אַ רויטע פאָן מיטן שר פון די מלאכים,

אויפֿן אָרט פֿון דער גרויסער גאָלדענער קרוין־פֿאָן.

דער לאַגער איז געווען איינגענומען.

ערשט אין אָוונט האָט זיך דער נאַמיעסטניק דערוווּסט פֿון זאַכאַרן וועגן גאַנצן גאַנג פֿון שטורם. נישט בחנם האָט טוהאַי־בעי אָנגערופֿן כמיעלניצקין שלאַנג, ווייל דווקא אין מאָמענט, ווען דער פּוילישער לאַגער האָט זיך פֿאַרטיידיקט מיטן גרעסטן מסירות־נפֿש, זענען באַלאַבאַנס דראַגונער, וואָס זענען דערצו אָנגערעט געוואָרן דורך כמיעלניצקין, אַריבער צו די קאָזאַקן, און וואַרפֿנדיק זיך פֿון הינטן אויף זייערע פּאָלקן, האָבן זיי מיטגעהאָלפֿן זיי צו פֿאַרטיליקן ביז צום לעצטן.

אין אָוונט האָט דער נאַמיעסטניק געזען די געפֿאַנגענע און ער האָט בייגעוווינט דעם טויט פֿון יינגען פּאָטאָצקין, וואָס זיין האַלז איז געווען דורכגעשאָסן פֿון אַ קויל. ער האָט געלעבט נאָר אַ פּאָר שעה נאָך דער שלאַכט און איז געשטאָרבן אויף הער טשאַרניעצקיס האַנט: „זאָגט דעם פֿאָטער — האָט דער יונגער קאַשטעלאַן געשעפּטשעט אין דער לעצטער רגע — זאָגט דעם — אַז כ׳בין... ווי אַ ריטער...” און ער האָט מער גאָרנישט געקאָנט צוגעבן. זיין נשמה האָט פֿאַרלאָזט דעם גוף און איז אַוועקגעפֿלויגן אין הימל. סקשעטוסקי האָט שפּעטער לאַנג געדענקט דאָס דאָזיקע בלייכע פּנים און די דאָזיקע בלויע אויגן, וואָס זענען בעת יציאת־נשמה געווען געווענדעט אין די הויך. הער טשאַרניעצקי האָט איבערן אָפּגעקילטן גוף געגעבן אַ שבועה, אַז אויב עס וועט אים פֿון גאָט באַשערט זיין צו געווינען די פֿרייהייט, וועט ער מיט שטראָמען בלוט אָפּוואַשן דעם טויט פֿון פֿריינט און דעם בזיון פֿון דער מפּלה. און קיין טרער איז אַפֿילו נישט גערונען איבער זיין שטרענגען פּנים, ווייל דאָס איז געווען אַ אייזערנער ריטער, וועלכער האָט זיך שוין קונה־שם געווען מיט זיינע גבֿורות און איז נישט נתפּעל געוואָרן פֿון קיין שום אומגליק. און ער האָט טאַקע די שבֿועה מקיים געווען. אָנשטאָט זיך אַריינלאָזן אין יאוש, האָט ער איצט דער ערשטער געטרייסט סקשעטוסקין, וועלכער האָט געהאַט שרעקלעכע יסורים צוליב דער מפּלה און שאַנד פֿון דער רעפּובליק.

די רעפּובליק האָט שוין נישט איין מפּלה איבערגעלעבט, האָט הער טשאַרניעצקי געזאָגט, אָבער אירע כּוחות זענען נאָך פריש. עס האָט זיי ביז איצט נישט געבראָכן קיין שום מאַכט, עס וועלן זיי אויך נישט ברעכן די מרידות פון די פויערן, וועלכע גאָט וועט אַליין באַשטראָפן, ווייל אַרויסטרעטנדיק קעגן מלכות, טרעטן זיי אויך אַרויס קעגן זיין רצון. און וואָס שייך דער מפּלה, איז דאָס אמת זייער טרויעריק, אָבער ווער האָט געליטן די דאָזיקע מפּלה? די העטמאַנעס? די קרוין־חיילות? — ניין! נאָך קושעטשאָווסקיס אפטריניקייט און בגידה, האָט יענע אָפּטיילונג, וואָס פּאָטאָצקי האָט געפירט, נאָר געקאָנט באַטראַכט ווערן פאַר אַ פאַרפּאָסטן. די מרידה וועט אָן ספק אַרומכאַפּן גאַנץ אוקראַי-נע, ווייל די דאָרטיקע פויערן זענען הפקר־מענטשן און אויסגע-בילדעט צום קאַמף. אָבער דאָרט איז דאָך אַ מרידה נישט קיין נייעס. עס וועלן זי פאַרלעשן די העטמאַנעס מיטן פירשט יערעמי, וואָס זיינע אומבאַריטע כּוחות שטייען און וואַרטן ביז איצט — און וואָס מעכטיקער די מרידה וועט אויסברעכן, אַלץ שטילער וועט זי ווערן, אויב זי וועט איינמאָל דערשטיקט ווערן אויף אַ לענגערער צייט, און אפשר גאָר אויף אייביק. נאָר אַ פאַרצווייפלטער און קליינמוטיקער מענטש קאָן גלויבן, אַז עפּעס אַ קאָזאַקישער אַטאַמאַן בשותפות מיט אַ טאַטערישן פּריץ קאָנען אויף אַן אמת זיין אַ סכּנה פאַר אַ מעכטיקן פאָלק. שלעכט וואָלט געווען מיט דער רעפּובליק, ווען אַ געוועלטיקע פויערן־מהומה וואָלט געקאָנט באַשטימען איר גורל, איר קיום. אמת, מיר זענען מיט ביטול אַרויס אַ קעגן די מורדים — האָט הער טשאַרניעצקי געענדיקט — און הגם דער פאַרפּאָסטן איז פאַר־טיליקט געוואָרן, מיין איך פונדעסטוועגן, אַז נישט מיט דער שווערד, ניט מיט פלי־זיין, נאָר מיט בייטשן זענען די העטמאַ-נעס בכּוח צו דערשטיקן די דאָזיקע מרידה.

און ווען ער האָט אַזוי גערעדט, האָט זיך ־ויסגעדוכטן, אַז דאָס רעדט נישט אַ געפאַנגענער, נישט אַ זעלנער נאָך אַ פאַרשפּילטער שלאַכט, נאָר אַ שטאָלצער העטמאַן, וואָס איז זיכער אין מאָרגנדיקן נצחון. די דאָזיקע גרויסמוטיקייט און

גלויבן אין דער רעפּובליק האָבן געטריפט ווי א באַלזאַם אויפֿן נאַמיעסטניקס ווונדן. ער האָט געזען פֿון דער נאָענט כמיעלניצקיס מאַכט און דערפֿאַר האָט זי אים אויך אַביסל פּאַרבלענט, בפֿרט אַז זי האָט ביז איצט כסדר מצליח געווען. אָבער הער טשאַרנעצקי איז זיכער געווען געררעכט. די כּוחות פֿון די העטמאַנעס שטייען נאָך אומבאַריִרט, און הינטער זיי שטייט דער גאַנצער כּוח פֿון דער רעפּובליק, דער גאַנצער כּוח פֿון געזעץ, מאַכט און גאָטס רצון, דער נאַמיעסטניק איז דעריבער אַוועקגעגאַנגען מיט אַ באַרואיקטן געמיט און אַ דערפֿרייטער און, אַוועקגייענדיק, האָט ער נאָך געפֿרעגט דעם הער טשאַרנעצקי, צי ער וואָלט ניט וועלן באַלד פֿירן אונטערהאַנדלונגען מיט כמיעלניצקין וועגן זיין פֿרייהייט.

— איך בין טוהאַי־בעיס געפֿאַנגענער — האָט הער סטעפֿאַן געזאָגט — אים וועל איך אויך באַצאָלן אויסלייז־געלד, און מיט דעם דאָזיקן אַטאַמאַן וויל איך אפֿילו ניט האָבן צו טון און וואָל אים דער טייוול נעמען.

זאַכאַר, וועלכער האָט דעם הער סקשעטושקין פֿאַרלייכטערט דאָס זען־זיך מיט די געפֿאַנגענע, האָט אים אויך געטרייסט אויפֿן וועג, אָפּפֿירנדיק אים צום וואָגן:

— ניט מיטן יינגען פּאָטאָצקין איז שווער — האָט ער געזאָגט — אַ שווערע מערכה וועט ערשט זיין מיט די העטמאַנעס. די מלחמה האָט זיך ערשט אָנגעהויבן, און וואָס וועט זיין דער סוף — ווייסט איין גאָט! העי, די קאָזאַקן און טאָטערס האָבן פֿאַרכאַפּט גענוג פּויליש האָב און גוטס, אָבער ס'איז נאָך אַ ספק, צי ס'וועט ביי זיי בלייבן. און דו, קינד, זיי דיך ניט מצער, האָב ניט קיין מורא, ווייל סיי ווי סיי וועסטו באַפֿרייט ווערן — דו וועסט אַוועק צו דיינע, און דער אַלטער וועט שוין בענקען נאָך דיר. אויף דער עלטער איז שווער צו זיין אַליין. מיט די העטמאַנעס וועט זיין שווער, אוי, שווער!

און באמת, הגם דער נצחון איז געווען אַ גלענצנדיקער, האָט ער אָבער ניט אַנטשידן די פֿראַגע לטובת כמיעלניצקין. אדרבא, ער האָט זיך געקאָנט פֿאַר אים אויסלאָזן גאָר שלעכט,

וואָרום ס'איז לײַכט געווען פֿאָראויסצוזען, אַז איצט וועט דער גרויס־העטמאַן, וועלנדיק נקמה נעמען פֿאַרן זונס טויט, מיט אַ באַזונדערער פֿאַרביסנקייט זיך אָנוזעצן אויף די זאַפּאָראָזשער און אָן לאַנגע שהיות זיך באַמיען מיט איין מאָל פֿון זיי אַ תל צו מאַכן. דער גרויס־העטמאַן האָט געפֿילט אַ געוויסע שנאה צום פֿירשט יערעמי: און הגם די דאָזיקע שנאה איז געווען פֿאַרשלייערט פֿון דרך־ארץ וועגן, האָט זי זיך אָבער גענוג אָפֿט אַרויסגעוויזן ביי פֿאַרשיידענע געלעגנהייטן. כמיעלניצקי האָט דאָס גוט געוווּסט, ער האָט זיך אָבער משער געווען, אַז איצט וועט די דאָזיקע שנאה אויפֿהערן און אַז דער האַר פֿון קראַקאָ וועט דער ערשטער אויסשטרעקן די האַנט צום שלום, וואָס וועט אים באַוואָרענען מיט דער הילף פֿון באַרימטן מלחמה־מאַן און זיינע מעכטיקע חיילות. און מיט אַזעלכע פֿאַראייניקטע כּוחות, אונטער אַזאַ פֿירער ווי דער פֿירשט, האָט כמיעלניצקי זיך נאָך נישט דערוועגט צו פֿאַרמעסטן, ווייל ער האָט נאָך נישט געהאַט גענוג בטחון אין זיך. ער האָט דעריבער באַשלאָסן זיך צו איילן, כּדי אָנצוקומען קיין אוקראַינע צוזאַמען מיט דער ידיעה וועגן דער מפּלה ביי די געלע וואַסערן, און צו באַפֿאַלן די העטמאַנעס נאָך איידער דעם פֿירשטס הילף וועט באַוויזן אָנצוקומען.

ער האָט דעריבער נישט געלאָזט אויסרוען זיינע חיילות און דעם צווייטן טאָג, מיטן זון־אויפֿגאַנג, האָט מען זיך געלאָזט אין וועג אַריין. און מאַרשירט האָבן זיי אַזוי גיך, גלייך ווי זיי וואָלטן אַנטלאָפֿן. וואָלסט געמיינט, אַ מבול פֿאַרפֿלייצט דעם סטעפּ, און גיסט־זיך פֿאַנאַנדער וואָס אַמאָל ווייטער, מיט־רייסנדיק מיט זיך אַלע וואַסערן אויפֿן וועג. זיי האָבן געמיטן וועלדער, קברים, זיי זענען אַריבערגעגאַנגען טייכן, נישט אָפּ־רוענדיק זיך אַ רגע. די קאָזאַקישע כּוחות זענען געוואַקסן איבערן וועג, ווייל וואָס אַמאָל גרעסערע מחנות פֿון פּויערן, וואָס זענען אַנטלאָפֿן פֿון אוקראַינע, זענען כּסדר צו זיי צוגע־שטאַנען. די פּויערן האָבן אויך געבראַכט ידיעות וועגן די העטמאַנעס — אָבער זיי זענען געווען פֿול מיט סתירות. אַ טייל

האָט געזאָגט, אַז דער פּירשט זיצט נאָך אויף יענער זייט דניעפּר; אַ צווייטער, אַז ער האָט זיך שוין פֿאַראייניקט מיט די קרוין-חיילות, דאַגעגן האָבן אַלע דערציילט, אַז אוקראַינאַ איז שוין אַרומגעכאַפּט פֿון אַ העליש פֿייער. די פּויערן זענען נישט בלויז אַקעגנגעלאָפֿן כמיעלניצקין אין די ווילדע פֿעלדער, נאָר זיי האָבן אויך אונטערגעצונדן דערפֿער און שטעט, זיך געוואָרפֿן אויף זייערע בעלי-בתּים און אומעטום זיך באַוואָפֿנט. די קרוין-חיילות האָבן זיך שוין געשלאָגן זייט צוויי וואָכן. גאַנץ סטעבלעוו איז אויסגעקוילעט געוואָרן, און בײַ דערענהאָווצי איז געקומען צו אַ בלוטיקער שלאַכט. די שטאָטישע קאָזאַקן האָבן דאָ און דאָרט זיך איבערגעוואָרפֿן אויף די זייט פֿון די מורדים, און אומעטום האָט מען געוואַרט אויפֿן רוף צו דער מלחמה. כמיעלניצקי האָט אויף דעם אַלעם גערעכנט און דערפֿאַר זיך נאָך מער געאײַלט.

צום סוף איז ער צוגעקומען צו דער שוועל: טשעכרין האָט פֿאַר אים אויפֿגעפּראַלט די טויערן. דער קאָזאַקן-גאַרניזאָן איז באַלד אַריבער אונטער זיין פֿאָן. טשאַפּלינסקיס הויז איז פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ חורבה, אַ הייפֿל שלאַכטשיצעס, וואָס האָבן געזוכט אַ מקום-מקלט אין דער שטאָט, איז אויסגעקוילעט געוואָרן. יובל-געשרייען, גלאָקן-געקלאַנג און פּראָצעסיעס האָבן אויף קיין איין רגע ניט אויפֿגעהערט. דאָס פֿייער האָט באַלד אַרומגעכאַפּט די גאַנצע סביבה. יעדעס לעבעדיקע באַשעפֿעניש האָט געכאַפּט אַ קאָסע, אַ שפּיז און זיך פֿאַרייניקט מיט די זאַפּאָראָזשער. געוואַלדיקע מאַסן האָבן געשטראָמט צום לאַגער פֿון אַלע זייטן — עס זענען אויך אָנגעקומען פֿריילעכע און זיכערע בשורות, אַז פּירשט יערעמי האָט טאַקע צוגעזאָגט זיין הילף די העטמאַנעס, אָבער ער האָט זיך נאָך מיט זיי ניט פֿאַרייניקט.

כמיעלניצקי האָט פֿרייער אָפּגעטעמט.

ער האָט אָן שהיות זיך געלאָזט ווייטער אין וועג אַרײַן און ער האָט שוין איצט מאַרשירט צווישן מרידות, שחיטות און שׂרפֿות. עס האָבן וועגן דעם עדות געזאָגט די חורבות און

הוּוגים. ער איז געגאַנגען ווי אַ פֿייער־צונג, פֿאַרצערנדיק אַלץ אויפֿן וועג. פֿאַר אים איז דאָס לאַנד אויפֿגעשטאַנען צו מרידות, הינטער אים איז עס געוואָרן פּוסט און וויסט, ער איז געגאַנגען ווי אַ נוקם־ונוטר, ווי לעגענדאַרישער פֿייערדיקער שלאַנג. זיינע טריט האָבן אַרויסגעקוועטשט בלוט, זיין הויך האָט אויפֿגעבלאָזן פֿייער־פֿלאַמען.

אין טשערקאַסי האָט ער זיך פֿאַרהאַלטן מיט די הויפּטכּוחות און אַרויסגעשיקט צוערשט די טאָטערס אונטער טוהאַי־בעיס אָנפֿירונג און דעם ווילדן קשיוואָנאָס, וועלכע האָבן אָנגעיאָגט די העטמאַנעס ביי קאָרסון און זיי דאָרט איבערגעפֿאַלן אָן שום וואַקלעניש. זיי האָבן אָבער געמוזט טייער באַצאָלן פֿאַר זייערד דרייסטקייט. צוריקגעשטויסענע, צוקלאַפּטט און צעריבענע אויף שטויב, האָבן ויי זיך צוריקגעצויגען אין אומאָרדנונג.

כמיעלניצקי איז אויפֿגעשפּרונגען און זיי געגאַנגען צו הילף. אויפֿן וועג איז צו אים דערגאַנגען די ידיעה, אַז הער שעניאַווסקי מיט אַ פּאָר פּאָלקן האָט זיך פֿאַרייניקט מיט די העטמאַנעס, וועלכע האָבן פֿאַרלאָזט קאָרסון און מאַרשירן קיין בוהוסלאַוו. דאָס איז געווען אמת. כמיעל. האָט פֿאַנומען קאָרסון אָן אַ ווידערשטאַנד און איבערלאָזנדיק דאָרט די פֿורן, לעבנסמיטלען, און בכלל דעם גאַנצן לאַגער, האָט ער מיט אַ מחנה רייטער זיי נאָכגעיאָגט.

ער האָט לאַנג ניט געדאַרפֿט נאָכיאָגן ווייל זיי זענען נאָך ווייט ניט געווען אָפּגעגאַנגען. ביי קרוטאַ־באַלקאַ האָט זיין פֿאָדערשטע וואַך זיך אָנגעשטויסן אויף די פּוילישע חיילות.

דעם הער סקשעטוסקי איז ניט באַשערט געווען צו זען די שלאַכט, ווייל צוזאַמען מיטן לאַגער איז ער געבליבן אין קאָרסון. זאַכאַר האָט אים איינקוואַטירט. אין מאַרק, אין הויז פֿון הער זאַבאַקשיצקין, וועלכן דער המון האָט נאָך פֿריער געהאַט אויפֿגעהאָנגען — און ער האָט אַוועקגעשטעלט אַ וואַך פֿון דעם יתר־הפּליטה פֿון האָראָדער פּאָלק, ווייל דאָס פּעפּל האָט כּסדר ראַבירט די הייזער און געהרגעט יעדן, וועמען זי האָט

אָנגענומען פֿאַר אַ ליאַך. דורך די צובראָכענע פֿענסטער האָט הער סקשעטוסקי געזען גרופּן פֿון שכורע, פֿאַרבלוטיקטע פּויערן מיט פֿאַרקאַטשעטע אַרבל ביי די העמדער, וועלכע האָבן זיך געשלעפּט פֿון הויז צו הויז, פֿון קלייט צו קלייט און דורכגענישטערט אַלע ווינקלען בוידעמס, דאַך־שטובן — פֿון צייט צו צייט האָט אַ שרעקלעכער ליאַרם צעוויסן געגעבן, אַז מ׳האָט געפֿונען אַ שלאַכטשיץ, אַ ייִד, אַ מאַנסביל, אַ פֿרוי אָדער קינד. מ׳האָט אַרויסגעשלעפּט דעם קרבן אויפֿן מאַרק און אים געפּייניקט אויפֿן שרעקלעכסטן אופֿן. דער המון האָט זיך געראַנגלט צווישן זיך וועגן די רעשטלעך פֿון די קערפּערס, האָט זיך מיט פֿאַרגעניגן אויסגעשמירט מיטן בלוט די פּנימער און די ברוסטן, האָט אַרומגעוויקלט די העלדזער מיט די קישקעס, פֿון וועלכע ס׳האָט נאָך געשלאָגן אַ פּאַרע. די פּויערן האָבן געכאַפּט קליינע ייִדעלעך פֿאַר די פֿיס און זיי צעריסן ביי אַ ווילדן געלעכטער פֿון המון. מ׳האָט זיך אויך געוואָרפֿן אויף די הייזער, וואָס זענען געווען אַרומגערינגלט מיט אַ וואַך און אין וועלכע עס זענען געווען פֿאַרשפּאַרט די חשובסטע געפֿאַנגענע, וואָס מ׳האָט געלאָזט לעבן דערפֿאַר, ווייל מ׳האָט זיך גערעכנט אויף אַ גרויסן אויסקויף־געלט פֿאַר זיי. די קאָזאַקן אָדער טאַטערס, וואָס זענען געשטאַנען אויף דער וואַך, האָבן אָפּגעשטויסן דעם המון, שלאָגנדיק איבער די קעפּ פֿון די אָנפֿאַלער מיט די הענטלעך פֿון די שפּיזן, מיט די בויגנס אָדער קאַנטשוגעס. אַזוי איז געווען ביי הער סקזשעטוסקיס הויז. זאַכאַר האָט געהייסן אומברחמנותדיק מקים־פּסק זיין די פּויערן, און די מירהאָראָדער האָבן מיט פֿאַרגעניגן אויסגעפֿירט דעם באַפֿעל, וואָרום די טאָל־באַוווינער האָבן אין דער צייט פֿון מרידות גערן אָנגענומען די הילף פֿון המון, אָבער זיי האָבן זיך באַצויגן צו זיי מיט ביטול, אַ לאַין־ערך גרעסערן, איידער די שלאַכטע. נישט בחינם האָבן זיי זיך גערופֿן „איידל־געבוירענע קאָזאַקן!״. כמיעלניצקי אַליין האָט שפּעטער נישט איינמאָל אַ גרויסע צאָל פֿון המון אַוועקגעשענקט די טאָטערס, וועלכע האָבן זיי געטריבן קיין קרים און פֿון דאָרט פֿאַרקויפֿט קיין טערקיי און קליין־אַזיע.

דער המון האָט געהוליעט אויפֿן מאַרק און זיך אַזוי צווילדעוועט, אַז צום סוף האָט איינער דעם צווייטן גענומען הרגענען. די נאַכט איז צוגעגאַלן. מ׳האָט אונטערגעצונדן איין גאַנצע זייט פֿון מאַרק, די קירך און דאָס הויז פֿון גלח. צום גליק האָט דער ווינט אַוועקגעבלאָזן דאָס פֿייער צום פֿעלד און נישט דערלאָזט, אַז עס זאָל זיך פֿאַרשפּרייטן. אָבער די געוואַלדיקע פֿייער-צונגען האָבן אַזוי העל באַלויכטן דעם מאַרק, ווי די שטראַלן פֿון די זון. ס׳איז געוואָרן הייס נישט צום אויסהאַלטן. פֿון דערווייטנס האָט זיך דערטראָגן דאָס שרעקלעכע געקנאַלעריי פֿון האַרמאַטן — משמעות, די שלאַכט ביי קוטאַבאַלקא איז געוואָרן וואָס אַמאָל פֿאַרביסענער.

— עס מוז דאָרט הייס זיין אונזערע! — האָט געברומט דער אַלטער זאַכאַר — די העמאַנעס מאַכן נישט קיין קאַטאָוועס. העי! הער פּאָטאָצקי איז אַ בראַווער זעלנער!

שפּעטער האָט ער דורכן פֿענסטער אָנגעוויזן אויפֿן המון.

— נו! — האָט ער געזאָגט — איצט הוליען זיי, אָבער אויב כּמיעל. ווערט צוקלאַפּט ווערן, וועט מען זיך אויך איבער זיי צוהוליען!

אין דער רגע האָבן זיך דערהערט טריט און אין מאַרק זענען אַריינגעריטן אויף מיט שוים באַדעקטע פֿערד אַ פּאָר צענדליק ריטער. זייערע פּנימער, וואָס זענען געווען שוואַרץ פֿון פּולווער, זייערע צעריסענע הלבשות און די קעפּ פֿון אייניקע, וואָס זענען געווען אַרומגעבונדן מיט שמאַטעס, האָבן עדות געזאָגט, אַז זיי קומען גלייך פֿון דער שלאַכט.

— מענטשן! ווער עס גלויבט אין גאָט, ראַטעוועט זיך! די לאַכן שלאָגן אונזערע! — האָבן זיי געשריגן מיט קולי-קולות.

ס׳איז אַנטשטאַנען אַ רעש און אַ צומישעניש. דער המון האָט זיך צעוויגט ווי אַ כוואַליע, וואָס ווערט געריסן דורך אַ וויכער. מיט אַמאָל האָט אַ ווילדע מהומה אַלעמען אַרומגעכאַפּט. מ׳האָט זיך גענומען אַנטלויפֿן, אָבער אַזוי ווי די גאַסן זענען געווען געפּאַקט מיט פֿורן און איין טייל פֿון מאַרק איז געשטאַנען אין פֿייער, איז נישט געווען וווּ צו אַנטלויפֿן.

דער המון האָט זיך גענומען שטויסן, שרייען, שלאָגן, ווערגן און בעטן רחמים, הגם דער שונא איז נאָך געווען ווייט.

אַז דער נאַמיעסטניק האָט דערהערט, וואָס עס טוט זיך, איז ער שיִער ניִשט משוגע געוואָרן פון שמחה; ער האָט גענומען לויפן איבערן חדר ווי אַ צודולטער, האָט זיך מיט אַלע כּוחות געקלאַפּט מיט די הענט אין די ברוסט און אויסגערופן:

— כ׳האָב געוווסט, אַז ס׳וועט אַזוי זיין! כ׳האָב געוווסט! אַזוי ווי איך לעב! דאָ האָט מען צו טון מיִט די העטמאַנעס! מיִט דער גאַנצער רעפּובליק! גאָטס שטראָף איז געקומען! וואָס איז דאָס?

ווידער האָבן זיך דערהערט טריט און דאָס מאָל האָבן זיך אַ פּאָר הונדערט רייטער, בלויז טאָטערס, באַוויזן אויפן מאַרק. זיי זענען אַפּנים געלאָפן ווו די אויגן האָבן זיי געטראָגן. דער המון האָט זיי פאַרשפּאַרט דעם וועג, זיי האָבן זיך געוואָרפן אין המון אַריין, האָבן אים געטרעטן, געשלאָגן, צוטריבן, געהאַקט, טרייבנדיק די פערד צום שליאַך, וואָס פירט קיין טשערקאַסי.

— זיי אַנטלויפן ווי אַ וויכער.

קוים האָט ער דאָס אַרויסגערעדט, איז דורכגעפלויגן אַ צווייטע אָפּטיילונג, באַלד נאָך זיי אַ דריטע. ס׳האָט זיך אויסגעוויזן, אַז אַלע אַנטלויפן. די וואַך־פּאָסטנס ביי די הייזער האָבן זיך גענומען דרייען און אויך אַרויסגעוויזן אַ חשק צו אַנטלויפן. זאַכאַר איז אַרויסגעלאָפן אין דרויסן.

— שטייט! — האָט ער אַ געשריי געטון אויף זיינע מירגאראדער.

דער רויך, היץ, מהומה, טריט פון די פערד, בהלה־געשרייען, געהייל פון המון, וואָס איז געווען באַלויכט פון פייער, דאָס אַלץ האָט זיך צונויפגעגאָסן אין איין גיהנום־בילד, אויף וועלכן דער נאַמיעסטניק האָט אַראָפּגעקוקט פון פענסטער.

— וואָס פאַר אַ פּאָגראָם מוז דאָרט זיין! וואָס פאַר אַ פּאָגראָם! — האָט ער זיך אָנגערופן צו זאַכאַרן, פאַרגעסנדיק, אַז דער לעצטער קאָן זיך גאָרניִשט מיִטפרייען מיט זיין פרייד.

דערווייל איז אַ אָפּטיילונג פֿון אַנטלויפֿנדיקע ווידער דורכגעלאָפֿן ווי אַ בליץ.

דאָס געקנאַלערײַ פֿון די האַרמאַטן האָט אויפֿגעטרייסלט די יסודות פֿון די קאָרסונער הייזער.

מיט אַמאָל האָט עפּעס אַ מוראדיקע שטים, הארט בײַם הויז, גענומען שרייען:

— ראַטעוועט זיך! כמיעלניצקי איז טויט! קשעטשאָווסקי איז טויט! טוהאַי-בעי איז טויט!

אויפֿן מאַרק האָט אויסגעזען ווי די וועלט וואָלט באמת אונטערגעגאַנגען.

מענטשן האָבן זיך אין משוגעת געוואָרפֿן אין די פֿייערפֿלאַמען. דער נאַמיעסטניק איז געפֿאַלן אויף די קני און געהויבן די הענט אין די הויך!

— שטאַרקער גאָט! גרויסער און גערעכטער גאָט — אַ לויב דיר אין די הויכע הימלען!

זאַכאַר האָט אים איבערגעהאַקט די תּפֿלה, אַרײַנפֿאַלנדיק פֿון פֿאָדער-הויז אין שטוב אַרײַן.

— הער, קינד! — האָט ער אויסגערופֿן קוים כאַפּנדיק דעם אָטעם — גיי אַרויס און זאָג-צו גנאַד די מירגהאָראָדער, ווייל זיי ווילן אַוועקגיין — און אויב זיי וועלן אַוועקגיין, וועט דער המון זיך דאָ אַרײַנבײַסן!

סקשעטוסקי איז אַרויסגעגאַנגען אין דרויסן. די מירהאָראָדער האָבן זיך געדרייט אומרואיק פֿאַרן הויז, אַרויסווײַזנדיק בולט דעם חשק צו פֿאַרלאָזן דעם פּאָסטן און צו אַנטלויפֿן מיטן שליאַך, וואָס פֿירט קיין טשערקאַסי. אַ אימה איז אַלעמען באַפֿאַלן אין דער שטאָט. יעדעס מאָל האָבן נײַע מחנות פֿון רעשטלעך זיך אָנגעטראָגן ווי אויף פֿליגל פֿון דער זייט פֿון קרוטא באַלקאַ. עס זענען אַנטלאָפֿן פּויערן, טאָטערס, שטעטישע און זאַפּאָראָזשער קאָזאַקן אין דער גרעסטער מהומה. און פֿונדעסטוועגן האָבן כמיעלניצקיס הויפּט-כּוחות נאָך געמוזט געבן אַ ווידערשטאַנד, די שלאַכט האָט נאָך נישט געמוזט זיין פֿאַרענדיקט, ווייל די האַרמאַטן האָבן געדונערט מיט אַ פֿאַרטאָפּלטער

קראַפּט.

סקשעטוסקי האָט זיך געווענדעט צו די מירהאָראָדער.

— דערפאַר, וואָס איר האָט געטריי געהיטן מיין פּערזאָן — האָט ער געזאָגט מיט גאווה — דאַרפט איר זיך ניט מציל זיין דורך אַנטלויפן, ווייל איך זאָג אייך צו אויסצופּועלן פאַר אייך חסדים ביים העטמאַן.

די מירהאָראָדער האָבן אַלע אָפּגעדעקט די קעפּ, און ער האָט זיך אָנגענומען ביי די זייטן און שטאָלץ געקוקט אויף זיי און אויפן מאַרק, וואָס איז געוואָרען וואָס אַמאָל פוסטער. ווי דער גודל האָט זיך געענדערט! אָט איז הער סקשעטוסקי, ערשט ניט לאַנג אַ געפאַנגענער, וואָס איז מיטגעשלעפּט געוואָרן מיטן קאָזאַקן-לאַגער, איצט געשטאַנען צווישן די חוצפּהדיקע קאָזאַקן, ווי אַ האַר צווישן זיינע אונטערטאַנען, ווי אַ שלאַכטשיץ צווישן המון, ווי אַ הוזאַר פון פאַנצער-פּאָלק צווישן די לאגערקנעכט. ער — דער געפאַנגענער — האָט איצט צוגעזאָגט חסדים — און די קעפּ האָבן זיך אָפּגעדעקט אויף אָנבליק, און הכנעה'דיקע שטימען האָבן אויסגערופן מיט יענעם אומעטיקן צוציגענעם טאָן, וואָס איז אַ סימן פון שרעק און אונטערטעניקייט.

— דערבאַרעם זיך, האַר!

— אַזוי ווי כ'האָב געזאָגט, אַזוי וועט זיין! — האָט דער באַמיעסטניק געזאָגט.

און ער איז באמת זיכער, אַז דער העטמאַן וועט אים טון, ווייל ער האָט אים געקאָנט; ניט איינמאָל האָט ער צו אים געפירט בריוו פון פירשט יערעמי און געוווסט ווי אַזוי צו געווינען זיין צוגענייגטקייט. ער איז דעריבער געשטאַנען, האַלטנדיק זיך ביי די זייטן און די שמחה האָט געשלאָגן פון זיין פּנים, וואָס איז געווען העל באַלויכטן מיטן שיין פון פייער.

— אָט איז די מלחמה געענדיקט! אָט איז די כוואַליע צוקלאַפּט געוואָרן ביי דער שוועל! — האָט ער געטראַכט. — הער טשאַרניעצקי איז גערעכט געשען: די כוחות פון דער רעפּובליק זענען אומבאַרירט, איר מאַכט קאָן ניט געבראָכן ווערן.

און ווען ער האָט אַזוי געטראַכט, איז זיין ברוסט שיר ניט צושפּרונגען געוואָרן פון גאוה; דאָס איז ניט געווען קיין נידריגע גאוה, וואָס פליסט אַרויס פון דער האָפנונג אויף אַ געשטילטע נקמה דורשט, פון דער דערוואַרטונג צו זען דעם שונא צוקלאַפּט; ניט דערפון, וואָס ער האָט זיך געריכט באַלד צוריקצוגעווינען זיין פרייהייט, און אויך ניט דערפון, וואָס מ׳האָט איצט אַראָפּגענומען די היטלעך פאַר אים; ער האָט זיך געפילט שטאָלץ דערויף, וואָס ער איז אַ זון פון דער זיגרייכער, מעכטיקער רעפּובליק, וואָס ביי אירע טויערן ווערט יעדע רשעות, יעדע פאַרשווערונג, יעדער קלאַפּ אַזוי צושלאָגן און צוקרישלט, ווי די כוחות פון גהנם ביי די טויערן פון הימל. ער האָט זיך געפילט שטאָלץ, אַלס שלאַכטשיץ־פּאַטריאָט, וואָס אין זיין יאוש איז ער געטרייסט געוואָרן און אין זיין גלויבן ניט אָפּגענאַרט געוואָרן. קיין נקמה האָט ער שוין ניט געוואָלט.

— זי האָט געשקראָפּט ווי אַ מלכה, וועט פאַרגעבן ווי אַ מאַמע — האָט ער געטראַכט.

דערווייל איז די שיסעריי פון די האַרמאַטן פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ אומאויפהערלעכן דינער.

אַ געקלאַנג פון פערדישע קאָפּיטעס האָט ווידער אָפּגעהילכט איבער די פּוסטע גאַסן. בליץ־שנעל איז אַריינגעפלויגן אין מאַרק אויף אַ נישט־באַזאָטלטן פערד אַ קאָזאַק אָן אַ היטל, אין איין העמד, מיט אַ פּנים, וואָס איז געווען דורכגעשניטן מיט אַ שווערד און פון וועלכן עס האָט געשטראָמט דאָס בלוט. ער איז אַריינגעפלויגן, האָט פאַרהאַלטן דאָס פערד, צונומען די הענט און כאַפּנדיק דעם אָטעם מיט די לעצטע כוחות, האָט ער גענומען שרייען:

— כמיעלניצקי שלאָגט די לאַכן! עס זענען צוקלאַפּט די הויף־וויל־געבוירענע האַרן, העטמאַנעס, פּאָלקאָווניקעס און ריטער!

ביי די דאָזיקע ווערטער האָט ער זיך אַ וואַקל געטאָן און אַראָפּגעפאַלן אויף דער ערד. די מיזהאָראָדער האָבן זיך געאיילט אים צו הילף.

רויטקייט און בלאַסקייט האָבן זיך געביטן אויף הער סקשעטוסקיס פּנים.

— וואָס רעדט ער? — האָט ער פיבערהאַפט געזאָגט צו זאַכאַרן — וואָס איז געשען? דאָס קאָן נישט זיין גאָט אין הימל! דאָס קאָן נישט זיין!

אַ שטילקייט! נאָר די פלאַמען רוישן אויף דער קעגנאיבערדיקער זייט פון מאַרק, עס קנאַקן די פונקען-סנאָפּעס און פון צייט צו צייט קראַכט אַ דורכגעבּרענטער סופית מיט רעש.

ביז עס קומען אָנצולויפן עפּעס נייע שליחים.

— די לאַכן זענען צוקלאַפּט! צוקלאַפּט!

נאָך זיי מאַרשירט אַ אָפּטיילונג פון טאָטערס — זיי גייען לאַנגזאַם, ווייל זיי רינגלען אַרום פוס-גייער, ווייזט-אויס געפאַנגענע.

הער סקשעטוסקי גלייבט נישט זיינע אויגן. ער דערקענט ניט אויף די געפאַנגענע די קאָליר פון דעם העטמאַנס הוזאַרן — ער האָט אָבער געפּאַטשט אין די הענט און מיט עפּיס אַ משונהדיקן פאַרענדערטן קול האָט ער עקשנותדיק איבערגעחזרט:

— ס'קאָן נישט זיין! — ס'קאָן נישט זיין!

עס האָט זיך נאָך געהערט דאָס דונערן פון די האַרמאַטן. די שלאַכט איז נאָך נישט געענדיקט, דורך אַלע גאַסן, וואָס זענען געשוינט געוואָרן פון פייער, קומען אָבער אָן מאַסן פון קאָזאַקן און טאָטערס. זייערע פּנימער זענען שוואַרץ, די ברוסטן עטעמען שווער — אָבער זיי קומען צריק ווי פאַרשכורטע, מיט געזאַנג!

אַזוי קומען צוריק זעלנער נאָך אַ נצחון.

דער נאַמיעסטניק איז בלייך געוואָרן ווי אַ מת.

— ס'קאָן נישט זיין — האָט ער איבערגעחזרט און זיין שטים איז געוואָרן וואָס אַמאָל הייזעריקער — ס'קאָן ניט זיין... די רעפּובליק...

אַ נייע בילד צייט-צו זיין אויפמערקזאַמקייט.

עס קומען אָן קשעטשאָווסקיס קאָזאַקן, וועלכע טראָגן

גאַנצע קופּעס מיט פּאָנען. זיי פֿאָרן אַריין אין מיטן מאַרק און וואַרפֿן זיי אויף די ערד.

— לײדער — פּוילישע!

די האַרמאַטן־שיסעריי ווערט שוואַכער, פֿון דערווייטנס הערט זיך אַ רעש פֿון אָנפֿאָרנדיקע וואָגנס. עס פֿאָרט צוערשט איין הויכער קאָזאַקישער וואָגן, הינטער אים אַ ריי אַנדערע, אַלע אַרומגערינגלט דורך קאָזאַקן פֿון פּאַשקאָווסקיס פּאָלק, אין גאַלע הינטלעך; אָט גייען זיי פֿאַרביי דאָס הויז, ביי וועלכן די מירהאָראָדער שטייען אויף דער וואך. הער סקשעטוסקי האָט צוגעלייגט די האַנט צום שטערן, ווייל די שיין פֿון די פֿייער־פֿלאַמען האָט פֿאַרבלענט זיינע אויגן, און ער האָט זיך איינגע־קוקט אין די געשטאַלטן פֿון די געפֿאַנגענע, וואָס זענען געזעסן אויפֿן ערשטן וואָגן.

מיט אַמאָל איז צוריקגעשפּרינגען אויף הינטען, געגומען מיט די הענט שלאָגן אין דער לופֿט, ווי אַ מענטש, וואָס אַ פֿייל האָט אים געטראָפֿן אין די ברוסט, און פֿון זיין מויל האָט זיך אַרויסגעריסן אַ מוראדיק, אונמענטשלעך געשריי:

— יעזוס, מאַריאָ! די העטמאַנעס!

און ער איז געפֿאַלן אויף זאַכאַרס הענט, די אויגן זענען אים פֿאַרגלייזט געוואָרן און דאָס פּנים איז אים פֿאַרשטייפֿט און פֿאַרגליווערט געוואָרן ווי ביי אמת.

מיט אַ פּאָר מינוטן שפּעטער, זענען דריי רייטער בראש פֿון פּאָלקן אָן אַ צאָל אַריינגעריטן אין קאָרסונער מאַרק. דער מיטעלסטער, אָנגעטאָן אין רויטן, איז געזעסן אויף אַ ווייסן פֿערד און אָנשפּאַרנדיק זיך ביי דער זייט אויף אַ באַגילטן שטאַב, האָט ער גאוהדיק געקוקט ווי אַ מלך.

דאָס איז געווען כמיעלניצקי, ביי זיינע ביידע זייטן זענען געריטן טוהאַי־בעי און קשעטשאָווסקי.

די רעפּובליק איז געלעגן אין שטויב און בלוט ביי די פֿיס פֿון קאָזאַק.

## 16. קאַפּיטל.

עס זענען אַריבער אַ פּאָר טעג. די מענטשן האָט זיך אויסגעדוכטן, אַז דער הימל האָט זיך פּלוצלינג אַראָפּגעלאָזט אויף די רעפּובליק. די געלע וואַסערן, קאָרסון, די מפּלות פון די קרוין-חיילות, וואָס האָבן ביז איצט שטענדיק מנצח געווען אין די קאַמפן מיט קאָזאַקן, די געפּאַנגענשאַפט פון די העט-מאַנעס, די שרעקלעכע שרפה אין גאַנץ אוקראַינע, די שחיטות, די רציחות, וואָס אַזעלכע זענען נאָך נישט געהערט געוואָרן זייט די וועלט שטייט,—דאָס אַלץ איז געקומען אַזוי אומגעריכט, אַז די מענטשן האָבן כמעט נישט געגלויבט, אַז אַזוי פיל אַנ-שיקעניש זאָל זיך קאָנען שיטן אויף איין לאַנד מיט אַמאָל. אַ סך האָבן טאַקע נישט געגלויבט, ביי אַ טייל האָבן די האָר זיך געשטעלט קאַפּויר פון שרעק, פיל זענען משוגע געוואָרן און אַנדערע ווידער האָבן נביאות געזאָגט, אַז עס קומט דער אַנטי-קריסט און עס דערגענטערט זיך דער יום-הדין. עס איז איבערגעריסן געוואָרן יעדער געזעלשאַפטלעכער צוזאַמענבונד, אַלע מענטשלעכע און פאַמיליע-באַציונגען. עס האָט אויפגע-הערט יעדע מאַכט, עס איז פאַרשווינדן יעדער חילוק צווישן די מענטשן. דאָס גיהנום האָט אָפּגעלאָזט פון דער קייט אַלע פאַרברעכנס און זיי אָנגעשיקט אויף די וועלט, כדי זיי זאָלן אַ הוליע-טאָן: רציחות, גזלות, שווינדל, אויסגעלאַסנקייט, רשעות, גוואַלד-טאַטן און צולאַזנקייט האָבן פאַרביטן אַרבעט, ערלעכקייט, גלויבן און יושר. עס האָט זיך געדוכטן, אַז פון איצט אָן וועט די מענטשהייט שוין נישט וועלן וויסן פון גוטס, נאָר בלויז פון שלעכטס; אַז עס האָבן זיך איבערגעקערט די הערצער און די מוחות און עס גילט פאַר הייליק דאָס, וואָס איז אַמאָל גע-ווען טמא, און פאַר טמא דאָס, וואָס איז אַמאָל געווען הייליק.

די זון האָט שוין נישט געלויכטען איבער דער ערד, ווייל עס האָבן זי פאַרשטעלט די רויך-וואָלקנס פון די שרפות, און אין די נעכט האָבן אָנשטאָט די שטערנס און דער לבנה, געלויכטן די פייער-פלאַמען: עס האָבן געברענט שטעט, דערפער, קירכעס, הויפן, וועלדער. מענטשן האָבן אויפגעהערט צו רעדן, זיי האָבן נאָר געקרעכצט, אָדער געהיילט, ווי די הינט. דאָס לעבן האָט פאַרלוירן דעם ווערט. טויזנטער זענען אומגעקומען און מ׳האָט נישט געוווסט, וווּ זייער געביין איז אהינגעקומען. און פון די דאָזיקע אַלע צרות, רציחות, יללות, רויכן און שריפות איז דערהויבן געוואָרן נאָר איין מענטש וואָס אַמאָל העכער און העכער, ער איז אויסגעוואַקסן וואָס אַמאָל אימהדיקער, ער האָט שוין כמעט פאַרטונקלט דאָס טאָג-ליכט, געוואָרפן אַ שאָטן פון ים צו ים.

דאָס איז געווען באָגדאַן כמיעלניצקי.

צוויי הונדערט טויזנט באַוואָפנטע און פון נצחון שכורע מענטשן זענען איצט געשטאַנען גרייט צו געהאָרכן יעדן ריר זיינעם. דער המון האָט זיך געבונטעוועט אומעטום; די שטעטישע קאָזאַקן האָבן זיך פאַרייניקט מיט אים אין אַלע שטעט. דאָס לאַנד איז פון פריפעט ביז צו די עקן פון די מדבריות געווען אַרומגעכאַפּט פון אַ פייער. די מרידה האָט זיך פאַרשפרייט אין די רוטינישע, פאָדאָליער, וואָלינער, בראַצלאַווער, קיעווער און טשערניגאָווער וואָיעוודזטוועס. די מאַכט פון העטמאַן איז געוואַקסן מיט יעדן טאָג. קיינמאָל האָט נאָך די רעפּובליק נישט אַרויסגעשטעלט קעגן דעם שרעקלעכסטן שונא אַפילו אַ העלפט פון די כחות, וואָס ער האָט איצט פאַרמאָגט. אַפילו דער דייטשער קייזער האָט זיך נישט געקאָנט רימען מיט אַזעלכע חיילות. דער שטורם האָט אַריבערגעשטיגן אַלע דערוואַרטונגען. דער העטמאַן גופא איז לכתחילה נישט געווען זיכער אין זיין מאַכט און ער האָט נישט באַמערקט, ווי גרויס זי איז שוין אויסגעוואַקסן. ער האָט נאָך גערעדט אין נאָמען פון יושר, געזעץ און איבערגעגעבנקייט צו דער רעפּובליק, ווייל ער האָט נישט געוווסט, אַז ער האָט די דאָזיקע פוסטע מליצות שוין

געקאָנט טרעטן מיט די פיס. אָבער צוזאַמען מיט די כחות איז אין אים געוואַקסן אויך יענער שרעקלעכער אומבאַוווסטזיניקער עגאָיזם, וואָס זיין גלייכן קאָן נישט די געשיכטע. די השגות וועגן גוטס און שלעכטס, רשעות און יושר, רציחות און גערעכ־טיקייט האָבן זיך צונויפגעגאָסן אין כמיעלניצקיס נשמה מיט די השגות וועגן זיין אייגענע עולה. אָדער אייגענע טובה. גערעכט איז געווען דער, וואָס איז געווען מיט אים; אַ רשע דער, וואָס איז געווען קעגן אים. ער איז געווען גרייט זיך צו באַקלאָגן אויף די זון און צו האַלטן פאַר אַ עולה, ווען זי וואָלט נישט געשיינט דעמאָלט, ווען ער האָט געדאַרפט. די מענטשן, געשעע־נישן און די גאַנצע וועלט האָט ער געמאָסטן מיט זיין אייגענעם איך. און נישט קוקנדיק אויף דער דאָזיקער כיטרעקייט, אויף דער דאָזיקער צביעות פון העטמאַן, איז עפעס אַ שרעקלעכער גוטער גלויבן געלעגן אין דעם דאָזיקן קוק זיינעם. עס זענען פון אים אַרויסגעפלאָסן כמיעלניצקיס אַלע מעשים־תעתועים, אָבער אויך מעשים־טובים; וואָרום אויב ער האָט נישט געוווסט פון קיין גרעניץ ביים אָנטון יסורים און ביים באַגיין זיך אַכזריותדיק מיטן שונא, האָט ער אָבער געקאָנט זיין דאַנקבאַר פאַר אַלע טובות, וואָס מ׳האָט אים געטון, אַפילו פאַר אַזעלכע, וואָס מ׳האָט אים געטון בהיסח־הדעת.

נאָר ווען ער איז געווען שכור, האָט ער פאַרגעסן אויף די טובות, און שרייענדיק אין משוגעת, האָט ער מיט באַשוימטע ליפן אַרויסגעגעבן בלוטיקע באַפעלן, אויף וועלכע ער האָט שפעטער חרטה געהאַט. און וואָס גרעסער ס׳איז געוואָרן זיין הצלחה, אַלץ אָפטער איז ער געווען שכור, ווייל אַלץ גרעסער איז געוואָרן זיין אומרויקייט. מ׳וואָלט געקאָנט מיינען, אַז די נצחונות האָבן אים אַרויפגעפירט אויף אַזעלכע הויכקייטן, פון וועלכע ס׳האָט אים געשווינדלט אין די אויגן. זיין מאַכט האָט אָנגעוואָרפן אַ אימה אויף אַנדערע, אָבער אויך אויף אים אַליין.

די געוואַלדיקע כוואַליע פון דער מרידה, וועלכע האָט אים מיטגעריסן, האָט אים געטראָגן מיט דער שנעלקייט פון אַ בליץ און אומדערבאַרמדיק, אָבער וווהין? מיט וואָס קאָן זיך

דאָס אַלץ אויסלאָזן? אָנהויבנדיק די מרידה אין נאָמען פון די אייגענע עולות, האָט דער דאָזיקער קאָזאַקישער דיפּלאָמאַט געקאָנט רעכנען, אַז נאָך די ערשטע ערפאָלגן, אָדער אַפילו מפּלות, וועט ער אָנהויבן אונטערהאַנדלונגען, אַז מ'וועט אים פּאָרלייגן פאַרגעבונג, באַפרידיקונג און באַלוינונג פאַר די עולות און היזקות. ער האָט גוט געקענט די רעפּובליק, איר סבלנות, וואָס האָט נישט קיין ברעג ווי דער ים, איר רחמנות, וואָס ווייסט נישט פון קיין גרעניץ און מאָס און וועלכע איז נישט קיין פּועל-יוצא דוקא פון שוואַכקייט, וואָרום נאַלעווייקאַן, ווען ער איז שוין געווען אַרומגערינגלט און פאַרלוירן, האָט מען אויך נאָך צוגעזאָגט מוחל צו זיין. אָבער איצט, נאָכן נצחון אויף די געלע וואַסערן, נאָכן פאַרטיליקן די העטמאַנעס, נאָכן פאַנאַנדערבלאָזן דאָס פייער פון דער אינערלעכער מלחמה אין אַלע דרום-וואָיעוואָדזטוועס, איז ער צו ווייט פאַרקראָכן, די געשעענישן האָבן איבערגעשטיגן יעדע דערוואַרטונג — איצט האָט דער קאַמף געמוזט געפירט ווערן אויף טויט און אויף לעבן.

און אויף וועמענס זייט וועט אויספאַלן דער נצחון?

כמיעלניצקי האָט געפּרעגט מכשפים און זיך אַ עצה געהאַלטן מיט די שטערנס און אַליין געגלאָצט מיט די אויגן אין די צוקונפט אַריין — אָבער ער האָט געזען פאַר זיך נאָר פינסטערניש. דעריבער האָט אָפט אַ שרעקלעכע אומרויקייט אויפגעשטעלט די האָר אויף זיין קאָפּ און זיין האַרץ האָט אָנגעכאַפּט אַ שטורמישער יאוש. וואָס וועט זיין, וואָס וועט זיין? וואָרום כמיעלניצקי, וועמענס ראיה איז געווען שאַרפער ווי ביי אַנדערע, האָט אויך פאַרשטאַנען בעסער פון אַנדערע, אַז די רעפּובליק איז ניט מסוגל צו באַנוצן אירע כוחות און ווייסט אַליין ניט וועגן זיי, אָבער זי איז אַ געוואַלדיקע מאַכט. ווען עפּעס אַ מענטש וואָלט אַריינגעקריגן אין זיינע הענט די דאָזיקע מאַכט, ווער וואָלט אים דאַן געקאָנט בייקומען? און ווער וואָלט געקאָנט גוט-זאָגן, אַז די שרעקלעכע סכנה, צי די נאָענטקייט פון תהום און אונטערגאַנג וועט ניט אַ סוף מאַכן צו די סכסוכים, אינערדעכע מחלוקתן, פּערזענלעכע פּניות, קנאה-שנאה

פון די שררות, ארומרייסעניש, סיים-פלוידערייען, ווילקיר פון די שלאכטשיצעס, מאכטלאזיקייט פון קעניג? דעמאלט וואלטן דאך בלויז דער האלבער מיליאן פון די הערב-לייט געקאנט זיך ארויסלאזן אויפן מלחמה-פלאץ און צורייבן כמיעלניצקין, ווען אפילו ניט בלויז דער קרימער כאן, נאר אויך דער טערקישער סולטאן אליין וואלט אים געקומען צו הילף.

וועגן דער דאזיקער איינגעשלאפּעגער מאכט פון דער רעפובליק האט א חוץ כמיעלניצקין אויך געוווסט דער פארשטארבענער קעניג ווּלאדיסלאוו און דערפאר האט ער דאס גאנצע לעבן געשטרעבט צו פארפירן א מלחמה אויף לעבן און טויט מיטן גרעסטן גבור אויף דער וועלט, ווייל נאר אויף אזא אופן האט די דאזיקע מאכט געקאנט אויפגעוועקט ווערען פון איר שלאף. אין דער דאזיקער איבערצייגונג האט דער קעניג זיך ניט געשראקן צו ווארפן פונקן אין פולווער פון די קאזאקן. איז עס טאקע באשערט געווען די קאזאקן ארויסצורופן דעם דאזיק מבול, כדי סוף כל סוף א.ן אים דערטרונקן צו ווערן?

כמיעלניצקי האט אויך פארשטאנען, ווי שרעקלעך עס איז די הארטנעקיקייט פון דער דאזיקער רעפובליק, ניט קוקנדיק אויף איר שוואכקייט. אזוי צולאזן, פארוואָרלאזט, צוריסן, צושפליטערט און הפקרדיק ווי זי איז, האבן דאך פונדעסטוועגן די טערקישע, די מוראדיקסטע פון אלע כוואליעס זיך געשלאגן אין איר — און זיי זענען צוקלאפט געווארן, ווי אין א פעלז. אזוי איז געווען ביי כאטשים, וואס ער האט מיט זיינע אייגענע אויגן געזען. פונדעסטוועגן האבן די פאנען פון דער דאזיקער רעפובליק, אפילו אין די מונוטן פון איר שוואכקייט, געפלאטערט אויף די מויערן פון פרעמדע הויפט-שטעט. מ׳קאן זיך משער זיין, ווי שטארק ס׳וועט ערשט זיין איר ווידערשטאנד! וואס וועט זי אלץ ניט פארזוימען צו טאן, ווען זי וועט שטיין פאר א גרויסע סכנה און פאר דער ברירה אונטערצוגיין, אדער מנצח צו זיין?

און דערפאר איז כמיעלניצקיס יעדער נצחון געווען א נייע סכנה פאר אים, ווייל ער האט צוגערוקט די שעה, ווען דער

שלאָפֿנדיקער לייב וועט זיך אויפֿכאַפּן, און נאָך מער געשטעלט אין ספֿק די מעגלעכקייט פֿון אונטערהאַנדלונגען. יעדער נצחון האָט אין זיך פֿאַרבאָרגן די קינפֿטיקע מפּלה, אין יעדער פֿאַר־שכּורנדיקער שמחה איז געווען באַהאַלטן סם־המות. איצט האָט אויף דעם קאָזאַקישן שטורם געזאָלט אָנרוקן דער שטורם פֿון דער רעפּובליק. כמיעלניצקין האָט זיך אויסגעדוכט, אַז ער הערט שוין איר טויבן, ווייטן געפּילדער.

אָט וועלן פֿון גרויס־פּוילן, פּרייסן, ווימלדיקער מאַזאָוויע, קליין־פּוילן און ליטע אָנקומען מחנות פֿון זעלנער—עס וועט זיי נאָר פֿעלן אַ פֿירער.

כמיעלניצקי האָט די העטמאַנס גענומען אין געפֿאַנגענשאַפֿט, אָבער אויך אין דאָזיקן גליק איז, ווייזט אויס, געלעגן אַ אינטריגע פֿון גורל. די העטמאַנס זענען געווען אויסגעפּרוווטע מלחמה־מענער, אָבער קיינער פֿון זיי איז ניט געווען דער מענטש, וועלכער איז נויטיק אין אַ מאָמענט פֿון סכּנות, שרעק, מפּלות.

אַ פֿירער האָט געקאָנט זיין נאָר איין מענטש.

ער האָט געהייסן: פֿירשט יערעמי וישניאָוויעצקי.

דוקא דערפֿאַר, וואָס די העטמאַנעס זענען אַריינגעפֿאַלן אין געפֿאַנגענשאַפֿט, וואָלט דער גורל מסתּמא אויסגעפֿאַלן אויפֿן פֿירשט. כמיעלניצקי איז אין דעם ניט געווען מספּוק, פּונקט ווי אַלע אַנדערע.

און דערווייל זענען קיין קאָרסון, ווו דער זאַפּאָראָזשער העטמאַן האָט זיך פֿאַרהאַלטן נאָך דער שלאַכט אויף אָפּרו, דער־גאַנגען ידיעות פֿון יענער זייט דניעפּר, אַז דער שרעקלעכער פֿירשט האָט זיך שוין אַרויסגעלאָזט פֿון לובני, אַז אויפֿן וועג דערשטיקט ער די מרידה אומברחמנותדיק, אַז הינטער אים פֿאַרשווינדן דערפֿער, קאָלאָניעס, פֿאַרמעס און שטעטלעך, און אויף זייער אָרט וואַקסן אויס בלוטיקע תּליות. די אימה, וואָס ער האָט אָנגעוואָרפֿן, האָט פֿאַרטאָפּלט און פֿאַרדרייפֿאַכט זיינע כּוחות. מ'האָט געזאָגט, אַז ער פֿירט פֿופֿצן טויזנט זעלנער פֿון בעסטן מין, וואָס די גאַנצע רעפּובליק פֿאַרמאָגט נאָר.

אין קאָזאַקישן לאַגער האָט מען זיך געריכט אויף אים

אַ ליאַדע מינוט. באַלד נאָך דער שלאַכט ביי קרוטאַ־באַלקאַ האָט דער אויסגעשריי „יערעמי! גייט!" זיך צוטראָגן צווישן די קאָזאַקן און אַרויסגערופֿן אַ מהומה צווישן המון, וועלכער האָט בלינד גענומען אַנטלויפֿן. די דאָזיקע מהומה האָט כמיעלניצקין געצוווּנגען זיך צו פֿאַרטראַכטן.

ער האָט איצט געהאַט די ברירה: אָדער זיך אַרויסלאָזן מיט דער גאַנצער מאַכט אַקעגן פֿירשט און אים זוכן אויף יענער זייט דניעפּר, אָדער איבערלאָזן אַ טייל כּוחות אויף איינצונעמען די אוקראַינישע שלעסער און זיך אַוועקלאָזן טיף אין דער רעפּובליק אַריין.

דער מאַרש אַקעגן פֿירשט איז געווען אַ געפֿערלעכער. האָבנדיק צו טון מיט אַזאַ באַרימטן פֿירער, האָט כמיעלניצקי נישט קוקנדיק אויף די איבערוואָג פֿון זיינע כחות, געקאָנט אין אַ גענעראַל־שלאַכט ליידן אַ מפּלה. און דעמאָלט, וואָלט אַלץ מיט אַמאָל לאיבוד־געגאַנגען. דער המון, וועלכער האָט געבילדעט אַ גרויסע מערהייט פֿון זיינע חילות, האָט באַוויזן, אַז ער אַנטלויפֿט בלויז פֿאַרן נאָמען פֿון פֿירשט יערעמי. עס האָט זיך געפֿאָדערט צייט אויף צו פֿאַרוואַנדלען אים אין אַ אַרמיי, וואָס זאָל זיך קאָנען אַקעגנשטעלן דעם פֿירשטס רעגימענטן.

פֿון דער צווייטער זייט, וואָלט דער פֿירשט מסתּמא נישט אויפֿגענומען קיין גענעראַל־שלאַכט, ער וואָלט זיך נאָר באַגנוגנט מיט פֿאַרטיידיקן זיך אין די שלעסער און מיט אַ טיילווייזער מלחמה, וועלכע וואָלט אין אַזאַ פֿאַל געמוזט אָנהאַלטן גאַנצע חדשים, אויב נישט יאָרן, און אין משך פֿון דער דאָזיקער צייט וואָלט די רעפּובליק זיכער אָנגעקליבן פֿרישע כּוחות און געקומען דעם פֿירשט צוהילף.

כמיעלניצקי האָט דעריבער באַשלאָסן, איבערצולאָזן ווישנאָוויעצקין אויף יענער זייט דניעפּר, און אַליין זיך פֿאַרשטאַרקן אין אוקראַינע, אָרגאַניזירן די כּוחות, און שפּעטער זיך לאָזן אויף די רעפּובליק און זי צווינגען צו אונטערהאַנדלונגען. ער האָט גערעכנט דערויף, אַז ביים לעשן דאָס מרידה־פֿייער בלויז אויף יענער זייט דניעפּר, וועלן דעם פֿירשטס כּוחות אַ לאַנגע

צייט זיין פֿאַרנומען, און ביז־וואָס ביז־ווען וועט ער דערווייל האָבן פֿרייע הענט. און די מרידה אויף יענער זייט דניעפּר האָט ער געהאָפֿט נאָך מער צו פֿאַרשטאַרקן, אַרויסשיקנדיק איינצלנע פּאָלקן דעם המון צוהילף.

אַ חוץ דעם אַלעם, האָט ער אויך גערעכנט, אַז מ׳וועט קאָנען דעם פּירשט פֿאַרלאַקן מיט אונטערהאַנדלונגען, און אַזוי אַרום געווינען צייט, וואַרטנדיק ביז זיינע כּוחות וועלן נישט צוברעקלט ווערן. טראַכטנדיק וועגן דעם, האָט ער זיך דערמאָנט אָן סקשעטוסקין.

אַפּאָר טעג נאָך דער שלאַכט ביי קרוטאַ־באַלקאַ, אין דעם טאָג, ווען ס׳איז אויסגעבראָכן די מהומה צווישן המון, האָט ער געהייסן רופֿן צו זיך דעם הער סקשעטוסקין.

ער האָט אים אויפֿגענומען אין סטאַראָסטאַס הויז. געווען דערביי איז בלויז הער קשעטשאָווסקי, וועלכן סקשעטוסקי האָט פֿון לאַנג אָן געקענט. נאָכדעם ווי כמיעלניצקי האָט אים באַגריסט ליבלעך, הגם נישט אָן גאווה, ווי עס פּאַסט פֿאַר זיין הויכער שטעלונג, האָט ער געזאָגט:

— הער פּאָרוטשניק סקשעטוסקי, פֿאַר דער טובה, וואָס איר האָט מיר געטון, האָב איך אייך אויסגעקויפֿט פֿון טוהאַי־בעין און צוגעזאָגט צו באַפֿרייען. איצט איז די צייט געקומען. כ׳וועל אייך געבן אַ שוץ־בריוו, כּדי איר זאָלט קאָנען פֿריי דורכפֿאָרן, אויב עס וועלן אייך באַגעגענען וועלכע עס איז חיילות, און אַ שמירה צו שיצן אייך פֿאַרן המון. איר קאָנט צוריקקערן צו אייער פּירשט.

סקשעטוסקי האָט געשוויגן. אויף זיין פּנים האָט זיך אַפּילו אַ שמייכל ניט באַוויזן.

— איר קאָנט זיך לאָזן אין וועג אַריין? איך זע, אַז אַ קרענק בליק אַרויס פֿון אייערע אויגן.

און באמת האָט הער סקשעטוסקי אויסגעזען ווי אַ שאָטן. די וווּנדן און די לעצטע געשעענישן האָבן איינגאַנצן אַ תּל געמאַכט פֿון דעם דאָזיקן ריזיקן יונגענמאַן, וועלכער האָט איצט געהאַט אַזאַ מראה, אַז קוקנדיק אויף אים האָט מען געקאָנט

מיינען, אַז ער וועט ניט דערלעבן ביז מאָרגן. דאָס פּנים זיינס איז געל געוואָרן, און די שוואַרצע באָרד, וואָס איז שוין לאַנג זיט געשוירען געוואָרן, האָט נאָך בולטער געמאַכט זיין קלאָגע־דיק אויסזען. געקומען איז דאָס פון זיינע אינערלעכע יסורים. דער ריטער האָט זיך שיער ניט אויפגעגעסן פון עגמת־נפש, ווערנדיק געשלעפּט נאָכן קאָזאַקישן לאַגער, האָט ער דאָך זיך צוגעקוקט צו אַלץ, וואָס האָט זיך פאַרלאָפן זייט מען איז אַרויס פון סיטש. ער האָט געזען די חרפה און די מפלה פון דער דער רעפּובליק, די העטמאַנעס אין געפאַנגענשאַפט; ער האָט געזען די קאָזאַקישע נצחונות, די פּיראַמידעס פון קעפּ, וואָס זענען אָפּגעהאַקט געוואָרן ביי די געפאַלענע זעלנער, די שלאַכטשיצעס, וואָס זענען געהאָנגען געוואָרען אויף די ריפּן, די אָפּגעשניטענע ברוסטן פון די ווייבער, די שענדונג פון מיידלעך, ער האָט געזען דעם פאַרצווייפלטן מוט, אָבער אויך די שענדלעכע פחדנות — ער האָט אַלץ געזען — ער האָט אַלץ איבערגעליטן און געליטן באַזונדערס דערפאַר, וואָס אין זיין מוח און אין זיין ברוסט האָט זיך אַריינגעשפּיזט דער געדאַנק, אַז ער איז אַליין דער אומדירעקטער חייב אין דעם אַלעם, ווייל ער און ניט קיין אַנדערער האָט דאָך אָפּגעשניטן במיעלניצקין פון דער שטריק. צי האָט אָבער דער קריסטלעכער ריטער זיך געקאָנט ריכטן, אַז די הילף, וואָס איז געגעבן געוואָרן צו אַ מענטש, וועט ברענגען אַזעלכע פּירות? זיין ווייטאָג האָט דעריבער ניט געהאַט קיין ברעג.

און ווען ער האָט זיך געפרעגט, וואָס עס טוט זיך מיט העלענאַן, און ווען ער האָט געטראַכט, וואָס עס האָט געקאָנט פּאַסירן, אויב דער בייזער מזל זאָל זי האָבן פאַרהאַלטן אין ראָזלאָגי, האָט ער אויפגעהויבן די הענט צום הימל און גערופן מיט אַ שטים, אין וועלכער ס'האָט געציטערט יאוש און פּחד אָן אַ שיעור: „גאָט! נעם צו מיין נשמה, ווייל איך קום דאָ שוין אָפּ מער, ווי כ'האָב פאַרדינט.“ שפּעטער האָט ער איינגעזען, אַז ער לעסטערט, און ער איז געפאַלן אויפן פּנים און געבעטן וועגן הילף, וועגן פאַרגעבונג, וועגן רחמנות איבערן פאַטערלאַנד

און איבער יענער כשרער טויב, וואָס האָט אפשר דאָרט אומ־יסט געוואָרפן גאָט און אים צו הילף. הקיצור: ער האָט געליטן אַזוי פֿיל יסורים, אַז די געשענקטע פֿרייהייט האָט אים איצט שוין ניט דערפֿרייט, און דער דאָזיקער זאַפּאָראָזשער העטמאַן, יער דאָזיקער טריאומפֿאַטאָר, וועלכער האָט געוואָלט זיין אַ בעל־טובה און מיט אים טון אַ חסד, האָט אים שוין גאָרניט אימפּאָנירט; באַמערקנדיק דאָס, האָט כמיעלניצקי צאָרנדיק גע־זאָגט

— איילט זיך צו באַנוצן זיך מיט מיין חסד, כדי איך זאָל ניט חרטה האָבן, ווייל נאָר צוליב מיין גוטסקייט און גלויבן אין דער גוטער זאַך בין איך אַזוי ניט איבערלעגט, אַז איך שטעל מיר אויף נאָך אַ שונא, וואָרום איך ווייס גאַנץ גוט, אַז איר וועט קעמפֿן קעגן מיר.

דערויף האָט הער סקשעטוסקי געענטפֿערט:

— אויב גאָט וועט געבן כּח.

און ער האָט אַ קוק געטון אויף כמיעלניצקין אַזוי, אַז ער האָט אים אַזש אַריינגעקוקט טיף אין די נשמה אַריין, און דער העטמאַן, וועלכער האָט נישט געקאָנט אַריבערטראָגן דעם דאָזיקן בליק, האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן אין ערשט אין אַ ווײַלע אַרום האָט ער זיך אָנגערופֿן:

— איך האָב דערפֿאַר קיין מורא נישט. צו מעכטיק בין איך, אַז איין עלנטער מענטש זאָל מיר עפּעס אויסמאַכן. איר וועט אויך דערציילן דעם פֿירשט, דעם האַר אייערן, וואָס איר האָט דאָ געזען, און וועט אים מתרה זיין, אַז ער זאָל זיך נישט פֿאַרהאַלטן אַזוי עזותדיק, ווייל אויב מיין געדולד וועט פּלאַצן, וועל איך אים באַזוכן אויף יענער זייט דניעפּר, און איך ווייס נישט, צי מיין באַזוך וועט אים געוועזן ניחא.

סקשעטוסקי האָט געשוויגן.

— כ׳האָב געזאָגט און חזר איבער נאָכאַמאָל — האָט כמיעל־ניצקי ווייטער געזאָגט — נישט מיט דער רעפּובליק, נאָר מיט די שררות האַלט איך מלחמה, און דער פירשט פֿאַרנעמט צווישן זיי דעם אויבן־אָן. ער איז אַ שונא מיר און דעם רוטעניש

פאָלק, אַ אָפּטריניקער פון אונזער קירך און אַ אַכזר. כ'הער, אַז ער לעשט די מרידה אין בלוט, זאָל ער נאָר אַכטונג=געבן, אַז ער זאָל זיין אייגן בלוט נישט פאַרגיסן.

ביי די דאָזיקע ווערטער איז זיין אויפרעגונג כסדר גע=וואַקסן, ביז דאָס בלוט האָט אים גענומען זעצן אין פנים אַריין, און פון די אויגן האָט געשפריצט מיט פייער. ס'איז קענטיק געווען, אַז עס האָט אים אָנגעכאַפּט אַזאַ רציחה און כעס, אַז ער האָט פאַרגעסן אין זיך און אין דער גאַנצער וועלט.

— אויף אַ שטריק וועל איך קשיוואָנאָסן הייסן אים אָהערברענגען! — האָט ער געשריגן — איך וועל אים וואַרפן צו מיינע פיס, איבער זיין רוקן וועל איך מיך אויפן פערד זעצן!

ססקשעטוסקי האָט פון איבן אַראָפּ געקוקט, ווי כמיעל=ניצקי וואַרפט זיך, און רויק אָפּגעענ פערט:

— צוערשט מוזטו אים מנצח זיין!

— הויך=וויל=געבוירענער העטמאַן! — האָט קשעטשאָווסקי זיך אָנגערופן—זאָל שוין דער דאָזיקער חוצפהדיקער שלאַכטשיץ פאָרן, ווייל עס שטייט נישט אָן דיין כבוד זיך צו בייזערן אויף אים, און אַז די האָסט אים צוגעזאָגט צו באַפרייען, מיינט ער, אַז דו וועסט דיין וואָרט נישט האַלטן, אָדער דו מוזט הערן זיינע מוסר=רייד.

כמיעלניצקי איז צו זיך געקומען, האָט אַ ווײַלע אָפּגעסאָ=פּעט און שפּעטער געזאָגט:

— זאָל ער פאָרן, כדי ער זאָל וויסן, אַז כמיעלניצקי באַצאָלט פאַר גוטס מיט גוטס, זאָל מען אים געבן אַ שוץ=בריוו, ווי כ'האָב געזאָגט, און פערצ.ק טאָטערס, וועלכע וועלן אים אָפּפירן ביז צום לאַגער.

שפּעטער, ווענדנדיק זיך צו סקשעטוסקין, האָט ער צוגע=געבן.

און איר זייט וויסן, אַז איצט איז אונזער חשבון אויס=געגליכן. כ'האָב אייך ליב באַקומען, נישט קוקנדיק אויף אייער חוצפה, אָבער אויב איר וועט נאָך אַמאָל אַרייפאַלן אין מיינע הענט, וועט איר זיך שוין נישט אַרויסדרייען.

סקשעטוסקי איז אַרויסגעגאַנגען מיט קשעטשאָווסקין.

— אויב דער העטמאַן לאָזט אייך אָפּ מיטן קאָפּ אויפן האַלז — האָט קשעטשאָווסקי געזאָגט — און איר קאָנט פאָרן ווו איר ווילט, זאָג איך אייך ווי אַן אַלטער באַקאַנטער, אַנטלויפט כאָטש ביז וואַרשע, גישט אויף יענער זייט דניעפּר, דאָרט וועט פון אייך קיין שריד־ופּליט נישט בלייבן. אייערע צייטן זענען אַריבער. ווען איר וואָלט געהאַט שכל, וואָלט איר צוגעשטאַנען צו אונז, אָבער איך ווייס, אַז מיינע ווערטער זענען אַרויסגעוואָרפן. איר וואָלט געשטיגן אַזוי הויך, ווי מיר.

— צו דער תּליה — האָט סקשעטוסקי אַ ברום געטון.

— מ'האָט מיר נישט געוואָלט געבן די ליטינער סטאַראָסטווע, און איצט וועל איך מיר אַליין נעמען נישט איינע, נאָר צען. מיר וועלן פאַרטרייבן די הערן קאָניעצפּאָלסקיס און די קאַלינאָווסקיס און די פּאָטאָצקיס און די לובאָמירסקיס און די ווישניאָוויעצקיס, זאַסלאַווסקיס און די גאַנצע שליאַכטע, און אַליין וועלן מיר צווישן זיך פאַרטיילן זייערע נחלאות, און אַזוי מוז אודאי זיין אויף גאָטס רצון, אויב ער האָט אונז שוין מזכּה געווען מיט צוויי אַזעלכע גרויסע נצחונות.

סקשעטוסקי, וועלכער האָט ניט געהערט דעם פּאָלקאָווניקס פּלוידעריי, האָט זיך פאַרטראַכט וועגן עפּעס אַנדערש, און קשעטשאָווסקי האָט ווייטער גערעט:

— ווען איך האָב צו סוף פון דער שלאַכט נאָך אונזער נצחון געזען אין טוהאַי'ס קוואַרטיר מיין האַר און בעל־טובה דעם הויך וווילגעבוירענעם קרוין־העטמאַן אַ געבונדענעם אין קייטן, האָט ער באַלד מיך גענומען רופן אומדאַנקבאַרע און פאַרקויפטע נשמה. און איך האָב אים דערויף געענטפערט: הויך־וווילגעבוירענער וואָיעוואָדאַ! איך בין ניט אומדאַנקבאַר, ווייל ווען איך וועל שוין זיצן אין דיינע שלעסער און גיטער — זאָג מיר נאָר צו, אַז דו וועסט דיך ניט אָנשכּורן — וועל איך דיך מאַכן פאַר מיין וויצע־סטאַראָסטע, האָ! האָ! טוהאַי־בעי וועט באַקומען אַ מטמון מיט גאָלד פאַר די דאָזיקע פייגל, וואָס ער האָט געכאַפּט — און דערפאַר שוינט ער זיי — ווען

ביט דאָס, וואָלטן מיר און כמיעלניצקי אַנדערש מיט זיי גערעט. אָט איז די פור פאַר אייך פערטיק און די טאָטערס שטייען שוין גרייט. וווהין ווילט איר דען פאָרן?

— קיין טשעכרין.

— ווי איר ווערט זיך אויסבעטן, אַזוי וועט איר שלאָפן. די טאָטערס וועלן אייך אָפּפירן אַפילו ביז לובני, ווייל אַזאַ באַפעל האָבן זיי באַקומען. זעט נאָר, אַז אייער פירשט זאָל זיי נישט הענגען אויף די תליות, וואָס ער וואָלט מיט קאָזאַקן זיכער געטון. דערפאַר טאַקע האָט מען אייך געגעבן טאָטערס. דער העטמאַן האָט אייך געהייסן אָפּגעבן אויך אייער פערד. פאָרט געזונט, און האָט אונז גוט אין זכרון, און דעם פירשט גיט אָפּ אַ גרוס פון אונזער העטמאַן און אויב איר וועט קאָנען, רעדט אים אָן, אַז ער זאָל קומען זיך נויגן פאַר כמיעלניצקין. אפשר וועט ער טון מיט אים אַ חסד. פאָרט געזונט.

סקשעטוסקי האָט זיך געזעצט אויפן וואָגן, וועלכן די טאָטערס האָבן באַלד אַרומגערינגלט — און מ׳האָט זיך געלאָזט אין וועג אַריין. דורכן מאַרק איז שווער געווען אַדורכצופאָרן, ווייל אַזוי גרויס ווי ער איז, איז ער געווען אָנגעשטאָפּט מיט זאַפּאָראָזשער און מענטשן פון המון. די ערשטע און די צווייטע האָבן זיך געקאָכט קאַשע, זינגענדיק לידער וועגן נצחון ביי די געלע וואַסערן און ביי קאָרסון, וואָס זענען שוין צוזאַמענגעשטעלט געוואָרן דורך די בלינדע זקנים, די לירע-שפּילער, וואָס זענען פון אומעטום אין אַ גרויסער צאָל אָנגעקומען אין לאַגער. צווישן די פייערס, וואָס האָבן אַרומגענומען די קעסלען מיט קאַשע, זענען געלעגן דאָ און דאָרט קערפּערס פון דערהרגעטע פּרויען, איבער וועלכע מ׳האָט ביינאַכט געפּראַוועט אָרגיעס, אָדער עס זענען געלעגן קופּעס מיט קעפּ, וואָס זענען אָפּגעהאַקט געוואָרן נאָך דער שלאַכט ביי די דערהרגעטע און פאַרוווּנדעטע זעלנער. די דאָזיקע קערפּערס און קעפּ האָבן שוין אָנגעהויבן צו פוילן און זיי האָבן פון זיך אַרויסגעגעבן אַ מיאוסן ריח, וועלכן דער פאַרזאַמלטער המון האָט, ווייזט אויס, לחלוטין נישט געשפּירט. די שטאָט האָט אויף זיך געטראָגן שפּורן פון פאַר-

וויסטונגען און צובושעווּעטקייט פֿון די זאַפּאָראָזשער, די פּענסטער און טירן זענען געווען אויסגעהאַקט; איבערן מאַרק זענען געווען אָנגעוואָרפֿן די צושמעטערטע ברעקלעך פֿון טויזנטער חפֿצים, צונויפֿגעמישט מיט היי און שטרוי. די דאַך־רינעס זענען געווען באַצירט מיט הענגענדיקע מענטשן, דאָס רוב ייִדן, און דער המון דאָט זיך געשפּילט דאָ און דאָרט, אָנכאַפּנדיק זיך פֿאַר די הענט פֿון די הענגענדיקע און הוידנדיק זיך אויף זיי.

אויף איין זייט פֿון מאַרק האָבן זיך געשוואַרצלט די חורבות פֿון די אָפּגעברענטע הייזער, דערונטער אויך פֿון דער גרויסער קירך; פֿון די חורבות האָט נאָך געשלאָגן אַ היץ און ס'האָט אַרויסגעזעצט אַ רויך. דער ריח פֿון פֿאַרשרפֿהטע חורבות האָט אָנגעזאַפּט די לופֿט. הינטער די פֿאַרברענטע הייזער איז געשטאַנען אַ לאַגער, דורך וועלכן הער סקשעטוסקי האָט געמוזט דורכפֿאָרן, און מאַסן געפֿאַנגענע, וואָס זענען געהיטן געוואָרן דורך אַ געדיכטער טאָטערישער שמירה. ווער עס האָט פֿון דער סביבה פֿון טשעכרין, טשערקאַסי און קאָרסון נישט באַוויזן צו אַנטלויפֿן, אָדער איז נישט געפֿאַלן אונטער דער האַק פֿון המון, דער איז אַריינגעפֿאַלן אין געפֿאַנגענשאַפֿט. עס האָבן זיך צווישן די געפֿאַנגענע געפֿינען אויך זעלנער, וואָס זענען גענומען געוואָרן אין געפֿאַנגענשאַפֿט אין ביידע שלאַכטן און איינוווינער פֿון דער אַרומיקער סביבה, וועלכע האָבן ביז איצט נישט געקאָנט אָדער נישט געוואָלט צושטיין צו די מורדים, מענטשן פֿון דער באַזעסענער שלאַכטע אָדער פֿון המון פֿון די שלאַכטשיצעס, וויצע־סטאַראָסטעס, אָפֿיציאַליסטן, גוטבאַזיצער, קליין־שלאַכטע פֿון ביידע מינים און קינדער. קיין זקנים זענען נישט געווען, ווייל צוליב דעם, וואָס זיי האָבן נישט געטויגט צום פֿאַרקויף, האָבן די טאָטערס זיי אויסגעהרגעט. זיי האָבן אויך פֿאַרכאַפּט גאַנצע דערפֿער און קאָלאָניעס אין רוס, און כמיעלניצקי האָט זיך נישט דערוועגט זיי דעריין צו שטערן. אין אַ סך ערטער האָט געטראָפֿן, אַז די מענער זענען געגאַנגען אין קאָזאַקישן לאַגער און זייער שכר דערפֿאַר איז געווען, וואָס די טאָטערס האָבן פֿאַרברענט זייערע כאַטעס

און פֿאַרכאַפּט זייערע פֿרויען און קינדער. אָבער אין דער אַלגעמיינער צעוווּשעכקייט און פֿאַרווילדעטקייט פֿון די נשמות האָט קיינעם דאָס נישט געאַרט, און קיינער האָט נישט געהאַט קיין תּרעומות. דער המון, וואָס האָט זיך געכאַפּט פֿאַרן כּלי־זיין, האָט מפֿקיר געווען די דערפֿלעך, ווייבער און קינדער. מ׳האָט ביי זיי צוגענומען די ווייבער, האָבן זיי אויך צוגענומען — און נאָך בעסערע, די לאַכישע ווייבער, וועלכע זענען, נאָכדעם ווי מ׳האָט מיט זיי אָנגעזעטיקט די תּאווה, אומגעבראַכט אָדער פֿאַרקויפֿט געוואָרן צו די טאָטערס. צווישן די געפֿאַנגענע האָבן אויך נישט געפֿעלט אוקראַינישע יונגע מיידלעך, וואָס זענען צו זאַלבעדריט, צו זאַלבעפֿירט געווען געבונדן אויף איין שטריק, צוזאַמען מיט טעכטער פֿון שלאַכטשיצעס. די געפֿאַנגענשאַפֿט און די צרות האָבן אויסגעגליכן אַלע שטאַנדן. דער אָנבליק פֿון די דאָזיקע באַשעפֿענישן האָט צוריסן דאָס האַרץ און גערופֿן צו נקמה. אָפּגעריסענע און אָפּגעשליסענע, האַלב־נאַקעטע, אויסגעשטעלט אויף דעם שענדלעכן שפּאָט פֿון די פּרא־אדמס, וואָס האָבן זיך פֿון בייגעריקייט־וועגן גרופּנווייז געשלעפּט איבערן פּלאַץ, געשטויסענע, געשלאָגענע, אָדער געקוושטע מיט עקלדיקע ליפּן, האָבן זיי פֿאַרלוירן דאָס באַוווסטזיין, דעם ווילן. אַ טייל האָבן געכליפּעט אָדער געוויינט אויף אַ קול, אַנדערע האָבן מיט ווילד־אויסגעגלאָצטע אויגן, מיט סימנים פֿון משוגעת אויף די פּנימער און מיט אָפֿענע מיילער געלאָזט מיט זיך אַלץ טון. דאָ און דאָרט האָט זיך דערהערט אַ וויי־געשריי פֿון אַ געפֿאַנגענעם, וועלכן מ׳האָט אומרחמנותדיק געשלאָגן צום טויט דערפֿאַר, וואָס ער האָט געשטעלט אַ פֿאַרצווייפֿלטן ווידערשטאַנד. אַ פּייפֿעריי פֿון דיקע לעדערנע קאַנטשיקעס האָט זיך דערטראָגן פֿון צווישן די מאַנסביל־גרופּן און זיך צונויפֿגעגאָסן מיט די וויי־געשרייען און קוויטשעריי פֿון די קינדער, מיטן ברומעריי פֿון די בהמות און כראָפּעריי פֿון די פֿערד. דער שלל איז נאָך נישט געווען צוטיילט און די געפֿאַנגענע זענען נאָך נישט געווען אויסגעשטעלט צום מאַרש, און דעריבער האָט אומעטום געהערשט דער גרעסטער תּוהו־ובֿוהו. וועגנס, פֿערד, רינדער,

קעמלען, שעפּסן, פרויען, מאַנסבילן, שטויסן פון די צוגערויבטע מלבושים, כלים, טייערע געוועבן, כלי־זיינס,—דאָס אַלץ איז געווען אנגעהויפנט אין איין גרויסער קופּע און געוואַרט אויף די חלוקה און אויסמושטירונג. פון צייט צו צייט האָבן פאַרפּאָסטנס אָנגעטריבן נייע מחנות פון מענטשן און בהמות, אָנגעלאָדנטע פּאַראָמען זענען געשווומען דורכן ראָס, און פון דעם הויפּט־לאַגער זענען כסדר געקומען נייע געסט, אָנזעטיקן די אויגן מיטן אָנבליק פון די אָנגעקליבענע אוצרות. אַ טייל פון זיי, שכור פון קומיס אָדער בראָנפן, אָנגעטון אין משונהדיקע הלבשות, אין גלחישע קליידער, יריד־העמדלעך אָדער גאָר אפילו אין ווייבערישע בגדים, האָבן שוין באַצייטנס אָנגעהויבן זיך צו אַמפּערן, אַרומרייסן און זיך דינגען מכח דעם, וואָס וועמען ס'וועט געהערן. די טאָטערישע פּאַסטוכער זענען געזעסן אויף דער ערד צווישן די סטאַדעס און פאַרבראַכט די צייט אַ טייל מיט אויספּייפן אויף די פייפעלעך שרעקלעכע ניגונים, אַ טייל מיט שפּילן זיך איןביינדלעך און געשלעג מיט שטעקנס. די מחנות הינט, וואָס זענען געקומען אַהער מיט זייערע האַרן, האָבן יאָמערלעך געבילט און געהיילט.

הער סקשעטוסקי האָט ענדלעך געמיטן דאָס דאָזיקע מענטשלעכע גיהנום, וואָס איז געווען פול מיט יללות. טרערן, יסורים און אימהדיקן ליאַרם; ער האָט געמיינט, אַז ער וועט שוין פרייער אָפּעטעמען, אָבער באַלד הינטערן לאַגער האָט אַ מוראדיק בילד זיך אַנטפּלעקט פאַר זיינע אויגן. פון דער ווייטנס האָט זיך געשאַריעט דער אייגנטלעכער טאָטערישער לאַגער, פון וועלכן עס האָט זיך דערטראָגן אַ אומאויפהערלעך כראָפּן פון פערד און עס האָט געווימעלט מיט טויזנטער טאָטערס, און נעבעטער אויפן פעלד, האַרט ביים שליאַך, וואָס פירט קיין טשערקאַסי, האָבן ייִנגע זעלנער געלערנט שיסן פון בויגנס, צילנדיק אין די שוואַכערע אדער קראַנקע געפאַנגענע, וועלכע וואָלטן ניט געקאָנט לענגער אויסהאַלטן דעם וועג קיין קרים. אַפּאָר צענדליק קערפּער, דורכגעלעכערט ווי אַ זיפּ, זענען שוין געלעגן אַרויסגעוואָרפן אויפן וועג און קאָנוולסיוו געציטערט. די, אין

װעלכע מ'האָט געשאָסן, זענען געהאָנגען, צוגעבונדן פֿאַר די הענט צו די בוימער אין מיטן װעג. עס זענען געװען צװישן זיי אויך אַלטע פֿרויען. די צופֿרידענע געלעכטערס נאָך יעדער געטראָפֿענער פֿייל זענען באַגלייט געװאָרן פֿון אויסגעשרייען:

— בראַװאָ, יונגען!

— האַלט גוט דעם בויגן!

נעבן דעם הויפּט־לאַגער האָט מען געקיילט טויזנטער בהמות און פֿערד אויף שפּײַז פֿאַר די זעלנער. די ערד איז געװען באַגאָסן מיט בלוט. די איבלדיקע פּאַרע פֿון דעם רויען פֿלייש האָט געשטיקט דעם אָטעם אין דער ברוסט, און צװישן די קופּעס פֿלייש האָבן זיך געדרייט רויטע טאָטערס מיט מעסערס אין די הענט. דער טאָג איז געװען אַ הייסער, די זון האָט געגליט. ערשט אין אַ שעה אַרום איז הער סקשעטוסקי מיט זײַנע באַגלייטער אַרויס אויפֿן פֿרייען פֿעלד, אָבער פֿון דער װייטנס האָבן נאָך אָפּגעהילכט דער ליאַרם און די קולות פֿון די בהמות. אויפֿן װעג זענען געװען קענטיק די שפּורן פֿון די רויבער. דאָ און דאָרט האָט ער זיך אָנגעשטויסן אויף אָפּגעברענטע ישובֿים, קוימענס פֿון צושטערטע הייזער, צוטרעטענע תבֿואה, צובראָכענע בוימער, קאַרשן־גערטנער ביי כאַטעס, װאָס זענען אויסגעהאַקט געװאָרן אויף ברענהאָלץ. אויפֿן װעג זענען געלעגן פֿערדישע נבֿלות און מענטשלעכע גופֿים, שרעקלעך צעקאַליעטשעטע, בלאָע, געשװאָלענע, און אויף זיי און איבער זיי ראָבן און קראָען, װאָס האָבן מיט רעש און געפּילדער זיך געאײַלט אַװעקצופֿליען אויפֿן אָנבליק פֿון מענטשן. כמעלניצקיס בלוטיקע װערק האָט זיך אומעטום געװאָרפֿן אין די אויגן און ס'איז שװער געװען צו פֿאַרשטיין, קעגן װעמען דער דאָזיקער מענטש האָט אויפֿגעהויבן די האַנט, װײַל זײַן אייגן לאַנד האָט קודם־כּל געקרעכצט אונטער דער לאַסט פֿון די צרות און אָנשיקענישן.

אין מלעיאָװ האָבן זיי באַגעגנט טאָטערישע פֿאָרפּאָסטענס, װאָס האָבן געטריבן נייע מחנות פֿון געפֿאַנגענע. האָראָדישטשע איז געװען פֿאַרברענט אויף אַש. עס זענען בלויז געבליבן שטיין דער געמויערטער גלאָקן־טורם פֿון דער קירך און דער אַלטער

דעמב, וואָס איז געשטאַנען אין מיטן מאַרק, באַדעקט מיט שרעקלעכע פּירות, ווייל עס זענען געהאָנגען אויף אים אַפּאָר צענדליק קליינע יידעלעך, וואָס זענען אויפגעהאָנגען געוואָרן מיט דריי טעג צוריק. עס זענען דאָ אויך אויסגעהרגעט געוואָרן אַ סך שלאַכטשיצעס פון קאָנאָפּלאַנקאַ, סטאַראָסיעל, וויענזאָוויעק, באַלאַקלע, און וואָדאַטשעוו. דאָס שטעטל גופא איז געווען פּוסט, ווייל די מאַנסבילען זענען אַוועק צו כמיעלניצקין, און די פרויען, קינדער און זקנים זענען אַנטלאָפן אין די וועלדער, ווייל זיי האָבן זיך געריכט אויפן אָנקומען פון פירשט יערעמיס חיילות. פון האָראָדישטשע איז הער סקשעטוסקי געפאָרן דורך סמילאַ, זשאַבאָטין און נאָוואָשעלצע קיין טשעהרין, אָפּשטעלנדיק זיך נאָר אַזוי פיל אויפן וועג, אויף וויפיל דאָס איז נויטיק געווען פאַר די פערד אויף אָפּרו. זיי זענען אַריינגעפאָרן אין די שטאָט אויפן צווייטן טאָג אַרום מיטאָג-צייט. די מלחמה האָט פאַרשוינט די שטאָט, בלויז אַפּאָר הייזער זענען געווען צושטערט, און צווישן זיי איז אויך געווען טשאַפּלינסקיס הויז, פון וועלכן ס'איז אפילו קיין זכר נישט געבליבן. אין דער שטאָט איז געשטאַנען דער פּאָד-פּאָלקאָווניק נאַקאָלאָ-פּאַליעץ מיט טויזנט קאָזאַקן, אָבער סיי ער, סיי די קאָזאַקן און די גאַנצע באַפעלקערונג האָבן געלעבט אין דער גרעסטער שרעק, ווייל דאָ, ווי אומעטום אויפן וועג, זענען אַלע געווען זיכער, אַז דער פירשט וועט אַ ליאַדע רגע אָנקומען און נעמען אַזאַ נקמה, וועגן וועלכער די וועלט האָט נאָך ניט געהערט. מ'האָט נישט געוווּסט, ווער עס לאָזט אַרויס די דאָזיקע קלאַנגען, פון וואַנען זיי קומען; אפשר האָט זיי געבוירן די אימה; גענוג, אַז מ'האָט כסדר דערציילט, אַז דער פירשט שווימט שוין דורך דער סולאַ, באַלד ווידער, איז ער שוין ביים דניעפּער, אַז ער האָט פאַרברענט וואַסיוטינצע, אַז ער האָט אויסגעקוילעט די באַפעלקערונג אין באָריס; און יעדעס מאָל, ווען רייטער אָדער פוס-גייער האָבן זיך דערנענטערט, האָט דאָס אַרויסגערופן אַ גוואַלדיקע בהלה. הער סקשעטוסקי האָט גיריק אויפגעכאַפּט די דאָזיקע ידיעות, ווייל ער האָט פאַרשטאַנען, אַז ווען אפילו זיי זאָלן נישט זיין אמת, האָבן

ווי פונדעסטוועגן נישט דערלאָזט, אַז עס זאָל זיך פאַרשפּרייטן די מריָדה אויף יענער זייט דניעפּער, וועלכער דער פּירשט האָט געהאַלטן אין דער מורא.

הער סקשעטוסקי האָט געוואָלט דערגיין עפּעס זיכערערס פון נאַאָקאָלאָ־פּאַליעַצן, ס'האָט זיך אָבער אַרויסגעשטעלט, אַז דער פּאָדפּאָלקאָווניק האָט, פּונקט ווי אַלע אַנדערע, גאָרניט געוווסט וועגן פּירשט און ער וואָלט אַליין געוועזן אַ בעלן צו באַקומען וועלכע עס איז ידיעות פון סקשעטוסקין. און אַזוי ווי מ'האָט אַריבערגעצויגן אויף דער זייט אַלע שיפן, לודקעס און שיפלעך, איז אויך פון צווייטן ברעג קיינער נישט געקומען צו לויפן.

סקשעטוסקי האָט זיך דעריבער לענגער נישט געזוימט אין טשעכרין, האָט זיך געהייסן אַריבערפירן דעם טייך און אָן שהיות האָט ער זיך געלאָזט אין וועג אַריין קיין ראָזלאָגי. די זיכערקייט, אַז אינגיכן וועט ער זיך אַליין איבערצייגן, וואָס עס איז געוואָרן מיט העלענאַן, און די האָפנונג, אַז אפשר איז זי ניצול געוואָרן, אָדער זי האָט זיך גאָר צוזאַמען מיט איר מומע און די פּירשטן באַהאַלטן אין לובני, האָט אים צוריקגעגעבן די כחות און דאָס געזונט. ער האָט זיך איבערגעזעצט פון וואָגן אויפן פערד און געטריבן אָן רחמנות זיינע טאַטערס, וועלכע האָבן אים געהאַלטן פאַר אַ שליח און זיך אַליין פאַר פּריסטאַ־וועס, וואָס שטייען אונטער זיין קאָמאַנדע, און דעריבער האָבן זיי זיך נישט דעריועגט נישט צו פאָלגן זיין באַפעל. זיי זענען געפלויגן, גלייך ווי מ'וואָלט זיי געיאָגט, איבערלאָזנדיק הינטער זיך גאָלדענע שטויב־זיילן, וואָס האָבן זיך אויפגעהויבן אונטער די קאָפּיטעס פון די פערד. זיי האָבן געמיטן קאָלאָניעס, פאַר־מעס און דערפלעך. דאָס לאַנד איז געווען פּוסט, די ישובים אַזוי אויסגעליידיקט, אַז אַ לאַנגע צייט האָבן זיי נישט באַגעגנט קיין לעבעדיקן נפש. מסתמא האָבן זיך אַלע באַהאַלטן פאַר זיי. דאָ און דאָרט האָט הער סקשעטוסקי געהייסן זוכן אין די גער־טנער, בין־שטאָקן, הינטער די פעלדער און אויף די שטרוי־דעכער פון די שייערס, אָבער זיי האָבן קיינעם נישט געקאָנט געפינען.

ערשט הינטער פּאַהרעבי האָט איינער פֿון די טאָטערס באַמערקט עפּעס אַ מענטשלעכע געשטאַלט, וואָס האָט זיך גע־וואָלט באַהאַלטן צווישן די געוויקסן אויפֿן ברעג פֿון קאַהאַמליק.

די טאָטערס זענען צוגעשפּרונגען צום טייך און אין אַ פּאָר מינוט אַרום האָבן זיי געבראַכט צו הער סקשעטוסקין צוויי מענטשן, ביידע אָדם־נאַקעט.

איינער פֿון זיי איז געווען אַ זקן, דער צווייטער אַ גע־וויקסיקער בחור פֿון אַ יאָר פֿופֿצן אָדער זעכצן. ביי ביידע האָבן די ציין זיך געטרייסלט פֿון שרעק און אַ לאַנגע צייט האָבן זיי קיין וואָרט נישט געקאָנט אַרויסריידן.

— פֿון וואַנען זייט איר?—האָט הער סקשעטוסקי געפֿרעגט.

— מיר זענען פֿון ערגעץ נישט, האַר — האָט דער זקן געענטפֿערט—מיר גייען בעטלען—מיט דער לירע, און אָט, דער דאָזיקער שטומער בחור פֿירט מיך.

— פֿון וואַנען גייט איר איצט, פֿון וועלכן דאָרף? זאָג דרייסט, מיר וועלן דיר גאָרנישט טון.

— מיר, האַר, זענען געגאַנגען איבער אַלע דערפֿער, ביז עפּעס אַ שד האָט אונז אויסגעטון נאַקעט. גוטע שטיוול געהאַט— צוגענומען, גוטע היטלען געהאַט — צוגענומען, גוטע סוקמאַנעס, וואָס גוטע מענטשן האָבן געגעבן — צוגענומען, אַפֿילו די לירע נישט איבערגעלאָזט.

— איך פֿרעג דיך, שוטה, פֿון וועלכן דאָרף דו גייסט?

— איך ווייס נישט, האַר — כ׳בין אַ שלעפּער. אָט זענען מיר נאַקעט, ביינאַכט פֿרירן מיר, ביטאָג זוכן מיר מענטשן, וואָס זאָלן אונז באַקליידן און געבן צו עסן, מיר זענען הונגעריק!

— הער, פּויער, ענטפֿער אויף דעם, וואָס איך פֿרעג, אַניט וועל איך דיך הייסן אויפֿהענגען.

— איך ווייס גאָרנישט, האַר. אויב איך ווייס עפּעס, אָדער כ׳האָב געוווּסט עפּעס, אָדער וועל וויסן עפּעס, טאָ טו מיר עפּעס!

ס׳איז קלאָר געווען, אַז דער זקן, וועלכער האָט נישט געקאָנט חיסן, ווער עס איז דער, וואָס פֿרעגט אים אויס, האָט

באַשלאָסן נישט צון געבן קיי שום תשובות.

— און אין ראָזלאָגי ביזטו געווען, דאָרט ווו עס וווינען די פירשטן קורצעוויטש?

— כ׳ווייס נישט, האַר.

— הענגט אים!—האָט הער סקשעטוסקי אַ געשריי געטון.

— געווען, האַר!—האָט אויסגערופן דער זקן, זעענדיק, אַז דאָ גייט נישט אָן קיין ליצנות.

— וואָס האָסטו דאָרט געזען?

— מיר זענען דאָרט געווען מיט פינף טעג צוריק, און שפּעטער האָבן מיר אין בראָוואַרקי געהערט, אַז דאָרט זענען געקומען ריטערס.

— וואָס פאַר אַ ריטערס?

— כ׳ווייס נישט, האַר! אַ טייל זאָגן, אַז לאַכן; אַ טייל זאָגן, אַז קאָזאַקן.

— אויף די פערד!—האָט הער סקשעטוסקי אַ געשריי געטון צו די טאַטערס.

די מחנה איז געפלויגן. די זון איז פאַרגאַנגען, פונקט ווי דעמאָלט, ווען דער נאַמיעסטניק איז נאָכן באַגעגעניש מיט הלענאַן, און דער פירשטין אויפן וועג געפאָרן נעבן זיי ביי ראָזוואַנס קאַרעטע. דער קאַהאַמליק איז אויך געווען אַזוי פורפור-רויט, דער טאָג האָט זיך געזעגנט צום שלאָפן-גיין און ער איז נאָך שטילער, לויטערער, וואַרעמער ווי דעמאָלט. נאָר דעמאָלט איז הער סקשעטוסקי געפאָרן מיט אַ האַרץ, פול מיט האָפנונג און ליבע-געפילן, וואָס האָבן זיך אין אים געוועקט, און איצט איז ער געפלויגן ווי אַ פאַרברעכער, געטריבן פון אַ שטורמי-שער אומרויקייט און בייזע פאָרגעפילן. אַ שטים פון יאוש האָט געררופן אין זיין נשמה: „דאָס האָט זי באַהון פאַרכאַפּט! וועסט זי שוין מער ניט זען!“, און די שטים פון האָפנונג: „דאָס איז געווען דער פירשט! זי איז ניצול געוואָרן!“ און די דאָזיקע שטימען האָבן זיך אין אים אַזוי געריסן צווישן זיך, אַז זיי האָבן אים שיער נישט צוריסן דאָס האַרץ. זיי האָבן געטריבן די פערד מיט דער רעשט ביסל כּחות. ס׳איז אַריבער אַ שעה

און נאָך אַ שעה. די לבנה איז אַרויסגעשווומען און אַרויסרוקנ־דיק זיך וואָס אַמאָל העכער, איז זי וואָס אַמאָל בלאַסער גע־וואָרן. די פֿערד האָבן זיך באַדעקט מיט אַ שוים און שווער געכראָפּעט. זיי זענען אַריינגעפֿאַלן אין אַ וואַלד, ער איז נעלם געוואָרן ווי אַ בליץ, זיי זענען אַריינגעפֿאַלן אין אַ הייל, און באַלד נאָך איר ליגט שוין ראָזלאָגי. נאָך אַ ווײַלע און דעם ריטערס גורל וועט קלאָר ווערן. דערווײַל פֿײַפֿט אים דער ווינט אין די אויערן פֿון אימפּעט, דאָס היטל איז אים אַראָפּגעפֿאַלן פֿון קאָפּ, דאָס פֿערד אונטער אים קרעכצט, גלייך ווי אָט־אָט פֿאַלט עס. נאָך אַ ווײַלע, נאָך אַ שפּרונג, און זיי זענען אַרויס פֿון דער הייל. שוין! שוין!

מיט אַ מאָל האָט אַ אומגעמענטשלעכער, שרעקלעכער געשריי זיך אַרויסגעריסן פֿון הער סקשעטוסקיס ברוסט.

דער הויף, די שטאַלן, די שייערס, דער פּלויט און דער קאַרשן־גאָרטן — פֿון דעם אַלעם איז קיין שפּור ניט געבליבן.

די בלייכע לבנה האָט באַלויכטן דאָס בערגל און אויף אים אַ קופּע פֿון שוואַרצע אָפּגעברענטע רעשטלעך, וועלכע האָבן שוין אפֿילו אויפֿגעהערט צו טליִען.

קיין שום אָפּקלאַנג האָט ניט איבערגעריסן די שטיל־קייט.

הער סקשעטוסקי איז געשטאַנען פֿאַרן גראָבן אַ שטומער, ער האָט נאָר אויפֿגעהויבן די הענט אין דער הויך, האָט גע־קוקט, געקוקט און עפּעס מאָדנע געשאָקלט מיטן קאָפּ. די טאָ־טערס האָבן פֿאַרהאַלטן די פֿערד. ער איז אַראָפּ פֿון זײַן פֿערד, האָט אויפֿגעזוכט די רעשטלעך פֿון דער פֿאַרברענטער בריק, איז אַריבערגעגאַנגען דעם גראָבן איבער אַ בעלקע, וואָס איז געלעגן אין דער ברייט, און זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ שטיין, וואָס איז געלעגן אין מיטן פּלאַץ. אַוועקזעצנדיק זיך האָט ער זיך גענומען אַרומקוקן ווי אַ מענטש, וואָס געפֿינט זיך צום ערשטן מאָל אויף עפּעס אַ אָרט און וויל זיך מיט אים באַקענען. ער האָט פֿאַר־לוירן דאָס באַוווּסטזיין. ער האָט אפֿילו קיין קרעכץ ניט אַרויס־געלאָזט. אין אַ ווײַלע אַרום האָט ער אָנגעשפּאַרט די הענט אויף

זי קני, אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און געבליבן זיצן אין אַ אומבאַוועגלעכער פּאָזע, אַזוי אַז מ'האָט געקאָנט מיינען, דאָס ער איז אַנטשלאָפֿן געוואָרן. אָבער אויב ער איז נישט אַנטשלאָפֿן געוואָרן, איז ער פֿאַרגליווערט געוואָרן — אַנשטאָט געדאַנקען זענען אים דורכן קאָפּ דורכגעלאָפֿן נאָר אומקלאָרע בילדער. ער האָט צוערשט געזען העלענאַן אַזוי ווי ער האָט זיך געהאַט מיט איר געזעגנט פֿאַר זיין לעצטער נסיעה, נאָר איר פּנים איז ווי געווען פֿאַרשלייערט מיט אַ נעפּל, אַזוי אַז ער האָט זיינע שטריכן נישט געקאָנט דערקענען. ער האָט זי געוואָלט אַרויסקריגן פֿון דעם דאָזיקן נעפּלדיקן שלייער און האָט נישט געקאָנט. איז ער דעריבער אַוועקגעפֿאָרן מיט אַ שווער האַרץ. שפּעטער איז אים אין קאָפּ דורכגעלאָפֿן דער טשעכרינער מאַרק, דער אַלטער זאַטשוויליכאָווסקי און זאַגלאָבאַס חוצפּהדיקער פּרצוף. דער דאָזיקער פּרצוף איז מיט אַ באַזונדערער עקשנות אים געשטאַנען פֿאַר די אויגן, ביז עס איז פֿאַרביטן געוואָרן דורך גראָדזשיצקיס טריבן פּנים. שפּעטער האָט ער נאָך געזען קודאַק, די פֿעלזן, דעם קאַמף אין כאָרטיצאַ, סיטש, די גאַנצע נסיעה און אַלע געשעענישן ביז צום לעצטן טאָג, ביז צו דער לעצטער שעה. אָבער ווייטער איז שוין געווען פֿינסטער! וואָס עס האָט זיך איצט מיט אים געטון האָט ער נישט געוווסט. ער האָט נאָר געהאַט דאָס אומקלאָרע פֿאָרגעפֿיל, אַז ער פֿאָרט צו העלענאַן, קיין ראָזלאָגי, אָבער ס'האָבן אים אויסגעפֿעלט כּחות, דעריבער רוט ער זיך אָפּ אויף די חורבות. אָט וואָלט ער וועלן זיך אויפֿשטעלן און ווייטער פֿאָרן, אָבער עפּעס אַ אומגעהייערע שוואַכקייט שמיט אים צו צום אָרט, גלייך ווי מ'וואָלט אים הונדערט-פּונטיקע קוילן צוגעבונדן צו די פֿיס.

און אַזוי איז ער געזעסן און געזעסן. די נאַכט איז אַריבער. די טאָטערס האָבן זיך געקליבן דאָ איבע־צונעכטיקן און, אָנצינדנדיק אַ פֿייער, האָבן זיי גענומען אויף אים בראָטן שטיקלעך פֿון אַ פֿערדישער נבלה, און שפּעטער, אַז זיי האָבן שוין געהאַט געגעסן צו דער זאַט האָבן זיי זיך געלייגט אויף דער ערד.

אָבער ס'איז נישט אַריבער אַ שעה און זיי זענען אויפֿגעשפּרונגען פֿון זייערע געלעגערס.

פֿון דער ווייטענס האָט זיך אָנגעטראָגן אַ לאַרם, וואָס איז געווען ענלעך אויף די אָפּקלאַנגען, וואָס עס גיט אַרויס אַ גרויסע צאָל פֿון רייטער, וועלכע גייען אין אַ איילינקן מאַרש.

די טאָטערס האָבן גיך אָנגעהאָנגען אויף אַ לאַנגען שטעקן אַ ווייסע פֿלאַכטע און פֿאַרגרעסערט דאָס פֿייער, כדי מ'זאָל פֿון דער ווייטנס דערקענען, אַז זיי זענען פֿרידלעכע שליחים.

די טריט פֿון די פֿערד, זייער כראַפּעריי און דאָס געקלאַנג פֿון די שווערדן זענען צוגעקומען וואָס אַמאָל נענטער און אינגיכן האָט זיך אויפֿן וועג באַוויזן אַ אָפּטיילונג פֿון רייטער, וועלכע האָט באַלד אַרומגערינגעלט די טאָטערס.

ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ קורצער שמועס. די טאָטערס האָבן אָנגעוויזן אויף די פֿיגור, וואָס זיצט אויפֿן בערגל און וועלכע מ'האָט איבעריקנס זייער גוט געזען, ווייל ס'איז אויף איר געפֿאַלן די שיין פֿון דער לבנה, און זיי האָבן דערקלערט, אַז זיי פֿירן אַ שליח, און פֿון וועמען — וועט ער אַליין אַמבעסטן זאָגן.

דער קאָמענדאַנט פֿון דער אָפּטיילונג איז דאַן צוזאַמען מיט אַ פּאָר חברים געגאַנגען צום בערגעל, קוים אָבער האָט ער זיך דערנענטערט און אַקוק געטאָן דער זיצנדיקער פֿיגור אין פּנים אַריין, האָט ער צונומען די הענט און אויסגעשריגן:

— סקשעטוסקי! לעבעדיקער גאָט אין הימל, דאָס איז דאָך סקשעטוסקי!

דער נאַמיעסטניק האָט זיך אַפֿילו אַ ריר נישט געטון.

— הער נאַמיעסטניק, איר דערקענט מיך ניט? איך בין ביכאָוויעץ. וואָס איז אייך?

דער נאַמיעסטניק האָט געשוויגן.

— וועק דיך אויף, גאָט מיינער! העי, חברים, אַהער דאָ!

דאָס איז באמת געווען הער ביכאָוויעץ, וועלכער איז געגאַנגען אין אַוואַנגאַרד פֿאַר דעם פֿירשט יערעמיס מעכטיקע חיילות.

דערווייל זענען אָנגעקומען אויף אַנדערע פּאָלקען. די ידיעה, אַז סקשעטוסקי איז אויסגעפונען געוואָרן, האָט זיך פאַרשפּרייט בליץ-שנעל איבער די פּאָלקען, און אַלע האָבן זיך געאײלט צו באַגריסן דעם ליבן חבר. דער קליינער וואָלאָדיאָווסקי, ביידע סלעשינסקיס, דזשיק, אָרפּישעווסקי, מיגורסקי, יאַקובאָוויטש ליניץ, הער לאָנגינוס פּאָדביפּיענטאַ און אַ סך אַנדערע אָפיצירן זענען געלאָפן צום בערגל, ווילנדיק איבעריאָגן איינער דעם צווייטן. בחנם אָבער האָבן זיי גערעדט צו אים, אים גערופן ביים נאָמען, געצויגן פאַר די הענט, זיך באַמיט אים אויפצושטעלן — הער סקשעטוסקי האָט געקוקט אויף זיי מיט ברייט געעפנטע אויגן און האָט קיינעם נישט דערקענט. אָדער גאָר פאַרקערט! ס'האָט זיך אויסגעדוכטן, אַז ער דערקענט זיי יאָ, נאָר אַז זיי גייען אים שוין לחלוטין נישט אָן. ערשט ווען די אַלע, וואָס האָבן געוווּסט וועגן זיין ליבע צו העלענאַן, און כמעט אַלע האָבן שוין געוווּסט, האָבן זיך דערמאָנט, אין וואָס פאַר אַ אָרט זיי געפינען זיך, האָבן זיי אַלץ פאַרשטאַנען, אַ קוק-געטון אויף די שוואַרצע חורבות און גראָען אַש.

— פון גרויס צער האָט ער פאַרלוירן דאָס באַוווּסטזיין — האָט איינער געשעפּטשעט.

— די פאַרצווייפלונג האָט אים משוגע געמאַכט.

— פירט אים צום פירשט. אפשר, אַז ער וועט אים דערזען, וועט ער אויפקומען.

הער לאָנגינוס האָט זיך געבראָכן די הענט. אַלע האָבן זיך געשטעלט אין אַ עיגול אַרום נאַמיעסטניק און געקוקט אויף אים מיט מיטגעפיל. מאַנכע האָבן געווישט די טרערן מיט די אַרבל, אַנדערע האָבן טיף געזיפצט. מיט אַמאָל האָט זיך פון צווישן זיי אַרויסגערוקט עפּעס אַ הויכע פיגור און, צוגייענדיק לאַנגזאַם צום נאַמיעסטניק, האָט ער אים אַרויפגעלייגט אויפן קאָפּ ביידע הענט.

דאָס איז געווען קסיאָנדז מוכאָוויעצקי.

אַלע זענען אַנטשוויגן געוואָרן און זיך געוואָרפן אויף די קני, גלייך ווי זיי וואָלטן געוואַרט אויף אַ נס, אָבער דער

קשיאַנדז האָט קיין נס ניִשט באַוויזן, נאָר האַלטנדיק כּבֿוד דעם
הענט אויף סקשעטוסקיס קאָפּ, האָט ער געהויבן די אויגן צום
הימל, וואָס איז געווען פֿול מיִט לבֿנה-שיין און גענומען
הויך די תּפֿלה:

— פֿאָטער אונזער אין הימל! זאָל געהייליקט ווערן דיין נאָמען, זאָל קומען דיין ממשלה, זאָל געשען דיין רצון...

דאָ האָט ער איבערגעריסן און אין אַ ווײַלע אַרום האָט ער איבערגעחזרט העכער און פֿייערלעכער:

— ... זאָל געשען דיין רצון!..

עס האָט געהערשט אַ טיפֿע שטילקייט.

— ... זאָל געשען דיין רצון!.. — האָט איבערגעחזרט דער קשיאַנדז צום דריטן מאָל.

דעמאָלט האָט זיך פֿון סקשעטוסקיס מויל אַרויסגעריסן אַ קול, פֿיל מיט ווייטאָק און יאוש:

— אין הימל און אויף דער ערד!

און דער ריטער האָט זיך מיט אַ כּליפּעריי אַ וואָרף געטון אויף דער ערד.

(סוף פֿון ערשטן טייל).

הענריק שענקעוויטש

# מיט פייער און שווערד

יידיש: משה בליישטיפט




ווארשע 1924

## קאפיטל.

כדי קלאָר צו מאַכן, וואָס עס האָט זיך פאַרלאָפן אין ראָזלאָגי, דאַרפן מיר זיך אַ ביסל צוריקציִען צו דער פאַרגאַנ־גענהייט, ביז צו יענער נאַכט, אין וועלכער הער סקשעטוסקי האָט אַרויסגעשיקט זשענדזשאַנען מיט אַ בריוו פון קודאַק צו דער אַלטער פירשטין. דער בריוו האָט אַנטהאַלטן די הייסע בקשה, אַז די פירשטין זאָל צוזאַמען מיט העלענאַן וואָס גיכער פאָרן קיין לובני, ווו זיי וועלן זיך געפינען אונטער פירשט יערעמיס שוץ, ווייל די מלחמה וועט אויסברעכן אַ ליאַדע מינוט. זשענדזשאַן האָט זיך אַריינגעזעצט אין אַ שיפל, וואָס הער גראָדזשיצקי האָט אַרויסגעשיקט פון קודאַק נאָך פולווער, און זיך געלאָזט אין וועג אַריין. די נסיעה איז צוגעגאַנגען לאַנגזאַם, ווייל זיי זענען געפאָרן טייך־אַרויף. ביי קרעמענטשוג האָבן זיי באַגעגנט די חיילות, וואָס זענען דורך די העטמאַנעס אַרויסגע־שיקט געוואָרן אַקעגן כמיעלניצקין אונטער קשעטשאָווסקים און באַראַבאַשס קאָמאַנדע. זשענדזשאַן האָט זיך געזען מיט באַראַ־באַשן, וועלכן ער האָט באַלד דערציילט, מיט וועלכע סכנות די נסיעה קיין סיטש שמעקט פאַרן הער סקשעטוסקי. ער האָט דעריבער געבעטן דעם אַלטן פאָלקאָווניק, אַז באַגעגנדיק זיך מיט כמיעלניצקין, זאָל ער נישט פאַרגעסן זיך אָנצונעמען פאַרן שליח. נאָך דעם איז ער ווייטער געפאָרן.

קיין טשעכרין זענען זיי אָנגעקומען פאַרטאָגס. דאָ זענען זיי באַלד אַרומגערינגלט געוואָרן פון די וואַך־פאָסטנס, וועלכע האָבן געפרעגט, ווער זיי זענען. זיי האָבן געענטפערט, אַז זיי פאָרן פון קודאַק, פון הער גראָדזשיצקין מיט אַ בריוו צו די העטמאַנעס. פונדעסטוועגן האָט מען אויפגעפאָדערט דעם עלטסטן פון שיפל און זשענדזשאַנען, אַז זיי זאָלן אָפּגעבן ערקלערונגען דעם פאָלקאָווניק.

— װעלכן פּאָלקאָװניק? — האָט דער עלטסטער געפֿרעגט.

— דעם הער לאָבאָדאַ — האָבן געענטפֿערט די פֿירער פֿון דער װאַך — װעלכן דער גרױס=העטמאַן האָט באַפֿױלן צו פֿאַרהאַלטן און חוקר ודורש צו זײַן אַלע, װאָס קומען אָן פֿון סיטש קײן טשעכרין.

זײ זענען געגאַנגען. זשענדזשאַן איז געגאַנגען דרײסט, װײַל ער האָט זיך אױף קײן שום בײז ניט געריכט, זעענדיק, אַז דער העטמאַן האָט אַ שליטה איבער דעם דאָזיקן אָרט. מ׳האָט זײ אַרײַנגעפֿירט אין הער זשעלענסקיס הױז, נעבן דזװאָניעצקי=װינקל, װו פּאָלקאָװניק לאָבאָדאַ האָט געהאַט זײַן קװאַטיר. מ׳האָט זײ אָבער געזאָגט, אַז דער פּאָלקאָװניק איז נאָך פֿאַרטאָגס אַרױסגעפֿאָרן קײן טשערקאַסי און אַז עס פֿאַרטרעט אים דער פּאָדפּאָלקאָװניק. זײ האָבן דעריבער גענוג לאַנג געװאַרט, ביז די טיר האָט זיך סוף כּל סוף געעפֿנט און דער פּאָדפּאָלקאָװניק איז אַרײַנגעקומען אין דער שטוב.

זשענדזשאָן האָט אים דערזען, איז ער פֿאַרציטערט געװאָרן.

דאָס איז געװען באָהון.

אמת, דעם העטמאַנס שליטה האָט זיך נאָך אױסגעשפּרײט אין טשעכרין, לאָבאָדאַ און באָהון זײַנען אָבער ביז איצט ניט אַריבערגעגאַנגען צו כמיעלניצקין, אדרבא, זײ האָבן הױך ערקלערט, אַז זײ בלײַבן אױף דער זײַט פֿון דער רעפּובליק, און דעריבער האָט דער גרױס=העטמאַן זײ געהײסן זיצן אין טשעכרין און האַלטן די װאַך.

באַהון האָט זיך געזעצט צום טיש און גענומען חוקר=ודורש זײַן די אָנגעקומענע.

דער עלטסטער, װעלכער האָט געפֿירט הער גראָדזיצקיס בריװ, האָט געענטפֿערט פֿאַר זיך און פֿאַר זשענדזשאַונען. נאָכן באַקוקן דעם בריװ האָט דער ייִנגער פּאָדפּאָלקאָװניק גענומען געניי אױספֿרעגן, װאָס עס הערט זיך אין קודאַק, און ס׳איז געװען קלאָר, אַז ער האָט געהאַט אַ גרױסן חשק צו דערגײן, נאָך װאָס הער גראָדזשיצקי האָט אַרױסגעשיקט צום גרױס=העט-

מאַן מענטשן און אַ שיִפל. אָבער דער עלטסטער האָט אים דערויף גיִשט געקאָנט ענטפערן, און דער בריִוו איז געווען פאַרחתמעט מיִט העיר גראָדזשיִצקיִס סיִגנעט. נאָך דער חקירה ודרישה האָט באהון שוין געהאַט בדעה זיי משלח צו זיין און ער האָט זיך שוין גענומען צום בייטל און געוואָלט זיי געבן טרינק־געלד, אָבער דאָ האָט זיך די טיִר געעפֿענט און הער זאַגלאָבאַ איז ווי אַ רוח אַרייַנגעפֿלויגן איִן דיִ שטוב.

— הער, באָהון — האָט ער אויסגערופן — דער בוגד דאָפּולאָ האָט באַהאַלטן דעם בעסטן מעד. כ׳ביִן געגאַנגען מיִט איִם איִן קעלער אַרייַן — כ׳געב אַ קוק: עפעס היי אָדער ניִשט היי ביים וויִנקל. פֿרעג איך: וואָס איִז? זאָגט ער: טרוקן היי! און איך געב אַ קוק נעֶנטער, דערזע איך, ווי עס שטעקט אַרויס אַ קעפּל פֿון אַ פּלאַש, ווי אַ טאָטער פֿון גראָז. אָ! אַזאַ חברה־מאַן! — זאָג איך — ווען מיר זיך טיילן מיִט דער אַרבעט: דו וועסט אויפֿעסן דאָס היי, ווייל דו ביִסט אַ אָקס, און איך וועל אויסטריִנקען דעם מעד, ווייל כ׳ביִן אַ מענטש. כ׳האָב טאַקע געבראַכט דיִ פֿלאַש, כדי זיִ אויסצופּרובן ווי געהעריִק, געב נאָר בעכערס.

ביי דיִ דאָזיִקע ווערטער האָט הער זאַגלאָבאַ מיִט איין האַנט זיִך אָנגעכאַפּט פֿאַר אַ זייט, מיִט דער צווייטער האָט ער אויפגעהויבן די פלאַש איִבערן קאָפּ און גענומען זיִנגען:

הער יאַגוש, הער קונדוש, דיִ כוסות אַהער.

אַהער געב דאָס פּיִסקעל, און טראַכט גאָרניִשט מער.

דאָ האָט הער זאַגלאָבאַ מיִט אַמאָל איִבערגעריִסן, דערזע־ענדיִק זשינדזשאָנען, ער האָט אַוועקגעשטעלט דיִ פֿלאַש אויפֿן טיש און געזאָגט:

— וויִ גאָט איִז מיִר ליִב, דאָס איִז דאָך הער סקשע־טוסקיס יונגעל.

— וועמענס? האָט באָהון גיִך אַ פרעג געטון.

— דעם הער סקשעטוסקיִס, דעם נאַמיעסטניִקס, וועלכער איז געפאָרן קיין קודאַק, און מיך האָט ער דאָ פֿאַרן אָפּפאָרן מכבד געווען מיִט אַזאַ לובניער מעד, אַז יעדער אַנדערער מעד

פון דער שענק מעג זיך פאַר אים באַהאַלטן. וואָס מאַכט ער דיין הער? וואָס? איז ער געזונט?

— ער איז געזונט און האָט געהייסן אייך גריסן — האָט געזאָגט דער צוטומעלטער זשענדזשאַן.

דאָס איז אַ ריטער מיט אַ גרויסער פאַנטאַזיע. און ווי אַזוי ביסטו דאָס מגולגל געוואָרן קיין טשעכרין? פאַר וואָס האָט דיך דיין האַר אַוועקגעשיקט פון קודאַק?

— מיין האַר ווי יעדער האַר — האָט דאָס יונגעל געענטפערט – האָט זיך זיינע געשעפטן אין לובני, צוליב וועלכע ער האָט מיך געהייסן צוריקקערן, ווייל איך האָב סיי־ווי נישט געהאַט וואָס צו טאָן אין קודאַק.

די גאַנצע צייט האָט באָהון שאַרף געקוקט אויף זשענדזשאַנען. מיט אַמאָל האָט ער זיך אָנגערופן:

— איך קען אויך דיין האַר, כ'האָב אים געזען אין ראָזלאָגי.

זשענדזשאַן האָט אויסגעקרימט דעם קאָפּ און אָנשטעלענדיק דאָס אויער, ווי ער וואָלט כלומרשט נישט דערהערט, האָט ער געפרעגט:

— ווו?

— אין ראָזלאָגי.

— פון די קורצעוויטשעס — האָט זאַגלאָבאַ געזאָגט.

— ווען? — האָט זשענדזשאַן ווידער געפרעגט.

— כ'זעה, אַז די ביסט טויב געוואָרן — האָט באָהון טרוקן באַמערקט.

— ווייל כ'האָב מיך נישט אויסגעשלאָפן.

— ווערסטו דיך דאָך אויסשלאָפן. זאָגסטו, הייסט עס, אַז דיין האַר האָט דיך צוריסגעשיקט קיין לובני?

— אַודאי.

— מסתמא האָט ער דאָרט עפּעס אַ אויסדערוויילטע — האט הער זאַגלאָבאַ זיך אַריינגעמישט – צו וועלכער ער שיקט איבער צערטלעכקייטן דורך דיר.

— ווייס איך דאָרט, גנעדיקער האַר, אפשר האָט ער, און אפשר האָט ער נישט — האָט זשענדזשאַן געזאָגט.

שפּעטער האָט ער זיך גענייגט פאַר באָהונען און פאַרן הער זאַגלאָבאַ.

זאָל זיין געלויבט — האָט ער געזאָגט, קלויבנדיק זיך אוועקצוגיין.

— אויף אייביק! — האָט באָהון געענטפערט — וואַרט נאָר, פייגעלע, אייל דיך נישט, און פאַרוואָס האָסטו עפּעס פאַר מיר פאַרהוילן, אַן דו ביסט הער סקשעטוסקיס יונגל?

— ווייל איר, גנעדיקער האַר, האָט מיך נישט געפרעגט, און איך טראַכט מיר: צו וואָס זאָל איך ריידן גלאַט אין דער וועלט אריין. זאָל זיין גע...

— וואַרט, זאָג איך. פירסט עפּעס בריוו פון דיין האַר?

— מיין האַרס זאַך איז צו שרייבן, און מיין זאַך, אַלס משרת, איז אָפּצוגעבן, אָבער נאָר דעם, צו וועמען זיי זענען געשריבן, און דעריבער זאָל מיר זיין דערלויבט זיך צו געזעגענען מיט די גנעדיקע האַרן.

באָהון האָט געקנייטשט זיינע צויבל־בּרעמען און אַ פּאַטש געטון מיט די הענט. באַלד זענען צוויי זעלנער אריינגעפאַלן אין די שטוב.

— באַזוכט אים! — האָט ער אויסגערופן, אָנווייזנדיק אויף זשענדזשאַנען.

— כ'זאָל אַזוי לעבן, דאָ ווערט קעגן מיר באַגאַנגען אַ געוואַלט־טאַט! — האָט זשענדזשאַן געשריגן — איך בין אויך אַ שלאַכטשיץ, הגם איך בין אַ דינער, און איר, מיינע הערן, וועט אין דער פעסטונג פאַר אייערע מעשים מוזען אָפּגעבן אַ דין־וחשבון.

— באָהון! לאָז אים אָפּ! — האָט זיך אַריינגעמישט הער זאַגלאָבאַ.

דערווייל האָט אָבער איינער פון די זעלנער געפונען אין זשענדזשאַנס בוזעם צוויי בריוו און זיי איבערגעגעבן דעם פּאָד־פּאָלקאָווניק. באָהון האָט באַלד געהייסן די זעלנער אַוועקגיין,

ווייל ער האָט נישט געוואָלט זיי ווייזן, אַז ער קען נישט לעזן, שפּעטער האָט ער זיך געווענדעט צו זאַגלאָבאַן און געזאָגט:

— לעז, און איך וועל אַכטונג געבן אויפֿן יונגל.

זאגלאבא האָט צוגעמאַכט דאָס לינקע אויג, אויף וועלכן ער האָט די בלאָנע, און איבערגעליינט די אַדרעס.

„צו דער גנעדיקער מאַדאַם און הויף־וויל־געבוירענער פֿירשטין קורצעוויטש אין ראָזלאגי".

— דו ביסט, הייסט עס, געפֿאָרן קיין לובני און ווייסט נישט, ווו ראָזלאָגי איז? — האָט באָהון געזאָגט, קוקענדיק אויף זשענדזשאַנען מיט שרעקלעכע אויגן.

— ווו מ'האָט מיך געהייסן, דאָרט בין איך געפֿאָרן! — האָט דאָס יונגל געענטפֿערט.

— זאָל איך עפֿענען? די חתימה פֿון אַ שלאַכטשיך איז אַ הייליקע זאַך — האָט זאַגלאָבאַ באַמערקט.

— מיר האָט דאָ דער גרויס־העטמאַן געגעבן דאָס רעכט דווּ כצוקוקן אַלע בריוו. עפֿן און לעז.

זאַגלאבא האָט געעפֿענט און געלעזן:

— „גנעדיקע מאַדאַם א. א. וו. איך בין אייך, גנעדיקע מאַדאַם, מודיע, אַז איך בין שוין אָנגעקומען קיין קודאַק, פֿון וואַנען איך וועל, זאָל גאָט געבן בשלום, היינט אין דער פֿרי פֿאָרן קיין סיטש, און איצט שרייב איך דאָ ביינאַכט, ווייל איך קאָן ניט שלאָפֿן: כ'האָב מורא, אַז עס זאָל אייך עפּעס נישט געשען פֿון דעם רוצח באָהון און זיינע הולטאַיעס. און היות ווי הער קשישטאָף גראָדזשיצקי האָט מיר דאָ געזאָגט, אַז איידער מ'וועט זיך אומקוקן, וועט אויסברעכן אַ גרויסע מלחמה, וועלכע וועט אויך מעורר זיין דעם המון צו דער מרידה, דערפֿאַר באַשווער איך און בעט רחמים די גנעדיקע מאַדאַם, אַז איר זאָלט תיכף ומיד, אפֿילו ווען די סטעפּס זענען נאָך נישט טרוקן געוואָרן, אפֿילו רייטנדיק, באַוויליקן צו פֿאָרן מיט העלענאַן קיין לובני און דאָס נישט פֿאַרזוימען, ווייל איך וועל צו דער צייט נישט באַווייזן צוריקצוקערן. מיין דאָזיקע בקשה באַוויליקט, גנעדיקע מאַדאַם, באַלד צו דערפֿילן, כדי איך זאָל קאָנען זיכער זיין אין

דעם גליק, וואָס איז מיר צוגעזאָגט געוואָרן, און זיך פרייען מיט אים, ווען איך וועל צוריקקערן. און איידער איר, גנעדיקע מאַדאַם, זאָלט נאַרן באַהונען און צוזאָגנדיק מיר דאָס מיידל, אים שיטן זאַמד אין די אויגן פון שרעק, איז דאָך בעסער זיך צו באַהאַלטן אונטערן שוץ פון פירשט, מיין האַר, וועלכער וועט זיך נישט צפּזאָגן תיכּף אַרויסצושיקן אַ וואַך קיין ראָזלאָגי, און אויף אַזאַ אופן וועט איר מציל זיין דאָס פאַרמעגן. דערביי האָב איך דעם כבוד א. א. וו. א. א. וו.״

— הם! גנעדיקער הער באַהון — האָט געזאָגט הער זאַגלאָבאַ — דער ריטער וויל דיר, דוכט זיך, צוטשעפּן הערנער. האָט איר, הייסט עס, זיך צוגעשאַרט צו איין מיידל? פאַרוואָס האָסטו נישט געזאָגט? אָבער איך קאָן דיך טרייסטן. מיט מיר האָט אויך אַנומלט געטראָפן...

מיט אַמאָל איז דער אָנגעהויבענער שפּאַס פאַרגליווערט געוואָרן אויף הער זאַגלאָבאַס ליפּן. באַהון איז געזעסן אומבאַוועגלעך ביים טיש, אָבער זיין פּנים איז געווען ווי פון קאָנווולסיעס צוזאַמענגעצויגן, בלייך, די אויגן פאַרמאַכט, די ברעמען געקנייטשט. עס איז אין אים פאָרגעקומען עפּעס שרעקלעכעס.

— וואָס איז דיר? — האָט הער זאַגלאבא געפרעגט.

דער קאָזאַק האָט גענומען פיבערהאַפט פאָכן מיט די הענט, און פון זיין מויל האָט זיך אַרויסגעריסן אַ געדעמפטע, הייזעריקע שטים:

— לעז, לעז דעם צווייטן בריוו.

— דער צווייטער איז צום פריילין העלענא.

— לעז, לעז!

זאגלאבא האָט אָנגעהויבן:

מיין זיסע, הייס־געליבטע העלענא, די האַרין פון מיין האַרץ און מיין מלכּה! אַזוי ווי איך מוז אין די ענינים פון מיין דינסט ביים פירשט נאָך בלייבן אַ היבש ביסל צייט אין די דאָזיקע מקומות, שרייב איך צו דער מומע, אַז איר זאָלט תּיכּף פאָרן קיין לובני, ווו דיין צניעות קאָן נישט זיין אויסגעשטעלט אויף

קיין שום סכנה מצד באַהונען און אונזער קעגנזייטיקע ליבע וועט נישט דאַרפן ליידן..."

— געגוג — האָט באָהון מיט אַמאָל אויסגעשריגן און אויפשטעלענדיק זיך, מלא-רציחה פון טיש, איז ער צוגעשפּרונגען צו זשענדזשאַנען. אַ האַק האָט אַ בליץ געטון אין זיין האַנט און דאָס אומגליקלעכע יונגעל, וועלכען זי האָט געטראָפן גלייך אין די ברוסט אַריין, האָט נאָר אַ קרעכץ געטון און זיך אויסגעצויגען אויף דער ערד. אַ משוגעת האָט אָנגעכאַפּט באָהונען: ער האָט זיך געוואָרפן אויפן הער זאגלאבא און ביי אים אַרויסגעריסן די בריוו.

זאגלאבא האָט געכאַפּט די פלאַש מיט מעד, איז צוגעשפּרונגען צום אויוון און געשריגן:

— אין נאָמען פון גאָט און זון און הייליקן גייסט! מענטש, ביסטו משוגע, צו חסר-דעה? באַרואיק דיך! לעג אַריין דעם קאָפּ אין עמער, צו אַלדי רוחות — הערסטו וואָס איך זאָג

— בלוט! בלוט! — האָט באָהון געוואָיעט.

— צי ביסטו דול געוואָרן? לייג אַריין דעם קאָפּ אין עמער, זאָג איך דיר! האָסט שוין בלוט, האָסט עס פאַרגאָסן און דערצו נאָך אומשולדיק. דאָס דאָזיקע אומגליקלעכע יונגל זשיפּעט שוין ניט. אַ רוח איז אין דיר אַריין—אָדער דו ביסט אַליין אַ בייזער רוח. קום שוין צו זיך, אַ נישט גיי צום טייוול, עבודה-זרהניק!

אַזוי שרייענדיק, האָט זיך הער זאַגלאָבאַ צוגערוקט פון דער צווייטער זייט טיש צו זשענדזשאַנען און אַראָפּבויגנדיק זיך איבער אים, האָט ער אים גענומען טאַפּן ביי דער ברוסט און צולייגן די האַנט צום מויל, פון וועלכן דאָס בלוט האָט געגאָסן אָן אויפהער.

באָהון האָט זיך דערווייל אָנגעכאַפּט פאַרן קאָפּ און גע-היילט ווי אַ פאַרווונדעטער וואָלף. שפּעטער האָט ער זיך גע-וואָרפן אויף די באַנק, נישט אויפהערנדיק צו היילן, ווייל דאָס האַרץ איז אין אים צוריסן געוואָרן פון רציחה און ווייטאָג.

מיט אַמאָל איז ער אויפגעשפרונגען פון אָרט, צוגעלאָפן צו דער טיר, האָט זי אויפגעבראָכן מיטן פוס און איז אַרויסגעפאַלן אין פאָדער־הויז.

— לויף און צוברעך דעם קאַרק! — האָט הער זאַגלאָבא צו זיך געברומט — לויף און צוזעץ דיר דעם קאָפּ אָן דעם שטאַל אָדער שייער, הגם אַזאַ אָקס, ווי דו, קאָן דרייסט באָדזשען. נאַ דיר אַ משוגעת! כ'האָב נאָך אַזוינס אין מיין לעבן ניט געזען. ער האָט אַזוי געקלאַפּט מיט די ציין, ווי אַ הונט, אַז ס'כאַפּט אים אָן דער יצר־הרע. אָבער דאָס דאָזיקע יונגל לעבט נאָך נעבעך. באמונות, אויב דער דאָזיקער מעד וועט אים נישט העלפן, האָט ער אַודאי געזאָגט ליגן, אַז ער איז אַ שלאַכטשיץ.

אַזוי מורמלענדיק, האָט הער זאַגלאָבאַ אָנגעשפּאַרט זשענדזשאַנס קאָפּ אויף זיינע קני און גענומען אים פּאַמעלעך אַריינגיסן דעם מעד אין מויל אַריין דורך די בלויע ליפּן.

— מיר וועלן זען, צי דו האָסט אין זיך גוט בלוט — האָט ער ווייטער געזאָגט צום פאַרחלשטן — וואָרום יידיש בלוט, אַז מ'גיסט עס אונטער מיט מעד אָדער מיט וויין, קאָכט עס פויעריש בלוט, מחמת ס'איז פויל און שווער, לאָזט זיך אַראָפּ, און נאָר דאָס בלוט פון אַ שלאַכטשיץ לייטערט זיך און ווערט פאַרוואַנדלט אין אַ אויסגעצייכנטן ליקער, וועלכער שטאַרקט אין קרעפטיקט דעם גוף. אויך די איבריקע אומות האָט דער הער יעזוס געגעבן פאַרשיידענע משקאות, כדי יעדע זאָל זיך האָבן איר פולע נחמה...

זשענדזשאַן האָט געגעבן אַ שוואַכן קרעכץ.

— אַהאַ, ווילסט נאָך! ניין, גוטער ברודער, לאָז מיך אויך... אָט אַזוי. און איצט, אַז דו האָסט שוין אַרויסגעוויזן אַ סימן פון לעבן, וועל איך דיך בעסער אַריבערטראָגן אין שטאַל און אַוועקלייגן ערגעץ אין אַ ווינקל, כדי די דאָזיקע חיה רעה זאָל פון דיר ניט אַ תל מאַכן איינגאַנצן, ווען ער וועט צוריקקומען. דאָס איז אַ געפערלעכער פריינט — זאָל אים דער טייוול כאַפּן, ווייל איך זע, אַז זיין האַנט איז פלינקער ווי זיין שכל.

ביי די דאָזיקע ווערטער האָט הער זאַגלאָבאַ אויפגעהויבן

ושענדזשאַנען פון דער ערד מיט אַ לייכטקייט, וואָס האָט עדות געזאָגט אויף אַ אומגעווייגלעכער גבורה, און איז אַרויסגעגאַנגען אין פּאָדער-הויז, און שפּעטער אויפן הויף, ווו בערך צוואַנציק זעלנער האָבן געשפּילט איןביינדלעך אויף אַ פּערדישער דעק, וואָס איז געווען אויסגעשפּרייט אויף דער ערד. דערזעענדיק אים, האָבן זיי אים באַגריסט, און ער האָט געזאָגט:

— בחורים, נעמט נאָר דאָס דאָזיקע יונגל און לייגט אים אויפן היי. זאָל אויך עמיצער אַ שפּרונג טון נאָכן פעלדשער.

דער באַפעל איז באַלד דערפילט געוואָרן, ווייל הער זאַגלאָבאַ, אַלס באַהויס פריינט, האָט געהאַט אַ גרויסן אָנזען ביי די קאָזאַקן.

— און ווו איז דער פּאָלקאָווניק? — האָט ער געפרעגט.

— ער האָט זיך געהייסן דערלאַנגען דאָס פערד און איז אַוועקגעפאָרן אין די פּאָלק-קוואַטיר און אויך האָט ער אויך געהייסן זיין גרייט און האָבן אָנגעזאָטלט די פערד.

— איז אויך מיינס גרייט?

— גרייט.

— טאָ געב אַהער. וועל איך דעם פּאָלקאָווניק, הייסט עס, טרעפן ביים פּאָלק?

— אָט פאָרט ער טאַקע אָן.

און באמת, דורך דעם געוועלבטן טונקעלן טויער פון הויז האָט מען געזען באַהונען, וועלכער איז אָנגעפאָרן פון מאַרק, הינטער אים האָבן זיך פין דערווייטנס באַוויזן די שפּיזן פון בערך 150 קאָזאַקן, וועלכע זענען אַפנים גרייט געווען צום מאַרש.

— אויפן פערד! — האָט באַהון גערופן דורכן טויער אויף די זעלנער, וואָס זענען פאַרבליבן אויפן הויף. אַלע האָבן כהרף עין אויסגעפירט דעם באַפעל. זאַגלאָבאַ איז אַרויס פאַרן טויער און האָט געוואָרפן אַ דורכדרינגענדיקן בליק אויפן קאָזאַק.

— לאָזסט זיך אין וועג אַריין? — האָט ער אים געפרעגט.

— יאָ.

— און וווהין טראָגט דיך דער טייוול?

— אויף אַ חתונה.

זאַגלאָבאַ האָט זיך צוגערוקט נענטער.

— געדענק אין גאָט, זונדל. דער העטמאַן האָט זיך גע־הייסן היטן די שטאָט, און דו פֿאָרסט אַוועק אַליין און פֿירסט נאָך מיט די זעלנער. דו ביסט עובר אויפֿן באַפֿעל. דאָ קוקט דער המון נאָר אַרויס אויף אַ שעת־הכּושר, זיך צו וואַרפֿן אויף די שלאַכטע—דו שטעלסט די שטאָט אין אַ סכּנה, דער העטמאַן וועט דיר דאָס נישט שווייגן.

— אַ טויט דער שטאָט און דעם העטמאַן!

— דו וועסט באַצאָלן מיט דיין קאָפּ.

— אַ טויט אויך מיין קאָפּ!

זאַגלאָבאַ האָט איינגעזען, אַז בחנם איז דאָס ריידן מיטן קאָזאַק. ער האָט זיך איינגעשפּאַרט און ווען אַפֿילו ער זאָל מוזן זיך און אַנדערע אומברענגען, וועט ער דאָס זייניקע אויס־פֿירן. זאַגלאָבאַ האָט זיך אויך אָנגעשטויסן, וווהין די עקספּע־דיציע לאָזט זיך אַוועק, אָבער אַליין האָט ער נישט געוווּסט, וואָס ער זאָל דאָ טון: פֿאָרן מיט באָהונען, אָדער בלייבן. פֿאָרן, איז געווען בחזקת־סכּנה, ווייל דאָס וואָלט געהייסן זיך אַריינלאָזן אין דער שווערער מלחמה־צייט, אין אַ אַוואַנטורע און שטעל אין קאָן דעם אייגענעם קאָפּ. און בלייבן? אָבער דער המון האָט נאָר געוואַרט אויף אַ ידיעה פֿון סיטש, אויפֿן רוף צו דער שחיטה, און אפֿשר וואָלט ער גאָרנישט געוואַרט, ווען נישט באָהונס טויזנט זעלנער און זיין גרויס אָנזען אין אוקראַינע. העֶר זאַגלאָבאַ האָט אמת געקאָנט אַנטלויפֿן אין לאַגער פֿון די העטמאַנעס, אָבער ער האָט זיך געהאַט זיינע טעמים, צוליב וועלכע ער האָט דאָס נישט געטון. צי דאָס איז געווען אַ פּסק־דין פֿאַר עפּעס אַ רציחה, אָדער גאָר אַ שווינדלעריי אין די ביכער, האָט ער אַליין נאָר געוווּסט, גענוג אַז ער האָט נישט געוואָלט קריכן אין די אויגן אַריין. ס'איז אים אַ שאָד געווען צו פֿאַרלאָזן טשעהרין! דאָ איז אים אַזוי גוט געווען, דאָ האָט קיינער וועגן גאָרנישט געפֿרעגט, דאָ האָט זיך העֶר זאַגלאָבאַ אַזוי איינגעלעבט מיט אַלע, אי מיט דער שלאַכטע, אי מיט די

עקזנאָמען פון דער סטאַראָסטווא, אי מיט די קאָזאַקישע פירער. אמת, אַז זיי זענען זיך איצט פונאַנדערגעפאָרן, און די שלאַכ־טע איז געזעסן שטיל אין די ווינקעלך, מורא האָבנדיק פאַרן שטורם, אָבער באָהון איז דאָך געווען אַ זעלטענער חבר, אַ זויפער, וואָס האָט זיין גלייכן נישט. באַקענענדיק זיך ביי דער כוסע, זענען זיי באַלד געוואָרן גוטע ברידער. פון דעמאָלט אָן האָט מען נישט געזען איינעם אָן צווייטן, דער קאָזאַק האָט געשאָטן מיט גאָלד אויף אַלע זייטן, דער שלאַכטשיץ האָט גע־האַקט ליגנס, און ביידע האָבן זיך גוט געפילט אין חברותא, ווייל ביי ביידן איז שטענדיק דאָס געמיט געווען אומרויק.

און ד גריבער, ווען הער זאַגלאבא איז איצט געשטאַנען פאַר דער ברירה: אָדער צו בלייבן אין טשעכרין און גיין אונטערן מעסער פון המון, אָדער צו פאָרן מיט באָהונען, האָט ער בעסער געוויילט דאָס לעצטע.

— אַז דו ביסט זיך אַזוי מוסר־נפש — האָט ער גע־זאָגט — וועל איך אויך פאָרן מיט דיר. אפשר וועל איך דיר צונוץ־קומען, אָדער דיך צוריק האַלטן, אַז מ׳וועט דאַרפן. מיר האָבן זיך שוין אַזוי צוגעפּאַסט איינער צום צווייטן ווי אַ שינד־שקאַפּע צו דער נעץ, אָבער איך האָב זיך אויף דעם אַלעם נישט גערינכט.

באָהון האָט גאָרנישט געענטפערט. מיט אַ האַלבער שעה שפעטער זענען צווייהונדערט קאָזאַקן געשטאַנען אויסגעשטעלט צום מאַרש. באָהון איז אַרויסגעפאָרן בראש, און מיט אים אויך הער זאַגלאבא. זיי האָבן זיך גערירט. די פויערן, וואָס זענען דאָ און דאָרט געשטאַנען גרופן־ווייז אויפן מאַרק, האָבן זיי נאָכ־געקוקט פון דער זייט און אין דער שטיל אַרויסגעזאָגט השערות וווהין זיי פאָרן, צי זיי וועלן שנעל צוריקקערן, אָדער זיי וועלן נישט צוריקקערן.

באָהון איז גערינטן אַ שטיל־שווייגנדיקער אַ פאַרשלאָסענער אין זיך, אַ סודותפולער און אַ פאַרשאָטענער, ווי די נאַכט. די קאָזאַקן האָבן נישט געפרעגט, וווהין ער פירט זיי. מיט אים זענען זיי גרייט געווען צו גיין אפילו אין עק וועלט.

נאָכדעם ווי זיי זענען אַריבער דעם דניעפּר, זענען זיי אַרייַנגעפֿאָרן אין לובניער שליאַך. די פערד זענען געלאָפן שנעל, אויפהויבענדיק וואָלקענס פון שטויב און אַזוי ווי דער טאָג איז געווען אַ הייסער, אַ טרוקענער, האָבן זיי זיך באַלד באַדעקט מיט אַ שוים. זיי האָבן דאַן גענומען פאָרן לאַנגזאַמער און זיך אויסגעצויגען אין אַ לאַנגען, איבערגעריסענעם פאַס איבערן שליאַך. באָהון האָט זיך אַרויסגערוקט פאָרנט, הער זאַגלאָבאַ האָט זיך אויסגעגליכן מיט אים, ווילנדיק מיט אים פאַרפירן אַ שמועס.

דאָס פנים פון יונגן קאָזאַק איז געווען רויקער, נאָר אַ טיפער אומעט האָט זיך איצט בולט אויף אים אויסגעמאָלט. וואָלסט געמיינט: די ווייטקייט, אין וועלכער דער בליק איז פאַרפאַלן געוואָרן אויף דער צפונדיקער זייט הינטערן קאַהאַמליק, דער גאַלאָפ פון די פערד און די סטעפּ-לופט האָבן אין אים איינגעשטילט דעם אינערלעכן שטורם, וועלכער האָט אויסגעבראָכן נאָכן איבערלייענען די בריוו, וואָס זשענדזשאַן האָט געפירט.

— אַ פייער שלאָגט פון הימל — האָט הער זאַגלאָבאַ געזאָגט — אַזש דער שטרוי אין די שטיוול ברייט. אַפילו אין לייוונטענעם קיטל איז צו הייס, מחמת ס'איז גאָר קיין ווינט נישטאָ. באָהון, הער נאָר, באָהון!

דער קאָזאַק האָט אַ קוק געטון מיט זיינע טיפע, שוואַרצע אויגן, גלייך ווי ער וואָלט זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף.

— זע, זונדל מיינס—האָט הער זאַגלאָבאַ געזאָגט—אַז די מרה-שחורה זאָל דיך נישט אויפעסן, וואָרום ווען זי שלאָגט פון דער לעבער, ווו ס'איז איר אייגנטלעכער אָרט, אין קאָפּ אַריין, קאָן זי לייכט דעם קאָפּ דול-מאַכן. כ'האָב נישט געוווסט, אַז דו ביסט אַזאַ פאַרליבטער בחור. האָסט געמוזט געבוירן ווערן אין מאַי, און דאָס איז דער חודש פון ווענעראַ, אין וועלכן די לופט איז אַזוי אָנגעזאַפּט מיט ליבע, אַז אַפילו איין שפּענדל אין צווייטן שפּענדל הויבט זיך אָן צו פאַרליבן, און די מענטשן, וואָס ווערן געבוירן אין דעם דאָזיקן חודש, האָבן אין זייערע

ביינער מער יצר־הרע צו מיידלעך, איידער אַלע אַנדערע מענטשן. אָבער עס געווינט נאָר דער, וואָס קען גובר זיין דעם יצר־הרע, און דעריבער הער מיין עצה: דו לאָז בעסער אָפּ די נקמה. דיינע תרעומות אויף די קורצעוויטשעס זענען אפשר גערעכטע, אָבער צי דען פאַרמאָגט די וועלט נאָר איין מיידל?

באָהון האָט זיך אָנגערופן מיט אַ ווייַנענדיקער שטים, גלייך ווי ער וואָלט אָפּגעענטפערט נישט זאַגלאָבאַן, נאָר זיין איינענעם שווערן געמיט:

— איינע איז זי, מיין טייבעלע, נאָר איינע אויף דער וועלט!

— און יועען דאָס זאָל גאָר אַזוי זיין, איז אויב עס ציט זי צו אַ צווייטן, וועט גאָרנישט דערפון אַרויסקומען. ניט בחנם זאָגט מען, אַז דאָס האַרץ איז ווי אַ פרייוויליקער זעלנער, וואָס דינט דאָרט, ווו אים געפעלט. פאַרגעס אויך ניט, אַז דאָס מיידל שטאַמט פון אַ גרויסן יחוס, ווייל די קורצעוויטשעס, האָב איך געהערט, קומען אַרויס פון פירשטן... דאָס זענען הויכע שוועלן.

— צום טייוול אייערע שוועלן, אייער אָפּשטאַמונג, אייערע יחוס־בריוו — דאָ האָט דער קאָזאַק אַ זעץ געטון מיטן גאַנצן כח אין הענטל פון דער שווערד — אָט איז מיין אָפּשטאַמונג, אָט איז מיין רעכט און יחוס־בריוו, אָט איז מיין קרוב און אָט איז מיין גואל! אָ, בוגדים! אָ, פאַרשאָלטן בלוט! ס'איז פאַר אייך גוט געווען דער קאָזאַק, אַ פריינט איז ער אייך געווען און אַ ברודער, ווען מ'האָט געדאַרפט גיין קיין קרים, ראַבעווען דאָס טערקישע האָב און גוטס, טיילן זיך מיטן שלל. עי, מ'האָט געקעכלט און גערופן זונדל, און דאָס מיידל צוגעזאָגט, און איצט וואָס? געקומען אַ פריץ, אַ צאַצקעדיקער לאַך, און אָט האָבן דעם קאָזאַק, דעם זון און און פריינט אַוועקגעשטעלט אָן אַ זייט — די נשמה אַרויסגעריסן, דאָס האַרץ אַרויסגעריסן, אַ צווייטן געגעבן דאָס מיידל, און דו מעגסט קייען די ערד, דו קאָזאַק, לייד, לייד!...

דעם קאָזאַקס קול האָט געגומען ציטערן; ער האָט צונויפגעפרעסט די ציין, גענומען קלאַפּן מיט די פויסטן אין די ברייטע ברוסט, אַז ס'איז אַזש פון איר אַרויסגעגאַנגען אַ ווידערקול, ווי פון אונטער דער ערד.

אַ ווײַלע איז געווען שטיל. באַהון האָט שווער געעטעמט. די יסורים און דער כעס האָבן געריסן דעם קאַזאַקס פאַרווילדעטע נשמה, וואָס ווייס נישט פון קיין שום אָפּהאַלט. זאַגלאָבא האָט געוואַרט ביז ער וועט פאַרמאַטערט ווערן און זיך באַרואיקן.

— און וואָס גייסטו דען טון, אומגליקלעכער, ווי אַזוי וועסטו זיך באַגיין?

— איך בין אַ קאָזאַק — ווי אַ קאָזאַק!

— הם, כ'זע שוין, מיט וואָס דאָס שמעקט. אָבער דאָס איז גאָרנישט. איינס וועל איך דיר נאָר זאָגן, אַז דאָ איז ווישניאַוויעצקיס מלוכה און ביז לובני איז נישט ווייט. הער סקשעטוסקי האָט געשריבן יענער פירשטין, אַז זי זאָל דאָרט אַנטלויפן מיטן מיידל, דאָס הייסט, אַז זיי זענען אונטערן שוץ פון פירשט. און דער פירשט איז אַ שטרענגער לייב...

— דער כאַן איז אויך אַ לייב, און איך בין אים געקראָכן אין האַלז אַריין און פאַרבלענט זיינע אויגן מיט אַ פייער.

— שוין-זשע ווילסטו, משוגענער קאָפּ, מלחמה האַלטן מיטן פירשט?

— כמיעל האָט אפילו מיט די העטמאַנעס פאַרפירט אַ מלחמה. וואָס האָב איך מורא פאַר זייער פירשט!

הער זאַגלאָבאס אומרואיקייט איז נאָך גרעסער געוואָרן.

— טפו! צום טייוול. דאָס שמעקט דאָך פשוט מיט אַ מרידה? באַוואָפנטער אָנפאַל. גזלה פון אַ מיידל און מרידה — דאָס איז דאָך דאָס זעלבע, וואָס תלין, תליה און שטריקל. אַ שיינער זעקס געשפּאַן, קאָנסט מיט אים פאַרפאָרן, אויב נישט ווייט, איז הויך, די קורצעוויטשעס וועלן זיך דאָך פאַרטיידיקן.

— טאָ איז וואָס? אָדער מיין טויט אָדער זייער טויט.

אָט, איך וואָלט די נשמה זיי אַוועקגעגעבן, די קורצעוויטשעס, זיי זענען מיר געווען ווי ברידער, און די אַלטע פּירשטין ווי אַ מאַמע, וועלכער כ'האָב ווי אַ הונט געקוקט אין די אויגן אַריין. און ווען די טאַטערס האָבן געכאַפּט וואַסילין, ווער איז געגאַנגען קיין קרים, ווער האָט אים מציל געווען? — איך! כ'האָב זיי ליב געהאַט און זיי געדינט ווי אַ קנעכט, ווייל כ'האָב גערעכנט, אַז כ'וועל באַקומען דאָס מיידל. און זיי האָבן מיך דערפֿאַר פֿאַרקויפֿט, פֿאַרקויפֿט מיך ווי אַ קנעכט, אויף צרות און אויף לייד... זיי האָבן מיך פֿאַרטריבן — נו, וועל איך גיין. אָבער צו ערשט וועל איך זיי באַדאַנקען פֿאַרן זאַלץ און ברויט, וואָס כ'האָב ביי זיי געגעסן, וועל איך באַצאָלן ווי אַ קאָזאַק — און איך וועל גיין, ווייל איך ווייס, ווו צו גיין.

— און וווהין וועסטו גיין, אַז די הויבסט אָן מיטן פּירשט? און כמיעלס לאַגער?

— ווען מ'וואָלט מיר געגעבן דאָס דאָזיקע מיידל, וואָלט איך געווען אַ ברודעס צו די לאַכן, אייער פֿריינט, אייער שווערד, אייער קנעכט, אייער הונט. און כ'וואָלט גענומען מיינע קאָזאַקן, כ'וואָלט נאָך אַנדערע צוזאַמענגערופֿן פֿון אוקראַינע און זיך געלאָזט אויף כמיעלן און מיינע לייבלעכע ברודער און זיי מיט די קאָפּיטעס צוריבן. און וואָלט איך דען פֿאַרלאַנגט אַ שכר דערפֿאַר — ניין! כ'וואָלט גענומען דאָס מיידל און זיך אַוועקגעלאָזט מיט איר אויף יענע זייט דניעפּר, אין גאָטס סטעפּ, אין דיווילדע פֿעלדער, אין די שטילע וואַסערן — און איך וואָלט גענוג געהאַט, און איצט...

— איצט ביסטו משוגע געוואָרן.

דער קאָזאַק האָט גאָרנישט געענטפֿערט, האָט אַ שמיץ געטון דאָס פֿערד מיט דער בייטש און געפֿלויגן ווייטער, און הער זאַגלאָבאַ האָט גענומען באַטראַכטן, אין וואָס פֿאַר אַ פֿאַרלעגנהייט ער איז אַריינגעפֿאַלן. ס'האָט שוין נישט געקאָנט זיין קיין ספֿק, אַז באָהון האָט געהאַט בדעה צו באַפֿאַלן די קורצעוויטשעס, נקמה צונעמען פֿאַר זיין קריוודע און צו פֿאַרכאַפּן דאָס מיידל מיט געוואַלט. און אָט צו דעם דאָזיגן עסק האָט

דאָס האָט זאַלאָבאַ געזאָלט צושטיין פֿאַר אַ שותּף. אין אוקראַינע האָבן אַזעלכע זאַכן אָפֿט געטראָפֿן, און זיי פֿלעגן אויך אָפֿגיין גלאַטיק. אמת, ווען דער שולדיקער איז נישט געווען קיין שלאַכטשיץ, איז די זאַך געווען פֿאַרפּלאָנטערט און פֿאַרבונדן מיט סכנות, דערפֿאַר אָבער האָט אַ קאָזאַק זיך געקאָנט בייכט אַרויסדרייען פֿון דער שטראָף, ווייל וווּ וועט מען אים זוכן און כאַפּן? נאָכן פֿאַרברעכן אַנטלויפֿט ער אין די ווילדע סטעפּעס, וווּ קיין מענטשלעכע האַנט און קיין מענטשלעך אויג קאָן צו אים נישט גרייכן — און אַז עס האָט אויסגעבראָכן אַ מלחמה, אַז די טאָטערס זענען באַפֿאַלן דאָס לאַנד, דעמאָלט איז דער פֿאַרברעכער ווידער אַרויס פֿון זיין באַהעלטעניש, ווייל דעמאָלט האָבן די געזעצן געשוויגן. אַזוי וואָלט אויך באָהון געקאָנט אויסמיידן די אחריות, און הער זאַגלאַבאַ וואָלט אים נישט געדאַרפֿט אַקטיוו מיטהעלפֿן און נעמען אויף זיך אַ העלפֿט פֿון דער שולד. ער וואָלט דאָס אויך סיי ווי אין קיין שום פֿאַל נישט געטון, ווייל הגם באָהון איז געווען זיין פֿריינט, איז עס פֿונדעסטוועגן נישט אָנגעשטאַנען זאַגלאָבאַן, דעם שלאַכטשיץ, צוצושטיין צו אַ קאָזאַק אין זיין מחלוקה מיט אַ שלאַכטשיץ, בפֿרט אַז ער האָט דעם הער סקשעטוסקי געקענט און מיט אים געטרונקען. הער זאַגלאָבאַ האָט טאַקע ליב געהאַט זיך אַרומצורייסן און אַרומצוקריכן, אָבער זיינע אַרומרייסענישן האָבן געהאַט אַ געוויסן שיעור. הוליען אין די טשעכרינער קרעטשמעס מיט באָהונען און מיט אַנדערע קאָזאַקן — מהיכא־תּיתי; צוליב די סכנות מצד די קאָזאַקן איז עס נאָך געווען אַ מעלה צו האָבן אַזעלכע מענטשן פֿאַר פֿריינט. הער זאַגלאָבאַ האָט זיך זיין הויט, וועלכע איז שוין אפֿילו דאָ און דאָרטן געווען צו ניזוקט, שטאַרק געהיטן — און דאָ האָט ער זיך מיט אַמאָל אַרומגעזען, אַז ער איז דורך דער דאָזיקער גוט־ברודערשאַפֿט צריינגעקראָכן אין אַ טיפֿע בלאָטע. ווייל ס׳איז קלאָר געווען, אַז אויב באָהון וועט פֿאַרכאַפּן דאָס מיידל, די כּלה פֿון פֿירשטס פּאָרוטשניק און ליבלינג, וועט ער אָנהויבן מיטן פֿירשט, און דעמאָלט וועט אים נישט בלייבן קיין אַנדערע עצה, ווי צו אַנט=

לויפן צו כמיעלניצקין און צוצושטיין צו די מורדים. וואָס שייך זיין פּערזאָן, האָט זאַגלאָבא ביי זיך פעסט באַשלאָסן דעם דאָזיקן שריט נישט צו מאַכן, ווייל צושטיין צו דער מרידה צוליב באַהונס שיינע אויגן האָט ער גאָרנישט געהאַט בדעה, און דערצו נאָך האָט ער מורא געהאַט פאַרן פירשט ווי פאַר פייער.

— טפו! טפו! — האָט ער איצט געברומט — כ'האָב דעם טייוול נעדרייט פאַרן עק, און ער וועט מיר איצט דרייען פאַרן קאָפּ — און אים אַראָפּדרייען. זאָל אַ דונער שלאָגן דעם דאָזיקן קאָזאַק מיטן מיידעלשן פּנים און אַ טאָטערישער האַנט. אָט האָב איך זיך געקליבן אויף אַ חתונה, אויף אַ אמתע הינטישע חתונה, ווי גאָט איז מיר ליב, זאָל אַ דונער אַריין אין אַלע קורצעוויטשעס און אין אַלע מיידלעך. וואָס גייען זיי מיך אָן, איך דאַרף זיי שוין נישט האָבן, אַנדערע זינדיקן און איך וועל אָפּקומען פאַר פרעמדע זינד. און פאַרוואָס? ווייל איך דען חתונה האָבן? זאָל זיך דער דאָזיגער טייוול חתונה האָבן, מיר איז אַלץ איינס. וואָס גייט מיך אָן דאָס דאָזיקע עסק? וועל איך גיין מיט באַהונען, וועט מיר ווישניאָוויעצקי אַראָפּשינדן די הויט; וועל איך אָוועקגיין פון באַהונען, וועלן מיר די פויערן ממיתן, און אפשר גאָר ער אַליין, נישט וואַרטנדיק אויף די פויערן. דאָס ערגסטע איז זיך צו חברן מיט גראָבע מענטשן. גאַנץ גוט אויף מיר. כ'וואָלט שוין בעסער געוואָלט זיין דאָס פערד, אויף וועלכן איך זיץ, איידער זאַגלאָבא. אַ קאָזאַקישער נאַר איז פון מיר געוואָרן, אַ צוטשעפעניש צו אַ היץ-קאָפּ, און מיט רעכט וועט מען פון מיר רייסן די הויט פוןביידע זייטן.

אַזוי טראַכטנדיק, האָט אַ שוויס באַדעקט דעם הער זאַגלאָבא און ס'איז אים געוואָרן נאָך מער קאַלאַמוטנע אויפן האַרץ. די היץ איז געווען גרויס, דאָס פערד האָט אים קוים געטראָגן, ווייל ס'איז שוין לאַנג נישט געווען אין וועג, און הער זאַגלאַבא איז געווען אַ פעט-לייביקער מענטש. ליבער גאָט, וואָס וואָלט ער געגעבן, אַז ער זאָל איצט קאָנען זיצן אין שאָטן, אין דער שענק, באַ אַ גלאָז קאַלטן ביר, און נישט דאַרפן זיך שלעפּן אויף דער היץ און טרייבן דאָס פערד דורכן צוגליטן סטעפּ.

הגם באהון האָט זיך געאײלט, האָבן זײ פונדעסטװעגן אײנגעהאַלטן די פערד, װײל די היץ איז געװען אַ שרעקלעכע. זײ האָבן אַביסל אָנגעפּאַשעט די פערד און אין משך פון דער דאָזיקער צײט האָט באָהון גערעט מיט די עלטסטע פון זײנע קאָזאַקן. ער האָט זײ געגעבן אַ באַפעל, װאָס זײ זאָלן טון, װײל ביז איצט האָבן זײ אפנים נישט געװוסט, װוהין זײ פאָרן. צו זאַגלאָבאס אויערן האָבן זיך דערטראָגן די לעצטע װערטער פון באַפעל:

— װאַרטן אויף אַ שאָס.

באָהון האָט זיך מיט אַמאָל אַ קער געטון צו אים:

— דו פאָרסט מיט מיר װײטער?

— איך? — האָט זאַגלאָבא געזאָגט מיט אַ באַשײנפערלעכן שװערן געמיט — איך האָב דיך אַזוי ליב, אַז אײן האַלבע נשמה האָב איך שוין פאַר דיר אויסגעהויכט, פאַרװאָס זאָל איך אויך נישט די צװײטע העלפט אויסהויכן? מיר זענען װי אַ ראָק מיטן אונטער־פוטער; איך האָף, אַז דער טײװל װעט אונז נעמען בײדען צוזאַמען, און דאָס אַרט מיך װײניק, װײל איך טראַכט מיר, אַז אין גיהנום אפילו קאָן שוין נישט זײן הײסער.

— לאָמיר פאָרן.

— און צוברעכן דעם קאַרק.

זײ האָבן זיך געלאָזט װײטער פאָרן, און נאָך זײ זענען אינגיכן אויך געפאָרן די קאָזאַקן. אָבער די לעצטע זענען געריטן לאַנגזאַם אַזוי, אַז באַלד זענען זײ געבליבן װײט הינטערשטעליק — און צום סוף זענען זײ אינגאַנצן נעלם געװאָרן.

באָהון און זאַגלאָבא זענען געפאָרן אײנער נעבן צװײטן שטילשװײגנדיק, בײדע טיף פאַרטראַכט, זאַגלאבא האָט זיך געריסן די װאָנסעס און ס'איז קענטיק געװען, אַז דער קאָפּ זײנער אַרבעט זײער שװער; אפשר האָט ער זיך מײשב געװען, אויף װאָס פאַר אַ אופן ער װאָלט זיך געקאָנט אַרויסדרײען פון דעם גאַנצן עסק. מינוטן־װײז האָט ער עפּעס צו זיך געברומט אין דער שטיל, דאָ װידער האָט ער אַ קוק געטון אויף באָהונען

וועמענס פּנים ס׳האָט אויסגעדרוקט אַמאָל ווילדען כּעס, אַמאָל אומעט.

— אַ חידוש — האָט זיך געטראַכט זאַגלאָבאַ — אַזאַ שיינער בחור און האָט נישט געקאָנט געווינען דאָס האַרץ פֿון אַ מיידל. ער איז אַ קאָזאַק — דאָס איז אמת — אָבער אַ באַ־רימטער ריטער און פּאָדפּאָלקאָווניק, וועלכער וועט פֿריִער אָדער שפּעטער, אויב ער וועט נאָר נישט צושטיין צו די מורדים, פֿאַררעכנט ווערן אין שטאַנד פֿון די שלאַכטשיצעס, אויב ער וועט דאָס נאָר אַליין וועלן. הער סקשעטוסקי איז טאַקע אויך אַ חשובער און שיינער ריטער, אָבער צו דעם דאָזיקן צאַצקעדיקן קאָזאַק קאָן ער זיך אַפֿילו נישט פֿאַרגלייכן מיט זיין שיינקייט. העי, וועלן זיי זיך דאָס אָנכאַפּן פֿאַר די קעפּ, אַז זיי וועלן זיך באַגעגנען, ווייל ביידע קענען זיי גוט די מלאכה פֿון שלאָגן, זיך

— באַהון, קענסטו גוט דעם הער סקשעטוסקי? — האָט זאַגלאָבאַ מיט אַמאָל אַ פֿרעג געטון.

— ניין. — האָט דער קאָזאַק קורץ געענטפֿערט.

— אַ שווערע מערכה וועסטו מיט אים האָבן. כ׳האָב אים אַמאָל געזען, ווי ער האָט מיט טשאַפּלינסקין די טיר אויסגע־האַקט. אַ אמתער גלית איז דאָס אין כּעס און ביים כּוס:

דער קאָזאַק האָט נישט געענטפֿערט — און ווידער האָבן זיי זיך ביידע פֿאַרזינקען אין די אייגענע געדאַנקען און אין די אייגענע דאגות, אויף וועלכער הער זאַגלאָבאַ האָט פֿון צייט צו צייט אָפּגעענטפֿערט: יאָ, יאָ, נישטאָ קיין עצה!" עס זענען אַריבער אַפּאָר שעה. די זון האָט אַוועקגעוואַנדערט ערגיץ העט אויף מערב, צו טשעכרין צו; פֿון מזרח האָט אַ בלאָז געטון אַ קיל ווינטל. הער זאַגלאָבאַ האָט אַראָפּ גענומען דאָס היטל, האָט דורכגעפֿירט די האַנט איבערן פֿאַרשוויצטן קאָפּ און נאָכ־אַמאָל איבערגעחזרט:

— יאָ, יאָ, נישטאָ קיין עצה!

באַהון האָט זיך אויפֿגעכאַפּט, ווי פֿון שלאָף.

— וואָס האָסטו געזאָגט? — האָט ער געפֿרעגט.

— כ׳זאָג, אַז באַלד וועט זיין פינסטער. איז נאָך ווייט?
— נישט ווייט.

אין אַ שעה אַרום איז באמת פינסטער געוואָרן. אָבער זיי זענען אויף שוין אַריינגעפאָרן אין וואַלד־הייל. און ענדלעך האָט אין עק פון הייל אַ בליץ געטון אַ פייערל.

— דאָס איז פון ראָזלאגין! — האָט באהון גליצלינג געזאָגט.

— יאָ! בררר! ס׳איז עפּעס אַזוי קיל אין דער דאָזיגער הייל.

באהון האָט פאַרהאַלטן דאָס פערד.

— וואַרט! — האָט ער געזאָגט.

זאגלאָבא האָט אויף אים אַ קוק געטון. די אויגן פון קאָזאק, וועלכע האָבן זיך אויסגעצייכנט דערמיט, וואָס זיי האָבן געלויכטען אין דער נאַכט, האָבן איצט געברענט ווי צוויי פלאַקערס.

ביידע זענען אַ לאַנגע צייט געשטאַנען אומבאַוועגלעך ביים עק פון דער הייל. צום סוף האָט זיך פון דערווייטנס דערהערט אַ כראָפּן פון פערד.

דאָס זענען באָהונס קאָזאַקן לאַנגזאַם אנגעפאָרן פון וואַלד.

דער עלטסטער איז צוגעקומען נאָך באַ...לן, וועלכע באָהון האָט אים אַריינגעשעפּטשעט אין אויער, דערנאָך האָבן זיך די קאָזאַקן ווידער אָפּגעשטעלט

— לאָמיר פאָרן! — האָט באָהון געזאָגט צו זאַגלאָבאַן.

אין אַ ווילע אַרום האָבן די טונקעלע מאַסן פון די הויף־בנינים, די שטאַלן און די ברונעם־געשטעלן זיך באַוויזן פאַר זייערע אויגן. אין הויף איז געווען שטיל. די הינט האָבן ניט געבילט. אַ גרויסע גילדענע לבנה האָט געשיינט איבער די הייזער. פון גאָרטן האָט זיך דערטראָגן אַ ריח פון די קאַרשן און עפּל־בלומען — אומעטום איז געווען אַזוי רויק, די נאַכט איז געווען אַזוי וואונדערבאַר, אַז עס האָט באמת געפעלט נאָר דאָס, אַז עפּעס אַ פּלייט זאָל זיך אָנרופן ערגעץ אונטער די פענסטער פון דער שיינער בת־מלכה.

אין מאַנכע פֿענסטער איז נאָך געווען ליכטיק.

די צוויי רייטער האָבן זיך דערנענטערט צום טויער.

— ווער איז דאָרט? — האָט זיך דערהערט די שטים פֿון נאַכט־שומר.

— דו דערקענסט מיך נישט, מאַקסים?

— דאָס זייט איר, גנעדיקער האַר. געלויבט איז גאָט!

— אויף אימער און אייביק. עמן. און וואָס הערט זיך ביי אייך?

— אַלץ גוט. דער גנעדיקער האַר איז שוין לאַנג נישט געווען אין ראָזלאָגי.

די זאַוויאַסעס פֿון טויער האָבן אימהדיק אַ סקריפּ געטון, די בריק האָט זיך אַראָפּגעלאָזט איבערן גראָבן און ביידע רייטער זענען אַריינגעפאָרן אין פּאַלאַץ.

— הער, מאַקסים, פֿאַרמאַך נישט דאָס טויער און הויב נישט אויף די בריק, ווייל איך פֿאָר באַלד אַרויס.

— דער גנעדיקער האַר איילט זיך ווי פֿון אַ פֿייער?

— אַזוי איז עס. די פֿערד בינד־צו צום בוים.

## 2 קאפיטל.

די קורצעוויטשעס האָבן נאָך נישט געשלאָפן. זיי האָבן געגעסן אָוונט־ברויט אין יענעם פאָדער־הויז, וואָס איז געווען פול מיט כלי־זיין און וועלכער האָט זיך געצויגן איבער דער גאַנצער ברייט פון הויז, פון פלאַץ ביז צום גאָרטן פון דער צווייטער זייט. דערזעענדיק באַהונען און דעם הער זאַגלאָבאַן, זענען זיי אויפגעשפרונגען פון די ערטער. דאָס פנים פון דער פירשטין האָט אויסגעדריקט נישט בלויז פאַרחידושטקייט, נאָר אויך אומצופרידנהייט און שרעק אינאיינעם. פון די יונגע פירשטן זענען נאָר צוויי געווען: סעמיאָן און מיקאָלאַי.

— באָהון!—האָט די פירשטין געזאָגט—וואָס טוסטו דאָ?

— כ'בין געקומען זיך נויגן פאר אייך, מאַמע. און וואָס, עס פרייט אייך נישט?

— עס פרייט מיך, עס פרייט מיך, נאָר איך חידוש זיך, וואָס דו ביסט געקומען, ווייל כ'האָב געהערט, אז דו האַלטסט די וואַך אין טשעכרין. און ווער האָט דאָס גאָט מיט דיר צו אונז אַראָפגעשיקט?

— דאָס איז הער זאַגלאָבאַ, אַ שלאַכטשיץ, מיין פריינט.

— עס פרייט אונז זייער—האָט די פירשטין געזאָגט.

— עס פרייט אונז — האָבן סימעאָן און מיקאָלאַי נאָכגע־זאָגט.

— גנעדיקע מאַדאַם! — האָט דער שלאַכטשיץ געזאָגט — אמת, אַז אַ גאַסט נישט אין דער צייט איז ערגער פון אַ טאָטער, אָבער דאָס איז דאָך אויך באַקאַנט, אַז ווער עס וויל קומען אין הימל אַריין, דער מוז אַן אורח אין שטוב אויפנע־מען, דעם הונגעריקן אָנקאָרמען, דעם דורשטיקן אָנטרינקען...

— אויב אַזוי, זעצט זיך, עסט און טרינקט -- האָט די

נלטע פירשטין געזאָגט — מיר דאַנקען, וואָס איר זייט געקומען דו, נו באַהון, אָבער כ'האָב זיך אויף דיר נישט געריכט, סיידן אַז דו האָסט עפּעס אַ ענין צו אונז.

— און אפשר האָב איך — האָט דער קאָזאַק געלאַסן גע־זאָגט.

— וואָס פאַר אַ ענין? — האָט די פירשטין אומרויק גע־פרעגט.

— ס'וועט קומען די צייט, וועלן מיר שמועסן. לאָזט אָפּ־רוען. כ'פאָר גלייך פון טשעכרין.

— האָסט דיך אַפּנים געאיילט צו אונז?

— און ווו דען האָב איך מיך געזאָלט איילן, אויב ניט צו אייך? און דאָס פריילין־פירשטין איז געזונט?

— געזונט—האָט די פירשטין טרוקן אָפּגעענטפערט.

— כ'וואָלט וועלן מיינע אויגן מהנה זיין מיט איר אָנבליק.

— העלענאַ שלאָפט.

— אַ שאָד. וואָרום לאַנג וועל איך דאָ נישט בלייבן.

— און ווו פאָרסטו?

— מלחמה, מאַמע! נישטאָ קיין צייט. אַ ליאַדע רגע וועלן די העטמאַנעס אַרויסשיקן אין די מלחמה, און עס וועט ווייטון צו שלאָגן די זאַפּאָראָזשער. וויפיל מאָל זענען מיר מיט זיי געפאָרן נאָך טערקיש האָב און גוטס — אמת, פירשטין? — איבערן ים געשוווּמען, ברויט און זאַלץ צוזאַמען געגעסן, גע־טרונקען, געהוליעט, און איצט זענען מיר זיי שונאים.

די פירשטין האָט שאַרף אַ קוק געטון אויף באַהינען. דורכן קאָפּ איז איר דורכגעפלויגן דער געדאַנק, אַז באָהון האָט אפשר בדעה צוצושטיין צו די מורדים און ער איז געקומען טאַפּן דעם דפק ביי איר זין.

— און דו וואָס קלערסט צו טון?—האָט זי געפרעגט.

— איך, מאַמע? פאַרפאַלן! שווער צו שלאָגן אייגענע, אָבער מען מוז.

— אַזוי וועלן מיר אויך טון—האָט געזאָגט סימעאָן.

— כמיעלניצקי איז אַ בוגד! — האָט צוגעגעבן דער יונגער מיקאָלאַי.

— אַ טויט די בוגדים! — האָט באָהון אויסגערופן.

— כאַפּט זיי דער תּלין — האָט זאַגלאָבאַ צוגעגעבן.

באָהון האָט ווידער גענומען רעדן:

— אַזוי איז שוין אויף דער וועלט. דיין היינטיקער פריינט איז דיין מאָרגנדיקער שונא. מ'קאָן קיינעם נישט גלויבן אויף דער וועלט.

— נאָר גוטע מענטשן — האָט די פירשטין געזאָגט.

— אַודאי קאָן מען גוטע מענטשן גלויבן. דערפאַר טאַקע גלויב איך אייך און ליב אייך, ווייל איר זייט גוטע מענטשן, נישט קיין בוגדים...

געווען עפּעס אַזוי פיל משונה'דיקעס אין דער שטים פון קאָזאַק, אַז אַ ווײַלע האָט געהערשט אַ טיף שטיל שווייגן. הער זאַגלאָבא האָט געקוקט אויף די פירשטין און געפינטעלט מיט זיין געזונטן אויג, און די פירשטין האָט זיך אַריינגעגעבן מיט איר בליק אין באָהונען.

און באָהון האָט ווייטער געזאָגט:

— די מלחמה מאַכט נישט לעבעדיק מענטשן, נאָר זי טויט זיי, דעריבער האָב איך אייך נאָך געוואָלט זען, איידער איך פאָר אַוועק, ווער ווייס, צי איך וועל צוריק קומען, און איר וואָלט דערפון געהאַט צער, ווייל איר זייט מיינע האַרציקע פריינט, נישט וואָר?

— זאָל אונז גאָט אַזוי העלפן! פון קינדווייז אָן קענען מיר זיך.

— דו ביסט אונזער ברודער — האָט סימעאָן צוגעגעבן.

— איר זייט פירשטען, איר זייט שלאַכטשיצעס, און איר האָט דעם קאָזאַק נישט אָפּגעשטויסן, אים אַריינגענומען אין הויז, אים צוגעזאָגט צו געבן דאָס פריילין, די קרובה, ווייל איר האָט געוווּסט, אַז דער קאָזאַק קאָן אָן איר נישט לעבן אַ רגע, און איר האָט זיך דערבאַרעמט איבערן קאָזאַק.

— נישטאָ אפֿילו וועגן וואָס צו ריידן — האט די פֿירשטין אים געזאָגט.

— ניין, מאַמע, פֿאַראַן וועגן וואָס צו ריידן, ווייל איר זייט מיינע בעל־טובֿהס, און איך האָב אויך געבעטן דעם דאָזיקן שלאַכטשיץ, מיין פֿריינט, אַז עס זאָל מיך צונעמען פֿאַר אַ זון און צולאָזן צום הערב, כּדי איר זאָלט ניט האָבן קיין בושה, ווען איר וועט אָפּגעבן די קרובֿה צו אַ קאָזאַק. הער זאַגלאָבא האָט דערויף מסכּים געווען און מיר ביידע וועלן זיך משתּדל זיין וועגן אַ דערלויבעניש ביים סיים, און נאָך דער מלחמה וועל איך זיך נויגן פֿאַרן גרויס־העטמאַן, וועלכער איז צו מיר צוגענייגט, און וועט דערנבער אפֿשר אונטערשטיצן מיין בקשה, ער האָט דאָך אויך פֿאַר סקשעטאַווסקין אויסגעפֿועלט דעם טיטול שלאַכטשיץ.

— זאָל דיר גאָט צוהעלפֿן — האָט די פֿירשטין געזאָגט.

— איר זייט ערלעכע מענטשען — און איך דאַנק אייך. אָבער פֿאַר דער מלחמה וואָלט איך נאָך אַמאָל געוואָלט הערן פֿון אייער מויל, אַז איר גיט מיר דאָס מיידל און אַז איר וועט האַלטען אייער וואָרט. דאָס וואָרט פֿון אַ שלאַכטשיץ איז ניט קיין רויך — און איר זייט דאָך שלאַכטשיצעס. איר זייט פֿירשטען.

דער קאָזאַק האָט גערעדט געלאַסן, פֿייערלעך, אָבער זיינע ווערטער האָבן אויך אָנגעוואָרפֿען אַ אימה און אָנגעזאָגט, אַז מ׳דאַרף מסכּים זיין אויף אַלץ, וואָס ער האָט פֿאַרלאַנגט.

די אַלטע פֿירשטין האָט אַ קוק געטון אויף די זין, יענע אויף איר, און אַ ווײַלע האָבן אַלע שטיל געשוויגן. מיטאַמאָל האָט דער בלויפֿוס, וואָס איז געזעסן אויף אַ רייף ביי דער וואַנט, געגומען זשומען, הגם ס׳איז נאָך געווען ווייט צו זון־אויפֿגאַנג, נאָך אים האָבן זיך אָנגערופֿען אַנדערע, אַ גרויסער אָדלער האָט זיך אויפֿגעוועקט, האָט אַ טרייסל געטון די פֿליגל און גענומען קראַקן.

דאָס קין, וואָס האָט זיך געברענט אין אויוון, האָט זיך

געקאָשן. אין שטוב איז געוואָרן טונקל און אומהיימלעך.

— מיקאָלאַי, לעג צו פייער — האָט די פירשטען געזאָגט.

דער יונגער פירשט האָט צוגעוואָרפן קין.

— נו, זאָגט איר צו? — האָט באָהון געפרעגט.

— מיר מוזען פרעגען העלענאַן,

— זאָל זי ריידן פאַר זיך, און איר פאַר זיך; זאָגט איר צו?

— מיר זאָגן צו — האָבן די פירשטין געזאָגט.

— מיר זאָגען צו — האָבן די פירשטן נאָכגעזאָגט.

באהון האָט זיך מיט אַ טאָל אויפגעשטעלט און ווענדענדיק זיך צו זאַגלאבאן, האָט ער הויך אויסגערופן:

— הער זאַגלאבא! בעט צו אויך וועגן מיידל, אפשר וועט מען דיר אויך צוזאָגן.

— וואָס איז מיט דיר, קאָזאַק, האָסט זיך אָנגעשיכורט! ? — האָט דער פירשט אויסגעשריגן.

אנשטאָט אַ ענטפער האָט באהון ארויסגענומען סקשעטוסקיס בריוו און ווענדענדיק זיך צו זאַגלאָבאן האָט ער געזאָגט:

— לעז.

זאַגלאבא האָט גענומען דעם בריוו און אים אָנגעהויבן לעזן ביי אַ טיפער שטילקייט.

ווען ער האָט געענדיקט, האָט באהון צוזאַמענגעלייגט די הענט אויף דער ברוסט.

— ווער, הייסט עס, גיט איר דאָס מיידל? — האָט ער געפרעגט.

— באָהון!

די שטים פון קאָזאַק איז געוואָרן ענלעך צום ציִשן פון אַ שלאַנג.

— בוגדים, מנוולים, היִנטיִשע גלויבנס, פאַרקויפטע נשמות!..

— העי, זינדלעך, צו די שווערדן! — האָט די פירשטין אַ געשריי געטון.

די קורצ וויטשעס זענען בליץ-שנעל אַ שפרינג געטון צו די ווענט און זיך געכאַפּט צום געווער.

— מיינע הערן, רואיִק! — האָט זאַגלאָבאַ אויסגערופֿן.

אָבער ער האָט נאָך נישט באַוויזן צו ענדיִקן זיינע ווערטער, ווי באָהון האָט אַרויסגעריִסן דעם פּיסטאָלעט פֿון אונטערן גאַרטעל און אויסגעשאָסן.

— יעזוס! — האָט פּירשט סימעאָן אַ קרעכץ געטון, געשטעלט אַ טריט פֿאָרויס, גענומען פּאַטשען מיִט די הענט די לופֿט און איז שווער אומגעפֿאַלן אויף די ערד.

— דיִנער, צו היִלף! — האָט די פּיִרשטיִן פֿאַצווייפֿעלט געשריִגען.

אָבער גראָד איִן דער רגע האָבן אויפֿן הויף און פֿון דער גאָרטן-זייט אָפּגעהיִלכט אַנדערע שאָסן, די טיִרן און די פֿענסטער זענען אויסגעהאַקט געוואָרן מיִט אַ רעש און אַפֿאָר צענדליִק קאָזאַקן זענען אַריינגעפֿאַלן איִן פֿאָדער-הויז.

— אַ טויט! — האָבן געדונערט ווילדע שטימען.

אויפֿן פּלאַץ האָט דער גלאָק געקלונגען אויף אַן אַלאַרם. די פֿייגל אין פֿאָדער-הויז האָבן גענומען גריִלצען; דאָס גערודער, שיִסערייַ און געשרייען האָבן פֿאַרהיִלכט דעם הויף, וואָס איז נאָר געווען פֿאַרזיִנקען איִן שלאָף.

די אַלטע פּיִרשטיִן האָט זיִך געוואָרפֿן מיִט אַ געהייל אויף סימעאָנס גוף, וועלכער האָט געצאַפּעלט איִן די לעצטע קאָנוולסיעס, באַלד אָבער האָבן צוויי קאָזאַקן זי אָנגעכאַפּט פֿאַר די האָר און אַוועקגעשלעפּט אַן אַ זייט, און דער יונגער מיִקאָלאַי, וועלכער איִז דערוויילע צוגעדריִקט געוואָרן צו אַ וויִנקל פֿון פֿאָדער-הויז, האָט זיִך פֿאַרטיידיִקט פֿאַרביִסן און מיִט דער גבורה פֿון אַ לייב.

— אַוועק — האָט באהון מיִט אַ מאָל אַ געשריי געטאָן אויף די קאָזאַקן, וואָס האָבן איִם אַרום געריִנגעלט — אַוועק! — האָט ער איִבערגעחזרט מיִט אַ דונערדיִקער שטיִם.

די קאָזאַקן האָבן זיִך צוריִקגעצויגן, זיי האָבן געמיינט, אַז באהון וויִל מציִל זיין מיִקאָלאַין פֿון טויט. אָבער באהון האָט מיִט דער שווערד איִן דער האַנט זיִך אַליין געוואָרפֿן אויפֿן פּיִרשט.

ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ שרעקלעך געראַנגל צווישן זיי ביידן. די אַלטע פֿירשטין, וועלכע פֿיר אייזערנע הענט האָבן געהאַלטן פֿאַר די האָר, האָט געקוקט אויף דעם דאָזיקן געראַנגל מיט ברענענדיקע אויגן און אָפֿענעם מויל. דער יונגער פֿירשט האָט זיך אַרויפֿגעוואָרפֿן ווי אַ שטורעם אויפֿן קאָזאַק, וועלכער האָט זיך לאַנגזאַם צוריקגעצויגן און אים אַרויסגעפֿירט אין מיטן פֿאָדער־הויז. מיט אַמאָל האָט ער זיך אַנידערגעזעצט, אָפּגעשלאָגן מעכטיק דעם שטויס און פֿון דער פֿאַרטיידיקונג איז ער איבערגעגאַנגען צו דער אַטאַקע.

די קאָזאַקן האָבן מיט אַ פֿאַרכאַפּטן אָטעם אַראָפּגעלאָזט די שווערדן און געשטאַנען ווי איינגעגראָבענע, נישט אַראָפּנעמענדיק די אויגן פֿון קאַמף.

אין דער שטילקייט האָט מען נאָר געהערט דאָס אָטעמען און סאַפּען פֿון די קעמפֿנדיקע, אַ צייַן־קריצעניש און פּייפֿערייַ אָדער שאַרפֿן געקלאַנג פֿון די שווערדן, וואָס האָבן זיך געקלאַפּט איינע אין די צווייטע.

אַ ווײַלע האָט זיך אויסגעדוכטן, אַז דער קאָזאַק וועט נישט אויסהאַלטן מיקאָלאַיס געוואַלדיקע גבורה און פֿאַרביסנקייט, ווייל ער האָט זיך ווידער גענומען צוריקציִען און שיִצן. דאָס פּנים האָט זיך ביי אים געררונצלט ווי פֿון פֿאַרמאַטערטקייט. מיקאָלאַי האָט געקלאַפּט מיט אַ פֿאַרטאָפּלטער קראַפֿט, אַ שטויב האָט זיך אויפֿגעהויבן פֿון דער ערד און ווי מיט אַ וואָלקן פֿאַרהילט די קעמפֿנדיקע, אָבער פֿון צווישן די שטויב־זיילן האָבן די קאָזאַקן דערזען דאָס בלוט, וואָס האָט באַגאָסן באָהונס פּנים.

מיט אַ מאָל איז באָהון אָפּגעשפּרונגען אין אַ זייט, די שאַרף פֿון פֿירשטס שווערד האָט געטראָפֿן אין חלל אַריין, מיקאָלאַי האָט זיך אַ וואַקל געטון פֿון אַ שטויס און זיך אויסגעבויגן, אָבער אין דער זעלבער רגע האָט דער קאָזאַק אים אַזאַ מוראדיקן האַק געטון מיט דער שווערד אין קאַרק אַריין, אַז דער פֿירשט איז אַנידערגעפֿאַלן, ווי געטראָפֿן פֿון אַ דונער.

די כריי־געשרייען פֿון די קאָזאַקן האָבן זיך צונויפֿגע-

מישט מיט די אונמענטשלעכע קולות פֿון דער פֿירשטין. מ'האָט געמיינט, אַז דער סופֿיט וועט פּלאַצן פֿון דעם לאַרם און געפילדער. דאָס געראַנגל איז געווען געענדיקט, די קאָזאַקן האָבן זיך געוואָרפֿן אויפֿן כּלי־זיין, וואָס איז געווען אויסגעהאָנגען אויף די ווענט, און עס גענומען אַראָפּרייסן, אַרויסכאַפּנדיק איינער ביים צווייטן די טייערע שווערדן און קינזשאַלן, טרעטנדיק איבער די טויטע קערפּערס פֿון די פֿירשטן און אייגענע חברים, וואָס זענען געפֿאַלן פֿון ניקאָלאַיס האַנט. באַהון האָט אַלץ דערלויבט. ער איז געשטאַנען אין דער טיר, וואָס פֿירט אין זשעלענאָס שטובן, האָט פֿאַרשטעלט דעם וועג און שווער געטעמט פֿון פֿאַרמאַטערטקייט. דאָס פּנים איז ביי אים געווען בלייך און פֿאַרבלוטיקט, ווייל צוויי מאָל האָט דעם פֿירשטס שווערד באַריִרט זיין קאָפּ. זיין בלאָנדזשענדיקער בליק האָט געוואַנדערט פֿון מיקאָלאַיס קערפּער צו סימעאָנס קערפּער און צייטנווייז האָט ער זיך אויך אָפּגעשטעלט אויפֿן בלויען פּנים פֿון דער פֿירשטין, וועלכע די קאָזאַקן האָבן האַלטנדיק פֿאַר די האָר, צוגעדריקט מיט די קני צו דער ערד, ווייל זי האָט זיך געריסן פֿון זייערע הענט צו די קערפּערס פֿון אירע קינדער.

דער לאַרם און מהומה אין פֿאָדער־הויז האָבן זיך פֿאַרגרעסערט מיט יעדער ווייל. די קאָזאַקן האָבן אויף שטריק געשלעפּט די דינער פֿון די קורצעוויטשעס און זיי געקוילעט אָן רחמנות. די ערד איז געווען באַגאָסן מיט בלוט און פֿאַרוואָרפֿן מיט הרוגים, דאָס פֿאָדער־הויז איז געווען פֿול מיט רויך פֿון דער שיסעריי, די ווענט זענען געווען אָפּגעריסן, אַפֿילו די פֿייגל זענען געווען אויסגעהרגעט.

מיט אַ מאָל האָט זיך די טיר, ביי וועלכער באַהון איז געשטאַנען, ברייט אויפֿגעפּראַלט. דער קאָזאַק האָט זיך אומגעדרייט און פּלוצלינג זיך צוריקגעצויגן.

אין דער טיר האָט זיך באַוויזן דער בלינדער וואַסיל, און נעבן אים העלענאַ, אָנגעטאָן אין אַ ווייסן קלייד, בלאַס אַליין ווי דאָס קלייד, מיט ברייט געעפֿנטע אויגן פֿון שרעק, מיט אַ אָפֿענעם מויל.

וואַסיל האָט געטראָגן אַ צלם, וועלכן ער האָט געהאַלטן הויך ביים פּנים, אין ביידע הענט. אין מיטן פון דעם געטומל, וואָס האָט געהערשט אין פאָדער־הויז, פאַר די הרוגים, קאַלוּ־זשעס פון פאַרגאָסענעם בלוט אויף דער ערד, גלאַנץ פון די שווערדן און צופלאַמטע אויגן, האָט מאָדנע פייערלעך אויסגעזען די דאָזיקע הויכע, אָפּגעמאָגערטע געשטאַלט, מיט די גראָע האָר און שוואַרצע לעכער אנשטאָט אויגן. וואָלסט געמיינט—עפּעס אַ גייסט אָדער אַ מת, וועלכער האָט פון זיך אַראָפּגעוואָרפן די תכריכים, קומט באַשטראָפן פאַר די רציחות.

די געשרייען האָבן אויפגעהערט. די קאָזאַקן האָבן זיך צוריקגעצויגן איבערגעשראָקענע, די שטילקייט האָט איבערגעריסן דעם פירשטס רויקע, אָבער פאַרווייטאָקטע און קרעכצנדיקע שטים.

— אין נאָמען פון פאָטער, און רעטער, און גייסט און הייליקער־ריינסטער! איר מענער, וואָס קומט פון מרחקים, צו זייט איר געשיקט פון גאָט? „ווייל: געבענטשט איז דער מענטש, וואָס גייט אין וועג און האָט גאָטס וואָרט אויף זיינע ליפּצען". און איר, צי ברענגט איר אַ גוטע בשורה? צו זייט איר גאָטס שליחים?

אַ טויט־שטילקייט האָט געהערשט נאָך וואַסילס ווערטער, און ער האָט זיך מיטן צלם לאַנגזאַם געווענדעט צוערשט אין איין זייט, שפּעטער אין די צווייטע זייט, און האָט ווייטער געזאָגט:

— ווי איז צו אייך, ברידער, ווייל די, וואָס פירן מלחמה צוליב ריוח אָדער נקמה, וועלן זיין צו שאַנד און צו שפּאָט אויף אייביק...

„. לאָמיר מתפּלל זיין, כדי עס זאָל אויף אונז אָנגע־ווענדעט ווערן די מדה פון רחמים. ווי איז צו אייך, ברידער, ווי איז צו מיר! אָ! אָ! אָ!

אַ קרעכץ האָט זיך אַרויסגעריסן פון פירשטס ברוסט.

— גאָט, זיי דערבאַרמיק! — האָבן שטיל אויסגערופן די

קאָזאַקן, וועלכע האָבן אונטער די חשפעה פון אַ אומבאַשרייבלעכן פחד זיך גענומען צלמן אין שרעק.

מיט אַמאָל האָט די פירשטין אַרויסגעלאָזט אַ ווילדן אימהדיקן געשריי:

— וואַסיל, וואַסיל!..

און געווען איז איר קול אַזוי האַרץ־רייסנדיק, גלייך ווי דאָס וואָלט געווען די לעצטע שטום פון אַ לעבן, וואָס ראַנגעלט זיך מיטן טויט. די קאָזאַקן, וואָס האָבן זי צוגעדרוקט מיט די קני, האָבן טאַקע דערשפירט, אַז זי פרוווט שוין נישט זיך אַרויסצורייסן פון זייערע הענט,

דער פירשט האָט אַ ציטער געטון, באַלד אָבער האָט ער זיך פאַרשטעלט מיטן צלם פון דער זייט, פון וואַנען דאָס קול איז געקומען, און ער האָט געענטפערט:

— פאַרשאָלטענע נשמה, וואָס רופט פון דער טיפעניש, ווי איז צו דיר!

— גאָט, זיי דערבאַרמיק! — האָבן די קאָזאַקן איבערגעחזרט.

— אַהער צו מיר, קאַזאַקן — האָט באַהון אין דער רגע אויסגערופען און זיינע פיס האָבן זיך אַ וואַקל געטון.

די קאָזאַקן זענען צו אים צוזעשפרינגען און אים אונטערגעשפאַרט ביי די אָרעם.

— באַטקאַ! ביסט פאַרוווּנדעט?

— יאָ! אָבער דאָס איז גאָרנישט! איך בין אָפּגעגאַנגען מיט בלוט. העי, יונגען! היט מיר דאָס דאָזיקע מיידל, ווי דאָס אויג אין קאָפּ... אַרומרינגלען דאָס הויז, קיינעם נישט אַרויסלאָזן... פירשטין...

מער האָט ער נישט געקאָנט ריידן, די ליפּן זענען אים ווייס געוואָרן און די אויגן זענען פאַרלאָפן געוואָרן מיט אַנעפּל.

— טראָגט אַריין דעם אַטאַמאַן אין די שטובן! — האָט אויסגערופן הער זאַגלאָבאַ, וועלכער איז אַרויסגעקראָכן פון עפּעס אַ ווינקל און מיט אַמאָל זיך אַוועק געשטעלט נעבן באַהונען — דאָס איז גאָרנישט. גאַרנישט — האָט ער געזאָגט, טאַפּנדיק מיט

די פֿינגער די װונדן. — מאָרגען װעט ער זײַן געזונט. איך װעל מיך שױן מיט אים מתעסק זײַן. קנעט מיר אױס אַ טײגל פֿון ברױט מיט שפּינװעבעלעך. איר, ייִנגען, גײט צום טײװל אַ הוליעטון מיט די מײדלעך אין דער קיך, װײל מ׳דאַרף אײַך דאָ ניט האָבן, און צװײ פֿון אײַך זאָלן אַרײַן טראָגן דעם אַטאַמאַן. נעמט אים. אָט אַזױ. גײט צו אַלדע רוחות, װאָס שטײט איר? דאָס הױז זאָלט איר מיר היטן — איך װעל אַלײן שױן זיך אומקוקן.

צװײ קאָזאַקן האָבן אַרײַנגעטראָגן באַהונען אין דערנעבנדיקן חדר און די איבעריקע זענען אַרױס פֿון פֿאָדער-הױז.

זאַגלאָבאַ איז צוגעגאַנגען צו העלענען און, פֿינטלענדיק שטאַרק מיטן אױג, האָט ער געזאָגט גיך און שטיל:

— איך בין הער סקשעטוסקיס פֿרײַנט, האָב ניט קײן מורא. פֿיר נאָר אױך שלאָפֿן דײַן נביא און װאַרט אױף מיר.

בײַ די דאָזיקע װערטער איז ער אַרײַנגעגאַנגען אין שטוב, אין װעלכער צװײ קאָזאַקן האָבן אױך געלײגט באַהונען אױף אַ טערקישער סאָפֿע. באַלד האָט ער זײ אַרױסגעשיקט נאָך ברױט און שפּין-געװעבעכץ, און װען מ׳האָט דאָס אים געבראַכט פֿון דער קיך, האָט ער זיך גענומען פֿאַרבינדן די װונדן פֿון ייִנגן אַטאַמאַן מיט אַ געשיקטקײט, מיט װעלכער עס האָט זיך אין יענע צײַטן אױסגעצײכנט יעדער שלאַכטשיץ אַדאַנק דעם, װאָס עס איז אים אָפֿט אײַסגעקומען צו באַנדאַזשירן צוקלאַפּטע קעפּ אין דועלן אָדער אין די סײמען.

— און זאָגט אױך די ייִנגן—האָט ער זיך אָנגערופֿן צו די צװײ קאָזאַקן—אַז מאָרגן װעט דער אַטאַמאַן זײַן געזונט, װי אַ פֿיש און אַז זײ זאָלן װעגן אים ניט דאגהן. ער האָט טאַקע היבש אַרײַנגעכאַפּט, אָבער ער האָט געװיזן זײַן גבורה און מאָרגן װעט ער חתונה האָבן, הגם אָן אַ גלח. אויב ס׳איז דאָ אין הױז אַ קעלער, קאָנט איר זיך לאָזן װױלגײן. אָט זענען שױן די װונדען באַנדאַזשירט. גײט איצט אין זאַל: דער אַטאַמאַן װיל זיך אױסרוען.

די קאָזאַקן זענען געגאַנגען צו דער טיר.

— אָבער טרינקט דאָרט נישט אויס דעם גאַנצן קעלער— האָט הער זאַגלאבא נאָך צוגעגעבן

און צוזעצנדיק זיך צוקאָפּנס ביים אַטאַמאַן, האָט ער זיך אין אים גוט איינגעקוקט.

— נו, דער טייוול וועט דיך נישט נעמען פֿון די דאָזיגע ווונדען, הגם דו האָסט גוט אַריינגעכאַפּט. אַ צוויי טעג וועסטו ניט רירן נישט מיט קיין האַנט און נישט מיט קיין פוס — האָט ער געברומט צו זיך אַליין, קוקנדיק אויפֿן קאָזאַקס בלאַס פּנים און פֿאַרמאַכטע אויגן. — די שווערד האָט נישט געוואָלט טון קיין עולה דעם תלין, ווייל דו ביסט איר אייגנטום און דו וועסט דיך פֿון איר נישט אַרויסדרייען. אַז מ׳וועט דיך אויפֿן הענגען, וועט דער טייוול מאַכן פֿון דיר אַ לאַלקע פֿאַר זיינע קינדער, ווייל דו ביסט אַ שיינער. ניין, ברודערל, דו טרינקסט טאַקע גוט, אָבער מיט מיר וועסטו שוין מער נישט טרינקען. זוך דיר חברים צווישן הינט־שלעגער, ווייל כ׳זע, אַז דו האָסט ליב צו ווערגען, אָבער איך וועל מיט דיר נישט גיין ביינאַכט פֿר ציישע הויפֿן באַפֿאַלן. זאָל דער תלין צו דיר צושטיין פֿאַר אַ שותף.

באהון האָט אַ שטילן קרעכץ געטון.

— אוי, קרעכץ! אוי, זיפֿץ! מאָרגן וועסטו בעסער זיפֿצן. וואַרט, טאָטעריישע נשמה, די פֿירשטין האָט זיך דיר פֿאַרגלוסט? אודאי, איך הידוש מיך נישט אויף דיר, דאָס מיידל איז אַ מעדן, אָבער אויב דו וועסט פֿון אים טועם־זיין, זאָלן די הינט אויפֿפרעסן מיינע וויצן. גיכער וועלן מיר אויף דער האַנט־פֿלאַך אַרויסוואַקסן...

אַ ליאַרם פֿון אויסגעמישטע שטימען האָט זיך פֿון פלאַץ דערטראָגן צו הער זאַגלאָבאַס אוירן.

— אַהאַ, מסתמא האָבן זיי זיך שוין דערקליבן צום קעלער — האָט ער אַברום געטון — זויפֿט אייך גוט אָן, כדי איר זאָלט גוט שלאָפֿן, איך וועל שוין אויף זיין פֿאַר אייך אַלע, הגם כ׳ווייס נישט, צי איר עסט מאָרגן דערפֿון הנאה האָבן.

ביי די דאָזיגע ווערטער האָט ער זיך אויפֿגעשטעלט און

איז געגאַנגען אַ קוק־טון, צי די קאָזאַקן האָבן באמת שוין געשלאָסן באַקאַנטשאַפֿט מיטן קעלער פֿון די פּירשטן. צוערשט איז ער אַרײַנגעגאַנגען אין פֿאָדער־הויז. דאָס פֿאָדער־הויז האָט געהאַט אַ מוראדיקן אויסזען. אין דער מיט זענען געלעגן די שוין שטײַפֿע קערפּערס פֿון די פּירשטן סימאָן און מיקאָלאַי, און אין ווינקל — דער טויטער גוף פֿון דער אַלטער פּירשטין אין אַ זיצנדיקער און צוגויכג־קאָרטשעטער פּאָזע, אַזוי, ווי עס האָבן זי צוגעדריקט די קני פֿון די קאָזאַקן. אירע אויגן זענען געווען אָפֿן, די צײַן אויסגעשטשירעט. דאָס פֿײַער, וואָס האָט געברענט אין אויוון, האָט פֿול געמאַכט דאָס גאַנצע פֿאָדער־הויז מיט אַ טונקעלער שײַן, וואָס האָט געפֿלאַטערט אויף די קאַלווזשעס בלוט; אין דער טיף איז דאָס פֿאָדער־הויז געווען פֿאַרהילט אין שאָטנס. הער זאַגלאָבאַ איז צוגעגאַנגען צו דער פּירשטין אַ קוק טון, צי זי עטעמט שוין נישט מער, און האָט אַרויפֿגעלייגט די האַנט אויפֿן פּנים. אָבער איר פּנים איז שוין געווען קאַלט — ער איז דעריבער גיך אַרויס אויפֿן פּלאַץ ווײַל דאָ אין פֿאָדער־הויז האָט אים אַ גרויל אָנגעכאַפּט. אויפֿן פּלאַץ האָבן די קאָזאַקן שוין אָנגעהויבן צו הוליען. עס האָבן שוין געלויכטען פֿײַער־שטויסן און בײַ זייער שײַן האָט הער זאַגלאָבאַ דערזען פֿעסלעך מעד, ווײַן און בראָנפֿן מיט אָבגעהאַקטע אויבערשטע באָדעמס. די קאָזאַקן האָבן געשעפּט פֿון זיי, ווי פֿון אַ ברונעם, און זיך טויט־געטרונקען. די, וואָס זענען שוין געווען דערהיצט פֿון טרינקען, האָבן זיך געיאָגט נאָך די מיידלעך פֿון דער קיך, וואָס אַ טייל פֿון זיי האָבן אין שרעק זיך געראַנגלט אָדער אַנטלאָפֿן, שפּרינגנדיק איבערן פֿײַער; אַנדערע האָבן אונטער אויסברוכן פֿון געלעכטער און קולות זיך געלאָזט כאַפּן און שלעפּן צו די פֿעסלעך אָדער פֿײַערס, בײַ וועלכע מ'האָט געטאַנצט אַ קאָזאַק. די קאָזאַקן האָבן געשפּרונגען ווי משוגעים, פֿאַר זיי האָבן די מיידלעך געטאַנצט, אַמאָל זענען זיי צאַפּלענ־דיק מיטן קערפּער, זיי נאָכגעקראָכן, און אַמאָל האָבן זיי זיך צוריקגעצויגן פֿאַר די האַסטיקע באַוועגונגען פֿון די טענצער. די צוקוקער האָבן געקלאַפּט אין די בלעכענע האַלבע קוואָרטען,

אָדער געזונגען. די געשרייען „או—האַ!" האָבן אָפּגעהילכט וואָס אַמאָל העכער און עס האָבן זיי באַגלייט דאָס בײַלן פֿון הינט, כראַפּעריי פֿון פֿערד און ריטשעריי פֿון אָקסן, וועלכע מ׳האָט געקוילעט צו דער סעודה. אַרום די פֿייערס, טיף אין פּלאַץ, האָט מען געזען שטיין די פֿויערן פֿון ראָזלאָגי, וועלכע זענען אויף די שיסעריי און גערודער אָנגעלאָפֿן אין גאַנצע מאַסן פֿון דאָרף אַ קוק טון, וואָס דאָ קומט פֿאָר. זיי האָבן נישט בדעה געהאַט צו פֿאַרטיידיקן די פּירשטין, ווייל די קירצעוויטשעס האָט מען פֿיינט געהאַט אין דאָרף, זיי האָבן נאָר געקוקט אויף די צוהוליעטע קאָזאַקן און דערבײַ זיך געשטויסן מיט די אָרעמס, געשושקעט זיך און צוגערוקט זיך וואָס אַמאָל נענטער צו די פעסלעך מיט בראַנפֿען און מעד. די אָרגיע איז געוואָרן וואָס אַמאָל ליאַרמדיקער, דאָס שיכורן וואָס אַמאָל שטאַרקער, די קאָזאַקן האָבן נישט געשעפּט פֿון די פּעסער מיט די בלעכערנע שעפּן, נאָר אַרײַנגעשטעקט אין זיי די קעפּ ביז איבערן האַלז, די טאַנצנדיקע מיידלעך האָבן זיי באַגאָסן מיט בראָנפֿן און מעד; די פֿנימער האָבן געפֿלאַמט, פֿון די קעפּ האָט געשלאָגן אַ פּאַרע; אַ סך האָבן זיך שוין געוואַקלט אויף די פֿיס. הער זאַגלאָבאַ האָט, אַרויסגייענדיק אויפֿן גאַנעק, געוואָרפֿן אַ בליק אויף די טרינקענדיקע און דערנאָך האָט ער זיך גוט אײַנגעקוקט אין הימל.

— דאָס וועטער איז שיין, אָבער ס׳איז פֿינסטער! — האָט ער אַ ברום געטון — אַז די לבנה וועט אונטערגיין, איז כאָטש דערלאַנג אין פּיסק אַרײַן...

בײַ די דאָזיקע ווערטער האָט ער זיך לאַנגזאַם אַראָפּגע־לאָזט צו די פּעסער און טרינקנדיקע קאָזאַקן.

— נו ווייטער, ייִנגען! — האָט ער אויסגערופֿן — נו, ווייטער, קאַרגט זיך נישט! הײַדאַ! די ציין וועלן אײַך נישט פֿאַרטעמפּט ווערן. אַ שוטה איז דער, וואָס וועט זיך הײַנט נישט אָנשיכורן פֿאַרן אַטאַמאַנס געזונט. נו, צו די פּעסלעך! נו, צו די מיידלעך! — או־האַ!

— או־האַ! — האָבן די קאָזאַקן ווילד געשריגן מיט שמחה

זאַגלאָבא האָט זיך אַרומגעקוקט אויף אַלע זייטן.

— אָ, איר שווינדלער, זולל-וסובאס, רוחות, שדים! — האָט ער מיט אַמאָל אויסגעשריגען — אַליין טרינקט איר ווי צעברי קעוועטע פערד, און יענע דאָרט, וואָס היטן דאָס הויז, גאָרנישט? העי דאָרט! זאָל מען מיר זיי תיכף פאַרבייטן!

דער באַפעל איז אָן שהיות אויסגעפירט געוואָרן און כהרף-עין האָבן זיך אַ צוואַנציק שכורע קאָזאַקן געאיילט צו פאַרבייטן די וועכטער, וועלכע האָבן ביז איצט נישט מיטגע-הוליעט מיט זייערע חברים. די וועכטער זיינען באַלד צוגעלאָפן אין גרויס איילעניש.

— היידאַ, היידאַ! — האָט זאגלאָבא אויסגערופן, אָנווייזנדיק זיי אויף די פעסלעך מיט משקה.

— מיר דאַנקען, האַר! — האָבן זיי געענטפערט, אַריינ-שטעקנדיק די שעפן.

— אין אַ שעה אַרום זאָל מען מיר יענע דאָרט אויך פאַרבייטן.

— איך הער—האָט געענטפערט איינער פון די עלטסטע.

די קאָזאַקן האָבן עס געהאַלטן פאַר אַ נאַטירלעכע זאַך, וואָס הער זאַגלאָבא האָט איבערגענומען די קאָמאַנדע אויף באהונס אָרט. אַזוי האָט שוין נישט איינמאָל געטראָפן אין די קאָזאַקן פלעגן דערמיט זיין צופרידן, ווייל דער שלאַכטשיץ האָט זיי שטענדיק אַלץ דערלויבט.

די וועכטער האָבן געטרונקען צוזאַמען מיט די איבריקע, און הער זאַגלאָבא האָט זיך אַריינגעלאָזט אין אַ שמועס מיט די פויערן פון ראָזלאָג:

— היי פויער, האָט ער געפרעגט אַ אַלטן „שכן" — איז ווייט פון דאַנען קיין לובני?

— אָ, ווייט, האַר! — האָט דער פויער געענטפערט.

—אין דער פרי קאָן מען דאָרט צושפאַרן?

— אָ, אין דער פרי ניין, האַר!

— און מיטאָג-צייט?

— אין מיטאָג-צייט גיכער.

און דורך וואַנען פּאָרט מען?
גלייך צום שליאַך.
איז דאָ אַ שליאַך?
— פּירשט יאַרעמאַ האָט געהייסן ס׳זאָל זיין, איז דאָ.

הער זאגלאָבא האָט בכיוון גערעט זייער הויך, כדי אַהייפּל קאָזאַקן זאָלן אים דערהערן צווישן די געשרייען און געטומעל.

— גיט זיי אויך בראָנפן — האָט ער געזאָגט צו די קאָזאַקן, אָנווייזנדיק אויף די פויערן — אָבער צוערשט גיט מיר מעד, ווייל ס׳איז קאַלט.

איינער פון די קאָזאַקן האָט אָנגעשעפּט מעד אין אַ בלעכערנע שעפּ און זי דערלאַנגט אויפן היטל דעם הער זאַגלאָבא.

דער שלאַכטשיץ האָט פאָרזיכטיק גענומען מיטביידע הענט, כדי די משקה זאָל נישט פאַרגאָסן ווערן, האָט צוגערוקט די שעפּ צו די וואָנסעס און אויסבויגנדיק דעם קאָפּ אויף הינטן, האָט ער גענומען טרינקען לאַנגזאַם, אָבער אין איין אָטעם.

ער האָט געטרינקען, געטרונקען — אַז די קאָזאקן האָבן זיך אָנגעהויבן צו חידושן. „דו זעסט?״ — האָבן זיי געשעפּטשעט איינער צום אַנדערן: — „אַ שלאַק זאָל אים טרעפן!״

דערווייל האָט זיך הער זאַגלאָבאַס קאָפּ ביסלעכווייז אויסגעבויגן, צום סוף האָט ער זיך אינגאַנצן אַרונטערגעבויגן, ביז ער האָט דערנאָך אַוועקגענומען די שעפּ פון רויט-געוואָרענעם פּנים, האָט אַרויסגעשטעקט די ליפּ, אויפגעהויבן די ברעמען און געזאָגט ווי צו זיך אַליין:

— אָ! גאָרנישט קיין שלעכטער מעד. — אַלטער מעד. מ׳זעט באַלד, אַז ער איז נישט שלעכט. אַ שאָד אַזאַ מעד פאַר אייערע כאַמעוואַטע גאָרגלען. פאַר אייך איז ביער אויך גוט. אַ האַרבער מעד, אַ האַרבער, כ׳שפיר, אַז עס איז מיר לייכטער געוואָרן און אַז ס׳איז מיר אַביסל בעסער.

דעב הער זאגלאָבאַ איז באמת לייכטער געוואָרן, אין קאָפּ האָט זיך אים אויסגעלייטערט, ער האָט זיך אָנגענומען מיט כוח און מ׳האָט געזען באַשיינפּערלעך, אַז זיין בלוט, וואָס איז אונ-

טערגעגאָסן געוואָרן מיט מעד, האָט זיך פֿאַרוואַנדלט אין אַ אויס־געצייכנטן ליקער, וועגן וועלכן ער פֿלעגט אַליין זאָגן, אַז ער טראָגט פֿונאַנדער איבערן גאַנצן גוף העלדישקייט און מוט.

ער האָט די קאָזאַקן געוויזן מיט דער האַנט, אַז זיי קאָנען ווייטער טרינקען, און אומדרייענדיק זיך, איז ער מיט געלאַסענע טריט דורכגעגאַנגען צום גאַנצן פּלאַץ, האָט גוט באַקוקט אַלע ווינקלען, איז אַריבערגעגאַנגען די בריק אויפֿן גראָבן און איז צוגעגאַנגען צום פּאַרקאַן אַ קוק טון, צי די וועכטער היטן גוט דאָס הויז.

דער ערשטער שומר איז געשלאָפֿן, דער צווייטער, דריטער און פֿערטער אויך. זיי זענען געווען אויסגעמאַטערט פֿון וועג, דערצו נאָך זענען זיי געקומען שוין שכורערהייט אויף די ערטער און זענען באַלד איינגעשלאָפֿן.

— כ׳וואָלט נאָך געקאָנט איינעם פֿון זיי אַרויסגנבֿענען, כּדי כ׳זאָל האָבן עמיצן פֿאַר אַ משרת — האָט הער זאַגלאָבאַ אַ ברום געטון.

ביי די דאָזיקע ווערטער איז ער צוריקגעגאַנגען גלייך אין הויף אַריין, איז ווידער אַריין אין דעם אימה־אָנוואַרפֿנדיקן פֿאָדער־הויז, האָט אַ קוק געטון צו באַהונען און זעענדיק, אַז דער קאָזאַק ווייזט נישט אַרויס קיין סימן פֿון לעבן, האָט ער זיך צוריקגעצויגן צו העלענאַס טיר און, עפֿנענדיק זי אין דער שטיל, איז ער אַריינגעגאַנגען אין אַ חדר, פֿון וועלכן ס׳האָט זיך דערטראָגן אַ שטילער קול, ווי פֿון אַ תּפֿילה.

אייגנטלעך איז דאָס געווען דעם פֿירשט וואַסילס חדר, העלענאַ איז אָבער געווען ביים פֿירשט, נעבן וועלכן זי האָט זיך געפֿילט זיכערער. דער בלינדער וואַסיל האָט געקניט פֿאַר אַ בילד פֿון דער הייליקסטער־ריינסטער, פֿאַר וועלכן ס׳האָט זיך געברענט אַ לעמפּל. העלענאַ איז געשטאַנען נעבן אים; ביידע האָבן מתפּלל געווען אויף אַ קול. דערזעענדיק זאַגלאָבאַן, האָט זי אויף אים אָנגעשטעלט איבערגעשראָקענע אויגן. זאַגלאָבאַ האָט אַרויפֿגעלייגט אַ פֿינגער אויפֿן מויל.

— גנעדיקע פריילין — האָט ער געזאָגט — איך בין הער סקשעטוסקיס פריינט.

— העלפט!--האָט העלענאַ געענטפערט.

— וועגן דעם טאַקע בין איך אַהערגעקומען; פאַרלאָזט זיך אויף מיר.

— וואָס זאָל איך טון?

— מ׳דאַרף אַנטלויפן, כל-זמן דער דאָזיקער טייוול ליגט זין חושים.

— וואָס זאָל איך טון?

— טוט זיך איבער אין מאַנסבילשע בגדים און אַז כ׳וועל אַ קלאַפּ טון אין די טיר, זאָלט איר אַרויסגיין.

העלענאַ האָט זיך אַ ווײַלע געשלאָגן מיט דער דעה. אין אירע אויגן האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אומצוטרוי.

— זאָל איך אײַך גלויבן?

— האָט איר אַ בעסערע עצה?

— אמת, ס׳איז אמת. אָבער שווערט מיר צו, אַז איר וועט מיך נישט פאַרפירן.

— דאָס פריילין איז אַראָפּ פון זינען. אָבער אויב איר ווילט, וועל איך שווערן. זאָל מיר גאָט און דער הייליקער צלם אַזוי העלפן. דאָ וועט איר אומקומען, אָבער אַז איר וועט אַנטלויפן, וועט איר ניצול ווערן.

— אמת, אמת.

— טוט-אָן מאַנסבילשע בגדים וואָס גיכער און וואַרט.

— און וואַסיל?

— וואָסער וואַסיל?

— מיין פאַרדרייטער ברודער—האָט העלענאַ געזאָגט.

— איך דראָט אַ אומגליק, נישט אים — האָט זאַגלאָבאַ געענטפערט—אויב ער איז פאַרדרייט, קוקן אויף אים די קאָזאַקן ווי אויף אַ קדוש. כ׳האָב דאָך געזען, אַז זיי האַלטן אים פאַר אַ נביא.

— אמת טאַקע, פאַר באַהונען האָט ער זיך נישט פאַרזינדיקט.

— מיר מוזן אים איבערלאָזן, אַ נישט וועלן מיר אומקו־מען — און הער סקשעטוסקי צוזאַמען מיט אונז. איילט זיך, פריילין.

מיט די דאָזיקע ווערטער האָט הער זאַגלאָבאַ פאַרלאָזט די שטוב און איז אַוועק גלייך צו באָהונען.

דער קאָזאַק איז געווען בלאַס און אָפּגעשוואַכט, אָבער די אויגן זענען ביי אים געווען אָפן.

— ס׳איז דיר בעסער?—האָט זאַגלאָבאַ געפרעגט.

באָהון האָט געוואָלט ענטפערן און נישט געקאָנט.

— קאָנסט נישט רייד?

באָהון האָט אַ ריר געטון מיטן קאָפּ צום צייכן, אַז ער קאָן נישט, אָבער אין דער זעלבער רגע האָבן יסורים זיך אָפּ־געשלאָגן אויף זיין פנים. די ווונדן האָבן, אַפּ־ים, פון דעם ריר אים וויי־געטון.

— וואָלסטו אַפילו שרייען נישט געקאָנט?

באָהון האָט בלויז מיט די אויגן געגעבן צו פאַרשטיין, אַז ניין.

— און רירן זיך אויך נישט?

דער זעלבער סימן.

— נו, בעסער אַזוי, וואָס דו וועסט נישט ריידן, נישט שרייען, ניט רירן זיך, און איך וועל דערווייל פאָרן מיט דער פירשטין קיין לובני. אויב איך וועל זי דיר נישט אַוועקרוימען פון גונטער דער נאָז, וועל איך פון אַ אַלטער באָבע אויף אַ האַנט־כּיל זיך לאָזן אויף קערנער אויסמאָלן. וואָס טראַכסטו דיר, ליידאַק? מיינסט, אַז כ׳האָב נישט גענוג דיין חברותא, אַז כ׳וועל נאָך לענגער זיך חברן מיט אַ כאַם? אַ, חצוף, האָסט געמיינט, אַז צוליב דיין ווין, צוליב דיינע ביינדלעך און דיינע פויערישע ליבעס, וועל איך באַגיין רציחות און צושטיין מיט דיר צו דער מרידה? האָסט אַ גראָבן טעות, שיינער בחור.

בעת הער זאַגלאָבאַס זרשה האָבן די שוואַרצע אויגן פון קאָזאַק זיך געעפנט וואָס אַמאָל ברייטער. צי האָט ער דאָס

געהערט אין חלום, אָדער אויף דער וואָר, אָדער הער זאַגלאָבאַ האָט חוזק געמאַכט?

און הער זאַגלאָבאַ האָט ווייטער גערעט:

— וואָס האָסטו אויסגעגלאָצט די אויגן, ווי אַ קאַץ אויף די סמעטענע? מיינסט, אַז כ'וועל דאָס נישט טון? אפשר הייסטו זיך וועמען גריסן אין לובני? אפשר דיר צושיקן פון דאָרט אַ רופא, און אפשר גאָר באַשטעלן אַ תלין ביים הער פירשט?

דעם קאָזאַקס בלאַסער פנים האָט באַקומען אַ שרעקלעכע צורה. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז זאַגלאָבאַ זאָגט דעם אמת, פון זיינע אויגן האָבן געשלאָגן דונערס פון יאוש און רציחה, דאָס בלוט האָט אים אַ זעץ געטון אין פנים אַריין. איין איבער־מענטשלעכע אָנשטרענגונג—און ער האָט זיך אויפגעהויבן און פון מויל האָט זיך אים אַרויסגעריסן אַ געשריי:

— העי, קאָז...

ער האָט נישט געענדיקט, ווייל הער זאַגלאָבאַ האָט מיט דער שנעלקייט פון אַ בליץ אים אַרויפגעוואָרפן אויפן קאָפּ זיין אייגענעם ראָק און אים אין איין רגע איינגעוויקלט מיט אים—שפּעטער האָט ער אים אומגעוואָרפן מיטן פנים אַרויף.

— שריי נישט, ווייל דאָס קאָן דיר נאָך פאַרשאַטן—האָט ער געזאָגט אין דער שטיל און דערביי שטאַרק געסאָפּעט—דער קאָפּ וואָלט דיר נאָך געקאָנט מאָרגן וויי־טון, אַלס גוטער פריינט זאָרג איך אָבער פאַר דיין געזונט. יאָ, יאָ, אי ס'וועט דיר זיין וואַרעם, אז דו וועסט געשמאַק שלאָפן און אי דו וועסט נישט הייזעריק ווערן פון צופיל שרייען. כדי דו זאָלסט אָבער נישט אַראָפּרייסן דעם באַנדאַזש, וועל איך דיר צובינדן די הענט, און דאָס אַלץ פאַר דיין טובה־וועגן, כדי דו זאָלסט מיך דערמאָנען צום גוטן.

ביי די דאָזיקע ווערטער האָט ער דעם קאָזאַקס הענט אַרומגעוויקלט מיט אַ פּאַסעק און צוגעצויגן אַ קניפּ; מיט דעם צווייטן, זיין אייגענעם פּאַסעק האָט ער אים געבונדן די פיס. דער קאָזאַק האָט שוין גאָרניט געשפּירט, ווייל ער איז געפאַלן אין חלשות.

— אַ קראַנקער דאַרף ליגן רויק—האָט ער געזאָגט—אַניט קאָן ער קריגן דאָס קדחת און רעדן פון דער היץ. נו, זיי געזונט; כ'וואָלט דיך געקאָנט שטעכן מיט אַ מעסער, דאָס וואָלט אפשר פאַר מיר געווען אַ גרעסערע טובה, אָבער ס'איז מיר אַ חרפּה צו מאָרדן ווי אַ פּויער. גאָר עפּעס אַנדערש איז, אויב דו וועסט ביז אין דער פרי דערוואָרגן ווערן, דאָס האָט שוין געטראָפן נישט מיט איין חזיר. זייַזשע מיר געזונט. אפשר וועלן מיר זיך נאָך אַמאָל באַגעגנען, אויב אָבער איך וועל מיך וועגן דעם באַמיִען, זאָל מען מיר אַראָפּשינדן די הויט און מאַכן פון איר אַ פערדישע דעק.

ביי די דאָזיקע ווערטער איז הער זאַגלאָבאַ אַרויס אין פאָדערהויז, האָט פאַרלאָשן דאָס פייער אין אויוון און אַנגעקלאַפּט אין די טיר פון וואָסילס חדר.

אַ הויכע געשטאַלט האָט זיך פון איר באַלד אַרויסגערוקט.

— זייט איר דאָס, פּריילין?

— איך.

— קומט, לאָמיר זיך נאָר דערקלייבן צו די פערד. אָבער זיי זענען דאָרט אַלע שכור, די נאַכט איז אַ פינסטערע. איידער זיי וועלן אויפקומען, וועלן מיר שוין זיין ווייט. פאָרזיכטיק, דאָ ליגן די פירשטן!

— אין נאָמען פון פאָטער און זון און גייסט — האָט העלענאַ געשעפּטשעט.

## 3 קאַפּיטל.

צוויי רייטער זענען געריטן שטיל און לאַנגזאַם דורך דעם וואַלד־הייל, וואָס גרענעצט זיך מיטן הויף אין ראָזלאָגי. די נאַכט איז געוואָרן זייער פינסטער, ווייל די לבנה איז שוין לאַנג פאַרגאַנגען, און דערצו נאָך האָבן כמאַרעס באַדעקט דעם האָריזאָנט. אין דער הייל האָט מען נישט געזען וואָס עס טוט זיך דריי שריט פאַר די פערד, וועלכע האָבן זיך דעריבער יעדע ווײַלע אָנגעשטויסן אויף בוימער־וואָרצלען, וואָס האָבן זיך אויסגעשפרייט אין דער ברייט פון וועג. זיי זענען געריטן אַ לאַנגע צייט מיט דער גרעסטער פאָרזיכטיקייט און גרשט דעמאָלט, ווען זיי האָבן שוין דערזען דעם עק פון דער הייל און דעם אָפּענעם סטעפּ, וואָס איז אַביסל געווען באַלויכטן מיטן גראָען אָפּגלאַנץ פון די כמאַרעס, האָט איינער פון די רייטער שטיל געזאָגט:

— טרייבן די פערד!

זיי זענען געפלויגן, ווי צוויי פיילן פון טאָטערישע בויגנס, און נאָר דער אָפּהילך פון די פערדישע טריט איז געלאָפן נאָך זיי. ס'האָט אויסגעזען, ווי דער פינסטערער סטעפּ וואָלט אַנטלויפן פון אונטער די פערדישע פיס. די איינצעלנע דעמבעס, וואָס זענען געשטאַנען דאָ און דאָרט ביים שליאַך, זענען נעלם געוואָרן, ווי געשפּענסטער, און זיי זענען געפלויגן אַזוי לאַנג, לאַנג, אָן אָפּרו און אָפּשטעל, ביז די פערד האָבן אַראָפּגעלאָזט די אויערן און גענומען כראָפּן פון פאַרמאַטערטקייט; זייער לויף איז געוואָרן שווער און איינגעהאַלטענער.

— נישטאָ קיין עצה, מען מוז די פערד איינהאַלטן — האָט געזאָגט דער דיקערער רייטער.

דער מאָרגנשטערן האָט גראד גענומען אַרויסשטויסן די

גאַכט פֿון סטעפּ. וואָס אַמאָל גרעסערע שטחים האָבן זיך אַרויסגערוקט פֿון שאָטן, ס'האָבן זיך בלאַס געצייכנט די סטעפּ־דערנער, ווייסע בוימער, בערגלעך; די לופֿט האָט אין זיך אַריינגעזאַפּט וואָס אַמאָל מער ליכט. ווייסלעכע שטראַלן האָבן אויך באַלויכטן די פּנימער פֿון די רייטער.

דאָס זענען געווען הער זאַגלאָבאַ און העלענאַ.

— נישטאָ קיין עצה, מען מוז די פֿערד איינהאַלטן — האָט הער זאַגלאָבאַ איבערגעחזרט — נעכטן זענען זיי געקומען פֿון טשעכרין קיין ראָזלאָגי אָן אָפּרו. לאַנג וועלן זיי אַזוי נישט אויסהאַלטן, און כ'האָב מורא, אַז זיי זאָלן נישט פֿאַלן. ווי פֿילט זיך דאָס פֿרייליין?

דאָ האָט הער זאַגלאָבאַ אַ קוק געטון אויף זיין חברטע און נישט וואַרטנדיק אויף איר תשובה — האָט ער אויסגערופֿן:

— לאָמיך אָנקוקן דאָס פֿרייליין ביים טאָג־ליכט. האַ, האַ, זענען די דאָזיגע בגדים אַ ירושה פֿון די ברידער? נישטאָ וואָס צו זאָגן: אַ זייער געשיקט קאָזאַקל זייט איר. כ'האָב נאָך, אַזוי לאַנג ווי כ'לעב, נישט געהאַט אַזאַ משרת — אָבער איך טראַכט מיר, אַז הער סקשעטוסקי וועט אים ביי מיר צונעמען. און וואָס איז דאָס? גאָט מיינער, נעמט צוזאַמען די דאָזיקע האָר, אַ נישט וועט יעדער אין אייך דערקענען אייער ווייבערישן מין.

איבער העלענאַס פּלייצעס האָט באמת אַראָפּגעפֿלאָסן אַ שטראָם פֿון שוואַרצע האָר, וואָס האָבן זיך צופֿלאָשעט צוליבן שנעלן רייטן און פֿייכטקייט פֿון דער נאַכט.

— וווּהין פֿאָרן מיר? — האָט זי געפֿרעגט, צובינדענדיק זיי מיט ביידע הענט און באַמיענדיק זיך זיי אַרונטער צושאַרן אונטער דעם היטל.

— ווּ די פֿיס וועלן טראָגן.

— פֿאָרן מיר נישט קיין לובני?

העלענאַס פּנים האָט אויסגעדרוקט אומרואיקייט און דער שאַרפֿער בליק, וואָס זי האָט געוואָרפֿן אויפֿן הער זאַגלאָבאַ, איז ווידער געווען דורכגעדרונגען מיט אומצוטרוי.

— זעט איר, פֿרייליין. איך האָב מיר מיין שכל און גלויבט

מיִר, אַז כ׳האָב אַלץ גוט אויסגעחשבונט. און מיין חשבון שטיִצט זיִך אויף פֿאָלגענדיִקן קלוגן כּלל. אַנטלויף ניִשט דאָרט, ווו מען וועט דיִך יאָגען. און אויב מען יאָגט אונז נאָך אין איִצטיִקן מאָמענט יאָגט מען אונז איִן דיִ ריִכטונג פֿון לובני, ווייל כ׳האָב טאַקע נעכטן זיִך הויך אויסגעפרעגט וועגן וועג קיין לובני און באַהיִנען האָב איִך פֿאַרן אָפּפֿאָרן געזאָגט, אַז מיִר וועלן דאָרט אַהיִן אַנטלויפֿן. דעריִבער וועלן מיִר אַנטלויפֿן קיין טשערקאַסי. אויב מ׳וועט אונז נעמען נאָכיאָגן, וועט דאָס געשען ניִשט אַזוי גיִך, נאָר ערשט דעמאָלט, ווען זיי וועלן זיִך איִבערצייגן, אַז מיִר געפיִנען זיִך ניִשט אויפֿן לובניער וועג, און דאָס וועט ביי זיי נעמען צוויי טעג צייט דערווייל וועלן מיִר זיין איִן טשערקאַסי. ווו עס שטייען איצט הער פּיִווניִצקיִס און רודאָמיִנאַס פּויליִשע פּאָלקען. און איִן קאָרסון געפיִנען זיִך דעם העטמאַנס אַלע כּוחות. איִר פֿאַרשטייט?

— איִך פֿאַרשטיי, און אַזוי לאַנג ווי כ׳וועל לעבן, וועל איִך אייך זיין דאַנקבאַר. כ׳ווייס ניִשט, ווער איִר זייט, פֿון וואַנען איִר האָט זיִך גענומען איִן ראָזלאָגי, אָבער כ׳מיין, אַז גאָט האָט אייך אַראָפּגעשיִקט מיִך צו באַשיִצן און רעטן, ווייל כ׳וואָלט מיִך גיִכער געקוילעט מיִט אַ מעסער, איידער איִך וואָלט זיִך איִבערגעגעבן איִן רשות פֿון דעם דאָזיִקן רוצח.

— אַ שלאַנג איִז דאָס; ער האָט זיִך פּעס! אָנגעזעצט אויף אייער צניִעות.

— וואָס האָב איִך, אומגליִקלעכע, איִם געטון, וואָס ער פֿאַרפֿאָלגט מיִך? איִך קען איִם שוין פֿון לאַנג אָן און האָב איִם פיינט געהאַט פֿון לאַנג אָן; פֿון לאַנג אָן האָט ער אויף מיִר נאָר אָנגעוואָרפֿן אַ פּחד. ביִן איך דען איינע אויף דער וועלט, וואָס ער האָט מיִך ליִב באַקומען, וואָס ער האָט צוליִב מיִר אַזוי פֿיִל בלוט פֿאַרגאָסן, וואָס ער האָט מיִר מיינע ברידער אויסגעהרגעט?.. גאָט מיינער, אַז איִך דערמאָן מיִך, ווערט איִן מיִר דאָס בלוט פֿאַרגליווערט. וואָס וועל איִך טון? ווו וועל איִך מיך פֿאַר איִם באַהאַלטען? חידושט זיִך ניִשט, מיין הער, וואָס איִך באַקלאָג מיִך אַזוי, וואָרום איך ביִן אומגליִקלעך, ווייל עס נעמט מיִך אָן

אַ בושה פאַר דער דאָזיקער ליבע, ווייל כ'וואָלט בעסער וועלן שטאַרבן!

העלענאס באַקן האָבן זיך באַגאָסן מיט אַ רויטקייט, איבער וועלכער עס האָבן זיך אַראָפּגעקייקעלט צוויי טרערן, אַרויס־געפּרעסט דורך איר כעס, עקל און צער.

— איך וועל נישט אָפּשפּאַרן — האָט געזאָגט הער זאַ־גלאָבא — אַז אַ גרויס אומגליק האָט געטראָפן אייער הויז, אָבער דערלויבט מיר, פרײַלין, אייך צו זאָגן, אַז אייערע קרובים זע־נען צום טייל אַליין זיך שולדיק. זיי האָבן נישט געדאַרפט צוזאָגן דעם קאָזאַק אייער האַנט, און שפּעטער אים אָפּנאַרן, און אַז דאָס איז שוין קלאָר געוואָרן, האָט עס אים אַרײַנגעבראַכט אין אַזאַ גרימצאָרן, אַז אַלע מײַנע טענות האָבן שוין גאָרנישט געפּועלט. ס'איז מיר אויך אַ שאָד אייערע דערהרגעטע בריד'ער, און באַזונדערס דער גאָר יונגער, דאָס איז דאָך געווען כמעט נאָך אַ קינד, מ'האט אָבער באַלד געזען, אַז ס'וועט פון אים אויסוואַקסן אַ גרויסער ריטער.

העלענא האָט גענומען וויינען.

— טרערן זענען נישט קיין מחותנים מיט דער דאָזיקער הלבשה, וואָס איר טראָגט. ווישט זיי דעריבער אָפּ און זאָגט זיך, אַז עס איז געשען גאָטס רצון. גאָט וועט אויך באַשטראָפן דעם רוצח, וועלכער איז שוין אפילו באַשטראָפט געוואָרן, ווייל ער האָט אומזיסט פאַרגאָסן בלוט, און אייך, דעם איינציקן און וויכטיגסטן ציל פון זײַנע לײַדנשאַפטן, האָט ער אָנגעוווירן.

דאָ איז הער זאגלאבא אַנטשוויגן געוואָרן און אין אַ ווײַלע אַרום האָט ער געזאָגט:

— עך, וואָלט ער מיר די הויט אַראָפּגעשינדען, ליבער גאָט, ווען ער וואָלט מיך געקריגן אין די האַנט אַריין. קרעפּל־פלייש וואָלט ער פון מיר געמאַכט. איר ווייסט נישט, אַז איך האָב שוין אין גאַלאַץ באַקומען אַ פאַלמע פון די טערקען, אָבער כ'האָב שוין גענוג, קיין צווייטע וויל איך שוין נישט און דער־פאַר לויף איך נישט קיין לובני, נאָר קיין טשערקאַסי. ס'וואָלט טאַקע גוט געווען זיך צו באַהאַלטן ביים פירשט, אָבער ווען זיי

וואָלטען אונז אָנגעיאָגט? איר האָט געהערט, אַז ווען כ'האָב אָפּ־געבונדען די פערד פון בוימ, האָט באַהונס יונגעל זיך אויפגע־וועקט, און אַז ער וואָלט געמאַכט אַ ליאַרם? דעמאָלט וואָלטן זיי באַלד גרייט געווען נאָכצויאָגן און זיי וואָלטן אונז אין אַ שעה אַרום געכאַפּט — ווייל זיי האָבן דאָרט די פרישע פערד פון די פירשטין, און איך האָב נישט געהאַט קיין צייט אויסצו־קלויבן. אַ ווילדע בעסטיע איז דער דאָזיקער באָהון, זאָג איך אייך, ער איז מיר אַזוי פאַרמיאוסט געוואָרן, אַז כ'וואָלט בע־סער וועלן דעם טייוול אָנקוקן, איידער אים.

— זאָל אונז גאָט באַשיצן פון זיינע הענט.

— ער האָט זיך אַליין אומגעבראַכט. ער האָט עובר גע־ווען אויפן העטמאַנס באַפעל און פאַרלאָזט טשעכרין, מיטן נירשטס וואָיעוואָדע פון רוס האָט ער אָנגעהויבן. עס בלייבט אים נישט קיין אַנדערע ברירה, ווי צו אַנטלויפן צו כמיעלניצקין. ער וועט אָבער פאַרלירן דעם מוט, אויב כמיעלניצקי וועט זיין צוקלאַפּט, און דאָס איז שוין אפשר געשען. זשענדזשאַן האָט הינטער קרעמענטשוג באַגעגענט די חיילות, וואָס זענען געפאָרן אויפן וואַסער אַקעגן כמיעלניצקין, און אַ חוץ דעם האָט הער פּאָטאָצקי אַרויסמאַרשירט דורך דער יבשה מיט הוזאַרן; אָבער זשענדזשאַן איז אין קרעמענטשוג אָפּגעזעסן צען טעג כּדי צו רעפּארירן אַ שיפל, און ביז ער איז אָנגעקומען קיין טשעכרין, איז די שלאַכט מסתמא שוין פאָרגעקומען. אַ ליאַדע רגע האָבן מיר געוואַרט אויף ידיעות.

— דאָס האָט זשענדזשאַן געבראַכט בריוו פון קודאַק? — האָט העלענא געפרעגט.

— יאָ עס זענען געווען בריוו פון הער סקשעטוסקין צו דער פירשטין און צו אייך, אָבער באָהון האָט זיי איבערגע־כאַפּט, פון זיי האָט ער זיך אַלץ דערוווּסט, ער האָט דעריבער באַלד זשענדזשאַנען אַ טויט־קלאַפּ געגעבן און זיך געלאָזט קיין ראָזלאָזי נקמה נעמען פון די קורצעוויטשעס.

— אָ, אומגליקלעך יינגעל! צוליב מיר איז זיין בלוט פאַר־גאָסן געוואָרן.

— זאָרגט נישט, גנעדיק פרייליין. ער וועט לעבן.

— ווען איז דען דאָס געשען?

— נעכטן אין דער פרי. ביי באַהונען אַ מענטש הרגענען, איז ווי ביי אַ צווייטן אַ גלאָז ווייַן אויסטרונקען. און ער האָט געמאַכט אַזעלכע קולות נאָכן איבערלייענען די בריוו, אַז גאַנץ טשעכרין האָט זיך געטרייסעלט.

דער שמועס איז אויף אַ ווײַלע איבערגעהאַקט געוואָרן. ס'איז שוין אײַנגאַנצן געוואָרן ליכטיק. דער רויטלעכער מאָרגנ־שטערן, וואָס איז געווען באַצוימט מיט העלן גאָלד, פײַער־רויט־קייט און פורפור, האָט געפלאַמט אויף דער מזרח־זייט פון הימל, די לופט איז געווען פריש, דערקוויקנדיק; די פערד האָבן גע־נומען פריילעך הירזשן.

— נו, לאָמיר פאָרן מיט גאָטס הילף, אָבער גיך, די שקאַפּעס האָבן זיך אויסגערוט, און קיין צייט צו פאַרלירן האָבן מיר נישט — האָט הער זאַגלאָבא געזאָגט.

זיי האָבן זיך ווידער געלאָזט אין גאַלאָפּ און זענען גע־פלויגן בערך אַ האַלבן מייל אָן אָפּרו — מיט אַ מאָל האָט זיך אַ קעגן זיי באַוויזן עפּעס אַ טונקעלער פונקט, וועלכער האָט זיך דערנענטערט מיט אַ אומגעווייַנלעכער געשווינטקייט.

— וואָס קאָן דאָס זיין? — האָט הער זאַגלאָבא זיך אָנ־גערופן — לאָמיר צוריקהאַלטן די פערד. דאָס איז אַ מענטש אויף אַ פערד.

און ווירקלעך, האָט עפּעס אַ רייטער זיך דערנענטערט מיטן גאַנצן אימפּעט און אַ איינגעבויגענער אויפן זאָטל, מיטן פנים באַהאַלטן אין דער פערדישער גזשיווע, האָט ער מיט דער בייטש געשמיסן זיין פערד, וועלכעס האָט דוכט זיך די ערד נישט באַריִרט.

— וואָס פאַר אַ רוח קאָן דאָס זיין און פאַר וואָס פליט ער אַזוי? אָבער ער פליט! — האָט הער זאַגלאָבא געזאָגט, אַרויסנעמענדיק פון דער שייד דעם פיסטאָלעט, כדי צו זיין גרייט אויף יעדן פאַל.

דערווייל האָט דער רייטער זיך שוין דערנענטערט אויף א דרייסיק שריט.

— שטיי! — האָט הער זאַגלאָבאַ אַ געשריי געטון, אָנשטעלענדיק דעם פּיסטאָלעט — ווער ביסטו?

דער רייטער האָט פאַרהאַלטן דאָס פערד און זיך אויפגעהויבן אויפן זאָטל, קוים האָט ער אָבער אַ קוק געטון, ווי ער האָט אויסגעשריגן:

— הער זאַגלאָבאַ!

— פּלעשניעווסקי, דעם סטאַראָסטעס דינער פון טשעכרין? און וואָס טוסטו דאָ? וווהין לויפסטו?

— גנעדיקער הער! קערט זיך אום מיט מיר! אַ אומגליק! גאָטס צאָרן, גאָטס משפט!

— וואָס איז געשען? רייד!

— טשעכרין איז שוין פאַרנומען פון די זאַפּאָראָזשער, די פויערן קוילן אויס די שלאַכטע, גאָטס משפט.

— ליבער גאָט אין הימל! וואָס רעדסטו... כמיעלניצקי?..

— הער פּאָטאָצקי איז צוקלאַפּט, הער טשאַרניעצקי געפאַנגען. די טאָטערס נייען מיט די קאָזאַקן. טוהאַי־בעי!

— און באַראַבאַש און קשעטשאָווסקי?

— באַראַבאַש איז אומגעקומען, קשעטשאָווסקי איז צוגעשטאַנען צו כמיעלניצקין. קשיוואָנאָס האָט נאָך נעכטן ביינאַכט אַרויסמאַרשירט קעגן די העטמאַנעס, כמיעלניצקי האָט זיך געשלאָגן ביז היינט פאַרטאָגס. זיין מאַכט איז אַ שויעקלעכע. דאָס לאַנד שטייט אין אַ העליש פייער, די פויערן בונטעווען זיך אומעטום, בלוט גיסט זיך! אַנטלויפט, מיין הער!

הער זאַגלאָבאַ האָט אויסגעגלאָצט די אויגן, געעפנט דאָס מויל און איז געוואָרן אַזוי צעטומלט, אַז ער האָט קיין וואָרט נישט געקענט אַרויסריידן.

— אַנטלויפט, מיין הער! — האָט פּלעשניעווסקי איבערגעחזרט.

— יעזוס, מאַריאַ! — האָט הער זאַגלאָבאַ געקרעכצט.

— יעזוס, מאַריאַ! — האָט העלענאַ איבערגעחזרט און אויסגעבראָכן מיט אַ געוויין.

— אַנטלויפט, כּל-זמן ס'איז נאָך צייט.

— וווּ? וווהין?

— קיין לובני.

— און דו לויפסט קיין לובני?

— יאָ, צום פּירשט וואָיעוואָדאַ.

— כאַפּט עס דער טייוול! — האָט הער זאַגלאָבאַ אויסגערופן. — און ווו זענען די העטמאַנעס?

— ביי קאָרסון. אָבער קשיוואָנאָס שלאָגט זיך שוין אַודאי מיט זיי.

— קשיוואָנאָס (קרומע נאָז), אָדער פּראָסטאָנאָס (גלייכע נאָז), זאָל אויף אים קומען אַ מגפה. איז הייסט עס ניטאָ נאָך וואָס דאַרט צו פאָרן?

— ווי צום לייב אין פּיסק אַריין, ווי אויף אַ זיכערן טויט.

— און ווער האָט דיך געשיקט קיין לובני? דיין האַר?

— מיין האַר איז אַנטלאָפן קוים מיטן לעבן, און מיר האָט מיינער אַ קרוב, וואָס איך האָב צווישן די זאַפּאָראָזשער, מציל געווען דאָס לעבן און געהאָלפן אַנטלויפן. קיין לובני פאָר איך אַליין אויף אייגענער דעה, ווייל איך ווייס נישט, ווו זיך צו באַהאַלטן.

— זאָלסט אָבער מיידן ראָזלאָגי, ווייל דאָרט איז באָהון. ער וויל אויך צושטיין צו די מורדים.

— אָ, גאָט מיינער! העלף! אין טשעכרין האָט מען געזאָגט, אַז איידער מ'וועט זיך אומקוקן, וועלן זיך צובונטעווען די פויערים אויך אויף יענער זייט דניעפּר!

— דאָס קאָן זיין, ס'קאָן זיין! לאָז-זשע דיך אין דיין וועג אַריין, ווהין עס געפעלט דיר, ווייל איך האָב גענוג צו טראַכטן וועגן מיין אייגענער הויט.

— אַזוי וועל איך טאַקע טון! — האָט פּלעשניעווסקי געזאָגט

און אַ שמייך־טוענדיק דאָס פּערד מיט דער בייטש, איז ער אַוועקגעריטן.

— אָבער זאָלסט אויסמיידן ראָזלאָגי — האָט אים זאַגלאָבאַ נאָכגעשריגן — און אַז דו וועסט באַגעגנען באָהונען, זאָג נישט, אַז דו האָסט מיך געזען, הערסט?

— כ'הער — האָט פּלעשניעווסקי געענטפערט — מיט גאָט!

און ער האָט געטריבן דאָס פערד, גלייך ווי מ'וואָלט אים נאָכגעיאָגט.

— נו! — האָט זאַגלאָבאַ געזאָגט — שיין בין איך דאָ אַריינגעפאַלן! כ'האָב מיך שוין אַרויסגעדרייט פון פאַרשיידענע פאַרלעגנהייטן, אָבער אין אַזאַ קלעם בין איך נאָך נישט געווען. פון פאָרנט כמיעלניצקי, פון הינטן באָהון, און אויב עס איז אַזוי, וואָלט איך קיין פּרוטה נישט געגעבן נישט פאַר מיין פאָרנט, נישט פאַר מיין הינטן און נישט פאַר מיין גאַנצער הויט. כ'בין באַגאַנגען אַ נאַרישקייט, וואָס כ'בין מיט אייך נישט אַנטלאָפן קיין לובני, אָבער ס'איז שוין צו שפּעט וועגן דעם צו רעדן. טפו! טפו! מיינע אַלע חכמות זענען איצט נישט ווערט, אַז מ'זאָל מיט זיי די שטיוול אויסשמירן. וואָס טוט מען? ווו לויפט מען? אין דער דאָזיקער גאַנצער רעפּובליק איז אַפּנים נישטאָ קיין ווינקל, ווו אַ מענטש זאָל קאָנען נסתלק ווערן פון דער וועלט מיט זיין אייגענעם און ניט מיט אַ געשענקטן טויט. איך דאַנק פאַר אַזעלכע מתּנות, כ'בין זיי מוחל אַנדערע.

— גנעדיקער הער! — האָט העלענאַ געזאָגט — איך ווייס, אַז מיינע צוויי ברידער, יור און פעדאָר, זענען אין זאָלאָטאָנאָשאַ, אפשר וועט פון זיי עפּעס קומען אַ ישועה פאַר אונז?

— אין זאָלאָטאָנאָשאַ? וואַרט נאָר, פריילין. איך האָב מיך אין טשעכרין באַקענט מיטן הער אוניעזשיצקי, וועלכער האָט ביי זאָלאָטאָנאָשאַ צוויי גיטער: קראָפּיוונאַ און טשערנאָבאַי. אָבער דאָס איז ווייט פון דאַנען, נאָך ווייטער ווי קיין טשערקאַסי. אָבער פאַרפאַלן, אַז ס'איז נישטאָ ווו אַנדערש, לאָמיר לויפן דאָרט־אַהין. מ'וועט אָבער מוזן אַראָפּפאָרן פון שליאַך; דורך די סטעפּעס און דורך די וועלדער וועט זיין לייכטער זיך

דורכצוקלייבן. ווי גוט וואָלט געווען, ווען מיר וואָלטן זיך אַזוי געקאָנט באַהאַלטן כאָטש אַ וואָך צייט, אַפילו אין די וועלדער, אפשר וואָלטן די העטמאַנעס אין משך פון דער דאָזיקער צייט אַ סוף געמאַכט מיט כמיעלניצקין און אין אוקראַינע וואָלט זיך דער הימל אַביסל אויסגעלייטערט.

— נישט דערצו האָט אונז גאָט מציל געווען פון באַהונס הענט, אַז מיר זאָלן אומקומען. האָט בטחון, מיין הער.

— וואַרט־צו, פריילין. עפעס שפיר איך, אַז כ׳באַקום צוריק מיין מוט. כ׳בין שוין געווען אין פאַרשיידענע פאַרלעגנהייטן. אין אַ פרייער צייט וועל איך אייך דערציילן, וואָס עס האָט מיט מיר געטראָפן אין גאַלאַץ — און איר וועט זען, אַז אויך דעמאָלט האָט מיט מיר געהאַלטן שלעכט, אָבער כ׳האָב מיך אַ דאַנק מיין אייגענער חכמה אַרויסגעדרייט פון יענע אָנשיקענישן און כ׳בין אַרויס בשלום, הגם די באָרד, ווי איר זעט, איז מיר גרוי געוואָרן. אָבער מיר מוזן אַראָפּפאָרן פון שליאַך. פאָרט אַראָפּ, פריילין — אָט אַזוי. איר, פריילין, פירט דאָס פערד, ווי דער געשיקטעסטער קאָזאַק. דאָס גראָז איז הויך, קיין שום אויג וועט אונז נישט דערזען.

און באמת, וואָס טיפער זיי זענען אַריינגעפאָרן אין סטעפּ, אַלץ העכער איז דאָס גראָז געוואָרן, אַזוי אַז צום סוף זענען זיי אינגאַנצן פאַרזונקען געוואָרן אין אים. אָבער די פערד איז שווער אָנגעקומען צו גיין אין דעם דאָזיקן פלאָנטער פון דינע און גראָבע שטעקעלעך, אָפּט שפיציקע און שטעכעדיקע. באַלד זענען זיי אַזוי מיד געוואָרן, אַז זיי זענען אינגאַנצן אָפּגעשטאַנען.

— אויב מיר ווילן, אַז די דאָזיקע שקאַפעס זאָלן אונז נאָך לענגער דינען — האָט זאַגלאָבאַ געזאָגט — דאַרף מען אַראָפּגיין און זיי אָפּזאָטלען. זאָלן זיי זיך אַביסל אַרומוואַלגערן און אָפּעסן, אַ נישט וועלן זיי נישט גיין. דוכט זיך, אַז באַלד וועלן מיר צוקומען צום קאַהאַמליק. כ׳וואָלט שוין געוואָלט דאָרט זיין. נישטאָ עפּעס בעסערס ווי די ים־רוירן, אַז דו באַהאַלטסט זיך אין זיי, וועט דיך אַפילו דער טייוול נישט דערווישן. מיר זאָלן באָר נישט פאַרבלאָנדזשען.

ביי די דאָזיקע ווערטער האָט ער זיך אַראָפּגעזעצט פון פערד און געהאָלפן העלענאַן זיך אַראָפּזעצן. שפּעטער האָט ער אַראָפּגענומען די זאָטלען און אַרויסגענומען דאָס עסנוואַרג, מיט וועלכן ער האָט זיך פאַרזאָרגט אין ראָזלאָגי.

-- מ׳דאַרף זיך אונטערלענען דאָס האַרץ — האָט ער געזאָגט — ווייל דער וועג איז אַ ווייטער. טוט עפּעס אַ נדר צום הייליקן רפאל, כּדי מיר זאָלן אים שלום איבערקומען. אין זאַלאָטאָנאָשאַ איז דאָך פאַראַן אַ אַלטע פעסטונג, אפשר שטייט אויך דאָרט עפּעס אַ גאַרניזאָן. פּלעשניעווסקי האָט געזאָגט, אַז אויך אויף יענער זייט דניעפּר בונטעווען זיך די פּויערים. הם! ס׳קאָן זיין, דאָס פאָלק איז דאָ תּמיד אַ בעָלן אויף מרידות, אָבער אויף יענער זייט דניעפּר געוועלטיקט דעם פירשט וואַיעוואָדאס האַנט, און דאָס איז אַ טײַוולאָניש שווערע האַנט! באָהון האָט אַ געזונטן קאַרק, אויב אָבער די דאָזיקע האַנט וועט זיך אויף אים אַראָפּלאָזן, וועט ער אים אַראָפּדריקן ביז צו דער ערד, אמן, הלואי, גאָט אין הימל. עסט, פריילין.

הער זאַגלאָבאַ האָט פון דער כאָלעווע אַרויסגענומען כּלים און זיי דערלאַנגט העלענאַן, דערנאָך האָט ער פאַר איר אויסגעלייגט אויף אַ דעק אַ אָקסענע לעבער און ברויט.

— עסט, פריילין—האָט ער געזאָגט—„אַז ס׳איז פּוסט אין בויך, איז נישט היימלעך אין קאָפּ אויך”... „ווילסט קיין נאַרישקייטן נישט טון, עס מיט אָקסענע לעבער זיך אָן”. און מיר האָבן שוין איינמאָל געטון אַ נאַרישקייט, ווייל עס שטעלט זיך אַרויס, אַז ס׳איז בעסער געווען צו אַנטלויפן קיין לובני, אָבער ס׳איז פאַרפאַלן. דער פירשט מאַרשירט מסתּמא מיטן חייל צום דניעפּר, די העטמאַנעס צו הילף. שרעקלעכע צייטן האָבן מיר דערלעבט, וואָרום אַ בירגער-מלחמה — דאָס איז דאָס גרעסטע בייז. ס׳וועט נישט זיין קיין מקום-מנוחה פאַר רויִקע מענטשן. בעסער וואָלט איך געוואָרן אַ גלח, און איך האָב דערצו געהאַט אַ סיגול, ווייל כ׳בין אַ רויִקער און איינגעהאַלטענער מענטש, אָבער ס׳איז מיר אַפּנים נישט באַשערט געווען. גאָט מיינער, גאָט מיינער, כ׳וואָלט מיר איצט געווען אַ קראָקעווער איבער-

גלח און זיך געזונגען אין דער קירך, וואָרום כ׳האָב אַ שיינע
שטים. וואָס קומט אָבער אַרויס! אין דער יוגנט זענען מיר נאָר
מיידלעך געווען אין קאָפּ! האָ, האָ, איר וועט נישט גלויבן,
וואָס פֿאַר אַ שיינער בחור איך בין געווען. אַז איך האָב אַ קוק
געטון אויף אַ מיידל, איז ווי אַ דונער וואָלט זי געטראָפֿן. אַז
איך וואָלט מיט צוואַנציק יאָר געווען יונגער, וואָלט הער סקשע-
טוסקין נישט געווען מקנא צו זיין. זייער אַ געשיקט קאָזאַקל
זייט איר, פֿריילין. ס׳איז גאָר נישט קיין חידוש, וואָס די יונ-
גע-לייט שלאָגן זיך אַזוי איבער אייך און רייסן זיך פֿאַר די נעז.
הער סקשעטוסקי איז אויך נישט פֿון די שוואַכע ברואים. כ׳האָב
אַליין געזען, ווי טשאַפּלינסקי האָט אים געגעבן אַ געלעגנהייט
און ער, אמת, אַז ער האָט געהאַט אין קעפּל, ער האָט אים
אָבער אָנגעכאַפּט פֿאַרן קאַרק און — כ׳בעט אייך איבער, פֿריי-
לין — פֿאַר די הויזן און מיט אים אַ זעץ געטון אין די טיר
אַריין — זאָג איך אייך, פֿריילין, אַז אַלע ביינער זענען אים
אַרויס פֿון די געלינקען. דער אַלטער זאַטשווילכאָווסקי האָט מיר
אויך געזאָגט וועגן אייער חתן, אַז ער איז אַגרויסער ריטער,
דעם פּירשט וואָיעוואָדעס ליבלינג. אָבער איך אַליין האָב אויך
באַלד דערקענט, אַז דאָס איז אַ זעלנער מיט אומגעוויינלעכער
גבורה און נסיון, נישט לויטן עלטער נאָך. עס ווערט הייס, הגם
אייער געזעלשאַפֿט, פֿריילין, איז מיר זייער ניחא, וואָלט איך
אָבער כ׳ווייס אַליין נישט וואָס געגעבן, אַז כ׳זאָל שוין זיין אין
זאָלאָטאָנאָשאַ. כ׳זע, אַז ביי טאָג וועלן מיר מוזן זיצן אין גראָז,
און ביינאַכט פֿאָרן, כ׳ווייס אָבער נישט, צי איר וועט דאָס אַלץ
בכוח זיין אַריבערצוטראָגען?

— איך בין געזונט, כ׳וועל אַלץ אויסהאַלטן. מיר קאָנען
אפֿילו שוין באַלד פֿאָרן.

— עפּיס גאָרנישט קיין ווייבערשע טבע ביי אייך. די פֿערד
האָבן זיך שוין אויסגערוט, איך וועל זיי טאַקע באַלד אָנזאָטלען,
כדי זיי זאָלן אויף יעדן פֿאַל זיין גרייט. כ׳וועל מיך נישט פֿילן
באַוואָרענט כל זמן איך וועל נישט זען די ים-רוירן און די
דערנער ביים קאַהאַמליק. אַז מיר וואָלטען נישט אָראָפּגעפֿאָרן

פון שליאַך, וואָלטן מיר נעבן טשעבּרין צוגעקומען צום טייך, אָבער אויף דעם אָרט וועט פון שליאַך ביז צום טייך זיין אַ מהלך פון אַ מייל. אַזוי על־כל־פּנים דוכט זיך מיר. מיר וועלן באַלד אַריבער אויף יענע זייט טייך. איר ווייסט, פריילין, עס ווילט זיך מיר שרעקליך שלאָפן. נעכטן האָב איך אַ גאַנצע נאַכט געהוליעט אין טשעכרין, נעכטן בייטאָג האָט מיך דער טייוול מיטן קאָזאַק געטראָגען קיין ראָזלאָגי, און היינט בייגאַכט טראָגט ער מיך ווידער אַוועק פון ראָזלאָגי. עס ווילט זיך מיר אַזוי שלאָפן, אז כ׳האָב פאַרלוירען דעם חשק צו ריידן, און הגם מיין טבע איז נישט צו שווייגן, ווייל די פילאָזאָפן זאָגן, אַז אַ קאַץ—כאַפּן און אַ פויער מיט דער צינג קלאַפּען, פונדעסטוועגען זע איך, אַז די צונג איז מיר עפּעס פויל געוואָרן. האָט נישט קיין פאַריבּל, פריילין, אויב איך וועל כאַפּן אַ דרעמל.

— עס שאַט נישט — האָט העלענא געענטפערט.

הער זאַגלאָבא האָט, כ׳לעבן, אומזיסט חושד געווען זיין צונג אין פוילקייט, ווייל פון באַגינען אָן האָט ער מיט איר געמזל, אָן אויפהער, אָבער שלאָפן האָט זיך אים באמת געוואָלט, און ווי נאָר זיי האָבן זיך אַרויפגעזעצט אויף די פערד, האָט ער באַלד גענומען דרעמלען און זיך שאָקלען אויפן זאָטל, און צום סוף איז ער איינגעשלאָפן אויף גוט. עס האָט אים איינגעשלעפערט די מידקייט און דאָס גערויש פון די גראָזן, וואָס האָבן זיך צעוויגט אונטער די ברוסטן פון די פערד. און העלענא האָט זיך פאַרזינקען אין אירע געדאַנקען, וואָס האָבן זיך געראָיעט אין איר קאָפּ ווי אַ סטאַדע פייגל. ביז איצט זיינען די געשעענישן געקומען אַזוי גיך איינס נאָכן צווייטן, אז דאָס מיידל איז נישט בכוח געווען זיך אָבצוגעבן אַ דין־וחשבון פון דעם אַלעם, וואָס עס האָט מיט איר פּאַסירט, דער איבערפאַל, די שרעקלעכע רציחות, די מורא, די אומגעריכטע הילף און דאָס אַנטלויפן — דאָס אַלץ האָט זיך דורכגעטראָגן ווי אַ שטורם אין משך פון איין נאַכט. און דערביי זענען פאָרגעקומען אַזוי פיל פלאַדיקע זאַכן! ווער איז געווען דער, וואָס האָט זי מציל געווען? ער האָט איר אמת געזאָגט זיין נאָמען, אָבער דער דאָ־

זיקער נאָמען האָט מיט גאָרנישט קלאָר געמאַכט די סבות, וואָס האָבן אים באַוואויגן אַזוי צו באַגיין זיך מיט איר. פון וואַנען האָט ער זיך גענומען אין ראָזלאָגי? ער האָט געזאָגט, אַז ער איז געקומען מיט באָהונען, הייסט עס, אַז ער האָט זיך מסתמא מיט אים געחברט, אַז ער איז געווען זיין באַקאַנטער און פריינט? און אויב אַזוי, פאַרוואָס האָט ער זי געראַטעוועט, אויס־שטעלענדיק זיך אויף די גרעסטע סכנה און די שרעקלעכסטע נקמה פון קאָזאַק? כדי דאָס משיג צו זיין, האָט מען געדאַרפט גוט קענען דעם הער זאַגלאָבא און זיין אומרואיקן קאָפּ צוזאַמען מיט זיין גוטן האַרץ. העלענא האָט אים אָבער געקענט זייט זעקס שעה. און אָט דער דאָזיקער אומבאַקאַנטער פאַרשוין, מיטן עזותדיקן פנים פון אַ היץ־קאָפּ און שכור, איז איר גואל. ווען זי וואָלט אים באַגעגענט מיט דריי טעג פריער, וואָלט ער גע־וועקט אין איר עקל און אומצוטרוי. אָבער איצט קוקט זי אויף אים ווי אויף איר גוטן מלאך און זי אַנטלויפט מיט אים — וואוהין? קיין זאָלאָטאָנאָשאַ — אָדער ערגיץ אַנדערשוווּ, זי ווייס אַליין נאָך נישט גענוי. ווי דער גורל בייט זיך! נעכטען נאָך האָט זי זיך געלייגט שלאָפן אונטער דעם רואיקן דאַך פון איר היים, היינט איז זי אין סטעפּ, אויף אַ פערד, אין אַ מאַנסביליי־שער הלבשה, אָן אַהיים און אָן אַדאַך, הינטער איר — דער שרעק־לעכער קאָזאַק, וואָס האָט זיך אָנגעצונדן אויף איר כבוד, אויף איר ליבע; פאַר איר — דאָס העלישע פייער פון דער פויערשער מרידה, די בירגער־מלחמה מיט אַלע אירע סכנות, שרעקן און גרוילען. און דער גאַנצער בטחון אין דעם דאָזיקן מענטש? ניין! נאָך אין עמיצן, דעם מעכטיקסטען איבער אַלע גבורים, איבער אַלע מלחמות, רציחות און שרפות.

דאָ האָט דאָס מיידל אויפגעהויבן די אויגן צום הימל:

— העלף צו מיר, גרויסער און דערבאַרימדיקער גאָט, העלף אַ יתומה, העלף אַ אומגליקלעכער, העלף אַ פאַרוואָגעלטער! זאָל געשען דיין רצון, אָבער דערבאַרעם זיך איבער מיר.

און גאָט האָט זיך דערבאַרעמט איבער איר, ווארום אט איז זי אַרויסגעריסן געוואָרן פון די הענט פון דעם מוראדיקסטען

רוצח, און דורך אַ אומפֿאַרשטענדלעכן נס פֿון גאָט איז זי ניצול געוואָרן. די סכנה איז נאָך נישט אַריבער, אָבער די ישועה איז שוין אפשר נישט ווייט. ווער ווייס, ווו עס געפֿינט זיך דער, וועלכן איר האַרץ האָט אויסדערוויילט. פֿון סיטש האָט ער שוין געמוזט צוריקקערן, אפֿשר איז ער ערגיץ אין דעם זעלבן סטעפּ. ער וועט זי זוכן און אויסגעפֿינען, און דעמאָלט וועלן די טרערן פֿאַרביטן ווערן אויף שמחה, און דער צער, שרעק און מורא וועלן פֿאַרשווינדען אויף אייביק — עס וועט קומען מנוחה און טרייסט. דאָס ערלעכע פּשוטע האַרץ פֿון מיידל איז פֿול געוואָרן מיט בטחון און דער סטעפּ האָט זיס געגרויסט אַרום און אַרום, און דאָס ווינטעלע, וואָס האָט געוויגט די גראָזען, האָט צו דער זעלבער צייט אַריינגעהויכט זיסע געדאַנקען אין איר קאָפּ, זי איז נאָך נישט אַזוי פֿאַריתומט אויף דער וועלט, אויב נעבן איר געפֿינט זיך איין וואונדערלעכער אומבאַקאַנטער אַפּוטרופּוס — און אַ צווייטער, אַ באַקאַנטער און אַ געליבטער, וועט דאַגהן וועגן איר, זי נישט פֿאַרלאָזען, זי צוטוליען אויף אייביק און דאָס איז אַ אייזערנער מענטש, אַ שטאַרקערער און מעכטיקערער פֿון די, וואָס פֿאַרפֿאָלגען זי אין דעם מאָמענט.

דער סטעפּ האָט זיס געגרויסט, די בלומען האָבען פֿאַרשפּרייט שאַרפֿע און פֿאַרשכּורנדיקע ריחות, די רויטע קעפּ פֿון די דערנער, די בלומעלעך און בלעטעלעך אין געשטאַלטלען פֿון פּורפּור־היינגלעך, ווייסע פּערל און פעדערן האָבן זיך אַראָפּגעבויגען צו איר, גלייך ווי זיי וואָלטן אין דעם דאָזיקן איבערגעטוענעם קאָזאַקל מיט די לאַנגע צעפּ, מילך־ווייסן פּנים און רויטע ליפּן דערקענט אַ שוועסטער; זיי האָבן זיך געבויגן צו איר, גלייך ווי זיי וואָלטן געזאָגט: ווייך נישט, שיין מיידל, מיר זענען אויך אויף גאָטס באַראָט. די רואיקייט, וואָס איז צו איר געפֿלאָסן פֿון סטעפּ, איז געוואָרן וואָס אַ מאָל גרעסער. עס זענען פֿאַרווישט געוואָרן אין אירע געדאַנקען די בילדער פֿון די רציחות אין געיעג נאָך איר, דאַגעגן, האָט זי באַהערשט עפּיס אַ מאַכטלאָזיקייט, אָבער אַ זיסע, דער שלאָף האָט גענומען פֿאַרמאַכן אויך אירע אויגן, די פֿערד זענען געגאַנגען לאַנגזאַם — די באַוועגונג האָט זי אייגעוויגט. זי איז איינגעשלאָפֿן.

# 4. קאַפּיטל.

עס האָט זי אויפגעוועקט אַ בילן פון הינט. אויפמאַכנדיק די אויגן, האָט זי דערזען פאַר זיך פון דער ווייטנס אַ גרויסן שטאָטנדיקן דעמב, אַ פלויט און אַ ברונעם־דראָנג. זי האָט באַלד אויפגעוועקט איר באַגלייטער.

— מיין הער, וועקט זיך אויף!

זאַגלאָבא האָט געעפנט די אויגן.

— וואָס איז? וווּ זענען מיר?

— כ'ווייס נישט.

— וואַרט־זשע צו, פריילין. דאָס איז אַ קאָזאקישע ווינטער־דירה.

— איך מיין אויך אַזוי.

— מסתמא וווינען דאָ טשאַבאַנעס. נישט קיין זייער אָנגענעמע געזעלשאַפט. וואָס בילן אַזוי די הינט, די וועלף זאָלן זיי אויפפרעסן! עס שטייען מענטשען און פערד הינטערן פלויט. נישטאָ קיין עצה, מען מוז אַריינפאָרן, אַ נישט וועלן זיי אונז נאָכיאָגן. אויך איר, פריילין, האָט, ווייזט אויס, געכאַפּט אַ דרעמעל.

— יאָ.

— איינס. צוויי, דריי, פיר אָנגעזאָטעלטע פערד — פיר מענטשן הינטערן פלויט. נו, נישט קיין גאָר גרויסע מאַכט. יאָ, דאָס זענען טשאַבאַנעס. עפּיס שמועסן זיי לעבהאַפט. העי, מענטשן! קומט נאָר דאָ אַהער!

פיר קאָזאַקן זענען באַלד צוגעקומען, דאָס זענען באמת געווען טשאַבאַנעס, אָדער פאַסטוכעס פון פערד, וועלכע האָבן זומער געהיטן די סטאַדעס אין סטעפּ. הער זאגלאָבא האָט באַלד באַמערקט, אַז בלויז איינער פון זיי האָט געהאַט אַ שווערד און

אַ ביקס, די איבריקע דריי זענען געווען באַוואָפנט מיט פערדי־שע באַקן, צוגעבונדען מיט שטעקענס. ער האָט אָבער אויך גע־ווּסט, אַז אַזעלכע פּאַסטוכעס זענען ווילדע מענטשן און אָפט געפערלעך פאַר די דורכפאָרנדיקע.

צוקומענדיק, האָבן אַלע פיר קאָזאַקן בייז געקוקט אויף די צוגעפאָרענע. אויף זייערע ברוינע פנימער האָט מען נישט געזען די מינדעסטע שפּור פון פריינטשאַפט.

— וואָס ווילט איר? — האָבן זיי געפרעגט, נישט אַראָפּ־געמענדיק די היטלעך.

— געקויבט איז גאָט — האָט הער זאַגלאָבאַ געזאָגט.

— אויף אימער און אייביק. וואָס ווילט איר?

— איז נאָך ווייט קיין סיראָוואַטאַ?

— מיר קענען נישט קיין שום סיראָוואַטאַ.

— און די דאָזיקע ווינטער־דירה ווי הייסט?

— הושלאַ.

— גיט נאָר די פערד וואַסער.

— נישטאָ קיין וואַסער. אויסגעטרוקנט. און פון וואַנען פאָרט איר?

— פון קריוואַ־רודאַ.

— וווּהין?

— קיין טשעכרין.

די טשאַבאַנעס האָבן זיך אומגעקוקט.

איינער פון זיי, שוואַרץ ווי אַ זשוק און קרום־אויגיק, האָט גענומען זיך איינקוקן אין הער זאַגלאָבאַן און צום סוף האָט ער געזאָגט:

— און פאַרוואָס זייט איר עפּעס אַראָפּגעפאָרן פון שליאַך?

— ווייל ס'איז הייס.

דער קרום־אויגיקער האָט אַרויפגעלעגט די האַנט אויף הער זאַגלאַבעס פלייצעס.

— קריך אַראָפּ, פריציל, פון פערד. קיין טשעכרין האָסטו נישט נאָך וואָס צו פאָרן.

— פאַרוואָס עפּעס? — האָט הער זאַגלאָבאַ רויִק געפרעגט.

— זעסטו דעם דאָזיקן קאָזאַק? — האָט דער קרום־אויגיקער געזאָגט, אָנווייזנדיק אויף איינעם פון די טשאַבאַנעס.

— כ׳זע.

— ער איז געקומען פון טשעכרין. דאָרט קוילעט מען די לאַכן.

— ווייסטו אָבער, פויער, ווער עס פאָרט הינטער אונז קיין טשעכרין?

— ווער, אַ שטייגער?

— פירשט יערעמאַ!

די עזותדיקע פּנימער פון די טשאַבאַנעס זענען מיט אַמאָל געוואָרן הכנעהדיק. אַלע האָבן זיי, ווי אויף אַ קאָמאַנדע, אָפּגע־דעקט די קעפּ.

— און ווייסט איר, כאַמעס — האָט הער זאַגלאָבאַ ווייטער געזאָגט — וואָס די לאַכן טוען מיט אַזעלכע, וואָס קוילן? זיי הענגען זיי אויף. און ווייסט איר, וויפיל חייל פירשט יאַ־רעמאַ פירט, און ווייסט איר, אַז ער איז בסך־הכל אַ האַלבן מייל פון דאַנען? און וואָס, הינטישע נשמות? דודלזעק! ווי אַזוי האָט איר אונז דאָ מקבל־פּנים געווען? דער ברונעם איז אייך אויסגעטרוקנט געוואָרן? איר האָט נישט קיין וואַסער פאַר די פערד? גולמס! שקאַפּעס! כ׳וועל אייך ווייזן!

— זייט נישט בייז, האַר! דער ברונעם איז אויסגעטרוקנט געוואָרן. מיר אַליין פאָרן צום קאַהאַמליק אָנטרינקן די פערד און טראָגן וואַסער פאַר זיך.

— אָקסן!

— האָט קיין פאַריבל נישט, האַר. דער ברונעם איז טרוקן. אויב איר הייסט, וועלן מיר אַ שפּרינג־טון נאָך וואַסער.

— מ׳וועט זיך באַגיין אָן אייך, כ׳וועל אַליין פאָרן מיטן יונגל. וווּ איז דאָ דער קאַהאַמליק? — האָט ער צאָרנדיק געפרעגט.

— אָט דאָרט, צוויי מייל פון דאַנען! — האָט געזאָגט דער קרום־אויגיקער, אָנווייזנדיק אויף אַ פּאַס פון געוויקסן.

— און צום שליאַך וועל איך דורך דאַנען מוזן צוריק־קערן, אָדער מ׳קאָן צופאָרן מיטן ברעג?

— מ׳קאָן צופאָרן, האַר. אַ מייל פון דאַנען דרייט זיך דער טייך אַריין צום שליאַך.

— יונגל, רייט פאָרויס! — האָט הער זאַגלאָבא געזאָגט, וועגנדנדיק זיך צו העלענאַן.

דאָס כלומרשטע יונגל האָט אויפן אָרט אויסגעדרייט דאָס פערד און אַוועקגעריטן.

— הערט! — האָט הער זאַגלאָבאַ געזאָגט, ווענדנדיק זיך צו די פויערים — אויב ס׳וועט דאָ קומען אַ פאַרפאָלק, זאָלט איר זאָגן, אַז כ׳בין דורכן ברעג געפאָרן צום שליאַך.

— גוט, האַר.

אין אַ פערטל שעה אַרום איז זאַגלאָבאַ ווידער געפאָרן נעבן העלענאַן.

— כ׳האָב גוט צוגעטראָפן מיט דער מעשה וועגן פירשט וואָיעוואָדאַ — האָט ער געזאָגט, פינטלענדיק מיטן אויג, וואָס מיט דער בלאָנע — זיי וועלן איצט זיצן אַ גאַנצן טאָג און וואַרטן אויפן פאַרפאָסטן. דאָס קדחת האָבן זיי באַקומען בלויז אויפן נאָמען פון פירשט.

— כ׳זע, אַז איר פאַלט אויף אַזעלכע קלוגע המצאות, אַז פון יעדער נויט קאָנט איר זיך אַרויסדרייען — האָט העלענאַ געזאָגט — און איך דאַנק גאָט, וואָס ער האָט מיר באַשערט אַזאַ באַשיצער.

דעם שלאַכטשיץ האָבן געשמעקט די דאָזיגע ווערטער, ער האָט אַ שמייכל געטון, געגלעט די באָרד מיט דער האַנט און געזאָגט:

— נו, וואָס? אמת, אַז זאַגלאָבא האָט דעם קאָפּ אויף דער רעכטער זייט? כ׳בין כיטרע ווי אוליסעס און כ׳מוז אייך זאָגן, פריילין, אַז ווען ניט די דאָזיגע כיטרעקייט, וואָלטן מיך די ראָבן שוין לאַנג געוועזן צופרעסן. אָבער וואָס זאָל מען טון, מען מוז זיך ראַטעווען. זיי האָבן געגלויבט, אַז דער פירשט איז נאָענט, און באמת איז עס דאָך טאַקע אויך וואָר

אַז הייַנט, מאָרגן וועט ער זיך באַווייַזן אין די דאָזיגע מקומות מיט אַ פֿייַערדיקער שווערד. ווען ער וואָלט אַזוי באַהונגען ערגיץ אויפֿן וועג געממיתט, וואָלט איך אַ נדר געטון, באַרוויסערהייט עולה רגל צו זיין קיין טשענכטאָכאָוו. און ווען אַפֿילו די כשאַבאַנעס וואָלטן נישט געווען געגלויבט, וואָלט בלויז דאָס דערמאָנען דעם פֿירשטס נאָמען גענוג געווען זיי צוריקצוהאַלטן פֿון אַ איבערפֿאַל אויף אונז. בייַ דעם אַלעם מוז איך אייַך אָבער זאָגן, אַז זייַער חוצפּא איז נישט קיין גוטער סימן פֿאַר אונז, ווייַל דאָס באַדייַט, אַז די פֿויערן האָבן זיך דאָ שוין דערוווּסט וועגן כמיעלניצקיס נצחונות, און אַז זיי וועלן ווערן וואָס אַמאָל חוצפּהדיקער. מיר מוזן זיך איצט האַלטן ווייַט פֿון ישובֿים און נישט אַרייַנשמעקן אין דערפֿער, ווייַל ס'שמעקט מיט סכּנת־נפֿשות. הלוואי זאָל דער פֿירשט וואָיעוואָדע וואָס גיכער קומען, וואָרום מיר זענען אין אַזאַ צרהדיקן מצבֿ, אַז עפּיס ערגערס קאָן שוין נישט געמאָלט זייַן.

און ווידער איז אַ אימה באַפֿאַלן העלענאַן און ווילנדיק אַרויסבאַקומען עפּיס אַ טרייסט־וואָרט פֿון דער זאַגלאָבאַס מויל, האָט זי געזאָגט.

— איך האָב שוין איצט בטחון, אַז איר וועט מציל זייַן זיך און מיך.

— אַוודאי — האָט דער אַלטער פֿוקס געענטפֿערט — דערויף איז דאָך דער קאָפּ, אַז ער זאָל טראַכטן וועגן דער הויט. און אייַך, פֿרייַלין, האָב איך שוין אַזוי האָלט באַקומען, אַז איך וויל אייַך באַשיצן ווי אַ אייגענע טאָכטער. דאָס ערגסטע איז אָבער דאָס, וואָס דעם, אמת זאָגנדיק, ווייסן מיר אַליין ביט ווו צו אַנטלויפֿן, ווייַל אַפֿילו זאָלאָטאָנאָשאַ איז אויך נישט קיין בעזונדערס זיכערער מקום־מקלט.

— דאָס ווייס איך אויף זיכער, אַז די ברידער זענען אין זאַלאַטאָנאָשאַ.

— אָדער זיי זענען, אָדער זיי זענען נישט, ווייַל ס'קאָן זייַן, אַז זיי זענען אַרויסגעפֿאָרן פֿון דאָרט, און קיין ראָזלאָגיקערן זיי מסתּמא צוריק נישט מיט דעם וועג, אויף וועלכן מיר

נייען. מער האָפנונג לעג איך אַרויף אויף דעם דאָרטיקן חייל. ווען עס זאָל זיך אין שלאָס אַזוי געפינען אַ האַלבער פּאָלק אָדער אַ האַלבער רעגימענט! אָבער אָט איז דער קאַהאַמליק. דערווייל האָבן מיר לכל הפּחות געוויזקן ביי דער זייט. מיר וועלן אַריבער אויף די צווייטע זייט און אַנשטאָט צו גיין מיט'ן שליאַך-צו, וועלן מיר גיין אַרויף, כדי צו פּאַרווישן די שפּורן. אמת, אַז מיר וועלן זיך דערנענטערן צו ראָזלאָגי, אָבער נישט צו פיל...

— מיר וועלן זיך דערנענטערן צו בראָוואַרקי — האָט העלענא געזאָגט — דורך וואַנען מען פאָרט קיין זאַלאָטאָנאַשאַ.

— אויב אַזוי איז נאָך בעסער. שטייט-נאָר, פּריילײַן.

זיי האָבן אָנגעטריבקען די פערד. שפּעטער האָט הער זאַגלאָבאַ איבערגעלאָזט העלענאן אַ גוט באַהאַלטענע אין די געוויזקסן און אַליין איז ער געפאָרען זוכן אַן איבערגאַנג דורכן טייך, וועלכן ער האָט לייכט געפונען, ווייל ער איז געלעגן איינגאַנצן אַ פּאָר צענדליק טריט פון דעם אָרט, צו וועלכען זיי זענען אָנגעקומען. טאַקע דאָרט-אַרום האָבן יענע טשאַבאַנעס געטריבען די פערד אויף די צווייטע זייט פון טייך, וועלכער איז איבעריקנס איינגאַנצן געווען געווען פלאַך, בלויז דורך די ברעגעס איז געווען שווער זיך צודערקלויבן, ווייל זיי זענען געווען באַוואַקסן און זומפּיק. נאָכדעם ווי זיי זענען אַריבער אויף די צווייטע זייט, האָבן זיי שנעל גענומען רייטן טייך-אַרויף און זיי זענען געפאָרן אָן אָפּרו ביז אין די נאַכט אַריין. דער וועג איז געווען אַ שווערער, ווייל אין קאַהאַמליק זענען אַריינגעפאַלן אַ סך שטראָמען, וועלכע האָבן ביי די אויסגוסן זיך ברייטער פונאַנדערגעגאָסן און געבילדעט דאָ און דאָרט קאַלוזשעס און זומפּן. יעדע ווײַלע האָט מען געמוזט אויסגעפינען טריקענישן, אָדער זיך דורכרייסן דורך די דערנער, וועלכע די רייטער זענען קוים איבערגעקומען. די פערד זענען שרעקליך פערמאַטערט געוואָרן און קוים געשלעפּט נאָך זיך די פיס. אָפּט זענען זיי אַזוי טיף פאַרקראָכן, אַז זאַגלאָבאַן האָט זיך אויסגעדוכטן, אַז זיי וועלן שוין מער נישט ארויסקריכען. סוף-כל-סוף זענען זיי

אַרויס אויף אַ הויכן טרוקענעם ברעג, וואָס איז געווען באַוואַקסן מיט דעמבעס? ס׳איז אָבער שוין געווען טיף אין דער נאַכט און שטאָק פינסטער אַרום און אַרום. ווייטער פאָרן איז נישט מעגליך געווען, ווייל אין דער פינסטער האָבן זיי לייכט געקאָנט אַריינפאַלן אין אַ זומפּ און אומקומען. הער זאַגלאָבאַ האָט דעריבער באַשלאָסן צו וואַרטן ביז אין דער פרי.

ער האָט אָפּגעזאָטעלט די פערד, געבונדן זיי די פיס און זיי אָפּגעלאָזט זיך פּאַשן. שפּעטער האָט ער גענומען צונויפקלייבן בלעטער, האָט פון זיי אויסגעשפּרייט אַ געלעגער, אויסגעבעט מיט דעקן און, צודעקנדיק דאָס געלעגער מיט אַ בורקע, האָט ער געזאָגט צו העלענאַן:

— לייגט זיך פריילין, און שלאָפט, ווייל עפּיס בעסערס האָט איר נישט אויפצוטון. דער טוי וועט אייך אויסוואַשן די אויגאַלעך, און דאָס איז אויך גוט. איך וועל אויך צושפּאַרן דעם קאָפּ צום זאָטל; ווייל איך שפּיר שוין נישט קיין ביינער אין מיר, קיין פייער וועלן מיר נישט אָנצינדען, ווייל דאָס ליכט וואָלט צוגעצויגן אַהער טשאַבאַנעס. די נאַכט איז אַ קורצע, מיט׳ן זון־אויפגאַנג וועלן מיר זיך ווייטער לאָזן אין וועג אַריין. שלאָפט, פריילין, רואיק. מיר זענען זיך אָנגעלאָפן ווי די האָזן, הגם, דעם אמת געזאָגט, האָבן מיר קיין גרויסן מהלך נישט דורכגעמאַכט, מיר האָבן אָבער אַזוי פאַרריבן די שפּורען הינטער זיך, אַז אפילו דער טייוול וועט אונז נישט אויסגעפינען. אַ גוטע נאַכט, פריילין!

— אַ גוטע נאַכט, הער.

דאָס שלאַנקע קאָזאַקל האָט אַנידערגעקניט און לאַנג מתפּלל געווען, אויפהויבנדיק די אויגן צו די שטערן, און הער זאַגלאָבאַ האָט גענומען אויף די פּלייצעס דעם זאָטל און אים אַוועקגעטראָגן אַביסל ווייטער, ווו ער האָט זיך אויסגעקליבן אַ אָרט צום שלאָפן. אויף דעם אָרט איז דער ברעג גוט געווען פאַר אַ נאַכט־לעגער, ווייל ער איז געווען הויך און טרוקן און ד[illegible]ר אויך אָן מיקן. די געדיכטע בלעטער פון די דעמבעס וואָלטן אויך געקאָנט גוט שיצן פאַר אַ רעגן.

העלענא האָט לאַנג נישט געקאָנט איינשלאָפֿן. די געשעניִשן פֿון דער פֿאַרלאָפֿענער נאַכט זענען איר באַלד וויִלעבעדיקע, ארויפגעשוואומען איִן זכרון, פֿון דער פֿינסטערניִש האָבען זיך ארויסגערוקט די פנימער פֿון די דערהרגעטע מומע און ברידער. עס האָט זיך איר געדוכטעט, אַז זי איז צוזאַמען מיִט די הרוגים איִן יענעם פֿאָדער־הויז און אַז איִן דעם דאָזיִקן פֿאָדער־הויז וועט באַלד אַריינקומען באהון. זי האָט געזען זיין בלאַס פניִם און זיינע שוואַרצע צוִבל־ברעמען, וואָס זענען געוועו צוזאַמענגעצ׳יגען פֿון ווייטאָק, און זיינע אויגן, וואָס ער האָט איינגעגראָבען איִן איִר. אַ אומבאַשרייבליִכע מורא האָט זיִ אַרומגענומען. און וואָס וועט זיין, אַז זיִ וועט טאַקע איִן דער דאָזיקער פֿיִנסטערניש, וואָס ריִנגעלט זיִ אַרום, דערזען צוויילויכטנדיִקע אויגן...

די לבנה האָט אַ ווײלע אַרויסגעבליִקט פֿון הינטער די כמאַרעס, האָט געוואָרפֿן אַ סנאָפּ בלאַסע שטראַלן אויפֿן וועלדל און צוגעגעבן אַ פֿאַנטאַסטיִשע צורה די בוימער און די צווייגן. די פשעפיורקעס האָבן זיך אָנגערופֿן איִבער די לאָנקעס און סטעפּעס; פֿון צייט צו צייט האָבן זיִך דערטראָגן עפּיס משוגהדיִקע ווייטע אָפּקלאַנגען פֿון פֿייגל אָדער נאַכט־חיות. איִן דער נאָנט האָבען געכראפּעט די פֿערד, וועלכע האָבן, קייענדיִק דאָס גראָז און שפּריִנגענדיִק מיט די געפּענטעטע פֿיִס, זיִך דערווייטערט וואָס אַמאָל מער פֿון די שלאָפֿענדיִקע. אָבער די דאָזיִקע אַלע קולות האָבן באַרואיִקט העלענאַן, ווייל זיי העבן פֿאַרטריִבן די פֿאַנטאַסטישע בילדער און זי אריִבערגעטראָגן איִן די וויִרקלעכקייט; זיי האָבן איר געזאָגט, אַז דאָס פעדער־הויז, וואָס איִז כסדר געשטאַ עך פֿאַר אירע אויגן, און די טויטע קערפּערס פֿון די קרובים, און דער בלאַסער באָהון מיִטן נקמה־דורשט איִן די אויגן, זענען נאָר אַ פֿאַלשער דמיון, אַ אומזיִסטע שרעק, און גאָרניִשט מער. מיִט אַ פּאָר טעג צוריק וואָלט בלויז דער געדאַנק וועגן אַזאַ נאַכט אונטערן הוילן הימל איִן דער מדבר אָנגעוואָרפֿן אויף איִר אַ טויט־שרעק; היינט האָט זיִ געמוזט זיך דערמאָנען, אַז זי געפֿינט זיך אויף אַנ׳אמת ביים קאַהאַמליִק,

ווייט פון איר מיידעלשען חבר, כדי זי זאָל זיך באַרואיקען.

עס האָט זי איינגעוויגט דאָס געזאַנג פון די פייגל. די שטערנס האָבן געפינקעלט און ווען דאָס ווינטל האָט באַרירט די צווייגן, האָבן די קעפערס געזשומעט אויף די בלעטער פון די דעמבעס — און זי איז צום סוף איינגעשלאָפן. אָבער די נעכט אין דער וויסטעניש האָבן אויך זייערע איבערראַשונגען. ס'איז שוין געווען טאָג, ווען עס האָבן זיך צו אירע אויערן דערטראָגן פון דערווייטענס עפּיס אימהדיגע קולות, עפּיס אַ גע־הייל, אַ געבּרום, אַ כראַפּערײַ, שפּעטער אַ קוויטשערײַ, אַזאַ וויי־טאָקליכע און מוראדיקע, אַז דאָס בלוט איז פאַרגליווערט גע־ווארן אין די אָדערן. זי איז באַלד אויפגעשפּרונגען פון איר געלעגער, באַדעקט מיט אַ קאַלטען שווייס, אַ איבערגעשראָקענע און אַ צוטומעלטע. מיט אַמאָל איז פאַר אירע אויגן פאַרבייגע־פלויגען זאגלאָבא, וועלכער איז געלאָפן אָן אַ היטל אין די ריכ־טונג פון די דאָזיקע קולות, מיט פיסטאָלעטען אין די הענט. אין אַ ווײַלע אַרום האָט זיך דערהערט זיין שטים: „או־האַ! או־האַ! סיראָמאַכאַ!" — עס האָט אַ קנאַל געטון אַ שאָס און אַלץ איז אַנטשוויגען געוואָרן. העלענאן האָט זיך געדוכטען, אז זי וואַרט אַ אייביקייט, צום סוף האָט זי ווידער דערהערט זאַגלאָבאס שטים, וואָס איז געקומען פון נעבען דעם ברעג.

— אַז די הינט זאָלען אייך אויפפרעסן, אַז די הויט זאָל מען פון אייך אַראָפּשינדען, אַז די יודן זאָלן אייך אויף די קראגנס טראָגן!

אין זאַגלאָבאס קול האָט זיך געשפּירט אַ אמתע פער־צווייפלונג.

— מיין הער, וואָס איז געשען? האָט דאָס מיידל גע־פרעגט.

— די וועלף האָבן פאַרציקט די פערד.

— יעזוס מאַריאַ! ביידע?

— איינס איז פאַרציקט, דאָס צווייטע איז אַזוי צעניזוקט, אַז עס וועט לאַנג ניט אָנהאַלטען. בײַנאַכט זענען זיי אַוועק

נישט ווייטער ווי אויף דריי הונדערט שריט און שוין איז גאָן
זיי.

— וואָס וועלן מיר איצט טון?

— וואָס מיר וועלן טון? מיר וועלן זיך אָפּשניצן שטעקנס און זיך אויף זיי אַרויפזעצן. ווייס איך וואָס מיר וועלן טון? אָט האָסטו דיר אַ אָנשיקעניש! כ׳זאָג אייך פריילין, אַז דער טייוול האָט זיך בפירוש אָנגעזעצט אויף אונז — און ס׳איז אויך גאָר קיין חידוש נישט, וואָרום ער איז דאָך אַ ודאי באַהונס אַ ידיד, און אַפשר גאָר אַ קרוב. וואָס טוט מען? אויב איך ווייס, זאָל פון מיר ווערן אַ פערד, ווער איר, פריילין, ווייניקסטענס האָבן אויף וואָס צו רייטן. אַ שעלמע בין איך, אויב כ׳בין שוין אַ מאָל געווען אין אַזאַ צרה.

— לאָמיר גיין צו־פוס...

— דאָס איז גוט פאַר אייך, ביי אייערע צוואַנציק יאָר, אָבער נישט פאַר מיר, אויף מיינע אַלטע יאָרן, איז צו מאַכן נסיעות אויפן פויערשן שטייגער. אָבער וואָס רייד איך, אַ ליאַדע פויער האָט דאָ אויך זיין איינגס אַ שקאַפּע, און נאָר די הינט גייען צו־פוס. אַ ריין אָנשיקעניש, ווי גאָט איז מיר ליב. אַודאי וועלן מיר דאָ נישט זיצן, נאָר מיר וועלן גיין, אָבער ווען מיר וועלן אָנשפאַרן ביז יענער זייט זאַלאַטאַנאַשאַ, ווייס איך נישט. אויב צו אַנטלויפן אַפילו אויף אַ פערד איז נישט פון די לייכטע זאַכן, אַפשיטא־שוין צו־פוס. קיין גרעסערע צרה ווי די, וואָס האָט אונג געטראָפן, האָט שוין נישט געקאָנט אויף אונז קומען. די זאָטלען מוזן מיר איבערלאָזן און עסנוואַרג וועלן מיר זיך מטריח זיין שלעפן אויפן אייגענעם קאַרק.

— איך וועל נישט דערלאָזן, אַז איר זאָלט אַליין שלעפן, און וואָס עס וועט נויטיק זיין, וועל איך אויך טראָגן.

זאַגלאָבאַ איז ווידער מילד געוואָרן, זעענדיק העלענאַס אַנטשלאָסנקייט.

— גנעדיק פריילין — האָט ער געזאָגט — כ׳וואָלט דאָך געמוזט זיין אַ טערק, אָדער אַ געצן־דינער אַז איך זאָל דאָס צו לאָזן, נישט אויף צו שלעפן זענען די דאָזיקע ווייסע הענטלעך,

נישט אויף צו שלעפן זענען די דאָזיקע גלייבע פלייצעלעך. מיט גאַנס הילף וועל איך מיר שוין אַליין אַ עצה געבן, נאָר איך מוז אָפּט זיך אָפּרוען, ווייל איך בין תמיד געווען צופיל איינ-האַלטעוודיק אין עסן און אין טרינקען און דערפאַר האָב איך איצט אַ קורצען אָטעם. מיר וועלן מיטנעמען די דעקן צום שלאָפן אין אַביסל עסנוואַרג, איבריקנס, וועט שוין קיין סך נישט בלייבן, בפרט אַז מיר מוזען זיך באַלד גוט אָנעסן.

זיי האָבן זיך טאַקע גענומען עסן, און דערביי האָט ער, זאַגלאָבאַ, אַוועקגעוואָרפן זיין שם-דברדיקע איינהאַלטעוודיקייט און זיך באַמיט וועגן אַ לאַנגען אָטעם. אַרום מיטאָג-צייט זענען זיי צוגעקומען צום איבערגאַנג דורכן טייך, דורך וועלכן עס זענען אַ פנים דורכגעפאָרן פון צייט צו צייט מענטשען און וועגנס, ווייל אויף ביידע ברעגעס זענען קענטיק געווען שפורן פון רעדער און פערדישע קאָפּיטעס.

— אפשר איז דאָס דער וועג קיין זאָלאָטאָנאָשאַ? — האָט העלענאַ געזאָגט.

— עס איז נישטאָ אפילו וועמען צו פרעגען.

קוים האָט הער זאַגלאָבאַ געענדיקט דאָס צו זאָגן, האָט זיך פון דערווייטענס אָנגעטראָגן צו זייערע אויערן אַ מענטשלעך קול.

— וואַרט, פריילין, לאָמיר זיך באַהאַלטען — האָט הער זאַגלאָבאַ שטיל אַ זאָג געטון.

דאָס קול האָט זיך וואָס אַמאָל מער דערנענטערט.

— איר זעט עפּיס? — האָט העלענאַ געפרעגט.

— כ'זע.

— ווער קומט-צו?

— אַ אַלטער בלינדער בעטלער מיט אַ לירע. אַ יונגל פירט אים. איצט ציען זיי אַראָפּ די שטיוול. זיי וועלן אַריבער גיין צו אונז דורכן טייך.

אין אַ ווײַלע אַרום האָט אַ פלעסקען פון וואַסער אָנגע-זאָגט, אַז מען גייט טאַקע אַריבער דעם טייך.

זאַגלאָבאַ און העלענאַ זענען אַרויס פון באַהעלטעניש.

— געלויבט איז גאָט! — האָט דער שלאַכטשיץ הויך גע־זאָגט.

— אויף אימער און אייביק — האָט דער אַלטער בעטלער געענטפערט — און ווער איז דאָרט?

— קריסטן. האָב נישט מורא. אַלטער, נאַדיך אַ נדבה.

— זאָל אייך דער הייליקער מיקאָלאַי געבן געזונט און הצלחה.

— פון וואנען גייט איר, אַלטער?

— פון בראָוואַרקי.

— און וואוהין פירט דער דאָזיקער וועג?

— אין אַ דאָרף...

און קיין זאלאטאנאשא קען מען אויף אים צוקומען?

— מען קאָן, האַר.

— זייט איר שוין לאַנג אַוועק פון בראָוואַרקי?

— נעכטן באַגינען, האַר.

— און אין ראָזלאָגי זייט איר געווען?

— געווען. אָבער מ׳זאָגט, אַז דאָרט זענען ריטער אָנגע־קומען, אַז אַ שלאַכט איז דאָרט געווען.

— ווער האָט דאָס געזאָגט?

— אין בראָוואַרקי האָט מען געזאָגט. דאָרט איז געקומען איינער פון די פירשטלעכע פירער, און וואָס ער האָט אַלץ אָנ־דערציילט, אַ שרעק!

— און איר האָט אים נישט געזען?

— איך, האַר, זע קיינעם נישט, איך בין בלינד.

— און דאָס דאָזיגע ייגגל?

— ער זעט, אָבער ער איז שטום, נאָר איך אַליין פאַר־שטיי אים.

— איז ווייט פון דאַנען קיין ראָזלאָגי, ווייל מיר גייען גראָד דאָרט אַהין?

— אָי, ווייט!

— זאָגט איר, הייסט עס, אַז איר זייט געווען אין ראָז־לאָגי?

— געוועז, האַר.

— אַזוי — האָט הער זאַגלאָבא געזאָגט און מיט אַמאָל אָנגעכאַפּט דאָס יינגל פאַרן קאַרק.

— איר שווינדלער, גזלנים, רשעים, אויף אויסשפּירונגען נייט איר, איר העצט די פּויערן צו דער מרידה! העי, פעדאָר, אָלעשאַ, מאַקסים, נעמט זיי, טוט זיי אויס ביז נאַקעט און הענגט זיי אויף, אָדער דערטרינקט זיי! שלאָגט זיי, דאָס זענען בונטאָוושטשיקעס, שפּיאָנען, שלאָגט, דערהרגעט!

ער האָט גענומען רייסן דאָס יינגל און אים שטאַרק טרייסלען און דערביי געשריגן וואָס אַמאָל העכער. דער אַלטער האָט זיך געוואָרפן אויף די קני, בעטנדיק רחמים, דאָס יינגל האָט אַרויסגעלאָזט מוראדיקע קולות, ווי אַלע שטימע, און העלענא האָט אַ פאַרחידושטע זיך צוגעקוקט צו דעם דאָזיקן איבערפאַל.

— וואָס טוט איר? — האָט זי געפרעגט, נישט גלויבנדיק אירע אייגענע אויגן.

אָבער הער זאַגלאָבא האָט געוואַלדעוועט, געשאָלטן, אויפגערודערט דאָס גאַנצע גיהנום, אַרויסגערופן אַלע צרות, שלעק, קרענק — האָט געסטראַשעט מיט אַלע מינים יסורים און מיתות.

העלענא האָט געמיינט, אַז ער איז משוגע געוואָרן.

— אַנטלויפט — האָט ער זיך אָנגערופן צו איר — עס פּאַסט נישט, אַז איר זאָלט זען, וואָס דאָ וועט פּאַרקומען, אַנטלויפט, זאָג איך.

מיט אַמאָל האָט ער זיך געווענדעט צום אַלטען בעטלער:

— טו־אויס די מלבושים, ציגן־באָק, אַ נישט וועל איך דיך דאָ צושניידן אויף שטיקער!

און אומוואַרפנדיק דאָס יינגל אויף די ערד, האָט ער מיט די אייגענע הענט גענומען פון אים אַלץ אַראָפּרייסן, דער אַלטער האָט אין שרעק וואָס שנעלער אַראָפּגעוואָרפן די לירע, די טאָרבע און דעם ראָק.

— טו אַלץ אויס! — אַ נישט וועסטו דערהרגט ווערן! — האָט גאַגלאָבא געשריגן.

דער אַלטער האָט גענומען אַראָפּציִען דאָס העמד.

זעענדיק, ווי עס האַלט דאָ, האָט העלענא זיך שנעל אָפּ־געטראָגן, כּדי נישט מבייש צו זיין איר צניעות מיטן אָגבליק פון נאַקעטע אברים, און אַנטלויפנדיק, האָט זי נאָך געהערט הינטער זיך זאַגלאָבאס קללות.

אַז זי האָט זיך שוין געהאַט אַ שפּאָר ביסל דערווייטערט, האָט זי זיך אָפּגעשטעלט, אַליין נישט וויסנדיק, וואָס זי זאָל טון. דערנעבן איז געלעגן אַ בוים, וואָס איז אומגעשליידערט גע־וואָרן דורך די ווינטען, האָט זי זיך אויף אים אַוועקגעזעצט און געוואַרט. צו איר אויערן זענען דערגאַנגען די קולות פון שטוי־מען, די יללות פון אַלטען און דער ליאַרם, וואָס זאַגלאָבא האָט אויפגעהויבען.

צום סוף איז אַלץ שטיל געוואָרען נאָר עס האָט זיך גע־הערט דאָס צוויטשען פון די פייגל און דאָס גערויש פון די בלעטער. און אין אַ ווײלע אַרום האָט זיך דערהערט אַ סאָפּן און שווערע טריט פון אַ מענטש.

דאָס איז געווען הער זאַגלאבא.

אויפן אָרעם האָט ער געטראָגן די מלבושים, וואָס זענען אַראָפּגעריסן געוואָרן פון אַלטען און פון דעם יינגעל, און אין דער האַנט האָט ער געהאַלטן צוויי פּאָר שטיוול און אַ ליר. צוקומענדיג, האָט ער גענומען פינטלען מיט זיין געזונטען אויג, שמייכלען און סאָפּן.

ער איז אַ פּנים געווען זייער פריילעך געשטימט.

— קיין שום דינער אין געריכט האָט זיך אַזוי פיל נישט אָנגעשריגען, ווי איך האָב מיך אָנגעשריגען — האָט ער גע־זאָגט. — כ׳בין אַזש הייזעריק געוואָרן. אָבער כ׳האָב, וואָס כ׳האָב געוואָלט. כ׳האָב זיי אָפּגעלאָזט נאַקעטע, ווי די מאַמע האָט זיי געהאַט. אויב דער סולטאַן וועט מיך נישט מאַכן פאַר אַ פּאַשאַ, אָדער פאַר אַ וואַלאַכישן האָספּאָדאַר, איז ער אַ מענטש אָן יושר, ווארום כ׳האב פּארמעט די צאָל פון טערקישע קדושים אויף

נאָך צוויי. אַ, לײַדאַקעס! זיי האָבן געבעטן, אַז כ׳זאָל זיי כאָטש די העמדער לאָזן! אָבער איך האָב זיי געזאָגט, אַז זיי דאַרפֿן דאַנקען, וואָס איך לאָז זיי לעבן. גיט־נאָר אַ קוק, פֿרייליין. אַלץ ניי, אי די רעק, אי די שטיוול, אי די העמדער. קאָן דען זיין אָרדנונג אין דער דאָזיגער רעפּובליק, אויב די כאַמעס גייען אַזוי לוקסוסדיק אָנגעטון? אָבער זיי זענען חגא־צייט אין בראָוואַרקי, ווו זיי האָבן אַ היבש ביסל נדבות צונויפֿגעקליבען, האָבן זיי זיך טאַקע אויפֿן יאַרמאַרק בלויז נייע זאַכן איינגעקויפֿט. קיין איין שלאַכטשיץ וועט נישט אויסאַקערן אין דעם לאַנד דאָס, וואָס אַ אַלטער קבצן קאָן אויסשנאָרן. פֿון היינט אָן וואַרף איך אַוועק דאָס ריטערליכע פֿאַך, און וועל באַגזלען די שנאָרערס אויף די שליאַכן, וואָרום כ׳זע, אַז אויף אַזאַ אויפֿן קאָן מען זיך דערשלאָגן צו אַ פֿאַרמעגן.

אָבער צוליב וואָס האָט איר דאָס געטון? — האָט העלענאַ נעפֿרעגט.

— צוליב וואָס? איר פֿאַרשטייט דאָס נישט? אויב אַזוי, וואַרט אַביסל, וועט אייך דאָס באַלד קלאָר ווערן.

ביי די דאָזיגע ווערטער האָט ער גענומען אַ העלפֿט פֿון די אָראָפּגעריסענע מלבושים און איז אַוועק צווישן די דערנער, וואָס האָבן באַוואַקסן די ברעגעס. אין אַ געוויסע צייט אַרום האָבן זיך אין די דערנער דערהערט קלאַנגען פֿון אַ לירע. און שפּעטער האָט זיך באַוויזן... שוין נישט הער זאַגלאָבאַ, נאָר אַ אמתער אוקראַאינישער „דיד" מיט אַ בלאָנע אין איין אויג, מיט אַ גרויער באָרד. דער „דיד" איז צוגעגאַנגען צו העלענאַן, זינגענדיק מיט אַ הייזעריקער שטים:

„סאָקאָל דו מיין, ברודער דו מיין,<br>
גאַנץ הויך פֿליסטו,<br>
גאַנץ ווייט זעסטו".

העלענע האָט אַ פֿאַטש געטון מיט די הענט און צום ערשטן מאָל זינט אַנטלויפֿן פֿון ראָזלאָגי האָט אַ שמייכל באַשיינט איר ווונדערבאַר פּנים.

— ווען כ׳וואָלט נישט געוווּסט, אַז דאָס זייט איר, וואָלט איך אייך גאָרנישט דערקענט.

— נו, וואָס? — האָט הער זאַגלאָבאַ געזאָגט — אין דער פֿאַסט-נאַכט אפֿילו האָט איר אַודאי קיין גרעסערן מנוול נישט געזען? איך האָב מיך אָבגעשפּיגעלט אין קאַהאַמליק און אויב איך האָב אַמאָל געזען אַ שענערן בעטלער, זאָל מען מיך אויפֿהענגען אויף דער אייגענער טאָרבע. קיין לידער וועלן מיר אויך נישט פֿעלן. וואָס ווילט איר, פֿריילין? אפֿשר וועגן באָהוסלאַווס מאַרוסיאַ, וועגן באָנדאַריווּנא, אָדער וועגן סערפּיאַהאָוואס טויט? כ׳קען דאָס אויך. אַ שעלמע בין איך, אויב איך וועל נישט פֿאַרדינען אויף אַ שטיקל ברויט צווישן די גרעסטע הולטאַיעס.

— איצט פֿאַרשטיי איך שוין אייער כוונה, צוליב וועלכער איר האָט אַראָפּגעצויגען די מלבושים פֿון די דאָזיקע דלפֿנים, איר האָט דאָס געטון כּדי פֿאַרשטעלטערהייט זיכערער דעם וועג איבערצוקומען.

— פֿאַרשטייט זיך — האָט הער זאַגלאַבאַ געזאָגט — ווייסט איר, פֿריילין? דאָ, אויף דער צווייטער זייט דניעפּער, איז דאָס פֿאָלק נאָך מער פֿאַרדאָרבן ווי ערגיץ-אַנדערשוואו און נאָר די האַנט פֿון פּירשט האַלט צוריק די הולטאַיעס פֿון הפֿקרדיקע מעשים, און איצט, אַז זיי וועלן זיך דערוויסן וועגן דער מלחמה מיט זאַפּאָראָזשע און וועגן כמיעלניצקיס נצחונות, וועט שוין קיין שום מאַכט נישט בכּוח זיין זיי צוריקצוהאַלטן פֿון דער מרידה. איר האָט געזען יענע טשאַבאַנעס, וועלכע האָבן זיך שוין געוואָלט נעמען צו אונזער הויט? אויב די העטמאַנעס וועלן נישט גיך אַ תּל מאַכן פֿון כמיעלניצקין, וועט דאָס גאַנצע לאַנד אין אַ טאָג, אין צוויי טעג אַרום זיין אַרומגעכאַפּט פֿון אַ פֿלאַם-פֿייער — און ווי אַזוי וועל איך אייך דעמאָלט דורכפֿירן דורך די מחנות צובונטעוועטע פּויערען? און איידער מיר זאָלן אַריינפֿאַלן אין זייערע הענט, וואָלט שוין בעסער געווען פֿאַר אייך צו בלייבן אין באָהונס הענט.

— אָ דאָס קאָן ניִשט זיין! כ׳וויל בעסער דעם טויט! — האָט העלענא אויסגערופן.

און איך וויל בעסער לעבן, ווייל דער טויט איז אַזאַ זאַך, פון וועלכער מ׳קאָן מיט קיין שום המצאה זיך ניִשט אַרויסדרייען. אָבער איך מיין, אַז גאָט האָט אונז צוגעשיקט די שנאָרערס. זיי האָבן זיך אַזוי איבערגעשראָקן, הערנדיק, אַז דער פירשט מיטן גאַנצן חייל איז נאָנט, פונקט ווי יענע טשאַבאַנעס, אַ דריי טעג וועלן זיי פון שרעק זיצן באַקעטערהייט אין די געוויקסן. און מיר וועלן דערווייל איבערגעטוענערהייט זיך דערקלייבען ביז זאָלאטאנאשא. וועלן מיר געפינען דאָרט אייערע ברידער און הילף, איז גוט; אויב ניִשט וועלן מיר גיין ווייטער אַזש ביז צו די העטמאַנעס. אָדער מיר וועלן וואַרטן אויפן פירשט. דאָס אַלץ אָן שום סכּנה, ווייל בעטלער האָבן ניִשט וואָס מורא צו האָבן פאַר קאָזאַקן און פויערן. מיר וואָלטן אפילו דורך כמיעלניצקיס לאַגערס געקאָנט בשלום דורכטראָגען אונזערע קעפ. נאָר בלויז פאַר די טאָטערס וועלן מיר זיך מוזן היטן, ווייל זיי וואָלטן אייך אַלס יינגל גענומען אין געפאַנגשאַפט.

— אויב אַזוי, מוז איך מיך אויך איבערטון.

— יאָ, וואַרפט טאַקע אַראָפ פון זיך די קאָזאַקישע הלבשה און טוט זיך איבער אין די מלושים פון אַ פויערשן יינגל. איר האָט אביסל אַ צו פיינעם אויסזען פאַר אַ כאַמעוואַטן קינד, און איך אויך — פאַר אַ „דיד", אָבער דאָס איז גאָרניִשט. דער ווינט וועט אָפּברענען אייער פּנימל, און מיר וועט פון גיין דער בויך איינפאַלן. מיין גאַנצע פעטקייט וועל איך פון זיך אַרויסשוויצן. ווען די וואָלאָכן האָבן מיר אויסגעברענט דאָס אויג, האָב איך געמיינט מי־יודע וואָס פאַר אַ אומגליק מיך האָט געטראָפן, און איצט זע איך, אַז דאָס וועט מיר צונוץ קומען, ווייל אַ בעטלער אָן אַ מום וואָלט געווען פאַרדעכטיק. איר וועט מיך פירן פאַר דער האַנט, און רופט מיך אָנופרי, ווייל אַזוי וועל איך הייסן אַלס בעטלער. און איצט טוט זיך וואָס גיכער איבער, ווייל מיר מוזען זיך שוין לאָזן אין וועג אריין, וועלכער וועט זיך פארציִען, אויב מיר וועלן גיין צו־פוס.

הער זאַגלאָבאַ איז אַוועקגעגאַנגען און העלענאַ האָט זיך באַלד גענומען איבערטון אַלס בעטלער־יונגל. נאָכדעם ווי זי האָט אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די קאָזאַקישע בגדים, האָט זי זיך אויסגעצוואָגן אין טייך און שפּעטער אָנגעטון די פריערישע מלבושים, אַ שטרויענעם קאַפּעלוש און אַ וואַנדערער־טאָרבע. צום גליק איז דאָס יונגל, פון וועלכן זאַגלאָבאַ האָט אַראָפּגעצויגן די מלבושים, געווען הויך אַזוי, אַז זיי האָבן איר גוט געפּאַסט.

צוריקקומענדיק, האָט זאַגלאָבאַ זי גוט באַקוקט און געזאָגט:

— גאָט מיינער, נישט איין ריטער וואָלט גערן אַראָפּגעצויגן פון זיך זיין שיינע הלבשה, אַבי אַזאַ יונגל זאָל אים פירן, און איין הוזאַר קען איך, וואָס וואָלט דאָס זיכער געטון. נאָר צו די דאָזיקע האָר מוז מען סוף־כל־סוף געפינען עפּעס אַ עצה. כ׳האָב שוין געזען אין סטאַמבול שיינע יונגלעך, אָבער אַזעלכן האָב איך נישט געזען.

— הלוואי זאָל מיר נישט אויסקומען צו ליידן צרות פון מיין שיינקייט—האָט העלענאַ געזאָגט.

דערביי האָט זי פונדעסטוועגן געשמייכלט, ווייל הער זאַגלאָבאַס התפעלותדיקע ווערטער האָבן אָנגענעם געקיצלט אירע מיידלשע אויערן.

— פון שיינקייט האָט מען קיינמאָל קיין צרות נישט און והא ראיה, איך אַליין, ווייל ווען די טערקן האָבן מיר אויסגעברענט דאָס אויג אין גאַלאַץ, האָבן זיי געוואָלט אויסברענען אויך דאָס צווייטע אויג, אָבער דאָס ווייב פון דאָרטיקן פּאַשאַ האָט מיך מציל געווען, און אַלץ צוליב מיין אומגעוויינלעכער שיינקייט, וואָס אירע איבערגעבליבענע שפּורן קאָנט איר, פריילין, נאָך איצט זען.

— איר האָט דאָך אָבער געזאָגט, אַז די וואָלאַכן האָבן אייך אויסגעברענט די אויגן?

— טאַקע וואָלאַכן, אָבער אַזעלכע, וואָס זענען געוואָרן טערקן און האָבן אין גאַלאַץ געדינט ביים פּאַשאַ.

— מ׳האָט דאָך אייך אָבער דאָס איינע אויג אויך נישט אויסגעברענט?

— עס איז נאָר פֿון דער היץ פֿון אײַזן פֿאַרלאָפֿן געוואָרן מיט אַ בלאָנע. דאָס איז אַלץ אײנס. וואָס האָט איר, פֿרײלין, בדעה צו טון מיט אײַערע צעפּ?

— פֿאַרפֿאַלן, מען מוז זײ אָפּשנײַדן.

— אַודאי מוז מען, אָבער װי אַזױ?

— מיט אײַער שווערד.

— ס'איז גוט מיט דער שווערד אַ קאָפּ אָפּצוהאַקן, אָבער האָר — ווייס איך נישט ווי אַזוי?

— ווייסט איר וואָס? כ'וועל מיך אַוועקזעצן ביי דעם דאָזיקן אומגעשליידערטן בוים, און די האָר וועל איך אַריבער־וואַרפֿן איבערן בוים, און איר וועט זיי אָפּהאַקן. איר זאָלט מיר אָבער דעם קאָפּ נישט אָפּהאַקן.

— דערפֿאַר האָט איר נישט וואָס מורא צו האָבן. נישט איינמאָל האָב איך שכורערהייט אָפּגעהאַקט מיט דער שווערד קנויטן פֿון ליכט און דערביי דאָס ליכט גופֿא נישט אָנגערירט. כ'וועל אייך, פֿרײלין, אויך נישט טון קיין עולה, הגם איך פּרוּוו דאָס צום ערשטן מאָל.

העלענאַ האָט זיך אַוועקגעזעצט נעבן בוים און אַריבער־וואַרפֿנדיק אין דער ברייט אירע לאַנגע שוואַרצע האָר, האָט זי אויפֿגעהויבן די אויגן צום הער זאַגלאָבאַ.

— כ'בין גרייט־האָט זי געזאָגט—האַקט אָפּ, מיין הער.

און זי האָט צו אים געשמייכלט אַביסל אומעטיק, ווייל ס'איז איר אַ שאָד געווען צו פֿאַרלירן די דאָזיקע האָר, וועלכע מ'האָט ביים קאָפּ קוים געקאָנט אַרומנעמען מיט צוויי הענט. אָבער הער זאַגלאָבאַן איז אויך עפּעס נישט געווען היימלעך. ער האָט אָפּגעשיילט דעם בוים, כדי די שווערד זאָל זיך אויף אים בעסער אַראָפּלאָזן, און געברומט:

— טפֿו! טפֿו! כ'וואָלט שוין בעסער געוואָלט זיין אַ גאָלער און אונטערגאָלן די געמבעס פֿון די קאָזאַקן. עס דוכט זיך מיר, אַז איך בין אַ תּלין און אַז איך נעם מיך צו אַ תּלינישער אַרבעט, ווייל איר ווייסט דאָך, אַז זיי שניידן אָפּ ביי די כשוף־מאַכערינס די האָר אויפֿן קאָפּ, כדי דער שד זאָל זיך אין

זיי נישט באַהאַלטן און מיט זיין מאכט נישט אָפּשוואַכן די יסורים פֿון די מאַטערנישן. אָבער איר זייט דאָך נישט קיין כשוף־מאַכערין, דעריבער גלוסט זיך מיר נישט אָפּצוטון די דאָזי־קע מיאוסע זאַך. און אויב הער סקשעטוסקי וועט מיר דערפֿאַר נישט אָפּשניידן די אויערן, איז ער נישט ווערט צו טראָגן דעם נאָמען ריטער. בנאמנות, אַז די האַנט ציטערט מיר. מאַכט כאָטש צו די אויגן.

— שוין! — האָט העלענא געזאָגט.

הער זאַגלאָבא האָט זיך שטייף אַוועקגעשטעלט, גלייך ווי ער וואָלט זיך אויפֿגעהויבן אויפֿן זאָטל צו שלאָגן דעם שונא. דאָס פֿלאַכע אייזן האָט אַ פֿייף־געטון אין דער לופֿט און באַלד האָבן זיך די לאַנגע, שוואַרצע געפֿלעכטן איבער דער גלאַטער קאָרע פֿון בוים אַראָפּגעגליטשט אויף די ערד.

— שוין — האָט זאַגלאָבאַ געזאָגט.

העלענא האָט זיך גיך אויפֿגעשטעלט און באַלד האָבן די קורץ אַרומגעשניטענע האָר זיך צושאָטן אין אַ שוואַרצן רינג אַרום איר פּנים, אויף וועלכן ס'האָט אַרויסגעשלאָגן אַ רויטקייט פֿון בושה, ווייל אין יענער צייט האָט מען דאָס אָפּשניידן דעם צאָפּ ביי אַ מיידל געהאַלטן פֿאַר אַ גרויסער חרפּה. דאָס איז דעריבער פֿון איר זייט געווען אַ שווערער קרבן, וועלכן זי האָט באַין ברירה געמוזט אַריבערטראָגן.

אין אירע אויגן האָבן זיך אַפֿילו אויף טרערן באַוויזן, און הער זאַגלאָבאַ, וועלכער איז נישט געווען צופֿרידן פֿון זיך, האָט זי כלל נישט געטרייסט.

— עס דוכט זיך מיר, אַז איך האָב אָפּגעטון עפּעס אַ מיאוסע זאַך — האָט ער געזאָגט — און איך זאָג אייך נאָכאַמאָל, אַז הער סקשעטוסקי, אויב ער איז אַ אמתער ריטער, דאַרף ער מיר דערפֿאַר די אויערן אָפּשניידן, אָבער קיין אַנדערע עצה איז נישט געווען, ווייל מ'וואָלט באַלד דערקענט אייער מין. איצט ווייניקסטנס וועלן מיר גיין זיכער. כ'האָב אויך אויסגע־פֿרעגט דעם אַלטן בעטלער וועגן וועג, צולעגנדיק אים די שווערד צום האַלז. קויט ווי ער האָט מיר געזאָגט, וועלן מיר אין

סטעפּ דערזען צוויי דעמבעס, נעבן זיי אַ וועלפּישע הייל און נעבן דער הייל איז דער וועג, וואָס פירט דורך דעמיאַנוווקאַ קיין זאָלאָטאַנאָשאַ. ער האָט געזאָגט, אַז אויך די פויערישע פורמאַנעס פאָרן מיט דעם וועג, וועט מען זיך קאָנען צוזעצן אויף אַ פור. שווערע טעג לעבן מיר איבער, פריילין, און זיי וועלן אונז אייביק בלייבן אין זכרון. איצט וועט מען זיך מוזן שיידן אויף מיט דער שווערד, ווייל סיי פאַר אַ בעטלער און סיי פאַר זיין יינגל פּאַסט ניט צו האָבן ביי זיך ריטערלעכע מכשירים. כ׳וועל זיי אַריינשטעקן אונטער דעם דאָזיקן בוים, אפשר וועט גאָט העלפן און כ׳וועל זיי אַמאָל ווידער געפינען. אַ סך מלחמות האָט די דאָזיקע שווערד געזען און צו גרויסע נצחונות האָט זי מיטגעהאָלפן. גלויבט מיר, פריילין, אַז כ׳וואָלט שוין לאַנג געווען אַ פירער פון אַ רעגימענט, ווען ניט די מענטשלעכע קנאה-שנאה און רשעות, וועלכע האָט אויף מיר אויסגעטראַכט, אַז איך האָב ליב הייסע משקאות. אַזוי איז עס שטענדיק אויף דער וועלט. אין ערגעץ איז ניטאָ קיין יושר. ווייל איך בין ניט געקראָכן, ווי עפּעס אַ שוטה, אויף אַ זיכערן טויט און כ׳האָב, ווי אַ צווייטער קונקטאַטאָר, פאַרשטאַנען צו פאַרייניקן גבורה מיט חכמה, איז הער זאַטשווילעכאָווסקי געווען דער ערשטער, וואָס האָט געפסקנט אַז כ׳בין אַ פּחדן. ער איז אַ גוטער מענטש, נאָר אַ רכילות-טרייבער. ערשט ניט לאַנג האָט ער מיך געפּלאָגט דערפאַר, וואָס איך האָב מיך געחברט מיט קאָזאַקן, און ווען נישט דאָס דאָזיקע חברן-זיך, וואָלט איר, פריילין, זיך נישט ניצול געוואָרן פון באָהונס הענט.

אַזוי ריידנדיק, האָט הער זאַגלאָבאַ אַריינגעשטעקט די שווערדן אונטערן בוים, האָט זיי באַדעקט מיט גראָזן און בלעטער, שפּעטער האָט ער אַריבערגעהאָנגען איבער די פּלייצעס די טאָרבעס און די לירע, האָט גענומען אין דער האַנט אַריין אַ שטעקן, באַזעצט מיט קיזל-שטיינער, אַ פאָכע-געטון איינמאָל און אַ צווייט מאָל און געזאָגט:

— נו, דאָס איז אויך נישט שלעכט. ס׳וועט זיין מיט וואָס אָנצוצינדן ליכטלעך אין די אויגן פון אַ הונט אָדער

אַ וואָלף און זיי אויסציהאַקן די ציין. ערגער פון אַלץ איז אָבער, וואָס מען מוז גיין צופוס. אָבער ס'איז נישטאָ קיין עצה! לאָמיר גיין!

זיי זענען געגאַנגען.

דאָס שוואַרץ־האָריקע ייִנגל צווערשט, דער בעטלער הינטער אים. דער בעטלער האָט געברומט און געשאָלטן, ווייל ס'איז אים געווען הייס צו גיין צופוס, הגם עס האָט זיך איבערן סטעפּ דורכגעטראָגן אַ ווינט. דער דאָזיקער ווינט האָט אָפּגע־ברענט און ברוין געמאַכט דאָס פּנים פון שיינעם ייִנגל. אינגיכן זענען זיי צוגעקומען צו אַ הייל, וואָס אויף איר באָדן האָט געשלאָגן אַ קוואַל, וועלכער האָט זיין קלאָר וואַסער אַריינגעגאָסן אין קאַהאַמליק. נעבן דער דאָזיקער הייל, נישט ווייט פון טייך, זענען אויף אַ בערגל געוואַקסן דריי מעכטיקע דעמבעס; צו זיי האָבן זיך אונזערע וואַנדערער באַלד אַ קער געטון. באַלד האָבן זיי אויך געפונען די שפּורן פון וועג, וואָס האָט אין סטעפּ אַרויסגעשיינט מיט זיין געלקייט פון די בלומען, וועלכע זענען אַרויסגעוואַקסן אויפן מיסט פון די בהמות. דער וועג איז געווען פּוסט, מ'האָט אויף אים נישט געזען נישט קיין פורמאַנעס, נישט קיין וועגנס, און נישט קיין לאַנגזאַם שפּרייזנדיקע אָקסן. דאָ און דאָרט זענען נאָר געלעגן ביינער פון בהמות, וואָס זענען צושלעפּט געוואָרן דורך די וועלף און ווייס געוואָרן פון דער זון. די וואַנדערער זענען כסדר געגאַנגען און האָבן אָפּגערוט נאָר אין די שאָטנדיקע וועלדלעך. דאָס שוואַרץ־האָריקע ייִנגל האָט זיך געלייגט שלאָפן אויפן גריַנעם גראָז און דער אַלטער בעטלער האָט געוואַכט. זיי זענען אַריבערגעגאַנגען טייכן און דאָרט ווו קיין אַריבערגאַנג איז נישט געווען, האָבן זיי אים געזוכט, גייענדיק אַ לאַנגע צייט ביים ברעג. אָפט פלעגט אויך דער אַלטער אַריבערטראָגן דאָס ייִנגל אויף דער האַנט, מיט אַ קראַפט, וואָס מען זעט זעלטן ביי אַ מענטש, וועלכער מוז אָנקומען נאָך בעטל־ברויט. אָבער דאָס איז געווען אַ בריי־פּלייציקער בעטלער! אַזוי האָבן זיי זיך ווידער געשלעפּט ביזן אָוונט, ביז דאָס ייִנגל האָט סוף־כל־סוף זיך אַוועקגעזעצט ביים

וועג, אין אַ דעמבענעם וואַלד, און געזאָגט:

— איך קאָן שוין דעם אָטעם נישט כאַפּן און כ'האָב שוין נישט קיין כּוחות. כ'וועל ווייטער נישט גיין. דאָ וועל איך מיך לעגן און שטאַרבן.

דער אַלטער איז געוואָרן אָפּהענדיק.

— אָ, פאַרשאָלטענע וויסטעניש! — האָט ער געזאָגט — נישטאָ קיין מענטשלעכער ישוב אויפן וועג, קיין איין לעבעדיקער נפש. אָבער מיר קאָנען דאָ נישט בלייבן אויף איבער נאַכט. דער אָוונט פאַלט שוין צו, אין אַ שעה אַרום וועט ווערן פינסטער— אָבער הערט נאָר, פרײַלין!

דאָ איז דער אַלטער אַנטשוויגן געוואָרן און אַ ווײַלע האָט געהערשט אַ טיפע שטילקייט.

אָבער מיטאַמאָל איז איבערגעריסן געוואָרן דורך אַ ווייטן יאָמערלעכן קול, וואָס האָט זיך געדוכטן, אַז ער קומט פון דער טיפעניש פון דער ערד, און באמת איז ער געקומען פון דער הייל, וואָס איז געלעגן נישט ווייט פון וועג.

— דאָס זענען וועלף — האָט הער זאַגלאָבא געזאָגט — אין דער פאַרגאַנגענער נאַכט האָבן מיר געהאַט פערד, האָבן זיי אונז אויפגעפרעסן די פערד, איצט וועלן זיי זיך נעמען צו אונז אַליין. איך האַלט אמת אַ פּיסטאָלעט אונטערן ראָק, אָבער דער פולווער ווייס איך נישט, צי ער וועט קלעקן אויף צוויי מאָל, און ס'וואָלט זיך מיר זייער נישט געוואָלט פאַרוואַנדעלט ווערן אין מערדנים אויף א וועלפישער חתונה. איר הערט, פרײַלין — ווידער!

דאָס געברום האָט זיך באמת נאָך אַמאָל דערהערט און ס'האָט אויסגעוויזן צו זיין נאָענטער.

— שטיי-אויף, קינד! — האָט דער אַלטער געזאָגט — און אויב דו קאָנסט נישט גיין, וועל איך דיך טראָגן. נישטאָ קיין ברירה. כ'זע, אַז כ'האָב אייך, פרײַלין, צופיל ליב באַקומען, און דאָס איז מסתמא דערפאַר, וואָס איך בין נישט באַווייבט און דעריבער נישט געקאָנט איבערלאָזן אייגענע געזעצליכע קינדער. און אויב איך האָב אומגעזעצלעכע, זענען זיי מאַכמעדאַנער,

ווייל כ׳האָב אַ לאַנגע צייט זיך אויפגעהאַלטען אין טערקיי. איך בין אויך דער לעצטער פון דער משפחה זאַגלאָבא, פון הערב יוטשעלע. איר, פריילין, וועט מיר זיין אַ שוץ אויף דער עלטער, אָבער איצט שטייט אויף, אָדער זעצט זיך מיר אויף די פלייצעס און איך וועל אייך אַזוי טראָגן.

— די פיס זענען מיר אַזוי אָפּגעשטאַנען, אַז איך קען מיך אפילו נישט רירן.

— און איר האָט זיך איבערגענומען מיט אייער גבורה, אָבער זייט נאָר שטיל! שטיל! ווי גאָט איז מיר ליב, איך הער אַ בילן פון הינט. יאָ, יאָ, דאָס זענען הינט, נישט קיין וועלף. אוי אַזוי מוז נישט ווייט פון דאַנען זיין דעמיאַנאָווקאַ, וועגן וועלכער דער בעטלער האָט מיר געזאָגט. געלויבט איז גאָט אין הימל! כ׳האָב שוין געקלערט אנצוצינדן פייער, כדי צו פאַר־טרייבן די וועלף, אָבער מיר וואָלטען אַודאי איינגעשלאָפן, ווייל מיר זענען ביידע פערמאַטערט. יאָ, יאָ, דאָס זענען הינט. איר הערט?

— לאָמיר גיין — האָט געזאָגט העלענא, וועלכע האָט מיט אַמאָל אין זיך דערשפירט פרישע כוחות.

און קוים זענען זיי אַרויס פון וואַלד, האָבן פון דער ווייטנס זיך באַוויזן פייערלעך פון אַ סך כאַטעס. זיי האָבן אויך דערזען דריי קופּאָלן פון אַ צערקווע, וואָס זענען געווען באַ־שלאָגן מיט פרישע שינדלען, וועלכע האָבן אין דער טונקלקייט נאָך געלויכטן פון די לעצטע שטראַלן פון דער אונטערגייענדיקער זון. דאָס געביל פון די הינט האָט זיך געהערט וואָס אַמאָל דייטלעכער.

— יאָ, דאָס איז דעמיאַנאָווקאַ, עפּיס אַנדערש קאָן נישט זיין — האָט הער זאַגלאָבא געזאָגט — בעטלערס ווערן אומעטום גערן אויפגענומען, און אפשר וועט זיך מאַכן אַ נאַכט־לעגער און אַ נאַכט־עסן, און אפשר גאָר וועלן גוטע מענטשן אונז ווייטער פירן. וואַרט נאָר פריילין. דאָס איז דעם פירשטס אַ דאָרף, מסתמא וווינט דאָרט אַ וויצע־סטאַראָסטא. אז מיר וועלן אָפּרוען און אז מיר וועלן באַקומען ידיעות. דער פירשט מוז שוין זיין

אין וועג. אפשר וועט די ישועה קומען נאָך גיכער, ווי איר, פריילין, ריכט זיך. אָבער גערענקט, אַז איר זייט שטום. כ'האָב שוין אַ פּנים אָן דול צו ווערן, ווייל איך האָב אייך געהייסן מיך רופן אָנופרי, און קוים זייט איר שטום, קאָנט איר דאָך מיך בכלל נישט רופן. איך אַליין וועל ריידן פאַר זיך און פאַר אייך און גאָט צו דאַנקען, איך רייד פויעריש פונקט אַזוי גוט, ווי איך רייד לאַטיין. ווייטער, ווייטער! אָט! די ערשטע כאַטעס ז נען שוין נישט ווייט. גאָט מיינער! ווען וועט שוין קומען אַ סוף צו אונזער וואָגלעניש. אויב מיר וואָלטן כאָטש געקאָנט באַקומען אָנגעוואַרעמט ביער, וואָלט איך דערפאַר אויך גאָט געדאַנקט.

הער זאַגלאָבא איז אַנטשוויגן געוואָרן און אַ געוויסע צייט זענען זיי ביידע געגאַנגען שטיל איינער נעבן צווייטן. שפּעטער האָט ער ווידער ...ן ריידן:

— געדענ... ...ע, פריילין, אַז איר זייט שטום. אַז עמיצער וועט אייך עפּיס פרעגן, זאָלט איר באַלד אָנווייזן אויף מיר און זאָגן: „הום, הום, הום,! ניאַ! ניאַ!" כ'האָב באַמערקט, אַז איר זייט זייער אַ געשיקטע, און דאָ שטייט דאָך אונזער לעבן אין קאָן. סיידן, אַז מיר וועלן דורך אַ צופאַל אָנטרעפן אויף די פּאָלקען פון די העטמאַנעס אָדער פון פירשט, דעמאָלט וועלן מיר באַלד אויסגעבן ווער מיר זענען, בפרט אַז עס וועט זיך געפינען אַ העפלעכער אָפיציר און הער סקשעטוסקיס אַ באַקאַנטער. איר געפינט זיך דאָך אונטער דעם פירשטס שוץ און אויב אַזוי האָט איר נישט וואָס מורא צו האָבן פאַר די זעלנער. אָ! און וואָס איז דאָס פאַר אַ פייער, וואָס פלאַקערט דאָרט אין גרוב? אהאַ! מען שמיט, דאָס איז אַ שמידעריי! אָבער איך זע אויך דאָרט נישט ווייניק מענטשן שטיין, לאָמיר דאָרט אַהינגייין.

און באמת, אין דעם גראָבן, וואָס האָט געבילדעט אַ פאָדער-הויז צו דער הייל, איז געשטאַנען אַ שמידעריי, וואָס פון איר קוימען האָבן זיך געשאָטן סנאָפּעס און קנוילן פון גאָלדענע פונקען, און דורך די אָפענע טירן און דורך די פיל לעכער, וואָס זענען געווען אויסגעבויערט אין די ווענט, האָט אַרויסגע-

זעצט אַ העל ליכט, וואָס איז מאָמענטנווייז פֿאַרשטעלט געוואָרן דורך טונקעלע געשטאַלטן, וועלכע האָבן זיך אינווייניק אַרומגעדרייט. אין דרויסן, פֿאַר דער שמידריי, האָט מען אויך געזען אין דער נאַכט־טונקלקייט אַ פּאָר צענדליק געשטאַלטן, וואָס זענען געשטאַנען קופּקעסווייז. די האַמערס אין דער שמידריי האָבן געקלאַפּט צום טאַקט, אַז אַרום און אַרום האָט זיך אַזש געהערט אַ ווידער־קול, און דער דאָזיקער אָפּקלאַנג האָט זיך צונויפֿגעמישט מיט דער געזאַנג ביי דער שמידריי, מיטן ליאַרם פֿון די שמועסן, מיטן געבילן פֿון די הינט. זעענדיק דאָס אַלץ, האָט הער זאַגלאָבא זיך באַלד אַריינגעדרייט אין יענער הייל, האָט אַ קלאַפּ געטון די לירע און גענומען זינגען:

„הע, דאָרט אויף די בערג
האָבן שניטער געשניטן.
און אונטער דעם באַרג,
אונטער דעם גרינעם
זיינען קאָזאַקן געריטן”.

אַזוי זינגנדיק, איז ער צוגעגאַנגען צו דער גרופּע מענטשן, וואָס זענען געשטאַנען פֿאַר דער שמידריי. ער האָט זיך אַרומגעקוקט: דאָס זענען געווען פּויערן, דאָס רוב שכּור. כּמעט אַלע האָבן געהאַלטן אין די הענט דרענגער. אויף אַ פּאָר פֿון די דאָזיגע דרענגער האָבן געשטעקט אויסגעגלייכטע קאָסעס און שפּיזן־שאַרפֿן. די שמידן אין דער שמידריי האָבן גראָד אויסגעאַרבייט די דאָזיקע שאַרפֿן און אויסגעבויגן די קאָסעס.

— עי, דיד! דיד! — האָט מען גענומען רופֿן אין דער גרופּע.

— אַ לויב צו גאָט! — האָט הער זאַגלאָבא געזאָגט.

— אויף אימער און אייביק.

— זאָגט נאָר, קינדער, דאָ איז דעמיאַנוווקאַ?

— דעמיאַנוווקאַ. וואָס דאַרפֿסטו דאָרט?

— מ ר האָבן מענטשן געזאָגט אויפֿן וועג — האָט דער בעטלער ווייטער געזאָגט — אַז דאָ וואוינען גוטע מענטשן, וואָס וועלן נישט פֿאַרשטויסן אַן אָרימאַן, וועלן אים געבן צו עסן,

צו טרינקן, לאָזן איבערנעכטיקן און געבן אַ נדבה. איך בין אַלט, בין געגאַנגען אַ ווייטן וועג, און דאָס יינגל קאָן שוין ווייטער קיין טריט נישט מאַכן. ער איז נעבעך שטום, ער פירט מיך, ווייל איך זע נישט, איך בין בלינד און אומגליקלעך. גאָט וועט אייך בענטשן, גוטע מענטשן, און דער הייליקער מיקאָלאַי, דער בעל־מופת, וועט אייך בענטשן, דער הייליקער אָנופרי וועט אייך בענטשן. אין איין אויג איז מיר פאַרבליבן אַ ביסל פון גאָטס ליכט, און דאָס צווייטע איז פינצטער אויף אייביק; אַזוי גיי איך מיט דער לירע, זינג לידער און לעב דערפון, וואָס גוטע מענטשן שענקען.

— און פון וואַנען קומט איר, דיד?

— אוי, פון ווייטע, ווייטע מקומות. אָבער דערלויבט מיר זיך אָפּצורוען, אָט זע איך ביי דער שמידעריי אַ באַנקשטיין. זעץ זיך צו אומגליקלעכער — האָט ער ווייטער געזאָגט, אָנווייזנדיק העלענאן אויף די באַנק. מיר קומען אַזש פון לאַדאָווא, גוטע מענטשן. אָבער פון דער היים זענען מיר שוין לאַנג, לאַנג אַוועק, און איצט גייען מיר פון בראָוואַרקי, ווו מיר האָבן מתפלל געווען אויף פאַרגעבונג.

— און וואָס האָט איר דאָרט געהערט גוטס? — האָט געפרעגט אַ אַלטער פּויער מיט אַ קאָסע אין דער האַנט.

— געהערט, געהערט, אָבער צי ס'איז גוט, ווייסן מיר נישט. מענטשן האָבן זיך דאָרט צונויפגעקליבן אַ סך. וועגן כמיעלניצקין האָט מען געזאָגט, אַז ער איז דעם העטמאַנס זון און זיינע ריטער בייגעקומען. מיר האָבן אויך געהערט, אַז אויפן ברעג פון דניעפּר בונטעווען זיך די פּויערן קעגן זייערע האַרן.

די גרופּע האָט באַלד אַרומגערינגעלט זאַגלאָבאַן, וועלכער איז געזעסן נעבן העלענאן און פון צייט צו צייט האָט ער אַ קלאַפּ געטון אין די סטרונעס פון דער לירע.

— האָט איר, פאָטער, געהערט, אַז זיי בונטעווען זיך?

— אַוודאי. בימער איז אונזער גורל, דער גורל פון דעם פּויער.

— אָבער מען זאָגט, אַז עס וועט קומען אַ סוף?

— אין קיִעוו האָט מען אויפֿן אַלטאַר געפֿונען אַ בריוו פֿון קריט־טוסן, אַז עס וועט זיין אַ שרעקלעכע און שוידערלעכע מלחמה און אַ גרויסע בלוט.פֿאַרגיסונג אין גאַנץ אוקראַינע.

די פֿויערן, וואָס זענען געשטאַנען אין אַ האַלב־עיגול אַרום דער באַנק, אויף וועלכער הער זאַגלאָבא איז געזעסן, האָבן זיך גלייך ענגער צונויפֿגעפּרעסט.

— זאָגט איר אַז ס׳איז געווען אַ בריוו?

— געווען, ווי איך זעט מיך אַ לעבעדיקן! וועגן אַ מלחמה, וועגן אַ בלוט־פֿאַרגיסונג... אָבער איך קאָן נישט ריידן מער, ווייל עס איז מיר שוין פֿאַרטריקנט געוואָרן די קעל.

— נאַט אייך, פֿאָטער, אַ מעסטל בראָנפֿן, און דערציילט, וואָס איר האָט געהערט אויף דער וועלט, מיר ווייסן אַז די בעטלער זענען אומעטום און ווייסן אַלץ. זיי זענען שוין גע־ווען ביי אונז און האָבן געזאָגט, אַז כמיעל גרייט צו פֿאַר די שררות אַ שוואַרצן סוף. דעריבער האָבן מיר טאַקע געהייסן זיך זיך מאַכן קאָסעס און שפּיזן, כדי מיר זאָלן נישט זיין די לעצטע, אָבער איצט ווייסן מיר נישט, צי שוין אָנהויבן, אָדער וואַרטן אויף אַ בריוו פֿון כמיעלן.

זאַגלאָבא האָט אויסגעטרונקען דעם בראָנפֿן, האָט זיך באַ־לעקט, שפּעטער האָט ער אַ ווײַלע געטראַכט און געזאָגט:

— און ווער זאָגט אייך, אַז עס איז שוין צייט אָנצו־הויבן?

— מיר אַליין ווילן.

— אָנהויבן! אָנהויבן! — האָבן זיך אָנגערופֿן אַ סך שטי־מען — אויב די זאַפּאָראָזשער האָבן געשלאָגן די שררות, דאַרפֿן מיר אָנהויבן.

די קאָסעס און די שפּיזן האָבן זיך געטרייסלט אין די פֿעסטע הענט און אַרויסגעגעבן בייז־אָנזאָגנדיקע קלאַנגען.

דערנאָך איז אַ ווײַלע געוואָרן שטיל. בלויז די האַמערס אין דער שמידעריי האָבן געקלאַפּט. די קומענדיקע מורדים האָבן געוואַרט, וואָס עס וועט זאָגן דער „דיד”. דער דיד האָט

געטראַכט, געטראַכט, צום סוף האָט ער געפרעגט׃

— וועמענס מענטשן זייט איר?

— מיר זענען פּירשט יאַרעמאַס.

— און וועמען וועט איר קוילן?

די פויערן האָבן זיך אומגעקוקט.

— אים? — האָט דער דיד געפרעגט.

— מיר וועלן נישט קאָנען...

— אוי, איר וועט נישט קאָנען, קינדער, איר וועט נישט קאָנען. איך בין געווען אין לובני און געזען דעם פּירשט מיט די אייגענע אויגן. ער איז אַ שרעקלעכער! אַז ער גיט אַ געשריי, ציטערן די בוימער אין וואַלד, און אַז ער גיט אַ טופּע מיטן פוס, שפּאַלט זיך די ערד. פאַר אים האָט אפילו דער קיניג מורא, און די העטמאַנעס פאָלגען אים און האָבן מורא פאַר אים. און חיילות האָט ער מער, ווי דער כאַן און דער סולטאַן. איר וועט נישט קאָנען, קינדער, איר וועט נישט קאָנען, נישט איר וועט אים זוכן, נאָר ער וועט אייך זוכן. און איר ווייסט נאָך נישט דאָס, וואָס איך ווייס, אַז אים וועלן אַלע לאַכן קומען צו הילף, און איר דאַרפט וויסן: וויפיל לאַכן, אַזוי פיל שווערדן!

אַ שווערע שטילקייט האָט אַ ווײַלע געהערשט צווישן די פאַרזאַמלטע; דער אַלטער האָט ווידער אַ קלאַפּ געטון אין די לירע און האָט ווייטער גערעט, אויפהויבנדיק דאָס פנים צו דער לבנה:

— ער גייט דער פירשט, ער גייט און עס באַגלייטן אים אַזוי פיל רויטע פעדערן און פאָנען, וויפיל שטערן אין הימל און דערנער אין סטעפּ. עס לויפט נאָך אים דער ווינט און קרעכצט, און ווייסט איר, קינדער, פאַרוואָס ער קרעכצט? אויף אייער גורל קרעכצט ער. אָבער פאַר אים גייט די מאַמע-טויט מיט אַ קאָסע און קלינגט, און ווייסט איר פאַרוואָס זי קלינגט? אויף אייערע העלזער קלינגט זי.

— גאָט זיי דערבאַרמיק! — האָבן זיך אָנגערופן שטילע, איבערגעשראָקענע קולות.

און ווידער האָט זיך געהערט בלויז דאָס קלאַפּן פון די האַמערס.

— און ווער איז דאָ דעם פירשטס קאָמיסאַר? — האָט דער אַלטער געפרעגט.

— הער גדעשינסקי.

— און ווו איז ער?

— אַנטלאָפן.

— פאַרוואָס איז ער אַנטלאָפן?

— ווייל ער האָט געהערט, אַז מען שמיט פאַר אונז שפּיזן און קאָסעס, האָט ער זיך דערשראָקן און איז אַנטלאָפן.

— אויב אַזוי, איז נאָך ערגער פאַר אייך, ווייל ער וועט אייך פאַרמסרן פאַרן פירשט.

— וואָס קראַקעסט דו, דיד, ווי אַ ראָב — האָט דער אַלטער פויער געזאָגט — סיי ווי גלויבן מיר, אַז עס קומט אַ שוואַרצער סוף אויף די שררות. און עס וועלן שוין נישט זיין נישט אויפן רוטעניישן ברעג, נישט אויפן טאָטערישן ברעג נישט קיין שררות, נישט קיין פירשטן, נאָר קאָזאַקן, פרייע מענטשן וועלן זיין—און עס וועט נישט זיין נישט קיין צינש, נישט קיין אָפּגאָבן פון משקאות, פון מילן, פון וועגנס, און עס וועלן נישט זיין קיין יידן, ווייל אַזוי שטייט אין בריוו פון קריסטוסן, וועגן וועלכן דו האָסט אַליין געזאָגט. און כמיעל איז אַזאַ גבור ווי דער פירשט, זאָלן זיי זיך פאַרמעסטן.

— זאָל אים גאָט העלפן! — האָט דער דיד געזאָגט — שווער איז אונזער גורל, דער גורל פון פויער, און אַמאָל איז גאָר אַנדערש געווען.

— ווענעמס איז די ערד? דעם פירשטס; ווענעמס סטעפּ? דעם פירשטס; ווענעמס וואַלד? ווענעמס סטאַדעס? דעם פירשטס; און אַמאָל איז געווען גאָטס וואַלד, גאָטס סטעפּ; ווער ס'איז געקומען דער ערשטער, דער האָט גענומען און האָט קיינעם קיין חשבון נישט געדאַרפט אָפּגעבן. איצט געהערט אַלץ די פּריצים, די פירשטן...

— איר האָט רעכט, קינדער — האָט דער אַלטער גע-

זאָגט — אָבער איך וועל אייך אײן זאַך זאָגן: איר ווייסט אליין, אַז איר וועט דאָ דעם פּירשט נישט בייקומען, און דערפאַר הערט וואָס איך זאָג אייך: ווער עס וויל קוילן די פּריצים, זאָל דאָ נישט בלייבן, כל-זמן כמיעל וועט זיך נישט פאַרמעסטן מיטן פּירשט, נאָר ער זאָל אַנטלויפן צו כמיעלן — און דאָס באַלד, מאָרגן, ווייל דער פּירשט איז שוין אין וועג. אויב הער גדעשינסקי וועט אים איבריידן זיך צו לאָזן קיין דעמיאַנוווקאַ, וועט אייך דער פּירשט דאָ נישט לאָזן לעבן, נאָר אייך אויסהרגנען ביז צום לעצטן — דעריבער דאַרפט איר אַנטלויפן צו כמיעלן. וואָס מער איר וועט דאָרט זיין, אלץ לייכטער וועט כמיעל זיך אַן עצה געבן. א! אַשווערע מערכה האָט ער פאַר זיך! צוערשט די העטמאַנעס און קרוין-חיילות אָן אַ צאָל, און שפּעטער דער פּירשט, וואָס איז נאָך שטאַרקער פון די העטמאַנעס. לויפט, קינדער, כמיעלן און די זאַפּאָראָזשער צו-הילף, ווייל זיי וועלן נעבעך נישט אויסהאַלטן — און זיי שלאָגן זיך דאָך מיט די פּריצים פאַר אייער פרייהייט און פאַר אייער טובה-וועגן. לויפט, און אויף אַזאַ אופן וועט איר אי ניצול ווערן פון פּירשטס נקמה און אי כמיעלן אַרויסהעלפן.

— ער האָט רעכט — האָבן זיך אָנגערופן שטימען אין דער גרופּע.

— ער רעט שכלדיק.

— אַ קלוגער ייד.

— האָט איר געזען דעם פירשט אויפן וועג?

— געזען האָב איך אים נישט, אָבער כ׳האָב געהערט אין בראָוואַרקי, אַז ער איז שוין אַרויס פון לובני; ער ברענט און פאַרלענדט אַלץ אומעטום, ווו ער געפינט נאָר אײן שפּיז, בלויז הימל און ערד לאָזט ער איבער.

— גאָט, זיי דערבאַרמיק!

— און ווו זאָלן מיר כמיעלן זוכן?

— דערויף בין איך דאָך, קינדער, אַהערגעקומען, כדי אייך צו זאָגן, ווו איר זאָלט כמיעלן זוכן. גייט, קינדער, קיין זאַלאָטאָנאשא, און שפּעטער וועט איר גיין קיין טרעכטימיראָוו, און

דאָרט וועט שוין כמיעל אויף אייך וואַרטן, דאָרט וועלן זיך אויך צונויפקלייבן מענטשן פון אַלע דערפער, פאַרמעס און ישובֿים, דאָרט וועלן אויך קומען די טאַטערס, ווייל אַנדערש וואָלט דער פירשט אייך אַלע נישט געלאָזט גיין אויף דער מאַמע-ערד.

— און איר, פאָטער, וועט גיין מיט אונז?

— גיין וועל איך נישט, ווייל די ערד ציט שוין אַראָפּ די אַלטע פיס. אָבער איר זאָלט מיר איינשפּאַנען אַ וואָגן וועל איך מיט אייך פאָרן. און נישט ווייט פון זאָלאָטאָנאשא וועל איך אַליין צוגיין אַ קוק טון צי עס זענען דאָרט נישט פאַראַן שרהשע זעלנער. אויב עס וועלן זיין, וועלן מיר די שטאָט מיידן און גלייך גיין קיין טרעכטימיראָוו. דאָרט איז דאָס לאַנד פון קאָזאַקן. און איצט גיט מיר צו עסן און צו טרינקען, ווייל איך בין הונגעריק און מיין יינגל איז הונגעריק, מאָרגן באַגינען לאָזן מיר זיך אין וועג אַריין און אויפן וועג וועל איך אייך זינגען וועגן הער פּאָטאָצקי און וועגן פירשט יארעמי. אוי, מוראדיקע לייבן זענען דאָס! גרויס וועט זיין די בלוט-פאַרגיסונג אין אוקראַינע, דער הימל איז שרעקלעך רויט און די לבנה — ווי זי וואָלט אין בלוט געשווומען. בעט, קינדער, אויף גאָטס רחמנות, ווייל נישט איינעם פון אייך איז שוין באַשערט נישט לאַנג צו לעבן אויף גאָטס-וועלט. כ'האָב אויך געהערט, אַז מתים שטייען אויף פון די קברים און יאָמערן.

עפּיס אַ אימה איז באַפאַלן די פאַרזאַמלטע פויערן. נישט ווילנדיק האָבן זיי זיך גענומען אומקוקן און צלמן זיך און שושקען זיך. צום סוף האָט איינער אויסגעשריגן:

— קיין זאלאטאנאשא!

— קיין זאלאטאנאשא! — האָבן אַלע איבערגעחזרט גלייך ווי דוקא פון דאָרט וואָלט געקומען די ישועה און די רעטונג.

— קיין טרעכטימיראָוו!

— אַ טויט די לאכן און די שררות!

מיט אַמאָל איז עפּיט אַ יונג קאָזאַקל ארויסגעריסן פאָרגט, האָט אַ שאָקל געטון די שפּיז און אַ געשריי געגעבן:

— באַטקי! אויב מיר גייען מאָרגן קיין זאָלאָטאָנאשא, לאָמיר היינט גיין אין קאָמיסאַרס הויף!

— אין קאָמיסאַרס הויף! האָבן אַפּאָר צענדליק שטימען אויף אַמאָל אויסגעשריגן.

— פאַרברענען! צונעמען דאָס גוטס!

אָבער דער זקן, וועלכער איז ביז איצט געזעסן מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ אויף דער ברוסט, האָט אים אויפגעהויבן און געזאָגט:

— ע, קינדער, גייט נישט אין קאמיסאַרס הויף און ברענט אים נישט, ווייל עס וועט זיין שלעכט. דער פּירשט דרייט זיך אפשר דאָ נאָענט מיט זיין חייל; ער וועט דערזען אַ פלאַם, וועט ער קומען און עס וועט זיין שלעכט. גיט מיר בעסער צו עסן און ווייזט מיר אַ נאַכט-לעגער. רואיק זאָלט איר זיצן און נישט שטעלן אייער לעבן אין קאָן.

— ער האָט רעכט: — האָבן זיך אָנגערופן אַפּאָר שטימען.

— ער האָט רעכט, און דו, מאַקסים ביזט אַ שוטה!

— קום, פאָטער, צו מיר אויף ברויט און זאַלץ און אויף אַ קווערטל מעד, און נאָכדעם ווי איר וועט זיך אָנעסן, וועט איר גיין שלאָפן אין שייער אויפן היי — האָט געזאָגט דער אלטער פויער, ווענדענדיק זיך צום בעטלער.

זאַגלאָבא האָט זיך אויפגעשטעלט און אַ צי געטון העלענאן פאַרן אַרבל. דאָס מיידל איז געשלאָפן.

— דאָס יינגל האָט זיך פאַרמאַטערט, איז עס איינגעשלאָפן אפילו אונטער די קלעפּ פון די האַמערס — האָט הער זאַגלאָבא געזאָגט.

און ביי זיך אין האַרצן האָט ער געטראַכט:

— אָ, ווי זיס איז דיין תמימות, אַז אַפילו צווישן שפּיזן און מעסערס קאָנסטו שלאָפן. מ'זעט באַשיינפּערלעך, אַז די מלאכים פון הימל היטן דיך און אין דיין זכות געניס איך אויך.

ער האָט זי אויפגעהויבן און זיי זענען געגאַנגען אין דאָרף, וואָס איז געלעגן אַ ביסל ווייטער. די נאַכט איז געווען

אַ לויטערע, אַ שטילע — עס האָט זיי נאָכגעיאָגט דער ווידערקול פון די קלאַפּנדיקע האַמערס. דער אַלטער פויער איז געגאַנגען פּאָרויס, כדי זיי אָנצוווייזן דעם וועג אין דער פינסטערניש, און הער זאַגלאָבאַ, וועלכער האָט געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז ער זאָגט אַ תּפלה, האָט געברומט מיט אַ איינטעניקער שטים:

— אָ האַר גאָט, דערבאַרם דיך אויף אונז זינדיקע בשר-ודמס... זעט איר, פריילין!.. די היילִיקע ריינסטע... וואָס וואָלטן מיר געטון, ווע מיר וואָלטען ניט געהאַט אויף זיך קיין פויערשע מלבושים?.. מיר זענען אויף דער ערד און אונזערע נשמות אין הימל... מיר וועלן בעקומען צו עסן, און מאָרגן וועלען מיר פאָרן קיין זאָלאָטאנאשא, אָנשטאָט גיין צופוס... אמן, אמן, אמן... ס'איז מעגלעך, אַז באָהון וועט דאָ פאַלן אויף אונזערע שפורן, ווייל אונזערע שפּיצלעך וועלן אים נישט אָפּנאַרן... אמן, אמן!.. אָבער ס'וועט שוין זיין צו שפּעט, ווייל אין פּראָזאָרוווקע וועלן מיר אַריבערגיין דעם דניעפּר, און דאָרט געפינען זיך שוין דעם העטמאַנס חיילות... דער צדיק האָט ניט קיין מורא פאַרן שד, אמן... דאָ וועט דאָס לאַנד אין אַ פּאָר טעג אַרום זיין אַרומגעכאַפּט פון אַפייער, זאָל נאָר דער פירשט אַריבערגיין דעם דניעפּר... אמן... זאָל אויף זיי קומען אַ וויסטער סוף, זאָל ער תּלין ווערן זייער מחותּן... איר הערט, פריילין, ווי זיי פילדערן דאָרט ביי דער שמידעריי? אמן... אַ שווערע צייט האָבן מיר דערלעבט, אָבער רופט מיך שוטה, אויב איך וועל אייך נישט אויסלייזן, ווען אפילו מיר זאָלן מוזן אַנטלויפן אַזש קיין וואַרשאַ.

— וואָס ברומט איר דאָרט, פאָטער? — האָט דער פויער געפרעגט.

— גאָרנישט, איך בין מתפּלל פאַר אייער געזונט, אמן, אמן!...

— אָט איז מיין כאַטע...

— אַ לויב צו גאָט.

— אויף אימער און אייביק.

— איך פאַרבעט אייך אויף ברויט מיט זאַלץ.

— גאָט וועט באלוינען.

מיט אַפּאָר מינוטען שפּעטער האָט דער אַלטער זיך אונטערגעלענט דאָס האַרץ מיט שעפּסן-פלייש און זיך גוט אָנגעטרונקען מיט מעד, און צומאָרגנס אין דער פרי איז ער צוזאַמען מיט׳ן יונגל אַרויסגעפאָרן אויף אַ באַקוועמען וואָגן קיין זאַלאטאנאשא, אין באַגלייטונג פון אַפּאָר צענדליק רייטנדיקע פויערן, וואָס זענען געווען באַוואָפנט מיט שפּיזן אין קאָסעס.

זיי זענען געפאָרן דורך קאַוורייעץ, טשאַרנאָבאַי און קראָפּיווונא. אויפן וועג האָבן זיי געזען, אַז אַלץ האָט שוין געקאָכט ווי אין אַ קעסל. די פויערן האָבן אומעטום זיך באַוואָפנט, די שמידערייען אין די היילן האָבן געאַרבייט פון באַגינען ביז נאַכט און נאָר דעם פירשט יערעמיס שרעקלעכע מאַכט, זיין מוראדיקער נאָמען האָט צוריקגעהאַלטן דעם בלוטיגען אויסברוך.

ביני-לביני האָט דער שטורם אויף יענער זייט דניעפּר זיך צובושעוועט מיט דער גרעסטער קראַפט. די ידיעה וועגן דער מפּלה אין קאָרסון האָט זיך בליץ-שנעל פאַנאַנדערגעטראָגן איבער גאַנץ רוס, און ווער עס האָט נאָר געהאַט אַ האַנט אוז אַ פוס איז צוגעשטאַנען צו דער מרידה.

# [illegible] קאַפּיטל.

צומאָרגנס באַגינען נאָך זאַגלאָבאַס אַנטלויפן האָבן די קאָזאַקן געפינען באַהונגען אַ האַלב דערוואָרגענעם אין דעם מאַנטל, אין וועלכן האָט זאַגלאָבאַ אים געהאַט איינגעוויקלט, אָבער אַזוי ווי זיינע ווונדן זענען נישט געווען קיין שווערע, איז ער גאַלד געקומען צו זיך. דערמאָנענדיק זיך אַלץ, וואָס איז פאָר־בעקומען, איז ער אַריינגעפאַלן אין רציחה, ער האָט געריטשעט ווי אַ ווילדע חיה, האָט זיך באַפּאַרבט די הענט מיטן בלוט פון זיין אייגענעם צוניזוקטן קאָפּ און געשטאָכן מיטן מעסער די מענטשן, וואָס האָבן זיך צו אים דערנענטערט, אַזוי, אַז די קאָזאַקן האָבן זיך נישט דערוועגט צו אים צוצוגיין. און מחמת ער איז נישט געווען בכוח מער צו זיצן אויפן זאָטל, האָט ער גע־הייסן צובינדען צווישן צוויי פערד אַ יידיש וויגל און אַריינ־זעצנדיק זיך אין אים האָט ער זיך געלאָזט לויפן אין די ריכטונג פון לובלין, מיינענדיק, אַז זאַגלאָבאַ מיט העלענאַן זענען דאָרט־אַהין אַנטלאָפן. ליגנדיק אַזוי אין יידישן בעט, אין פוך און אין אייגענעם בלוט, איז ער געפלויגן דורכן סטעפּ, ווי אַ מת וואָס איילט זיך צוריק אין קבר אַריין פאַרן אויפברויך פון טאָג. הינטער אים זענען געלאָפן די געטרייע קאָזאַקן, וועלכע זענען זיכער געווען, אַז זיי לויפן אַנטקעגן אַ אומפערמיידליכן טויט. זיי זענען אַזוי געפלויגן אַזש ביז וואַסילווקא, ווו עס איז גע־שטאַנען אַ גאַרניזאָן פון הונדערט פופציק אונגאַרישע פיס־גייער, פון פירשטס חייל. דער ווילדער אַטאַמאַן, וועלכן דאָס לעבן איז אפנים נמאס געוואָרן, איז אָן שום קווענקלעניש באַפאַלן דעם גאַרניזאָן, האָט זיך דער ערשטער אַליין געוואָרפן אין פייער אַריין און נאָך אַ קאַמף, וואָס האָט אָנגעהאַלטן אַ פּאָר שעה, האָט ער פאַרטיליקט אַלע זעלנער, אַ חוץ אַפּאָר וועלכע ער

האָט פֿאַרשוױנט, כדי דורך מאַטערנישן פֿון זײ אַרױסצוקריגן ידיעות. דערװיסנדיק זיך פֿון זײ, אַז קײן שום שלאַכטשיץ איז אין יענער זײַט נישט אַנטלאָפֿן מיט אַ מײדל, האָט ער אַלײן נישט געװוּסט, װאָס ער זאָל טון און פֿון גרױסע יסורים האָט ער געריסן פֿון זיך די באַנדאַזשן. גײן װײַטער איז נישט מעגלעך געװען, װײַל אױפֿן װעג קײן לובני זענען אומעטום געשטאַנען דעם פֿירשטס פּאָלקן, װעלכע די אײנװאױנער, װאָס זענען בעת דעם קאַמף אַנטלאָפֿן פֿון װאַסילװקאַ, האָבן מסתמא שױן מודיע געװען װעגן איבערפֿאַל. די געטרײַע קאָזאַקן האָבן דעריבער געכאַפּט דעם פֿון רציחה אָפּגעשװאַכטן אַטאַמאַן און אים צוריק געפֿירט קײן ראָזלאָגי. צוריקקומענדיק, האָבן זײ שױן נישט געטראָפֿן קײן סימן פֿון הױף, װײַל די אָרטיקע פּױערן האָבן אים צעראַבירט און פֿאַרברענט צוזאַמען מיטן פֿירשט װאַסיל, האַלטנדיק, אַז אױב די קורצעװיטשעס אָדער פֿירשט יערעמי װעלן גײן נעמען נקמה, װעלן זײ זיכער אַרױפֿװאַרפֿן די שולד אױף באָהונען און די קאָזאַקן. זײ האָבן דערבײ פֿאַרברענט אַלע בנינים, אױסגעהאַקט דעם קאַרשן־גאָרטן, אױסגעקױלעט די גאַנצע דינערשאַפֿט, װײַל די פּױערן האָבן זיך אומברחמנותדיק נוקם געװען פֿאַר דער האַרטער ממשלה און רדיפֿות, װאָס זײ זענען אױסגעשטאַנען פֿון די קורצעװיטשעס. האַרט בײַ ראָזלאָגי איז אין באָהונס הענט אַרײַנגעפֿאַלן פּליעשניעװסקי, װעלכער איז געפֿאָרן פֿון טשעכרין מיט דער ידיעה װעגן דער מפּלה בײַ די געלע װאַסערן. װען מ׳האָט אים געפֿרעגט, װוּהין און נאָך װאָס ער פֿאָרט, האָט ער געפּלאָנטערט מיט דער צונג און נישט געגעבן קײן קלאָרע תשובות. ער איז דערפֿאַר אַרײַנגעפֿאַלן אין אַ חשד און אַז מ׳האָט אים צוגעבראָטן אױפֿן פֿײַער, האָט ער אױסגעפּלױדערט אַלץ, װאָס ער האָט געזען, אי װעגן דער מפּלה, און װעגן הער זאַגלאָבאַ, װעלכן ער האָט באַגעגנט מיט אַ טאָג פֿריער. דער דערפֿרײטער אַטאַמאַן האָט פֿרײער אָפּגעעטעמט. נאָכדעם װי ער האָט פּליעשניעװסקין אױפֿגעהאָנגען, האָט ער זיך געלאָזט װײַטער נאָכיאָגן, כמעט זיכער, אַז זאַגלאָבאַ װעט פֿון זײַנע הענט נישט ניצול װערן. די טשאַבאַנעס האָבן אים

אפילו צוגעגעבן נייע ידיעות, דערפאַר אָבער אויף יענער זייט טייך זענען אַלע שפּירן ווי אין וואַסער אַריין. אויפן בעטלער, פון וועלכן האָט זאָלאָבאַ אַראָפּגעריסן די מלבושים, האָט דער אַטאַמאַן נישט געקאָנט זיך אָנשטויסן, ווייל ער האָט זיך אַראָפּגעלאָזט נידריקער און איז געגאַנגען מיט'ן לויף פון קאַ־האַמליק, און אַ חוץ דעם איז ער געווען אַזוי אָנגעשראָקן, אַז ער האָט זיך באַהאַלטן ווי אַ פוקס אין די דערנער.

דערווייל זענען ווידער אַריבער אַ טאָג און אַ נאַכט און אַזוי ווי דאָס נאָכיאָגן אין די זייט פון וואַסילקווקא האָט אויך גענומען צוויי טעג, האָט זאַגלאָבאַ געהאַט פאַר זיך אַ היבש ביסל צייט. וואָס איז דאָ געווען צו טון?

אין דאָזיקן שווערן פאַל האָט באָהונען אַרויסגעהאָלפן מיט אַ עצה און הילף דער עסאַול, אַ אַלטער סטעפּ־וואָלף, וואָס איז פון זיין יוגנט אָן געוואוינט נאָכצושפּירן די טאָטערס אין די ווילדע פעלדער.

— באַטקו! — האָט ער געזאָגט — זיי זענען אַנטלאָפן קיין טשעכרין און זיי זענען אַנטלאָפן ווי חכמים, ווייל זיי האָבן געוווּנען צייט — אָבער ווען זיי האָבן זיך פון פלעשניעווסקין דערוווּסט וועגן כמיעלן און זיין נצחון ביי די געלע וואַסערן, האָבן זיי געענדערט דעם וועג. דו, באַטקו, האָסט אַליין געזען, אַז זיי זענען אַראָפּגעפאָרן פון שלאַך און פאַרקערעוועט אָן אַ זייט.

— אין סטעפּ?

— אין סטעפּ וואָלט איך זיי, באַטקו, געפונען, אָבער זיי זענען געגאַנגען צום דניעפּר, כדי צוצוקומען צו די העטמאַנעס —זיי זיינען הייסט עס, געגאַנגען אָדער דורך טשערקאַסי, אָדער דורך זאָלאָטאָנאָשאַ און פּראַהאַרווקאַ... און אויב אפילו זיי האָבן זיך געלאָזט קיין פּערעיאַסלאַוו, הגם איך האַלט נישט אַזוי, וועלן מיר זיי סיי־ווי־סיי געפינען. איינער פון אונז, באַטקו, וואָלט געדאַרפט זיך לאָזן קיין טשערקאַסי, און איינער קיין זאַלאָטאָנאָשאַ, מיטן וועג פון די פורמאַנעס — און וואָס גיכער ווייל אויב זיי וועלן אַריבער דעם דניעפּר, וועלן זיי אַוועק צו

די העטמאַנעס, אָדער כמיעלניצקיס טאַטערס וועלן זיי פּאַרי כאַפּן.

— אויב אַזוי, לאָז דיך קיין זאַלאַטאָנאָשא, און איך וועל אַוועק קיין טשערקאַס.

— גוט, באַטקו.

— און היט גוט, ווייל דאָס איז אַ כיטרער פוקס!

— אוי, איך בין אויך כיטרע, באַטקו.

צונויפשטעלנדיק אַזוי דעם פּלאַן פון געיעג, האָבן זיי באַלד זיך געלאָזט, איינער קיין טשערקאַסי, דער צווייטער העכער, קיין זאלאטאנאשא. אין אָוונט פון דעם זעלבן טאָג האָט דער אַלטער עסאַול אַנטאָן אָנגעשפּאַרט קיין דעמיאַנווקא.

דאָס דאָרף איז געווען פּוסט, עס זענען געבליבן בלויז די ווייבער, ווייל אַלע מאַנסבילען זענען אַוועק אויף יענער זייט דניעפּר, צו כמיעלניצקין. זענענדיק באַוואָפענט און נישט וויסנ־דיק, ווער זיי זענען, האָבן די ווייבער זיך באַהאַלטן אויף די בוידעמס און שייערס. אַנטאָן האָט לאַנג געמוזט זוכן, ביז ער האָט אויסגעפונען אַ זקנה, וועלכע האט שוין פאַר קיינעם נישט מורא געהאַט, אַפילו פאַר טאָטערס.

— און וווּ זענען די פויערן, מאַמע? — האָט אַנטאָן גע־פרעגט.

— פון וואַנען זאָל איך וויסן? — האָט זי געענטפערט, ווייזנדיק די געלע ציין.

— מיר זענען קאָזאַקן, מאַמע, האָט נישט קיין מורא, מיר קומען נישט פון די ליאַכן,

— ליאַכן? כאַפּט זיי דער טייוול!

— איר זייט געגייגט צו אונז — אמת?

— צו אייך? — די זקנה האָט זיך אַ ווילע פאַרטראַכט.

— און אויף אייך זאָל קומען אַ ביטער חולאת!

אַנטאָן האָט נישט געוווּסט, וואָס ער זאָל טון, אָבער מיט אַמאָל האָט אַ סקריפּע געטון די טיר פון אַ כאַטע, און אַ יונגערע, שיינע פרוי איז אַרויס אויפן הויף.

— עי, קאַזאַקן, כ׳האָב געהערט, אַז איר זייט נישט קיין ליאַכן.

— יאָ.

— איר זייט פֿון כמיעלן?

— יאָ.

— נישט פֿון די ליאַכן?

— ניין.

— און פֿאַר וואָס פֿרעגט איר זיך וועגן די פּויערן?

— אַזוי, סתּם זיך געפֿרעגט, צו זיי זענען שוין אַוועק,

— אַוועק, אַוועק!

— אַ לויב צו גאָט! און זאָג נור, צי איז נישט אַנטלאָפֿן דאָ־אַרום אַ שלאַכטשיץ, אַ פֿאַרשאָלטענער ליאַך מיט אַ טאָכטער?

— אַ שליכטשיץ? אַ ליאַך? כ׳האָב נישט געזען:

— קיינער איז דאָ נישט געווען?

— געווען אַ דיד. ער האָט אָנגערעט די פּויערן, אַז זיי זאָלן אַוועק צו כמיעלן, קיין זאַלאָטאָנאָשא, ווייל ער האָט גע־זאָגט, אַז פּירשט יארעמאַ וועט קומען אַהער.

— וו.

— דאָ אַהער, און דערנאָך זאָל ער זיך לאָזן קיין זאָ־לאָנאָשא, אַזוי האָט דער דיד געזאָגט.

— און דער דיד האָט אָנגערעט די פּויערן צו דער מרידה?

— יאָ, דער דיד.

— איז ער געווען אַליין?

— ניין, מיט אַ שטומען.

— און ווי האָט ער אויסגעזען?

— ווער?

— דער דיד!

— אוי, אַ אַלטער, אַ אַלטיטשקער, האָט אויף אַ לירע גע־שפּילט און אויף די שררות זיך באַקלאָגט. אָבער איך האָב אים נישט געזען.

— און ער האָט אָנגערעט די פּויערן צו דער מרידה? — האָט אָנטאָן נאָכאַמאָל געפֿרעגט.

יאָ, ער.

— הם! זייט געזונט.

— פֿאָרט געזונטערהייט.

אַנטאָן האָט זיך טיף פֿאַרטראַכט. אויב דער דאָזיגער דיד זאָל זיין געווען דער פֿאַרשטעלטער זאַגלאָבא, — פֿאַרוואָס האָט ער, צום טייוול, אָנגערעט די פֿויערן, אַז זיי זאָלן לויפֿן צו כמיעלניצקין? איבעריקנס, ווו וואָלט ער גענומען מלבושים אויף צו פֿאַרשטעלן זיך? ווו וואָלט ער די פֿערד אַהינגעטון? ער איז דאָך אַנטלאָפֿן אויף פֿערד. אָבער קודם כּל, פֿאַרוואָס האָט ער עפּיס צָנגערעט די פֿויערן צום בונט און זיי מתרה געווען, אַז דער פֿירשט קומט אָן? אַ שלאַכטשיץ וואָלט נישט מתרה געווען און קודם-כּל וואָלט ער אַליין געזוכט שוץ ביים פֿירשטס חייל. און אויב דער פֿירשט גייט קיין זאָלאָטאָנאָשא, וואָס עס לייגט זיך גאַנץ גוט אויפֿן שכל, וועט ער דעם איבערפֿאַל אין וואַסילווקא נישט שענקען. דאָ איז אַנטאָן פֿערציטערט געוואָרן, ווייל דער נייער דראַנג אין טויער האָט מיט אַמאָל באַקומען אין זיינע אויגן אַ צורה פֿון אַ אמת'ער תּליה.

— ניין! דער דאָזיגער דיד איז געווען נאָר אַ דיד און מער גאָרנישט, נישטאָ צו וואָס צו יאָגן זיך קיין זאָלאָטאָנאשא, סיידן אַנטלויפֿן סתם דאָרט-אַהין.

אָבער, אַז ער וועט אַנטלויפֿן, וואָס וועט ער ווייטער טון? זאָל ער וואַרטן — קאָן דאָך דער פֿירשט אָנקומען — זאָל ער אַוועק קיין פּראָהאָרווקא און אַריבערגיין אויף יענער זייט דניעפּר, הייסט דאָס אַריינפֿאַלן צו די העטמאַנעס.

דעם אַלטען סטעפּ-וואָלף איז עפּיס ענג געוואָרן אויף די ברייטע סטעפּעס. ער האָט אויך דערפֿילט, אַז הגם ער איז טאַקע אַ וואָלף, האָט ער אָנגעטראָפֿן אויף אַ פֿוקס.

מיט אַמאָל האָט ער זיך אַ קלאַפּ געטון אין שטערן אַריין.

און פֿאַרוואָס האָט עפּיס דער דאָזיגער „דיד" אַוועקגעפֿירט די פֿויערן קיין זאָלאָטאָנאשא, הינטער וועלכער עס איז געווען פּראָהאָרווקא, און הינטער איר, אויף יענער זייט דניעפּר,

זענען געשטאַנען די העטמאַנעס און דער גאַנצער קרוין־לאַגער?
אַנטאָן האָט באַשלאָסן צו פֿאָרן קיין פּראָהאָרוווקאָ, און מעג זיין וואָס עס וויל.
אויב, אָנקומענדיק אויפֿן ברעג וועט ער הערן, אַז אויף דער צווייטער זייט שטייען דעם העטמאַנס חיילות, וועט ער דעם טייך נישט אַריבער גיין, נאָר זיך לאָזן טייך־אַראָפּ און אַקעגן טשער אַסי זיך פֿאַראייניקן מיט באָהונען. אַ חוץ דעם וועט ער אויפֿן וועג עפּיס געוווּיר־ווערן וועגן כמיעלניצקין.
אַנטאָן האָט שוין געוווּסט פֿון פּליעשניעווסקיס באַריכט, אַז כמיעלניצקי האָט פֿאַרנומען טשעכרין, אַז ער האָט שוין קשי־וואָנאָסן אַרויסגעשיקט אַקעגן די העטמאַנעס, און אַליין האָט ער מיט טוהאַ־ביין געזאַלט זיך לאָזן אין וועג אַריין באַלד נאָך אים.
אַנטאָן, אַלס געניטע זעלנער, וואָס האָט דערצו גוט געקענט די געגנט, איז געווען זיכער, אַז עס איז שוין נאָך דער שלאַכט. און אויב אַזוי האָט, מען נעדאַרפֿט וויסן וואָס צו טון. אויב כמיעלניצקי איז צוקלאַפּט געוואָרן, האָבן זיך מסתמא דעם העט־מאַנס חיילות פֿונאַנדערגעשפּרייט און זיך געלאָזט אויף אַ געיעג איבער דער גאַנצער דניעפּר־געגנט, אין אַזאַ פֿאַל איז אומזיסט דאָס זוכן זאַגלאָבאַן. אויב אָבער כמיעלניצקי האָט מנצח געווען?..
דעם אמת געזאָגט, דאָט אַנטאָן נישט שטאַרק געגלויבט דערין: ס׳איז לייכטער צוצוקלאַפּן דעם העטמאַן; ס׳איז לייכטער בייצו־קומען אַ פּאָרפּאָסטן, איידער אַ גאַנצע אַרמיי.
— עס — האָט דער אַלטער קאָזאַק געטראַכט — אונזער אַטאַמאַן וואָלט בעסער געטון, ווען ער זאָל אין זין האָבן זיין אייגענע הויט, נישט דאָס מיידל. ביי טשעכרין וואָלט מען געקאָנט אַריבער דעם דניעפּר, און פֿון דאָרט, כּל־זמן ס׳איז צייט, אַנלויפֿן קיין סיטש, דאָ, צווישן פּירשט יאַ־רעמאַ און די העטמאַנעס, וועט אים איצט שווער זיין צו זיצן.
אַזוי טראַכטנדיק, איז ער צוזאַמען מיט זיינע מענטשן גיך געריטן אין די ריכטונג פֿון דער סולאַ, וועלכער ער האָט געמוזט אַריבערגיין באַלד הינטער דעמיאַנוווקאַ, ווילנדיק אָנקו־מען קיין פּראָהאָרוווקאַ. זיי זענען צוגעקומען צו מאָהילנאַ, וואָס

ליגט האַרט בײַם טײַך. דאָ האָט די הצלחה צוגעשפּילט אַנטאָנען, און הגם מאָהילנאַ איז, פּונקט ווי דעמיאַנעווקאַ, געווען פּוסט, האָט ער פֿונדעסטוועגן געפֿונען גרייטע פּאַראָמען און איבערפֿירער, וועלכע האָבן אַריבערגעפֿירט די פּויערן, וואָס זענען אַנטלאָפֿן צום דניעפּר. די באַוווינער פֿון יענער זייט דניעפּר האָבן צוליב מורא פֿאַרן פֿירשט זיך נישט דערוועגט צו בונטעווען אויפֿן אָרט גופֿא, דערפֿאַר אָבער זענען פֿון אַלע דערפֿער, דוטאַרס און קאָלאָניעס אַנטלאָפֿן די פּויערן, כּדי זיך צו פֿאַרייניקן מיט כמיעלניצקין און צוצושטיין צו זײַנע פֿאָלק. די ידיעה וועגן נצחון פֿון די זאַפּאָראָזשער בײַ די געלע וואַסערן האָט זיך, ווי אַ וויכער, דורכגעטראָגן איבער דער גאַנצער געגנט אויף יענער זייט דניעפּר. דער ווילדער המון האָט ניט געקאָנט אײַנזיצן רויִק, הגם דאָרט איז ער כּמעט נישט אויסגעשטאַנען קיין שום רדיפֿות, וואָרום, ווי געזאָגט, איז דער פֿירשט געווען אומברחמנותדיק פֿאַר די מורדים, אָבער אַ אמת'ער פֿאָטער פֿאַר די רויִקע תּושבֿים, און זײַנע קאָמיסאַרן האָבן מורא געהאַט צו טון עוולות דעם פֿאָלק, וואָס איז זיי אַנפֿאַרטרויט געוואָרן. אָבער דאָס דאָזיקע פֿאָלק, וואָס איז ערשט ניט לאַנג מגולגל געוואָרן פֿון גזלנים אין ערד-אַרבעטער, האָט זיך ניט געקאָנט אײַנלעבן מיטן געזעץ, שטרענגער ממשלה און אָרדנונג, און ער איז דעריבער אַנטלאָפֿן אַהין, וווּ עס האָט אַ בליץ-געטון אַ האָפֿנונג פֿון אַ הפֿקרדיקער פֿרייהייט. אין אַסך דערפֿלעך זענען צו כמיעלניצקין אַנטלאָפֿן אַפֿילו די ווײַבער. פֿון טשאַבאַנווקאַ און פֿון וויסאָקע איז אַרויס די גאַנצע באַפֿעלקערונג, וועלכע האָט הינטער זיך פֿאַרברענט כאַטעס, כּדי עס זאָל נישט זײַן וווּ צוריקצוקערן. אין יענע דערפֿלעך, וווּ עס איז נאָך פֿאַרבליבן אַביסל מענטשן, האָט מען זיך באַוואָפֿנט אין דער גרעסטער אײַלעניש.

אַנטאָן האָט באַלד גענומען אויספֿרעגן די איבערפֿירער, צי זיי האָבן ניט עפּיס ידיעות פֿון יענער זייט דניעפּר. ידיעות זענען געווען, אָבער פֿולע מיט סתירות, פֿאַרפּלאָנטערטע, אומקלאָרע. מ'האָט געזאָגט, אַז כמיעל שלאָגט זיך מיט די העטמאַ-

נעס; אָבער אַ טייל האָט געטענהט, אַז ער איז אויסגעקלאַפּט, און אַ צווייטער טייל, אַז ער האַלט-אָפּ נצחונות. עפּיס אַ פּויער וואָס איז אַנטלאָפן קיין דעמיאַנוווקאַ, האָט געזאָגט, אַז די העט־מאַנעס זענען גענומען געוואָרען און געפאַנגענשאַפט. די איבער־פירער האָבן חושד געווען, אַז דאָס איז אַ איבערגעטוענער שלאַכטשיק, זיי האָבן זיך אָבער ניט דערוועגט אים צו פאַר־האַלטן, ווייל זיי האָבן אויך געהערט, אַז דעם פירשטס חיילות שטייען ניט ווייט. די שרעק האָט פאַרמערט אומעטום די צאָל פון דעם פירשטס חיילות און זיי פאַרוואַנדלט אין מחנות, וואָס זענען אומעטום, ווייל אין דעם מאָמענט איז אודאי ניט געווען איין דערפל אויף יענער זייט דניעפּער, אין וועלכן מ'זאָל ניט זאָגען, אַז דער פירשט קומט אָן אַ ליאַדע רגע. אַנטאָן האָט באַמערקט, אַז אומעטום נעמט מען אָן זיינע מענטשן פאַר פירשט־יאַרעמאס אַ פאַרפּאסטן.

ער האָט אָבער באַלד באַרויקט די איבערפירער און גע־נומען זיי אויספרעגן וועגן די דעמיאַנוווקער פויערן.

— זיי זענען געווען, מיר האָבן זיי אַריבערגעפירט אויף די צווייטע זייט — האָט דער אַריבערפירער געזאָגט.

— און אַ בעטלער איז געווען מיט זיי?

— געווען.

— און אַ שטומער צוזאַמען מיטן בעטלער, אַ קליין יונגעל?

— יאָ, יאָ, געווען.

— ווי האָט אויסגעזעהען דער בעטלער?

— נישט קיין אַלטער, אַ דיקער, אויגן האָט ער געהאַט ווי ביי אַ פיש, איינס מיט אַ בלאָנע.

— דאָס איז ער! — האָט אַנטאָן אַ ברום געטון און ווייטער געפרעגט! — און דאָס יונגל?

— אוי, פאָטער אַטאַמאַן! — כ'זאָג אייך, פשוט אַ מלאך. אַזעלכעס האָבן מיר נאָך נישט געזען.

בינ־לבינ זענען זיי צוגעשוואומען צום ברעג.

אַנטאָן האָט שוין געוואוסט, וואָס ער האָט צו טון.

— עי, מיר וועלן ברענגען דאָס מיידל דעם אַטאַמאַן — האָט ער אַליין צו זיך געברומט. שפּעטער האָט ער זיך גע־ווענדעט צו זייגע מענטשן: — אויף די פערד!

זיי זענען געפלויגן ווי אַ סטאַדע איבערגעשראָקענע פייגל, הגם דער וועג איז געווען אַ שווערער, ווייל די ערד איז געווען געשפּאָלטן אויף היילן. אָבער זיי זענען אַריינגעפּאָרן אין אַ גרויסע הייל, אין וועלכער ס׳האָט זיך אונטן, ביים קוואַל, געשלענגלט אַ וועג, וואָס איז געווען ווי אויסגעטרעטן דורך דער נאַטור. די הייל האָט זיך געצויגן אַזש ביז קאַווראַיעץ, אַזוי אַז זיי זענען אַ פּאָר צענדליק מייל געפלויגן אָן אָפּרו, מיט אַנטאָנען אויפן בעסטן פערד בראש. מ׳האָט שוין אַרויסגע־זען דעם ברייטן אויסגאַנג פון דער הייל, אָבער דאָ האָט אַנטאָן מיט אַמאָל פאַרהאַלטן דאָס פערד, אַז זיינע הינטערשטע קאָפּיטעס האָבן אַזש אַ קריץ געטון אויף די שטיינער.

— וואָס איז דאָס?

דער אויסגאַנג איז מיט אַמאָל פאַרשטעלט געוואָרן מיט מענטשן און פערד. עפּעס אַ מחנה רייטער איז אַריין אין הייל און זיך אויסגעשטעלט צו זעקס אין אַ שורה. זיי זענען געווען אַ דריי הונדערט מאַן. אַנטאָן האָט אַ קוק געטון, און הגם ער איז אַלס אַלטער זעלנער שוין געוווינט געווען צו אַלע סכנות, האָט פונדעסטוועגן דאָס הארץ אַ צאַפּל געטון אין זיין ברוסט, און זיין פּנים איז געוואָרן בלייך ווי דער טויט.

ער האָט דערקענט דעם פירשט יאַרעמאַס דראַגונער.

אַנטלויפן איז געווען צו שפּעט, קוים צוויי הונדערט שריט האָבן אָפּגעשייט אַנטאָנס מחנה פון די דראַגונער, און די אויסגעמאַטערטע פערד פון די קאָזאַקן וואָלטן ווייט נישט אַוועק פון די נאָכיאָגער. אַז די דראַגונער האָבן זיי דערזען, האָבן זיי זיך געלאָזט זיי אַקעגנלויפן און בגלד זענען די קאָזאַקן אַרומ־געריגגלט געוואָרן פון אַלע זייטן.

— ווער זייט איר? — האָט דער פּאָרוטשניק שטרענג געפרעגט.

— באָהונס מענטשן! — האָט אַנטאָן געענטפערט, זע־

ענדיק, אַז מען מוז זאָגן דעם אמת, ווייל סיי-ווי-סיי וועט דער קאָליר פון זייערע הלבשות אויסגעבן ווער זיי זענען. דערקע-נענדיק אָבער דעם פּאָרוטשניק, וועלכען ער פלעגט זען אין פּערעיאַסלאַוו, האָט ער באַלד אויסגעשריגען מיט אַ געמאַכטער שמחה: — הער פּאָרוטשניק קושעל! אַ לויב צו גאָט!

— און דאָס ביסט דו, אַנטאָן — האָט דער פּאָרוטשניק געזאָגט, באַטראַכטנדיק גוט דעם עסאול. — וואָס טוט איר דאָ? ווו איז אייער אַטאַמאַן?

— דער גרויס-העטמאַן האָט אַרויסגעשיקט אונזער אַטאַמאַן צום פירשט וואָיעוואָדא מיט אַ בקשה וועגן הילף, דעריבער איז דער אַטאַמאַן געפאָרן קיין לובני, און אונז האָט ער דאָ גע-הייסן זיך שלעפּן איבער די דערפער און כאַפּן די אַנטלויפנ-דיקע.

אַלץ, וואָס אַנטאָן האָט דערציילט, איז געווען שקר-וכזב, אָבער ער איז געווען זיכער, אַז אויב דער דראַגונער-פּאָלק קומט פון דער דניעפּר-זייט, קאָן ער נאָך גאָר נישט וויסן נישט וועגן איבערפאַל אויף ראָזלאָגי, נישט וועגן דער שלאַכט ביי וואסילווקא און בכלל נישט וועגן באַהונס אַנדערע מעשים.

און דער פּאָרוטשניק האָט געזאָגט:

— מ'וואָלט געקאָנט מיינען, אַז איר ווילט זיך אַריבער-גנבענען צו די מורדים.

— עי, הער פּאָרוטשניק — האָט אַנטאָן זיך אָנגערופן — ווען מיר וואָלטן וועלן צושטיין צו כמיעלן, וואָלטן מיר נישט געווען אויף דער זייט דניעפּר.

— אמת טאַקע — האָט קושעל געזאָגט — אַ בעשיינ-פּערלעכער אמת, וועלכען איך קען נישט אָפּלייקענען. אָבער דער אַטאַמאַן וועט נישט טרעפן דעם פירשט וואָיעוואָדא אין לובני.

— אָ! און ווו איז דער פירשט?

— ער איז געווען אין פּרילוקי. ער איז אפשר ערשט נעכטען אַרויסגעפאָרן קיין לובני.

— אַ שאָד. דער אַטאַמאַן האָט אַ בריוו פון העטמאַן צום

פּירשט; אָבער איך בעט-איבער אייער כבוד: צו פירט איר פון זאלאטאנאשא דאָס מיליטער?

— ניין. מיר זענען געשטאַנען אין קאַלינקי, און איצט האָבן מיר באַקומען אַ באַפעל, פּונקט ווי אַלע חיילות, צו קימען קיין לובני, פון וואַנען דער פּירשט וועט אַרויסמאַרשירען מיט דער גאַנצער מאַכט. און וויהין גייט איר?

— קיין פּראָהאָרוווא, ווייל דאָרט גייען די פּויערן אַריבער דעם טייך:

— אַסך זענען שוין אַנטלאָפן?

— אוי, אסך! אַ סך!

— נו, פאָרט מיט גאָט!

— מיר דאַנקען אייך הכנעהדיק. זאָל גאָט זיין מיט אייך.

די דראַגונער האָבן זיך צושפּרייט און דורכגעלאָזט אַנטאָנס מחנה, וועלכע איז צוגעריטען צום אויסגאַנג פון דער הייל.

אַרויסקומענדיק פון דער הייל האָט אַנטאָן זיך אָפּגעשטעלט און זיך גוט צוגעהערט, און ווען די דראגונער זענען שוין נעלם געוואָרן פון זיינע אויגן און עס איז נאָך זיי פאַרקלונגען דער לעצטער ווידערקול, האָט ער זיך געווענדעט צו זיינע קאָזאַקן און געזאָגט:

— ווייסט איר, שוטים, אַז ווען נישט איך, וואָלט איר אין דריי טעג אַרום געפגרט אויף די תליות אין לובני. און איצט טרייבט די פערד, ווען אפילו די נשמה זאָל זיי אויס-גיין.

און זיי האָבן זיך געלאָזט רייטן מיטן גרעסטן אימפּעט.

— מיר האָבן געהאַט מזל — האָט אַנטאָן געטראַכט — אַ דאָפּעלט מזל: ערשטענס, וואָס מיר זענען אַרויס בשלום, און צווייטענס, וואָס די דאָזיקע דראַגונער זענען נישט געגאַנגען פון זאַלאָטאָנאָשא און וואָס זאַגלאָבא האָט זיך מיט זיי נישט צו-נויפגעטראָפן, ווייל אויב ער וואָלט זיי באַגעגנט, וואָלט ער שוין באַוואָרענט פאַר יעדן באַגעגעניש.

און באמת איז דאָס געווען פאַר הער זאַגלאָבאן זייער אַ שלימזלדיקער טראַף, אין ווערכן די הצלחה דאָט זיך פון אים אָפּגעקערט, וואָרום אַז ער וואָלט זיך אָנגעשטויסן אויפן הער קושעל און זיין פאָלק, וואָלט ער מיט אַמאָל ניצול געוואָרן און פטור געוואָרן פון יעדער מורא.

דערוויל האָט אים אין פּראָהאָרוווקא געטראָפן ווי אַ דונער די ידיעה וועגן דער קאָרסונער מפּלה. שוין אויפן וועג קיין זאָלאָטאָנאָשא, איבער די דערפער און חוטאָרס, זענען אַרומגעגאַנגען קלאַנגען וועגן דער גרויסער שלאַכט, אַפילו וועגן כמיעלס נצחון, אָבער הער זאַגלאָבא האָט אין זיי נישט געגלויבט, וואָרום די ערפאַרונג האָט אים געלערנט, אַז צווישן פאָלק וואַקסט אויס יעדע ידיעה אין די גרעסטע גוזמאות און אַז באַזונדערס האָט דאָס דאָזיקע פאָלק ליב צו דערציילן זיך נסים-ונפלאות וועגן נצחונות פון קאָזאַקן. אָבער אין פּאָראָהאָווקא איז שוין שווער געווען זיך לענגער צו האַלטן ביי די ספקות. דער שרעקליכער און ביז-אָנזאָגענדיקער אמת האָט אים, ווי מיט אַ האַמער, אַ זעץ געטון אין קאָפּ אַריין. כמיעל האָט טריומפירט, די קרוין-חיילות זענען פאַרטיליקט געוואָרן, די העטמאַנעס אין געפאַנגענשאַפט, גאַנץ אוקראַינע איז געווען אַרומגעכאַפּט פון פייער.

הער זאָגלאָבא האָט אין דער ערשטער רגע פאַרלוירן דעם קאָפּ. ער איז געווען אין אַ שרעקלעכן מצב. די הצלחה האָט אים נישט צוגעשפּילט אויך אויפן וועג, ווייל אין זאַלאָטאָנאָשא האָט ער נישט געפונען קיין שום גאַרניזאָן. די שטאָט האָט געקאָכט קעגן די ליאַכן, און די אַלטע פעסטונג איז געווען פאַרלאָזט. ער איז נישט געווען מסופק קיין איין רגע, אַז באַהון זוכט אים און אַז פריהער אָדער שפּעטער וועט ער פאַלן אויף זיינע שפּורען. דער שלאַכטשיץ איז אמת געלאָפן ווי אַ געדרודפטער האָז, אָבער ער האָט גוט געקענט דעם יאַגד-הונט, וואָס יאָגט אים, און ער האָט געוווסט, אַז דער דאָזיגער יאַגד-הונט וועט זיך נישט לאָזן אַראָפּפירן פון וועג. און אַזוי האָט הער זאַגלאָבא נעהאַט היטער זיך באַהונען, פאַר זיך די שטור-

מיִשע מרידה פֿון די פּויערן, שחיטות, שרפֿות טאָטערישע מחנות, צווילדעווטע מאַסן.

אַנטלויפֿן ביי אַזאַ מצב — דאָס איז געווען אַ עובדא נישט צום אויספֿירן, ב רט נאָך אַנטלויפֿן מיט אַ מיידל, וואָס הגם זי איז געווען איבערגעטון פֿאַר אַ בעטלער־יונגל, האָט זי אָבער אומטום ג צויגן אויף זיך די אויפֿמערקזאַמקייט מיט איר אויסטערלישער שיינקייט.

באמת, ס'איז געווען פֿון וואָס צו פֿאַרלירן דעם קאָפּ.

אָבער הער זאַגלאָבא האָט אים קיינמאָל אויף לאַנג נישט פֿאַרלוירן. ביים גרעסטן צוטומלעניש אין מוח, האָט ער גוט געזען, אָדער בעסער געזאָגט געפֿילט מיט אַלע זיינע חושים נאָר דאָס איינע, אַז פֿאַר באַהונען האָט ער הונדערט מאָל מער מורא, איידער פֿאַר פֿייער, וואַסער, מרידה, שחיטה און אפֿילו פֿאַר במיעלניצקען גופֿא. בלויז אויפֿן געדאַנק, אַז ער וואָלט געקענט אַריינפֿאַלן אין די הענט פֿון שרעקלעכן קאָזאַק, האָבן זיך ביי הער זאַגלאָבא די האָר געשטעלט קאַפּויר. „ער וואָלט מיך דאָס מקיים־פּסק געווען! — האָט ער יעדע ווילע זיך איבערגעחזרט — און דאָ פֿאַר מיר בושעוועט דער ים פֿון מרידה!”.

נאָר איין וועג איז געבליבן זיך צו ראַטעווען: אַוועקוואַרפֿן העלענאַן און זי איבערלאָזן אויף גאָטס באַראָט, אָבער דאס האָט הער זאַגלאָבאַ נישט געוואָלט טון.

— נישט אַנדערש — האָט ער צו איר געזאָגט — נאָר איר האָט מיט מיר עפּעס אַ כּישוף געטון, אַזוי אַז מען וועט צוליב אייך פֿון מיר די הויט אַראָפּשינדן.

אָבער אַוועקוואַרפֿן זי, האָט ער נישט געוואָלט און ער האָט אַפֿילו נישט צוגעלאָזט אַזאַ געדאַנק אין קאָפּ אַריין. וואָס האָט ער געזאָלט טון?

— יאָ — האָט ער געטראַכט — ס'איז איצט נישט קיין צייט אויפֿצוזוכן דעם פֿירשט! פֿאַר מיר איז אַ ים, וועל איך מיך טאַקע אַריינוואַרפֿן אין דעם דאָזיקן ים, און וועל לכל הפּחות זיך אויסבאַהאַלטן, און אַז גאָט וועט העלפֿן, וועל איך אויך צושווימען צום צווייטן ברעג.

און ער האָט באַשלאָסן זיך אַריבערצוקלייבן אויפֿן רעכט ברעג פֿון דניעפּר.

אָבער אין פּראָהאָרוווקאַ איז דאָס נישט געווען קיין לייכטע זאַך. הער מיקאָלאַי פּאָטאָצקי האָט נאָך פֿאַר קשעטשאָוו־סקין און די חיילות, וואָס זענען מיט אים אַרויסגעשיקט געוואָרן, צוגענומען אַלע מינים קלענערע און גרעסערע שיפלעך, אָנהויבנ־דיק פֿון פּערעיאַסלאַוו אַזש ביז טשעכרין. אין פּראָהאָרוווקא איז געווען נאָר איין לעכערדיקער פּאַראָם. אויף דעם דאָזיקן פּאַראָם האָבן געוואַרט טויזנט מענטשן, וואָס זענען אַנטלאָפֿן פֿון דער אַרומיקער סביבה אויף יענער זייט דניעפּר. אין גאַנצן דערפֿל זענען געווען פֿאַרנומען אַלע כאַטעס, שטאַלן, שייערס און עס האָט געהערשט אַ אומגעווייַנלעכער יקרות. הער זאַגלאָבאַ האָט נישט אויף קיין קאַטאָוועס געמוזט מיט דער לירע און מיט געזאַנג פֿאַרדינען אויף אַ שטיקל ברויט. אַ גאַנצן מעת־לעת האָבן זיי נישט געקאָנט אַריבער דעם טייך, ווייל דער פּאַראָם איז צוויי מאָל קאַליע געוואָרן, מ׳האָט אים דעריבער געמוזט צורעכט־מאַכן. ער האָט מיט העלענאַן פֿאַרבראַכט די נאַכט ויצנדיק אויפֿן ברעג פֿון טייך ביי פֿייער־הויפֿנס צוזאַמען מיט קופּעס פֿון אָנגעשיכורטע פּויערים. און די נאַכט איז געווען אַ ווינטיקע און אַ קילע. העלענאַ איז אַוועקגעפֿאַלן פֿון מידקייט און יסורים, ווייל די פּויערישע שטיוול האָבן איר געמאַכט ווונדן אין די פֿיס. זי האָט מורא געהאַט, אַז זי זאָל נישט מסוכּנדיק קראַנק ווערן. דאָס פּנים איז איר שוואַרץ געוואָרן און בלייך, די וווּנדערבאַרע אויגן זענען פֿאַרלאָשן געוואָרן, יעדע ווײַלע האָט זי דערשלאָגן די מורא, אַז זי קאָן דערקענט ווערן אונטער די פֿרעמדע מלבושים, אָדער אַז באָהונס נאָכיאָגער קאָנען אומ־נעריכטערהייט אָנקומען. אין יענער נאַכט האָבן אירע אויגן זיך צוגעקוקט צו אַ מוראדיקן בילד. די פּויערים האָבן אַראָפּגעבראַכט פֿון טייך ראָס אַ פּאָר שלאַכטשיצעס, וועלכע האָבן זיך געוואָלט אויסבאַהאַלטן פֿאַרן טאָטערישן אָנלויף אין ווישניאָוויעצקיס מלוכה, און זיי האָבן זיי אַכזריותדיק אומגעבראַכט ביים ברעג. זיי האָבן מיט עגבערס געבויערט אין זייערע אויגן און די קעפּ

צוקוועטשט צווישן שטיינער. אַ חוץ דעם זענען אין פּראָהאָרוווקא געווען צוויי ייִדן מיט הויז־געזינטער. זיי האָט דער צובושעוועטער המון אַרייַנגעוואָרפֿן אין דניעפּר, און ווען זיי האָבן נישט באַלד געוואָלט זיך אַראָפּלאָזן אויפֿן דנאָ, האָט מען זיי מיט לאַנגע באַהאָקנטע דרענגער אַראָפּגעשטופּט צוזאַמען מיט זייערע ווייבער און קינדער. די דאָזיקע רציחות זענען באַגלייט געוואָרן פֿון אַ געפּילדער און שכּרות. די בגילופֿנדיקע בחורים האָבן אַרומגעהוליעט מיט די בגילופֿנדיקע מוידן. שרעקלעכע געלעכטער־אויסברוכן האָבן אימהדיק געהילכט אויף די פֿינסטערע ברעגעס פֿון דניעפּר! דער ווינט האָט צוזייט די פֿייער־הויפֿנס, רויטע גליענדיקע שפּענער און פֿונקען, געטראָגן פֿון שטורם־ווינד, זענען געפֿלויגן און אַראָפּגעפֿאַלן גוססן אויף די כוואַליעס. פֿון ווײַלע צו ווײַלע איז אַנטשטאַנען אַ מהומה. פֿון צייט צו צייט האָט עפּיס אַ שכּורע, הייזעריקע שטים אויסגערופֿן אין דער פֿינסטערניש: „מענטשן, ראַטעוועט זיך, יאַרעמאַ גייט!!" אין דער המון האָט זיך בלינדערהייט אַ לאָז געטון צום ברעג, זיך געטרעטן מיט די פֿיס, אַראָפּגעשטופּט זיך אין וואַסער. איין מאָל האָט מען שיִער נישט צוטרעטן זאַגלאָבאַן און העלענאַן. דאָס איז געווען אַ אמתע גיהנום־נאַכט און עס האָט זיך געדוכטן, אַז זי וועט זיך ציִען אָן אַ עק. זאַגלאָבאַ האָט אויסגעקבצנט אַ קוואָרט בראָנפֿן, האָט אַליין געטרונקען און געצוווּנגען העלענאַן צו טרינקען, ווייל אַנדערש וואָלט זי געחלשט, אָדער אַרייַנגעפֿאַלן אין פֿיבער. צום סוף האָט די דניעפּר־כוואַליע זיך גענומען ווייסלען און בלאַנקען. ס׳האָט געטאָגט. דער טאָג איז אויפֿגעשטאַנען אַ פֿערכמאַרעטער, אַ טריבער, אַ בלייכער. זאַגלאָבאַ האָט געוואָלט וואָס גיכער זיך אַריבערפּעקלען אויף די צווייטע זייט. צום גליק איז דער פּאָראָס שוין געווען צורעכט־געמאַכט. אָבער דאָס געשטופּ אַרום איִם איז געווען מוראדיק.

— אַ פּלאַץ פֿאַרן דיד, אַ פּלאַץ פֿאַרן דיד — האָט זאַגלאָבאַ געשריגן, האַלטנדיק העלענאַן פֿאַר זיך צווישן זיינע אויסגעשטרעקטע הענט און שיצנדיק זי פֿאַרן געדראַנג. — אַ פּלאַץ פֿאַרן דיד! צו כמיעלניצקין און קשיוואָנאָסן גיי איך! אַ

פלאַץ פאַרן דיר, גוטע מענטשן, ליבע קאָזאַקן, אַז דער מלאך־המות זאָל אייך דערווערגן, אייך און אייערע קינדער! כ׳זע ניִשט גוט, כ׳וועל אַריינפאַלן אין וואַסער, איר וועט מיר דאָס יונגל דערטריִנקען. לאָזט אַדורך, קינדער, אַז אַ שלאַק זאָל אייך אויסקרומען אַלע אברים, אַז איר זאָלט אַ פּגירה איינעמען, אַז איר זאָלט אומקומען אויף די תּליות!

אַזוי שרייענדיק, שעלטנדיק און אַוועקשטויסנדיק דעם המון מיט זיינע מעכטיקע אָרעמס, האָט ער צוערשט אַריינגע־שטופּט העלענאן אין פּאראם, און נאָכדעם ווי ער האָט זיך מיט מאַטערניש אַליין אַריינגעפּאַקט אין איִם, האָט ער ווידער גע־נומען מאַכן קולות:

— געגוג שוין, וואָס שטופּט איר זיך, איר וועט דעם פּאַ־ראָם דערטרונקען, אויב איר וועט זיך דאָ אַזויפיל אָנפּאַקן. גע־נוג! ס׳וועט קומען די ריי אויך אויף אייך, און אז עס וועט ניִשט קומען, איז אויך נישט קיין אומגליק.

— גענוג, גענוג! — האָבן געשריגן די, וואָס זענען שוין געווען אין פּאראם — אָפּפאָרן! אָפּפאָרן!

די רודערס האָבן זיך אויסגעצויגן און דער פּאראם האָט גענומען זיך דערווייטערן פון ברעג. אַ האַסטיקע כוואַליע האָט איִם באַלד אַוועקגעטראָגן מיטן לויף פון טייך, אין די ריכטונג פון דעמאָנטאָוו.

זיי זענען שוין געווען אריבערגעשווומען אַ העלפט פון טייך אין דער ברייט, ווען עס האָבן זיך אויף דער זייט פון פּראָהאָרוווקא דערהערט מיט אַמאָל געשרייען, אויסרופן. אַ שרעקלעכע מהומה איז אַנטשטאַנען צווישן המון, וואָס איז גע־בליבן ביים וואַסער; אַ טייל זענען ווי משוגעים געלאָפן צו דע־מאָנטאָוו־צו. אַ צווייטער טייל איז אַריינגעשפּרונגען אין וואַסער, נאָך אַ טייל האָט געשריגן, געפאָכעט מיט די הענט אָדער זיך געוואָרפן אויף די ערד:

— וואָס איז דאָס? וואָס איז געשען? — האָט מען גע־פרעגט אויפן פּאַראָם.

— יאַרעמאַ! — האָט איין שטים אויסגעשריגן.

— יאַרעמאַ! יאַרעמאַ! לאָמיר אַנטלויפֿן! — האָבן אויסגערופֿן אַנדערע.

די רודערס האָבן גענומען פֿיבערהאַפֿט פּאַטשען אין וואַסער, דער פּאַראָם איז געפֿלויגן ווי אַ קאָזאַק־שיפֿל איבער דער כוואַליע.

אין דער רגע האָבן עפּיס רייטער זיך באַוויזן אויפֿן פּראָהאָרוווקער ברעג.

— יאַרעמאַס היילות! — האָט מען אויסגערופֿן אויפֿן פּאַראַם.

די רייטער זענען געלאָפֿן איבערן ברעג, האָבן זיך געדרייט, אויסגעפֿרעגט די מענטשן וועגן עפּיס — צום סוף האָבן זיי גענומען נאָכשרייען די מענטשן אויפֿן פּאַראָם:

שטיין! שטיין!

זאַגלאָבאַ האָט אַ קוק געטון און אַ קאַלטער שווייס האָט אים באַגאָסן פֿון קאָפּ ביז צו די פֿיס — ער האָט דערקענט באָהונס קאָזאַקן.

און באמת, דאָס איז געווען אַנטאָן מיט זיינע מענטשן.

אָבער, ווי געזאָגט, האָט זאַגלאָבאַ קיינמאָל אויף לאַנג דעם קאָפּ נישט פֿאַרלוירן; ער האָט פֿאַרשטעלט די אויגן מיט דער האַנט, כלומרשט ווי אַ מענטש וואָס דערזעט נישט גוט און מוז זיך דעריבער לאַנג איינקוקן, צום סוף האָט ער גענומען שרייען, גלייך ווי עמיצער וואָלט פֿון אים די הויט געשינדען:

— קינדער, דאָס זענען ווישניאָוויעצקיס קאָזאַקן! אָ, געדענקט אין גאָט און אין דער הייליקער־ריינסטער! גיכער צום ברעג! יענע, וואָס זענען דאָרט געבליבן, וועלן מיר שוין מוזן מספּיד זיין, און דעם פּאַראָם מוזן מיר צושמעטערן, ווייל אַנדערש וועלן מיר אַלע אומקומען!

— גיכער, גיכער, צושמעטערן דעם פּאַראָם! – האָבן אַנדערע געשריגן.

ס׳איז געוואָרן אַ געשריי און אַ גערליאַרם, ביי וועלכן מ׳האָט נישט דערהערט די אויסרופֿן פֿון דער פּראָהאָרוווקער זייט. אין

דער רזע האָט דער פּאַראָם זיך אַרייַנגערוקט מיִט אַ סקריִפּעריי
איִן זאַמד פון ברעג. די פויערן האָבן גענומען אַרויסשפּריִנגען,
אָבער ס׳האָבן נאָך ניִשט אַלע באַוויִזען זיִך אַרויסצוזעצן, ווי אַ
מויל האָט שוין גענומען רייסן די ווענט פון פּאַראָם, צוקלאַפּן
דעם דנאָ מיִט העק. ברעטער און אָפּגעהאַקטע שפּענער האָבן
גענומען פליִען איִן דער לופט. מ׳האָט אַ תּל געמאַכט פון דער
אומגליִקליִכער שיִף מיִט אַ רציחה און פאַריִסנקייט, מ׳האָט זי
צוריִסן אויף שטיִקער און פּיִצלעך, דער פּחד האָט צוגעגעבן כּוח
די מחבליִם.

און איִן דער זעלבער צייט האָט הער זאַגלאָבא געשריִגן:

— האַקט, בראָקט, פליִקט, ברענט — ראַטעוועט זיִך! יאַ-
רעמא גייט! יאַרעמא גייט!

אַזוי שרייענדיִק, האָט ער אָנגעשטעלט זיין געזונט אויג
אויף העלענאן און גענומען מיט אים פּינטלען.

זעענדיִק די פאַרניכטונג פון פּאַראָם, זענען די קולות אויף
יענעם ברעג געוואָרן וואָס אַמאָל העכער, אַזוי אָבער ווי דער
מרחק איִז געווען צו גרויס, איז ניִשט מעגלעך געווען צו פאַר-
שטיין, וואָס מ׳האָט דאָרט געשריגן. די באַוועגונגען מיט די
הענט זענען געווען ענלעך אויף דראָונגען און זיי האָבן נאָר
פאַרגרעסערט דאָס איילעניש ביים פאַרניכטן דעם פּאַראָם.

דער פּאַראָם איִז אין אַ ווייַלע אַרום נעלם געוואָרן, אָבער
מיִט אַמאָל האָט זיך פּיִן אַלעמענס בריסטן ווידער אַרויסגעריִסן
אַ אויסגעשריי פון שרעק און פּחד:

— זיי שפּריִנגען איִן וואַסער אַריין! זיי שווימען צו
אונז!! — האָבן די פּויערים געשריִגן.

צוערשט איין רייטער און נאָך אים א פּאָר צענדליִק
אַנדערע זענען טאַקע אַריינגעשפּרונגען מיִט די פערד אין וואַ-
סער און זיִך געלאָזט שווימען צום צווייטן ברעג. דאָס איז
געווען אַ מסירות-נפשדיקער שריט, וואָס האָט געגרעניִצט כּמעט
מיט משוגעת, ווייל דאָס וואַסער, וואָס איז געשטיגן אין פרילינג,
האָט געשטראָמט האַסטיקער ווי תּמיד, בילדנדיִק דאָ און דאָרט
ווירבלדיקע און שלענגלדיקע כוואַליעס. די פּערד, וואָס זענען

מיטגעריסן געוואָרן מיטן אימפּעט פֿון טייך, האָבן נישט געקאָנט שווימען גלייך, די כוואַליע האָט זיי גענומען אַוועקטראָגן מיט אַ אומגעווייניגלעכער געשווינדקייט:

— זיי וועלן נישט צושווימען!

— זיי וועלן זיך טרענקען!

— אַ לויב צו גאָט! אָ! אָ! איין פערד איז שוין געזונקען!

— אַ טויט אויף זיי!

די פּערד זענען דורכגעשוואומען אַ דריטעל פֿון טייך, אָבער דאָס וואַסער האָט זיי געטראָגן טייך־אַראָפּ וואָס אַמאָל שטאַרקער. זיי האָבן אַפּנים געגומען אָנווערן די כּוחות און זענען בּיסלעכווייז געזינקען וואָס אַמאָל טיפער. אין אַ ווײַלע אַרום זענען די קאָזאַקן, וואָס זענען אויף זיי געזעסן, שוין געווען אין וואַסער ביז צום גאַרטל. עס איז אַריבער אַ געוויסע צייט. פֿון שעלעפּוכא זענען אָנגעלאָפן פויערן קוקן, וואָס עס קומט פֿאָר; שוין בלויז די קעפּ פֿון די פערד האָבן אַרויסגעקוקט פֿון די כוואַליעס, און די קאָזאַקן האָט דאָס וואַסער געגרייכט ביז צו דער ברוסט. זיי זענען אָבער שוין געווען אַריבער אַ העלפֿט פֿון טייך. מיט אַמאָל איז איין פערדישער קאָפּ און איין קאָזאַק נעלם געוואָרן אונטערן וואַסער, און נאָך אים אַ צווייטער, אַ דריטער, אַ פֿערטער און אַ פֿינפֿטער... די צאָל פֿון די שווימענדיקע איז געוואָרן וואָס אַמאָל קלענער. אויף ביידע זייטן פֿון טייך האָט צווישן המון געהערשט אַ טיפֿע שטילקייט, אָבער זיי זענען אַלע מיטגעגאַנגען מיטן לויף פֿון טייך זען, וואָס עס וועט געשען. זיי זענען שוין געווען אַריבער צוויי דריטל פֿון טייך, די צאָל פֿון די שווימענדיקע איז געוואָרן נאָך קלענער, אָבער מ'האָט שוין געהערט דאָס שווערע כראָפּען פֿון די פערד און די שטימען, וואָס האָבן די קאָזאַקן צוגעגעבן חשק; מ'האָט שוין געזען, אַז אַ פּאָר וועלן צושווימען צום ברעג.

מיט אַמאָל האָט זיך אין דער שטילקייט דערהערט זאַגלאָבאַס קול:

— העי, קינדער! צו די ביקסן! אַ טויט דעם פֿירשטס מענטשן!

ס'האָבן אַ זעץ־געטון רויך־קנוילן, עס האָבן געקנאַלט שאָסן. אַ פאַרצווייפלט געשריי האָט אָפּגעהילכט פון טייך און אין אַ ווילדע אַרום זענען פאַרשוונדן די פערד, די קאָזאַקן. אַלץ. דער טייך איז געווען פוסט, נאָר ערגעץ שוין ווייטער, אין די ווירבלדיקע כוואַליעס, האָט זיך פון צייט צו צייט באַוויזן אַ בויך פון אַ פערד, פון צייט צו צייט האָט אַ בלאַנק געטון אַ היטל פון אַ קאָזאַק.

זאַגלאָבאַ האָט געקוקט אויף העלענאַן און געפינטלט מיטן אויג...

## 6 קאַפּיטל.

דער פירשט וואָיעוואָדא פון רוס האָט שוין געוווסט וועגן דער קאָרסונער מפּלה, נאָך איידער ער האָט באַגעגנט דעם הער סקשעטוסקי, וואָס איז געזעסן אויף די חורבות פון ראָזלאָגי, ווייל הער פּאָלאַנאָוויסקי, אַ הוזאַר, דעם פירשטס אַ מקורב, האָט אים וועגן איר מודיע געווען אין סאַהאָטין. לכתחילה האָט דער פירשט זיך אויפגעהאַלטן אין פּרילוקי און פון דאָרט אַרויסגע־שיקט צו די העטמאַנעס דעם הער באָגוסלאַוו מאַשקעוויטש מיט אַ בריוו, אין וועלכן ער פרעגט אָן, ווו זיי באַפעלן אים זיך צו שטעלן מיטן גאַנצן חייל. ווען אָבער הער מאַשקעוויטש מיט דער תשובה פון די העטמאַנעס האָט לאַנג געלאָזט אויף זיך וואַרטן, איז דער פירשט אַוועק קיין פּערעיאַסלאַוו, אַרויסשיקנ־דיק פון דאָרט אין אַ״ע זייטן פאָרפּאָסטנס און אויך באַפעלן, אַז די אַלע פּאָלקן, וואָס זענען נאָך אויף יענער זייט דניעפּר געווען צעוואָרפן דאָ און דאָרט, זאָלן ווי אַמגיכסטן זיך צוזאַ־מענקומען אין לובני.

אָבער עס זענען אָנגעקומען ידיעות, אַז בערך צוואַנציק קאָזאַקישע פּאָלקן, וואָס זענען געשטאַנען אויף די פעלדער ביי די גרעניצן פון דער טאָטערישער מלוכה, האָבן זיך צושאָטן אָדער זענען גאָ צוגעשטאַנען צו דער מרידה. אַזוי אַרום האָט דער פירשט געזען, ווי זיינע כוחות זענען מיט אַמאָל פאַרמינערט געוואָרן און ער האָט דערפון געהאַט נישט ווייניק עגמת־נפש, ווייל ער האָט זיך נישט געריכט, אַז די דאָזיקע מענטשן, וועל־כע ער האָט אַזוי פיל מאָל געפירט צו נצחונות, זאָלן אים ווען־עס־איז קאָנען פאַרלאָזן. נאָכדעם אָבער, ווי ער האָט זיך באַ־געגנט מיט הער פּאָלאַנאָווסקין און נאָכדעם ווי ער האָט באַקו־מען די ידיעה וועגן אומדערהערטער מפּלה, האָט ער די דאָזיקע

ידיעה געהאַלטן בסוד פאַר דער אַרמיי און זיך געלאָזט ווייטער צום דניעפּר-צו, ווילנדיק בלינדערהייט אַריינדרינגען אין מיטן פון שטורם און דער מרידה, און אָדער נקמה-נעמען פאַר דער מפּלה, אָפּוואַשן דעם פלעק פון דער אַרמיי, אָדער אַליין פאַר-גיסן זיין בלוט. ער האָט דערביי גערעכנט, אַז עפּיס, און אפשר גאָר אַ היבשער טייל פון די קרוין-חיילות האָט געמוזט ניצול ווערן פון פּאָגראָם. און ווען די דאָזיקע רעשטלעך וואָלטן זיך פאַרייניקט מיט זיין זעכציק-טויזנט-קעפּיקער דיוויזיע, וואָלט ער זיך געקאָנט פאַרמעסטן מיט כמיעלניצקין און האָפן אויף אַ נצחון.

שטייענדיק בכן אין פּערעיאַסלעוו, האָט ער באַפוילן דעם קליינעם הער וואָלאָדיאָווסקי און דעם הער קושעל, אַז זיי זאָלן זייערע דראַגונער פאַנאַנדערשיקן אויף אַלע זייטן, קיין טשער-קאַסי, קיין מאַנטאָוו, סיעקערנא, בוטשאַטש, סטאַיקי, טרעכטי-מיראָוו, זשישטשעוו, אויף אַראָפּצוברעגנגען אַלע שיפלעך און פּאַראָמען, וואָס האָבן זיך געפינען אין דער סביבה. שפּעטער האָט דאָס חייל געזאָלט אַריבערגיין פון לינקען ברעג קיין זשישטשעוו.

פון די אַנטלויפנדיקע, וואָס די שליחים האָבן באַגעגנט דאָ און דאָרט, האָבן זיי זיך דערוווסט וועגן דער מפּלה, אָבער אין אַלע יענע ערטער האָבן זיי נישט געפונען קיין איין שיפל, ווייל, ווי ס'איז שוין געווען דערמאָנט, האָט דער גרויסער קרוין-העטמאַן שוין לאַנג אַ העלפּט פון זיי געהאַט צוגענומען פאַר קשעטשאָווסקין און באַראַבאַשן, און די רעשט האָט פאַר-ניכטעט אויפן רעכטן ברעג דער צעבונטעוועטער המון, וועלכער האָט מורא געהאַט פאַרן פּירשט. פונדעסטוועגן האָט הער וואָ-לאָדיאָווסקי צוזאַמען מיט נאָך צען מאַן זיך אַריבערגעקליבן אויפן רעכטן ברעג אויף אַ טראַטווע, וואָס ער האָט געהייסן פון קלעצער צוזאַמענקלאַפּן אויף דער שנעל, דאָרט האָט ער געכאַפּט אַפּאָר צענדליק קאָזאַקן, וועלכע ער האָט געשטעלט פאַרן פּירשט. פון זיי האָט זיך דער פּירשט דערוווסט וועגן דעם גוואַלדיקן פאַרנעם פון דער מרידה און די שרעקלעכע

פּירות, וואָס די קאָרסונער מפּלה האָט שוין געצייטיקט. אין גאַנץ אוקראַינע האָט זיך צופלאַקערט די מרידה און עס איז ממש דאָרט נישט געבליבן קיין איין מענטש, וואָס איז צו איר נישט צוגעשטאַנען. די מרידה האָט זיך פאַנאַנדערגעגאָסן פּונקט אַזוי ווי אַ מבול, וואָס פליצט איבער אַ פלאַכקייט און פאַרפלייצט כהרף-עין וואָס אַמאָל גרעסערע שטחים, די שלאַכטע האָט זיך פאַרטיידיקט אין די גרעסערע און קלענערע שלעסער. אָבער אַ סך פון זיי זענען שוין געוועזן איינגענומען,

כמיעלניצקיס כּוחות זענען געוואַקסן פון ווײַלע צו ווײַלע. די געכאַפּטע קאָזאַקן האָבן שוין אָנגעגעבן די צאָל פון זײַנע חיילות אויף צוויי הונדערט טויזנט מאַן, און אין משך פון אַ פּאָר טעג האָבן די דאָזיקע כּוחות לײַכט געקענט פאַרטאָפּלט ווערן. דערפאַר איז ער נאָך דער שלאַכט נאָך געבליבן אין קאָרסון. און אויסנוצנדיק די הפסקה, האָט ער בינו-לבינו אַרײַנגעבראַכט אַ סדר אין זײַנע פּילצאָליקע מחנות. דעם המון האָט ער צוטיילט אין פּאָלקן, ער האָט באַשטימט פּאָלקאָווניקעס פון צווישן די אַטאַמאַנעס און די אויסגעפּרוווטעסטע זאַפּאָראָזשער עסאַאולען — ער האָט אַרויסגעשיקט פאָרפּאָסטנס, אָדער גאַנצע דיוויזיעס אויף אײַנצונעמען די נאָנטע שלעסער. באַטראַכטנדיק דאָס אַלץ, האָט פירשט יאַרעמי איינגעזען, אַז אין די געגנטן, אין וועלכע ער האָט זיך איצט אויפגעהאַלטן, קאָן נישט זײַן קיין רייד וועגן אַ מעגלעכקייט זיך אַריבערצוקלייבן אויף יענער זײַט דניעפּר, הן צוליב דעם פעלן פון שיפלעך, וואָס דאָס צוגרייטן זיי פאַר 6000 מאַן וואָלט פאַרנומען אַפּאָר וואָכן צײַט, און הן צוליב די אומגעווײנלעכע כּוחות פון שונא. אין מלחמה-ראַט האָבן הער פּאָלאַנאָווסקי, פּאָלקאָווניק באַראַנאָווסקי, דער שעף פון די וואַך-חיילות הער אַלעקסאַנדער באַראַנאָווסקי, הער וואָלאָדיאָווסקי און וורצעל אַרויסגעזאָגט די מיינונג, אַז מען זאָל מאַרשירן אויף צפון צו טשערניגאָוו. וועלכע איז געלעגן הינטער ווײַסטע וועלדער, פון דאָרט זיך לאָזן קיין לובעטש און דאָרט ערשט אַריבערגיין דעם טײַך צו בראַהום-צו. דאָס איז געווען אַ לאַנגער און סכּנהדיקער וועג, ווײַל הינטער די טשער-

ניגאָווער וועלדער זענען אויפֿן וועג קיין בראַהין געלעגן געוואַלדיקע בלאָטעס, וועלכע עס וואָלט אַפֿילו די פֿוס־גייער נישט לייכט זיך געקומען דורכצוגיין, אַפּשיטאַ־שוין דער שווערער קאַוואַלעריע, די פֿורן און דער אַרטילעריע. דעם פֿירשט איז אָבער געפֿעלן געוואָרן די דאָזיקע עצה, נאָר איידער ער האָט זיך אַרויסגעלאָזט אין דעם דאָזיקן לאַנגן וועג, פֿון וועלכן ער האָט זיך שוין ניט געריכט מער צוריקצוקערן, האָט ער געוואָלט נאָך איין מאָל זיך באַווייזן דאָ און דאָרט אין זיין מלוכה אויף יענער זייט דניעפּר, כּדי באַצייטענס נישט צודערלאָזן צום אויסברוך, אַרונטערצונעמען די שלאַכטע אונטער זיינע פֿליגל, אָנוואַרפֿן אַ אימה און אַריינהאַקן די דאָזיקע אימה אין די קעפּ פֿון פֿאָלק, ווייל נאָר זי אַליין האָט אין דער צייט, וואָס דער מושל וועט זיין ווייט פֿון לאַנד, געזאָלט היטן דאָס לאַנד און באַשיצן די אַלע, וועלכע האָבן נישט געקאָנט מיטגיין מיט דער אַרמיי. אַחוץ דעם זענען די פֿירשטין גריזעלדאַ, די פֿריילינס זבאַראַסקי, די הויף־דאַמען, אַלע הויף־לייט און אַפּאָר פֿוס־גייער־רעגימענטן נאָך געווען אין לובני. דער פֿירשט האָט דערביי באַשלאָסן צו גיין קיין לובני אויף צו שיידן זיך מיט איר צום לעצטן מאָל.

די אַרמיי האָט זיך נאָך דעם זעלבן טאָג געלאָזט אין וועג אַריין. בראש פֿון דער אַרמיי איז געגאַנגען הער וואָלאָדיאָווסקי מיט זיינע דראַגונער, וואָס, הגם זיי אַלע אָן אויסנאַם זענען געווען רוטענער, זענען זיי אָבער געהאַלטן געוואָרן אין דער מורא און דיסציפּלין און פֿאַרוואַנדעלט געוואָרן אין רעגולערע זעלנער, אַזוי אַז זיי האָבן מיט זייער טרייקייט אַריבערגעשטיגן כּמעט אַלע אַנדערע פּאָלקן. דאָס לאַנד איז נאָך געווען רואיק. דאָ און דאָרט האָבן זיך שוין צונויפֿגעקליבן קופּעס פֿון הולטאַיעס, וועלכע האָבן גערויבערט סיי די פּריצישע הויפֿן און סיי די פּויערן, זיי זענען אין אַ גרויסער צאָל אויסגעהרגעט געוואָרן אויפֿן וועג און אויפֿגעהאָנגען געוואָרן אויף די תּליות.

אָבער די פּויערן האָבן נאָך אין ערגעץ נישט געפּרובט צו בונטעווען זיך. די געמיטער האָבן זיך געהיצט, אין די אויגן

און נשמות פֿון די פֿויערן האָט געפֿלאַמט אַ פֿייער, אין דער שטיל האָט מען זיך באַוואָפֿנט, מען איז אַריבערגעלאָפֿן דעם דניעפּר. אָבער דער פּחד האָט גובר געווען דעם דורשט נאָך בלוט און רציחות. פֿאַר אַ שלעכטן סימן פֿאַר דער צוקונפֿט האָט מען געקאָנט האַלטן דאָס, וואָס אפֿילו אין יענע דערפֿלעך, פֿון וועלכע די פֿויערן זענען נאָך נישט אַוועק צו כמיעלן, זענען זיי אַנטלאָפֿן אויף די ידיעה, אַז דעם פֿירשטס חיילות דערגענטערן זיך, גלייך ווי זיי וואָלטן מורא געהאַט, אַז דער שרעקלעכער פֿירשט זאָל נישט אַראָפּלעזן פֿון פּנים זייַנע פֿאַרבאָרגענע כוונות און זיי נישט מקיים־פּסק זיין פֿאָרויס. ער האָט אָבער בעשטראָפֿט נאָר דאָרט, ווו ער האָט געפֿונען דעם מינדעסטן סימן פֿון אַ טליענדיקער מרדה, און אַזוי ווי ער האָט בטבע נישט געוווסט פֿון קיין שיעור סיי אין באַלוינען און סיי אין באַשטראָפֿן, האָט ער באַשטראָפֿט אָן אַ מאָס און אָן רחמנות. מ׳האָט געקאָנט זאָגן, אַז אויף ביידע זייטן פֿון דניעפּר האָבן דעמאָלט געבלאָנדזשעט צוויי געשפּענסטער — איינער פֿאַר דער שלאַכטע — כמיעלניצקי, דער צווייטער פֿאַרן צובונטעוועטן המון — פֿירשט יערעמי. צווישן המון האָט מען זיך געשושקעט, אַז ווען די דאָזיגע צוויי וועלן זיך צוזאַמענשטויסן, וועט אַוודאי די זון פֿאַרטונקלט ווערן און דאָס וואַסער אין אַלע טייכן וועט רויט ווערן. אָבער דער צוזאַמענשטויס איז נישט געווען נאָענט, ווייל יענער כמיעלניצקי, דער בעל־נצחון ביי די געלע וואַסערן, דער בעל־נצחון ביי קאָרסון, יענער כמיעלניצקי, וואָס האָט די קרוין־חיילות צוריבן אויף אַש, האָט גענומען אין געפֿאַנגשאַפֿט די העטמאַנעס און איז איצט געשטאַנען בראש פֿון הונדערטער טויזנטער זעלנער, האָט פּשוט מורא געהאַט פֿאַר דעם דאָזיקן מושל פֿון לובני, וועלכער האָט אים געוואָלט זוכן אויף יענער זייט דניעפּר. דעם פֿירשט׳ס חיילות זענען גראָד אַרויס פֿון שלעפּארוד און דער פֿירשט גופֿא האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף אָפּרו אין פֿיליפּווו, ווען מ׳האָט אים מודיע געווען, אַז עס זענען אָנגעקומען כמיעלניצקיס שלוחים מיט אַ בריוו און אַז זיי בעטן אַ אוידיענץ. דער פֿירשט האָט זיי תיכף געהייסן זיך

שטעלן פֿאַר אים. אין דעם הויף פֿון וויצע־סטאַראָסטא, אין וועלכן דער פֿירשט איז איינגעשטאַנען, זענען אַריין זעקס זאַפּאַראזשער, און זיי זענען אַריין געבויג גדלותדיק, באַזונדערס זייער עלטסטער, אַטאַמאַן סולאַ־רוקא, וועלכער האָט זיך אין זיין גדלות נעשטיצט אויף דעם קאָרסונער נצחון און דערויף, וואָס ער איז נאָר וואָס עולה־לגדולה געוואָרן צו אַ פּאָלקאָווניק־אַמט. אָבער ווען זיי האָבן אַ קוק געטון אויפֿן פּנים פֿון פֿירשט, איז זיי בעפֿאַלען אַזאַ גרויסער פּחד, אַז פֿאַלנדיק אים צו די פֿיס, האָבן זיי זיך נישט דערוועגט אַ וואָרט אַרויסצוריידן.

דער פירשט, וועלכער איז געזעסן אין דער סביבה פֿון די חשובסטע ריטער, האָט זיי געהייסן זיך אויפהויבן און ער האָט געפֿרעגט מיט וואָס זיי זענען געקומען.

— מיט אַ בריוו פֿון העטמאַן — האָט געענטפֿערט סולאַ־רוקא.

דאָ האָט דער פירשט אָנגעשטעלט אויפֿן קאָזאַק די אויגן און געזאָגט רויק, שטעלנדיק דעם טראָפּ אויף יעדן וואָרט:

— פֿון שווינדלער, הולטאַי און רוצח, ניט פֿון אַטאַמאַן!

די זאַפּאָראָזשער זענען בלייך געוואָרן, אָדער בעסער געזאָגט, זיי זענען נאָר בלוי געוואָרן, און אַראָפּלאָזנדיק די קעפּ אויף די ברוסט, זענען די שטילשווייגנדיק געשטאַנען ביי דער טיר.

דערווייל האָט דער פֿירשט געהייסן דעם הער מאַשקעוויטש נעמען דעם בריוו און לעזן.

דער בריוו איז געווען אַ הכנעהדיקער. הגם דאָס איז שוין געווען נאָכן נצחון אין קארסון, האָט אין כמיעלניצקין דער פוקס גובר געווען דעם לייב, דער שלאַנג — דעם אָדלער, ווייל ער האָט געדענקט, אַז ער שרייבט צו וווישניאַוויעצקין *).

---

*) סאַמאָיל וויעליטשקאַ, זייט 79. כמיעלניצקי האָט געשריבן צום פֿירשט: „אַז צוליב דער מפּלה, וואָס עס האָבן געליטן די קרוין־העטמאַנעס, זאָל ער פֿירשט ווישניאַוויעצקי, ניט צערנען און ניט באַוויליק אויסצוגיסן זיין כעס אויף אם, אויף כמיעלניצקין“.

ער האָט געחנפֿט דעם פּירשט, אפשר כּדי צו באַרויִקן און אַזוי אַרום לײַכטער צו קאָנען אַ ביס־טון, אָבער ער האָט געחנפֿט. ער האָט געשריִבן, אַז דאָס, וואָס איז געשען, איִז צוליב טשאַפּליִנסקיִס שולד געשען; און אויב די העטמאַנעס האָט אויך געטראָפֿן דאָס אומגליק, איִז ניט ער, כמיעלניצקי, דער חייב, נאָר זייער בייזער מזל און די רדיפֿות, וואָס די קאָזאַקן שטייען אויס איִן אוקראַינע. ער בעט אָבער דעם פּיִרשט, אַז ער זאָל ניט צערנען און באַוויליִקן אים דאָס מוחל צו זיין, און דערפֿאַר וועט ער שטענדיק בלייבן דעם פּיִרשטס גיִטרייער און הכנעהדיקער דיִנער. כּדי אָבער צו געוויִנען דעם פּיִרשטס חסד פֿאַר זיינע שליחים און זיי מציל צו זיין פֿון דעם פּירשטס שטרענגן גרימצאָרן, איז ער מודיע, אַז דעם הוזאַר, דעם הער סקשעטוסקי, וועלכן מ׳האָט געכאַפּט איִן סיטש, לאָזט ער אָפּ אַ געזונטן.

דאָ איִז געגאַנגען אַ סדרה פֿון טענות אויף הער סקשעטוסקיס גאוה, אַז ער האָט פֿון כמיעלניצקין ניט געוואָלט נעמען קיין בריוו צום פּירשט און דערמיט שטאַרק פּוגע־בכּבֿוד געווען אים, דעם העטמאַן, און די גאַנצע זאַפּאָראָזשער אַרמיי. אָט איִן דער דאָזיקער גאוה און ביטול, מיט וועלכע די ליאַכן האָבן זיִך שטענדיק באַצויגן צו די קאָזאַקן, האָט כמיעלניצקי געזען די סבה פֿון אַלץ, וואָס איז געשען, אָנהויבנדיק פֿון די געלע וואַסערן אַזש ביז צו דער שלאַכט איִן קאָרסון. צום סוף האָט זיִך דער בריִוו אויסגעלאָזט מיִט אויסדרוקן פֿון חרטה און טרייקייט פֿאַר דער רעפּובליק און פֿון גרייטקייט הכנעדיק איר צו דינען לויטן וויִלן פֿון פּירשט.

הערנדיק דעם דאָזיִקן בריוו, זענען די שליחים אַליין געווען זייער פֿאַרחידושט, ווייל זיי האָבן פֿריער ניט געוווסט, וואָס איִן דעם דאָזיִקן בריוו שטייט, און זיי האָבן זיִך משער געווען, אַז ער איִז גיִכער פֿול מיט זלזולים און חוצפּהדיקע טענות, איידער מיִט בקשות. קלאָר איִז זיי נאָר געווען, אַז כמיעלניצקי האָט נישט געוואָלט שטעלן אַלץ אויף דער קאָרט אַקעגן אַזאַ באַרימטן פירער, און אַנשטאָט אַרויסצולאָזן קעגן

אים אַלע כּוחות, האָט ער געצעגערט, פֿאַרפֿירט מיט הכנעה־צו־
זאָגן, ווייל ער האָט אַפּנים געוואַרט, אַז דעם פֿירשטס כּוחות
זאָלן אין די מאַרשן און קאַמפֿן מיט איינצעלנע מחנות זיך
צוקרישלען, הקיצור: ער האָט אַפּנים מורא געהאַט פֿאַרן פּירשט.
די הכנעה פֿון די שליחים איז דעריבער געוואָרן נאָך גרעסער
און בעת דעם לעזן האָבן זיי זיך גוט איינגעקוקט אין פֿירשטס
פּנים און געוואָלט פֿון אים אַראָפּלעזן, צי ס'איז נאָר נישט פֿאַר
זיי אָנגעברייט דער טויט, און הגם זיי האָבן זיך אויף אים
געריכט, ווען זיי האָבן זיך געלאָזט אין וועג אַריין, פֿונדעסט־
וועגן איז זיי איצט אַ אימה באַפֿאַלן. און דער פֿירשט האָט
רויק געהערט, נאָר פֿון ווײַלע צו ווײַלע האָט ער אַראָפּגעלאָזט
די ברעמען אויף די אויגן, גלייך ווי ער וואָלט וועלן אין זיי
פֿאַרהאַלטן די פֿאַרבאָרגענע דונערס, און מ'האָט געזען בחוש,
אַז ער באַוועלטיקט זיין שרעקלעכן כּעס. ווען מ'האָט געענדיקט
לעזן דעם בריוו, האָט ער מיט קיין וואָרט זיך ניט אָנגערופֿן
צו די שליחים, נאָר געהייסן וואַלאַדיאַווסקין זיי אַרויספֿירן און
פֿאַרהאַלטן אונטער אַ וואַך, און אַליין האָט ער זיך געווענדעט
צו די פּאָלקאָווניקעס מיט פֿאָלגנדיקע ווערטער:
— גרויס איז די ביטערקייט פֿון דעם דאָזיקן שונא, ווייל
אָדער ער וויל מיך מיט דעם דאָזיקן בריוו איינשלעפֿערן, כּדי
צו באַפֿאַלן אַ איינגעשלאָפֿענעם, אָדער גאָר ער וועט זיך אַריינ־
לאָזן טיף אין די רעפּובליק, וועט דאָרט שליסן אַ אָפּמאַך, אויס־
פֿועלן אַ פֿאַרגעבונג ביי די מושלים און ביים קיניג, און
דעמאָלט וועט ער זיך פֿילן זיכער, ווייל ווען איך וואָלט לענ־
גער געוואָלט מיט אים מלחמה־האַלטן, וואָלט אין אַזאַ פֿאַל
שוין נישט ער, נאָר איך עובר געווען אויפֿן געזעץ פֿון דער
רעפּובליק און איך וואָלט גערעכנט פֿאַר אַ מורד.
וואָרצעל האָט זיך אַזש פֿאַרן קאָפּ אָנגעכאַפּט.
— אָ, ביטערער פֿוקס!
— וואָס פֿאַר אַ עצה גיט איר מיר, גנעדיקע הערן? —
האָט דער פֿירשט געזאָגט — זאָגט דרייסט, און שפּעטער וועל איך
אייך איבערגעבן מיין מיינונג.

דער אַלטער זאַטשווילִיכאָווסקי, וועלכער האָט שוין גע־האַט פֿון לאַנג אַוועקגעוואָרפֿן טשעכרין און זיך פֿאַרייניקט מיטן פּירשט, האָט געזאָגט:

— אָל געשען, ווי אייך ווילגעפֿעלט, גנעדיקער פּירשט, און אויב ס'איז דערלויבט זיך אַרויסצוזאָגן, וועל איך זאָגן, אַז מיט אייער געווייגלעכן פֿלינקן שכל, גנעדיקער פּירשט, האָט איר תּופֿס געווען כמיעלניצקיס כּוונות, ווייל אַזוי ווי איר האָט געזאָגט, איז עס טאַקע און נישט אַנדערש; איך האַלט דעריבער, אַז זיין בריוו דאַרף מען גאָרנישט נעמען אין אַכט, נאָר צוערשט באַוואָרענען די מאַדאַם פּירשטין, און שפּעטער אַריבערגיין דעם ניעפּר און אָנהויבן די מלחמה, נאָך איידער כמיעלניצקי וועט אָנקניפּן וועלכע עס איז אונטערהאַנדלונגען; וואָרום עס וואָלט געווען אַ חרפּה און אַ אומכּבוד פֿאַר דער רעפּובליק צו לאָזן אומבאַשטראָפֿט אַזאַ שווערע באַליידיקונג. איבעריקנס (דאָ האָט ער זיך געווענדעט צו די פּאָלקאָווניקעס), וואַרט איך אויף אייער מיינונג, מיינע הערן, ווייל אפשר האָב איך אַ טעות.

דער שעף פֿון לאַגער־וואַך, הער אַלעקסאַנדער זאַמאָיסקי, האָט אַ קלאַפּ געטון אין די שווערד.

— גנעדיקער, הער כאָראָנזשי, איר רעדט ווי אַ חכם. מ'דאַרף אַראָפּהאַקן דעם קאָפּ דער דאָזיקער הידרע נאָך איידער ער וועט זיך צוּוואַקסן און אונז אַליין אויפֿפרעסן.

— אמן! — האָט געזאָגט קסיאָנדז מוכאָוויעצקי.

די איבעריקע פּאָלקאָווניקעס האָבן, אָנשטאָט צו רעדן, נאָכ־געטון דעם ראש פֿון דער וואַך־אָפּטיילונג: גענומען קלאַפּן מיט די שווערדן, סאַפּען און קריצן מיט די ציין — און הער וורצעל האָט זיך אָנגערופֿן בזה הלשון:

— גנעדיקער פּירשט! ס'איז אַפֿילו אַ בזיון פֿאַרן נאָמען פֿון גנעדיקן פּירשט, וואָס דער דאָזיקער רשע האָט געהאַט די העזה צו שרייבן צום גנעדיקן פּירשט, ווייל דער קאָזאַקן־אַטאַמאַן טראָגט אַ טיטול, וואָס איז באַשטעטיקט און אָנערקענט פֿון דער רעפּובליק, און דערמיט קאָנען זיך שיצן אַפֿילו די פּירער פֿון די קאָזאַקישע פּאָלקן. אָבער דאָס איז אַ פֿאַלשער העטמאַן,

וועלכער קאָן נישט גילטן פאַר עפּעס אַנדערש ווי פאַר אַ רוצח, און הער סקשעטוסקי פאַרדינט אַ לויב דערפאַר, וואָס ער האָט נישט געוואָלט נעמען זיינע ברייוו צום גנעדיקן פירשט.

— אַזוי איז אויך מיין מיינונג — האָט דער פירשט געזאָגט — און אַזוי ווי צו אים אַליין קאָן מיין האַנט נישט גרייכן, דעריבער וועט ער באַשטראָפט ווערן אין די פּערזאָנען פון זיינע שליחים.

דאָ האָט ער זיך געווענדעט צום פּאָלקאָווניק פון דעם טאָטערישן הויף-פּאָלק.

— גנעדיקער הער ווירשול, הייסט אייערע טאָטערס קעפּן די דאָזיקע קאָזאַקן, און פאַר דעם עלטסטן הייסט אָפּשניצן אַ דרענגל און אַן שהיות אים אַרויפזעצן.

ווירשול האָט אַראָפּגעבויגן זיין רויטן קאָפּ, ווי אַ פלאַם און איז אַרויסגעגאַנגען, און קסיאָנדז מוכאָוויעצקי, וועלכער האָט געווינלעך צוריקגעהאַלטן דעם פירשט, האָט צוזאַמענגעלייגט די הענט, ווי צו אַ תּפילה, און אויך אים געקוקט מיט רחמים-בעטנדיקע אויגן, ווילנדיק וויך מאַכן אים דאָס האַרץ.

— כ'ווייס, קסיאָנדז, וועגן וואָס עס גייט אייך — האָט געזאָגט דער פירשט וואָיעוואָדא — אָבער דאָס קאָן נישט זיין, דאָס מוז אויסגעפירט ווערן, סיי צוליב די רציחות, וואָס זיי באַגייען דאָרט אויף יענער זייט דניעפּער, און סיי צוליב אונזער אָנזען און סיי צוליב דער טובה פון דער רעפּובליק. עס מוז באַוויזן ווערן בחוש, אַז עס איז פאַראַן עמיצער, וואָס האָט נאָך נישט קיין מורא פאַר דעם דאָזיקן קאָזאַק און באַגייט זיך מיט אים, ווי מיט אַ רוצח, וואָס הגם זיין שרייבן איז הכנעה-דיק, זענען אָבער זיינע מעשים חוצפּהדיק, און אין אוקראַינע איז ער זיך נוהג ווי אַ מושל און אויף דער רעפּובליק ברענגט ער אַזאַ צרה, וואָס אַזעלכע האָט זי שוין לאַנג נישט איבערגע-לעבט.

— גנעדיקער פירשט, ווי ער שרייבט, האָט ער הער סקשעטוסקין אָפּגעלאָזט—האָט דער קסיאָנדז נישט דרייסט געזאָגט.

— איך דאַנק אייך אין זיין נאָמען, וואָס איר פאַרגלייכט

אים מיט רוצחים. — דאָ האָט דער פֿירשט געקנייטשט מיט די ברעמען:—אָבער גענוג וועגן דעם. כ׳זע—האָט ער ווייטער געזאָגט, ווענדנדיק זיך צו די פּאָלקאָווניקעס — אַז איר אַלע גיט אייער הסכמה אויף אַ מלחמה; אַזוי איז אויך מיין רצון. מיר וועלן אַזוי אַרום גיין דורך טשערניגאָוו, אויפֿן וועג צוזאַמענגעמען די שלאַכטע, און ביי בראַהים וועלן מיר אַריבער דעם טייך און שפּעטער וועלן מיר זיך לאָזן צו דרום־צו. איצט קיין לובני!

— גאָט העלף אונז!—האָבן די פּאָלקאָווניקעס געזאָגט.

אין דעם מאָמענט האָט זיך די טיר געעפֿנט און עס האָט זיך אין איר באַוויזן ראָזטוואַראָווסקי, נאַמיעסטניק פֿון וואַלאַכישן פּאָלק, וועלכער איז מיט צוויי טעג צוריק אַרויסגעשיקט געוואָרן בראש פֿון דריי הונדערט רייטער אויף אויסשפּירונגען.

— גנעדיקער הער פֿירשט! — האָט ער אויסגערופֿן — די מרידה פֿאַרשפּרייט זיך! ראָזלאָגי איז פֿאַרברענט, אין וואַסילוווקאַ איז פֿון פּאָלק ניט געבליבן קיין שריד־ופליט.

— ווי, וואָס, ווען? — האָט מען געפֿרעגט פֿון אַלע זייטן.

אָבער דער פֿירשט האָט מיט דער האַנט געגעבן אַ צייכן אַז מען זאָל שווייגן, און אַליין האָט ער געפֿרעגט:

— ווער האָט דאָס געטון — הולטייעס, אָדער חיל?

— מ׳זאָגט, אַז באָהון.

— באָהון?

— יאָ.

— ווען איז דאָס געשען?

— מיט דריי טעג צוריק.

— האָט איר אים פֿאַרפֿאָלגט? האָט איר אים אָנגעיאָגט? געכאַפּט עמיצן פֿון זיינע מענטשן?

— כ׳האָב אים פֿאַרפֿאָלגט, אָניאָגן ניט געקאָנט, ווייל דריי טעג נאָך דעם איז שוין געווען צו שפּעט, אויפֿן וועג האָב איך צונויפֿגעקליבן ידיעות, אַז זיי זענען אַנטלאָפֿן צוריק קיין טשעהרין, שפּעטער האָבן זיי זיך צוטיילט. אַ העלפֿט איז

אַוועק קיין טשערקאַסי, אַ צווייטע העלפֿט קיין זאָלאָטאָנאָשאַ און פּראהאַרוווקאַ.

דאָ האָט זיך הער קושעל אָנגערופֿן:

— דאָס האָב איך דאָך באַגעגנט די דאָזיקע אָפּטיילונג, וועלכע איז געגאַנגען קיין פּראָהאָרוווקאַ, וועגן וואָס כ'האָב אייך אויך מודיע געווען, גנעדיקער הער פֿירשט. זיי האָבן געזאָגט, אַז באָהון האָט זיי אַרויסגעשיקט, כדי צו פֿאַרהאַלטן די פֿויערים, וואָס לויפֿן אַריבער דעם דניעפּר, און דערפֿאַר האָב איך זיי אָפּגעלאָזט.

— איר האָט געטון אַ נאַרישקייט, אָבער איך באַשולדיק אייך נישט. ס'איז שווער נישט צו האָבן קיין טעות, ווען אויף יעדן שריט שטויסט מען זיך אָן אויף בוגדים און די ערד ברענט אונטער די פֿיס—האָט דער פֿירשט געזאָגט.

מיט אַמאָל האָט ער זיך אַ כאַפּ געטון פֿאַרן קאָפּ.

— אַלמעכטיקער גאָט!—האָט ער אויסגעשריגן—איך דערמאָן מיך, וואָס סקשעטוסקי האָט מיר געזאָגט, אַז באָהון האָט זיך אָנגעזעצט אויף די צניעות פֿון פֿריילין קורצעוויטש. איצט פֿאַרשטיי איך, פֿאַרוואָס ראָזלאָגי איז פֿאַרברענט. דאָס מיידל איז אַוודאי צוגערויבט געוואָרן. הע, וואָלאָדיאָווסקי! קומט נאָר אַהער! איר וועט נעמען פֿינף הונדערט פֿערד און נאָכאַמאָל זיך אַ לאָז טון קיין טשערקאַסי; ביכאָוויעץ זאָל מיט פֿינף הונדערט וואָלאַכן אַוועק דורך זאָלאָטאָנאָשא קיין פּראָהאָרוווקאַ. קיין פֿערד זאָלט איר נישט קאַרגן; ווער עס וועט מיר ברענגען דאָס מיידל, באַקומט אויף זיין גאַנץ לעבן יערעמיוווקא פֿאַר אַ מתנה! אין וועג אַריין! אין וועג אַריין!

און דערנאָך האָט ער זיך געווענדעט צו די פּאָלקאָווניקעס:

— גנעדיקע הערן, און מיר פֿאָרן דורך ראָזלאָגי קיין לובני!

דאָ האָבן זיך די פּאָלקאָווניקעס אַרויסגעשאָטן פֿון וויצע־סטאַראָסטעס הויף און זיך אַ לאָז געטון צו זייערע פּאָלקן. די רייטער זענען געלאָפֿן זיך זעצן אויף די פֿערד — דעם פֿירשט האָט מען אויך געבראַכט זיין קאַשטאַן בוינעם פֿערד, אויף

וועלכן ער פֿלעגט רייטן בעת אַ מלחמה. אין אַ ווילדע צאָרן האָבן די פֿאָלקן זיך געלאָזט אין וועג אַריין און זיך אויסגעצויגן אין אַ לאַנגער, פֿאַרביקער און בלאַנקנדיקער שורה איבער דעם פֿיליפּאָווער וועג.

אויף יענער זייט הויף האָט זיך פֿאַר די אויגן פֿון די עלנער אַנטפּלעקט אַ אימהדיק בילד. אויפֿן פּלויט, צווישן די צווייגלעך, האָט מען געזען פֿינף אָפּגעהאַקטע קעפּ פֿון קאָזאַקן, וועלכע האָבן געקוקט אויפֿן דורכגייענדיקן חייל מיט די טויטע ווייסלען פֿון די אָפֿענע אויגן, און ווייטער אַביסל, הינטער דעם פּלויט, אויף אַ גרינעם בערגל, האָט זיך נאָך געוואָרפֿן און געצאַפּלט דער אַטאַמאַן סוכא-רוקא, וועלכער איז אַרויפֿגעזעצט געוואָרן אויפֿן שפּיציקן דראָנג. דער שפּיץ פֿון דראָנג איז שוין אַריין טיף ביז אין די העלפֿט פֿון קערפּער, אָבער דעם אומגליקלעכן אַטאַמאַן זענען נאָך באַשערט געווען לאַנגע שעהן פֿון גסיסה, ווייל נאָך ביזן אָוונט האָט ער געקאָנט זיך אַזוי צאַפּלען, וואַרטנדיק, אַז דער טויט זאָל אַסוף מאַכן צו זיינע מאַטערנישן. איצט אָבער האָט ער בלויז נאָך געלעבט, נאָר ער האָט מיט שרעקלעכע אויגן נאָך געקוקט יעדן פֿאָלק, וואָס איז פֿאַרבייגעגאַנגען; און זיינע אויגן האָבן געזאָגט: „זאָל אייך גאָט שטראָפֿן, אייך און אייערע קינדער און אייערע קינדס-קינדער ביזן צענטן דור, פֿאַרן בלוט, פֿאַר די ווונדן, פֿאַר די ענויים; איר זאָלט אָפּגעשניטן ווערן פֿון דער וועלט, איר און אייער גאַנצע משפּחה; עס זאָלן אייך טרעפֿן אַלע שלעק, איר זאָלט זיך ראַנגלען מיטן טויט אין אייביקער גסיסה און נישט קאָנען נישט שטאַרבן און נישט לעבן". און הגם דאָס איז געווען אַ פּראָסטער קאָזאַק, הגם ער האָט געגאָסט נישט אין פּורפּור, נישט אין גאָלד-געוועבן, נאָר אין אַ בלויען ראָק, און נישט אין אַ שלאָס-חדר, נאָר אונטערן הוילן הימל, אויף אַ דראָנג, האָט פֿונדעסטוועגן די דאָזיקע פּיין, דער דאָזיקער טויט, וואָס האָט געשוועבט איבער זיין קאָפּ, אים צוגעגעבן אַזאַ חשיבות, אַריינגעלעגט אַזאַ קראַפֿט אין זיין בליק, אַזאַ ים פֿון שנאה אין זיינע אויגן, אַז אַלע האָבן גוט פֿאַרשטאַנען, וואָס ער האָט געוואָלט זאָגן — און די פֿאָלקן

זענען שטילשווייגנדיק פאַרבייגעפאָרן נעבן אים, און ער, אַ באַ־
גאַסענער מיטן גאָלדענעם שיין פון דער מיטאָג־זון, האָט זיך
דערהויבן איבער זיי און געלויכטן אויפן פריש אָפגעשאַרפטן
דראָנג ווי אַ פאַקל...

דער פירשט איז פאַרבייגעפאָרן און זיך נישט אומגעקוקט.
קשיאָנדז מוכאַוויעצקי, האָט מיטן צלם געבענטשט דעם אומגליק־
לעכן. אַלע זענען שוין געווען פאַרבייגעפאָרן, אָבער דאָ איז
עפּיס אַ יונגעל פון היזאַרן־פּאָלק, נישט אָנפרעגענדיק זיך קיינעם,
אַ שפרונג געטון מיט'ן פערדל אויפן בערגל אַרויף, און צולייגנ־
דיק דעם פיסטאָלעט צום אויער פון קרבן, האָט ער מיט איין
שאָס אַ סוף געמאַכט צו זיין מאַטערניש. אַלע זענען אויפגע־
ציטערט געוואָרן פון דעם דאָזיגן דרייסטן שריט, מיט וועלכן
דאָס יונגעל האָט עובר געווען אויף די מלחמה־דיסציפּלין, און
קענענדיק די שטרענגקייט פון פירשט, האָבן זיי שוין אים באַ־
טראַכט פאַר אַ פאַרלוירענעם. אָבער דער פירשט האָט גאָרנישט
געזאָגט. צי האָט ער געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז ער הערט נישט,
צי ער איז טאַקע געווען אַזוי פאַרזונקען אין מחשבות — גענוג,
אַז ער איז ווייטער רואיק אָפּגעפאָרן און ערשט אין אָוונט האָט
ער געהייסן רופן דאָס יונגל.

דאָס יונגל האָט זיך קוים אַ לעבעדיקער געשטעלט פאַרן
מושל און געמיינט, אַז די ערד שפּאַלט זיך ממש אונטער זיינע
פיס. און דער פירשט האָט אים געפרעגט:

— ווי הייסטו?

— זשעלענסקי.

— דו האָסט געשאָסן צום קאָזאַק?

— איך — האָט אַרויסגעשטאַמעלט דאָס יונגל, בלייך ווי
די וואַנט.

— פאַרוואָס האָסטו דאָס געטון?

— ווייל כ'האָב נישט געקאָנט קוקן אויף די יסורים.

אַנשטאָט זיך צובייזער, האָט דער פירשט געזאָגט:

— אוי, אַז דו וועסט זיך צוקוקן צו זייערע מעשים, וועסט
דאָס רחמנות אַוועקפּלען פון דיר ווי אַ מלאך, אַזוי אָבער ווי

דו האָסט פון רחמנות־וועגן איינגעשטעלט דיין לעבן, דערפאַר וועט דיר דער שאַך־מייסטער אין לובני אויסצאָלן צען רויטע בילדן און איך נעם דיך צו אויף צו דינען מיין פּערזאָן.

אַלע האָבן זיך געחידושט, וואָס דער דאָזיקער ענין האָט זיך אַזוי געענדיקט, אָבער באַלד האָט מען געגעבן צו וויסן, אַז אַ פאָרפּאָסטן איז אָנגעקומען פון דער נאָנטער זאַלאָטאָנאָשא און אַלעמענס מוחות האָט באַהערשט אַ אַנדערער געדאַנק.

## 7. קאַפּיטל.

שפּעט אין אָוונט, מיטן אויפגאַנג פון דער לבנה, איז דאָס חייל צוגעקומען צו ראָזלאָגי. דאָרט האָבן זיי געטראָפן הער סקשעטוסקין זיצן אויפן שטיין. דער ריטער איז, ווי באַקאַנט, פון דער וווּנד און יסורים ווי פאַרחלשט געוואָרן און ערשט נאָכדעם, ווי קסיאָנדז מוכאָוויעצקי האָט אים צוריק אויפגעמונטערט, האָבן אים די אָפיצירן אַריינגענומען צווישן זיך און אים אָנגעהויבן באַגריסן און טרייסטן. און גאָר באַזונדערס האָט זיך דערביי אויסגעצייכנט הער לאָנגינוס פּאָדבּיפּיענטאַ, וועלכער האָט שוין זייט אַ פערטל יאָר געדינט אין סקשעטוסקיס פּאָלק. ער איז גרייט געווען אים מיטצוהעלפן זיפצן און וויינען און ער האָט באַלד אַ נייעם נדר געטאָן צו פאַסטן יעדן דינסטאָק ביז טויט אַריין, אויב גאָט וועט אויף וועלכן עס איז אופן אַראָפּשיקן דעם נאַמיעסטניק אַ נחמה. דערווייל האָט מען הער סקשעטוסקין אַוועקגעפירט צום פירשט, וועלכער האָט זיך אויפגעהאַלטן אין אַ פּויערישער כאַטע. ווען דער פירשט האָט דערזען זיין ליבלינג, האָט ער מיט קיין וואָרט זיך ניט אָנגערופן, נאָר אים געעפנט די אָרעמס און געוואַרט. הער יאַן האָט זיך באַלד געוואָרפן מיט אַ גרויס געוויין אין די דאָזיקע אָרעמס אַריין, און דער פירשט האָט אים צוגעדריקט צו דער ברוסט, געקושט אין קאָפּ — און דערביי האָבן די אָפיצירן, וואָס זענען געשטאַנען דערביי, געזען טרערן אין זיינע הויך-ווירדיקע אויגן.

ערשט אין אַ ווײַלע אַרום האָט דער פירשט בענומען רעדן:

— ווי אַ אייגענעם זון, באַגריס איך דיך, ווייל איך האָב גערעכנט, אַז איך וועל דיך שוין מער נישט דערזען. טראָגזשע העלדיש אַריבער דיין צער און געדענק דערביי, אַז דו וועסט האָבן טויזנטער אחים-לצרה, וועלכע וועלן פאַרלירן זייערע

ווײַבער, קינדער, עלטערן, קרובים און פֿרײַנט. און פּונקט ווי אַ טראָפּן פֿאַרשווינט אין אָקעאַן, אַזוי זאָל אויך דײַן ווײטאָק דערטרונקען ווערן אין ים פֿון אַלעמענס ווײטאָק. אין אַ צײַט, ווען אויפֿן ליבן פֿאָטערלאַנד זענען געקומען אַזעלכע שרעקלעכע טעג, ווען אַ מאַן מיט אַ שווערד בײַ דער זײַט נישט אָפּגעבן זיך מיט באַוויינען זײַנע אייגענע צרות, נאָר זיך איילן צו ראַטעווען אונזער בשותּפֿותדיקע מאַמע און אין זײַן געוויסן געפֿינען אַ נחמה, אָדער אומקומען מיט אַ רומפֿולן טויט און זוכה־זײַן צו אַ הימלישער קרוין און צוזאַמען מיט איר אויך צו אַ גליק אויף אייביקע דורות אַרויס.

— אָמן! — האָט קסיאָנדז מוכאָוויעצקי געזאָגט.

— אָ, גנעדיקער פֿירשט כ׳וואָלט זי געוואָלט זען בעסער אַ טויטע — האָט דער ריטער געקרעכצט.

— וויין, וויין, ווײַל גרויס איז דײַן אבדה און אויך מיר וועלן מיט דיר מיטוויינען, וואָרום דו ביסט דאָך נישט געקומען צו געצן־דינער, צו די ווילדע סקיטן אָדער צו די טאָטערס, נאָר צו ברידער און גוטס־גינענדיקע חברים. אָבער דערבײַ זאָלסטו דיר אַזוי טראַכטן: היינט באַוויין איך מײַן מזל, אָבער דער מאָרגנדיקער טאָג איז שוין נישט מײַן, וואָרום וויסן זאָלסטו, אַז מאָרגן גייען מיר אין די מלחמה.

— איך וועל גיין מיט אײַך, גנעדיקער פֿירשט, אין עק וועלט, אָבער טרייסטן קאָן איך מיך נישט, ווײַל עס איז מיר אָן איר אַזוי שווער, אַז... איך קאָן נישט, כ׳קאָן נישט...

און דער אומגליקלעכער זעלנער האָט זיך דאָ אָנגעכאַפּט ביים קאָפּ, דאָ אַרײַנגעלייגט די פֿינגער צווישן די ציין און זיי נעבסן כּדי צו דערשטיקן די קרעכצן. ווײַל עס האָט אים ווידער געניזמען פֿײַניקן אַ טיפֿער יאוש.

— דו האָסט געזאָגט: זאָל געשען דײַן רצון! — האָט דער קסיאָנדז שטרענג געזאָגט.

— אמן, אמן! זײַן רצון געב איך זיך אונטער, נאָר... מיט די יסורים קאָן איך זיך קיין עצה ניט געבן — האָט געענטפֿערט דער ריטער מיט אַ ציטערדיקער שטים.

און מ׳האָט געזען בחוש, ווי ער האָט זיך געראַנגלט, ווי ער האָט געקעמפט מיט זיך, אַז זיין פּיין האָט אַזש אַרויסגע־קוועטשט טרערן ביי אַלע, און די ווייכהערציקע ווי וואלאדיאַווסקי און הער פּאָדביפּיענטאַ, האָבן פאַרגאָסן ממש גאַנצע שטראָמען. דער לעצטער האָט צונויפגעלייגט די הענט און כסדר געיאָ־מערט.

— ברודערל, ברודערל, באַרויִק דיך!

— הער — האָט דער פּירשט מיט אַמאָל געזאָגט — כ׳האָב אַ ידיעה, אַז באָהון איז פון דאַנען געלאָפן קיין לובני, ווייל ער האָט מיר איִן וואַסילוווקאַ אויסגעקוילעט די מענטשן. זיי דיך נישט באַצייטענס מיאש, וואָרום עס קאָן זיין, אַז ער האָט זי נישט באַקומען, ווייל אַנדערש, צו וואָס וואָלט ער זיך געלאָזט קיין לובני?

— באמת, דאָס קאָן דאָך זיין! — האָבן די אָפיציִרן אויס־געשריגן — גאָט וועט דיך טרייסטן.

הער סקשעטוסקי האָט געעפענט די אויגן, גלייך ווי ער וואָלט נישט פאַרשטאַנען וואָס מען רעט, מיט אַמאָל האָט אַ האָפנונג אַ בליץ געטון אין זיין מוח און אַזוי גרויס, ווי ער איז, האָט ער זיך אַ וואָרף געטון צום פירשטס פיס.

— אָ, גנעדיקער פּירשט! לעבן, בלוט! — האָט ער אויס־גערופן.

און מער האָט ער נישט געקאָנט רעדן. ער איז אַזוי שוואַך געוואָרן, אַז הער לאָנגינוס האָט אים געמוזט אונטער־הייבן און אַוועקזעצן אויף אַ באַנק, אָבער ס׳איז שוין קענטיק געווען פון זיין פנים, אַז ער האָט זיך אָנגעכאַפּט אָן דער נייער האָפנונג, ווי אַ טרינקנדיקער אָן אַ ברעט, און אַז זיינע יסורים האָבן אים אָפּגעלאָזט. און די איבריקע חברים האָבן פאַנאַנדער־געבלאָזן דעם דאָזיקן פונק, זאָגנדיק, אַז ער וועט אפשר געפו־נען דאָס פרייליין פירשטין אין לובני. שפּעטער האָט מען אים אַריבערגעפירט אין אַ צווייטע כאַטע און דערנאָך האָט מען גע־בראַכט מעד און וויין. דער נאַמיעסטניק האָט געוואָלט טרינקען, אָבער ער האָט נישט געקאָנט, ווייל דער האַלז איז אים געווען

ווי פֿאַרשטאָפּט — דערפֿאַר האָבן געטרונקען די געטרייע חברים און אַז זיי זענען שוין געווען אַביסל בגילופֿנדיק האָבן זיי אים גענומען האַלדזן און קושן און חידושן זיך איבער זיין מאָגער־קייט און סימנים פֿון קראַנקהייט אויף זיין פּנים.

— ווי פּיאָטראָווין זעסטו אויס! — האָט געזאָגט דער די־קער הער דזשיק.

— מ׳האָט דיך דאָרט אין סיטש געמוזט פּייניקן, נישט געבן צו עסן און צו טרינקען?

— זאָג, וואָס האָט מיט דיר געטראָפֿן?

— אַ צווייט מאָל וועל איך דיר דערציילן — האָט הער סקשעטוסקי געזאָגט מיט אַ שוואַכער שטים — מ׳האָט מיך פֿאַר־וווּנדעט און איך האָב געקרענקט.

— מ׳האָט אים פֿאַרוווּנדעט! — האָט אויסגערופֿן הער דזשיק.

— מ׳האָט אים פֿאַרוווּנדעט, הגם ער איז געווען אַ שליח!

— האָט הער שלעשינסקי זיך אָנגערופֿן.

און ביידע האָבן געקוקט אויף זיך מיט פֿאַרוווּנדערונג איבער דער חוצפּה פֿון די קאָזאַקן, און שפּעטער האָבן זיי זיך אַרומגענומען פֿון גרויסער ליבע צו הער סקשעטוסקי.

— און כמיעלניצקין האָסטו געזען?

— יאָ, געזען.

— גיט אים נאָר אַהער! — האָט מיגורסקי אויסגעשריגן

— מיר וועלן דאָ באַלד פֿון אים מאַכן קו עפּל־פּלייש.

אויף אַזעלכע שמועסן איז אַריבער די נאַכט. באַגינען האָט מען מודיע געווען, אַז אויך דער צווייטער פֿאָרפּאָסטן, וועלכער איז אַרויסגעשיקט געוואָרן צו טשערקאַסי־צו, איז צוריקגעקומען. דער פֿאָרפּאָסטן האָט באַהונען טאַקע נישט אָנגעיאָגט און אויך נישט געכאַפּט, ער האָט אָבער געבראַכט אויסטערלישע ידיעות. ער האָט אַראָפּגעבראַכט אַ סך מענטשן, וואָס ער האָט באַגעגנט אויפֿן וועג און וועלכע האָבן געזען באָהונען מיט צוויי טעג צוריק. די דאָזיקע מענטשן האָבן דערציילט, אַז דער קאָזאַק האָט אַפּנים עמיצן געיאָגט, ווייל ער האָט זיך אומעטום אויס־

געפֿרעגט, צי מ'האָט נישט געזען אַ דיקן שליאַכטשיץ, וואָס איז אַנטלאָפֿן מיט אַ יונגן קאָזאַק. דערבײַ האָט ער זיך שטאַרק געאײַלט און איז געפֿלויגן מיט אַ קאַרק־ברעכערישער שנעלקייט. די דאָזיקע מענטשן האָבן אויך פֿאַרזיכערט, אַז זיי האָבן נישט געזען, אַז באָהון זאָל האָבן געפֿירט עפּיס אַ מיידל, ווײַל אויב עס וואָלט געווען אַ מיידל, וואָלטן זיי עס אָן ספֿק געזען, וואָרום באָהון האָט מיט זיך קיין סך קאָזאַקן נישט געהאַט.

אַ נײַער מוט, אָבער אויך אַ נײַע דאגה האָבן באַהערשט הער סקשעטוסקיס האַרץ, ווײַל די דאָזיקע באַריכטן זענען פּשוט געווען פֿאַר אים אומפֿאַרשטענדלעך. ער האָט נישט פֿאַרשטאַנען, פֿאַרוואָס איז באָהון תּחילת געלאָפֿן אין די זײַט פֿון לובני, איז באַפֿאַלן דעם גאַרניזאָן אין וואַסילוווקא און ערשט שפּעטער האָט ער זיך געוואָרפֿן אין די זײַט פֿון טשערקאַסי. אַז ער האָט העלענאַן נישט פֿאַרכאַפּט, דאָס האָט אויסגעזען צו זײַן זיכער, ווײַל הער קושעל האָט באַגעגנט אַנטאָנס מחנה, אין וועלכער זי איז נישט געווען. און די מענטשן ווידער, וואָס זענען איצט אַראָפּגעבראַכט געוואָרן פֿון וועג, וואָס פֿירט קיין טשערקאַסי, האָבן זיי בײַ באָהונען אויך נישט געזען. אויב אַזוי, ווו האָט זי געקאָנט זײַן, ווו האָט זי זיך אויסבאַהאַלטן? אַנטלאָפֿן? אָבער וווּהין? פֿאַרוואָס עפּיס איז זי אַנטלאָפֿן נישט קיין לובני, נאָר אין די ריכטונג פֿון טשערקאַסי אָדער זאָלאָטאָנאָשאַ? אָבער באָהונס מחנות האָבן דאָך זיך געיאָגט נאָך עמיצן אַרום טשערקאַסי און פּראָהאָראָווקאַ! און פֿאַרוואָס ווידער האָבן זיי זיך עפּיס אויסגעפֿרעגט וועגן אַ שליאַכטשיץ מיט אַ יונגען קאָזאַק? אויף די דאָזיקע אַלע פֿראַגעס האָט דער נאַמיעסטניק נישט געפֿינען קיין תּשובֿה.

— גיט אַ עצה, רעט, דערקלערט, וואָס באַדײַט דאָס? — האָט ער געזאָגט צו די אָפֿיצירן — ווײַל מײַן מוח באַנעמט דאָס אַלץ נישט.

— איך מײַן פֿונדעסטוועגן, אַז זי איז אַוודאי אין לובני?

— האָט הער מיגורסקי זיך אָנגערופֿן.

— דאָס קאָן נישט זײַן — האָט כאָראָנזשי זאַטשווילי-

כאָווסקי געזאָגט — ווייל אויב זי וואָלט געווען אין לובני, וואָלט באַהון וואָס גיכער אַנטלאָפֿן קיין טשערכין, און נישט זיך צוגערוקט צו די העטמאַנעס, וואָס וועגן זייער מפּלה האָט ער נאָך נישט געקאָנט וויסן. אויב אָבער ער האָט צוטיילט זיינע קאָזאַקן און זיך געיאָגט אין צוויי זייטן, איז אַ סימן, אַז ער האָט זיך געיאָגט נישט נאָך עמיצן אַנדערש, נאָר נאָך איר.

— ער האָט זיך אָבער אויסגעפרעגט וועגן אַ אַלטן שלאַכטשיץ און יונגען קאָזאַק?

— מ'דאַרף נישט זיין קיין גרויסער חכם, כּדי זיך אָנצושטויסן, אַז זי איז אַנטלאָפֿן נישט אין אירע קליידער, נאָר מסתּמא פֿאַרשטעלטערהייט, כּדי מען זאָל נישט קאָנען פֿאַלן אויף אירע שפּורן. און דעריבער מיין איך, אַז דאָס דאָזיקע קאָזאַקל איז נישט עמיצער אַנדערש, נאָר זי.

— אָ, ריכטיק, ריכטיק! — האָבן די אָפֿיצירן אויסגערופֿן.

— גאַנץ גוט, אָבער ווער איז יענער שלאַכטשיץ?

— דאָס ווייס איך שוין נישט — האָט דער אַלטער כאָראָנזשי געזאָגט — אָבער דאָס קאָן מען דערגיין. די פּויערים האָבן דאָך געמוזט זען, ווער דאָ איז געווען און וואָס ס'איז פֿאָרגעקומען. ברענגט נאָר דאָ אַהער דעם בעל־הבית פֿון דער דאָזיקער כאַטע.

די אָפֿיצירן האָבן זיך אַרויסגעלאָזט און באַלד געבראַכט פֿאַרן קאַרק דעם בעל־הבית פֿון דער כאַטע.

— פּויער — האָט זאַטשווילכאָווסקי געזאָגט — ביסט געווען, ווען די קאָזאַקן מיט באָהונען זענען באַפֿאַלן דעם הויף?

דער פּויער האָט, ווי דער שטייגער איז, גענומען שווערן, אַז ער איז נישט געווען, אַז ער האָט גאָרנישט געזען און ווייס גאָרנישט, אָבער הער זאַטשווילכאָווסקי האָט געוווּסט, מיט וועמען ער האָט צו טון — און ער האָט געזאָגט:

— אָט גלויב איך, אַז דו, ממזר איינער, ביסט געזעסן אונטער דער באַנק, ווען מ'האָט געראַבירט דעם הויף. דערציילט דאָס אַן אַנדערן — אָט ליגט דאָ פֿאַר דיר אַ רויטער גילדן, און דאָרט שטייט אַ מענטש מיט אַ שווערד — קלויב דיר אויס! און

אַ חוץ דעם וועלן מיר אויך דאָס דאָרף פאַרברענען און צוליב דיר וועלן ליידן אָרעמע לייט.

דאָ ערשט האָט דער פויער גענומען דערציילן, וואָס ער האָט געזען. ווען די קאָזאַקן האָבן אָנגעהויבן הוליען אויפן פלאַץ פאַרן הויף איז ער צוזאַמען מיט אַנדערע געגאַנגען אַ קוק טון, וואָס עס קומט דאָרט פאָר. זיי האָבן געהערט, אַז די אַלטע פירשטין און אירע זין זענען דערהרגעט, אָבער, אַז ניקאָלאַי האָט פאַרוואונדעט דעם אַטאַמאַן, וועלכער ליגט טאַקע אָן סימנים פון לעבן. וואָס עס איז געשען מיטן פריילין, האָבן זיי ניט געקאָנט דערגיין, אָבער צומאָרגנס פאַרטאָגס האָבן זיי געהערט, אַז זי איז אַנטלאָפן מיט אַ שלאַכטשיץ, וועלכער איז געקומען מיט באָהונען.

אָט אַזוי! אָט אַזוי! — האָט זאַטשווילכאָווסקי געזאָגט — באַדיר, פויער, אַ רויטן גילדן. זעסטו, אַז מען טוט דיר ניט קיין שלעכטס, און דו האָסט געזען דעם דאָזיקן שלאַכטשיץ, איז דאָס עמיצער פון דער סביבה?

— כ'האָב געזען, האַר, אָבער ער איז ניט קיין היגער.

— און ווי האָט ער אויסגעזען?

— אַ דיקער, האַר, ווי אַ אויוון, מיט אַ גרויער באָרד, און געשאָלטן האָט ער ווי אַ „דיד", אַ בלינדער אויף איין אויג

— אָ, גאָט! האָט הער לאָנגינוס אויסגערופן — דאָס איז דאָך ניט קיין אַנדערער, ווי הער זאַגלאָבאָ? האַ?

זאַגלאָבאַ? וואַרט נור צו! זאַגלאָבאַ, דאָס קאָן זיין! ער האָט אַן טשעכרין זיך געחברט מיט באָהונען. זיי האָבן געטרונקען צוזאַמען און געשפילט איןביינדלעך. דאָס קאָן זיין. דאָס איז זיין פרצוף.

דאָ האָט הער זאַטשווילכאָווסקי זיך ווידער געווענדעט צום פויער:

— און דער דאָזיקער שלאַכטשיץ איז דאָס אַנטלאָפן מיט זמיידל?

— יאָ, ער. אַזוי האָב איך געהערט.

— און איר קענט גוט באָהונען?

— אוי, אוי, האַר! ער פלעגט דאָך דאָ אָפּזיצן גאַנצע חדשים.

— און אפשר האָט דער דאָזיקער שלאַכטשיץ אַוועק גע־פירט דאָס מיידל מיט באַהונס ווילן?

— אָ ניין, האַר! ער האָט באַהונגען געבונדן און איינגע־וויקלט אין אַ מאַנטל, און דאָס מיידל, האָט מען געזאָגט, האָט ער צוגערויבט אַזוי, אַז קיין מענטשלעך אויג האָט זי ניט אָנגעזען. דער אַטאַמאַן האָט אַזוי געהיילט ווי אַ וואָלף. פאַר־טאָגס האָט ער געהייסן זיך צובינדן צווישן צוויי פערד און ער האָט זיך געלאָזט לויפן קיין לובני, אָבער ער האָט ניט אָנגע־יאָגט, שפּעטער האָט ער אויך נאָכגעיאָגט אין אַ צווייטע זייט.

— געלויבט איז גאָט! — האָט מיגורסקי געזאָגט — קאָן דאָך זיין, אַז זי איז אין לובני, ווייל דאָס וואָס מ׳האָט זי נאָכגעיאָגט אויך אין די ריכטונג פון טשערקאַסי, איז ניט קיין ראיה, אַז עס איז ניט אַזוי; אַז זיי האָבן זי ניט געפונען דאָרט, האָבן זיי געפּרוווט דאָ.

הער סקשעטוסקי האָט שוין געקניט און הייס מתפלל געווען.

— נו, נו! — האָט דער אַלטער כאָראָנזשי געברומט — כ׳האָב זיך ניט גערינכט אויף זאַגלאָבן, אַז ער וועט קאָנען באַ־ווייזן אַזאַ העלדישקייט און זיך דערוועגן אָנצוהויבן מיט אַזאַ גבור ווי באַהון. אמת, אַז ער האָט הער סקשעטוסקין זייער ליב געהאַט פאַר דעם לובניער מעד, וואָס מיר האָבן אין טשעכרין צוזאַמען געטרונקען, און ניט איינמאָל האָט ער מיר וועגן דעם געזאָגט און אים גערימט פאַר אַ חשובן ריטער... נו, נו, עס לייגט זיך מיר אַזש ניט אויפן שכל, ווייל ער האָט דאָך אויך פאַר באַהונס געלט ניט וויינין געטרונקען. אָבער אַז ער זאָל באַהונגען האָבן געבונדן און צוגערויבט דאָס מיידל — אויף אַזאַ דרייסטן שריט האָב איך זיך פון אים ניט גערינכט, ווייל איך האָב אים געהאַלטן פאַר אַ היץ־קאָפּ און פאַר אַ פחדן. אמת, געשיקט איז ער, אָבער ער איז אויך אַ גרויסער צבועק און ביי אַזעלכע מענטשן ליגט געוויינלעך די גאַנצע גבורה אין מויל.

— זאָל ער זיך זיין וואָס ער וויל, גענוג, אַז ער האָט דאָס מיידל אַרויסגעקריגען פון רוצחישע הענט — האָט הער

דאָלאָדיאַװסקי זיך אָנגערופֿן. און אַזוי װי עס פֿעלן אים ניִשט אויס קיין המצאות און שפּיצלעך, װעט ער מסתמא מיט איר אַזוי אַנטרונען װערן, אַז דער שונא זאָל אים ניִשט קאָנען געפֿינען.

— זיין אייגן לעבן איִז דערפֿון אָפּהייגיק — האָט געזאָגט מיגורסקי.

דערנאָך האָבן זיך געװענדעט צום הער סקשעטוסקי:

— זייַ־זשע געטרייסט, ליבער חבר!

— מיר װעלן נאָך אַלע זיין דיינע אונטערפֿירער!

— און מיר װעלן אַ הוליע־טון אויף דער חתונה.

און זאַטשװיליכאָװסקי האָט צוגעגעבן:

אויב ער איִז אַנטלאָפֿן אויף יענע זייט דניעפּר און ער האָט זיך שוין געהאַט דערװוּסט װעגן דער קאָרסונער מפּלה, האָט ער געדאַרפֿט זיך לאָזן קיין טשערנ̇יגאָװ און איִן אַזאַ פֿאַל װעלן מיר אים אָניאָגן אויפֿן װעג.

— לאָמיר טרינקען פֿאַר אַ מזלדיקן אויסלאָז פֿון אונזער פֿריינטס דאגות און צער! — האָט שלעשינסקי אויסגערופֿן.

מ׳האָט געמומען הויבן די כוסות פֿאַרן הער סקשעטוסקי, פֿאַר דעם פֿריילין־פֿירשטין, פֿאַר זייערע קינדער און פֿאַרן הער זאַגלאָבא און אַזוי איִז אַריבער די נאַכט. פֿאַרטאָגס האָט מען געבלאָזן איִן די טרומייטן — דאָס חייל האָט אַרויסמאַרשירט קיין לובני.

דער מאַרש איִז צוגעגאַנגען שנעל, װייל דעם פֿירשטס חיילות זענען געגאַנגען אָן װאָגנס. הער סקשעטוסקי האָט לכתחילה געװאָלט לויפֿן פֿאָרויס מיטן טאָטערישן פּאָלק, אָבער ער איִז געװען צו שװאַך, איבעריגענס האָט אים דער פֿירשט געהאַלטען נעבן זיך, װייל ער האָט געװאָלט האָבן אַ באַריכט פֿון באַמיעסטניקס שליחות קיין סיטש. דער ריטער האָט געמוזט אָפּגעבן אַ דין־וחשבון, װי אַזוי ער איִז געפֿאָרן, װי אַזוי מען איִז אים באַפֿאַלן איִן כאָרטיצא און אװעקגעשטעלט קיין סיטש, נאָר זיינע װיכּוחים מיט כמיעלניצקין האָט ער פֿאַרשװיגן, כּדי עס זאָל ניִשט אויסזען, אַז ער באַרימט זיך. צומערסטן האָט דעם

פּירשט פֿאַרשאַפֿט עגמת-נפֿש די ידיעה, אַז דער אַלטער גראָדזשינסקי האָט נישט געהאַט קיין פּולווער און אַז דערפֿאַר האָט ער נישט צוגעזאָגט לאַנג זיך צו פֿאַרטיידיקן.

— דאָס איז אַ אומגעהויערער שאָדן — האָט ער געזאָגט — ווייל די דאָזיקע פֿעסטונג וואָלט געקאָנט זייער פיל שטערן די מורדים און זיי אָנטאָן צרות. הער גראָדזשיצקי איז אויך אַ גרויסער מאַן, אַ אמתער באַשיצער פֿון דער רעפּובליק. פֿאַרוואָס האָט ער נישט געשיקט צו מיר נאָך פּולווער? איך וואָלט אים געגעבן פֿון די לובניער קעלערס.

— ער האָט אַ פּנים געהאַלטן, אַז דער חוב פֿון גרויס-העטמאַן איז געווען דאָס אין זין צו האָבן — האָט הער סקשעטוסקי געזאָגט.

— יאָ, כ׳גלויב... האָט געזאָגט דער פּירשט און איז אַנטשוויגן געוואָרן.

אין אַ ווײַלע אַרום האָט ער אָבער ווייטער געזאָגט:

— ער איז אַ אַלטער און אויסגעפּרווטער מלחמה-מאַן, דער גרויס-העטמאַן, אָבער האָט געהאַט צופֿיל בטחון אין זיך און דערמיט האָט ער זיך באַגראָבן. ער האָט דאָך געקוקט מיט ביטול אויף די דאָזיקע גאַנצע מרידה און ווען כ׳האָב מיך געאיילט צו אים מיט הילף, האָט ר זי נישט אַזוי גערן אָנגענומען. ער האָס נישט געוואָלט האָבן אַ שותּף צו זיין רום, ער האָט מורא געהאַט, אַז מ׳וועט מיר צושרייבן דעם נצחון...

— אַזוי מיין איך אויך — האָט הער סקשעטוסקי ערנסט געזאָגט.

— מיט בייטשען האָט ער בדעה געהאַט צו באַרואיקן זאַפּאָראָזשע און אָט וואָס איז געשען. גאָט האָט באַשטראָפֿט פֿאַר דער גאוה. און צוליב דער ד זיקער גאוה, וואָס איז גאָט אַליין נישט ליב, גייט אויך אונטער די רעפּובליק. אָבער קיינער איז דאָ נישט ריין פֿון זינד...

דער פּירשט האָט געהאַט רעכט, ווייל אפֿילו ער אַליין איז אויך נישט געווען ריין פֿון זינד. ס׳איז נאָך גאָרנישט אַזוי לאַנג, ווי בעת זיין משפּט מיטן הער אַלעקסאַנדער קאָניעצ-

פּאָלסקי וועגן האַדיאַטש, איז דער פֿירשט אַריינגעפֿאָרן אין וואַרשאַ מיט פֿיר טויזנט מענטשן, וועלכע ער האָט באַפֿוילן, אַז אויב מ׳וועט אים אין סענאַט צווינגען צו אַ שבועה, זאָלן זיי זיך אַריינרייסן אין סענאַט און אַלע אויסקוילן. און געטון האָט ער דאָס נישט צוליב עפּיס אַנדערש, ווי טאַקע צוליב גאוה, ווייל ער האָט נישט געקענט פֿאַרטראָגן, אַז מען זאָל אים צוציִען צו אַ שבועה און נישט גלויבן אים אויפֿן וואָרט.

אפֿשר האָט ער זיך איצט גראָד דערמאָנט אָן דעם דאָזיקן משפּט, ווייל ער האָט זיך פֿאַרטראַכט — און ער איז ווייטער געפֿאָרן שטילשווייגנדיק, בלאָנדזשענדיק מיט די אויגן איבער די ברייטע סטעפּעס, וואָס זוימען אַרום דעם שליאַך — און אפֿשר האָט ער געטראַכט וועגן גורל פֿון דער דאָזיקער רעפּובליק, וועלכע ער האָט געליבט מיט דער גאַנצער קראַפֿט פֿון זיין הייסער נשמה און פֿאַר וועלכער עס האָט אָנגערוט דער טאָג פֿון משפּט און צאָרן.

נאָכמיטאָג האָבן זיך פֿון הויכן ברעג פֿון דער סולאַ באַוויזן די קופּאָלן פֿון די לובנער צערקיועס, דער בלאַנקנדיקער דאַך און שפּיציקע טורעמס פֿון דער קירך פֿון הייליקן מיכאַל. די חיילות האָבן לאַנגזאַם אַריינמאַרשירט און אַזוי האָט עס אָנגעהאַלטן ביזן אָוונט. דער פֿירשט אַליין איז באַלד אַוועק אין שלאָס, ווו אַלץ האָט לויט פֿריִער אַרויסגעשיקטע באַפֿעלן געזאָלט זיין צוגעגרייט צום וועג; די פּאָלקן האָבן זיך צושפּרייט איבער דער שטאָט און זיך צולייגט אויף איבער נאַכט. דאָס איז נישט אַזוי לייכט אָנגעקומען, ווייל דאָס אָנגעלויף איז געווען גרויס. צוליב די ידיעות וועגן דעם ווּקס פֿון דער בירגער־מלחמה אויפֿן רעכטן ברעג און צוליעב דער אומרואיקייט צווישן די פּויערן, זענען אַלע שלאַכטשיצעס פֿון יענער זייט דניעפּר זיך צוזאַמענגעלאָפֿן קיין לובני. עס איז אָנגעקומען די שלאַכטע אפֿילו פֿון וויטע מקומות, מיט די ווייבער, קינדער, דינערשאַפֿט, פֿערד, קעמלען און גאַנצע סטאַדעס פֿון בהמות. עס זענען זיך אויך צוזאַמענגעפֿאָרן דעם פֿירשטס קאָמיסאַרן, וויצע־סטאַראָסטאָס, די פֿאַרשיידענסטע באַאַמטע פֿון צווישן די שליאַכטשיצעס, פֿאַר־

טער, יידן — מיט איין וואָרט, אַלע וואָס זענען געווען אויסגעשטעלט אויף סכנות מצד די מורדים. וואָלסט געמיינט, אַז אין לובני איז פֿאָרגעקומען עפּיס אַ גרויסער יערליכער יריד, ווייל עס האָבן נישט געפֿעלט אַפֿילו מאָסקווער סוחרים און אַסטראַכאַנער כאָטערס, וועלכע זענען געקומען קיין אוקראַינע מיט סחורות און געבליבן דאָ שטעקן צוליב דער מלחמה. אויפֿן מאַרק זענען געשטאַנען טויזנטער וועגנס פֿון די פֿאַרשיידנסטע סאָרטן, מיט רעדער, געפֿלאָכטן פֿון ריטער, און מיט רעדער אָן שטעקעלעך אויסגעהאַקט פֿון איין שטיק האָלץ, עס זענען דאָרט געשטאַנען קאָזאַקישע „טעלעגעס" און „שאַראַבאַנעס" פֿון שלאַכטשיצעס. די חשובסטע געסט האָבן זיך איינקוואַרטירט אין שלאָס און אין די גאַסט-הייזער, די קלענערע מיוחסים ווידער און די דינערשאַפֿט אין געצעלטן, נעבן די קירכעס. עס זענען אויף די גאַסן אָנגעצונדן געוואָרן פֿייערס, ביי וועלכע מ'האָט געקאָכט עסנוואַרג. און אומעטום אַ געשטופּ, אַ צומישעניש און אַ ליאַרם ווי אין אַ בין-שטאָק, די פֿאַרשידענסטע הלבשות אין די פֿאַרשידענסטע קאָלירן; דעם פּירשטס זעלנער פֿון די פֿאַרשידענסטע פּאָלקן: היידוקן, פּאַיוקן, יידן אין שוואַרצע מאַנטלען, פּויערן, אַרמענער אין פּיאָלעטענע קאַפּלעך, טאָטערס אין טיכער. אַ געמיש פֿון לשונות, אויסרופֿן, קללות, געוויין פֿון קינדער, געביל פֿון הינט און ריטשעריי פֿון בהמות. די דאָזיקע מאַסן האָבן מיט שמחה באַגריסט די אָנקומענדיקע פּאָלקן, ווייל זיי האָבן אין זיי געזען זיכערע באַשיצער און אויסלייזער. אַ טייל איז אוועק צום שלאָס און אויפֿגעהויבן געשרייען און אויסרופֿן לכבוד דעם פּירשט און דער פּירשטין. צווישן המון זענען אויך אַרומגעגאַנגען די פֿאַרשיידנסטע ידיעות, דאָ אַז דער פּירשט בלייבט אין לובני, דאָ אַז ער פֿאָרט אַרויס אַזש העט קיין ליטא, וווהין מ'וועט אים דאַרפֿן נאָכפֿאָרן; דאָ אַפֿילו, אַז ער האָט שוין צוקלאַפּט כמיעלניצקין. און דער פּירשט האָט נאָכדעם, ווי ער האָט זיך באַגריסט מיט זיין פֿרוי און מיטגעטיילט וועגן דער מאָרגנדיקער נסיעה, געקוקט פֿאַרזאָרגט אויף די דאָזיקע מאַסן פֿון וועגנס און מענטשן, וועלכע האָבן געזאָלט נאָכגיין נאָכן מי-

ליטער, זיך פּלאָנטערן אונטער די פֿיס און פֿאַרשלעפּן דעם מאַרש. ער האָט זיך נאָר געטרייסט מיטן געדאַנק, אַז אינטער בראָהין, אין דעם רוּיקסטן לאַנד, וועלן זיי זיך אַלע צושפּרייטן, זיך באַהאַלטן אין די פֿאַרשידענע ווינקלען און אויפֿהערן צו זיין אַ אבן-נגף. די פּירשטין אַליין מיט די דאַמען און פֿול לייט האָבן געזאָלט אָפּגעשיקט ווערן קיין ווישניאַוויעץ, כּדי דער פּירשט זאָל קאָנען גיין אין די מלחמה אַריין מיט דער גאַנצער מאַכט, זיכער און אָן מניעות. די הכנות אין שלאָס זענען שוין געווען געמאַכט, די חפצים און קאָסטבאַרקייטן זענען שוין געווען פֿאַרפּאַקט אויף די פֿורן, די זאַפּאַסן זענען שוין געווען אָנגעגרייט און דער גאַנצער הויף איז שוין געווען גרייט אַרויפֿצוזעצן זיך אויף די וועגנס און פֿערד. די דאָזיקע גרייטקייט איז געווען צו פֿאַרדאַנקען דער פּירשטין גריזעלדאַ, וועלכע האָט אין אַ עת-צרה געהאַט אויך אַזאַ גרויסע גשמה, ווי דער פּירשט און זי איז כּמעט צו אים גלייך געווען מיט איר ענערגיע און פֿעסטקייט פֿון כאַראַקטער. דאָס האָט דעם פּירשט זייער דערפֿרייט, הגם דאָס האַרץ איז אים צוריסן געוואָרן אויפֿן געדאַנק, אַז ער מוז פֿאַרלאָזן דאָס לובניער נעסט, וווּ ער האָט גענאָסן אַזוי פֿיל גליק און וווּ ער האָט זיך דערוואָרבן אַזוי פֿיל רום. איבעריקנס האָבן אַלע געשפּירט דעם דאָזיקן צער, סיי דאָס חייל, סיי די דינערשאַפֿט און סיי דער גאַנצער הויף; וואָרום אַלע זענען אויך געווען זיכער, אַז אויב דער פּירשט וועט קעמפֿן אין ווייטע מקומות, וועט דער שונא נישט לאָזן צו רו לובני. נאָר ער וועט, אדרבא, זיך נוקם זיין אין די דאָזיקע געליבטע מויערן פֿאַר אַלע קלעפּ, וואָס ער וועט באַקומען פֿון פּירשטס האַנט. עס האָבן אויך נישט געפֿעלט קיין יאָמער און יללות, באַזונדערס צווישן די ווייבער און די אַלע, וואָס זענען דאָ געבוירן געוואָרן און איבערגעלאָזט די קברים פֿון זייערע עלטערן.

## 8 קאַפּיטל.

הער סקשעטוסקי וועלכער איז דער ערשטער פאַר די פאָלקן צוגעלאָפן צום שלאָס און זיך געפרעגט וועגן העלענאַן און זאַגלאָבאַן, האָט זיי פאַרשטייט זיך דאָ נישט געפינען. נישט מ׳האָט זיי דאָ געזען און נישט מ׳האָט וועגן זיי געהערט, הגם עס זענען שוין געווען ידיעות וועגן איבערפאַל אויף ראָזלאָגי און וועגן דער פאַרטיליקונג פון גאַרניזאָן אין וואַסילווקא. דער ריטער האָט זיך דעמאָלט פאַרשלאָסן אין זיין חדר, אין וואָפן־הויז, צוזאַמען מיט דער אָפּגענאַרטע האָפנונג — און דער צער, מורא און דאגות האָבן זיך ווידער צו אים אומגעקערט. ער האָט זיך אָבער פון זיי אָפּגעיאָגט, ווי אַ פאַרוואונדעטער זעלנער יאָגט זיך אָפּ אויפן שלאַכט־פעלד פון די רויב־פייגל, וואָס קלייבן זיך אָן אויף אים צו טרינקן זיין וואַרעם בלוט און צו פרעסן זיין פריש פלייש. ער האָט זיך געטרייסט מיטן געדאַנק, אַז זאַגלאָבא, וואָס איז אַזוי רייך און המצאות, וועט זיך אפשר אַרויס דרייען און נאָכן בעקומען ידיעות וועגן דער מפּלה פון די העטמאַנעס וועט ער אַנטלויפן קיין טשערניגאָוו. ער האָט זיך אויך צו דער רעכטער צייט דערמאָנט אָן יענעם בעטלער, וועלכן ער האָט באַגעגנט אויפן וועג קיין ראָזלאָגי, און וועלכער האָט אַליין דערציילט אַז עפּיס אַ טייוול האָט פון אים און זיין יונגל אַראָפּגעריסן די מלבושים און דערפאַר איז ער דריי טעג געזעסן אַ נאַקעטער אין די געוויקסן פון קאַהאַמלוק, מורא־האָבנדיק אַרויסצושטעקן דעם קאָפּ. דעם הער סקשעטוסקי איז פּלוצלינג איינגעפאַלן, אַז דאָס האָט זאַגלאָבא געמוזט אַראָפּרייסן די מלבושים פון בעטלער, כדי ער זאָל האָבן פאַר זיך און העלענאַן מיט וואָס זיך צו פאַרשטעלן. עס קאָן נישט אַנדערש זיין! — האָט דער נאַמיעסטניק זיך איבערגעחזרט — און

אויפֿן דאָזיקן געדאַנק איז אים זייער גרינג געוואָרן אויפֿן האַרץ, ווייל ער האָט פֿאַרשטאַנען אַז פֿאַרשטעלטערהייט איז זיי אַ סך לייכטער אָנגעקומען צו אַנטלויפֿן. ער האָט אויך געהאָפֿט, אַז גאָט וועלכער באַשיצט און באַשערמט די צניעות, וועט העלפֿן ניט פֿאַרלאָזן, און ווילנדיק אויספֿועלן פֿאַר איר וואָס מער חסד און רחמים, האָט ער באַשלאָסן זיך אַליין מטהר צו זיין פֿון די חטאים. ער איז דעריבער אַרויס פֿון וואַפֿן-הויז זוכן דעם קסיאָנדז מוכאַוויעצקי. ער האָט אים געטראָפֿן ווי ער שטייט און טרייסט די פֿרויען און אים געבעטן אויסהערן זיין ודוי. דער קסיאָנדז האָט אים אַוועקגעפֿירט אין די קירך, האָט זיך באַלד געזעצט אויפֿן ודוי-שטול און אים אויסגעהערט, נאָכדעם ווי סקשעטוסקי האָט זיך מתודה געווען, האָט אים דער קסיאָנדז געלערנט, געמונטערט, געוועקט אין אים בטחון און אמונה, געטרייסט און מוסר געזאָגט. און מוסר האָט ער אים געזאָגט אין דעם זין, אַז אַ קריסט טאָר נישט מסופק זיין אין גאָטס מאַכט, און אַז אַ בירגער טאָר נישט זיך מצער זיין איבער זיין אייגענעם אומגליק מער, איידער איבער דעם אומגליק פֿון פֿאַטערלאַנד, ווייל אַ מענטש וואָס פֿאַרגיסט טרערן מער פֿאַר זיך איידער פֿאַרן כלל און באַקלאָגט זיין געליבטער מער, איידער די צרות פֿון כלל — אַזאַ מענטש איז אַ עגאָאיסט. דערנאָך האָט דער קסיאָנדז געשילדערט די צרות, געפֿאַלנקייט און חרפּה פֿון פֿאַטערלאַנד מיט אַזעלכע שטאַרקע און רירנדיקע ווערטער, אַז ער האָט באַלד אויפֿגעבלאָזן אין האַרץ פֿון ריטער אַ גרויסע ליבע צום דאָזיקן פֿאַטערלאַנד, פֿון וועלכער זיינע אייגענע צרות זענען אים אַזוי קליין געוואָרן, אַז ער האָט זיי כמעט אויפֿגעהערט צו שפּירן. דער קסיאָנדז האָט פֿון אים אויך פֿאַרטריבן די פֿאַרביסנקייט און שנאה קעגן די קאָזאַקן, וואָס ער האָט ביי אים באַמערקט. די וועסט זיי פֿאַרטיליקן — האָט ער געזאָגט — ווייל זיי זענען שונאים פֿון אונזער גלויבן, פֿון אונזער פֿאַטערלאַנד, ווייל זיי האָבן געמאַכט יד-אחת מיט געצן-דינער, אָבער פֿאַר די עוולות, וואָס זיי זענען קעגן דיר אַליין באַגאַנגען, וועסטו זיי פֿאַרגעבן, פֿון גאַנצן האַרץ מוחל זיין — און דו וועסט קיין נקמה נישט

נעמען. און אַז די וועסט דאָס באַווייזן, זאָג איך דיר צו, אַז גאָט וועט דיך טרייסטן און דיר אומקערן דיין געליבטע און צוריקגעבן דיין רו״...

דערנאָך האָט ער אים איבערגעצלמט, געבענטשט און איז אַרויסגעגאַנגען, הייסנדיק אים תשובה טון און ליגן ביז אין דער פרי פאַר קריסטוסעס בילד מיט אויסגעשפרייטע הענט און פיס.

אין דער קירך איז געווען פוסט און פינסטער נאָר צוויי ליכט האָבן געברענט פאַרן אַלטאַר און געוואָרפן אַ רויטלעכע און גאָלדענע שיין אויף קריסטוסעס פנים, וואָס איז געווען אויסגעשמיט פון אַלבאַסטער און פול מיט זיסקייט און פיין. גאַנצע שעהן זענען אַריבער, און דער נאַמיעסטניק איז געלעגן אָן באַוועגונג, ווי אַ טויטער — אָבער ער האָט אויך געפילט וואָס אַמאָל דייטלעכער, אַז די פאַרביטערטקייט, יאוש, שנאה, ווייטאָק, דאגות, יסורים ווערן זיך אויס פון זיין הארץ, קריכן אים אַרויס פון דער ברוסט און קריכן ווי די שלאַנגען, און באַהאַלטן זיך ערגיץ אין פינסטערניש. ער האָט דערשפירט, אַז ער עטעמט לייכטער, אַז עס פליסט אין אים אַריין אַ פריש געזונט, פרישע כוחות, אַז אין קאָפ ווערט אים קלאָרער און אַז אויף דער נשמה ווערט אים אַזוי גוט און אַזוי וואויל — מיט איין וואָרט. פאַר דעם דאָזיקן אַלטאַר און פאַר דעם דאָזיקן קריסטוס האָט ער געפונען אַלץ, וואָס עס האָט נאָר געקאָנט געפונען אַ מענטש פון יענע דורות, אַ מענטש מיט אַ פעסטן גלויבן, אָן שפור און שאָטן פון ספקות.

צומאָרגנס איז דער נאַמיעסטניק געווען ווי ניי־געבוירן. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַן אַרבעט, אַ באַוועגונג און אַ קאָכעניש, ווייל אין דעם טאָג האָבן די חיילות געזאָלט אָפּפאָרן פון לובני. די אָפיצירן האָבן פון באַגינען אָן געזאָלט דורכזען די פּאָלקן, קוקן צו די פערד און מענטשן זענען אין דער געהעריקער אָרדנונג, שפעטער אַרויספירן זיי אויף די פעלדער און זיי אויסשטעלן צום מאַרש. דער פירשט האָט געהערט די הייליקע תפילה אין דער קירך פון הייליקן מיכאַל און דערנאָך איז

ער צוריק אַוועק אין שלאָס און אויפגענומען דעפוטאַציעס פון דער גריקישער גייסטלעכקייט און פון די תּושבים פון לובני און פון כאָראָל. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט אויפן טראָן, אין דעם זאַל, וואָס איז אויסגעמאָלט געוואָרן דורך העלאן, אין דער סביבה פון די חשובסטע ריטער, און דאָ האָט דער לובניער בירגער־מייסטער, הרובי, גענומען פון אים אָפּשיד אויף רוטעניש אין נאָמען פון אַלע שטעט, וואָס געהערן צו דער מלוכה אויף יענער זייט דניעפּר. ער האָט אים לכתחילה געבעטן, אַז ער זאָל נישט אַוועקפאָרן און זיי נישט איבערלאָזן ווי שאָף אָן אַ פּאַסטוך. דערהערנדיק דאָס, האָבן די איבריקע דעפוטאַטן צו־זאַמענגעלייגט די הענט און נאָכגעזאָגט: „פאָר נישט אַוועק! פאָר נישט אַוועק!"—און ווען דער פירשט האָט געענטפערט, אַז דאָס קאָן נישט זיין — זענען זיי אים געפאַלן צו די פיס און באַ־דויערט דעם גוטן מושל, אָדער געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז זיי באַדויערן אים, ווייל מ'האָט געזאָגט, אַז אַ סך פון זיי זענען נישט קוקנדיק אויפן פירשטס חסדים, געווען מער צוגענייגט צו די קאָזאַקן און כמיעלניצקין. אָבער די פאַרמעגלעכע האָבן מורא געהאַט פאַרן המון, ווייל מ'האָט זיך געריכט, אַז באַלד נאָכן אָפּפאָרן פון פירשט און פון די חיילות, וועט ער זיך צובונטע־ווען. דער פירשט האָט געענטפערט, אַז ער האָט זיך באַמיט צו זיין פאַר זיי אַ פאָטער און נישט אַ מושל, און ער האָט זיי באַשווירן, אַז זיי זאָלן בלייבן געטריי דעם מאַיעסטעט און דער רעפּובליק, וואָס איז אַ מאַמע פאַר אַלע בירגער, און וואָס אונטער איר שוץ האָבן זיי נישט געליטן קיין עוולות, געלעבט במנוחה, זיך ערוואָרבן עשירות, און נישט געשפירט קיין שום יאָך, וועלכן פרעמדע וואָלטן זיכער אויף זיי אַרויפגעלייגט. מיט ענלעכע ווערטער האָט ער אויך אָפּשיד גענומען פון דער גרי־קישער גייסטלעכקייט, און דערנאָך איז געקומען די שעה פון אָפּפאָרן. דאָ ערשט האָט זיך דערהערט אַ געוויין און אַ גע־קלאָג פון דער דינערשאַפט איבער דעם גאַנצן שלאָס. די הויף־פרייליינס האָבן געחלשט, און דאָס פריילין אַנאַ באָזשאָבאָהאַטאַ האָט מען קוים געקאָנט דערמינטערן. נאָר איין פירשטין האָט

זיך אַריינגעזעצט אין די קאַרעטע מיט טרוקענע אויגן און מיט אַ אויפגעהויבענעם קאָפּ, ווייל די שטאָלצע פרוי האָט זיך געשעמט צו ווייזן די מענטשן, אַז זי ליידט. און די גרויסע מאַסן פון פאָלק זענען געשטאַנען ביים שלאָס, אין לובני, מ׳האָט געקלינגען מיט אַלע גלאָקן; די גלחים האָבן מיט די צלמים געבענטשט די אָפּפאָרנדיקע, די לאַנגע שורה פון די וועגנס און פורן האָט קוים זיך געקאָנט דורכשטופּן דורכן טויער פון שלאָס.

צום סוף האָט זיך אויך דער פירשט אַליין געזעצט אויפן פערד. די פאָנען האָבן זיך לויט די פאָלקן פאַר אום אַראָפּגעלאָזט, אויף די מויערן האָט מען אויסגעשאָסן פון האַרמאַטן; די געוויינען. ליאַרם פון המון און געשרייען האָבן זיך צונויפגעמישט מיט די קלאַנגען פון די גלעקער, מיטן שיסעריי, מיטן שאַלן פון די מלחמה־טראָמייטן און געקלאַפּעריי פון די קעסלפויקן.

צוערשט זענען געגאַנגען צוויי טאָטערישע פאָלקן אונטער ראָזטוואָראָווסקיס און וויעזשולס קאָמאַנדאָ, דערנאָך הער וואָרצעלס אַרטילעריע, די פוס־גייער אונטער מאַכניצקיס אָנפירונג, הינטער זיי איז געפאָרן די פירשטין מיט די דאַמען און אַלע הויף־לייט, די פויערן מיט די חפצים, הינטער זיי דער וואָלאָכישער פאָלק פון הער ביכאָוויץ און צום סוף די פאָלקן פון שווערער אַרטילעריע, פאַנצער־פאָלקן און הוזאַרן, געשלאָסן דעם מאַרש האָבן דראַגונער און קאָזאַקן.

הינטער די חיילות האָט זיך געצויגן אָן אַ עק די לאַנגע און פילפאַרביקע שורה פון די שלאכטע־וועגנס, וועלכע האָבן געפירט די משפחות פון די אַלע, וועלכע האָבן נאָכן פירשטס אַרויספאָרן ניט געוואָלט פאַרבלייבן אויף יענער זייט דניעפּר.

די טרומייטן פון די פאַלקן האָבן געשאַלט, אָבער די הערצער זענען געווען פאַרקלעמט. קוקנדיק אויף די מויערן פון לובני, האָט זיך יעדער אין הערצן געטראַכט: „ליבע היים, צו וועל איך דיך נאָך אַמאָל זען אין מיין לעבן“? אַרויספאָרן איז לייכט, אָבער צוריקקערן איז שווער. און יעדער האָט דאָך אַ טייל פון זיין נשמה איבערגעלאָזט אין די דאָזיקע מקומות

אין אַ זיסן אָנדענק. אַלעמענס אויגן האָבן זיך דעריבער צום לעצטן מאָל געווענדעט אויפֿן שלאָס, אויף די שטאָט, אויף די טורמס פֿון די קירכעס, אויף די קופּאלן פֿון די צערקוועס און דעכער פֿון די הייזער. יעדער האָט געוווסט, וואָס ער האָט דאָ איבערגעלאָזט, ער האָט אָבער ניט געוווסט, וואָס עס וואַרט אויף אים אין יענער בלויער ווייטקייט, צו וועלכער די מחנה האָט זיך געצויגן...

אויף אַלעמענס נשמות האָט דעריבער געפּרעסט אַ אומעט. די שטאָט האָט נאָכגערופֿן די אָפּפאָרנדיקע מיט די קולות פֿון גלאָקן, גלייך ווי זי וואָלט געבעבטן און באַשווירן פֿון איר זייט, אַז מען זאָל זי נישט פֿאַרלאָזן, נישט מפֿקיר זיין אויף סכּנות און בייזן מזל, וואָס שטייט איר פֿאָר; זי האָט גערופֿען, גלייך ווי זי וואָלט מיט די דאָזיקע יאָמערלעכע קלאַנגען פֿון די גלאָקן זיך וועלן געזעגענען און זיך באַפֿעסטיקן אין זכרון...

און הגם די מחנה האָט זיך וואָס אַמאָל מער דערווייטערט — זענען די קעפּ געווען געווענדעט צו דער שטאָט און פֿון אַלעמענס פּנימער האָט מען געקאָנט אַראָפּלעזן די פֿראַגע:

— צי איז דאָס נישט צום לעצטן מאָל?

יאָ! פֿון דעם דאָזיקן גאַנצן חייל און המון, פֿון די דאָזיקע אַלע טויזנטער, וועלכע זיינען אין דער רגע געגאַנגען מיט'ן פֿירשט וויִשניאָוויעצקי, האָט נישט ער אַליין, און נישט קיינער שוין מער ניט געזאָלט אָנזען נישט די שטאָט, נישט דאָס לאַנד.

די טרומייטן האָבן געשאַלט. די מחנה האָט זיך גערוקט לאַנגזאַם, אָבער כּסדר—אין אין אַ געוויסער צייט אַרום האָט די שטאָט זיך געגומען פֿאַרהילן אין אַ בלויען נעפּל, די הייזער און דעכער האָבן זיך צונויפֿגעגאָסן אין איין מאַסע, וועלכע האָט שטאַרק געלויכטן אין דער זון. דעמאָלט האָט דער פֿירשט אַ טרייב געטאָן דאָס פֿערד פֿאָראויס און אַרויפֿרייטנדיק אויף אַ הויכן בערגל, איז ער געבליבן שטיין אומבאַוועגליך און האָט לאַנג געקוקט. איז דאָך די דאָזיקע שטאָט, וואָס בלאַנקט איצט אַזוי אין דער זון, און דאָס דאָזיקע גאנצע לאַנד, וואָס מען זעט פֿון בערגל, געווען דאָס ווערק פֿון זיינע אבות און פֿון

זיינע אייגענע הענט. וואָרום די ווישניאָוויעצקיס האָבן די דאָזיקע וויסטע מדבריות פֿון אַמאָל פֿאַרוואַנדלט אין אַ ישוב, זיי מכשיר געווען פֿאַר אַ מענטשלעכן לעבן און מ'קאָן זאָגן, זיי האָבן באַשאַפֿן דאָס לאַנד אויף יענער זייט דניעפּר. און דעם גרעסטן טייל פֿון דעם דאָזיקן ווערק האָט אויסגעפֿירט דער פֿירשט גופֿא. ער האָט געבויט די דאָזיקע קירכעס, וואָס זייערע טורעמס פֿינקלען איצט איבער דער שטאָט, ער האָט באַפֿעסטיקט די שטאָט. ער האָט זי פֿאַרבונדן דורך שליאַכן מיט אוקראַינע, ער האָט פֿאַרשניטן די וועלדער, אויסגעטרוקנט די זומפּן, אויפֿגעשטעלט די שלעסער, געגרינדעט דערפֿער און ישובים, אַראָפּגעבראַכט איינוואוינער, אויסגעראָט די גזלנים, געשיצט פֿאַר טאָטערישע איבערפֿאַלן, אויפֿגעהאַלטן די רו, און וועלכער עס גויטיקן זיך דער ערד־אַרבעטער און סוחר, איינגעפֿירט די שליטה פֿון געזעץ און יושר. דורך אים האָט דאָס דאָזיקע לאַנד געלעבט, זיך אַנטוויקלט און געבליט. ער איז געווען זיין נשמה און זיין האַרץ—און איצט האָט מען געמוזט דאָס אַלץ לאָזן אויף הפקר.

און נישט די דאָזיקע געוואַלדיקע נחלות, וואָס האָבן זיך געקאָנט אויסגלייכן מיט אַלע מדינות פֿון די דייטשע פֿירשטן, האָט פֿירשט יערעמי באַדויערט, נאָר ער איז געווען צוגעבונדן צום דאָזיקן ווערק פֿון זיינע אייגענע הענט; ער האָט געוווסט, אַז אויב ער וועט דאָ נישט זיין, וועט גאָרנישט דאָ זיין, אַז די אַרבייט פֿון גאַנצע יאָרן וועט מיטאַמאָל לאיבוד־גיין, אַז פֿון זיין גאַנצע מי וועט אַ תל ווערן, די הפקרות וועט צוריק באַקומען איר שליטה, שרפֿות וועלן אַרומכאַפּן די דערפֿער און שטעט, אַז דער טאָטער וועט אָנטרינקען זיינע פֿערד אין די דאָזיקע טייכן, אַ וואַלד וועט אויסוואַקסן אויף די חורבות און אַז גאָט וועט העלפֿן און ער וועט צוריקקומען — וועט מען אַלץ, אַלץ מוזן אָנהויבן פֿון דאָס ניי — און אפֿשר וועלן שוין קיין כוחות מער נישט זיין, און עס וועט נישט קלעקן קיין צייט און זיין בטחון וועט שוין מער נישט זיין אַזוי גרויס ווי אַ מאָל. דאָ זענען פֿאַרפֿלאָסן יאָרן, וואָס האָבן אים פֿאַרשאַפֿט רום און

כּבוד בײַ גאָט און בײַ לײַטן — און איצט זאָלן דער דאָזיקער כּבוד און רום צופֿלאַסן װערן מיטן רויך...

צװײ טרערן האָבן בײַ די דאָזיקע געדאַנקען זיך לאַנגזאַם אַראָפּגעקײַקלט אויף די באַקן.

דאָס זענען געװען די לעצטע טרערן, נאָך װעלכע עס זענען אין די דאָזיקע אויגן פֿאַרבליבן בלויז בליצן.

דעם פּירשטס פֿערד האָט אויסגעצויגן דעם האַלז און אַ הירזשע געטון, אים האָבן באַלד אָפּגעענטפֿערט אַנדערע פֿערד אין די פּאָלקן. די דאָזיקע קולות האָבן אויפֿגעװעקט דעם פּירשט פֿון פֿאַרטראַכטקייט און אים פֿול געמאַכט מיט מוט: אָט בלײַבן אים נאָך זעקס טויזנט טרײַע חבֿרים, זעקס טויזנט שװערדן, מיט װעלכע די װעלט איז פֿאַר אים אָפֿן, און אויף װעלכע עס קוקט אויס, װי אויף די אײנציקע גאולה, די אומגליקלעכע רעפּובליק. די אידיליע פֿון יענער זײַט דניעפּר האָט זיך אויסגעלאָזט, אָבער דאָרט, װוּ די האַרמאַטן דונערן, װוּ עס פֿלאַקערן דערפֿער און שטעט, װוּ מיטן הירזשן פֿון די טאָטערישע פֿערד און קאָזאַקישן געטומל אין די נעכט מישט זיך צונויף דאָס געװיין פֿון די געפֿאַנגענע, די יללות פֿון די מענער, פֿרויען און קינדער — דאָרט איז דאָס פֿעלד אָפֿן און די רום פֿון אַ גואל און פֿאָטער פֿון פֿאָטערלאַנד װאַרט אויף איר ערױבערער... און װער זאָל אויסשטרעקן זײַן האַנט נאָך דעם דאָזיקן קראַנץ, װער װעט מציל זײַן דאָס אַזוי געשענדעטע, מיט פֿויערישע פּי־ געטרעטענע, דערנידריקטע, גוסס'דיקע פֿאָטערלאַנד. אויב ניט ער — דער פּירשט — אויב נישט די דאָזיקע חיילות, װאָס לײַכטן און פֿינקלען דאָרט אונטן אַקעגן דער זון?..

דער לאַגער איז גראָד פֿאַרבײַגעגאַנגען דאָס בערגל און אויפֿן אָנבליק פֿון פּירשט, װאָס איז געשטאַנען אויפֿן שפּיץ מיטן שטאַב אין דער האַנט אונטער אַ צלם, האָט זיך פֿון די ברוסטן פֿון אַלע זעלנער אַרויסגעריסן אַ אויסגעשרײַ:

— זאָל לעבן דער פּירשט! זאָל לעבן אונזער פֿירער און העטמאַן יערעמי װישניאָװיעצקי!

און הונדערטער פֿאָנען האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט צו זײַנע

פּיס, די הוזאַרן האָבן פון זייערע טרומייטן אַרויסגעגעבן מוראדיקע קלאַנגען, די קעסל־פּויקן האָבן מיט זייער הילך באַגלייט די אויסגעשרייען.

דעמאלט האָט דער פירשט אַרויסגעצויגן די שווערד און אויפהויבנדיק זיי צוזאַמען מיט די אויגן צום הימל, האָט ער אַזוי געזאָגט:

— איך, יערעמי וישניאָוויעצקי, וואָיעוואָדאַ פון רוס, פירשט אין לובני און ווישניאָוויעץ שווער דיר איינציגער גאָט אין דער הייליקער דריי־איינציקייט און דיר, דער הייליקסטער מוטער, מוז אויפהויבנדיק די דאָזיקע שווערד קעגן רשעות, וואָס האָט געשענדעט דאָס פאָטערלאַנד, וועל איך זי אַזוי לאַנג נישט אַרויסלאָזן, ווי לאַנג ווי איך וועל כוח האָבן און לעבן, ווי לאַנג איך וועל נישט אָפּטאָן די דאָזיקע שאַנד, נישט וואַרפן דעם שונא צו די פיס פון דער רעפּובליק, ניט באַרויקן אוקראַינע און נישט דערטרינקען די פויערישע מרידות אין בלוט. און אַזוי ווי איך געב די דאָזיקע שבועה פון טיפן האַרץ, אַזוי זאָלסטו מיר גאָט העלפן—אמן!

נאָך די דאָזיקע ווערטער איז ער אַ ווײַלע נאָך געשטאַנען און געקוקט אין הימל, דערנאָך איז ער לאַנגזאַם אַראָפּגעריטן פון בערגל צו די פּאָלקן צו. אין אָוונט זיינען די חיילות צוגעקומען צו באַסאַן, צום דאָרף פון מאַדאַם קריניצקאַ, וועלכע האָט מקבל־פּנים געווען דעם פירשט קניענדיק אין טויער, ווייל די פויערן אין הויף האָבן זי שוין געהאַט באַלאַגערט און זי האָט זיך פון זיי אָפּגעיאָגט מיט דער הילף פון די געטרייעסטע דינער, אָבער דאָס אָנקומען פון חייל האָט מיט אַמאָל מציל געווען זי און אירע ניינצן קינדער, דערונטער פערצן מיידלעך. דער פירשט האָט געהייסן כאַפּן די אָנפאַלער און אַרויסגעשיקט פּאָניאַטאָווסקין, דעם פירשט פון קאָזאַקן־פּאָלק צו קאַניוו־צו. פּאָניאַטאָווסקי האָט נאָך אין דער זעלבער נאַכט געבראַכט פינף זאַפּאָראָזשער פון וואַסיוטינער פּאָלק. זיי האָבן זיך אַלע באַטייליקט אין דער קאָרסונער שלאַכט און ווען מען האָט זיי צוגעבראָטן אויפן פייער האָבן זיי וועגן איר אָפּגעגעבן דעם

פירשט אַ געניִעם באַריכט. זיי האָבן אויך פאַרזיכערט, אַז כמיעלניצקי איז נאָך אין קאָרסון, און טוהאַי־בעי מיט די געפאַנגענע, מיטן שלל און מיט ביידע העטמאַנעס איז אַוועק קיין טשעהרין, פון וואַנען ער האָט געזאָלט פאָרן קיין קרים. זיי האָבן אויך געהערט, אַז כמיעלניצקי האָט אים זייער געבעטן, אַז ער זאָל נישט פאַרלאָזן די זאַפּאָראָזשער מחנות און גיין אַקייגן פירשט, אָבער דער טאָטער האָט דערויף נישט געוואָלט מסכים זיין זאָגנדיק, אַז נאָך דער פאַרטיליקונג פון די חיילות און די העטמאַנעס קאָנען די קאָזאַקן שוין אַליין זיך אַן עצה געבן, ער אָבער וועט לענגער נישט וואַרטן, ווייל די געפאַנגענע וואָלטן אים אויסגעשטאָרבן. מ'האָט זיי חוקר־ודורש געווען וועגן כמיעלניצקיס כחות און זיי האָבן אָנגעגעבן אויף צוויי־הונדערט טויזנט, אָבער גענוג מינדערווערטיקע, גוטע זענען פאַראַן נאָר פופציק טויזנט און דאָס זענען די זאַפּאָראָזשער און די קאָזאַקן פון די שררות, אָדער פון די פעסטונגען, וואָס זענען צוגעשטאַנען צו דער מרידה.

נאָכדעם ווי ער האָט באַקומען די דאָזיקע ידיעות איז דער פירשט געוואָרן מונטערער, וואָרים ער האָט זיך אויך גערעכט, אַז אויף יענער זייט דניעפּר וועלן זיינע כוחות שטאַרק אויסוואַקסן דורך דער שלאַכטע, אַנטלאָפענע פון קרוין־חייל און שררהשע מחנות. צומאָרגענס אין דער פרי האָט ער זיך געלאָזט אין ווייטערדיקן וועג אַריין.

הינטער פערעיאסלאַוו זענען די חיילות אַריין אין געוואַלדיקע, וויסטע וועלדער, וואָס האָבן זיך געצויגן אין דער לענג פון טייך טרובייעזשאַ אזש ביז קאָזשעלעץ און ווייטער האַרט ביז טשערניגאָוו. געווען איז דאָס אין סוף מאַי — די היצן זענען געווען מוראדיקע. אין די וועלדער איז געווען אַזוי דושנע אַז די מענטשן און די פערד האָט אויסגעפעלט לופט צום אָטעמען. די בהמות, וואָס זענען געפירט געוואָרן הינטער דעם לאַגער, זענען געפאַלן אויף יעדן שריט אָדער, ווען זיי האָבן דערשמעקט וואַסער, זענען זיי געלאָפן צו אים ווי די משוגעים, איבערקערנדיק וועגענס און אַרויסרופנדיק אַ מהומה. אויך די

פערד האָבן שוין אָנגעהויבן צו פאַלן, בפרט אין דער שווערער אַרטילעריע. די נעכט זענען געווען נישט צום איבערטראָגן צוליב דער גרויסער צאָל פון ווערם און צו שאַרפן ריח פון דער זשיוויצע, וואָס האָט מחמת די גרויסע היצן געטריפט פון די בוימער בשפעדיקער, ווי תמיד.

אַזוי האָט מען זיך געשלעפט פיר טעג. אויפן פינפטן טאָג איז די היץ געוואָרן מחוץ־לדרך־הטבעדיק. אַז עס איז נ עקוי מען די נאַכט, האָבן די פערד געגומען כראָפּן און די בהמות יאָמערלעך ריטשן, גלייך ווי זיי וואָלטן דערשפירט עפּיס אַ סכנה, וועלכעס איז פון די מענטשן נאָך געווען פאַרהוילן.

— זיי דערשנאַפּן בלוט! — האָט מען געזאָגט אין לאַגער, צווישן די מאַסן פון די אַנטלויפנדיקע שלאַכטע־משפחות.

— די קאָזאַקן יאָגן אונז! ס'וועט זיין אַ שלאַכט!

הערנדיק די דאָזיקע ווערטער האָבן די ווייבער אויפגעהויבן אַ יללה, די ידיעה איז אָנגעקומען צו די דינער, עס איז געוואָרן אַ מהומה און אַ צעמישעניש — די וועגענס האָבן גענומען זיך איבעריאָגן, אָדער אַראָפּפאָרן פון שליאַך בלינדערהייט און וואַלד אַריין, ווו זיי זענען געבליבן שטעקן צווישן די בוימער:

אָבער די מענטשן, וואָס דער פירשט האָט צוגעשיקט, האָבן שנעל באַרויִקט דעם עולם. עס זענען אין אַלע זייטן פונאַנדערגעשיקט געוואָרן פּאַרפּאָסטנס, כדי זיך צו אַ בערצייגן, צו מען דאַרף זיך באמת ריכטן אויף עפּיס אַ סכנה.

הער סקשעטוסקי, וועלכער איז פרייוויליג אַוועק מיט וואָלאַכן, איז דער ערשטער צוריקגעקומען פאַרטאָגס און איז באַלד אַוועק צום פירשט.

— וואָס הערט זיך? — האָט יערעמי געפרעגט.

— גנעדיקער פירשט, די וועלדער ברענען.

— אונטערגעצינדן?

— יאָ. כ'האָב געכאַפּט אַ פּאָר מענטשן, וועלכע האָבן אויסגעזאָגט, אַז כמיעלניצקי האָט אַרויסגעשיקט מענטשן, וואָ

זאָלן אייך נאָכגיין, און אונטערלייגן פייער, אויב דער ווינט וועט זיין אַ גינסטיקער.

— ער וואָלט אונז וועלן לעבעדיקערהייט פאַרברענען, נישט פירנדיק קיין מלחמה. אַהער ברענגען מיר די דאָזיקע מענטשן!

באַלד האָט מען געבראַכט דריי טשאַבאַנעס, ווילדע נאַרישע, איבערגעשראָקענע, וועלכע האָבן זיך תיכף מודה געווען, אַז מ׳האָט זיי טאַקע געהייסן אונטערצינדן די וועלדער.

זיי האָבן אויך אויסגעזאָגט, אַז עס איז שוין אַרויסגעשיקט געוואָרן חייל אַקעגן פירשט, אָבער עס איז געגאַנגען צו טשערניגאָוו צו מיט אַ אַנדערן וועג, נעענטער צום דניעפּר.

ביני-לביני זענען אויך אָנגעקומען די איבעריקע פאַרפאַסטנס און יעדער האָט געבראַכט די זעלבע ידיעה:

— די וועלדער ברענען.

אָבער דער פירשט האָט דאָס ווייזט אויס זיך גאָר נישט גענומען צום האַרצן.

— דאָס איז אַ מיטל פון געצן-דינער—האָט ער געזאָגט— אָבער ס׳וועט זיי גאָרנישט העלפן! דאָס פייער וועט נישט אַריבער אויף יענע זייט פון די טייכן, וואָס פאַלן אַריין אין די טרוביעזשאַ.

און באמת, אין די טרוביעזשאַ, וואָס אין איר לענג, צו צפון-צו, האָט זיך געצויגן דער לאַגער, זענען אַריינגעפאַלן אַזוי פיל טייכלעך, וואָס האָבן דאָ און דאָרט געבילדעט ברייטע זומפּן, אַז ס׳איז נישט געווען וואָס מורא צו האָבן, אַז דאָס פייער זאָל זיך קאָנען דורך זיי אַריבערכאַפּן. סיידן מען וואָלט דעם וואַלד אויף דער צווייטער זייט פון יעדן זומפּ אויפסניי אונטערגעצונדן.

די פאָרפאָסטנס האָבן אינגיכן זיך איבערצייגט, אַז מ׳האָט טאַקע אַזוי געטון. יעדן טאָג האָט מען אויך אַראָפּגעבראַכט אונטערצינדער, מיט וועלכע מ׳האָט באַצירט די סאָסנעס אויפן וועג.

דאָס פייער האָט זיך געוואַלטיק פאַרשפּרייט, אָבער אין דער לענג פון די טייכלעך, צו מזרח און מערב-צו, נישט צו צפון-צו. אין די נעכט איז דער הימל געווען רויט אויף ווי

וייט דאָס אויג האָט געגרייכט. די ווייבער האָבן פֿון אָוונט ביז פֿאַרטאָגס געזונגען תּפֿילות. די איבערגעשראָקענע ווילדע חיות זענען פֿון די ברענענדיקע וועלדער געלאָפֿן אויפֿן שליאַך אַרויס און נאָכגעגאַנגען דעם לאַגער אויסמישנדיק זיך מיט די סטאַדעס פֿון די בהמות. דער ווינט האָט אָנגעטראָגן רויך־וואָלקנס, וועלכע האָבן פֿאַרשטעלט דעם גאַנצן האָריזאָנט.

די חיילות און וועגנס האָבן זיך געשלעפּט ווי אין אַ געדיכטן נעפּל, דורך וועלכן דאָס אויג האָט נישט געקאָנט דורכדרינגען. די ברוסטן האָבן נישט געהאַט מיט וואָס צו אָטעמען, דער רויך האָט געביסן די אויגן — און דער ווינט האָט אים אָנגעטריבן וואָס אַמאָל מער. דאָס ליכט פֿון דער זון האָט זיך נישט געקאָנט דורכשלאָגן דורך די דאָזיקע נעפּלען און אין די נעכט איז געווען ליכטיקער, ווי ביי טאָג, ווייל די פֿלאַמען האָבן געלויכטן. עס האָט זיך געדוכטן, אַז דער וואַלד האָט גאָר קיין עק נישט.

צווישן אַזעלכע פֿלאַקערנדיקע וועלדער און רויך־וואָלקנס האָט יערעמי געפֿירט זיינע חיילות. דערביי זענען אָנגעקומען ידיעות, אַז דער שונא גייט אויף דער צווייטער זייט פֿון דער טרובייעזשאַ, מ׳האָט אָבער נישט געוווּסט, ווי גרויס עס איז געווען זיין מאַכט — אָבער ווייערשוּלס טאָטערס האָבן אויסגעשפּירט, אַז ער איז נאָך געווען זייער ווייט.

איינמאָל ביינאַכט איז אָנגעקומען אין לאַגער הער סוכאָדאָלסקי פֿון באָדענקי וואָס אויף יענער זייט דעסנאַ. ער איז אַמאָל געווען דעם פֿירשטס אַ מקורב, וועלכער האָט זיך מיט אַ פּאָר יאָר צוריק אַריבערגעקליבן אין אַ דאָרף. ער איז אויך אַנטלאָפֿן פֿאַר די פּויערים, אָבער ער האָט געבראַכט אַ ידיעה, וועגן וועלכער מ׳האָט נאָך נישט געוווּסט אין דער אַרמיי.

ווי טיף איז געווען דער טרויער, ווען אויף די פֿראַגע פֿון פֿירשט וועגן נייעס, האָט ער געענטפֿערט:

— שלעכט, גנעדיקער הער פֿירשט! וועגן דער מפּלה פֿון די העטמאַנעס ווייסט איר שוין, ווייסט איר אויך וועגן טויט פֿון קיניג?.

דער פירשט, וועלכער איז געזעסן אויף אַ קליין בענקעלע פאַרן געצעלט, איז אויפגעשפרונגען פון אָרט:

— וואָס? דער קיניג איז געשטאָרבן?

— דער גנעדיקער האַר האָט אויסגעהויכט זיין נשמה אין מערעטש נאָך אַ וואָך פאַר דער קאָרסונער שלאַכט—האָט סוכאָדאָלסקי געזאָגט.

— גאָט האָט מיט אים געטון אַ חסד און אים נישט געלאָזט דערלעבן אַזאַ מאָמענט — האָט דער פירשט געענטפערט. דערנאָך האָט ער זיך אָנגעכאַפּט פאַרן קאָפּ און ווייטער געזאָגט:—שרעקלעכע צייטן רוקן אָן אויף די רעפּובליק. הכנות צו די וואַלן און די וואַלן גופא, דאָס פעלן פון אַ מושל, די סכסוכים און אינטריגעס אין אויסלאַנד — און דאָס אַלץ אין אַ צייט, ווען עס וואָלט נויטיק געווען, אַז דאָס גאַנצע פאָלק זאָל פאַרוואַנדלט ווערן אין איין שווערד וואָס רוט אין איין האַנט. גאָט האָט אַפּנים אָפּגעקערט פון אונז זיין געזיכט און אין זיין גרימצאָרן פאַר אונזערע זינד וויל ער אונז שטראָפן. די דאָזיקע שרפה וואָלט דאָך נאָר דער קיניג וולאַדיסלאַוו אַליין בכח געווען צו פאַרלעשן, ווייל ער איז געווען שטאַרק באַליבט ביי די קאָזאַקן, און אַ חוץ דעם איז ער געווען אַ מלחמה־מאַן.

אין דער רגע זענען בערך צוואַנציק אָפיצירן, דערונטער זאַטשווילכאָווסקי, סקשעטוסקי, באַראַנאָווסקי, וורצעל, מאַכניצקי און פּאָלאַנאָווסקי צוגעקומען צום פירשט, וועלכער האָט געזאָגט:

—גנעדיקע הערן, דער קיניג איז געשטאָרבן!

די קעפּ זענען אָפּגעדעקט געוואָרן, ווי אויף אַ קאָמאַנדע. די פנימער זענען געוואָרן ערנסט. די דאָזיקע אַזוי אומגעריכטע ידיעה האָט ביי אַלעמען דאָס לשון אָפּגענומען. ערשט אין אַ ווײַלע אַרום האָבן אַלע גענומען אויסדריקן זייער צער און טרויער.

— אַ אייביקע מנוחה באַוויליק אים צו געבן, נאָט — האָט דער פירשט געזאָגט.

— און זאָל דאָס אייבּיקע ליכט אים שיינען אויף אימער און אייביק!

באַלד דערנאָך האָט קסיאָנדז מוכאָוויעצקי געמאַכט אַ הזכּרה און צווישן די דאָזיקע וועלדער, צווישן דעם דאָזיקן כּויק האָט אַ אומבאַשרייבלעכער צער פאַרקלעמט די הערצער און די נשמות. אַלעמען האָט זיך אויסגעדוכטן, גלייך ווי עפּיס אַ האָפ־נונג אויף הילף וואָלט זיי אָפּגענאַרט, גלייך ווי זיי וואָלטן שוין איצט געווען אַליין אויף דער וועלט אַנטקעגן דעם מוראדיקן שונא און מער קיינעם נישט געהאַט, נאָר דעם פּירשט אַליין,

און דעריבער טאַקע האָבן זיך אַלעמענס אויגן געווענדעט צו אים און נאָך ענגער זענען איצט די חיילות מיט אים פאַר־קניפּט געוואָרן.

דעם זעלבן טאָג אין אָוונט האָט דער פּירשט געזאָגט צו זאַטשווילי כאָווסקין אַזוי, אַז אַלע האָבן אים געהערט:

— אונז איז נויטיק אַ קעניג אַ מלחמה־מאַן, און דערפאַר, אויב גאָט וועט געבן און מיר וועלן זיך באַטייליקן אין די וואַלן, וועלן מיר געבן אונזער שטים פאַרן קרוין־פּרינץ קאַראָל, וועלכער פאַרמאָגט מער גבורה ווי קאַזשמיערזש.

— זאָל לעבן קיניג קאַראָל — האָבן די אָפיצירן אויס־גערופן,

— זאָל לעבן! — האָבן איבערגעחזרט די הוזאַרן און נאָך זיי די גאַנצע אַרמיי.

און עס האָט זיך מסתּמא נישט געריכט דער פּירשט־וואָיעוואָדא, אַז די דאָזיקע אויסגעשרייען, וואָס האָבן געהילכט אויף יענער זייט דניעפּר, צווישן די וויסטע טשערנייגאָווער וועלדער, וועלן דערגיין אַזש ביז וואַרשא און אַז זיי וועלן אים דעם גרויסן קרוין־שטאַב פון די הענט אַרויסוואַרפן.

## 9 קאַפּיטל.

נאָך אַ ניין־טאָגיקן מאַרש, מיט וועלכן עס האָט אָנגעפירט הער מאַשקעוויטש, און דריי־טאָגיקן אַריבערגאַנג דורך דער דעסנאַ, זענען די חיילות סוף כל סוף אָנגעקומען קיין טשערניגאָוו, דער ערשטער האָט אַריינמאַרשירט הער סקשעטוסקי מיטן וואָלאַכישן פּאָלק, וועלכן דער פירשט האָט מיט אַ כּיון אַרויסגעשיקט צו פאַרנעמען די שטאָט, כּדי ער זאָל וואָס גיכער קאָנען זיך אויספרעגן וועגן העלענאַן און זאַגלאָבאַן. אָבער אויך דאָ, פּונקט ווי אין לובני, האָט קיינער וועגן זיי נישט געהערט סיי אין דער שטאָט, סיי אין שלאָס, זיי זענען ערגעץ פאַרפאַלן געוואָרן אָן שפּורן, ווי אַ שטיין אין וואַסער אַריין, און דער ריטער האָט שוין אַליין נישט געוווסט וואָס ער זאָל קלערן. ווו האָבן זיי זיך געקאָנט אויסבאַהאַלטן? זיי זיינען דאָך נישט אַנטלאָפן נישט קיין מאָסקווע, נישט קיין קרים, נישט קיין סיטש? ס'איז נאָר געבליבן איין השערה, אַז זיי זענען אַריבער דעם דניעפּער, אָבער אין אַזאַ פאַל זענען זיי מיט אַמאָל אַריינגעפאַלן אין מיטן פון שטורם. דאָרט ווילדעווען שחיטות, שרפות, שכורים, זאָפּאַראָזשער און טאָטערס, פון וועלכע העלענאַ וואָלט אפילו פאַרשטעלטערהייט נישט געקאָנט ניצול ווערן, ווייל די געצנדינערישע פּרא־אדמס האָבן גערן גענומען און געפאַנגשאַפט יינגלעך, אויף וועלכע עס זענען פאַראַן אַ סך בעלנים אויף די סטאַמבולער מערק. הער סקשעטוסקין איז אפילו געקומען אין קאָפּ אַריין אַ שרעקלעכער חשד, אַז זאַגלאָבא האָט אפשר מיט אַ כּיון זי אַוועקגעפירט אין יענע מקומות, כּדי זי צו פאַרקויפן טוהאַיבען, וועלכער וואָלט אים געגעבן אַ גרעסערן לוין איידער באָהון — און דער דאָזיקער געדאַנק האָט אים שיעור נישט משוגע געמאַכט. עס האָט אים אָבער באַרואיקט הער לאָנגינוס

פּאָדביפּיענטא, וועלכער האָט געקאָנט זאַגלאָבאַן לענגער ווי סקשעטוסקי.

— ברודערל, גנעדיקער נאַמיעסטניק — האָט ער געזאָגט — שלאָג דיר דאָס אַרויס פון קאָפּ. דער דאָזיקער שלאַכטשיץ האָט דאָס נישט געטון, אויף ביי די קורצעוויטשעס זענען געווען גענוג אוצרות, וועלכע באַהון וואָלט גערן אים אָפּגעגעבן. און אויב ער וואָלט וועלן אומברענגען דאָס מיידל וואָלט ער נישט איינגעשטעלט דאָס לעבן און בעסער זיך דערשלאָגן צו אַ פאַרמעגנס.

— אמת טאַקע — האָט דער נאַמיעסטניק געזאָגט — אָבער פאַרוואָס איז ער אַנטלאָפן מיט איר איבערן דניעפּר, און נישט קיין לובני, אָדער קיין טשערניגאָוו.

— אָבער באַרואיק דיך, ליבענקער. איך קען דעם דאָזיקן זאַגלאָבא. ער האָט מיט מיר געטרונקען און זיך ביי מיר געבאָרגט. געלד האָט ביי אים קיין חשיבות נישט, סיי זיינס, סיי פרעמדס. האָט ער אייגנס — גיט ער עס אויס — פרעמדס גיט ער נישט אָפּ. אָבער אַז ער זאָל זיין מסוגל אויף אַזעלכע מעשים — דאָס גלויב איך אויף אים נישט.

— דאָס איז אַ לייכטזיניקער מענטש, זייער אַ לייכטזיניקער — האָט סקשעטוסקי געזאָגט.

— אפשר איז ער טאַקע לייכטזיניק, אָבער אַ פויגל, וואָס קאָן יעדן אין זאַק אַריינגנאַרן און אַליין זיך אַרויסדרייען פון אַלע סכּנות. און ווי דער קסיאָנדז האָט מיט זיין נביאישן גייסט דיר אָנגעזאָגט, אַז גאָט וועט זי דיר אומקערן — אַזוי וועט אויך זיין, ווייל על-פּי-יושר דאַרף יעדע אמתע ליבע באַלוינט ווערן, און דו טרייסט דיך מיט דעם דאָזיקן בטחון פונקט אַזוי ווי איך טרייסט מיך.

דאָ האָט הער לאָנגינוס אַליין אָנגעהויבן שווער צו זיפצן און אין אַ ווײַלע אַרום האָט ער צוגעגעבן:

— לאָמיר נאָך אַ פרעג טון אין שלאָס, אפשר זענען זיי דאָרט פאַרבייגעפאָרן?

און זיי האָבן זיך געפרעגט אומעטום — אָבער אומזיסט

— מ׳האָט זיי אַפילו פאַרבייגיין ניט געזען. דאָס שלאָס איז געווען פול מיט שלאַכטשיצעס מיט זייערע ווייבער און קינדער, וועלכע האָבן זיך דאָ באַהאַלטן פאַר די קאָזאַקן. דער פירשט האָט זיי צוגערעט, אַז זיי זאָלן גיין מיט אים צוזאַמען און ער האָט זיי מתרה געווען, אַז די קאָזאַקן גייען אים נאָך. זיי האָבן זיך ניט דערוועגט צו באַפאַלן די אַרמיי, אָבער מ׳האָט געקאָנט פאָראויסזען, אַז נאָכדעם ווי דער פירשט וועט אַוועקגיין וועלן זיי באַפאַלן די שטאָט און דעם שלאָס. די שלאַכטשיצעס אין שלאָס זענען אָבער געווען מאָדנע פאַרבלענדט.

— דאָ הינטער די וועלדער זענען מיר באַוואָרנט — האָבן זיי געענטפערט דעם פירשט — קיינער וועט דאָ צו אונז נישט קומען.

— אָבער איך בין דאָך די דאָזיקע וועלדער דורכגעגאַנגען — האָט דער פירשט געזאָגט.

— דאָס זענט איר, גנעדיקער פירשט, דורכגעגאַנגען, אָבער די הולטאַיעס וועלן נישט דורכגיין. האָ! האָ! זיי וועלן די דאָזיקע וועלדער נישט דורכגיין!

און זיי זענען געבליבן איינגעשפאַרט און נישט געוואָלט גיין. שפּעטער האָבן זיי גוט באַצאָלט פאַר דער דאָזיקער עקשנות, ווייל באַלד נאָכן פירשטס אַוועקגיין זענען אָנגעקומען די קאָזאַקן. דער שלאָס האָט זיך העלדיש פאַרטיידיקט גאַנצע דריי וואָכן, שפּעטער איז ער אָבער איינגענומען געוואָרן און אַלע אין אים זענען אויסגעקוילעט געוואָרן. די קאָזאַקן זענען באַגאַנגען מוראדיקע רציחות. זיי האָבן צוריסן די קינדער און פאַרברענט די פרויען אויפן פייער — און קיינער האָט זיך אין זיי נישט נוקם געווען.

בינו-לבינו איז דער פירשט אָנגעקומען קיין לובעטש ביים דניעפּר. דאָרט האָט די אַרמיי זיך אויסגעלייגט אויף אָפּרו און אַליין איז ער מיט דער פירשטין, הויף-לייט און משאות געפאָרן קיין בראַהין, וואָס איז געלעגן צווישן געדיכטע וועלדער און בלאָטעס, מיט אַ וואָך שפּעטער איז אויך דאָס מיליטער אַריבער דעם טייך. שפּעטער האָט מען זיך געלאָזט קיין באַבּיצאַ ביי

מאָזיר — און דאָרט אין חגא פֿון „באָזשע מישאַלאַ“ האָט געשלאָגן די שעה פֿון געזעגענען זיך, ווייל די פֿירשטן מיט די הויף־לייט האָבן געזאָלט פֿאָרן קיין טוראָוו צו דער פֿרוי פֿון ווילנער וואָיעוואָדאַ, איר מומע, און דער פֿירשט מיטן חייל — אין פֿייער אַריין צו אוקראַינע־צו.

אויפֿן לעצטן אָפּשידס־מיטאָג איז געווען דאָס פֿירשטלעכע פּאָר, די הויף־דאַמען און די חשובֿסטע געזעלשאַפֿט. אָבער צווישן די פֿריילינס און די קאַוואַלירן האָט נישט געהערשט די געוויינלעכע פֿריילעכקייט, ווייל נישט איין זעלנעריש האַרץ איז דאָרט צושניטן געוואָרן אויפֿן געדאַנק, אַז אין אַ ווײַלע אַרום וועט ער מוזן פֿאַרלאָזן זיין אויסדערוויילטע, פֿאַר וועלכער עס וואָלט זיך וועלן לעבן, שלאָגן און שטאַרבן, נישט אין איין פּאָר העלע אָדער טונקעלע מיידעלשע אויגן האָבן זיך געשטעלט טרערן פֿון צער צוליב דעם, וואָס ער וועט אַוועקפֿאָרן אויף די מלחמה, צווישן קוילן און שווערדן, צווישן קאָזאַקן און ווילדע טאָטערס... אַוועקפֿאָרן און אפֿשר מער נישט צוריקקומען...

און דערזבער, ווען דער פֿירשט האָט זיך געזעגנט מיט זיין פֿרוי און הויף־לייט, האָבן די מיידלעך זיך יאָמערלעך צוכליפּעט איינע נאָך דער אַנדערער ווי די קעצלעך, און די ריטערס, ווי מענטשן פֿון אַ שטאַרקערן גייסט, האָבן זיך אויפֿגעשטעלט פֿון זייערע ערטער און אָנכאַפּנדיק די הענטלעך פֿון די שווערדן, האָבן זיי צוזאַמען אויסגעשריגן:

— מיר וועלן מנצח זיין און צוריקקימען!

— זאָל אייך גאָט העלפֿן! — האָט די פֿירשטין אָפּגעענטפֿערט דערויף האָט אָפּגעהילכט אַ אויסגעשריי, אַז די פֿענסטער און די ווענט האָבן זיך אַזש אַ טרייסל געטון.

— זאָל לעבן די פֿירשטין! זאָל לעבן אונזער מוטער און ווילטוערן!

— זאָל לעבן! זאָל לעבן!

עס האָבן זי ליב געהאַט די זעלנער פֿאַר איר צוגענייגטקייט צו די ריטער, פֿאַר איר גרויסער נשמה, פֿרייגעביקייט

און גוטהאַרציקייט, פֿאַר איר השגחה איבער זייערע משפּחות. עס האָט זי ליב געהאַט מער פֿון אַלץ דער פֿירשט יערעמי, ווייל דאָס זענען געווען צוויי נאַטורען. ווי באַשאַפֿן איינע פֿאַר דער צווייטער, ענלעך צו זיך ווי צוויי טראָפּענס וואַסער, ביידע אויסגעגאָסן פֿון גאָלד און בראָנז.

דערפֿאַר זיינען אַלע געגאַנגען צו איר און יעדער האָט מיט זיין בעכער געקניט פֿאַר איר שטול, און זי האָט יעדן געדריקט פֿאַרן קאָפּ און געזאָגט אַ פּאָר גוטע ווערטער. און סקשעטוסקין האָט זי געזאָגט:

— נישט איין ריטער וועט מסתמא דאָ באַקומען אַ אויסגעשטיקטן צלם אָדער אַ זיידן בענדל צום אָנדענק, און אַזוי ווי דו האָסט דאָ נישט יענע, פֿון וועלכער דו וואָלסט אַממערסטן באַגערט צו באַקומען אַזאַ אָנדענק, נעם עס דעריבער אָן פֿון מיר, ווי פֿון אַ מאַמע.

ביי די דאָזיקע ווערטער האָט זי אַראָפּגענומען אַ גאָלדן צלמל, וואָס איז געווען אויסגעזעצט מיט טירקיסן. און עס אָנגעהאָנגען אויפֿן האַלז פֿון ריטער, וועלכער האָט מיט דרך-ארץ איר אַ קוש געטאָן אין די האַנט אַריין.

ס׳איז קענטיק געווען, אַז דער פֿירשט איז געווען זייער צופֿרידן פֿון דעם כבוד, וואָס די פֿירשטין האָט צוגעטיילט דעם הער סקשעטוסקין, ווייל אין דער לעצטער צייט האָט ער אים נאָך מער ליב באַקומען דערפֿאַר, וואָס ער האָט בעת זיין שליחות אין סיטש געשיצט דאָס אָנזען פֿון פֿירשט און נישט געוואָלט נעמען פֿון כמיעלניצקין די בריוו. דערווייל האָט מען זיך גענומען אויפֿשטעלן פֿון די ערטער ביים טיש. די פֿריילינס, וועלכע האָבן אויפֿגעכאַפּט דער פֿירשטינס ווערטער צום הער סקשעטוסקי און זיי אויסגעטייטשט ווי אַ הסכּמה און דערלויבעניש, האָבן באַלד אָנגעהויבן אַרויסנעמען — די אַ געשטיקטן צלם, די צווייטע אַ שאַרף, די דריטע אַ גאָלדענע קרייץ. זעענדיק דאָס, האָבן די ריטערס זיך גענומען צושאַרן יעדער צו זיין אייגענער, אויב נישט אויסדערוויילטער, איז לכל-הפּחות ליבסטער, אַזוי האָט זיך פּאָניאַטאָווסקי צוגעשאַרט צו זשיטינסקאַ,

ביכאָוויעץ צו באָה אָוויטינסקאַ, ווייל זי האָט אין דער לעצטער צייט ביי אים נושא־חן געווען, ראָזטוואַראָווסקי צו פריילין זשוק, דער געלער וויערשול צו סקאָראָפּאַצקאַ, מאַרגיצקי, הגם אַ זקן, צו זאַוויעיסקאַ, נאָר איין אַנושאַ באָזשאַבאַהאַטאַ־קראַשענסקאַ איז געשטאַנען ביים פענסטער איינזאַם און פאַרלאָזט הגם זי איז געווען די שענסטע פון אַלע. איר פנים האָט זיך פאַררויטלט, די אויגן, וואָס זענען געווען צוגעדעקט מיט די ברעמען, האָבן פון דער שיף געשאָסן ווי מיט צאָרן און אינאיינעם אויך מיט געבעט, אַז מען זאָל איר נישט אָנטון אַזאַ בושה, און דער בוגד וואָלאָדיאָווסקי איז צו איר צוגעגאַנגען און געזאָגט

— איך האָב אויך געוואָלט בעטן דאָס פריילין אַנאַ וועגן עפּעס אַ אָנדענק, אָבער כ׳האָב מיך אָפּגעזאָגט דערפון, ווייל כ׳האָב מיר געטראַכט, אַז צוליב דער גרויסער ענגשאַפט וועל איך מיך נישט קאָנען צושטיפן,

אַנושעס בעקעלעך האָבן זיך אָנגעצינדן נאָך פלאַמיקער, פונדעסטוועגן האָט זי אָן דעם מינדעסטן ישוב־הדעת אָפּגעענטפערט.

איר וואָלט געהאַט חשק צו באַקומען אַ אָנדענק פון עמיצן אַנדערש הענט, נישט פון מיינע, אָבער איר וועט אים נישט באַקומען, ווייל דאָרט, אויב ס׳איז נישט צו ענג, איז עס פאַר אייך צו הויך.

דער שאָס איז געווען גוט געפילט און האָט געטראָפן צוויי מאָל: ערשטענס האָט ער מרמז געווען אויף דעם ריטערס גידריקן ווקס, און צווייטנס — אויף זיין ליבע צו דער פירשטין באַרבאַראַ זבאָראָסקאַ. הער וואָלאָדיאָווסקי האָט תחילת געליבט די עלטערס אַנאַ, אָבער ווען זי איז פאַרקנסט געוואָרן, האָט ער גובר געווען דעם שמערץ און אין דער שטיל זיך פאַרליבט אין באַרבאַראַן, מיינענדיק, אַז קיינער שטויסט זיך וועגן דעם נישט אָן.

און דערבער, ווען ער האָט דאָס געהערט פון אַנושאַן, איז כאָטש ער האָט געשמט פאַר אַן ערשטקלאַסיקן קעמפער סיי

מיט דער שווערד און סיי מיטן לשון, האָט ער זיך אַזוי פֿאַרשעמט, אַז דאָס לשון איז אַזש ביי אים ווי אָפּגענומען געוואָרן און ער האָט נאָר אַרויסגעשטאַמלט נישט צו דער זאַך.

— איר, פֿריילין, פֿאַרמעסט זיך אויך הויך, אַזוי הויך אַ שטייגער, ווי הער... פּאָדביפּיענטאַס קאָפּ...

— ער איז באמת העכער פֿון אייך סיי מיט דער שווערד און סיי מיט דער חכמה—האָט דאָס אַנטשלאָסענע מיידל געענטפֿערט—איך דאַנק אייך טאַקע, וואָס איר האָט מיך אין אים דערמאָנט. זייער גוט אַזוי!

און דאָ האָט זי זיך געווענדעט צום ליטווינער:

— גנעדיקער הער, קומט נאָר אַהער. איך וויל אויך האָבן אַן אייגענעם ריטער, אָבער איך ווייס נישט, צי איך וואָלט געפֿונען אַ העלדישערע ברוסט אויף צוצושפּילען די דאָזיקע שאַרף.

הער פּאָדביפּיענטאַ האָט אויסגעגלאָצט די אויגן, גלייך ווי ער וואָלט זיך נישט געגלויבט, צי ער דערהערט גוט, צום סוף האָט ער זיך אַ וואָרף געטון אויף די קני, אַז די פּאָדלאָגע האָט אַזש אַ סקריפּע געטאָן:

— ווילטוערין מיינע, ווילטוערין!

אנושאַ האָט צוגעבונדן דעם שאַרף, און שפּעטער זיינען די קליינע הענטעלעך אינגאַנצן נעלם געוואָרן אונטער הער לאָנגינס העלע וואָנסעס, עס האָט זיך דערהערט נאָר אַ קושן און אַ ברומען און הער וואָלאָדיאָווסקי האָט זיך אָנגערופֿן צום פּאָרוטשניק מיגורסקי:

— וואָלסט געשווירן, אַז אַ בער האָט זיך פֿאַרקליבן צו בינען און עסט אַרויס דעם האָניק.

שפּעטער איז ער אַוועקגעגאַנגען מיט אַ געוויסער פֿאַרביטערטקייט, ווייל ער האָט אין זיך געשפּירט אַנושאַס ביס. און ער האָט זי דאָך אַ מאָל ליב געהאַט.

אָבער אָט האָט דער פֿירשט זיך שוין גענומען אויך געזעגענען זיך מיט דער פֿירשטין—און אין אַ שעה אַרום האָבן די הויף־לייט זיך געלאָזט קיין טוראָוו, און די חיילות צום פֿרי־פּעט־צו.

ביינאַכט, בעתן אַריבערגאַנג, ווען מ׳האָט געבויט די טראַס־וועס אויף אַריבערצופירן די האַרמאַטן און די הוזאַרן האָבן אָנגעפירט מיט דער אַרבייט—האָט הער לאַנגינוס געזאָגט צו סקשעטוסקין:

— האָסטו דיר, ברודערל, אַ אומגליק!

— וואָס איז געשען?— האָט דער נאַמיעסטניק געפרעגט.

— אָט די ידיעות פון אוקראַינע!

— וועלכע?

— די זאַפּאָראָזשער האָבן דאָך געזאָגט, אַז טוהאַי־בעי איז מיט זיין מחנה אַוועק קיין קרים.

— נו, איז וואָס? דו וועסט דאָך דאַרויף נישט וויינען.

— טאַקע יאָ, ברודערל, ווייל דו האָסט דאָך מיר געזאָגט — און דו האָסט געהאַט רעכט — וואָס? אַז די קאָזאַקישע קעפּ קאָן איך נישט פאַרעכענען, און אויב די טאָטערס זיינען אַוועקגעגאַנגען, פון וואַנען וועל איך נעמען דריי קעפּ פון געצן־דינער, ווו וועל איך זיי זוכן? און זיי זיינען דאָך מיר אַזוי נויטיק!

סקשעטוסקי, הגם ער איז אַליין געווען באַטריבט, האָט אַ שמייכל געטאָן און געזאָגט:

— איך שטויס מיך אָן וועגן וואָס עס גייט דיר, ווייל כ׳האָב געזען, ווי מ׳האָט דיך היינט געמאַכט פאַר אַ ריטער.

דאָ האָט הער לאנגינוס צונויפגעלייגט די הענט:

— יאָ, הלמאי זאָל איך לייקענען, כ׳האָב מיך פאַרליבט, ברודערל, פאַרליבט... אָט האָסטו דיר אַ אומגליק!

— זיי דיך נישט מצער. איך גלויב נישט, אַז טוהאַי־בעי איז שוין אַוועק, איבעריקנס וועסטו האָבן געצן־דינער אַזוי פיל וויפיל די האָסט דאָ מיקן איבערן קאָפּ.

און באמת גאַנצע כמאַרעס פון מיקן האָבן זיך געראָיעט איבער די פערד און מענטשן, ווייל דאָס חייל איז אַריין אין אַ לאַנד פון געדיכטע בלאָטעס, זומפּיקע וועלדער, צוווייקטע פעלדער, טייכן, טייכלעך און שטראָמען, אין אַ לאַנד, וואָס איז געווען פוסט און וויסט ווי אַ מדבר, וואָס וועגן זיינע איינוואוינער

פּלעגט מען זאָגן אין יענע צייטן.

„געגעבן זיין טעכטערל
האָט שלאַכטשיץ האָלאָטא
צוויי פּעסלעך מיט סמאָלע,
א קרענצל פון שוואָמען,
אַ טעפּל מיט שפּענער
און בלאָטע אַ קווערטל".

אמת, אַז נישט קוקנדיק אויף דעם דאָזיקן לידל זענען אויף יענע בלאָטעס געוואַקסן נישט בלויז שוואָמען, נאָר אויך אַ גרויסע שררהשע עשירות, אָבער אין יענעם מאָמענט האָבן דעם פירשטס מענטשן, וואָס זענען דערצויגן געוואָרן און אויס-געוואַקסן אויף די טרוקענע הויכע סטעפּעס פון יענער זייט דניעפּר, נישט געוואָלט גלויבן זייערע אייגענע אויגן. עס זענען דאָך דאָרט אויך געווען אין אַ סך ערטער זומפּן און וועלדער, אָבער דאָ האָט זיך זיי געדוכטן, אַז דאָס גאַנצע לאַנד איז איין זומפּ. די נאַכט איז געווען אַ לויטערע, אַ העלע—און ביי דער שיין פון דער לבנה האָט מען, ווי ווייט דאָס אויג האָט גע-גרייכט, נישט געזען קיין איין שטיקל טרוקענע ערד. נאָר די דערנער האָבן זיך געשוואַרצלט איבערן וואַסער, די וועלדער, האָט זיך געדוכטן, זענען ווי אַרויסגעוואַקסן פון וואַסער, דאָס וואַסער האָט זיך געבלעזלט אונטער די פערדישע פיס, וואַסער האָבן אַרויסגעקוועטשט די רעדער פון די וועגנס און האַרמאַטן. וורצל איז געוואָרן פאַרצווייפלט. „אַ אויסטערלישער מאַרש — האָט ער געזאָגט—ביי טשערניגאָוו האָט אונז געדראָט אַ פייער, און דאָ פאַרפלייצט אונז אַ וואַסער". און באמת, די ערד האָט דאָ גאָרנישט געגעבן קיין פעסטע שטיצע די פיס, נאָר זיך גע-וואַקלט, געטרייסלט, גלייך ווי זי וואָלט זיך וועלן שפּאַלטן און איינשלינגען די אַלע, וואָס האָבן זיך אויף איר באַוויגן.

די חיילות זענען אַריבערגעגאַנגען דעם דניעפּר אין משך פון פיר טעג, שפּעטער איז כמעט יעדן טאָג אויסגעקומען אַריבערצוגיין טייכן און טייכלעך, וואָס האָבן געשטראָמט אין דער צווייקטער ערד. און אין ערגעץ איז נישט געווען קיין

בריק- דאָס גאַנצע חייל איז אריבער די טייכן אויף שיפלעך.
אין אַפּאָר טעג ארום האָבן זיך געשטעלט נעפּלען און רעגנס.
די מענטשן האָבן אָנגעשטרענגט די לעצטע כוחות, כדי סוף כל
סוף זיך אַרויסצוקריגן פון דער דאָזיקער פאַרשאָלטענער געגנט.
און דער פירשט האָט געאיילט, געיאָגט. ער האָט געהייסן אויס-
האַקן גאַנצע וועלדער, אויסלייגן וועגן פון קלעצער און ער
איז געגאַנגען פאָרויס. אַז די זעלנער האָבן געזען, ווי ער שוינט
נישט זיינע אייגענע כוחות, ווי ער איז פון באַגינען ביז אין
דער נאַכט געזעסן אויפן פערד, געהאט השגחה איבערן חייל און
איבערן מאַרש און מיט אַלץ אַליין אָנגעפירט — האָבן זיי זיך
נישט דערוועגט צו מורמלען, הגם די אַרבעט איז געווען כמעט
איבער די כוחות. צו שלעפן זיך פון פרי ביז נאַכט, צו זינקען
און ווייקן זיך אין די זומפן און וואַסערן — דאָס איז געווען
אַלעמענס בשותפותדיקער גורל. ביי די פערד האָט דער האָרן
גענומען אַראָפּקריכן פון די קאָפּיטעס, אַ סך פערד ביי די האַר-
מאַטן זענען געפגרט, אַזוי אַז די פוס-גייער און וואָלאָדיאָווסקיס
דראַגונער האָבן אַליין געמוזט שלעפן די האַרמאַטן. די פּאָדער-
שטע פאָלקן, ווי סקשעטוסקיס און זאַטשוויליכאָווסקיס הוזאַרן
און דאָס פאַנצער-פאָלק האָבן זיך גענומען צו די העק, צו ברוי-
קירן די וועגן. דאָס איז געווען אַ רומרייכער מאַרש אין קעלט,
נעץ, און הונגער, אין וועלכן דער ווילן פון מנהיג און די
התלהבות פון די זעלנער האָבן גובר געווען אַלע שטערונגען.
קיינער האָט ביז איצט אין פרילינג, ווען די וואַסערן צופלייצן
זיך, נישט דערוועגט זיך דאָרט-אַרום צו פירן מיליטער. צום
גליק איז דער מאַרש דורך קיין שום איבערפאַל קיין איין מאָל
נישט איבערגעריסן געוואָרן. דאָס פאָלק איז דאָרט אַ שטילס,
אַ רויקס, עס האָט נישט געטראַכט וועגן אַ מרידה, און הגם
עס איז שפּעטער אונטערגעהעצט געוואָרן דורך די קאָזאַקן,
האָט עס נישט געוואָלט צושטיין צו די מחנות פון די מורדים.
און אויך איצט האָט עס געקוקט מיט פאַרשלאָפענע אויגן אויף
די דורכגייענדיקע חיילות, וועלכע האָבן זיך אַרויסגערוקט פון
די וועלדער און זומפן, ווי דיבוקים, און זענען פאַרבייגעגאַנגען

ווי אַ חלום; דאָס פֿאָלק האָט צוגעשטעלט איבערפֿירער, האָט דערפֿילט שטיל און געהאָרכזאַם אַלץ, וואָס מ׳האָט פֿון אים פֿאַרלאַנגט.

זעענדיק דאָס, האָט דער פֿירשט ניט דערלאָזט צו קיין מעשׂים־תּעתּועים מצד די זעלנער און עס האָבן די חיילות ניט באַגלייט קיין מענטשלעכע קרעכצן, קללות און קלאָגערייען, און ווען די חיילות זענען דורכגעגאַנגען און אין עפּיס אַ פֿאַרווי־כערטן דערפֿל האָט מען זיך דערוווסט, אַז דאָס איז פֿירשט יאַ־רעמאַ דורכגעגאַנגען—האָבן די מענטשן געשאָקלט מיט די קעפּ: „ער איז דאָך גאָר אַ גוטער!”—האָבן זיי זיך געזאָגט אין דער שטיל.

צום סוף, נאָך צוואַנציק טעג פֿון איבערמענטשלעכער מי און אָנשטרענגונג, זיינען דעם פֿירשטס חיילות אַריין אין צו־זובונטעוועטן לאַנד: „יאַרעמאַ גייט! יאַרעמאַ גייט!” האָט זיך דורכגעטראָגן דאָס קול איבער גאַנץ אוקראַינע און דערגרייכט אַזש העט ביז די ווילדע פֿעלדער, ביז טשעכרין און יאַהאָרליק. „יאַרעמאַ גייט!”—האָט זיך דורכגעטראָגן דאָס קול איבער די שטעט, דערפֿער, חוטאָרס און בין־שטעק און אויף די דאָזיקע בשורה זיינען די קאָסעס, גראַבלעס און מעסערס אַרויסגעפֿאַלן פֿון דעם פּויערס הענט, די פּנימער זענען בלייך געוואָרן, קופּעס פֿון רוצחים זענען אין די נעכט אַנטלאָפֿן צו דרום־צו, ווי סטאַ־דעס וועלף פֿאַרן אָפּקלאַנג פֿון יעגער־טרומייטן? דער טאָטער, וואָס האָט זיך אַהער דערשלעפּט נאָך גזלה, איז צוראָפּגעשפּרונ־גען פֿון פֿערד און יעדע ווילע צוגעלייגט דאָס אויער צו דער ערד; אין די גרעסערע און קלענערע שלעסער, וואָס זיינען נאָך ניט געווען פֿאַרנומען דורך די מורדים, האָט מען געקלונגען אין די גלעקער און געזונגען לוב־תּפֿילות צו גאָט.

און דער מוראדיקער לייב האָט זיך אַוועקגעלייגט אויף דער שוועל פֿון צובונטעוועטן לאַנד און אָפּגערוט.

ער האָט געזאַמעלט כּוחות.

## 10. קאַפּיטל.

דערווייל האָט כמיעלניצקי, נאָכדעם, ווי ער איז אַ געוויסע צייט געשטאַנען אין קאָרסון, זיך צוריקגעצויגן קיין ביאַלאָצערקעוו און דאָרט איינגעאָרדנט זיין הויפּט-שטאָט. די טאָטערס האָבן זיך אויסגעלייגט מיט זייער לאַגער אויף דער צווייטער זייט פֿון טייך, אויסציענדיק זיך איבער דער גאַנצער קיעווער וואָיעוואָדזטווע. אומזיסט האָט הער לאָנגינוס פּאָדביפּיענטאַ זיך מצער געווען, אַז עס וועלן אים אויספעלן טאָטערישע קעפּ. הער סקשעטוסקי האָט מיט רעכט פאָרויסגעזען, אַז די זאַפּאָראָזשער, וואָס זיינען געכאַפּט געוואָרן דורכן הער פּאָניאַטאָוווסקי ביי קאַניאָוו, האָבן איבערגעגעבן אַ פֿאַלשע ידיעה: טוהאַי-בעי איז ניט בלויז ניט אַוועק, נאָר ער האָט זיך אַפֿילו ניט אַרויסגעריירט קיין טשעהרין. נאָך מער, נייע מחנות זיינען אָנגעקומען פֿון אַלע זייטן. עס זיינען געקומען די אַזאָווער און אַסטראַכאַנער מושלים, וועלכע זיינען פֿאַרדעם נאָך קיינמאָל ניט געווען אין פּוילען, מיט פֿיר טויזנט זעלנער. עס זיינען געקומען צוועלף טויזנט מאַן פֿון דער נאָהאַיער מחנה, צוואַנציק טויזנט מאַן פֿון בילגאָראָד און בודזשאַק—זיי אַלע זיינען אַמאָל געווען דם-שונאים פֿון זאַפּאָראָזשע און פֿון די קאָזאַקן, און היינט זיינען זיי געוואָרן ברידער און געשלאָסן יד-אחת אויף צו פֿאַרגיסן קריסטליך בלוט. צום סוף איז אויך אָנגעקומען דער כאַן איסלאַן גירעי אַליין מיט צוועלף טויזנט מאַן פֿון פּערעקאָפּ. עס האָט געליטן פֿון די דאָזיקע פֿריינט גאַנץ אוקראַינע, עס האָט געליטן ניט בלויז די שלאַכטע, נאָר אויך דאָס אוקראַינער פֿאָלק, ווייל מ'האָט פֿאַרברענט זיינע דערפֿער און צוגערויבט זיין האָב און גוטס, און די פּויערן אַליין מיט זייערע ווייבער און קינדער זיינען פֿאַרטריבן געוואָרן אין געפֿאַנגענשאַפֿט. אין

די דאָזיקע צייטן פון רציחות, שרפות און שפיכת-דמים, איז נאַרן פויער געווען נאָר איין רעטונג: אַנטלויפן אין כמיעלניצקיס לאַגער? דער פריערדיקער קרבן איז דאָרט געוואָרן אַ רוצח און האָט אַליין חרוב געמאַכט זיין אייגענע ערד, ער איז אָבער לכל-הפחות זיכער געווען מיט זיין לעבן. אומגליקלעך לאַנד! — ווען די מרידה איז דאָרט אויסגעבראָכן, האָט עס צוערשט געשטראָפט און חרוב געמאַכט הער מיקאָלאַי פּאָטאָצקי, שפּעטער די זאַפּאָראָזשער און טאָטערס, וועלכע זיינען כלומרשט געקומען עס באַפרייען, און איצט האָט עס זיך געריירט אויף יערעמי ווישניאָוויעצקין.

ווער עס האָט געקאָנט, איז דעריבער אַנטלאָפן אין כמיעלניצקיס לאַגער, עס איז אַנטלאָפן אַפילו די שלאַכטע, ווייל קיין אַנדער מיטל זיך מציל צו זיין איז ניט געווען. אַ דאַנק דעם זענען כמיעלניצקיס כּוחות געוואַקסן און אויב ער האָט זיך ניט באַלד געלאָזט טיף אין דער רעפּובליק אַריין, אויב ער איז געלעגן לאַנג אין ביאַלאָצערקעוו, האָט ער דאָס געטון אָן דער עיקר דרפאַר, ווייל ער האָט געוואָלט אַריינברענגען אַ סדר אין די דאָזיקע ווילדע און רויע מחנות.

און אונטער זיין אייזערנער האַנט זענען זיי טאַקע גיך פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ מיליטערישער מאַכט. מחנוה פון אויסגעבילדעטע זאַפּאָראָזשער זענען געווען גרייט צום מאַרש, דער המון איז צוטיילט געוואָרן אויף פּאָלקן, עס זענען באַשטימט געוואָרן פּאָלקאָווניקעס פון צווישן די אַמאָליקע קאָזאַקן-אַטאַמאַנעס, איינצעלנע אָפּטיילונגען זענען אַרויסגעשיקט געוואָרן אויף איינצונעמען שלעסער, כּדי זיי זאָלן זיך צוגעוווינען צו דער שלאַכט. און בטבע איז דאָס געווען אַ קאַמף-לוסטיק פאָלק, מסוגל אומצוגיין מיט כלי-זיין און מלחמה צו האַלטען אַזוי, אַז עס האָט צו זיך קיין גלייכן נישט געהאַט, און צוליב די טאָטערישע איבערפאַלן האָט עס זיך שוין מער ניט געשראָקן פאַר פייער און בלוטיקן אָנבליק פון דער מלחמה.

אַזוי זענען צוויי פּאָלקאָווניקעס, האַנדזשאַ און אָסטאַפּ, אַוועק קיין נעסטעוואַר, און נאָכדעם ווי זיי האָבן זי איינגע-

נומען האָבן זיי אויסגעקוילעט אַלע דאָרטיקע שלאַכטשיצעס און ייִדן. דעם פּירשט טשעטווערטינסקי האָט זיין אייגענער מילנער אָפּגעהאַקט דעם קאָפּ אויף דער שוועל פון שלאָס — און די פּירשטין האָט אָס־אַפּ זיך צוגענומען פאַר אַ שקלאַפן. עס זענען געגאַנגען אַנדערע און אַנדערע ערטער און די הצלחה האָט זיי אומעטום צוגעשפּילט, ווייל אַ שרעק האָט ביי די „ליאַכן" אָפּגעטויט די הערצער — אַ שרעק, פון וועלכער דאָס דאָזיקע פאָלק האָט קיינמאָל נישט געוווּסט" און וועלכע האָט אַרויסגעשליידערט דאָס געווער פון די הענט און אָפּגענומען די כוחות.

אָפּט פלעגן די פּאָלקאָווניקעס מוטשן כמיעלניצקין: פאַרוואָס לאָזט דו דיך נישט קיין וואַרשא, נאָר דו זיצט מיט פאַרלייגטע הענט, מאַכסט כישוף מיט מכשפות און גיסט אין זיך אַריין בראָנפן, און די ליאַכן גיסטו די מעגלעכקייט זיך אָפּצוטרייסלען פון דער שרעק און צוזאַמלען חיילות? נישט איינמאָל האָט דער אָנגעשיכורטער המון געוואָרטשעט אין די נעכט, באַלאַגערט כמיעלניצקיס קוואַרטיר און געפאָדערט, אַז ער זאָל אים פירן אויף אַ מלחמה מיט די „ליאַכן". כמיעלניצקי האָט אָרגאַניזירט די מרידה און איר געגעבן אַ שרעקלעכן כוח, אָבער איצט האָט ער אָנגעהויב איינצוזען, אַז דער דאָזיקער כוח שטויסט אים אין אַ אומבאַקאַנטע צוקונפט, אַזוי אַז ער האָט אָפט מיט טריבע אויגן געקוקט אין יענע צוקונפט און זיך באַמיט זי צו דערפאָרשן — און אַ שרעק האָט זיך אַריינגעקליבן אין זיין האַרץ.

ווי געזאָגט, האָט צווישן די דאָזיקע פּאָלקאָווניקעס און אַטאַמאַנעס נאָר ער אַליין געוווּסט, ווי מוראדיק עס איז די מצב, וואָס ליגט באַהאַלטן אין דער לפנימדיקער אומבאַהאָלפּענקייט פון דער רעפּובליק. ער האָט אָרגאַניזירט די מרידה, האָט צוקלאַפּט דעם שונא ביי די געלע וואַסערן, האָט אים צוקלאַפּט ביי קאָרסון, האָט פאַרטיליקט די קרוין־חיילות — און וואָס וועט ווייטער זיין?

ער האָט דעריבער צונויפגערופן די פּאָלקאָווניקעס אויף אַ באַראַטונג און קוקנדיק אויף זיי מיט זייבע בלוטיקע אויגן,

פֿאַר וועלכע זיי האָבן אַלע געציטערט, האָט ער זיי געשטעלט די זעלבע פֿראַגע: וואָס וועט ווייטער זיין? וואָס ווילט איר?"

— גיין קיין וואַרשאַ? — וועט דער פֿירשט ווישנאָוויעצקי קומען אַהער און אויסהרגענען אייערע ווייבער און קינדער, ער וועט איבערלאָזן נור ערד און וואַסער, אין שפּעטער וועט ער זיך לאָזן אויך אונז נאָכיאָגן קיין וואָרשאַ מיט דער גאַנצער מאַכט פֿון דער שלאַכטע, וואָס וועט צו אים צושטיין — און אַרומגענומען פֿון צוויי פֿייערן, וועלן מיר אומקומען, אויב נישט אין די שלאַכטן, איז אויף די שפּיציקע דרענגער...

אויף די פֿריינטשאַפֿט פֿון די טאַטערס קאָן מען זיך נישט פֿאַרלאָזן, היינט זענען זיי מיט אונז, מאָרגן וועלן זיי זיך אָפּקערן פֿון אונז און אַנטלויפֿן קיין קרים, אָדער פֿאַרקויפֿן אונזערע קעפּ די שׂררות.

נו, וואָס וועט זיין ווייטער? זאָגט! אַרויסלאָזן זיך אַקעגן ווישניאַוויעצקין? וועט ער אויפֿהאַלטן אַלע אונזערע כּוחות און די טאָטערס, און דערווייל וועלן זיך די חיילות צונויפֿקלויבן טיף אין דער רעפּובליק אין אויף פֿון דאָרט אים קומען צו הילף. קלויבט אויס...

די אָנגעשראָקענע פּאָלקאָווניקעס האָבן געשוויגן און כמיעלניצקי האָט ווייטער גערעט.

— פֿאַרוואָס זענט איר עפּעס אַזוי געפֿאַלן ביי זיך? פֿאַר וואָס יאָגט איר מיך מער נישט, אַז איך זאָל מאַרשירן אויף וואַרשע? הייסט עס, אַז איר ווייסט נישט, וואָס צו טון, מוזט איר דאָס מיר איבערלאָזן, און מיט גאָטס הילף וועל איך מיין קאָפּ און אייערע קעפּ מציל זיין און איך וועל באַקומען הנחות פֿאַרן זאַפּאָראָזשער חייל און פֿאַר אַלע קאָזאַקן.

און געבליבן איז נאָר איין מיטל: אונטערהאַנדלונגען. כמיעלניצקי האָט גוט געוווּסט, וואָס מ'קאָן מיט אַזאַ מיטל אויפֿטון אין דער רעפּובליק; ער האָט גערעכנט, אַז די סיימען וועלן גיכער מסכּים זיין אויף באַדייטנדיקע הנחות, איידער אַרויפֿצולייגן שטייערס, צונויפֿצוזאַמלען חיילות און צו פֿירן

אַ מלחמה, וועלכע וואָלט געמוזט זיין אַ לאַנגע און אַ שווערע. ער האָט אויך געוווּסט, אַז אין וואַרשע איז פֿאַראַן אַ מעכטיקע פּאַרטיי, און אַז אין איר שפּיץ איז געשטאַנען דער קיניג אַליין, וואָס די ידיעה וועגן זיין טויט איז נאָך נישט געווען אָנגעקומען*), און דער קאַנצלער און אַ סך מושלים, וועלכע וואָלטן בעסער וועלן אָפּשטעלן דעם וווּקס פֿון די מאַגנאַטישע פֿאַרמעגנס אין אוקראַינע, אויסבילדן פֿון די קאָזאַקן אַ מאַכט, וואָס זאָל שטיין אין רשות פֿון קיניג, שליסן מיט זיי אַ אייביקן שלום און יענע אָנגעקליבענע טויזענטער פֿאַרווענדן אויף אַ אַנדערע מלחמה. ביי די דאָזיקע באַדינגונגען האָט כמיעלניצקי געקאָנט אויך פֿאַר זיך געווינען אַחשובֿן אַמט, באַקומען פֿון קיניגס האַנט דעם שטאַב פֿון אַ העטמאַן און אויספֿילן פֿאַר די קאָזאַקן הנחות אָן אַ שיעור.

אָט פֿאַרוואָס ער איז לאַנג געלעגן אין ביאַלאָצערקעוו. ער האָט זיך באַוואָפֿנט, פֿונאַנדערגעשיקט בריוו אויף אַלע זייטן, צונויפֿגעשטעלט גאַנצע אַרמייען, צוזאַמענגעצויגן דאָס פֿאָלק, פֿאַרכאַפּט אין זיין רשות די ש ס ר, ווייל ער האָט געוווּסט, אַז נאָר מיט אַ שטאַרקן וועט מען זיך אַריינלאָזן אין אונטערהאַנדלונגען, אָבער טיף אין די רעפּובליק אַריין איז ער נישט געגאַנגען.

אָ, ווען ער וואָלט געקאָנט אויפֿן יסוד פֿון אונטערהאַנדלונגען שליסן שלום, — דעמאָלט וואָלט ער דערמיט אַליין אַרויסגעשליידערט דאָס געווער פֿון ווישניאַוויעצקיס האַנט, אָדער — אויב דער פֿירשט וועט נישט וועלן לייגן דאָס געווער, וועט נישט ער, כמיעלניצקי, זיין דער מורד, נאָר דער פֿירשט, וואָס וועט פֿירן מלחמה קעגן דעם ווילן פֿון קעניג און פֿון די סיימען.

דעמאָלט וועט ער אַרויסמאַרשירן אַקעגן ווישניאַוויעצקין — אָבער שוין מיטן רשות פֿון קיניג און פֿון דער רעפּובליק — און עס וועט דעמאָלט שלאָגן די לעצטע שעה נישט בלויז פֿאַרן פֿירשט, נאָר אויך פֿאַר אַלע אוקראַינער מושלים, פֿאַר זייער עשירות און נחלות.

---

*) דעם 12 יוני האָט מען ביי ביאַלאָצערקעוו נאָך נישט געוווּסט וועגן קיניגס טויט.

אַזוי האָט געטראַכט דער פֿאַלשער העטמאַן פֿון זאַפּאָראָזשע, אַזאַ בנין האָט ער אויפֿגעשטעלט פֿאַר דער צוקונפֿט. אָבער אויף די יסודות, וואָס ער האָט צוגעגרייט פֿאַר דעם דאָזיקן בנין, האָבן זיך אָפּט געזעצט שוואַרצע פֿייגל פֿון דאגות, ספֿקות, שרעק — און אימהדיק געקראַקעט.

צו וועט גענוג שטאַרק זיין די שלום-פּאַרטיי אין וואַרשע, צו וועלן זיי מיט איר אונטערהאַנדלען? וואָס וו.ט זאָגן דער סיים און סענאַט, וועלן זיי זיך פֿאַרשטאָפּן די אויערן אויף די קרעכצן און רופֿן פֿון אוקראַינע, וועלן זיי פֿאַרמאַכן די אויגן אויף די פֿלאַמען פֿון די שרפֿות?.

צו וועט נישט איבערוועגן די השפּעה פֿון די מושלים, וואָס פֿאַרמאָגן יענע געוואַלטיקע נחלות, וועלכע זיי וועלן שטרעבן צו שיצן? און צי האָט זיך די דאָזיקע רעפּובליק שוין אַזוי איבערגעשראָקן, אַז זי וועט אים מוחל זיין דאָס, וואָס ער האָט זיך פֿאַרייניקט מיט די טאָטערס?

און פֿון דער צווייטער זייט האָט כמיעלניצקיס נשמה געפּלאָגט דער ספֿק, צי די דאָזיקע מרידה האָט זיך שוין נישט צופֿיל צופֿלאַקערט און אַנטוויקלט? צי יענע צעווילדעוועטע מאַסן וועלן זיך לאָזן האלטן אין דער מורא? גוט — ער, כמיעלניצקי, וועט שליסן שלום, אָבער דער המון וועט אין זיין נאָמען ווייטער אויספֿירן רציחות און אונטערצינדונגען — אָדער ער וועט גאָר אין אים גופֿא זיך נוקם זיין פֿאַר זיינע אָפּגענאַרטע האָפֿנונגען. דאָס איז דאָך אַ צופֿלייצטער טייך, אַ ים, אַ שטורעם! אַ שרעקלעכע לאַגע! ווען דער אויסברוך פֿון דער מרידה וואָלט געווען שוואַכער, וואָלט מען זיך מיט אים, מיט אַ שוואַכן, ניט אַריינגעלאָזט אין אונטערהאַנדלונגען,— און אַזוי ווי די מרידה איז אַ מעכטיקע, איז מעגלעך, אַז די אונטערהאַנדלונגען זאָלן איבערגעריסן ווערן.

און וואָס וועט זיין?

ווען אַזעלכע געדאַנקען האָבן זיך געראָיעט אין העטמאַנס שווערן קאָפּ, האָט ער זיך פֿאַרשלאָסן אין זיין קוואַרטיר און

געטרונקען גאַנצע טעג און נעכט. דעמאָלט האָט זיך צווישן די פּאָלקאָווניקעס און המון פֿאַרנאַנדערגעטראָגן די ידיעה: „דער העטמאַן טרינקט!" און גאָכטוענדיק אים, האָבן אַלע געטרונקען, די דיסציפּלין האָט אויפגעהערט, מען האָט געהרגעט די געפאַנגענע, מ׳האָט זיך געשלאָגן, צוראַבירט דעם שלל — עס האָט זיך אָנגעהויבן דער יום-הדין און די הפקרות און אכזריות האָבן באַקומען די שליטה. ביאַלאָצערקעוו איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן אמתן גיהנום.

איינמאָל איז צום שכורן העטמאַן אַריינגעקומען דער שלאַכטשיץ וויכאָווסקי, וואָס איז ביי קאָרסון געגומען געוואָרן אין געפֿאַנגענשאַפֿט, און דער העטמאַן האָט אים באַשטימט פֿאַר זיין סעקרעטאַר. אַריינקומענדיק, האָט ער אָן צערעמאָניעס גענו-מען טרייסלען דעם שכור און צום סוף האָט ער אים אָנגעכאַפּט פֿאַר די אָרעמס, אַוועקגעזעצט אויף דער סאָפֿע און אים גענומען מונטערן:

— און וואָס איז דאָס פֿאַר אַ אָנשיקעניש?—האָט כמיעל-ניצקי געפֿרעגט.

— גנעדיקער הער העטמאַן, שטיי אויף און קום-צו-זיך— האָט וויכאָווסקי געענטפֿערט, — שליחים זענען געקומען!

כמיעלניצקי איז מיט אַמאָל אויפגעשפּרונגען פֿון אָרט און אין איין רגע זיך אויסגעניכטערט.

— העי! — האָט ער גערופֿן דאָס יונגע קאָזאַקל, וואָס איז געזעסן אויף דער שוועל — דעם מאַנטל, דאָס היטל און דעם שטאַב!

און דערנאָך צו ביכאָווסקין:

— ווער איז געקומען? פֿון וועמען?

— קסיאָנדז פּאַטראָני לאַסקאָ פֿון הושטשא, פֿון הער וואָ-יעוואָדא פֿון בראַצלאַוו.

— פֿון הער קישעל?

— יאָ.

— געלויבט איז גאָט און דער זון, געלויבט איז דער

הייליקער גייסט און די הייליקע=רייניסטע! — האָט כמעלניצקי אויסגערופן און דערביי זיך געצלמט.

און דאָס פּנים האָט ביי אים געלויכטן, ס'האָט זיך אויס-געלייטערט—מ'גייט מיט אים פירן אונטערהאַנדלונגען.

אָבער דעם זעלבן טאָג זענען אויך אָנגעקומען ידיעות, וואָס האָבן פּשוט סותר געווען דעם הער קישעלס שלום=אָנבאָט.

מ'האָט מודיע געווען, אַז נאָך דעם, ווי דער פירשט האָט געלאָזט אויסרופן די אַרמיי, וואָס איז געווען פאַרמאַטערט פון מאַרש דורך די וועלדער און בלאָטעס, איז ער אַריין אין צו-בונטעוועטן לאַנד; אַז ער שלאָגט, ברענט פאַרטיליקט; אַז אַ פּאָרפּאָסטן, וואָס איז אַרויסגעשיקט געוואָרן מיט סקשעטוסקין בראש, האָט צוקלאַפּט אַ צוויי=טויזנט-קעפּיקע מחנה פון קאָזאַקן און המון—און פון איר נישט געלאָזט קיין שריד=ופליט; אַז דער פירשט אַליין האָט מיט שטורם גענומען פּאגרעבישטשע, די נחלה פון די פירשטן זבאראזקיס — און איבערגעלאָזט בלויז ערד און וואַסער. מ'האָט דערציילט מוראדיקע זאַכן וועגן דעם דאָזיקן שטורם און וועגן דעם, ווי אַזוי פּאגרעבישטשע איז איינגענומען געוואָרן — וואָרום דאָס איז געווען אַ נעסט פון די פאַרביסנסטע מורדים. דער פירשט זאָל האָבן געזאָגט צו די זעלנער: „מאָרדעט זיי אַזוי, דאָס זיי זאָלן פילן, אַז זיי שטאַרבן". *) די זעלנער זענען דעריבער באַגאַנגען די ווילדעסטע רציחות. פון דער גאַנ-צער שטאָט איז נישט ניצול געוואָרן קיין איין לעבעדיקער נפש. זיבן הונדערט געפאַנגענע זענען אויפגעהאָנגען געוואָרן, צוויי הונדערט זענען אַרויפגעזעצט געוואָרן אויף שפּיציקע דרענגער. מ'האָט אויך איבערגעגעבן, אַז מ'האָט געבויערט די אויגן מיט עגבערס, אַז מ'האָט פאַרברענט לעבעדיקערהייט אויפן פרייען פייער. דאָס מרידה=פייער איז מיט אַמאָל פאַרלאָשן געוואָרן אין דער גאַנצער סביבה. די תושבים אָדער זיי זענען אַנטלאָפן צו כמיעלניצקין, אָדער זיי האָבן מקבל=פּנים געווען דעם מושל פון

---

*) רודאַווסקי פאַרזיכערט, אַז די דאָזיקע ווערטער זענען געזאָגט געוואָרן אין נעמיראָוו.

לובני קניענדיקערהייט, מיט ברויט און זאַלץ, בעטנדיק רחמים אויף זייער לעבן. די קלענערע מחנות זענען אַלע פּאַרטיליקט געוואָרן — און אין די וועלדער, ווי עס האָבן דערציילט די אַנטלאָפֿענע פֿון סאַמהאָראָדאָק, ספּיטשין, פּלעסקאָוו און וואַכנובקא, איז נישט געווען קיין איין בוים, אויף וועלכן עס זאָל נישט הענגען אַ קאָזאַק.

און דאָס אַלץ האָט זיך אָפּגעטון נישט ווייט פֿון ביאַלאָצערקאָוו און פֿון כמיעלניצקיס געוואַלטיקער אַרמיי.

און דעריבער, ווען כמיעלניצקי האָט זיך וועגן דעם דערוווסט, האָט ער גענומען ריטשען, ווי אַ פֿאַרוווּנדעטער אָקס. פֿון איין זייט אונטערהאַנדלונגען, פֿון דער צווייטער זייט די שווערד. אויב ער וועט אַרויסמאַרשירן קעגן פֿירשט, וועט דאָס זיין אַ סימן, אַז ער וויל נישט פֿירן די אונטערהאַנדלונגען, וואָס עס האָט אים פֿאָרגעלייגט דער מושל פֿון ברוסילאָוו.

די איינציקע האָפֿנונג האָט ער אַרויפֿגעלייגט אויף די טאָטערס. כמיעלניצקי האָט זיך אויפֿגעכאַפּט אין טוהאַי־בעיס קוואַרטיר.

— טוהאַי־בעי, מיין פֿריינט! — האָט ער געזאָגט נאָך די געוויינלעכע באַגריסונגען — אַזוי ווי דו האָסט מיך געראַטעוועט ביי די געלע וואַסערן און ביי קאָרסון, מוזטו מיך אויך איצט ראַטעווען. עס איז דאָ געקומען אַ שליח פֿון בראַצלאַווער וואָיעוואָדאַ מיט אַ בריוו, אין וועלכן דער וואָיעוואָדאַ זאָגט מיר צו הנחות, און דעם זאַפּאָראָזשער הייל צוריקגעבן די אַמאָליקע רעכט מיטן תּנאַי, אַז איך זאָל אָפּשטעלן די מלחמה, און איך מוז דאָס טון, ווייל איך וויל געבן אַ באַווייז פֿון מיין אויפֿריכטיקייט און גוטן ווילן. און דערווייל זיינען דאָ אָנגעקומען ידיעות פֿון מיין שונא, דעם פֿירשט ווישניאָוויעצקי, אַז ער האָט אומגעבראַכט די באַפֿעלקערונג פֿון פּאָגרעבישטשע און קיינעם נישט געלאָזט לעבן — און ער קוילעט אויס מיינע גוטע קאָזאַקן, זעצט זיי אויף שפּיציקע דרענגער און בוירט די אויגן מיט עגבערס. און אַזוי ווי איך קאָן קעגן אים נישט אַרויסטרעטן, בין איך צו דיר געקומען מיט דער בקשה, אַז דו זאָלסט אַרויס־

מאַרשירן מיט די טאַטערס אַקעגן דעם דאָזיקן שונא מיינעם און דיינעם, ווייל אַנדערש וועט ער אַנגיכן דאָ באַפאַלן אונזע־רע לאַגערס.

דער טאַטער, וואָס איז געזעסן אויף אַ פּאַק פון טעפּיכן, וואָס זיינען פאַרכאַפּט געוואָרן אין קאָרסון, אָדער צוגעגזלט גע־וואָרן אין די הויפן פון די שלאַכטשיצעס, האָט אַ געוויסע צייט געשאָקלט מיטן קאָפּ אַהין און אַהער, האָט פאַרמאַכט די אויגן, גלייך ווי ער וואָלט זיך מיישב געווען, און צום סוף האָט ער געענטפערט:

— אַלאַ! איך קאָן דאָס נישט טון.

— פאַרוואָס? — האָט כמיעלניצקי געפרעגט.

— ווייל כ׳האָב שוין אַזוי אויך גענוג בעיס און טשאַוסן פאַר דיינעטוועגן אומגעבראַכט ביי די געלע וואַסערן און ביי קאָרסון, צו וואָס זאָל איך נאָך מער אומברענגען? יארעמאַ איז אַ גרויסער מלחמה־העלד! איך וועל אַרויסטרעטן קעגן איס, אויב דו וועסט אויך אַרויסטרעטן, אָבער אַליין נישט: כ׳בין נישט קיין נאַר, אַז איך זאָל אין איין נאַכט פאַרלירן אַלץ, וואָס כ׳האָב ביז איצט געווונען — וועל איך שוין בעסער אַרויסשיקן די מחנות נאָך שלל און געפאַנגענע. כ׳האָב שוין גענוג געטון פאַר אייך, אומגלויביקע הינט. כ׳וועל אַליין ניט גיין און דעם כאַן אויך אָפּריידן דערפון. כ׳האָב געזאָגט.

— דו האָסט מיר געשוואוירן צו געבן הילף.

— אמת, אָבער כ׳האָב געשוואוירן צו שלאָגן צוזאַמען מיט דיר, און ניט פאַר דיר, אַוועק פון מיר!

— כ׳האָב דיר דערלויבט צו נעמען געפאַנגענע פון מיין אייגענעם פאָלק, כ׳האָב דיר דעם שלל אָפּגעגעבן, די העטמאַנעס אָפּגעגעבן.

— ווייל אויב דו וואָלסט ניט אָפּגעגעבן, וואָלט איך דיך זיי אָפּגעגעבן.

— כ׳וועל גיין צום כאַן.

— אַוועק פון מיר, ציגנבאָק, זאָג איך דיר.

און דעם טאַטערס שפּיציקע ציין האָבן שוין גענומען זיך

שאַרפֿן הינטער די ליפּן. כמיעלניצקי האָט איינגעזען, אַז ע־ וועט דאָ גאָרנישט אויפטון, און אַז לענגער מיט אים איינטענהן, שמעקט מיט אַ סכנה, האָט ער זיך דעריבער אויפגעשטעלט און איז טאַקע אַוועק צום כאַן.

אָבער פֿון כאַן האָט ער באַקומען פונקט אַזאַ תשובה. די טאָטערס האָבן געהאַט זייער חשבון און געזוכט דעם אייגענעם נוצן, אָנשטאָט אַריינלאָזן זיך אין אַ גענעראַל־שלאַכט מיטן פּירשט, וועלכער האָט געגאָלטן פֿאַר אומבאַזיגבאַר, האָבן זיי בעסער געוואָלט פֿאַנאַנדערשיקן זייערע חיילות און נתעשר ווערן אָן בלוט־פֿאַרגיסונג.

כמיעלניצקי איז אַ אויפגערעקטער צוריקגעקומען אין זיין קוואַרטיר און פֿון פֿאַרצווייפלונג האָט ער זיך שוין געוואָלט נעמען צום פלעשל, אָבער וויכאָסקי האָט עס אים אַרויסגעריסן פֿון דער האַנט.

— דו וועסט ניט טרינקן, גנעדיקער העטמאַן — האָט ער געזאָגט. — אַ שליח וואַרט דאָ, מ׳דאַרף אים משלח זיין.

כמיעלניצקי איז אַריינגעפֿאַלן אין אַ שרעקלעכע רציחה.

— איך וועל דיך און דעם שליח אויפהענגען!

— און איך וועל דיר קיין בראָנפן ניט געבן. ווי שעמסטו דיך ניט, נאָכדעם ווי דאָס מזל האָט דיך אַזוי הויך דערהויבן, אַריינצוגיסן אין זיך בראָנפּן, ווי אַ פּראָסטער קאָזאַק? טפֿו, טפֿו, גנעדיקער העטמאַן, אַזוי קאָן עס ניט זיין. די ידיעה וועגן אָנקומען פֿון שליח האָט זיך שוין פֿאַרשפּרייט. דאָס חייל און די פּאָלקאָווניקעס ווילן זיך צונויפקומען אויף אַ באַראַטונג. דו דאַרפֿסט איצט ניט טרינקן, נאָר שמידן דאָס אייזן, כל־זמן ס׳איז הייס — ווייל איצט קאָנסטו שליסן שלום און אויספֿועלן אַלץ, וואָס דו באַגערסט דערנאָך וועט זיין צו שפּעט, און אונזער ביידענס לעבן וועט זיין פֿאַרשפּילט, דו דאַרפֿסט איצט אַרויסשיקן שליחים קיין וואַרשע און בעטן חסדים ביים קיניג...

— האָסט אַ קלוגן קאָפּ — האָט כמיעלניצקי געזאָגט — הייס קליינגען אויף אַ באַראַטונג, און די פּאָלקאָווניקעס אויפֿן פּלאַץ זאָג, אַז איך וועל באַלד אַרויסגיין.

וויכאָווסקי איז אַרויסגעגאַנגען און אין אַ ווײַלע אַרום האָבן די גלאָקן געדופן אויף די באַראַטונג און באַלד דערויף האָט דאָס זאַפּאָראָזשער חייל זיך גענומען צונויפקלייבן. עס האָבן זיך געזעצט צו דער באַראַטונג די קאָמענדאַנטן און פּאָלקאָווניקעס: דער שרעקלעכער קשיוואָנאָס, כמיעלניצקיס רעכטע האַנט, קשעטשאָווסקי, די שווערד פון די קאָזאַקן, דער אַלטער און אויסגעפּרוווטער פילאָן דזשעדזשאַלאַ, פּאָלקאָווניק קראָפּיווניצקי, פעדאָר לאָבאָדאַ פון פּערעיאַסלאַוו, דער אכזר פעדאָרענקאָ פון פּאָלטאַוואַ, וועלכער האָט אָנגעפירט מיט בלויז טשאַבאַנעס; שומייקאַ פון ניזשין, דער פייערדיקער טשאַרנאָטאָ פון האַדזשאַץ, יאַקובאָוויטש פון טשעכרין, ווייטער נאָסאַטש, הלאַדקי, אַדאַמאָוויטש, גלוך, פּוליאַן, פּאַניטש — נישט אַלע זײַנען זיך צונויפגעקומען, ווײַל אַ טייל איז אַוועק אויף מלחמות, און אַ טייל איז געווען אויף יענער וועלט, וווהין עס האָט זיי געשיקט דער פירשט יערעמי.

די טאָטערס זײַנען דאָס מאָל נישט גערופן געוואָרן צו דער באַראַטונג. די געזעלשאַפט האָט זיך פאַרזאַמלט נעבן דעם פּלאַץ; דעם המון, וואָס האָט זיך צוגעשטופּט, האָט מען אָפּגעטריבן מיט שטעקנס און בײַטשן און דערבײַ זײַנען אויך באַגאַנגען געוואָרן רציחות.

צום סוף האָט זיך אויך באַוויזן כמיעלניצקי אַליין, וועלכער איז געווען אָנגעטון אין רויטן, אין אַ פּעלץ־היטל און מיטן שטאַב אין דער האַנט, נעבן אים איז געגאַנגען דער גרייזגרויער קסיאָנדז פּאַטראָני לאַסקאַ, און פון דער צווייטער זייט ביכאָווסקי, מיט פּאַפּירן אין דער האַנט.

כמיעל, וועלכער האָט זיך אַוועקגעזעצט צווישן די פּאָלקאָווניקעס, איז אַ ווײַלע געזעסן שטילשווײַגנדיק — שפּעטער האָט ער אַראָפּגענומען דאָס היטל צום צײַכן, אַז די באַראַטונג הויבט זיך אָן, האָט זיך אויפגעשטעלט און אַזוי געזאָגט:

— גנעדיקע הערן פּאָלקאָווניקעס און אַטאַמאַנעס! איר ווייסט, אַז צוליב די גרויסע און אומשולדיק געליטענע עוולות אונזערע האָבן מיר זיך געמוזט נעמען צום געווער און מיט

דער הילף פֿון דעם הויף־וויל־געבוירענעם צאַר פֿון קרים מאָנען פֿון די פּריצים די אַמאָליקע פֿרייהייטן און פּריווילעגיעס, וואָס זיינען ביי אונז צוגערויבט געוואָרן אָן דעם ווילן פֿון האַר קיניג. און גאָט האָט אונז געגעבן זיין ברכה און אָנוואַרפֿנדיק אויף די בייזווילקע טיראַנען אונזערע אַ אימה, פֿון וועלכע מ׳האָט ביז איצט ביי זיי קיינמאָל נישט געזען, האָט ער זיי געשטראָפֿט פֿאַר זייערע פֿאַלשקייטן און רדיפֿות, און אונז האָט ער מזכּה געווען מיט באַדייטנדיקע נצחונות, פֿאַר וואָס מיר דאַרפֿן אים דאַנקן פֿון טיפֿן האַרץ. איצט, אַז זייער גאווה איז באַשטראָפֿט געוואָרן, דאַרפֿן מיר אַ טראַכט טון וועגן אָפּשטעלן די פֿאַרגיסונג פֿון קריסטלעכן בלוט, ווי עס באַפֿעלט אונז דער באַרמהערציקער גאָט און אונזער הייליקע אמונה, און מיר דאַרפֿן די שווערד אַזוי לאַנג נישט אַרויסלאָזן פֿון דער האַנט, ווי לאַנג עס וועלן אונז מיטן ווילן פֿון האַר קיניג נישט אומגעקערט ווערן אונזערע אַמאָליקע פֿרייהייטן און פּריווילעגיעס. און אָט שרייבט מיר דער האַר וואָיעוואָדע פֿון בראַצלאַוו, אַז דאָס קאָן געשען, און אַזוי מיין איך אויך, ווייל נישט מיר, נאָר די מושלים, די פּאָטאָצקיס, קאַליניאָווסקיס, ווישניאָוויעצקיס און קאָניעצפּאָלסקיס האָבן מורד געווען אין מאַיעסטעט און אין די רעפּובליק, און אַזוי ווי מיר האָבן זיי באַשטראָפֿט, קומט אונז דערפֿאַר אַ גערעכטע באַפֿרידיקונג און שכר פֿון מאַיעסטעט און פֿון מלכות. איך בעט אייך דעריבער, גנעדיקע הערן, מיינע בעלי־טובֿות און וואָלטוער, אַז איר זאָלט איבערלעזן דעם בריוו פֿון בראַצלאַווער וואָיעוואָדע, וואָס איז מיר צוגעשיקט געוואָרן דורכן פֿאָטער פּאַטראָני לאַסקאָ, דעם ריטער פֿון דער הייליקער אמונה, און באַשליסן מיט שכל, אַז די פֿאַרגיסונג פֿון קריסטלעכן בלוט זאָל אָפּגעשטעלט ווערן און באַקומען אַ שׂכר פֿאַר אונזער איבערגעגעבנקייט און טרייקייט צו דער רעפּובליק.

כמיעלניצקי האָט נישט געפֿרעגט, צו די מלחמה זאָל אָפּגעשטעלט ווערן, נאָר ער האָט געפֿאָדערט צו באַשליסן, אַז זי זאָל אָפּגעשטעלט ווערן. די אומצופֿרידענע האָבן דעריבער באַלד גענומען מורמלען און אין אַ ווײַלע אַרום האָבן זיך שוין גע־

הערט געשרייען, און טשאַרנאַטאַ איז צווישן זיי געווען דער ראש-המדברים.

כמיעלניצקי האט געשוויגן, ער האָט נאָר גוט זיך איינגעקוקט פון וואַנען עס קומען די פּראָטעסטן און די ווידערשפּעניקע האָט ער זיך פאַרצייכנט אין זכרון.

דערווייל האָט וויכאָווסקי זיך אויפגעשטעלט מיט קישעלס בריוו אין דער האַנט. אַ קאָפּיע פון בריוו האָט גענומען זאַרקאָ, כדי זי פאָרצולעזן פאַר דער „געזעלשאַפט"; דאָרט און דאָ האָט דעריבער געהערשט אַ טיפע שטילקייט.

דער וואָיעוואָדאַ האָט אָנגעהויבן דעם בריוו מיט פאָלגנדיקע ווערטער:

„גנעדיקער הער עלטסטער פון דער רעפּובליקס אַרמיי אין זאַפּאָראָזשע, מיין ליבער הער פריינט פון לאַנג אָן!

„בעת עס איז פאַראַן אַ סך אַזעלכע, וואָס האַלטן אייך, גנעדיקער הער, פאַר אַ שונא פון דער רעפּובליק, בין נישט בלויז איך אַליין זיכער אין אייער טרייקייט און ליבע צו דער רעפּובליק, נאָר איך פאַרזיכער אויך דערין מיינע קאָלעגן, די גנעדיקע הערן סענאַטאָרן. דריי זאַכן זענען מיר ערב דערפאַר: ערשטנס דאָס, וואָס, הגם די דניעפּר-אַרמיי שטייט שוין דורות-לאַנג אויף דער וואַך פון איר רום און פרייהייט, איז זי אָבער תמיד געבליבן טריי דעם קיניג, די שררות און דער רעפּובליק. צווייטנס דאָס, וואָס אונזער רוטעניש פאָלק איז אַזוי צוגעבונדען צו זיין רעכטגלויביקער אמונה, אַז יעדער פון אונז וואָלט בעסער ווען מקריב זיין געזונט, איידער עובר זיין מיט וואָס עס איז אויף די דאָזיקע אמונה. דריטנס דאָס, וואָס הגם עס טרעפן זיך פאַרשיידענע אינערלעכע בלוטפאַרגיסונגען (ווי עס איז אויך איצט געשען, אַז גאָט זאָל זיין אין אונזער הילף), האָבן מיר אָבער דאָך אַלע איין פאַטערלאַנד, אין וועלכן מיר ווערן געבוירן, געניסן פון אונזערע פרייהייטן און אין דער גאַנצער וועלט איז כמעט נישטאָ נאָך אַ מלוכה, וואָס זאָל זיך קאָנען פאַרגלייכן מיט אונזער פאַטערלאַנד אין די רעכט און פרייהייטן, דעריבער היטן מיר אָב פון אייביק אָן די גאַנצ-

קייט פון אונזער פאטערלאַנדס קרוין; און הגם עס טרעפן זיך פאַרשיידענע עוולות (אַזוי איז שוין אויף דער וועלט), לערנט אונז אָבער דער פשוטער שכל, אַז עס איז אַ סך לייכטער זיך צונויפצורעדן וועגן דעם, וואָס עס קווערט יעדן פון אונז, אין אַ פרייע מלוכה, איידער צו ברענגען אַ חורבן אויף אונזער פאָטערלאַנד, וואָס אַזעלכן וועלן מיר שוין מער נישט געפינען סיי צווישן קריסטן, סיי צווישן געצעַנדינער״...

לאָבאָדא פערעיאַסלאַוו האָט איבערגעהאַקט דאָס לייענען:

— ער האָט רעכט — האָט ער הויך געזאָגט.

— ער האָט רעכט! — האָבן אַנדערע פאָלקאָווניקעס איבערגעחזרט.

— ער האָט נישט רעכט, ער זאָגט ליגן דער הינטישער גלויבן! — האָט טשאַרנאָטא אויסגעשריגן.

— שווייג! ביסט אַליין אַ הינטישער גלויבן.

— איר זענט בוגדים, אַ טויט אייך!

— אַ טויט דיר.

— הערט! וואַרט-צו! לעזן! ער איז אונזער מענטש! הערט, הערט!

עס וואָלט אויסגעבראָכן אַ אמתער שטורם, אָבער וויכאָווסקי האָט גענומען ווייטער לעזן, און עס איז ווידער שטיל געוואָרן.

דער וואָיעוואָדא האָט ווייטער געשריבן, אַז דאָס זאַפאָראָזשער חייל דאַרף צו אים האָבן צוטרוי, ווייל עס ווייס גאַנץ גוט, אַז ער איז זיין אייגן בלוט און פלייש און אַ זון פון זיין גלויבן און דערפאַר גינט ער אים נאָר גוטס; ער האָט דערמאַנט, אַז אין דער אומגליקלעכער בלוט-פאַרגיסונג ביי קומייקי און ביי סטאַרזשעץ האָט ער קיין אַנטייל נישט גענומען און ווייטער האָט ער אויפגעפאָדערט כמיעלניצקין, אַז ער זאָל אָפּשטעלן די מלחמה, משלח זיין די טאָטערס, אָדער גאָר זיך אַ קער טון צו זיי מיטן געווער און זיך באַפעסטיקן אין זיין טרייקייט צו דער רעפובליק. צום סוף האָט ער זיין בריוו פאַרענדיקט מיט פאָלגנדיקע ווערטער:

„איך זאָג אייך צו, אַז אַזוי ווי איך בין אַ זון פֿון דער געטלעכער קירך און אַזוי ווי מיין משפּחה ציט איר יחוס פֿון דעם אַלטן רוטענישן פֿאָלק, וועל איך אייך בייהילפֿיק זיין אין אַלעם. איר ווייסט גאַנץ גוט, אַז אויך איך האָב (מיט גאָטס חסד) אַ שטיקל דעה אין דער רעפּובליק און אָן מיר קאָן נישט אָנגענומען ווערן קיין באַשלוס נישט וועגן מלחמה און נישט וועגן שלום, און איך בין דער ערשטער קעגנער פֿון אַ אינערלעכער מלחמה” א. א. וו...

עס איז באַלד אַנטשטאַנען אַ טומעל און עס האָבן זיך געלאָזט הערן געשרייען פֿאַר און קעגן וואָיעוואָדא, אָבער דער בריוו איז בכלל געפֿעלן געוואָרן סיי די פֿאָלקאָווניקעס און סיי אפֿילו דער געזעלשאַפֿט. לכתחילה האָט מען גאָרנישט געקאָנט פֿאַרשטיין און נישט דערהערן, וואָס פֿאַר אַ מיינונג זיי האָבן וועגן בריוו צוליב דעם גרויסן געפֿילדער און היציקייט, מיט וועלכער זיי האָבן זיך אַרויסגעזאָגט וועגן אים. די „געזעלשאַפֿט” איז פֿון דער ווייטענס געווען ענלעך אויף אַ גרויסן ווירבל, אין וועלכן עס האָט געקאָכט, געזידט און געטומלט דאָס מענטשלעכע געווימל. די פֿאָלקאָווניקעס האָבן געשאָקלט מיט די פֿעדערן און זיך אָקעגנגעשפּרונגען מיט די פֿויסטן צו די אויגן. מען האָט געזען רויטע פּנימער, מיט פֿייער שפּריצנדיקע אויגן, שוים אויף די ליפּן. דער ראש־המדברים צווישן די אָנהענגער פֿון אַ ווייטערדיקער מלחמה איז געווען עראַזם טשאַרנאַטא, וועלכער איז אַריינגעפֿאַלן אין א אמתן משוגעת. אין כמיעלניצקין, וועלכער האָט געזען זיין פֿאַרביסנקייט, האָט געברענט די רציחה, וואָס בעת איר אויסברוך איז געוועגליך אַלץ אַנטשוויגן געוואָרן, ווי פֿאַר אַ געשריי פֿון אַ לייב. אָבער קשעטשאָווסקי איז נאָך פֿריער אַרויסגעשפּרונגען אויף אַ באַנק, האָט געפֿאָכעט מיט דער פּעדער און אַ געשריי געטון מיט אַ דונערדיקער שטים:

— פֿערד פּאַשן דאַרפֿט איר, נישט אַ דעה זאָגן אויף אסיפֿות, געציין־דינערישע שקלאַפֿן!

— שטיל! קשעטשאָווסקי! וויל רעדן! — האָט טשאַרנאָטאַ דער ערשטער אויסגעשריגן, מיינענדיק, אַז דער חשובער פּאָלקאָווניק

וועט זיך אַרויסזאָגן פֿאַר דער מלחמה.

— שטיל! שטיל! — האָבן אַנדערע געשריגן.

די קאָזאַקן האָבן שטאַרק נושא־פּנים געווען קשעטשאָווסקין פֿאַר זיינע גרויסע פֿאַרדינסטן, פֿאַר זיין גרויסער באַהאַוונטקייט אין מלחמה־ענינים און — אַ ווונדערלעכע זאַך — אויך דערפֿאַר, וואָס ער איז געווען אַ שלאַכטשיץ. ס'איז דעריבער באַלד שטיל געוואָרן און אַלע האָבן מיט אומגעדולד געוואַרט, וואָס ער וועט זאָגן; כמיעלניצקי גופֿא האָט אויף אים אָנגעשטעלט זיינע אומרויקע אויגן.

אָבער טשאַרנאָטאַ האָט אַ טעות געהאַט, מיינענדיק, אַז דער פּאָלקאָווניק, וועט אַרויסטרעטן פֿאַר אַ מלחמה. קשעטשאָווסקי האָט מיט זיין פֿלינקן מוח פֿאַרשטאַנען, אַז איצט, אָדער קיינמאָל נישט וועט ער קאָנען געווינען פֿון דער רעפּובליק יענע סטאַראָסטוועס און הויכע אַמטן, וועגן וועלכע ער האָט געחלומט. ער האָט זיך אָנגעשטויסן, אַז ווען די קאָזאַקן, וועט מען קודם כל אים זיך באַמיען מקרב צו זיין און צו באַפֿרידיקן, און הער קראַקאָווסקי, וועלכער איז געווען אין געפֿאַנגענשאַפֿט, וועט דערין נישט קאָנען שטערן — און דעריבער האָט ער זיך געווענדעט צו דער אסיפֿה מיט פֿאָלגנדיקע ווערטער.

— מיין אויפֿגאַבע איז צו שלאָגן, און נישט עצות צו געבן; אויב אָבער עס האַלט ביי עצות געבן, האַלט איך עס פֿאַר אַ חוב אַרויסצוזאָגן מיין מיינונג, ווייל איך בין ראָו דערצו נישט ווייניקער, אויב נישט נאָך מער ווי אַנדערע. מיר האָבן פֿאַרפֿירט אַ מלחמה, כדי עס זאָלן אונז אומגעקערט ווערן אונזערע פֿרייהייטן און פּריווילעגיעס, און דער וואָיעוואָדאַ פֿון בראַצלאַוו שרייבט, אַז אַזוי וועט זיין. אויב עס וועט נישט זיין איז מלחמה, און אויב עס וועט זיין — שלום! צו וואָס אומזיסט בלוטפֿערגיסן? זאָל מען דערפֿילן אונזערע ווונטשן, וועלן מיר באַרויקן דעם המון און די מלחמה וועט אויפֿהערן; אונזער פֿאָטער כמיעלניצקי האָט דאָס אַלץ מיט שכל באַטראַכט און איינגעאָרדנט, אַז מיר זאָלן זיך שטעלן אויף דער זייט פֿון זיין מאַיעסטעט דעם קיניג, וועלכער וועט אונז דערפֿאַר באַ־

לוינען, און אויב די שררות וועלן זיך אָקעגנשטעלן, וועט ער אונז דאַן דערלויבן אַ הוליע צו טון מיט זיי — און מיר וועלן הוליען. איך וואָלט נאָר נישט געהייסן משלח זיין די טאָטערס: זאָלן זיי זיך אויסלייגן מיט זייער לאַגער אויף די ווילדע פעלדער און דאָרט ליגן, ביז מיר וועלן וויסן וואָס מיר האָבן צו טון.

כמיעלניצקיס פנים האָט געשײַנט, ווען ער האָט געהערט די דאָזיקע ווערטער, און די פּאָלקאָווניקעס האָבן שוין אין זייער גרויסער מערהייט גענומען שרייען, אַז מען זאָל אָפּשטעלן די מלחמה און אַרויסשיקן שליחים קיין וואַרשע און אַז מען זאָל בעטן דעם הער פון ברוסילאָוו, ער זאָל אַליין קומען פירן די אונטערהאַנדלונגען. טשאַרנאָטאַ האט נאָך געשריגן און פּראָטעסטירט, אָבער דער פּאָלקאָווניק האָט אויף אים אָנגעשטעלט זיינע אימהדיקע אויגען און געזאָגט:

— דו טשאַרנאָטאַ, פּאָלקאָווניק פון האַדזשאַץ, רופסט צו מלחמה און בלוט-פאַרגיסונג, און ווען ביי קאָרסון זענען דיך באַפאַלן דעם הער דמאָכאָווסקיס מענטשן, האָסטו געקוויטשעט ווי אַ חזיר. „ברידער מיינע, ראַטעוועט!“ און דו ביזט אַנטלאָפן פאַר דיין גאַנצן פאָלק.

— זאָגסט ליגן! — האָט טשאַרנאָטאַ געשריגן — איך האָב נישט קיין מורא נישט פאַר די ליאַכן און נישט פאַר דיר.

קשעטשאָווסקי האָט געדריקט אין זיין האַנט דעם שטעקן און אַ שפרינג געטון צו טשאַרנאָטאַן — אַנדערע האָבן אויך גענומען מכבד זיין מיט די פויסטן דעם האַדזשאַצער פּאָלקאָווניק. ס׳איז ווידער געוואָרן אַ גרויסער טומל. אויפן פּלאַץ האָט די „געזעלשאַפט“ געמאַכט קולות ווי אַ סטאַדע פון ווילדע אָקסן.

מיט אַ מאָל האָט זיך כמיעלניצקי אַליין ווידער אויפגעשטעלט.

— גנעדיקע הערן פּאָלקאָווניקעס! — האָט ער געזאָגט — איר האָט געהייסט עס באַשלאָכן צו שיקן קיין וואַרשע שליחים, וועלכע זאָלן פאָרלייגן דעם הער קעניג אונזער געטרייע דינסט און אים בעטן וועגן אַ באַלוינונג. ווער אָבער ס׳וויל ווייטער

מלחמה האַלטן — נישט מיטן קיניג, נישט מיט דער רעפּובליק ווייל מיר האָבן מיט זיי קיינמאָל קיין מלחמה נישט געפירט, נאָר מיט אונזער גרעסטן שונא, וועלכער איז שוין אינגאַנצן רויט פון קאָזאַקישן בלוט, וועלכער האָט זיך שוין ביי סטאַרזשעץ מיט אים איינגעשמירט און הערט נאָך איצט נישט אויף זיך מיט אים צו שמירן, בלייבנדיק ווייטער אַ שונא צום זאַפּאָראָזשער חייל. צו דעם דאָזיקן שינא אונזערן האָב איך אַרויסגעשיקט אַ בריוו און שליחים מיט דער בקשה, אַז ער זאָל אַוועקוואַרפן די דאָזיקע שנא, אָבער ער האָט זיי אכזריותדיק אומגעבראַכט, און מיך, אייער עלטסטן, נישט באַערט מיט קיין שום תשובה און דער מיט מבזה געווען די גאַנצע זאַפּאָראָזשער אַרמיי. און איצט איז ער געקומען פון יענער זייט דניעפּר, האָט פון פּאָהרעבישטשע געמאַכט אַ תל-עולם, האָט באַשטראָפט אומשולדיקע מענטשן, וועלכע איך האָב באַוויינט מיט ביטערע טרערן. דערנאָך, ווי מען האָט מיר היינט באַגינען מודיע געווען, איז ער אַוועק קיין נעמיראָוו און דאָרט אויך קיינעם נישט געלאָזט לעבן. און אַזוי ווי די טאָטערס ווילן פאַר שרעק און מורא נישט אַרויס רעטן קעגן אים, וועט ער אינגיכן קומען אַהער און אויסקוילן אויך אונז אומשולדיקע מענטשן, אַקעגן דעם ווילן פון הער קיניג און פון דער גאַנצער רעפּובליק, ווייל דער דאָזיקער בעל-גאוה רעכנט זיך מיט קיינעם נישט, און פונקט ווי ער בונטעוועט זיך איצט, איז ער אויך שטענדיק גרייט צו טון דעם הער קיניג דערווידער...

אין דער אסיפה איז געוואָרן זייער שטיל — כמיעלניצקי האָט אָפּגעטעמט און ווייטער געזאָגט:

— גאָט האָט אונז געשענקט אַ נצחון איבער די העטמאַנעס, אָבער ער איז ערגער פון די העטמאַנעס און פון אַלע מושלים, אַ טייוולאָנישער זון, וואָס לעבט בלויז מיטן שקר. ווען איך אַליין וואָלט קעגן אים אַרויסגעטרעטן, וואָלט ער דורך זיינע פריינט אין וואַרשע זיכער געשריגן, אַז מיר ווילן נישט קיין שלום און ער וואָלט זיך באַקלאָגט אויף אונז פאַרן גנעדיקן הער קיניג. און כדי דאָס זאָל נישט געשען, איז נויטיק, אַז

דער הער קיניג און די גאַנצע רעפּובליק זאָל וויסן, אַז איך וויל נישט קיין מלחמה און אַז איך זיץ רויק, נאָר ער וויל אונז אַריינשלעפּן אין אַ מלחמה — און דעריבער קאָן איך נישט אַרויסטרעטן, ווייל אויך צוליב די אונטערהאַנדלונגען מיטן הער וואָיעוואָדאַ פון בראַצלאַוו מוז איך דאָ בלייבן. כדי אָבער ער, דער טייוולאָנישער זון, זאָל נישט צוברעכן אונזערע כחות, מוזן מיר זיך אים אַקעגנשטעלן און אַ תל מאַכן פון זיין מאַכט, ווי מיר האָבן ביי די געלע וואַסערן און ביי קאָרסון אַ תל געמאַכט פון אונזערע שונאים, די הערן העטמאַנעס. איך בעט אייך דע־ריבער, גנעדיקע הערן, אַז איר זאָלט אַרויסמאַרשירן קעגן אים פרייוויליק, און איך וועל שרייבן צום גנעדיקן האַר קיניג, אַז דאָס איז געשען אָן מיר, ווייל איר זענט געווען געצוווּנגען זיך צו שיצן פאַרווישניאָוויעצקיס שנאה און איבערפאַל.

אַ טויט־שטילקייט האָט געהערשט אין דער אסיפה.

כמיעלניצקי האָט ווייטער געזאָגט:

— ווער פון אייך, גנעדיקע הערן, עס וועט אונטערנעמען די דאָזיקע מלחמה, וועט באַקומען פון מיר געניג חיילות, איך וועל אים געבן גוטע קאָזאַקן, און האַרמאַטן וועל איך געבן אין העלדישע קעמפער, כדי ער זאָל מיט גאָט הילף קאָנען פאַרלענדן אונזער שונא און אָפּהאַלטן איבער אים אַ נצחון...

קיין איינער פון די פּאָלקאָווניקעס האָט זיך נישט אַוועק־גערירט פון זיין אָרט.

— זעכציק טויזנט פון די בעסטע וועגנס וועל איך געבן! — האָט כמיעלניצקי געזאָגט.

אַ שטילקייט.

און זיי אַלע זענען דאָך געווען אומדערשראָקענע מלחמה־גבורים, וואָס דער הילך פון זייערע מלחמה־אויסגעשרייען האָט נישט איינמאָל זיך אָפּגעשלאָגן אויף די מויערן פון צאַראָגראַד. און אפשר טאַקע דערפאַר האָט יעדער פון זיי מורא געהאַט אָנצוּווערן דעם געוווּנענעם רום אין אַ צוזאַמענשטויס מיטן מוראדיקן יערעמי.

כמיעלניצקי האָט געפירט זיינע אויגן איבער די פּאָלקאָווי־

ניקעס חעלכע האָבן אונטער דער השפּעה פון דעם דאָזיקן קוק אַראָפּגעלאָזט זייערע אויגן צו דער ערד. וויכאָווסקיס פּנים האָט באַקומען דעם אויסדרוק פון אַ טייוולאָנישער בייזקייט.

— אין קען אַ קאָזאַק — האָט כמיעלניצקי געזאָגט מיט אַ באַטריבטער שטים — וועלכער וואָלט זיך אָפּגערופן אין דער דאָזיקער רגע און וואָלט אונטערגענומען די דאָזיקע מלחמה, אָבער ער געפינט זיך נישט צווישן אונז...

— באָהון! — האָט זיך עמיצער אָנגערופן.

— יאָ, באָהון. ער האָט שוין פּאַרטיליקט יערעמיס רעגימענט אין וואַסילווקא, אָבער ער איז איצט פאַרוווּנדעט און ליגט אין טשערקאַסי, און ראַנגלט זיך מיט דער מאַמע־טויט. און אַז ער איז נישטאָ, איז קיינער נישטאָ, ווי איך זע! ווו איז דער רום פון די קאָזאַקן? ווו זענען די פּאַוולוקס, נאַלעווייקאָס, לאַבאָדאַס און אָסטראַניצאַס?

דאָ איז אַ נידריקער, דיקער פּאַרשוין, מיט אַ בלויען און טריבן פּנים, מיט וואָנסעס, געלע ווי פייער איבער אַן אויסגעקרומטן מויל און מיט גרינע אויגן, אויפגעשטאַנען פון אָרט, איז צוגעגאַנגען צו כמיעלניצקין און געזאָגט:

— איך וועל גיין.

דאָס איז געווען מאַקסים קשיוואָנאָס.

עס האָבן אָפּגעהילכט לויב־אויסגעשרייען לכבוד דעם דאָזיקן נאָמען, און ער האָט זיך אָנגעשפּאַרט אויף זיין שטעקן און האָט אַזוי געזאָגט מיט אַ הייזעריקער, איבערגעהאַקטער שטים:

— מיין נישט, העטמאַן, אַז איך האָב מורא געהאַט. איך וואָלט באַלד זיך אָפּגערופן — אָבער כ'האָב געטראַכט: פאַראַן בעסערע! אָבער ווען קיינער גייט נישט, וועל איך גיין. וואָס זענט איר? איר האָט קעפּ און הענט, און איך האָב נישט קיין קאָפּ, נאָר הענט און אַ שווערד. איינמאָל האָט די מאַמע געבוירן! די מלחמה איז מיין מאַמע און שוועסטער. ווישניאָוויעצקי קוילעט — וועל איך אויך קוילען; ער הענגט, וועל איך אויך הענגען. און דו, העטמאַן, גיב מיר גוטע קאָזאַקן, ווייל מיט אַ

המון קאָן מען נישט מלחמה האַלטן מיט ווישניאָוויעצקין. און אָט וועל איך גיין—שלעסער חרוב־מאַכן, שלאָגן, שחטן, הענגען, אַ טויט זיי, די פּריצים מיט די ווייסע הענטלעך!

אַ צווייטער אַטאַמאַן האָט זיך אַרויסגערוקט פון דער אסיפה.

— איך גיי מיט דיר, מאַקסים!

דאָס איז געווען פּוליאַן.

— אויך טשאַרנאָטאַ פון האַדזשאַץ און הלאַדקי פון מיר־האָראָד און נאָטאַטש פון אָסטרענג וועלן גיין מיט דיר! — האָט כמיעלניצקי געזאָגט.

— מיר וועלן גיין — האָבן זיי איינשטימיק אָנגערופן, ווייל קשיוואָנאָס האָט זיי שוין צוגעגעבן חשק און דער פּחד איז פון זיי אָפּגעטון געוואָרן.

— אויף יערעמין! אויף יערעמין! — האָבן אָפּגעהילכט אויסגעשריען אין דער אַסיפה — מלחמה! מלחמה! — האָט איבערגעחזרט די „געזעלשאַפט" און באַלד איז די אסיפה פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ חברה שכּורים. די פּאָלקן, וואָס זענען באַשטימט געוואָרן צו גיין מיט קשיוואָנאָסן, האָבן זיך טויט־געשיכּורט — ווייל זיי זענען דאָך אַקעגנגעגאַנגען דעם טויט. די קאָזאַקן האָבן אַליין דאָס גוט געוווסט, אָבער אין זייערע הערצער איז שוין ניט געווען קיין פּחד „איינמאָל האָט די מאַמע געבוירן" — האָבן זיי איבערגעחזרט נאָך זייער פירער און דערפאַר האָבן זיי זיך שוין גאָרנישט געשוייט, ווי געוויינלעך פאַרן טויט. כמיעלניצקי האָט דערלויבט און אויפגעמונטערט, און דער המון האָט זיי נאָכגעטון. די הונדערט־טויזנט־קעפּיקע מאַסן האָבן גענומען זינגען לידער. מ'האָט פונאַנדערגעטריבן די פערד פון די וועגנס, וועלכע האָבן זיך צולאָזט איבערן לאַגער און אויפהויבנדיק וואָלקנס פון שטויב, האָבן זיי אָנגעמאַכט אַ אומבאַשרייבלעכע אומאָרדנונג. מ'האָט זיי געיאָגט מיט געשרייען, געטומל און געלעכטער; גרעסערע מחנות האָבן זיך געשלעפּט ביים טייך און געשאָסן פון ביקסן, האָבן זיך געשטויסן און געשטופּט צו דער קוואַטיר פון העטמאַן גופא, וועלכער האָט

געהייסן יאַקובאָוויטשן זיי פונאַנדערטרייבן. עס האָבן אויסגע־בראָכן געשלעגן און אַ מהומה, ביז עס האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אַ גאָס־רעגן, וועלכע האָט זיי אַלע צויאָגט אונטער די געצעלטן און וועגנס.

אין אָוונט האָט דער שטורם זיך צוהוליעט אויפן הימל. די דונערס האָבן זיך געקאָלערט פון איין עק פון די כמאַרעס צום צווייטן, די בליצן האָבן באַלויכטן די גאַנצע געגנט אַמאָל מיט אַ ווייסן און אַמאָל מיט אַ רויטן ליכט.

ביי דער שיין פון די בליצן האָט קשיוואָנאָס אַרויסמאַר־שירט פון לאַגער אין דער שפּיץ פון זעכציק טויזנט בעסטע, געקליבענע זעלנער אין המון.

# 11 קאַפּיטל.

קשיוואָנאָס איז געגאַנגען פֿון ביאַלאָצערקעוו, דורך סקווירא און פּאהרעביִשטשע, צו מאַכנווקאַ-צו, און דאָרט, ווו ער איז דורכגעגאַנגען, איז אָפּגעמעקט געוואָרן יעדער שפּור פֿון מענטשלעכן לעבן. ווער עס איז צו אים ניט צוגעשטאַנען איז אומגעקומען אונטערן מעסער. מ'האָט פֿאַרברענט אַפֿילו די תבואה אויף די פֿעלדער, די וועלדער און גערטנער, און דער פֿירשט האָט דערווייל פֿון זיין זייט אָנגעמאַכט חורבנות. נאָך דער פֿאַרטיליקונג פֿון פּאַהרעביִשטשע און נאָך דער בלוטיקער שחיטה, וואָס הער באַראַנאָווסקי האָט אויסגעפֿירט אין נעמיראָוו, האָבן די חיילות נאָך צוקלאַפּט בערך צוואַנציק באַדייטענדיקע מחנות און שפּעטער זיך אָפּגעשטעלט מיטן לאַגער ביי ראַיגראָד, ווייל עס איז שוין פֿאַרגאַנגען אַ חודש, ווי זיי זענען ניט אַראָפּ פֿון די פֿערד און די מי האָט זיי אָפּגעשוואַכט און דער טויט האָט זיי שטאַרק פֿאַרמינערט. מען האָט געמוזט זיך אָפּרוען, ווייל די הענט פֿון די דאָזיקע שניטער זענען פֿון בלוטיקן שניט אָפּגעשטאַנען. דער פֿירשט האָט זיך אַפֿילו געשלאָגן מיט דער דעה און זיך מיישב געווען, צי ער זאָל אויף אַ געוויסע צייט ניט אַריינמאַרשירן אין אַ רויִק לאַנד, כדי דאָרט זיך אויסצורוען און צו פֿאַרמערן דאָס חייל, און באַזונדערס די פֿערד, וועלכע זענען גיכער ענלעך געווען אויף סקעלעטן פֿון חיות, איידער אויף לעבעדיקע באַשעפֿענישן, וואָרום שוין זייט אַ חודש האָבן זיי קיין קערנדל נישט טועם געווען און געלעבט נאָר פֿון צוטראָטענעם גראָז. אָבער נאָך אַ וואָך אָפּרוען האָט מען מיט אַמאָל מודיע געווען, אַז עס קומען אָן פֿאַרשטאַרקונגען, דער פֿירשט איז זיי באַלד אַקעגנגעפֿאָרן — און ער האָט באמת באַגעגנט דעם הער יאַנוש טישקעוויטש, דעם קיעווער וואָיעוואָדע,

װעלכער איז אָנגעקומען מיט פּופּצן הונדערט גוטע זעלנער, און צוזאַמען מיט אים איז אויך געקומען הער קשישטאָף טישקעװיטש, װיצע-ריכטער פֿון בראַצלאַװ, דער יונגער הער אַקסאַק, כמעט נאָך אַ יונגל, מיט אַ גוט באַדעקטן אייגענעם הוזאַרן-פּאָלק, און אַסך שלאַכטשיצעס, װי די הערן שעניװט, פּאָלובינסקיס, זשיטינסקיס, יעלאָװיצקיס, קערדעיס, באָהוסלאַװסקיס, אַטייל מיט באַגלייטונג, אַ טייל אָן באַגלייטונג, בסך הכּל אַנ'ערך צװיי פֿערד, אַ דוץ דינערשאַפֿט. דער פֿירשט האָט זיך זייער דערפֿרייט און פֿריינדלעך פֿאַרבעטן אין זיין קװאַרטיר דעם הער װאָיעװאָדאַ, װעלכער האָט זיך ניט געקאָנט אָפּחידושן איבער איר אָרעמען און פּשוטן אויסזען. װאָרום דער פֿירשט, װעלכער האָט אין לובני געלעבט װי אַ מלך, האָט בעת אַ מלחמה, װילנדיק געבן אַ ביישפּיל די זעלנער, זיך נישט דערלויבט קיין שום בעקװעמליכקייטן. ער איז איינגעשטאַנען אין איין חדר, אין װעלכן דער הער װאָיעװאָדאַ פֿון קיעװ האָט צוליב זיין גראָבן בויך זיך קוים געקאָנט דורכקװעטשן דורך דער שמאָלער טיר און האָט געמוזט הייסן דעם דינער אים צושטופּן פֿון הינטן. אַ חוץ אַ טיש, אַ הילצערנער באַנק, און אַ סאָפּע, באַדעקט מיט אַ פֿערדישער פֿעל, איז אין שטוב קיין שום זאַך מער נישט געװען, נאָר בלויז נאָך אַ שטרוי-זאַק ביי דער טיר, אויף װעלכן עס איז געשלאָפֿן דאָס יונגל, װאָס איז שטענדיק געװען גרייט צו דינען דעם פֿירשט. די דאָזיקע איינפֿאַכקייט האָט זייער פֿאַרחידושט דעם װאָיעװאָדאַ, װעלכער האָט ליב געהאַט בעקװעמליכקייטן און שטענדיק מיט זיך געפֿירט טעפּיכן. ער איז אַריין און מיט פֿאַרװונדערונג געקוקט אויפֿן פֿירשט, נישט קאָנענדיק פֿאַרשטיין, װי אַזוי אַזאַ גרויסער גייסט האָט געקאָנט זיך צונויפֿפּאָרן מיט אַזאַ אָרעמקייט און מיט אַזאַ פּשטות. ער פֿלעגט פֿון צייט צו צייט זען דעם פֿירשט אויף די סיימען אין װאַרשע, ער איז אַפֿילו געװען זיינער אַ װייטער קרוב, אָבער נענטער האָט ער אים נישט געקענט. ערשט װען ער האָט מיט אים אָנגעהויבן צו ריידן, האָט ער באַלד דערקענט, אַז ער האָט צו טון מיט אַ אומגעװיינלעכן מענטש. און ער, דער עלטער

סענאַטאָר און אַלטער זעלנער, וועלכער האָט געקלאַפּט די קאָ־לעגן סענאַטאָרן איבער די אָרעמס, האָט געזאָגט צום פּירשט דאָמיניק זאַסלאַווסקי: „מיין ליבעגקער”. און גערעט מיטן קיניג אַליין ווי מיט זיינס גלייכן, האָט זיך נישט דערוועגט צו ריידן אין אַזאַ טאָן מיט ווישניאָוויעצקין, הגם דער פּירשט האָט אים אויפגענומען זייער פריינטלעך, ווייל ער איז אים דאַנקבאַר גע־ווען פאַר די פאַרשטאַרקונגען.

— גנעדיקעד הער וואָיעוואָדא — האָט ער געזאָגט — געלויבט איז גאָט, וואָס איר זענט געקומען מיט פרישע כּוחות, ווייל איך האָב שוין נעיאָגט מיטן לעצטן אָטעם.

— איך האָב געזען אייערע זעלנער, גנעדיקער הער פּירשט, און דערקענט אַז זיי זענען נעבעך פאַרמאַטערט, און איך האָב מיך דעריבער שטאַרק מצער געווען, ווייל איך בין געקומען אַהער מיט דער בקשה, אַז דער גנעדיקער הער פירשט זאָל איילן מיר צו הילף.

— מוז דאָס שוין באַלד געשען?

— ווי אַמשנעלסטן, ווי אַמשנעלסטן ווייל די סכנה איז נאָענט! עס זענען אָנגעקומען אַפּאָר צענדליק טויזנט הולטאַיעס מיט קשיוואָנאָסן בראש; ווי איך האָב געהערט איז ער אַרויסגע־שיקט געוואָרן אויף אייך, גנעדיקער הער פירשט, דערווייסנדיק זיך אָבער, אַז איר גנעדיקער הער פירשט, האָט זיך געלאָזט צו קאָנסטאַנטינאָוו, האָט ער זיך אויך געלאָזט אַהין און אויפן וועג האָט ער מיר איצט באַלאַגערט מאַכנוווקא און אָנגעמאַכט אַזעלכע חורבות, אַז קיין שום לשון איז נישט אומשטאַנד דאָס צו באַשרייבן.

— כ׳האָב געהערט וועגן קשיוואָנאָסן און האָב אויף אים דאָ געוואַרט, קוים האָט ער מיך אָבער געמיטן, מוז איך אים אליין אויפזוכן. יאָ, די זאַך קאָן נישט אָפּגעלעגט ווערן. ווי גרויס איז דער דער גאַרניזאָן אין מאַכנוווקא?

— פאַראַן אין שלאָס צוויי הונדערט דייטשן, זייער גוטע זעלנער, וואָס וועלן נאָך אויסהאַלטן אַ געוויסע צייט. דאָס ערגסטע איז אָבער, וואָס אין די. שטאָט זענען זיך צונויפגעפאָרן אַ שפּאָר

ביסל שלאַכטשיצעס מיט זייערע משפחות, און די שטאָט, וואָס איז באַפעסטיקט בלויז מיט אַ זאַמד־מויער און אַ פּלויט איז לאַנג נישט בכּוח צו שטעלן אַ ווידערשטאַנד.

— יאָ, די זאַך קאָן נישט אָפּגעלעגט ווערן — האָט דער פירשט איבערגעחזרט.

און דערנאָך האָט ער זיך געווענדעט צום יינגל:

— זשעלענסקי — האָט ער געזאָגט — לויף צו די פּאָל־קאָווניקעס.

דער קיעווער וואָיעוואָדא האָט זיך דערווייל אַ עצט אויף דער באַנק און געסאָפּעט — אַביסל האָט ער דערביי זיך אומ־געקוקט וועגן נאַכט־עסן, ווייל ער איז געווען הונגעריק, און האָט ליב געהאַט גוט צו עסן.

דאָ האָבן זיך דערהערט שווערע טריט און עס זענען אַריינגעקומען דעם פירשטס אָפיצירן — שוואַרצע, אויסגעדאַרטע, באַוואַקסענע, מיט איינגעפאַלענע אויגן, מיט שפּורן און אומבאַ־שרייבלעכער פאַרמאַטערטקייט אויף די פּנימער. זיי האָבן זיך שטילשווייגנדיק פאַרנייגט פאַרן פירשט, פאַר די געסט און גע־וואַרט וואָס ער וועט זאָגן.

— גנעדיקע הערן — האָט דער פירשט געזאָגט — זע־נען די פערד געזונט?

— יאָ.

— זיינען זיי גרייט?

— ווי תמיד.

איז גוט. אין אַ שעה אַרום מאַרשירן מיר אויף קשיוואָ־נאָסן.

— העי? — האָט דער קיעווער וואָיעוואָדא געזאָגט און אַ קוק געטון מיט פאַרוואונדערונג אויפן הער קשישטאָף, דעם ווי־צע־ריכטער פון בראַצלאַוו.

— הער פּאָניאַטאָווסקי און הער וויערשול וועלן אַרויס־מאַרשירן די ערשטע. נאָך זיי וועט גיין באַראַנאָווסקי מיט די דראַגונער, און מיט אַ שעה שפּעטער זאָלן אויך אָפּגיין וווּרצעלס האַרמאַטן.

די פּאָלקאָווניקעס האָבן זיך פאַרנייגט און פאַרלאָזט די שטוב—און אין אַ ווײַלע אַרום האָט זיך דערהערט אַ שאַלן פון טרומייטן, וואָס האָבן גערופן זיך צו זעצן אויף די פערד. דער קיִעווער וואָיעוואָדאַ האָט אויף אַזאַ אײַלעניש זיך גאָר ניט געריכט, און ער האָט עס זיך אפילו זיך גאָרניִשט געווונטשן, ווײַל ער איז געווען מיד און מאַט. ער האָט גערעכנט, אַז ער וועט זיך אויסרוען אַ טאָג ביים פירשט און גאָרניִשט פאַרשפּעטיקן—און דאָ האָט מען גאָר באַלד, ניִשט שלאָפנדיק, ניִשט עסנדיק, זיך געדאַרפט זעצן אויפן פערד.

— גנעדיקער הער פירשט—האָט ער געזאָגט — צי וועלן אײַערע זעלנער דערגיין ביז מאכנווקאַ, ווײַל כ'האָב געזען, אַז זיי זײַנען שרעקלעך פאַרמאַטערט, און דער וועג איז אַ ווײַטער.

— זאָל אײַך, גנעדיקער הער, דער קאָפּ דערויף ניִשט ווײ־טאָן. זיי גייען אין די מלחמה ווי צום טאַנץ.

— כ'זע דאָס, כ'זע. פייערדיקע זעלנער, אָבער מײַנע מענטשן זײַנען דאָך מיד.

— איר האָט דאָך געזאָגט: „ווי אַמשנעלסטן, ווײַל די סכנה איז נאָענט".

— אמת, אָבער מיר קאָנען איבער נאַכט זיך אויסרוען. מיר קומען פון כמיעלניק.

— גנעדיקער הער וואָיעוואָדאַ, מיר גייען פון לובני, פון יענער זייט דניעפּר.

— אַ גאַנצן טאָג זײַנען מיר געווען אין וועג.

— און מיר אַ גאַנצן חודש.

ביי די דאָזיקע ווערטער איז דער פירשט אַרויסגעגאַנגען, כדי פערזענלעך אַכטונג צו געבן אויף די הכנות צום אַרויסמאַרש, און דער וואָיעוואָדאַ האָט אויסגעגלאָצט די אויגן אויפן וויצע־ריכטער, דעם הער קשישטאָף, האָט אַ קלאַפּ געטון מיט די הענט אויף די קני און געזאָגט:

— אָט האָסטו דיר אַן אָנשיקעניש. באמונות, זיי וועלן מיך דאָ לאָזן אומקומען פון הונגער. וואָס פאַר אַן אײַלעניש אויף זיי, איך בין געקומען נאָך הילף און געטראַכט מיר, אַז

נאָך לאַנגע בקשות וועלן זיי אַרויסמאַרשירן ערשט אין צוויי, דריי טעג אַרום, און דאָ לאָזן זיי אפילו נישט דעם אָטעם כאַפּן. זאָל זיי דער טייוול נעמען! דאָס זאָטלרלעדערל האָט מיר דעם פוס איינגעשניטן, ווייל דאָס יינגל דער בוגד האָט עס מיר שלעכט צוגעבונדן, און אין בויך קאָרטשעט זיך אַלץ... זאָל זיי דער טייוול נעמען! מאַכנוווקא איז מאַכנוווקאַ, און דער בויך איז אַ בויך! איך בין אויך אַן אַלטער זעלנער, כ'האָב אפשר מיטגעמאַכט מער מלחמות פאַר זיי — אָבער נישט אַזוי כאַפּ-לאַפּ! דאָס זיינען שדים, נישט קיין מענטשן, זיי שלאָפן נישט, עסן נישט — נאָר זיי שלאָגן זיך. ווי גאָט איז מיר ליב, זיי עסן קיינמאָל נישט. האָסט געזען, הער קשישטאָף, די דאָזיקע פּאָלקאָוויקעס — וואַרפן זיי נישט אָן אַן אימה מיט זייער אָנבליק? וואָס?

— אָבער זייער בייסט איז פלאַם-פייערדיק — האָט געענטפערט הער קשישטאָף, וועלכער איז געווען אַן איבערגעגעבענער זעלנער — ליבער גאָט! וואָס פאַר אַ צומישעניש און אומאָרדנונג הערשט אין אַנדערע לאַגערס, ווען מען גרייט זיך צום אַרויסמאַרש, וואָס פאַר אַ לויפעניש, וואָס פאַר אַ טומלעניש ביים אויסדרייען די וועגנס, ביים שיקן נאָך די פערד — און דאָ, איר הערט? — אָט גייען שוין אַרויס די לייכטע פּאָלקן.

— אודאי, אודאי! אַן אומגליק! — האָט דער וואָיעוואָדאַ געזאָגט.

און דער יינגער הער אַקסאַק האָט צוזאַמענגעלייגט זיינע קליינע הענטעלעך:

— אַך, דאָס איז אַ גרויסער פירער, אַך דאָס, איז אַ גרויסער מלחמה-מאַן! — האָט ער געזאָגט מיט התפעלות.

— איר האָט נאָך, מיין הער, די מילך אונטער דער נאָז! — האָט דער וואָיעוואָדא צו אים אַ געשריי געטון — קונקטאַטאָר איז אויך געווען אַ גרויסער פירער! — איר פאַרשטייט!

דאָ איז אַריינגעקומען דער פירשט.

— גנעדיקע הערן, אויף די פערד! מיר לאָזן זיך אין וועג אַריין!

דער וואָיעוואָדאַ האָט נישט אויסגעהאַלטן.

— הייסט־זשע, גנעדיקער הער פּירשט, געבן עפּעס צו עסן, ווייל כ'בין הונגעריק — האָט ער אויסגעשריגן מיט גרימ־צאָרן.

— מיין גנעדיגער הער וואָיעוואָדאַ! — האָט דער פּירשט געזאָגט, לאַכנדיק און אָננעמענדיק אים פאַר די הענט — זייט מיר מוחל, זייט מיר מוחל; מיט'ן גאַנצן האַרץ, אָבער אויף דער מלחמה פאַרגעסט דער מענטש וועגן אַזעלכע זאַכן.

— נו וואָס, הער קשישטאָף, האָב איך נישט געזאָגט, אַז זיי עסן נישט? — האָט דער וואָיעוואָדאַ זיך אָנגערופן, ווענדנ־דיק זיך צום בראַצלאַווער וויצע־ריכטער.

אָבער דאָס נאָכט־עסן האָט לאַנג נישט געדויערט און מיט אַ פּאָר שעה שפּעטער זיינען שוין אַפילו די פוס־גייער אַרויס פון רייגראָד. די חיילות האָבן מאַרשירט דורך ווינצאַ און לי־טין צו כמיעלניק־צו. אויפן וועג האָט ווישרשול זיך אָנגעשטויסן אויף אַ מחנה טאָטערס אין סאַווערוווקאַ און צוזאַמען מיטן הער וואָלאָדיאָווסקי האָבן זיי זי אויסגעראָט ביז צו איינעם, באַפריי־ענדיק אַ פּאָר הונדערט געפאַנגענע, כמעט בלויז מיידלעך. דאָרט האָט זיך שוין אָנגעהויבן דאָס פאַרוויסטעטע לאַנד, וואָס איז געווען פול מיט שפּורן פון קשיוואָנאָסעס פאַרניכטנדיקער האַנט. סטשיזשאָווסקא איז געווען פאַרברענט און איר באַפעלקערונג איז אויסגעקוילעט געוואָרן אויף אַן אכזריותדיקן אופן. אַפנים, אַז די אומגליקלעכע איינוווינער האָבן קשיוואָנאָסן געשטעלט אַ ווידער־שטאַנד, פאַר וועלכן דער ווילדער פירער האָט זיי געלאָזט פאַר־טיליקן דורך פייער און שווערד. ביים אַריינגאַנג צום דאָרף האָט געהאָנגען אויף אַ דאָמב דער הער סטשיזשאָווסקי אַליין, וועלכן טישקעוויטשעס מענטשן האָבן גלייך דערקענט. ער האָט געהאָנגען אדם נאַקעט און אויף דער ברוסט האָט ער געהאַט אַ שרעקלעכע האַלז־קייט, וואָס איז געווען צונויפגעשטעלט פון קעפּ, אויפגעצויגן אויף אַ שנור. דאָס זיינען געווען די קעפּ פון זיי־נע זעקס קינדער און פון זיין פרוי. אין דאָרף גופא, וואָס איז געווען אינגאַנצן פאַרצערט פון די פלאַמען, האָבן די פאַלקן דערזען אויףביידע זייטן פון וועג אַ לאַנגע שורה פון קאָזאַ־

קישע „ליכט“, דאָס הייסט פֿון מענטשן מיט הענט געהויבן איבער די קעפּ, צוגעבונדן צו לאַגגע, אין די ערד אַרײַנגעקלאַפּטע סלופּעס, באַגאָסן מיט סמאָלע און אָנגעצונדן בײַ די הענט. בײַם גרעסטן טייל פֿון די דאָזיקע מענטשן זײַנען בלויז די הענט געווען אָפּגעבערנט, ווייל דער רעגן האָט אַ פּנים פֿאַרלאָשן דאָס פֿײַער אין מיטן ברענען. אָבער שרעקלעך זײַיען געווען די דאָזיקע בר־מינגס מיט די אויסגעקרומטע פּנימער און מיט די שוואַרצע, צום הימל אויסגעשטרעקטע הענט. אַ ריח פֿון פֿוילעניש האָט זיך געהערט פֿון אַלע זייטן. איבער די סלופּעס האָבן זיך געראָיעט מחנות פֿון פֿייגל, וועלכע זײַנען בײַם דערנעענטערן זיך פֿון חייל מיט אַ געפּלדער אַוועקגעפֿלויגן פֿון די נעענטערע סלופּעס, כּדי זיך צו זעצן אויף די ווייטערע. אַ פּאָר וועלף זענען אַנטלאָפֿן פֿאַר די פֿאָלקן צו די געוויקסן. די חיילות האָבן שטילשווייגנדיק זיך געצויגן דורך דער שרעקלעכער אַלעיע און געציילט די „ליכט“. זיי האָבן אָפּגעציילט דריי הונדערט און אַ פּאָר צענדליק. זיי האָבן סוף כּל סוף געמיטן דאָס דאָזיקע שרעקלעכע דערפֿל און אָפּגעעטעמט מיט פֿרישער וואַלד־לופֿט. אָבער די שפּורן פֿון פֿאַרניכטונג האָבן זיך ווייטער געצויגן. געווען איז דאָס די ערשטע העלפֿט פֿון חודש יולי. די תּבֿואות זענען שוין כּמעט געווען צייטיק און מ'האָט זיך גערעכנט אויף אַ גוטן שניט. אָבער גאַנצע אַקער־שטחים זײַנען געווען צום טייל פֿאַרברענט, צום טייל צוטרעטן, פֿאַרקנוילט, אַרײַנגעגראָבן אין די ערד. סהאָט אויסגעזען, ווי אַ שטורם וואָלט זיך דורכגעטראָגן דורך די פֿעלדער. און עס האָט זיך דאָך טאַקע דורכגעטראָגן איבער די דאָזיקע פֿעלדער דער שרעקלעכסטער פֿון אַלע שטורמען — דער שטורם פֿון דער בירגער־מלחמה. דעם פֿירשטס זעלנער האָבן נישט איינמאָל געזען פֿורכטבאַרע געגענטן, וואָס זײַנען פֿאַרוויסט געוואָרן נאָך אַן איבערפֿאַל פֿון טאָטערס, אָבער אַזאַ מוראדיקן, אַזאַ וויסטן חורבן האָבן זיי נאָך קיינמאָל אין זייער לעבן נישט געזען. די וועלדער זײַנען פֿאַרברענט געוואָרן פּונקט אַזוי ווי די תּבֿואות. דאָרט ווו דאָס פֿײַער האָט נישט פֿאַרצערט די בוימער, האָט ער מיט דער פֿײַערדיקער צונג אַראָפּ אַ [illegible]

פֿון זיי די בלעטער און די קאָרע, אָפּגעבּרענט מיט זיין הייסן הויך, פֿאַרוויכערט, פֿאַרקאָפּטשעט — און די בוימער זיינען געשטאַנען ווי סקעלעטן. דער הער וואָיעוואָדא פֿון קיעוו האָט געקוקט און זיינע אויגן נישט געגלויבט. מיעדזשאַקאָוו, זאַכאַר, פּוטאָרי, סלאָבאָדאַ — איין באַרג אש! דאָ און דאָרט זיינען די פֿויערן אַנטלאָפֿן צו קשיוואָנאָסן, און די ווייבער און קינדער זיינען אַריינגעפֿאַלן אין געפֿאַנגענשאַפֿט פֿון יענער טאָטערישער מחנה, וועלכע איז פֿאַרטיליקט געוואָרן דורך ווישרשולן און וואָלאָדיאָווסקין אויף דער ערד — חורבות, אויפֿן הימל סטאַדעס פֿון קראָען, ראָבן, וואָס זיינען זיך צוזאַמענגעפֿלויגן, גאָט ווייס פֿון וואַנען, צום קאָזאַקישן שניט... די שפּורן פֿון חייל, וואָס איז דורכגעגאַנגען, זיינען געוואָרן וואָס אַמאָל פֿרישער. פֿון צייט צו צייט האָט מען זיך אָנגעשטויסן אויף צובראָכענע וועגנס, נבלות פֿון בהמות און מענטשן, וואָס האָבן נאָך נישט געפֿוילט, צוהאַקטע, טעפּ, מעשענע קעסלען, זעק מיט פֿאַרנעצטן מעל, חורבות, פֿון וועלכע ס'האָט נאָך געזעצט אַ רויך, צוואָרפֿענע תבואה-בינטלעך. דער פֿירשט האָט געטריבן די פּאָלקן צו כמיעלניק צו, נישט לאָזנדיק זיי אָפּרוען, און דער אַלטער וואָיעוואָדאַ האָט זיך אָנגעכאַפּט פֿאַרן קאָפּ, יאָמערנדיק כסדר:

— מיין מאַכנוווקא! מיין מאַכנוווקא! כ'זע שוין, אַז מיר וועלן נישט אָנקומען צו דער ריכטיקער צייט.

דערווייל איז אין כמיעלניק אָנגעקומען אַ ידיעה, אַז נישט דער אַלטער קשיוואָנאָס אַליין, נאָר זיין זון באַלאַגערט מאַכנוווקא מיט בערך צוואַנציק טויזנט מענטשן און אַז ער האָט דאָס אָנגעמאַכט די אוממענטשלעכע חורבות אויפֿן וועג. לויט די ידיעות, איז די שטאָט שוין געווען איינגענומען. די קאָזאַקן, וואָס האָבן זי פֿאַרנומען, האָבן נישט געלאָזט קיין שריד-ופּליט פֿון די שלאַכטשיצעס און יידן, און די ווייבער פֿון די שלאַכטשיצעס האָבן זיי פֿאַרשלעפּט אין זייער לאַגער אַריין, ווו עס האָט זיי דערוואַרט אַ גורל, ערגער פֿון טויט. אָבער דער שלאָס האָט אונטער דער פֿירונג פֿון הער לעוו זיך נאָך פֿאַרטיידיקט. די קאָזאַקן האָבן אים געשטורמט פֿון בערנאַרדינען-קלויסטער, אין

וועלכן זיי האָבן אויסגעקוילעט די גוזרים. הער לעוו, וועלכער האָט זיך פאַרטיידיקט מיטן רעשט ביסל כחות און פולווער, האָט נישט צוגעזאָגט אויסצוהאַלטן לענגער ווי איין נאַכט.

דער פירשט האָט דעריבער איבערגעלאָזט די פוס-גייער, האַרמאַטן און די הויפּט-כחות פון דער אַרמיי, וועלכע ער האָט געהייסן גיין קיין ביסשטיק, און אַליין האָט ער מיטן וואָיעוואָדא, הער קשישטאָף, הער אַקסאַק זיך געאיילט צו הילף דעם הער לעוו מיט צוויי טויזנט מענטשן. דער אַלטער וואָיעוואָדא האָט שוין צוריקגעהאַלטן, ווייל ער האָט פאַרלוירן דעם קאָפּ: „מאַכנוווקא איז פאַרלוירן, מיר וועלן קומען צו שפּעט! בעסער נישט גיין קיין מאַכנוווקא, נאָר שיצן אַנדערע ערטער און פאַר-זאָרגן מיט גאַרניזאָנען" — האָט ער איבערגעחזרט. אָבער דער פירשט האָט נישט געוואָלט הערן. דער הער וויצע-ריכטער פון בראַצלאוו האָט געיאָגט, און די חיילות האָבן זיך געריסן צו דער שלאַכט. „קוים זענען מיר געקומען אַהער, וועלן מיר נישט אַוועקגיין אָן בלוט-פאַרגיסונג"—האָבן די פּאָלקאָווניקעס געזאָגט. און זיי האָבן מאַרשירט ווייטער.

אַז זיי זענען געווען אַ האַלבן מייל פון מאַכנוווקא, זענען בערך צוואַנציק רייטער, וועלכע האָבן געטריבן די פערד מיט אַלע כחות, פאַרלאָפן דער אַרמיי דעם וועג. דאָס איז געווען הער לעוו מיט זיינע חברים. דערזעענדיק אים, האָט דער קיעווער וואָיעוואָדא באַלד פאַרשטאַנען, וואָס עס איז געשען.

— דער שלאָס איז איינגענומען!—האָט ער אויסגעשריגן.

— יאָ!—האָט הער לעוו געענטפערט און אין דער זעלבער רגע איז ער פאַרחלשט געוואָרן, ווייל ער איז געווען צוניזוקט און צושאָסן און איז אָפּגעגאַנגען מיט בלוט. אָבער די איבריקע האָבן גענומען דערציילן, וואָס עס איז געשען. די דייטשן אויף די מויערן זענען אויסגעהרגעט געוואָרן ביז איינעם, ווייל זיי האָבן בעסער געוואָלט שטאַרבן איידער זיך אונטערגעבן — הער לעוו האָט זיך דורכגעשלאָגן דורכן געדיכטן המון און אויפגעבראָכענע טויערן, אָבער אין די שטובן אויפן טורם האָבן זיך נאָך פאַרטיידיקט אַ פּאָר צענדליק שלאַכטשיצעס און זיי האָט

מען געדאַרפֿט וואָס גיכער קומען צו הילף.

מ׳האָט דערזײַבער געגומען נאָך מער טרייבן די פֿערד. אין אַ ווײַלע אַרום האָבן זיך אויף אַ באַרג באַוויזן די שטאָט און דער שלאָס, און איבער זיי אַ שווערע רויך־כמאַרע פֿון דער נאָר וואָס אונטערגעצונדענער שׂרפֿה. די נאַכט איז שוין צוגע־פֿאַלן. דער הימל איז געווען פֿאַרגאָסן פֿון אַ גאָלדענעם און פּורפּור־רויטקייט, וועלכע דאָס חייל האָט באַלד אָנגענומען פֿאַר אָפּגלאַנצן פֿון פֿייער־פֿלאַמען. ביי דעם דאָזיקן שײַן האָט מען געזען די פּאָלקן פֿון די זאַפּאָראָזשער און די צונויפֿגעפּרעסטע מאַסן פֿון המון, וואָס האָבן דורך די טויערן אַקעגנגעשטראָמט די אָנקומענדיקע חיילות אָן שום מורא, בפֿרט, אַז אין דער שטאָט האָט קיינער נישט געוווסט וועגן אָנקומען פֿון פֿירשט און מ׳האָט דערזײַבער גערעכנט, אַז בלויז דער קיעווער וואָיע־וואָדאַ אַליין קומט אָן מיט הילף. אַפֿנים אַז דער בראָנפֿן האָט זיי אײַנגאַנצן פֿאַרעלנט, אָדער דער נאָר וואָס אָפּגעהאַלטענער נצחון איבערן שלאָס האָט אַרײַנגעבראַכט אַ אומגעווייִנלעכע גאווה, וואָרום זיי זענען דרייסט אַראָפּ פֿון באַרג און ערשט אין טאָל האָבן זיי געגומען זיך גרייטן צו דער שלאַכט מיט אַ גרויסן חשק. אונטער די קלאַנגען פֿון פּויקן און טרומייטן. אויף דעם דאָזיקן אָנבליק האָט אַ פֿרייד־אויסגעשריי זיך אַרויסגעריסן פֿון אַלע פּוילישע ברוסטן, און דער הער וואָיעוואָדאַ פֿון קיעוו האָט צום צווייטן מאָל געהאַט די געלעגנהייט צו באַוווּנדערן די גע־שיקטקייט פֿון פֿירשטס פּאָלקן. דערזעענדיק די קאָזאַקן זענען געבליבן שטיין און זיך תּיכּף אויסגעשטעלט גרייט צום קאַמף, די שווערע קאַוואַלעריע אין דער מיט, די לײַכטע אויף די פֿליגל, אַזוי איז אַז אַלץ איז געווען אין דער געהעריקער אָר־דנונג און מ׳האָט פֿון אָרט געקאָנט צוטרעטן צו דער שלאַכט.

— הער קשישטאָף, וואָס פֿאַר אַ פּאָלק איז דאָס — האָט דער וואָיעוואָדאַ געזאָגט — זיי האָבן זיך מיט אַמאָל אויסגע־שטעלט גרייט צו דער מלחמה, זיי וואָלטן אויך אָן מנהיג גע־קאָנט פֿירן די שלאַכט!

אָבער דער פֿירשט איז ווי אַ פּאָרזיכטיקער פֿירער, דורכ־

געפלויגן מיטן שטאַב אין דער האַנט צווישן די פּאָלקן, פון פליגל צו פליגל, האָט אַלץ באַקוקט, אַרויסגעגעבן די לעצטע באַפעלן. די רויטע אָפּגלאַנצן אויפן הימל האָבן זיך אָפּגעשלאָגן אין זיין זילבערנעם פּאַנצער און ער איז ענלעך געווען אויף אַ העלן פלאַם, וואָס פליט צווישן די רייען, בפרט אַז צווישן אַלע טונקעלע פּאַנצערס האָט נאָר זיין פּאַנצער אַליין שטאַרק געלויכטן.

און אַזוי האָבן זיך אויסגעשטעלט: אין דערמיט, אין דער ערשטער ליניע, דריי פּאָלקן — דער ערשטער, וועלכן דער קיעווער וואָיעוואָדא אַליין האָט אָנגעפירט, דער צווייטער — דעם יונגן הער אַקסאַקס, דער דריטער — דעם הער קשישטאָף טישקעוויטשס; הינטער זיי, אין דער צווייטער ליניע, זענען געשטאַנען די דראַגונער אונטער הער באַראַנאָווסקיס קאָמאַנדע, און צום סוף דעם פירשטס מעכטיקער הוזאַרן-פּאָלק מיט הער סקשעטוסקי אַלס קאָמענדאַנט.

די פליגל האָבן פאַרנומען ווישערשול, קושעל און פּאָניאַטאָווסקי. קיין האַרמאַטן זענען נישט געווען, ווייל ווורצל איז געבליבן אין בישטשיק.

דער פירשט איז צוגעשפרונגען צום וואָיעוואָדא און האָט אַ שאָקל געטון מיטן שטאַב.

— פאַר אייערע עולות הויבט איר אָן דער ערשטער!

דער וואָיעוואָדא האָט אַ פּאָכע געטון מיטן שטעקן — די זעלנער האָבן זיך אַראָפּגעבויגן אויף די זאָטלען און זיך גערירט. און פון זיין אָנפירן מיטן פּאָלק האָט מען באַלד געקאָנט דערקענען, אַז דער וואָיעוואָדא, הגם אַ שווערער און אַ פוילער, ווייל ער איז שוין געווען אויף דער עלטער, איז ער פונדעסטוועגן געווען אַ געניטער און מוטיקער זעלנער. כדי צו שוינען די כוחות, האָט ער נישט באַלד געטריבן דאָס פּאָלק מיטן גרעסטן אימפּעט, נאָר עס תחילת געפירט געלאָסן, פאַרגרעסערנדיק דעם אימפּעט ערשט דעמאָלט, ווען ער האָט זיך דערנענטערט צום שונא. ער איז אַליין אויך געלאָפן אין דער ערשטער ריי, מיטן שטעקן אין דער האַנט, נאָר דאָס יינגל האָט אים געהאַלטן ביי

דער זייט אַ לאַנגע און שווערע שווערד, וועלכע איז אָבער נישט צו שווער געווען לויט זיינע כחות. דער המון האָט זיך אויך געשאָטן אַקעגן פּאָלק מיט קאָסעס און דרעש־שטעקנס, כּדי צוריקצוהאַלטן דעם ערשטן אימפּעט און צו פאַרלייכטערן די זאַפּאָראָזשער די אַטאַקע. ווען עס האָט זיי שוין מער נישט אָפּגעשיידט ווי אַ פּאָר צענדליק טריט, האָבן די מאַכנאָווקער דערקענט דעם וואָיעוואָדא לויט זיין געוואַלטיקער הויך און פעטלייביקייט, און זיי האָבן דאַן גענומען שרייען:

— העי, הויך־וווּל־געבוירענער וואָיעוואָדא, דער שניטרוקט אָן, פאַרוואָס הייסטו נישט אַרויסגיין דיינע אונטערטאַנען? מיר נויגן זיך, גנעדיקער האַר! מיר וועלן דיר שוין דעם בויך דורכלעכערן.

און אַ האָגל פון קוילן האָט זיך אַ שאָט געטון אויפן פּאָלק, אָבער קיין שאָדן האָט ער נישט אָנגעמאַכט, ווייל ער איז שוין געלאָפן ווי אַ וויכער. זיי האָבן זיך צוזאַמענגעשטויסן. עס האָט זיך דערהערט אַ געקלאַפּעריי פון די דרעש־שטעקנס און אַ געקלאַנג פון די קאָסעס, וואָס האָבן אָנגעקלאַפּט אָן די פּאַנצערס, געשרייען און קרעכצן. די שפּיזן האָבן דורכגעבראָכן אַ טויער אין דער צונויפגעפּרעסטער מאַסע פון המון און די גאַלאָפּירנדיקע פערד האָבן זיך דורך אים אַריינגעריסן אין המון ווי אַ שטורם, געטרעטן, אומגעשליידערט, געשמעטערט. און פּונקט ווי דאָס געדיכטע גראָז פאַרשווינט פאַר די שניטער, וועלכע גייען פאָרויס און פאָכען מיט די דרענגער פון די קאָסעס, אַזוי זענען אויך די ברייטע רייען פון המון געוואָרן שמעלער און שיטערער, ביז זיי זענען אינגאַנצען נעלם געוואָרן — און געשטויסן דורך די בריסטן פון די פערד, האָבן זיי נישט געקאָנט בלייבן שטיין אויפן אָרט און גענומען זיך וואַקלען. צום סוף האָט אָפּגעהילכט אַ געשריי: „מענטשן, ראַטעוועט זיך!" אין די גאַנצע מאַסע האָט אַוועקגעוואָרפן די קאָסעס, דרעש־שטעקנס, גראַבלעס, ביקסן און אין אַ ווילדער מהומה זיך געלאָזט לויפן צוריק צו די זאַפּאָראָזשער פּאָלקן. אָבער די זאַפּאָראָזשער, מוראַהאָבנדיק, אַז דער אנטלויפנדיקער המון זאָל נישט צורודערן

זייערע רייען, האָבן אויף אים אָנגעשטעלט די שפּיזן. זעענדיק די דאָזיקע פאַרצוימונג, האָט דער המון מיט אַ פאַרצווייפלטן געהייל זיך געוואָרפן אין ביידע זייטן, דאָ אָבער האָבן אויפסניי פאַרשטעלט זיי דעם וועג קושעל און פּאָניאַטאָווסקי, וועלכע זענען אָנגעקומען פון דעם פירשטס פליגל.

און דער וואָיעוואָדא איז געגאַנגען איבער די טויטע גופים פון המון און זיך געשטעלט פּנים אל פּנים מיט די זאפּאָראָזשער. ער האָט געיאָגט צו זיי און זיי צו אים, ווילנדיק אויף אימפּעט ענטפערן מיט אימפּעט. און אַזוי האָבן זיי זיך צוזאַמענגעשטויסן ווי צוויי כוואַליעס, וואָס קומען צו איינע אַקעגן דער צווייטער און בילדן בעתן צוזאַמענשטויס אַ שוימיקן קאַם. אַזוי האָבן פערד זיך אויפגעהויבן קעגן פערד, די רייטער אויף זיי זענען געשטאַנען ווי אַ כוואַליע, ווי אַ שוים. און דאָ האָט דער וואָיעוואָדא געזען, אַז ער האָט ניט צו טון מיט אַ המון, נאָר מיט דעם העלדישן און אויסגעבילדעטן זאפּאָראָזשער חיל. צוויי ליניעס האָבן זיך געשטויסן, געראַנגעלט און איינע האָט ניט געקאָנט בייקומען די צווייטע. הרוגים זענען געפאַלן לרוב, ווייל דאָרט האָט איין מאַן אַטאַקירט דעם צווייטן, איין שווערד האָט זיך צוזאַמענגעקלאַפּט מיט דער צווייטער. דער וואָיעוואָדא אַליין האָט אַריינגעשטעקט זיין שטעקן אין גאַרטל און כאַפּנדיק זיין שווערד פון יונגלס הענט, האָט ער געאַרבייט שווער, אַזש אַ שווייס האָט אים אַרויסגעשלאָגן אויפן פּנים, און דערביי געסאָפּעט ווי אַ בלאָז-זאַק פון שמיד. נעבן אים האָבן די צוויי הערן שעניוט׳ס, די הערן קיערדעי, באָהוסלאַווסקי, יעלאָוויצקי און פּאָלובינסקי זיך געוואָרפן ווי אין אַ קדחת. אָבער אויף דער זייט פון די קאָזאַקן האָט אַממערסטען געווילדעוועט איוואַן בורדאַבוט, פּאָדפּאָלקאָווניק פון קאַוויניצער פּאָלק, אַ קאָזאַק פון אַ געוואַלדיקער גבורה און געשיקטקייט, וועלכער איז בעזונדערס געווען שרעקלעך דערפאַר, וואָס זיין פערד האָט געקעמפט צוגלייך מיט זיין האַר. ניט איין זעלנער פון וואָיעוואָדעס חייל האָט אַריס געטון זיין פערד און זיך צוריקגעצויגן כדי זיך ניט צונויפצוטרעפן מיט דעם דאָזיקן טייוול, וואָס פאַרשפּרייט טויט און פאַר-

וויסטונג. עס זענען צוגעשפרונגען צו אים די ברידער שעניוט, אָבער אורדאַבוטס פערד האָט דעם יונגערן, אַנדזשעין אָנגעכאַפּט מיט די ציין פאַרן פּנים און עס כהרף־עין צוריבן. זעענדיק דאָס, האָט דער עלטערער, ראַפאַל, דערלאַנגט דער בעסטיע מיט דער שווערד איבער די אויגן. ער האָט זי פאַרוווּנדעט, אָבער נישט געממיתט, ווייל די שווערד האָט געטראָפן אויף אַ מעשענעם קנאָפּ פון דער שטערן־בינדע. בורדאַבוט האָט אָבער אין דער רגע געשטאָכן ראַפאַלן אין האַלז און אים דערהרגעט אויפן אָרט. אַזוי זענען געפאַלן ביידע ברידער, די הערן שעניוט, און געלעגן אין באַגילדטע פאַנצערס אין שטויב אונטער די פערדישע קאָפּיטעס, און בורדאַבוט האָט זיך געוואָרפן ווי אַ פייער־צונג אין די ווייטערדיקע רייען און באַלד געכאַפּט דעם פירשט פּאָלובינסקי, אַ זעכצן־יעריק ייִנגעל, וועלכן ער האָט אָפּגעהאַקט דעם אָרעם צוזאַמען מיט דער האַנט. דערזעענדיק דאָס, האָט הער אורבאַנסקי געוואָלט נקמה נעמען פאַרן טויט פון קרוב און אויסגעשאָסן פון אַ פּיסטאָלעט באַרדאַבוטן גלייך אין פּנים אַריין, אָבער ער האָט נישט געטראָפן, ער האָט אים נאָר אָפּגעשאָסן אַן אויער און באַגאָסן מיט בלוט. שרעקליך איז דעמאָלט געווען בורדאָבוט און זיין פערד, ביידע שוואַרץ ווי די נאַכט, ביידע באַגאָסן מיט בלוט, ביידע מיט ווילדע אויגן און פאַנאַנדערגעבלאָזענע נאָזלעכער, ביידע האָבן געבושעוועט ווי אַ שטורם. אויך הער אורבאַנסקי איז נישט ניצול געוואָרן פון טויט: בורדאבוט האָט ווי אַ תלין מיט איין וויר אים אָפּגעהאַקט דעם קאָפּ. עס זענען געפאַלן פון זיין האַנט אויך דער אַלטער אַכציקיעריקער הער זשיטינסקי און ביידע הערן ניקטשעמני — און די איבעריקע האָבן זיך גענומען צוריקציען אין שרעק, בפרט אַז הינטער בורדאַבוטן האָבן געפינקלט הונדערטע אַנדערע זאַפּאָראָזשער שווערדן און הונדערט שפּיזן, וואָס זענען שוין געווען באַנעצט מיט בלוט.

און אָט האָט דער ווילדער קאָזאַק דערזען דעם וואָיעוואָדא און אַרויסלאָזדיק אַ מוראדיקן פרייד־אויסגעשריי, האָט ער זיך געוואָרפן צו אים, איבערקערנדיק אויפן וועג פערד און

רייטער — אָבער דער וואָיעוואָדע האָט זיך נישט צוריק געצויגן. ער האָט זיך פֿאַרלאָזט אויף זיין אומגעווינלעכן כּוח, און סאָפּענדיק ווי אַ פֿאַרווונדעטע חיה, האָט ער אויפֿגעהויבן די שווערד איבערן קאָפּ און געפֿלויגן אויף זיין פערד אַקעגן בורדאַבוטן. און ער וואָלט זיכער געווען אומגעקומען, ווען נישט שילניצקי, אַ יונגל פֿון אַ שלאַכטשיץ, וועלכער האָט ווי אַ בליץ זיך געוואָרפֿן אויפֿן קאָזאַק און אים אָנגעכאַפּט פֿון הינטען, אָבער בורדאַבוט האָט אים דערשטאָכן מיט דער שווערד. און בעת בורדאַבוט האָט געהאַט מיט אים צו טון, האָבן די הערן קיעוער דעי געשריגן נאָך הילף פֿאַרן וואָיעוואָדאַ; באַלד זענען צוגעשפרונגען אַפּאָר צענדליק מענטשן, וועלכע האָבן אים אָפּגעטיילט פֿון קאָזאַק, און עס האָט זיך צופֿלאַקערט אַ פֿאַרביסענע שלאַכט. אָבער דעם וואָיעוואָדאס פֿאַרמאַטערטער פּאָלק האָט שוין גענומען זיך בוגן פֿאַר דער איבערוואָג פֿון די זאַפּאָראָזשער, ער האָט שוין גענומען זיך צוריקציען און צומישן. דאָ זענען אָבער הער קשישטאָף, דער בראַצלאַווער וויצע־ריכטער, און הער אַקסאַק אָנגעלאָפֿן מיט פֿרישע פּאָלקן. אמת, אין דער רגע האָבן אויך די זאַפּאָראָזשער אַרויסגעלאָזט נייע פּאָלקן צו דער שלאַכט, אָבער אונטן איז נאָך געשטאַנען דער פֿירשט מיט באַראַנאָווסקיס דראַגונער און מיט הער סקשעטוסקיס הוזאַרן־פּאָלק, וועלכע האָבן ביז איצט זיך נישט באַטייליקט אין דער שלאַכט.

און אַזוי האָט אויפֿסניי זיך אָנגעהויבן די בלוטיקע שחיטה, און ביני־לביני איז די נאַכט שוין צוגעפֿאַלן, אָבער די שׂרפֿה האָט שוין אַרומגעכאַפּט די הייזער אין די עקן פֿון דער שטאָט. די פֿייער־פֿלאַמען האָבן באַלויכטן דאָס שלאַכט־פֿעלד און מ'האָט דייטלעך געזען ביידע ליניעס, די פּוילישע און די קאָזאַקישע, וואָס האָבן זיך געבראָכן ביים באַרג, מ'האָט געזען די קאָלירן פֿון די זאַפּאָראָזשער און אפֿילו זייערע פּנימער. הער ווירשול, הער פּאָניאַטאָווסקי און הער קושעל זענען שוין אויך געווען אין פֿייער פֿון דער מלחמה, ווייל נאָכדעם ווי זיי האָבן פֿאַרטיליקט דעם המון, האָבן זיי זיך געשלאָגן אויף די פֿליגל פֿון די קאָזאַקן, וועלכע האָבן אונטער זייער דרוק גענומען זיך צוריקציען

צום באַרג. די לאַנגע ליניע פֿון די קעמפֿענדיקע האָט זיך אויסגעבויגן אין צוויי עקן צו דער שטאָט־צו און גענומען זיך בויגן וואָס אַמאָל מער, ווייל אין דער צייט ווען די פּוילישע פליגל האָבן אַוואַנסירט, האָט דער מיטן, וואָס איז געשטויסן געוואָרן דורך די איבערוויגנדיקע כּוחות פֿון די קאָזאַקן, אָפּגעטרעטן צום פירשט־צו. דריי נייע קאָזאַקישע פּאָלקן זענען צוגעטרעטן און געפּרוווט אים דורכברעכן, אָבער אין דעם מאָמענט האָט דער פֿירשט אַרויסגעשיקט דעם הער באַראַנאָווסקיס דראַגינער, וועלכע האָבן פֿאַרשטאַרקט די קעמפֿנדיקע כּוחות.

ביים פֿירשט זענען פֿאַרבליבן בלויז די הוזאַרן — פֿון דער ווייטנס וואָלסטו געמיינט: אַ טונקעלער וואַלד, וואָס וואַקסט גלייך אַרויס פֿון פֿעלד, אַ מוראדיקע כוואַליע, פֿון אייזערנע מענער, פערד און שפּיזן. אַ אָוונט־ווינטל האָט גערוישט איבער זייערע פֿאָנען, און זיי זענען געשטאַנען רויק, נישט רייסנדיק זיך אָן אַ באַפֿעל צו דער שלאַכט — געדולדיק, ווייל זיי זענען שוין געווען אויסגעפּרוווטע זעלנער, וואָס האָבן שוין אַ סך שלאַכטן מיטגעמאַכט. און זיי האָבן געוווסט, אַז דער בלוטיקער אָנטייל וועט זיי נישט מיידן. צווישן זיי איז געשטאַנען דער פֿירשט אין זילבערנעם כּלי זיין, מיטן גאָלדענעם שטאַב אין דער האַנט, מיט אָנגעשטעלטע אויגן אויף די שלאַכט — און פֿון דער לינקער זייט איז אַביסל אומגעדרייט געשטאַנען אין עק הער סקשעטוסקי. אַלס פּאָרוטשניק, האָט ער זיין אַרבל פֿאַרקאַטשעט אויפֿן אָרעם און האַלטנדיק אין זיין מעכטיקער, ביז צום עלנבויגן נאַקעטער האַנט אַ שווערד אָנשטאָט אַ שטעקן, האָט ער רויק געוואַרט אויף אַ קאָמאַנדע.

און דער פֿירשט האָט מיט דער לינקער האַנט זיך פֿאַרשטעלט די אויגן פֿאַרן פייער און געקוקט אויף די שלאַכט. דער צענטער פֿון דער פּוילישער האַלב־לבנה האָט זיך ביסלעכווייז אַראָפּגערוקט צו אים אונטער דעם דרוק פֿון דער איבערמאַכט, ווייל נישט אויף לאַנג האָט אים אונטערגעשטיצט הער באַראַנאָווסקי, דער זעלבער, וואָס האָט נישט געלאָזט קיין זכר פֿון נעמיראָוו. דער פֿירשט האָט אַזוי אַרום געזען, ווי ביי זיך אויף

דער האַנט, די שווערע אַרבייט פֿון די זעלנער. דער אויסגעצויגענער בליץ פֿון די שווערדן האָט זיך דאָ אויפֿגעהויבן איבער דער שוואַרצער ליניע פֿון קעפּ, און באַלד האָט ער זיך ווידער אַראָפּגעלאָזט און איז נעלם געוואָרן, פֿערד און רייטער זענען אַרויסגעפֿאַלן פֿון דער דאָזיקער כוואַליע פֿון קעמפֿנדיקע און לויפֿנדיק איבערן טאָל מיט אַ הירזשעריי און מיט צולאָזטע גזשיוועס האָבן זיי אויפֿן פּאָן פֿון דער שריפֿה געהאַט אַ פּנים פֿון גהינום־בעסטיעס. פֿון צייט צו צייט איז אַ רויטער פֿאָן, וואָס האָט געפֿלאַטערט איבער דעם מענטשן־געווימל, מיט אַמאָל אַראָפּגעפֿאַלן אין המון און זיך מער נישט אויפֿגעהויבן. אָבער דעם פֿירשטס בליק איז געלאָפֿן ווייטער פֿון די קעמפֿנדיקע רייען, אַזש איבער דעם באַרג צו דער שטאָט־צו, וווּ עס איז בראש פֿון צוויי געקליבענע פּאָלקן געשטאַנען דער יונגער קשיוואָנאָס גופֿא, וועלכער האָט געוואַרט אויף דעם שעת־הכּושר זיך אַריינצווואַרפֿן אין די מיט פֿון די קעמפֿנדיקע, כּדי אינגאַנצן צוצוברעכן די אָפּגעשוואַכטע פּוילישע רייען.

צום סוף האָט ער אַ שפּרונג געטון און איז געלאָפֿן מיט אַ ווילדן געשריי גלייך אויף באַראַנאָווסקיס דראַגונער, אָבער אויף דעם מאָמענט האָט אויך אויסגעקוקט דער פֿירשט.

— פֿיר! — האָט ער אַ געשריי געטון צו סקשעטוסקין.

סקשעטוסקי האָט אויפֿגעהויבן די שווערד אין די הויך און די אייזערנע כוואַליע האָט זיך אַ ריר געטון פֿון אָרט.

זיי זענען לאַנג נישט געשלאָפֿן, ווייל די קאַמפּס־ליניע האָט זיך צו זיי שטאַרק דערנענטערט. באַראַנאָווסקיס דראַגונער האָבן זיך בליץ־שנעל געשפּאָלטן אויף רעכטס און לינקס און געעפֿנט פֿאַר די הוזאַרן אַ צוטריט צו די קאָזאַקן, און זיי האָבן דורך דעם דאָזיקן טויער מיט דער גאַנצער משא זיך געוואָרפֿן אויף קשיוואָנאָסעס מחנות, וועלכע האָבן שוין אָפּגעהאַלטן נצחונות.

— יערעמי! יערעמי! — האָבן אויסגערופֿן די הוזאַרן.

— יערמי! — האָט איבערגעחזרט די גאַנצע אַרמיי:

דער שרעקלעכער נאָמען האָט מיט אַ ציטער פֿון שרעק פֿאַרקלעמט די הערצער פֿון די זאַפּאָראָזשער. ערשט איצט זע־

נען זיי געוווּר געוואָרן, אַז נישט דער קיִעווער וואָיעוואָדאַ, נאָר דער פּירשט אַליין פירט אָן מיט דער שלאַכט. איבריקנס, האָבן זיי נישט געקענט שטעלן קיין ווידערשטאַנד די הוזאַרן, וועלכע האָבן בלויז מיט זייער משא זיי אַזוי צוקוועטשט, ווי אַ אומפאַלנדיקע מויער צוקוועטשט די מענטשן, וואָס שטייען אונטער איר. די איינציקע רעטונג פאַר זיי איז געווען, זיך צוצוטיילן אויף צוויי מחנות, דורכצולאָזן די הוזאַרן אויף צו באַפאַלן זיי פון די זייטן. אָבער די דאָזיקע זייטן זענען שוין אָפּגעהיט געוואָרן דורך די דראַגונער און דורך ווישרשולס, קוישעלס און פּאָניאַטאָווסקיס לייכטע פּאָלקן, וועלכע האָבן צונויפגעטריבן די קאָזאַקישע פליגל און זיי אַריינגעשטויסן אין צענטר. איצט האָט די שלאַכט באַקומען אַ גאַנץ אַנדער פּנים, ווייל די דאָזיקע לייכטע פּאָלקען האָבן ווי געבילדעט אַ גאַס, וואָס דורך איר מיט זענען מיט אַ ווילדן אימפּעט געלאָפן די הוזאַרן און געבראָכן, געשטויסן, געשטוכט, איבערגעקערט מענטשן און פערד. און פאַר זיי זענען די קאָזאַקן מיט ווילדע קללות און געשרייען אַנטלאָפן צום באַרג און צו דער שטאָט. ווען ווישרשולס פליגל וואָלט זיך געקאָנט צונויפקומען מיט פּאָניאַטאָווסקיס פליגל, וואָלטן זיי געווען אַרומגערינגעלט און עס וואָלט פון זיי נישט געבליבן קיין שריד־ופליט. אָבער סיי ווישרשול און סיי פּאָניאַטאָווסקי האָבן דאָס נישט געקאָנט באַווייזן, צוליב דעם צו שטאַרקן שטראָם פון אַנטלויפנדיקע. זיי האָבן דעריבער געשלאָגן פון דער זייט, אַז די הענט זענען זיי אַזש אָפּגעשטאַנען פון אַרבעטן מיט דער שווערד.

דער יונגער קשיוואַנאָס, הגם ער איז געווען שטאַרק און ווילד, האָט איינגעזען, אַז ער איז צו ווייניק געניט אויף אַ קעגן צושטעלן זיך אַזאַ פירער ווי דער פירשט, ער האָט דעריבער פאַרלוירן דעם קאָפּ און בראש פון אַנדערע אַנטלאָפן צו דער שטאָט צו. דעם אַנטלויפנדיקן האָט באַמערקט הער קושעל, וועלכער איז געשטאַנען אָן אַ זייט און האָט געזען נאָר פון אַ קורצן מרחק, ער איז באַלד צוגעשפּרונגען מיטן פערד און מיט דער שווערד אַ זעץ געטון דעם יונגען קאָזאַק אין מויל אַריין. ער

האָט אים נישט דערהרגעט, ווייל די שאַרף איז פֿאַרהאַלטן געוואָרן דורך דעם גאָרגל־ביין, אָבער ער האָט אים באַגאָסן מיט בלוט און דורכדעם נאָכמער צוגענומען ביי אים דעם מוט.

אָבער ער האָט שיעור אַליין נישט באַצאָלט מיט זיין לעבן פֿאַר דעם דאָזיקן שריט, ווייל גראָד אין דער רגע האָט זיך אויף אים געוואָרפֿן בורדאַבוט אין דער שפּיץ פֿון דעם יתר־הפּליטה פֿון קאַלניצער פֿאָלק.

צווייטמאָל האָט ער געפּרוווט שטעלן אַ ווידערשטאַנד מיט די הוזאַרן אָבער ביידע מאָל איז ער ווי מיט אַ איבערנאַטירלעכער קראַפֿט אָפּגעשטויסן געוואָרן און, אַ צוקלאַפּטער, האָט ער געמוזט אָפּטרעטן צוזאַמען מיט די איבעריקע. צום סוף האָט ער צונויפֿגעקליבן די רעשטלעך און באַשלאָסן פֿון דער זייט אָנצופֿאַלן אויף קושעלן און פֿון זיינע דראַגונער זיך אַדורכצורייסן אויפֿן פֿרייען פֿעלד אַרויס. אָבער נאָך איידער ער האָט באַוויזן זיי דורכצורייסן, איז דער וועג, וואָס פֿירט צו דער שטאָט אין צום באַרג, געוואָרן אַזוי אָנגעפּאַקט, אַז גיך צו אַנטלויפֿן איז שוין נישט מעגלעך געווען. די הוזאַרן האָבן צוליב דעם דאָזיקן געדראַנג פֿון מענטשן איינגעהאַלטן דעם אימפּעט און צונויפֿלייגנדיק די שפּיזן, האָבן זיי מיט די שווערדן גענומען שלאָגן דעם המון. עס האָט זיך אָפּגעשפּילט אַ ווילדע, תוהו־ובוהודיקע, אומבערחמנותדיקע שלאַכט. וואָס האָט געפֿלאַקערט צווישן מהומות, שטופּעניש, פּלאָנטער, היץ, מיאוסע רוחות פֿון מענטשלעכע און פֿערדישע נבלות. הרוגים זענען געפֿאַלן אויף הרגים, פֿערדישע קאָפּיטעס זענען געבליבן שטעקן אין צאַפּלדיקע גופֿים. דאָ און דאָרט האָבן זיך די מאַסן אַזוי צונויפֿגעקנוילט, אַז עס איז נישט געווען קיין אָרט ווו אויסצוציען אַ האַנט; מ'האָט זיך דאָרט געשלאָגן מיט די הענטלעך פֿון די שווערדן, מיט מעסערס און פֿויסטן, די פֿערד האָבן גענומען קוויטשן, דאָ און דאָרט האָבן זיך געהערט שטימען: „דערבאַרעמט זיך, ליאַכן!” די דאָזיקע קולות האָבן זיך פֿאַרשטאַרקט, פֿאַרמערט, האָבן פֿאַרהילכט דאָס געקלאַנג פֿון די שווערדן, דאָס קריצן פֿון אייזן אויף מענטשלעכע ביינער, דאָס כראָפּן און

שרעקלעכע שלוכצן פֿון די גוסהדיקע. „דערבאַרעמט זיך, האַרן!״ — האָט אָפּגעהילכט וואָס אַמאָל יאָמערלעכער, אָבער דאָס רחמנות האָט קיין שליטה נישט געהאַט איבער דער דאָזיקער כוואַליע פֿון קעמפֿער; ווי די זון איבער אַ שטורם, האָט זיי צוגעלויכטן דאָס פֿייער.

איין בורדאַבוט האָט אין דער שפּיץ פֿון זיינע קאַליניצער מענטשן נישט געבעטן קיין רחמים. עס האָט געפֿעלט אָרט צום קאַמף, האָט ער זיך פֿריי געמאַכט אָרט מיטן מעסער. ער האָט זיך צוערשט צוזאַמענגעשטויסן מיטן גראָב־בויכיקן הער דזשיק און אַריינשטעקנדיק אים אַ מעסער אין בויך, האָט ער אים אַראָפּגעשליידערט פֿון פֿערד. מיטן געשריי „אָ יעזו״ איז ער אַרונטערגעפֿאַלן אונטער די פֿערדישע קאָפּיטעס, וועלכע האָבן זיים צעטרעטן דאָס איינגעווייד, און זיך שוין מער נישט אויפֿגעהויבן. דעמאָלט איז שוין צוגעקומען פֿרייער פּלאַץ, און בורדאַבוט האָט שוין מיט דער שווערד צוהאַקט סאָקאָלסקיס קאָפּ צוזאַמען מיטן העלם, דערנאָך האָט ער אומגעוואָרפֿן די הערן טריאַם און צערטאָוויטש צוזאַמען מיט די פֿערד; דאָס פֿריי געמאַכטע אָרט איז געוואָרן ברייטער. דער יונגער זענאָביוש סקאָלסקי האָט אים דערלאַנגט אין קאָפּ אַריין, אָבער די שווערד האָט זיך אים איבערגעקערט אין דער האַנט און געטראָפֿן מיט דער קלינג, און דאָ האָט דער קאָזאַק אים מיט דער לינקער פֿויסט אַזעץ געטון אין פּנים אַריין און דערהאַרגעט אויפֿן אָרט. די קאַליניצער מענטשן זענען אים נאָכגעגאַנגען און געהאַקט און געבראָקט מיט די קינזשאַלן. „אַ מכשף! אַ מכשף!״ — האָבן די הוזאַרן גענומען רופֿן „דאָס אייזן נעמט אים נישט! אַ משוגענער מענטש!״ און ער האָט באמת געהאַט שוים אויף די וואָנסעס און רציחה האָט געברענט אין זיינע אויגן. ער האָט צום סוף דערזען סקשעטוסקין און דערקענענדיק דעם אָפֿיציר לויטן פֿאַרקאַטשעטען אַרבל, האָט ער זיך אויף אים געוואָרפֿן.

אַלע האָבן פֿאַרהאַלטן דעם אָטעם אין די ברוסטן און איבערגעריסן די שלאַכט, קוקנדיק אויפֿן געראַנגל פֿון די צוויי שרעקלעכסטע ריטער. דער הער יאַן איז פֿון רוף: „אַ מכשף!״

ניִשט נתפּעל געוואָרן—אָבער דער כּעס האָט געעקאָכט אין איִם, זעענדיק דעם אָנגעמאַכטן חורבן, ער האָט דעריִבער אַ קריין געטון מיט די ציין און מיִט אַ וויִלדער פֿאַרביסנקייט זיך געוואָרפֿן אויפֿן קאָזאַק. זיי האָבן זיִך צוזאַמענגעשטויסן מיִט אַזאַ קראַפֿט, אַז די פֿערד זענען אַוש געבליבן זיצן אויף די הינטנס. עס האָט אָפּגעהילכט אַ פּייפֿערייַ פֿון אייזן און מיט אַ מאָל איז די שווערד פֿון קאָזאַק צושמעטערט געוואָרן אויף שטיִקלעך אונטער דעם קלאַפּ פֿון דער פּוילישער שפּיז. עס האָט זיך שוין געדוכטן, אַז קיין שום כּוח וועט בורדאבוטן ניִט מציל זיין, אָבער דאָ האָט ער אַ שפּרונג געטון און זיך צונויפֿגעטשעפּעט מיט הער סקשעטוסקין אַזוי, אַז ביידע האָבן אויסגעזען ווי איין גוף — און איִבער דעם הוזאַרס האַלז האָט אַ בליִץ געטון אַ מעסער.

איִצט האָט דער טויט געשוועבט פֿאַר סקשעטוסקיס אויגן, ווייל קעמפֿן מיט דער שווערד האָט ער שוין ניִשט געקאָנט. מיט דער שנעלקייט פֿון אַ בליץ האָט ער אָבער אַרויסגעלאָזט די שווערד, וועלכע איִז געבליִבן הענגען אויפֿן לעדערל, און מיִט דער האַנט אָנגעכאַפּט דעם קאָזאַק פֿאַר דער האַנט. אַ ווײַלע האָבן די דאָזיִקע ביידע הענט קאָנוולסיוו געציטערט אין דער לופֿט, אָבער דער קוועטש פֿון הער סקשעטוסקיס האַנט האָט געמוזט זיין איִיזן־שטאַרק, ווייל דער קאָזאַק האָט געהיילט ווי אַ וואָלף און דאָס מעסער איִז פֿאַר אַלעמענס אויגן אים אַרויסגעפֿאַלן פֿון די פֿאַרשטאַרטע פֿינגער, ווי אַ אָפּגעשיילט קערנדל פֿון אַ זאַנג. דעמאָלט האָט סקשעטוסקי אים אָפּגעלאָזט די צוקוועטשטע האַנט און אָנכאָפּנדיק אים פֿאַרן קאַרק, האָט ער דעם שרעקלעכן קאָפּ אַראָפּגעבויגן אַזש ביז צום זאָטל, מיִט דער ליִנקער האַנט ווידער האָט ער אַרויסגעכאַפּט די שפּיז פֿון היִנטערן גאַרטל און איִם דערלאַנגט איינמאָל און אַ צווייט מאָל — דער קאָזאַק האָט אַ כראָפּע געטון און איִז אַראָפּגעפֿאַלן פֿון פֿערד.

די קאַלניִצער מענטשן האָבן אַ קרעכץ געטון, צוזעענדיק דאָס, און געלאָפֿן זיִך נוקם זיין — אָבער איִן דער רגע האָבן

די הוזאַרן זיך געוואָרפֿן אויף זיי און זיי פֿאַרטיידיקט בײַ איינעם.

און אויפֿן צווייטן עק פֿון דער הוזאַרן־כוואַליע האָט די שלאַכט ניט אויפֿגעהערט אויף אַ רגע, ווייל דאָס געדראַנג איז איז דאָ ניִשט געווען אַזוי גרויס. דאָרט האָט הער לאָנגינוס, אַרומגעגאַרטלט מיט אַנושאָס שאַרף, געבושעוועט מיט זיין תּלינים־שווערד. צומאָרגנס נאָך דער שלאַכט האָבן די ריטערס מיט פֿאַרוווּנדערונג באַקוקט די דאָזיקע ערטער, און ווייזנדיק איינער דעם צווייטן די הענט, וואָס זענען אָפּגעהאַקט געוואָרן צוזאַמען מיט די אַקסלען, די צושפּאָלטענע קעפּ פֿון שטערן ביז צו דער באָרד, די קערפּערס, וואָס זענען אויף אַ שרעקלעכן אופֿן געווען דורכגעשניטן אויף צוויי העלפטן, דעם גאַנצן וועג, וואָס איז געווען פֿאַרזייט מיט מענטשלעכע און פערדישע הרוגים, האָבן זיי זיך געשושקעט איינער דעם צווייטן: „גיט אַ קוק, דאָ האָט געקעמפֿט פּאָדביפּיענטאַ!" דער פֿירשט אַליין האָט באַקוקט די הרוגים און, הגם ער איז שוין צומאָרגנס געווען פֿאַרדאגהט צוליב פֿאַרשידענע ידיעות, האָט ער זיך אויך שטאַרק געחידושט, ווייל אַזעלכעס האָט ער אין זיין לעבן נאָך נישט געזען.

בינו־לבינו האָט די שלאַכט זיך דערנענטערט צום סוף. די שווערע קאַוואַלעריע איז ווידער אַרויס און זיך גענומען נאָכ־יאָגן די זאַפּאָראָזשער פּאָלקן, וועלכע זענען אַנטלאָפֿן אונטער דעם באַרג צו דער שטאָט־צו. קושעלס און פּאָניאַטאָווסקיס פּאָלקן האָבן פֿאַר די איבעריקע אַנטלויפֿנדיקע אָפּגעשניטן דעם וועג צו דער שטאָט. אַרומגערינגלט, האָבן זיי זיך פֿאַרטיידיקט מיט פֿאַרצווייפֿלונג, ביז זיי זענען אַלע אומגעקומען, אָבער מיט זייער טויט האָבן זיי אויסגעלייזט אַנדערע, ווייל ווען וויערשול איז מיט צוויי שעה שפּעטער דערשטער אַריין אין די שטאָט מיט דעם פֿירשטס טאָטערס, האָט ער שוין דאָרט ניט געטראָפֿן קיין איין טאָטער. דער שונא האָט אויסגענוצט די פֿינסטערניש, ווייל דער רעגן האָט פֿאַרלאָשן דאָס פֿייער, און אין איילעניש צונויפֿגענומען פּוסטע וועגנס אין דער שטאָט און אָנלאָדנדיק אויף זיי די חפֿצים מיט אַ שנעלקייט, וועלכע נאָר די קאָזאַקן

קאָנען באַוויי־זן, איז ער אַנטלאָפֿן פֿון דער שטאָט, אַריבער דעם טײַך און פֿאַרניכטעט הינטער זיך די בריקן.

די פּאָר צענדליק שלאַכטשיצעס, וואָס האָבן זיך פֿאַרטיי־דיקט אין שלאָס, זענען באַפֿרייט געוואָרן. אַ חוץ דעם האָט דער פּירשט געהייסן יוועֿרשולקן באַשטראָפֿן די איינוווינער, וואָס האָבן זיך געהאַט פֿאַראייניקט מיט די קאָזאַקן, און אַליין האָט ער זיך געלאָזט נאָכיאָגן די קאָזאַקן. אָבער איינגעמען דעם לאַגער אָן האַרמאַטן און פֿוס־גייער האָט ער נישט געקאָנט. דער שונא האָט דורכן פֿאַרברענען די בריקן געוווּנען צייט, ווײַל דעם טײַך האָט מען דורך לאַנגע אומוועגן געמוזט אַריבערגיין, און דער־ווײַל זענען די קאָזאַקן אַזוי ווייט אַוועק, אַז די פֿאַרמאַטערטע פֿערד פֿון פּירשטס קאַוואַלעריע האָבן זיי קוים געקאָנט אָנ־יאָגן. אָבער די קאָזאַקן, הגם זיי האָבן געהאַט אַ שם מיט זייער פֿאַרטיידיקן זיך אין די לאַגערס, האָבן זיך נישט פֿאַרטיידיקט אַזוי העלדיש, ווי תּמיד. די שרעקלעכע זיכערקייט, אַז דער פּירשט אַליין יאָגט זיי נאָך, האָט ביי זיי אויף אַזוי פֿיל צוגע־נומען דעם מוט, אַז זיי האָבן שוין נישט געגלויבט אין זייער רעטונג. און זיי וואָלטן זיכער ניט ניצול געוואָרן, וואָרום נאָך אַ שיסעריי פֿון אַ גאַנצער נאַכט האָט הער באַראַנאָווסקי שוין געהאַט פֿאַרכאַפּט פֿערציק וועגנס און צוויי האַרמאַטן. אָבער דער קיעווער וואָיעוואָדאַ האָט זיי ווייטער נישט געוואָלט נאָכ־יאָגן און האָט צוריקגעצויגן זיינע מענטשן. ס'איז צוליב דעם צווישן אים און דעם פּירשט געקומען צו אַ שאַרפֿן צווערטלען זיך, וועלכן אַ סך פּאָלקאָווניקעס האָבן געהערט.

פֿאַרוואָס עפּיס — האָט דער פּירשט געפֿרעגט — ווילט איר גנעדיקער הער, איצט אָפּלאָזן דעם שונא, בעת אין דער שלאַכט האָט איר זיך אַקעגנגעשטעלט מיט אַזאַ אַנטשלאָסנ־קייט?

— גנעדיקער הער פּירשט — האָט דער וואָיעוואָדאַ גע־ענטפֿערט — כ'ווייס נישט, וואָס פֿאַר אַ גייסט עס לעבט אין אייך. אָבער איך בין אַ פּשוטער בשר־ודם, נאָך דער אַרבייט נויטיק איך זיך אין רו — און מיינע מענטשן אויך. איך וועל

שטענדיק אַזוי קעמפן מיטן שונא, ווי איך האָב היינט געקעמפט, אויב ער וועט זיך אָקעגנשטעלן, אָבער אַ געשלאָגענעם און אַ אַנטלויפנדיקן שונא וועל איך נישט נאָכיאָגן.

— זיי מוזן אויסגעראָט ווערן ביזן לעצטן! — האָט דער פּירשט אויסגעשריגן.

— און וואָס וועט דערפון אַרויסקוקן? — האָט דער וואָיעוואָדאַ זיך אָנגערופן — מיר וועלן זיי אויסהרגענען, וועט קומען דער עלטערער קשיוואָנאָס. ער וועט ברענען, פאַרניכטן, אומברענגען נפשות, אַזוי ווי עס האָט דאָס געטון דער יונגערער און סטזשיזשאָווקאַ — און פאַר אונזער פאַרביסנקייט וועלן אומגליקלעכע ליידן.

— אַ, כ'זע — האָט שוין דער פּירשט צאָרניק אויסגערופן — אַז איר צוזאַמען מיטן קאַנצלער און מיט די קאָמענדאַנטן געהערט צו דער שלום-פּאַרטיי, וואָלט וועלן מיט אַ מאַכן די מרידה דערשטיקן, אָבער איך שווער ביים לעבעדיקן גאָט! דאָס וועט נישט געשען, כל-זמן איך האָב אַ שווערט אין מיין האַנט!

און טישקעוויטש האָט דערויף געענטפערט:

נישט צו אַ פּאַרטיי געהער איך, נאָר צו גאָט, ווייל איך בין שוין אַלט און בקרוב וועל איך מיך מוזן פאַר אים שטעלן. און אויב איך וויל נישט, אַז אַ צו גרויסע לאַסט פון בלוט, וואָס ווערט פאַרגאָסן אין אַ בירגער-קריג, זאָל מיך דריקן, דאַרפט איר זיך גנעדיקער הער פירשט, נישט חידושן... און אויב איר, גנעדיקער הער פּירשט, האָט פּאַריבל, וואָס מ'האָט אייך נישט באַשטימט פאַרן הויפּט-קאָמענדאַנט, וועל איך אייך דערויף זאָגן אָט וואָס: פאַר אייער גבורה איז עס אייך טאַקי געקומען, ס'איז אָבער אפשר בעסער, וואָס מ'האָט אייך נישט באַשטימט פאַרן הויפּט-קאָמענדאַנט, ווייל איר וואָלט די מרידה, אָבער צוזאַמען מיט איר אויך אונזער אומגליקליך לאַנד, אין בלוט דערטרונקען.

יערעמיס לאַנגע ברעמען האָבן זיך צוזאַמענגעצויגן, דער קאַרק האָט אים אויפגעקוואָלן, און פון די אויגן האָבן געשפריצט אַזעלכע פונקען, אַז אַלע וואָס זענען געשטאַנען דערביי, האָבן

מורא געקריגן פֿאַרן וואָיעוואָדא, אָבער דאָ איז הער סקשעטוס־קי שנעל צוגעגאַנגען און געזאָגט:

—גנעדיקער הער פֿירשט, פֿאַראַן ידיעות וועגן עלטערן קשיוואָנאָס.

באַלד האָבן דעם פֿירשטס געדאַנקען זיך אַ קער געטון אין אַ אַנדערע ריכטונג און זיין כּעס אויפֿן וואָיעוואָדא איז אָפּגע־שוואַכט געוואָרן, דערווייל האָט מען געבראַכט די פֿיר מענטשן, וואָס זענען געקומען מיט ידיעות, דערונטער צוויי עלטערע גאָטספּאָרכטיקע גלחים, וועלכע האָבן, דערזעענדיק דעם פֿירשט, זיך געוואָרפֿן פֿאַר אים אויף די קני.

— ראַטעוועט, הערשער, ראַטעוועט! — האָבן זיי געבעטן, אויסשטרעקנדיק צו אים די הענט.

— פֿון וואַנען קומט איר? — האָט דער פֿירשט געפֿרעגט.

— מיר קומען פֿון פּאָלאָני. דער עלטערער קשיוואָנאָס האָט באַלאַגערט דעם שלאָס און די שטאָט; אויב אייער שווערד וועט נישט שוועבן איבער זיין קאַרק, וועלן מיר אַלע אומקומען.

דערויף האָט דער פֿירשט געענטפֿערט:

— וועגן פּאָלאָני ווייס איך, אַז דאָרט־אַהין זענען אַנטלאָפֿן אַ סך מענטשן, אָבער ווי מ'האָט מיר מודיע געווען, זענען זיי צום גרעסטן טייל רוטענער. גאָט וועט אייך באַלוינען דערפֿאַר, וואָס אנשטאָט צוצושטיין צו די מורדים, שטעלט איר זיי אַ ווי־דערשטאַנד, און בלייבט געטריי דעם פֿאָטערלאַנד, אָבער איך האָב מורא, אַז איר זאָלט אין מיר נישט בוגד זיין, ווי דאָס איז געשען אין נעמיראָוו.

דערויף האָבן די שליחים גענומען שווערן ביי אַלע הימ־לישע הייליקייטן, אַז זיי קוקן אויס אויפֿן פֿירשט ווי אויף אַ גואל און אַז דער געדאַנק וועגן בגידה איז זיי אַפֿילו נישט געקומען אין קאָפּ אַריין. און מ'האָט זיי דאָס געקאָנט גלויבן, הייל קשיוואָנאָס, וועלכער האָט זיי באַלאַגערט מיט פֿופֿציק טויזנט מענטשן, האָט געשווירן זיי אומצוברענגען טאַקע דערפֿאַר, וואָס ווגם זיי זענען רוטענער, האָבן זיי נישט געוואָלט צושטיין צו דער מרידה.

דער פירשט האָט זיי צוגעזאָגט הילף, אַזוי אָבער ווי זיינע הויפּט-כּוחות זענען געווען אין ביסטשיק, האָט ער געמוזט אויף זיי וואַרטן. די שלוחים זענען אַוועק מיט באַרויקטע געמיטער — און ער האָט זיך געווענדעט צום קיעווער וואָיעוואָדאַ און געזאָגט:

— זייט מיר מוחל, גנעדיגער הער! איך זע שוין אַליין, אַז מען דאַרף דעם קליינעם קשיוואָנאָס אָפּלאָזן, כּדי צו קענען כאַפּן דעם גרויסן קשיוואָנאָס. דער יונגערער קאָן לענגער וואַרטן אויפן שטריקל. איך האָף אויך, אַז איר וועט מיך נישט פאַרלאָזן אין דער דאָזיקער נייער מ"חמה.

— גאַנץ זיכער נישט! — האָט דער וואָיעוואָדע אויסגערופן.

באַלד האָבן זיך געלאָזט הערן די טרומייטן, וועלכע האָבן מודיע געווען די פּאָלקן, וואָס זענען געווען ווייט, פון לאַגער, אַז זיי זאָלן זיך אומקערן. מ'האָט אויך געמוזט אָפּרוען און לאָזן אויסרוען די פערד. אין אָוונט איז אָנגעקומען די גאַנצע דיוויזיע פון ביסטשיק און צוזאַמען מיט איר אויך הער סטאַכאָוויטש, אַ שליח פון בראַצלאַווער וואָיעוואָדע. הער קישעל האָט געשריבן צום פירשט אַ בריוו פול מיט לויב, אַז ער איז מציל דאָס פאַטערלאַנד פון אונטערגאַנג, ער האָט אויך געשריבן וועגן דער גרויסער שמחה, וואָס דעם פירשטס אָנקומען פון יענער זייט דניעפּר האָט געוועקט אין אַלעמענס הערצער און ער האָט געווונטשן נצחונות — אָבער צום סוף פון בריוו האָבן זיך אַנטפּלעקט די סבות, צוליב וועלכע דער בריוו איז געשריבן געוואָרן. דער הער פון ברוסילאָוו האָט דערקלערט, אַז די אונטערהאַנדלונגען האָבן זיך שוין אָנגעהויבן, אַז ער אַליין מיט אַנדערע קאָמיסאַרן פאָרט קיין ביאַלאָצערקעוו און ער האָפט, אַז עס וועט זיך אים איינגעבן כמעלניצקין צוריקצוהאַלטן און צו באַרויקן. צום סוף האָט ער געבעטן דעם פירשט, אַז כּל-זמן די אונטערהאַנדלונגען וועלן אָנהאַלטן, זאָל ער די קאָזאַקן שוינען און אויף וויפיל עס איז מעגלעך אָפּשטעלן די מלחמה שריט. ווען מען וואָלט מודיע געווען דעם פירש, אַז זיין גאַנצע מלוכה אויף יענער זייט דניעפּר איז חרוב געוואָרן און אַלע שטעט

זענען אויסגעגליכן מיט דער ערד, וואָלט ער זיך נישט אַזוי שטאַרק מצער געווען, ווי ער האָט זיך דעם דאָזיקן בריוו גענומען צום האַרצן. עס זענען געווען דערביי הער סקשעטוסקי, הער באַראַנאָווסקי, ז. ע. זאַטשווילִיכאָווסקי, ביידע טישקעוויטשס און קערדעיס. דער פֿירשט האָט מיט די הענט פֿאַרשטעלט די אויגן, האָט פֿאַרוואָרפֿן דעם קאָפּ אויף הינטן, גלייך ווי אַ קויל וואָלט אים געטראָפֿן אין האַרץ אַריין.

— חרפּה! אַ חרפּה! גאָט מיינער! לאָז מיך שוין וואָס גיכער שטאַרבן, כּדי איך זאָל מער נישט דאַרפֿן זען אַזעלכע זאַכן.

אַ טיפֿע שטילקייט האָט געהערשט צווישן אַלע פּאָלקאָווניקעס, און דער פֿירשט האָט ווייטער געזאָגט:

— כ'וויל נישט לעבן אין דער דאָזיקער רעפּובליק, ווייל איך מוז מיך שעמען פֿאַר איר. אָט האָט איר, אַ המון פֿון קאָזאַקן און פּויערן, פֿאַרפֿלייצט דאָס פֿאָטערלאַנד מיט בלוט, געמאַכט יד־אחת מיט געצן־דינער קעגן דער אייגענער היים. די העטמאַנעס זענען צוקלאַפּט, די חיילות פֿאַרטיליקט, דאָס פֿאָלק איז געוואָרן צו שאַנד און שפּאָט, דער מאַיעסטעט פֿאַרגוואַלדיקט, די קירכן פֿאַרבּרענט, די קסיאָנדזן און שלאַכטשיצעס אויסגעקוילט, די פֿרויען געשענדעט, און אויף די דאָזיקע צרות און אויף די דאָזיקע שאַנד, וואָס בלויז ביים דערמאָנען זיי וואָלטן אונזערע אבות געשטאָרבן — וואָס ענטפֿערט אויף זיי אונזער רעפּובליק? אָט גייט זי פֿירן אונטערהאַנדלונגען מיט אַ בונד, וואָס האָט געשענדעט איר נאָמען, זיך פֿאַרבינדן מיט געצן־דינער, און זאָגט אים נאָך צו אַ באַפֿרידיקונג. אָ גאָט! כ'בעט דיך נאָכאַמאָל, לאָז מיך שטאַרבן, ווייל מיר קאָנען נישט לעבן אויף דער וועלט, מיר, וואָס זעען־צו די חרפּה פֿון פֿאָטערלאַנד און זענען מקריב פֿאַר אים אונזערע קעפּ.

דער קיִעווער וואָיעוואָדאַ האָט געשוויגן און הער קשישטאָף, דער בראַצלאַווער וויצע־ריכטער, האָט זיך אין אַ ווײַלע אָרום אָנגערופֿן:

— הער קישעל איז נישט די גאַנצע רעפּובליק.

דערויף האָט דער פירשט געענטפערט:

— זאָגט מיר נישט, גנעדיקער הער, וועגן הער קישעל, ווייל כ׳ווייס גוט, אַז ער האָט הינטער זיך אַ גאַנצע פּאַרטיי; ער האָט צוגעטראָפן דעם געדאַנק פון פרימאַס און קאַנצלער און פּירשט דאמיניק און נאָך אַ סך הערן, וואָס האַלטן איצט, זוען די רעפּובליק איז אָן אַ קיניג, די ממשלה אין זייערע הענט און שטעלן פאַר איר מאַיעסטעט, אָדער זיי שענדן זי גיכער מיט זייער שוואַכקייט, וואס איז אַ פּחיתות הכבוד פאַר אַ גרויסן פאָלק, ווייל נישט מיט אונטערהאַנדלונגען, נאָר מיט בלוט דאַרף מען לעשן דאָס דאָזיקע פייער — און בעסער איז פאַר אַ ריטערלעכן פאָלק אונטערצוגיין, איידער זיך צו דערנידריקן און זיך צו מאַכן צו שאַנד און צו שפּאָט פאַר דער גאַנצער וועלט.

און ווידער האָט דער פירשט פאַרשטעלט מיט די הענט די אויגן — און דער אָנבליק פון דעם דאָזיקן צער און פון דעם דאָזיקן ווייטאָק איז געווען אַזאַ האַרץ־רייסנדיקער, אַז די פּאָלקאָווניקעס האָבן ממש נישט געוווּסט וואָס צו טון מיט די טרערן, וואָס זיינען זיי געקומען אין די אויגן אַריין.

— גנעדיקער הער פירשט — האָט זאַטשוויליכאָווסקי זיך דערוועגט אָנצורופן — זאָלן זיי מלחמה־האַלטן מיט דער צונג, און מיר וועלן ווייטער מלחמה־האַלטן מיט דער שווערד.

— יאָ — האָט דער פירשט געענטפערט — דאָס האַרץ ווערט צוריסן אויפ׳ן געדאַנק, וואָס מיר זאָלן ווייטער טון? הערנדיק וועגן אומגליק פון פּאָטערלאַנד, זיינען מיר געקומען אַהער דורך ברענענדיקע וועלדער און נעדיכטע בלאָטעס, נישט שלאָפנדיק, נישט עסנדיק, אָנשטרענגענדיק די לעצטע כחות, כדי מציל צו זיין אונזער מאַמע־היים פון אונטערגאַנג און שאַנד. די הענט שטייען אונז אָפּ פון אַרבעט, די קישקעס ווערן איינגעשרומפּן פון הונגער, די וווּנדן טוען־וויי — און מיר שוינען נישט קיין מי, אַבי דעם שונא בייצוקומען. מ׳האָט געזאָגט אויף מיר, אַז איך בין בייז, ווייל מ׳האָט מיר נישט אָנפערטרויט די הויפּט־קאָמענדע. זאָל די גאַנצע וועלט משפּטן, צי עס זייגען דערצו-

מער ראו די, וואָס האָבן זי באַקומען, און איך נעם גאָט און אייך, גנעדיקע הערן, פֿאַר עדות, אַז פּונקט אַזוי ווי איר, בין אויך איך נישט מקריב מיין בלוט צוליב באַלוינונגען און כּבודים, נאָר צוליב ריינער ליבע צום פֿאָטערלאַנד. אָבער אין דער צייט, ווען מיר לאָזן אַרויס דעם לעצטן הויך פֿון דער ברוסט — וואָס מעלדעט מען אונז? אַז די הערן אין וואַרשע, און הער קישעל אין פּושטשאַ טראַכטן וועגן אַ באַלוינונג פֿאַר דעם דאָזיקן שונא*). אַ חרפּה! אַ חרפּה!

— קישעל איז אַ בוגד! — האָט הער באַראַנאָווסקי אויסגערופֿן.

דאָ האָט הער סטאַכאָוויטש, אַן עלטערער און מוטיקער מענטש, זיך אויפֿגעשטעלט און ווענדנדיק זיך צו באַראַנאָווסקין, האָט ער געזאָגט:

— אַלס פֿריינט פֿון הער וואָיעוואָדאַ פֿון בראָצלאַוו און זיין שליח, וועל איך נישט דערלויבן, אַז מען זאָל אים דאָ רופֿן בוגד. אויך אים איז די באָרד גרוי געוואָרן פֿון עגמת־נפֿש — און דעם פֿאָטערלאַנד דינט ער אַזוי ווי ער פֿאַרשטייט, אפֿשר באַגייט ער אַ פֿעלער, אָבער זיין כּוונה איז אַן ערלעכע.

דער פֿירשט האָט נישט געהערט די דאָזיקע תּשובֿה, ווייל ער איז געווען פֿאַרזונקען אין געדאַנקען און פֿינצטערע דאגות. באַראַנאָווסקי האָט אויך אין זיין אָנוועזנהייט נישט געוואָלט פֿאַרפֿירן אַ מחלוקת, דעריבער האָט ער בלויז זיינע שטאָלענע אויגן

*) אין דער צייט האָט דער פֿירשט געשריבן צום בראַצלאַווער וואָיעוואָדאַ, צווישן אַנדערן אָט וואָס: „אָ, בעסער וואָלט געווען צו שטאַרבן איידער צו דערלעבן אַזעלכע צייטן, וואָס מאַכן צו שאַנד און צו שפּאָט רומפֿולע פֿעלקער און באַדעקן זיי מיט חרפּה פֿאַר די קומענדיקע דורות". און צום סוף פֿון בריוו געפֿינט זיך אַ צושריפֿט: „אויב פֿאַרן פֿאַרטיליקן די קרוין־חיל און פֿאַרנעמען די העטמאַנעס אין געפֿאַנגענשאַפֿט, וועט כמיעלניצקי באַקומען אַ באַלוינונג און בלייבן ביי דער אַמאָליקער פֿרייהייט, וויל איך צוזאַמען מיט די דאָזיקע רשעים נישט לעבן אין דעם דאָזיקן פֿאָטערלאַנד, און עס איז פֿאַר אונז פֿיל בעסער צו שטאַרבן, איידער געצן־דינער און רשעים זאָלן איבער אונז געוועלטיקן". ספֿר־הזכרונות, 28, 55.

אָנגעשטעלט אויפֿן הער סטאַכאָוויטש, גלייך ווי ער וואָלט וועלן זאָגן: „איך וויל דיך געפֿינען!“ און די האַנט האָט ער אַוועקגעלעגט אויפֿן הענטל פֿון דער שווערד — דערווייל אָבער האָט דער פֿירשט זיך אויפֿגעכאַפּט פֿון פֿאַרטראַכטקייט און געזאָגט מיט אַן אומעטיקן קול:

— ניטאָ דאָ קיין אַנדערע ברירה, ווי אָדער נישט געהאָרכן (וואָרום אין דער צייט, ווען ס'איז נישטאָ קיין קיניג פֿירן זיי די מלוכה), אָדער מקריב זיין צום כבוד פֿון פֿאָטערלאַנד, פֿאַר וועלכן מיר האָבן זיך מוסר־נפֿש געווען...

— די ווידערשפּעניקייט איז די סיבה פֿון אַלדאָס בייז אין דער דאָזיקער רעפּובליק — האָט דער קיִעווער וואָיעוואָדע ערנסט געזאָגט.

— זאָלן מיר, הייסט עס, דערלאָזן צו שענדן דאָס פֿאָטערלאַנד? הייסט עס, אַז אויב מען וועט מאָרגן אונז הייסן גיין מיט אַ שטריק אויפֿן האַלז צו טוהאַי־בעין און כמיעלניצקין, דאַרפֿן מיר געהאָרכן און דאָס טון?

— וועטאָ! — האָט זיך אָנגערופֿן הער קשישטאָף, דער בראַצלאַווער וויצע־ריכטער.

— וועטאָ! — האָט הער קערדע, איבערגעחזרט.

דער פֿירשט האָט זיך געווענדעט צו די פּאָלקאָווניקעס:

— זאָגט איר, אַלטע זעלנער — האָט ער אויסגערופֿן.

הער זאַטשוויליכאָווסקי האָט גענומען דאָס וואָרט:

— גנעדיקער הער פֿירשט, איך בין אַלט זיבעציק יאָר, איך בין אַ גאָטספֿאָרכטיקער רוטענער, כ'בין געווען אַ קאָמיסאַר פֿון קאָזאַקן און כמיעלניצקי אַליין האָט מיך גערופֿן פֿאָטער. מער פֿון אַלע וואָלט איך געדאַרפֿט זיך אַרויסזאָגן פֿאַר אונטערהאַנדלונגען, ווען אָבער איך דאַרף ענטפֿערן אויף די פֿראַגע: חרפּה אָדער מלחמה? מוז איך שוין שטייענדיק אויפֿן ראַנד פֿון קבר, ענטפֿערן: מלחמה!

— מלחמה! — האָט אויך הער סקשעטוסקי אויסגערופֿן.

— מלחמה, מלחמה! — האָבן איבערגעחזרט בערך צוואַנציק

מאַן, דערונטער הער קשישטאָף, די הערן קערדעיס, באַראַנאָווסקי און כמעט אַלע אָנוועזנדיקע.

— מלחמה! מלחמה!

— זאָל געשען אַזוי ווי איר זאָגט — האָט דער פירשט ערנסט אויסגערופן און מיט זיין שטאַב אַ קלאַפּ געטאָן אויף הער קישעלס בריוו.

## 12 קאפיטל.

מיט א טאג שפעטער, ווען די חיילות האבן זיך פארהאלטן אין רילצאוו, האט דער פירשט צוגערופן הער סקשעטוסקין און געזאגט:

— אונזערע כוחות זיינען שוואך און פארמאטערט, און קשיוואנאס האט זעכציק טויזנט מאן און דערצו נאך פארמערט זיך זיין חייל פון טאג צו טאג, ווייל דער המון שטראמט צו אים. אויפן קיעווער וואיעוואדא קאן איך אויך נישט רעכענען, ווייל אין דער נשמה געהערט ער אויך צו דער שלום-פארטיי. ער גייט אפילו מיט מיר, אבער אומגערנוויליק. מיר מוזן פון ערגעץ באקומען פארשטארקונגען. און אט הער איך, אז נישט ווייט פון קאנסטאנטינאוו שטייען צוויי פאלקאווניקעס: אשינסקי מיט דער קעניגליכער גווארדיע און קאריצקי. ווערסט נעמען פאר זיכערקייט-וועגן הונדערט קאזאקן פון הויף-חייל און ווערסט צו זיי גיין מיט מיין בריוו, אז זיי זאלן זיך איילן און אן שהיות קומען צו מיר, ווייל אין א פאר טעג ארום וועל איך איבערפאלן קשיוואנאסן. אלע שליחותן ווערן דורך קיינעם נישט אזוי גוט אויסגעפירט ווי דורך דיר, דערפאר טאקע שיק איך דיך — און דאס איז א וויכטיקער ענין.

הער סקשעטוסקי האט זיך פארנייגט און דעם זעלבן אוונט האט ער זיך געלאזט אין וועג אריין קיין קאנסטאנטינאוו, כדי צו קאנען די נסיעה מאכן ביינאכט און אומבאמערקט, ווייל דא און דארט האבן זיך געדרייט קשיוואנאסעס פארפאסטנס, אדער מחנות פון המון, וועלכע האבן ווי רוצחים געלוירט אין די וועלדער און אויף די שליאכן, און דער פירשט האט אנגעזאגט אויסצומיידן שלאכטן, כדי דער וועג זאל זיך נישט פארציען. און אזוי גייענדיק אין דער שטיל; איז ער פארטאגנס צוגעקומען צו

וויסאָוואַטי-סטאַוו, ווו ער האָט געטראָפֿן ביידע פּאָלקאָווניקעס
און דערזעענדיק זיי, האָט ער זיך אין האַרצן שטאַרק דערפֿרייט.
אָשינסקי האָט געהאַט אַן אויסגעצייכנטע דראַגונער-גוואַרדיע,
אויסגעבילדעט אויפֿן אויסלענדישן שטייגער, און אויך דייטשן.
און קאָריצקי האָט געהאַט בלויז דייטשע פֿוס-גייער, וואָס זיינען
באַשטאַנען כמעט פֿון בלויז וועטעראַנען פֿון דער דרייסיק-יערי-
קער מלחמה. דאָס זיינען געווען אַזעלכע שרעקליכע און געשיק-
טע זעלנער, אַז אונטער דער פֿירונג פֿון פּאָלקאָווניק האָבן זיי
זיך געשלאָגן ווי איין שווערד. ביידע פּאָלקן זיינען דערביי
געווען גוט באַדעקט און פֿאַרזאָרגט מיט כּלי-זיין. דערהערנדיק,
אַז דער פֿירשט רופֿט זיי, האָבן זיי אַרויסגעלאָזט פֿרייד-אויס-
געשרייען, ווייל זיי האָבן געגאַרט נאָך אַ שלאַכט, און געוווּסט,
אַז אונטער קיין שום קאָמאַנדע וועט זייער דורשט נאָך מלחמות
נישט אַזוי געשטילט ווערן, ווי ביים פֿירשט. צום אומגליק,
האָבן ביידע פּאָלקאָווניקעס געענטפֿערט מיט אַן אָפּזאָג, ווייל
ביידע האָבן זיי געהערט צו דער קאָמאַנדע פֿון פֿירשט דאָמי-
ניק זאַסלאַווסקי און געהאַט בפֿירוש באַפֿעלן, זיך נישט צו פֿאַ-
רייניקן מיט ווישניאָוויעצקין. אומזיסט האָט זיי הער סקשעטוסקי
געגעבן צו פֿאַרשטיין, וואָס פֿאַר אַ שם זיי וואָלטן זיך געקענט
מאַכן, דינענדיק ביי אַזאַ פֿירער, און וועלכע גרויסע טובֿות זיי
וואָלטן דערמיט געטון דעם פֿאָטערלאַנד—זיי האָבן נישט געוואָלט
הערן, טענהנדיק, אַז די געהאָרכזאַמקייט איז דאָס ערשטע רעכט
און פֿליכט פֿון מיליטער-לייט. דערפֿאַר האָבן זיי געזאָגט, אַז
זיי וואָלטן געקאָנט צושטיין צום פֿירשט נאָר דעמאָלט, ווען די
זיכערקייט פֿון זייערע פּאָלקן וואָלט דאָס געפֿאָדערט. הער סקשע-
טוסקי איז אַוועקגעפֿאָרן שטאַרק פֿאַר'צער'ט, ווייל ער האָט גע-
וווּסט, וויפֿיל עגמת-נפֿש דער דאָזיקער אָפּזאָג וועט פֿאַרשאַפֿן
דעם פֿירשט און אויף וויפֿיל זיינע חיילות זיינען באמת מיד
און פֿאַרמאַטערט פֿון די מאַרשן, פֿון דעם כּסדרדיקן צוזאַמענ-
שטויסן זיך מיטן שונא, פֿון דעם פֿאַרטיליקן די איינצלנע מחנות,
פֿון דעם נישט שלאָפֿן, נישט עסן און נישט רוען. פֿאַרמעסטן
זיך ביי אַזעלכע באַדינגונגען מיטן שונא, וואָס איז צען מאָל

אַזוי גרויס, איז כמעט נישט מעגלעך געווען און הער סקשעטוסקי האָט דעריבער געזען בחוש, אַז די מלחמה מיט קשיוואָנאָסן וועט מוזן אָפּגעלעגט ווערן, ווייל מען מוז דעם חייל לאָזן אָפּרוען אַ לענגערע צייט און וואַרטן ביז פרישע שלאַכטשיצעס וועלן צוקומען צום לאַגער.

פאַרזונקען אין אַזעלכע געדאַנקען, האָט הער סקשעטוסקי צוריקגעקערט צום פירשט אין דער שפיץ פון זיינע מענטשן. און ער האָט געמוזט גיין שטיל, פאָרזיכטיק און נאָר ביינאַכט, כדי אויסצומיידן קשוויזאָנאָסעס פאָרפּאָסטנס און די גרויסע צאָל פון זיינע באַנדעס, אָפט זייער מעכטיקע, וואָס זיינען באַשטאַנען פון קאָזאַקן און פון המון, וועלכע האָבן געווילדעוועט אין דער גאַנצער געגנט, פאַרברענענדיק הויפן, אויסקוילענדיק די שלאַכטע און כאַפּנדיק די אַנטלויפנדיקע איבער די שליאַכן. אַזוי איז ער דורכגעגאַנגען באַקלאַי און אַריינגעריטן אין די געדיכטע משיניעצער וועלדער, וואָס זיינען פול געווען מיט היילן און גראָבנס. צום גליק האָט זיך נאָך די פריערדיקע רעגנס איינגעשטעלט אַ שיין וועטער בעת דער דאָזיקער נסיעה. די נאַכט איז געווען אַ פרעכטיקע, אַ יולי־נאַכט אָן אַ לבנה, אָבער פאַרזייט מיט שטערנס. סקשעטוסקיס מענטשן זיינען געגאַנגען מיטן שמאָלן וואַלד־שטעגל, געפירט דורך די שומרים פון די משיניעצער וועלדער, מענטשן זייער זיכערע, וואָס האָבן גוט געקענט זייערע וועלדער. אין וואַלד האָט געהערשט אַ טיפע שטילקייט, וועלכע איז איבערגעריסן געוואָרן נאָר דורכן קנאַקן פון די טרוקענע צווייגלעך אונטער די פערדישע קאָפּיטעס. מיט אַמאָל האָט זיך צו די אויערן פון הער סקשעטוסקין און פון זיינע מענטשן דערטראָגן עפּעס אַ ווייטער שאָרך, וואָס איז געווען ענלעך אויף אַ געזאַנג, וואָס ווערט איבערגעהאַקט דורך אויסגעשרייען.

— שטיין!—האָט שטיל געזאָגט הער סקשעטוסקי און פאַרהאַלטן זיינע מענטשן—וואָס איז דאָס?

דער אַלטער וואַלד־שומר איז צו אים צוגעגאַנגען.

— דאָס גייען איצט משוגעים איבערן וואַלד און שרייען,

מענטשן, וואָס זיינען פון זינען אַראָפּ, צוזעענדיק די אכזריות־דיקייטן. מיר האָבן נעכטן באַגעגנט אַ שלאַכטשאַנקע, וואָס איז געגאַנגען, געקוקט אויף די סאָסנעס און גערופן: קינדער! קינדער! משמעות, די פויערן האָבן איר קינדער אויסגעהרגעט. זי האָט אויף אונז די אויגן אויסגעגלאָצט און גענומען קוויטשען, אַז די פּיס האָבן זיך אַזש אונטער אונז געטרייסלט. מ'זאָגט, אַז אין אַלע וועלדער קאָן מען אַ סך אַזעלכע טרעפן.

דעם הער סקשעטוסקי, הגם ער איז געווען אַן אומדער־שראָקענער ריטער, איז אַ שוידער אַדורך איבערן גאַנצן לייב.

— און אפשר איז דאָס אַ געהייל פון וועלף? פון דער־ווייטנס קאָן מען נישט דערקענען — האָט ער געזאָגט.

— ניין, האַר, קיין וועלף זיינען איצט אין וואַלד נישטאָ; זיי זענען אַלע אַוועק אין די דערפער ווו זיי האָבן אַ שפּע פון פגרים.

— שרעקלעכע צייטן האָבן מיר דערלעבט — האָט דער ריטער דערויף געענטפערט — די וועלף וווינען אין די דערפער, און אין די וועלדער יאָמערן מענטשן. גאָט! גאָט!

אַ ווײלע האָט ווידער געהערשט אַ שטילקייט, מ'האָט נאָר נעהערט אַ גערויש, וואָס קומט שטענדיק פון די שפּיצן פון סאָסנעס, אָבער אין אַ ווײלע אַרום זענען יענע ווייטע אָפּקלאַנ־גען געוואָרן הילכיקער און דײטלעכער.

— העי! — האָט דער וואַלד־וועכטער מיט אַמאָל זיך אָנגע־רופן — עס ווייזט אויס, אַז דאָרט מוז זיין עפּיס אַ גרעסערע גרופּע מענטשן, איר, גנעדיקע הערן, וועט דאָ צוװאַרטן, אָדער גייט זיך געלאַסן ווייטער, און איך וועל מיט אַ חבר גיין אַ קוק טון.

— גייט — האָט הער סקשעטוסקי געזאָגט — מיר וועלן דאָ וואַרטן.

די וואַלד־שומרים זענען נעלם געוואָרן. אַ שעה צייט האָבן זיי זיך געזוימט; הער סקשעטוסקי איז שוין נעוואָרן אומגעדול־דיק און האָט שוין אפילו חושד געווען, צי זיי גרייטן נישט צו עפּיס אַ בגידה. אָבער מיט אַמאָל האָט זיך איינער פון זיי

אַרויסגערוקט פֿון דער פֿינסטערניש.

— זיי זיינען דאָ, האַר! — האָט ער געזאָגט, צוגייענדיק צו סקשעטוסקין.

— ווער?

— די פּויערן.

— און גרויס איז זייער צאָל?

— בערך צוויי־הונדערט. מיר ווייסן נישט וואָס צו טון, ווייל זיי ליגן אין דער הייל, דורך וועלכער מיר וועלן מוזן דורכגיין. עס ברענט דאָרט אַ פֿייער, אָבער די שיין זעט מען דאָ נישט, ווייל עס ברענט אין דער נידער. זיי האָבן נישט קיין שום וואַך; מ'קאָן צו זיי צוגיין אויף אַ מהלך פֿון אַ שאָס פֿון אַ בויגן.

— גוט! — האָט הער סקשעטוסקי געזאָגט און ווענדענדיק זיך צו זיינע מענטשן, האָט ער די צוויי עלטסטע אַרויסגעבן באַפֿעלן.

באַלד האָט די מחנה זיך שנעל געריכט פֿון אָרט, אָבער אַזוי שטיל, אַז נאָר דאָס קנאַקן פֿון די צווייגן האָט געקאָנט אויסגעבן דעם מאַרש. קיין שווערד האָט נישט געקלונגען, די פֿערד, וואָס זיינען געוווינט געווען צו שטילע איבערפֿאַלן, זיינען געגאַנגען ווי די וועלף, אָן הירזשערײַ און אָן כראַפּערײַ. צוקומענדיק צום אָרט, וווּ דער וועג הויבט זיך אָן מיט אַמאָל צודרייען, האָבן סקשעטוסקיס מענטשן באַלד דערזען פֿון דערווייטנס פֿייער־פֿלאַמען און אומדייטלעכע מענטשלעכע געשטאַלטן. דאָ האָט הער סקשעטוסקי זיי צוטיילט אויף דריי אָפּטיילונגען. איינע פֿון זיי איז געבליבן אויפֿן אָרט, אַ צווייטע איז אַוועק מיטן ראַנד אין דער לעגג פֿון דער הייל, כדי צו פֿאַרשליסן דעם אַקעגנאיבערדיקן אויסגאַנג, און די דריטע האָט זיך אַראָפּגעזעצט פֿון די פֿערד און קריכנדיק אויף די בייכער, האָט זי זיך געלעגט האַרט ביים ראַנד, איבער די קעפּ פֿון די פּויערן.

הער סקשעטוסקי, וועלכער האָט זיך געפֿונען אין דער מיטעלסטער אָפּטיילונג, האָט אַראָפּגעקוקט און געזען ווי אויף דער האַנט, אויף אַ מרחק פֿון צוויי הונדערט אָדער דרייהונדערט

שרײַט, די גאַנצע מחנה: געברענט האָבן דאָרט צען פֿײַערס, אָבער זיי האָבן נישט געפֿלאַקערט גאַנץ העל, ווײַל עס האָבן איבער זיי געהאָנגען קעסלען מיט עסנוואַרג. אַ שאַרפֿער ריח פֿון רויך און געקאָכט פֿלייש האָט געקיצלט די נאָז־לעכער פֿון הער סקשעטוסקין און זײַנע מענטשן. אַרום די קעסלען זײַנען געשטאַנען אָדער געלעגן פּויערן, וועלכע האָבן געטרונקען און געפּלדערט. אַ פּאָר פֿון זיי האָבן געהאַט אין די הענט פֿלאַשן מיט בראָנפֿן, אַנדערע האָבן זיך אָנגעשפּאַרט אויף שפּיזן, וואָס אויף זייערע שאַרפֿן זענען געווען אַרויפֿגעשטעקט אָפּגעהאַקטע קעפּ פֿון מאַנסבילן, פֿרויען און קינדער. די שײַן פֿון פֿײַער האָט זיך אָפּגעשלאָגן אין זייערע טויטע שוואַרץ־אַפּלען און אויסגעשטשירעטע ציין, די זעלבע שײַן האָט אויך באַלויכטן די ווילדע, אימהדיקע פּנימער פֿון די פּויערן. האַרט בײַ דער וואַנט פֿון דער הייל זײַנען בערך צוואַנציק פּויערן געשלאָפֿן, כראָפּענדיק אויף אַ קויל — אַנדערע האָבן געשמועסט, פֿאַרריכט די פֿײַער־הויפֿנס, וועלכע האָבן בשעת־מעשה געשאָסן אין דער הויך מיט סנאָפּעס פֿון גאָלדענע פֿונקען. בײַם גרעסטן פֿײַער־הויפֿן איז געזעסן, אומגעקערט מיט די פּלייצעס צו דער וואַנט פֿון דער הייל און צום הער סקשעטוסקי, אַן אַלטער ברייט־פּלייציקער „דיד" און געשפּילט אויף אַ לירע, און אַרום אים האָבן זיך פֿאַרזאַמלט אין אַ האַלב־עיגול בערך אַ דרײַסיק פּויערן.

צו הער סקשעטוסקיס אויערן זײַנען דערגאַנגען פּאָלגנדיקע ווערטער:

— העי דיד! װעגן קאָזאַק האָלאָטאָ!

— ניין! — האָבן אַנדערע אויסגערופֿן — װעגן מאַרוסיאַ באָהוסלאַווסקאָ!

— צום טײַוול מאַרוסיאַ! װעגן פּאַן פֿון פּאָטאָק! װעגן פּאַן פֿון פּאָטאָק! — האָבן דאָס רוב שטימען אויסגערופֿן.

דער „דיד" האָט אַ פֿעסטן קלאַפּ געטון אין די לירע, אָפּגעטאָטעמט און גענומען זינגען:

„שטיי אויף, קוק זיך אום, פֿאַרוווּנדער זיך, דו מענטש, וואָס דו האָסט אַסך, ווײַל דו ביסט גלײַך צו דעם, וואָס האָט

גאָרנישט, וואָרום דאָס מאַכט דער דערבאַרעמדיקער גאָט אַליין, וואָס פירט אָן מיט אַלעם, אַלע אונזערע מעשים וועגט ער אויף זיין וואָג־שאָל פֿון גערעכטיקייט. שטיי אויף, קוק זיך אום. פֿאַרוווּנ ער זיך, דו מענטש, וואָס פֿליסט הויך מיט דיין שכל, קענסט חכמות, באַנעמסט אַלץ ברייט, טיף...״ *)

דאָ האָט דער „דיד״ אויף אַ ווײַלע איבערגעריסן דאָס ליד און אָפּגעזיפֿצט, און נאָך אים האָבן גענומען זיפֿצן אויך די פּויערן. זיי האָבן זיך צונויפֿגעקליבן אַרום אים וואָס אַמאָל מער — און הגם הער סקשעטוסקי האָט געוווּסט, אַז אַלע זייַנע מענטשן זענען שוין גרייט, האָט ער פֿונדעסטוועגן ניט געגעבן קיין לאָזונג צום איבערפֿאַל. די שטילע נאַכט, די פֿלאַקערנדיקע פֿייער־הויפֿנס, די ווילדע געשטאַלטן און דאָס נישט דערזונגענע וועגן הער מיקאָלאַי פּאָלאָצקי האָבן געוועקט אין ריטער עפּעס מאָדנע געדאַנקען, געפֿילן, עפּעס אַ אומעט, פֿון וועלכע ער האָט זיך אַליין נישט געקאָנט אָפּגעבן קיין דין־וחשבון. די נאָך נישט פֿאַרהיילטע וווּנדן פֿון זיין האַרץ האָבן זיך געעפֿנט עס האָט אים אַרומגענומען אַ טיפֿע בענקעניש נאָך די יונגע פֿאַרגאַנגענהייט, נאָך דעם פֿאַרלוירענעם גליק, נאָך יענע מאָמענטן פֿון שטילקייט און רו. ער האָט זיך פֿאַזונקען אין געדאַנקען און אַ צער האָט פֿאַרקלעמט זיין האַרץ — און דערווייל האָט דער „דיד״ ווייטער געזונגען:

„שטיי אויף, קוק זיך אום, פֿאַרוווּנדער זיך, דו
מענטש, וואָס פֿירסט מלחמות, וואָס קעמפֿסט מיט בויגנס,
פֿיילן, פּולווער, קוילן און שווערד, ווייל אויך פֿאַר דיר
זענען געווען ריטער און גבורים, וואָס האָבן געקעמפֿט
מיט דעם און זענען פֿון דער זעלבער שווערד אומגעקו־

---

*) די ציטירטע פֿערזן זענען אַרויסגענומען פֿון אַ לידל פֿון יענער צייַט, וואָס איז פֿאַרשריבן אין דער כראָניק פֿון יאָאַכים יערליטש. דער אַרויסגעבער נעמט אָן, אַז יערליטש אַליין האָט פֿאַרפֿאַסט דאָס ליד, אָבער ער שטיצט מיט גאָרנישט אונטער זייַן השערה. הגם פֿון דער צווייטער זייַט זאָגן עדות די פּאָלאָניזמען, מיט וועלכע דער מחבר פֿון ליד באַנוצט זיך, צו וועלכער נאַציאָנאַליטעט ער געהערט.

מען! שטיי אויף, קוק זיך אום, פֿאַרוווּנדער זיך און צוברעך דיין גאווה, שטעל אָן דיין אויג, דו מענטש פֿון פּאַטאַק, וואָס גייסט באָך רוּם. אומשולדיקע מענטשן טוסטו אָן לייד און פּיין, באַרויבסט זיי די פֿרייהייט, פֿאָלגסט נישט דעם קיניג, האָרכסט נישט דעם סיים. העי, נעם דיך נישט איבער, וואָס דו פֿירסט אָן מיטן חייל, וואָס דו געוועלטיקסט אין גאַנץ פּוילן ווי דו ווילסט נאָר אַליין".

דער „דיד" האָט ווידער אויפֿגעהערט, אָבער דאָ האָט אַ שטיינדל, אויף וועלכן עס איז געווען אָנגעשפּאַרט די האַנט פֿון איינעם פֿון סקשעטוסקיס מענטשן זיך אַ פֿוירגערוקט פֿון אונטער דער האַנט און זיך גענומען אַראָפּקייקלען מיט אַ גערויש. אַ פּאָר פּויערן האָבן זיך פֿאַרשטעלט מיט די הענט די אויגן און גענומען שאַרף קוקן אַרויף צום וואַלד; דעמאָלט האָט הער סקשעטוסקי איינגעזען, אַז די צייט איז געקומען און ער האָט אויסגעשאָסן פֿון פּיסטאָלעט גלייך אין המון אַריין.

— שלאָגט! הרגעט! — האָט ער אויסגעשריגן — און דרייסיק מענטשן האָבן אויסגעשאָסן פֿון די ביקסן גלייך די פּויערן אין פּנים אַריין, און נאָכן שיסן האָבן זיי מיט שווערדן אין די הענט זיך בלויז־שנעל אַראָפּגעלאָזט איבער דער משופּעדיקער וואַנט פֿון ד״ר הייל און אַריינגעפֿאַלן צווישן די איבערגעשראָקענע און צוטומלטע פּויערן.

— שלאָגט! הרגעט! — האָט אָפּגעהילכט ביי איין אויסגאַנג פֿון דער הייל.

— שלאָגט! הרגעט! — האָבן ווילדע קולות איבערגעחזרט ביים צווייטן אויסגאַנג.

— יערעמי! יערעמי!

דער איבערפֿאַל איז געקומען אַזוי אומגעריכט, די בהלה איז געווען אַזוי שרעקלעך, אַז די פּויערן, הגם זיי זענען געווען באַוואָפֿנט, האָבן כמעט נישט געשטעלט קיין שום ווידערשטאַנד. מ'האָט שוין אַזוי אויך דערציילט אין די לאַגערס פֿון צובונטעוועטן המון, אַז יערעמי קאָן מיטן כּוח פֿ ן בייזע רוחות זיך

געפֿינען און שלאָגן אויף אַ סך ערטער צו דער זעלבער צייט. און איצט האָט דער דאָזיקער נאָמען, וועלכער איז אַראָפּגעפֿאַלן אויף מענטשן, וואָס זענען געווען זיכער און האָבן זיך אויף גאָרנישט ניט געריכט, ווי דער נאָמען פֿון אַ בייזן רוח, אַרויסגעשליידערט דאָס געווער פֿון זייערע הענט. איבעריקנס האָט מען אין דעם דאָזיקן עניגן אָרט זיך נישט געקאָנט באַנוצן מיט קאָסעס און שפּיזן און ווען מ׳האָט זיי צוגעדריקט צו דער אַקעגנאיבערדיקער וואַנט פֿון דער הייל, ווי אַ סטאַדע שעפּסן, און מ׳האָט זיי געהאַקט מיט די שווערדן איבער די קעפּ און פּנימער. געשלאָגן, געשטאָכן, געטרעטן מיט די פֿיס, האָבן זיי אין משוגעת פֿון שרעק אויסגעשטרעקט זייערע הענט, אָנגעכאַפּט זיך פֿאַרן אייזן, וואָס האָט זיי נישט געשוינט, און זענען אומגעקומען, דער שטילער וואַלד איז פֿול־געוואָרן מיט דעם אימהדיקן געפֿילדער פֿון דער שלאַכט. אַ פּאָר פּויערן האָבן געפּרוווט זיך מציל זיין און גענומען קלעטערן אויף די גלייכע וואַנט פֿון דער הייל, זיי האָבן זיך אָבער צוקאַליעטשעט די הענט און אַראָפּגעפֿאַלן אויף די שפּיצן פֿון די שווערדן. מאַנכע זענען אומגעקומען רויק, אַנדערע האָבן געמאַכט קולות און געבעטן רחמים, נאָך אַנדערע האָבן פֿאַרשטעלט דאָס פּנים מיט די הענט, נישט ווילנדיק קוקן צום טויט אין די אויגן אַריין, נאָך אַנדערע ווידער האָבן זיך געוואָרפֿן אויף די ערד, מיטן פּנים אַראָפּ. און איבער דעם פּייפֿעריי פֿון די שווערדן, איבער די גסיסה־ילְלות פֿון די פּויערן האָט מעכטיק געהילכט דאָס געשריי פֿון די איבערפֿאַלער: „יערעמי, יערעמי״ — אַ געשריי, פֿון וועלכן די האָר האָבן זיך געשטעלט קאַפּויר אויף די קעפּ פֿון די פּויערן און דער טויט האָט זיך זיי אויסגעוויזן צו זיין נאָך שרעקלעכער.

און דער „דיד״ האָט מיט דער לירע אַ זעץ געטון אין קאָפּ איינעם פֿון סקשעטוסקיס מענטשן, אַז ער האָט זיך אַזש איבערגעקערט, אַ צווייטן האָט ער אָנגעכאַפּט ביי דער האַנט, וועלכע האָט אויף אים אויפגעהויבן די שווערד, און ער האָט געריטשעט פֿון שרעק, ווי אַ ווילדער אָקס.

דערזעענדיק אים, זיינען אַנדערע צוגעלאָפן צו אים מיט זייערע שווערדן, אָבער דאָ איז אָנגעקומען הער סקשעטוסקי, וועלכער האָט אויסגעשריגן:

— לעבעדיקערהייט אים נעמען! לעבעדיקערהייט!

— שטיי! — האָט דער „דיד" געשריגן — איך בין אַ שלאַכטשיץ, איך רעד לאַטיין! איך בין נישט קיין דיד. שטייט, זאָג איך אייך, רוצחים, אָקסן, פערד!

אָבער דער „דיד" האָט נאָך נישט באַוויזן צו ענדיקן, ווי הער סקשעטוסקי האָט אים אַ קוק געטון אין פּנים אַריין און האָט אויסגעשריגן, אַז די ווענט פון דער הייל האָבן אַזש אָפּגעענטפערט מיט אַ ווידערקול.

— זאַגלאָבאַ!

און מיט אַמאָל האָט ער זיך געוואָרפן אויף אים, ווי אַ ווילדע חיה, האָט אים אַריינגעקוועטש די פינגער אין די אָרעמס, האָט צוגערוקט זיין פּנים צום דידס פּנים און שאָקלענדיק אים ווי אַ באַרנע-בוים, האָט ער אַ געשריי געטון.

— ווו איז העלענאַ? ווו איז העלענאַ?

— זי לעבט, איז געזונט, באַוואָרנט! — האָט דער דיד אָפּגעענטפערט מיט אַ געשריי — לאָזט אָפּ, צום טייוול, ווייל איר וועט מיר די נשמה אַרויסשאָקלען.

און דעם דאָזיקן ריטער, וועלכן עס האָט נישט געקאָנט בייקומען נישט קיין געפאַנגענשאַפט, נישט קיין ווונדן, נישט קיין יסורים, און נישט דער שרעקלעכער בורדאַבוט, האָט מיט אַמאָל גובר געווען אַ גליקלעכע בשורה. די הענט זיינען אים אַראָפּגעפאַלן, דיקע שווייס-טראָפּנס האָבן אים אַרויסגעשלאָגן אויפן שטערן, ער האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף די קני, האָט פאַרשטעלט דאָס פּנים מיט די הענט און אָנשפּאַרנדיק זיך מיטן קאָפּ אויף דער וואַנט פון דער הייל, איז ער געבליבן אַזוי שטילשווייגנדיק שטיין — ער האָט אַפּנים אָפּגעגעבן אַ דאַנק צו גאָט.

ביני-לביני האָט מען דערקוילעט די רעשט אומגליקלעכע פויערן, בערך צוואַנציק האָט מען געבונדן און זיי האָבן געזאָלט איבערגעגעבן ווערן אין לאַגער אין רשות פון תלין, כדי אַרויס-

צוקריגן פון זײ ידיעות, און די איבעריקע זענען געלעגן אויס־געצויגן און טויט. די שלאַכט האָט אויפגעהערט, דאָס גערודער איז אַנטשוויגן געוואָרן. די זעלנער האָבן זיך פאַרזאַמלט אַרום זייער פירער און זענענדיק אים אַ קניענדיקן ביי אַ פעלז, האָבן זיי געקוקט אויף אים אומרויק, ווייל זיי האָבן נישט געוווסט, צי ער איז נישט פאַרוווּנדעט, און ער האָט זיך אויפגעשטעלט, און דאָס פנים איז ביי אים געווען אַזוי לויטער, גלייך ווי דער מאָרגנשטערן וואָלט געלויכטן אין זיין נשמה.

— וווּ איז זי? — האָט ער געפרעגט זאַגלאָבאַן.

— אין באַר.

— איז זי באַוואָרנט?

— דאָס איז אַ מעכטיקער שלאָס, האָט נישט קיין מורא פאַר קיין איבערפאַל. זי געפינט זיך אונטערן שוץ פון מאַדאַם סלאַוואָטשעווסקא און פון די נאָנעס.

— געלויבט איז דער אַלמעכטיקער גאָט!—האָט דער ריטער געזאָגט און זיין שטים האָט געציטערט פון גערירטקייט — גיט־זשע מיר אייער האַנט, פון גאַנצן האַרצן, פון גאַנצן האַרצן דאַנק איך אייך.

מיטאַמאָל האָט ער זיך געווענדעט צו די זעלנער:

— וויפיל זענען פאַראַן געפאַנגענע?

— זיבצן — האָבן די זעלנער געענטפערט.

דערויף האָט הער סקשעטוסקי געזאָגט:

— עס האָט מיך געטראָפן אַ גרויס גליק און איך בין דעריבער פול מיט רחמים. לאָזט זיי אָפּ פריי.

די זעלנער האָבן זייערע אויערן נישט געוואָלט גלויבן. אין ווישניאָוויעצקיס אַרמייען האָט מען פון אַזאַ מנהג נישט געוווסט.

סקשעטוסקי האָט עטוואָס אַ קנייטש געטון די ברעמען.

— לאָזט זיי אָפּ פריי — האָט ער איבערגעחזרט.

די זעלנער זיינען אַוועק, באַלד אָבער איז דער עלטערער עסאַול צוריקגעקומען און האָט געזאָגט:

— הער פּאָרוטשניק, זיי גלויבן נישט, זיי האָבן מורא צו גיין.

— און אויפגעבונדען זענען זיי?
— יאָ.
— אויב אַזוי לאָזט זיי דאָ איבער, און אַליין זעצט זיך אויף די פערד.
מיט אַ האַלבער שעה שפעטער האָט זיך די מחנה ווידער שטיל געצויגן אויפן שמאָלן שטעגל. עס איז שוין אויפגעגאַנגען די לבנה, וועלכע איז מיט לאַנגע ווייסע ליכט־פאַסן אַריינגע־דרונגען אין מיטן וואַלד אַריין און באַלויכטן די פינסטערע טי־פעניש. הער זאַגלאָבאַ און סקשעטוסקי, וועלכע זענען געריטן בראש פון דער מחנה, האָבן געשמועסט צווישן זיך.
— דערציילט־זשע מיר, גנעדיקער הער, וועגן איר אַלץ, וואָס איר ווייסט נאָר—האָט דער ריטער געזאָגט — האָט איר זי הייסט עס, אַרויסגעריסן פון באָהונס הענט?
— אודאי איך, און פאַרן אָפּפאָרן האָב איך אים נאָך דעם קאָפּ אַרומגעבונדן, כדי ער זאָל נישט קאָנען קוויטשען.
— אָ, איר האָט געטון זייער גוט, ווי גאָט איז מיר ליב! אָבער ווי אַזוי האָט איר אָנגעשפּאַרט קיין באַר?
— ע, פאַראַן אַ סך צו דערציילן, און איך וועל דאָס אָפּלעגן אויף אַ צווייט מאָל, ווייל כ'בין שרעקלעך מיד, עס איז מיר טרוקן אין קעל פון זינגען פאַר די כאַמעס. איר האָט נישט, גנעדיקער הער, עפּיס צו טרינקען?
— איך האָב אַ פעלד־פלאַש מיט בראָנפן — אָט איז זי!
הער זאַגלאָבאָ האָט געכאַפּט די פלאַש און זי צוגעלייגט צום מויל. עס האָבן זיך געהערט לאַנגע זשלאָקערייען, און הער סקשעטוסקי, וועלכער איז געוואָרן אומגעדולדיק, האָט נישט גע־וואַרט ביז ער וועט אויסטרינקען און ווייטער געפרעגט:
— זי איז געזונט?
— וואָס פאַר אַ שאלה! — האָט הער זאַגלאָבאַ געענט־פערט — אויף אַ טריקענע קעל איז יעדע משקה געזונט.
— אָבער איך פרעג וועגן פריילין־פירשטין.
— וועגן פריילין־פירשטין? געזונט, געזונט.

— געלויבט איז דער אלמעכטיקער גאָט! איז איר דאָרט גוט אין באַר?

— אין הימל וואָלט איר אויך נישט געקאָנט בעסער זיין. צוליב איר שיינקייט ציען זיך אַלע הערצער צו איר. מאַדאַם סלאַוואָשעווסקאַ האָט זי אַזוי ליב, ווי זי וואָלט געווען איר אייגן קינד. און אַזוי פיל קאַוואַלירן ליבן זיך אין איר, ממש אָן אַ שיר! נאָר זי קוקט זיך אויף זיי אַזוי פיל אום, וויפיל איך אַ שטייגער אויף די דאָזקע פוסטע פעלד-פלאַש אייערע, ווייל זי ברענט כסדר מיט ליבע צו אייך.

— זאָל איר גאָט געבן געזונט, דער ליבסטער מיינער — האָט הער סקשעטוסקי אויסגערופן מיט שמחה — געדענקט זי הייסט עס מיך צום גוטן?

— צי זי געדענקט אייך? כ'זאָג אייך, אַז כ'האָב שוין אַליין נישט פאַרשטאַנען פון וואַנען עס נעמט זיך צו איר לופט אויף אַזוי פיל זיפצן. עס האָט אַזש אַלע אָנגענומען אַ רחמנות אויף איר, און מער פון אַלע די נאָנעס, ווייל זי האָט ביי זיי גאָר באַזונדער נושא-חן געווען. דאָס האָט זי דאָך מיך צוגע־רעט צו דעם מסירות-נפשדיקן שריט, פאַר וועלכן איך האָב שיער נישט מיט מיין לעבן באַצאָלט, אַז איך זאָל דוקא גיין צו אייך און זיך דערוויסן, צי איר לעבט און זיינט געזונט. זי האָט שוין נישט איינמאָל געוואָלט אַרויסשיקן שליחים, אָבער קיינער האָט זיך נישט געוואָלט אונטערנעמען, האָב איך מיך סוף כל סוף דערבאַרעמט און זיך געלאָזט גיין אין אייער לאַגער, און ווען איך וואָלט מיך נישט געווען פאַרשטעלט, וואָלט איך זיכער מיין קאָפּ פאַרלוירן, אָבער מיך האַלטן די פויערן אומעטום פאַר אַ דיד, ווייל איך זינג אויף זייער שפּראַך.

הער סקשעטוסקי האָט אַזש דאָס לשון פאַרלוירן פון שמחה. טויזנט געדאַנקן און זכרונות האָבן זיך אים געראָיעט אין קאָפּ; העלענאַ האָט זיך ווי אַ לעבעדיקע אים געשטעלט פאַר די אויגן אַזוי, ווי ער האָט זי געזען צום לעצטן מאָל, אין ראָזלאָגי, פאַרן אָפּפאָרן פון סיטש, אַ שיינע, אַ פאַררויטלטע, א שלאנקע, מיט די סאַמעט-שוואַרצע אויגן, וואָס זענען

פֿול מיט אַ אומבאַשרײַבלעכן רייץ. עס האָט זיך אים איצט געדוכטן, אַז ער זעט זי, אַז ער שפּירט די וואַרימקייט, וואָס שלאָגט פֿון איר באַקן, אַז ער הערט איר זיסע שטים. ער האָט זיך דערמאָנט אָן יענעם שפּאַציר אין קאַרשן־גאָרטן און אָן דעם קוקוק, און אָן יענע פֿראַגן, וואָס ער האָט אים געשטעלט, און אָן העלענאַס פֿאַרשעמטקייט, ווען ער האָט זיי אויסגעקוקט 12 יינגלעך — די נשמה איז אים שיִעור נישט אויסגעגאַנגען, דאָס האַרץ איז אים אַזש פֿערהלשט געוואָרן פֿון פֿאַרליבטקייט און גדולה, לגבי וועלכע אַלע פֿאַרגאַנגענע ליידן זענען געווען ווי אַ טראָפּן אַנטקעגן דעם ים. ער האָט אַליין נישט געוווּסט, וואָס עס טוט זיך מיט אים. ער האָט געוואָלט שרייען, דאָ ווידער פֿאַלן אויף די קני און ווידער דאַנקען און לויבן צו גאָט; דאָ האָט ער געוואָלט דערמאָנען, און דאָ ווידער פֿרעגן און פֿרעגן אָן אַ עק!

צום סוף האָט ער גענומען איבערחזרן:

— זי לעבט, איז געזונט!

— זי לעבט, איז געזונט! — האָט ווי אַ ווידערקול אָפּגעענטפֿערט הער זאַגלאָבאַ.

— און זי האָט דאָס אייך געשיקט?

— זי.

— און אַ בריוו האָט איר?

— כ'האָב.

— גיב אַהער!

— ער איז פֿאַרנייט און איבט איז דאָך נאַכט. האַלט זיך איין, גנעדיקער הער.

— איך קאָן נישט. איר זעט דאָך אַליין.

— כ'זע.

הער זאַגלאָבאַס תשובֿות זענען געוואָרן וואָס אַמאָל לאַקאָנישער, צום סוף האָט ער זיך אַ שאָקל געטון איינמאָל, אַ צווייט מאָל — און איז איינגעשלאָפֿן. סקשעטוסקי האָט געזען, אַז ס'איז נישטאָ קיין עצה, האָט ער זיך דעריבער ווידער פֿאַרזונקען אין געדאַנקען. עס האָבן אים אויפֿגעוועקט די טריט

פון עפּיס אַ בעדייטענדיקער רייטער-אָפּטיילונג, וועלכע האָט זיך גיך דערנענטערט. דאָס איז געווען פּאָניאַטאָווסקי מיט דעם פּירשטס קאָזאַקן, וועלכע דער פּירשט האָט אַקעגנגעשיקט ווייל ער האָט מורא געהאַט, אַז עס זאָל סקשעטוסקין נישט פּאַסירן עפּיס אַ אומגליק.

# 13 קאַפּיטל.

ס'איז לייכט צו פֿאַרשטיין, ווי דער פֿירשט האָט אויפֿגענומען די ידיעה יועגן אשינסקיס און קאַרעצקיס אָפּזאָג, וואָס הער סקושעטוסקי האָט איהם איבערגעבן מיטן זון־אויפֿגאַנג. אַלץ האָט זיך אַזוי צונויפֿגעלייגט, אַז נאָר דער אייזערנער פֿירשט מיט זיין גרויסער נשמה האָט דערביי געקאָנט זיך נישט בויגן, נישט אַריינפֿאַלן אין יאוש און נישט אָפּהענדיג ווערן. אומזיסט האָט געזאָלט לאַיבוד גיין אַ געוואַלדיק פֿאַרמעגן אויף אויסצוהאַלטן די חיילות, אומזיסט האָט ער געזאָלט זיך וואַרפֿן, ווי אַ לייב אין דער נעץ, אומזיסט לעשן די פֿלאַמען פֿון דער מרידה, באַווייזן מופֿתים פֿון גבורה, — אַלץ אומזיסט! עס איז געקומען דער מאָמענט, אין וועלכן ער האָט געמוזט דערשפּירן די אייגענע שוואַכקייט, צוריקציען זיך ערגיץ ווייט אין רויקע מקומות און בלייבן אַ שטומער עדות פֿון דעם, וואָס טוט זיך אָפּ אין אוקראַינע. און ווער האָט דאָס ביי אים אָפּגענומען זיין מאַכט? — נישט די שווערדן פֿון די קאָזאַקן, נאָר די שנאה פֿון די אייגענע. האָט ער דען נישט קיין רעכט צו האָפֿן, אַז ווען ער וועט אין מאי זיך אַרויסלאָזן פֿון יענער זייט דניעפּר, אַז ווען ער וועט, ווי אָדלער, פֿון דער הויך באַפֿאַלן די מורדים, אַז ווען ער וועט אין דער אַלגעמיינער בהלה און מהומה דער ערשטער אויפֿהויבן די שווערט איבער זייערע ק.פּ., וועט מיטאַמאָל די גאַנצע רעפּובליק אום קומען צו הילף און איבערגעבן אין זיינע הענט איר מאַכט, איר שטראָפֿנדיקע שווערט? און וואָס איז דערווייל געשען? דער קעניג איז געשטאָרבן, און נאָך זיין טויט האָט מען די ממשלה איבערגעגעבן אין אַנדערע הענט — און אים, דעם פֿירשט, האָט מען דעמאָנסטראַטיוו אויסגעמיטן. דאָס איז געווען די ערשטע הנחה, וואָס מ'האָט געגעבן כמיעל־

ניצקין — און נישט איבער דעם פערלוירענעם כבוד האָט דער פירשט זיך מצער געווען, נאָר זיין נשמה האָט געליטן אויפן געדאַנק, אַז די דאָזיקע געטרעטענע רעפובליק איז שוין אַזוי נידריג געפאַלן, אַז זי וויל נישט פירן קיין מלחמה אויף טויט און לעבן, אַז זי ציט זיך צוריק פאַר איין קאָזאַק און וויל בעסער דורך אַ אָפּמאַך איינהאַלטן זיין חוצפּא. זייט דעם נצחון ביי מאַכנווקע זענען אין לאַגער אָנגעקומען וואָס אַמאָל ערגערע ידיעות: צוערשט די ידיעה וועגן די אונטערהאַנדלונגען, וואָס הער קישעל האָט צוגעשיקט, שפּעטער די ידיעה, אַז וואָלינער פאָלעסיע איז פאַרפלייצט געוואָרן פון די מרידה־כוואַליעס — און צום סוף דער אָפּזאָג פון די פּאָלקאָווניקעס, וואָס באַווייזט קלאָר, ווי ווייט דער הויפּט־קאָמענדאַנט, פירשט דאָמיניק זאַסלאַווסקי־אָסטראָווסקי איז געווען פיינדלעך געשטימט פאַר וויִשניאָוויעצקין. גראָד דעמאָלט ווען הער סקושעטוסקי איז געווען אין וועג, איז אָנגעקומען אין לאַגער הער קאַרש־זשענקאָוויטש מיט דער מעלדונג, אַז די גאַנצע אָווּרוטשער געגנט שטייט שוין אין פייער. דאָס פאָלק איז דאָרט אַ רויִקס, עס האָט זיך נישט געריסן צו דער מרידה, זענען אָבער געקומען די קאָזאַקן אונטער קושעטשאָווסקיס און פּאָלקושענדזיצעס אָנפירונג און מיט געוואַלט געצווּנגען דעם המון צוצושטיין צו זייערע רייען, און אַזוי זענען די הויפן און די שטעטלעך פאַרברענט געוואָרן, די שלאַכטע, וואָס איז נישט אַנטלאָפן — איז אויסגעקוילעט געוואָרן, און צווישן אַנדערע אויך דער אַלטער יעלעץ, אַן אַמאָליקער דינער און פריינט פון די וויִשניאָוויעצקיס. דער פירשט האָט דעריבער זיך געהאַט צונויפגעשטעלט אַ פּלאַן, אַז נאָכדעם, ווי ער וועט זיך פאַרייניקן מיט אָשינסקין און קאָרעצקין, וועט ער פאַרטיליקן קושיוואָנאָסן און שפּעטער זיך לאָזן קיין צפון צו אָווּרוטש־צו, זיך פאַרשטענדיקן מיטן ליטווישן העטמאַן און אַרומנעמען די מורדים פון צוויי זייטן. אָבער די דאָזיקע אַלע פּלענער זענען איצט צונישט געוואָרן צוליב דעם פאַרבאָט, וואָס פירשט דאָמיניק האָט געגעבן ביידע פּאָלקאָווניקעס, וואָרום יערעמי איז נאָך אַלע מאַרשן, שלאַכטן און מאַ־

טערגישן נישט געווען גענוג שטאַרק אויף צו פאַרמעסטן זיך מיט קוש:וואָנאָסן, בפרט אַז ער איז אויך מיטן קיעווער וואָיע־וואָדע נישט זיכער געווען, ווייל הער יאַנוש האָט באמת מיט זיין נשמה און האַרץ געהערט צו דער שלום־פּאַרטיי. ער האָט זיך א נטערגעגעבן יערעמיס אָנזען און מאַכט און געמוזט גיין מיט אים, אָבער וואָס מער ער האָט געזען, ווי די דאָזיקע מאַכט וואַקעלט זיך, אַלץ מער איז ער געוואָרן גענייגט זיך אַקעגנצו־שטעלן די מלחמה־ווינטשען פון פירשט, וואָס האָט זיך אויך באַלד אַרויסגעוויזן.

הער סקשעטוסקי האָט אָפּגעגעבן דעם באַריכט, און דער פירשט האָט אים אויסגעהערט שטילשווייגנדיק. אַלע עלטסטע זענען געווען דערביי, אַלעמענס פנימער האָבן אויסגעדריקט או־מעט אויף די ידיעה וועגן אָפּזאָג פון די פּאָלקאָווניקעס — און די אויגן האָבן זיך געווענדעט צום פירשט, וועלכער האָט געזאָגט:

האָט, הייסט עס, פירשט דאָמיניק זיי צוגעשיקט דעם פאַרבאָט.

— יאָ, זיי האָבן מיר אים געוויזן אין אַ בריו.

יערעמי האָט זיך אָנגעשפּאַרט מיט די הענט אויפן טיש און דאָס פנים פאַרדעקט מיט דער האַנט. אין אַ ווײלע אַרום האָט ער געזאָגט:

— יאָ, דאָס איז פיל מער, וויפיל אַ מענטש איז בכוח אַריבערצוטראָגן, נאָר איך איינער דאַרף, הייסט עס, זיך מוסר־נפש זיין און אַנשטאָט מיר קומען צו הילף, דאַרף מען מיר נאָך לעגן שטיינער אויפן וועג. האָב איך דען נישט געקאָנט אַוועק קיין סאַנדאמיעזש, אין מיינע נחלאות און דאָרט זיך רואיק זיצן? און איך האָב דאָך דאָס נישט געטון, ווייל איך האָב ליב דאָס פאָטערלאַנד. און אָט איז דער שכר פאַר מיין מי, פאַר מיין פאַרלוירן פאַרמעגנס, פאַר מיין בלוט...

דער פירשט האָט גירעט רויק, אָבער אַזאַ פאַרביטערטקייט, אַזאַ ווייטאָג האָט געציטערט אין זיין שטים, אַז אַ טיפער צער האָט פאַרקלעמט אַלעמענס הערצער. די עלטערע פּאָלקאָווניקעס,

די וועטעראַנען פֿון די מלחמות ביי פּוטיוועל, סשאַרזשעץ, קיי־מייקי, און די יונגע גבורים פֿון דער לעצטער מלחמה, האָבן אויף אים געקוקט מיט אַ אומבאַשרײַבלעכער פֿאַרזאָרגטקייט אין די אויגן, ווייל זיי האָבן געוווסט, וואָס פֿאַר אַ שווערן גע־ראַנגל עס פֿירט מיט זיך דער דאָזיקער אייזערנער מענטש, ווי שרעקלעך עס מוז ליידן זיין שטאָלץ פֿון די בזיונות, וואָס ער איז אויסגעשטאַנען. ער, דער פֿירשט „מיט גאָטס חסד" — ער, דער וואָיעוואָדע פֿון רוס, דער סענאַטאָר פֿון דער רעפּובליק, האָט געמוזט אָפּטרעטן פֿאַר אַזעלכע כמיעלניצקיס און קזשיוואָ־נאָסעס, ער, שיער נישט אַ מאָנאַרך, וועלכער האָט ערשט נישט לאַנג אויפֿגענומען שליחים פֿון שכנותדיקע מושלים, האָט גע־מוזט זיך צוריקציען פֿון שלאַכט־פֿעלד און זיך פֿאַרשליסן אין עפּיס אַ שלאָס, וואַרטנדיק אויפֿן רעזולטאַט פֿון דער מלחמה, וואָס אַנדערע ווילן פֿירן, אָדער פֿון די דערנידערנדיקע אונטער־האַנדלונגען. ער, וואָס איז באַשאַפֿן געוואָרן פֿאַר גרויסע מיס־יעס און האָט געשפּירט אין זיך דעם כּוח זיי אויסצופֿירן — האָט זיך געמוזט מודה זיין אין זיין מאַכטלאָזיקייט..

די דאָזיקע ליידן, צוזאמען מיט דער מי, האָבן אַרויפֿגע־לייגט זייער חותם אויף אים. ער איז שטאַרק אָפּגעמאָגערט געוואָרן, די אויגן זענען אים איינגעפֿאַלן און זיין טשופּרינע, שוואַרץ ווי אַ פֿליגל פֿון אַ ראָב, האָט גענומען גרוי־ווערן. אָבער עפּיס אַ גרויסע טראַגישע רויקייט האָט זיך צוגאָסן איבער זיין פּנים, ווייל זיין שטאָלץ האָט נישט געלאָזט דערקענען זיינע ליידן.

— נו, זאָל אַזוי זיין! — האָט ער געזאָגט — מיר וועלן ווייזן דעם אונדאַנקבאַרן פֿאָטערלאַנד, אַז מיר וועלן באַווייזן נישט בלויז צו קעמפֿן, נאָר אויך אומצוקומען פֿאַר אים. אַוודאי וואָלט איך בעסער וועלן אומקומען מיט אַ רומפֿולן טויט אין עפּעס אַ אַנדערער מלחמה, איידער אין קאַמף מיט רשעים, אין אַ בירגער־קריג, אָבער פֿאַרפֿאַלן!

— גנעדיקער הער פֿירשט — איז דער קיעווער וואָיעוואָדא אים אַריינגעפֿאַלן אין די רייד — רעט נישט, גנעדיקער הער פֿירשט, וועגן טויט, וואָרום הגם ס׳איז נישט באַוווּסט, וואָס

וועמע גאָט האָט באַשערט, איז אפשר דאָך נאָך ווייט דערפון. איך שעץ זייער הויך אייער קריגערישע גאונות און ריטערלעכע גבורה, גנעדיקער העד פירשט, אָבער איך קאָן נישט פאַריבל האָבן נישט אויפן וויצע־קיניג, נישט אויפן קאַנצלער, נישט אויף די קאָמענדאַנטן דערפאַר, וואָס זיי באַמיען זיך מיט אונטער־האַנדלונגען אָפּצושטעלן די דאָזיקע בירגער־מלחמה, ווייל דאָס בלוט פון אייגענע ב״ידער ווערט דאָך אין איר פאַרגאָסן און ווער וועט ציען נוצן פון דער פאַרביסנקייט פון ביידע צדדים, אויב נישט דער אויסערלעכער שונא?

דער פירשט האָט לאַנג געקוקט דעם וואָיעוואָדע אין די אויגן אַריין און האָט געזאָגט:

— אַז איר וועט מיט באַזיגטע טון חסדים, וועלן זיי דאָס אָננעמען מיט דאַנק און עס גוט געדענקען; ביי זיגער וועט איר דערמיט נאָר אַרויסרופן פאַראַכטונג. דעם דאָזיקן פאָלק וואָלט דאָך קיינמאָל און קיינעם נישט איינגעפאַלן צו טון עוולות! אויב אָבער עס האָט שוין יאָ זיך צובונטעוועט, דאַרף מען די מרידה לעשן מיט בלוט, און נישט מיט אונטערהאַנדלונגען. אַז נישט זענען מיר אויסגעשטעלט אויף בזיונות און אונטערגאַנג!..

— דער אונטערגאַנג וועט גיכער קומען, אויב מיר וועלן אויף אייגענער אַחריות פירן די מלחמה — האָט דער וואָיע־וואָדע געענטפערט.

— הייסט דאָס, אַז איר, גנעדיקער הער, וועט מיט מיר ווייטער נישט גיין?

— גנעדיקער הער פירשט! איך נעם גאָט פאַר אַ עדות, אַז דאָס וועט נישט געשען צוליב ביזוויליקייט לגבי אייך, נאָר מיין געוויסן זאָגט מיר, אַז איך זאָל מיינע מענטשן נישט אויסשטעלן אויף אַ באַשיינפערלעכן טויט — ווייל דאָס איז אַ טייער בלוט און עס וועט דער רעפובליק נאָך צונוץ־קומען.

דער פירשט האָט געשוויגן, און אין אַ ווײלע אַרום האָט ער זיך געווענדעט צו זיינע פאָלקאָווניקעס.

— איר, אַלטע חברים, וועט דאָך מיך ניט פאַרלאָזן, ניט וואָר?

אויף די דאָזיקע ווערטער האָבן די פּאָלקאָווניקעס, ווי געטריבן פון איין קראַפט און איין רצון, זיך געוואָרפן צום פירשט. אַפּאָר האָבן געקושט זיינע בגדים, אַנדערע האָבן אַרומגענומען זיינע קני, נאָך אַנדערע האָבן אויפגעהויבן די הענט אין די הויך און אויסגערופן:

— מיר בלייבן ביי דיר ביז צום לעצטן הויך, ביז צום לעצטן טראָפּן בלוט!

— פיר אונז! פיר אונז! אָן שכירות וועלן מיר דינען!

—גנעדיקער פירשט! דערלויב אויך מיר צו שטאַרבן ביי דיר! — האָט דער יונגער הער אָקסאַק, אַ צופלאַמטער ווי אַ מיידל, אויסגערופן.

זעענדיק דאָס, איז אפילו דער קיעווער וואָיעוואָדא געוואָרן גערירט, און דער פירשט איז געגאַנגען פון איינעם צום צווייטן, האָט יעדן געדריקט פאַרן קאָפּ און געדאַנקט. אַ גרויסע התלהבות האָט באַהערשט די עלטערע און די יונגערע. פון זייערע אויגן האָבן פונקען געשפריצט, די הענט האָבן יעדע ווײַלע זיך געכאַפּט צו דער שווערד.

— מיט אייך לעבן, מיט אייך שטאַרבן!—האָט דער פירשט געזאָגט.

— מיר וועלן מנצח זיין!—האָבן די אָפיצירן אויסגערופן— אויף קשיוואָנאָסן! קיין פּאָלאָנגע! ווער עס וויל אונז פאַרלאָזן, דער זאָל דאָס טון. מיר וועלן זיך באַגיין אָן הילף. מיר ווילן ניט קיין שותפים, ניט צום רום און ניט צום טויט!

— גנעדיקע הערן! — האָט דער פירשט דערויף געזאָגט— איך וויל, אַז איידער מיר וועלן מאַרשירן אויף קשיוואָנאָסן, זאָלן מיר וויישניעווסטנס אַ קורצע צייט רוען, כדי מיר זאָלן קאָנען אָפּפרישן אונזערע כחות. שוין באַלד דער דריטער חודש, ווי מיר גייען כמעט ניט אַראָפּ פון די פערד. פון דער כסדר־דיקער מי און שנויים פון דער לופט פאַלט אונז שוין דאָס פלייש אַראָפּ פון די ביינער. קיין פערד האָבן מיר ניט, אונ־

זערע פּוס־גייער גייען באָרוועס. מיר וועלן דעריבער גיין קיין זבאַראַזש, דאָרט וועלן מיר זיך אָנעסן צו דער זאַט און אָפּ־רוען — און אפשר וועלן זיך אויך אַביסל זעלנער צונויפקלייבן אַרום אונז און מיר וועלן מיט פרישע כּוחות זיך לאָזן אין פייער אַריין.

— ווען באַפעלט איר, גנעדיקער הער פּירשט, זיך צו לאָזן אין וועג אַריין? — האָט גערעגט דער אַלטער זאַטשווילי־כאָווסקי.

— אָן שום שהיות, אַלטער זעלנער, אָן שום שהיות!
דאָ האָט זיך דער פּירשט געווענדעט צום וואָיעוואָדא:
— און איר, גנעדיקער הער, וווהין האָט איר בדעה צו גיין?

— קיין גליניאַני, ווייל איך הער, אַז דאָרט קלויבן זיך צונויף חיילות.

— אויב אַזוי, וועלן מיר אייך באַגלייטן אַזש ביז אַ רויקער געגנט, כּדי עס זאָל מיט אייך ניט טרעפן עפּעס אַ סכּנה.

דער וואָיעוואָדאַ האָט גאָרנישט געענטפערט, ווייל ס'איז אים געוואָרן עפּעס נישט בעטעמט. ער האָט דעם פּירשט פאַר־לאָזט, און דער פּירשט האָט זיך וועגן אים געדאגהט און אים געוואָלט באַגלייטן. און אפשר האָט גאָר דער פּירשט חוזק־גע־מאַכט פון אים? — דער וואָיעוואָדאַ האָט נישט געוווסט, אָבער זיין פּלאַן האָט ער פונדעסטוועגן נישט אויפגעגעבן, ווייל די פּאָלקאָווניקעס האָבן געקוקט אויף אים מיט אַ וואַקסנדיקער אומצופרידנהייט און ס'איז קלאָר געווען, אַז אין יעדער אַנדע־רער, וויניקער דיסציפּלינירטער אַרמיי, וואָלט עס אָן אַ מהומה קעגן אים נישט אָפּגעגאַנגען.

ער האָט זיך פאַרנייגט און איז אַרויסגעגאַנגען — די פּאָלקאָווניקעס זענען זיך אויך פונאַנדערגעגאַנגען, יעדער צו זיין פּאָלק, כּדי זיי צוצוגרייטן צום מאַרש. געבליבן מיטן פּירשט איז בלויז סקשעטוסקי.

— פון וואָס פאַר אַזעלנער באַשטייען יענע פאָלקן? — האָט געפרעגט דער פירשט.

— פון אַזאַ אויסגעצייכנטן, אַז קיין בעסערן וועט מען ניט געפינען. די דראגונער זענען אויסגעבילדעט אויפן דייטשן שניט, און די פוס־גייער־גוואַרדיע באַשטייט פון בלויז וועטעראַנען פון דער דרייסיק־יעריקער מלחמה. ווען איך האָב זיי דערזען, האָב איך געמיינט, אַז אַלטע רוימישע חיילות שטייען פאַר מיר.

— און ווי גרויס איז זייער צאָל?

— צוויי פאָלקן מיט דראַגונער, בסך־הכל דריי טויזנט מאַן.

— אַ שאָד, אַ שאָד, גרויסע זאַכן וואָלט מען געקאָנט אויפטון מיט אַזאַ הילף!

דעם פירשטס פנים האָט בולט אויסגעדריקט עגמת־נפש. אין אַ ווײַלע אַרום האָט ער געזאָגט, ווי צו זיך אַליין:

— צום אומגליק האָט מען אויסגעקליבן אַזעלכע קאָמענדאַנטן, אין אַזאַ עת־צרה! אָסטראָרוג וואָלט גוט געווען, ווען מען וואָלט מיט מליצות און לאַטייַנישע דרשות געקאָנט אַ סוף מאַכן צו דער דאָזיקער מלחמה; קאָניעצפּאָלסקי, מיין קרוב, שטאַמט אָפּ פון מלחמה־גבורים, אָבער ער איז יונג און נישט ערפאַרן — און זאַסלאַווסקי איז ערגער פון אַלע. איך קען אים פון לאַנג אָן. דאָס איז אַ מענטש מיט אַ שוואַך האַרץ און אַ פלאַכן מוח. זיין עובדא איז צו דרעמלען איבער אַ קריגל און נישט אָנצופירן מיט חייל... איך זאָג דאָס נישט הויך, כּדי מען זאָל נישט מיינען, אַז איך האָב דערביי פּערזענלעכע פּניות, אָבער איך זע, אַז עס רוקן זיך אָן שרעקלעכע צרות. און דווקא איצט האָבן אַזעלכע מענטשן גענומען דעם רודער אין די הענט! גאָט, גאָט, טו אָפּ פון אונז דאָס דאָזיקע אומגליק! וואָס וועט ווערן פון אונזער פאָטערלאַנד? ווען איך טראַכט וועגן דעם, ווינטש איך מיר אַ גיכן טויט. איך בין שוין סיי ווי סיי זער מיד און איך זאָג דיר, אַז לאַנג וועל איך שוין נישט לעבן. די נשמה רייסט זיך צו דער שלאַכט, אָבער דעם גוף פעלן אויס כּוחות.

— איר, גנעדיקער הער פירשט, דאַרפט מער שוינען אייער געזונט, פון וועלכן עס הענגט אָפּ דער גורל פון גאַנצן פאָטערלאַנד, און ס'איז שוין קענטיק, אַז די מי האָט אייך שטאַרק אָפּגעשוואַכט.

— דאָס פאָטערלאַנד טראַכט אַפּנים אַנדערש, אויב מען האָט מיך אויסגעמיטן; אויך איצט שליידערט מען מיר אַרויס די שווערד פון דער האַנט.

— מיט גאָטס הילף וועט פּרינץ קאַראָל פאַרבייטן דעם בישאָף־הוט אויף די קרוין און ער וועט וויסן וועמען צו דער־הייבן און וועמען צו שטראָפן. איר, גנעדיקער הער פירשט, זענט צו מעכטיק, אַז איר זאָלט וועמען עס איז איצט אין זין האָבן.

— איך וויל מיר טאַקע גיין מיין וועג.

דער פירשט האָט אפשר נישט געטראַכט וועגן דעם, אַז פונקט ווי די אַנדערע מושלים טרייבט ער אַ פּאָליטיק אויף אייגענער אחריות, אָבער ווען אַפילו ער וואָלט וועגן דעם גע־טראַכט, וואָלט ער אויך נישט אָפּגעטרעטן פון זיין פּאָליטיק, ווייל ער האָט גוט געפילט נאָר איין זאַך: אַז ער איז מציל דעם כבוד פון דער רעפּובליק.

און ווידער האָבן זיי אַ ווײַלע געשוויגן, באַלד איז אָבער די שטילקייט איבערגעריסן געוואָרן דורך אַ כראָפּען פון די פערד און דורך אַ שאַלן פון די לאַגער־טרומייטן. די פאָלקן האָבן זיך אויסגעשטעלט צום מאַרש. די דאָזיקע קולות האָבן אויפגעוועקט דעם פירשט פון זיין פאַרטראַכטקייט, ער האָט אַ טרייסל געטון מיטן קאָפּ, גלייך ווי ער וואָלט וועלן אָפּטרייסלען די ליידן און די בייזע מחשבות, און דערנאָך האָט ער געזאָגט:

— און די נסיעה איז אַריבער בשלום?

— כ'האָב באַגעגנט אין די משיניעצער וועלדער אַ גרע־סערע מחנה פון פויערן, בערך צוויי הונטערט מאַן, און איך האָב זיי פאַרטיליקט.

— גוט. און געפאַנגענע האָסטו גענומען? דאָס איז איצט זייער וויכטיק.

— כ׳האָב געגומען, אָבער...

— אָבער דו האָסט שוין געהייסן זיך מיט זיי אָפּפּערטיקן?

יאָ?

— ניין, גנעדיקער הער פירשט! כ׳האָב זיי פריגעלאָזט.

יערעמי האָט אַ פאַרחידושטער אַ קוק געטון אויף סקושע-טוסקין, דערנאָך האָבן זיינע ברעמען מיט אַמאָל זיך צוזאַמענ-געצויגן.

— וואָס הייסט דאָס? שוין-שוע געהערסט שוין אויך צו דער שלום-פּאַרטיי? וואָס זאָל דאָס באַדייטן?

— גנעדיקער הער פירשט! כ׳האָב געבראַכט אַ אויסזאָגער, ווייל צווישן די פּויערים איז געווען אַ פאַרשטעלטער שלאַכ-טשיץ, וועלכער איז געבליבן לעבן. און די איבעריקע האָב איך פריגעלאָזט, ווייל גאָט האָט מיט מיר געטון אַ חסד און מיר אַראָפּגעשיקט אַ נחמה. די שטראָף וועל איך גערן אָפּקומען. דער דאָזיקער שלאַכטשיץ איז הער זאַגלאָבאַ, וועלכער האָט מיר געבראַכט אַ ידיעה וועגן פריילין-פירשטין.

דער פירשט איז שנעל צוגעגאַנגען צו סקושעטוסקין.

— לעבט זי, איז זי געזונט?

— געלויבט איז דער אַלמעכטיקער גאָט! — זי לעבט און איז געזונט.

— און ווו האָט זי זיך בעהאַלטן?

— זי איז אין באַר.

— דאָס איז אַ מעכטיקע פעסטונג. זון מיינער! — (דאָ האָט דער פירשט אויסגעשטרעקט די הענט און אָננעמענדיק דעם הער סקשעטוסקיס קאָפּ, האָט ער אים אַפּאָר מאָל געקושט אין שטערן) — איך פריי מיך מיט דיין פרייד, ווייל איך ליב דיך ווי אַ אייגענעם זון.

הער יאַן האָט הערצלעך אַ קוש געטון דעם פירשט אין די האַנט אַריין און הגם ער איז שוין פון לאַנג אָן גרייט גע-ווען זיך מוסר נפש צו זיין פאַר אים, האָט ער אָבער איצט אויפסניי דערשפּירט, אַז אויף זיין באַפעל וואָלט ער אַפילו אין גליענדיקן גיהינם אַריינגעשפּרונגען, אַזוי האָט דער דאָזיקער

מורא־דיקער און אכזריותדיקער יערעמי געקאָנט געווינען די הערצער פון זיינע ריטער.

— נו, איך חידוש זיך גאָרנישט, וואָס דו האָסט אָפּגעלאָזט די דאָזיקע פּויערים. דו וועסט דערפאַר נישט בעשטראָפט ווערן. אָבער דער דאָזיקער שלאַכטשיק איז שוין איינמאָל אַ בריה. דאָס האָט ער זי דורכגעפירט אַזש פון יענער זייט דניעפּר קיין באַר? געלויבט איז גאָט! אין די איצטיקע שווערע צייטן איז דאָס אויך פאַר מיר אַ אמתע נחמה. אַ בריה, שוין איינמאָל אַ בריה מוז ער זיין! און ביינג מיר נאָר אַהער דעם דאָזיקן זאַגלאָבאַן!

הער יאַן איז גיך צוגעגאַנגען צו דער טיר, אָבער אין דער זעלבער רגע האָט זי זיך מיט אַמאָל אויפגעפראַלט און עס האָט זיך אין איר באַוויזן דער פייער־רויטער קאָפּ פון הער וויערשול, וועלכער איז מיט די הויף־טאָטערס אַרויסגעשיקט געוואָרן אויף אַ ווייטע אויסשפּירונג.

— גנעדיקער הער פירשט! — האָט ער אויסגערופן קוים כאַפּנדיק דעם אָטעם — קשיוואָנאָס האָט גענומען פּאָלאָננע און אויסגעקוילעט צען טויזנט מאַן, ווייבער און קינדער.

די פּאָלקאָווניקעס האָבן זיך ווידער גענומען צונויפקלייבן און שטופּן זיך אַרום וויערשולן, עס איז צוגעלאָפן אויך דער קיעווער וואָיעוואָדא, און דער פירשט איז געשטאַנען אַ פאַר־חידושטער, ווייל ער האָט זיך נישט געריכט אויף אַזאַ בשורה.

— אָבער דאָרט האָבן זיך דאָך פאַרשלאָסן בלויז רוטענער! דאָס קאָן דאָך נישט זיין!

— קיין איין לעבעדיקע נשמה איז אין דער שטאָט נישט געבליבן.

— איר הערט — האָט דער פירשט געזאָגט, ווענדענדיק זיך צום וואָיעוואָדא — גייט פירט אונטערהאַנדלונגען מיט אַזאַ שונא וועלכער שוינט אַפילו נישט זיינע אייגענע.

דער וואָיעוואָדא האָט אַ סאַפּע געטון און געזאָגט.

— אָ, הינטישע נשמות! אויב אַזוי, זאָל אַלץ גיין צום טייוול. איך וועל נאָך גיין מיט אייך, גנעדיקער הער פירשט!

— אָט אַזוי ביסטו מיר אַ ברודער? — האָט דער פירשט געזאָגט.

— זאָל לעבן דער קיעווער וואָיעוואָדא! — האָט דער אַלטער זאַטשווילִיכאָווסקי אויסגעשריגן.

— זאָל לעבן די אחדות!

און דער פירשט האָט זיך ווידער געווענדעט צו וויערשולן:

— וווהין מאַרשירן זיי פון פּאָלאָננע? איז דאָס באַקאַנט?

— מ׳זאָגט, אַז קיין קאָנסטאַנטינוו.

— אָ גאָט! אויב אַזוי, זענען דאָך אָשינסקיס און קאָריצקיס פאָלקן פאַרלוירן, ווייל מיט פוס-גייער וועלן זיי נישט באַוויזן צו אַנטלויפן. מ׳דאַרף פאַרגעסן די עוולות און אײַלן זיי צו הילף, אויף די פערד!

דעם פירשטס פנים האָט געשיינט פון שמחה און אַ רויטקייט האָט ווידער באַגאָסן זיינע אויסגעדאַרטע באַקן, ווייל זער וועג פון רום איז ווידער פאַר אים געשטאַנען אָפן.

# 14 קאַפּיטל.

די חיילות האָבן געמיטן קאָנסטאַנטינוו און זיך פֿאַרהאַלטן אין ראָסאָלאָווצע. דער פֿירשט האָט אויסגערעכנט, אַז אויב קאָריצקי און אָשינסקי וועלן געוויר־ווערן, אַז פּאָלאָננע איז גענומען, וועלן זיי מוזן זיך צוריקציען דורך ראָסאָלאָווצע, און אויב דער שונא וועט זיי וועלן נאָכיאָגן, וועט ער אומגעריכט, ווי אין אַ נעץ, אַריינפֿאַלן צווישן פֿירשטנס חיילות און זיכער האָבן אַ מפּלה, און די דאָזיקע השערות זענען טאַקע כמעט אַלע מקוים געוואָרן. די חיילות האָבן פֿאַרנומען פּאָזיציעס און געשטאַנען רויק, גרייט צו דער שלאַכט. גרעסערע און קלענערע פֿאַרפּאָסטנס זענען זיך פֿונאַנדערגעגאַנגען פֿון לאַגער אויף אַלע זייטן, און דער פֿירשט איז מיט אַ פּאָר פּאָלקן געשטאַנען אין דאָרף און געוואַרט, ערשט אין אָוונט האָבן ווירשולס טאָטערס צו וויסן געגעבן, אַז פֿון דער זייט פֿון קאָנסטאַנטינוו קומט אָן עפּיס אַ מחנה פֿוס־גייער. דערהערנדיק דאָס, איז דער פֿירשט אַרויס פֿאַר די טיר פֿון זיין קוואַרטיר אין דער באַגלייטונג פֿון אָפֿיצירן. צוזאַמען מיט זיי זענען אויך אַרויס אַ פּאָר צענטליק מענער פֿון דער חשובסטער געזעלשאַפֿט און געקוקט אין די זייט, פֿון וואַנען דאָס חייל איז אָנגעקומען. די פּאָלקן, וועלכע האָבן אָנגעזאָגט פֿון זיך מיט אַ שאַלן פֿון טרומייטן, האָבן זיך פֿאַרהאַלטן פֿאַרן דאָרף, און צוויי פּאָלקאָווניקעס זענען וואָס שנע״ער מיט אַ פֿאַרכאַפּטן אָטעם געלאָפֿן צום פֿירשט אים פֿאָרלייגן זייער דינסט. דאָס זענען געווען אָשינסקי און קאָריצקי. דערזעענדיק ווישניאָוויעצקין, און נעבן אים די שיינע סוויטע פֿון ריטערס, זענען זיי זייער צעטומלט געוואָרן, ווייל זיי האָבן נישט געוווסט, ווי אַזוי דער פֿירשט וועט זיי מקבל־פּנים זיין,

און פֿאַרנייגנדיק זיך זייער נידריק, האָבן זיי שטילשווייגנדיק געוואַרט אויף זיין תשובה.

— דאָס מזל דרייט זיך ווי אַ ראָד — האָט דער פּירשט געזאָגט — איר האָט נישט געוואָלט קומען, ווען מיר האָבן אייך גערופֿן, זענט איר איצט אַליין געקומען.

— גנעדיקער הער פּירש! — האָט אָשינסקי דרייסט געזאָגט — מיטן גאַנצן האַרץ האָבן מיר געוואָלט אייך דינען, אָבער דאָס איז אונז בפּירוש פֿאַרווערט געוואָרן. ווער עס האָט פֿאַרווערט, דער זאָל טראָגן די אחריות. מיר בעטן אונז מוחל זיין, הגם מיר זענען אומשילדיק, ווייל אַלס מיליטער־לייט האָבן מיר געמוזט פֿאָלגן און שווייגן.

— האָט דער פירשט דאָמיניק דעם פֿאַרבאָט? — האָט דער פּירשט געפרעגט.

— דער פֿאַרבאָט איז נישט אָפּגערופֿן געוואָרן — האָט אָשינסקי געזאָגט — אָבער מיר זענען אים שוין נישט מחויב צו פֿאָלגן, ווייל די איינציקע רעטונג פֿון אונזערע חיילות ליגט אין אייערע הענט, גנעדיקער הער פּירשט, און אונטער אייער קאָמאַנדא ווילן מיר פֿון איצט אָן לעבן, דינען און שטאַרבן.

די דאָזיקע ווערטער, פֿול מיט העלדישער קראַפֿט, און אָשינסקיס געשטאַלט האָבן געמאַכט דעם בעסטן רושם אויפֿן פּירשט און די אָפּיצירן. ווארום דאָס איז געווען אַ באַרימטער זעלנער, און הגם ער איז נאָך געווען יונג, ווייל ער איז נישט געווען עלטער פון פערציק יאָר, איז ער שוין געווען אַ אויסגעפרובטער מלחמה־מאַן, וועלכער האָט זיך ערוואָרבן אַ גרויסע געניטקייט אין די אויסלענדישע אַרמעען. יעדער זעלנער האָט גערן זיין אויג געלאָזט אויף אים רוען. הויך, גלייך ווי אַ שטעקעלע, מיט געלע פֿאַרקאַטשעטע וואָנסעס און שוועדישער באָרד, האָט ער מיט זיין הלבשה און פּיגור דערמאָנט אינגאַנצן די פֿאָלקאָווניקעס פֿון דער דרייסיק־יעריקער מלחמה. קאָריצקי, אַ טאטער פֿון זיין אָפּשטאַמונג, איז מיט גאָרנישט געווען ענלעך אויף אים. ער איז געווען נידריק געוואַקסן און דיק, האָט געהאַט אַ טריבן בליק און אויסטערליש אויסגעזען אין דער

אויסלענדישער הלבשה, וואָס האָט אים גאָרנישט געקלייט צו זיינע מזרחדיקע שטריכן. ער האָט אָנגעפירט מיט אַ פּאָלק פון אויסגעצייכנטע דייטשע פוס גייער און געשמט מיט זיין גבורה, קפּדנות און אייזערנער דיסציפּלין, אין וועלכער ער האָט גע־האַלטן זיינע זעלנער.

— מיר וואַרטן אויף אייערע באַפעלן, גנעדיקער הער פירשט — האָט אָשינסקי געזאָגט.

— איך דאַנק אייך פאַר אייער אַנטשלאָסענקייט אין אייער דינסט נעם איך אָן, כ׳ווייס, אַז אַ זעלנער מוז פאָלגן און אויב איך האָב נאָך אייך געשיקט, איז עס דערפאַר, ווייל איך האָב וועגן פערבאָט נישט געוווסט. נישט איין גוטע און שלעכטע שעה וועלען מיר פון איצט אָן צוזאַמען איבערלעבן, אָבער איך האָף, אַז איר וועט זיין צופרידן פון דער גייער דינסט.

— אבי איר, גנעדיקער הער פירשט, זאָלט זיין צופרידן פון אונז און פון אונזערע פּאָלקאָווניקעס.

— גוט! — האָט דער פירשט געזאָגט — איז דער שונא ווייט הינטער אייך?

— די פאָרפּאָסטענס זענען נאָענט, אָבער די הויפּט־כוחות וועלען ערשט אין דער פרי קאָנען דאָ אָנקומען

— גוט. האָבן מיר, הייסט עס, צייט. זאָלען אייערע פּאָל־קען דורכגיין דורכן פלאַץ, ווייל איך וויל זען און דערקענען, וואָס פאַר אַ זעלנער איר האָט מיר געבראַכט און צו מ׳וועט עפּעס אַ סך קאָנען מיט זיי אויפטון.

די פּאָלקאָווניקעס זענען צוריקגעגאַנגען צו די פּאָלקען און באַלד זענען זיי אין דער שפּיץ פון די דאָזיקע פּאָלקען אַריינגעקומען אין לאַגער. די אָפיצירן פון פירשטס פּאָדערשטע פּאָלקען האָבען זיך אַ שאָט געטון ווי די ווערט, ווייל זיי האָבן געוואָלט זען די נייע חברים. צוערשט איז געגאַנגען דער קע־ניגליכער דראַגונער־פּאָלק אונטער די אָנפירונג פון קאַפּיטאַן גיזאַ, אין שווערע שוועדישע העלמן מיט הויכע קאַמען. זיי זע־נען געריטן אויף פּאָדאָלער פערד, אָבער געקליבענע און גוט

אויסגעפּאַשעטע; דער זעלנער איז געווען אַ פרישער, אַ אויס־
געדרוטער, אין אַ העלער און גלאַנציקער הלבשה, און האָט אוי־
סערלעך זיך שטאַרק אונטערגעשיידט פון דעם פירשטס קלאָגע־
דיקע פּאָלקען, וואָס זענען געווען אנגעטון אין צוריסענע, פון
די רעגענס און זון אָפּגעבליאַקעוועטע בגדים. הינטער זיי איז
מיט׳ן פּאָלק געגאַנגען אָשינסקי, צום סוף קאָריצקי. אַ שושקעריי
פון התפּעלות האָט זיך געהערט צווישן דעם פירשטס ריטער
אויפן אָנבליק פון די טיפע דייטשע רייען. זיי האָבן געטראָגן
איינהייטליכע רויטע מאַנטלען, און אויף די אַקסלען האָבן זיי
געהאַט פינקלדיקע ביקסן. זיי זענען געגאַנגען צו דרייסיק אין
אַ שורה, מיט אַ איינהייטלעכן, שטאַרקן און הילכיקן שריט,
גלייך ווי עס וואָלט געגאַנגען איין מענטש. און זיי אַלע זע־
נען געווען הויך־געוויקסיקע, ברייט פּלייציקע פויערן — אַ אַל־
טער זעלנער, וועלכער איז שוין נישט אין איין לאַנד און נישט
אין איין פייער געווען, צום גרעסטן טייל זענען דאָס געווען
וועטעראַנען פון דער דרייסיק־יעריקער מלחמה, געשיקטע, דיס־
ציפּלינירטע, אויסגעפּרובטע.

ווען זיי זענען צוגעקומען נאָענט צום פירשט, האָט
אָשינסקי אַ געשריי געטון: „האַלט"! און דער פּאָלק האָט זיך
פאַרהאַלטען, ווי אין דער ערד איינגעגראָבן, די אָפיצירן האָבן
אויפגעהויבן די שטעקעלעך, און דער פאָן־טרעגער האָט אויפ־
געהויבן דעם פאָן און איינבויגנדיק אים דריי מאָל, האָט ער
אים אַראָבגעלאָזט פאַרן פירשט. „פאָרווערטס"! האָט אָשינסקי
אויסגערופן, „פאָרווערטס"! האָבן די אָפיצירן איבערגעחזרט —
און דער פּאָלק האָט ווידער מאַרשירט ווייטער. פונקט אַזוי,
און כמעט נאָך געשיקטער, האָט קאָריצקי פּרעזענטירט זיינע
חיילות, וואָס אויף זייער אָנבליק האָבן זיך דערפרייט אַלע
זעלנערישע הערצער, און יערעמי, דער מבין איבער אַלע מבינים,
האָט זיך אַזש ביי די זייטן אָנגענומען פון צופרידנהייט און
ער האָט געקוקט און געשמייכלט, ווייל גראָד פוס־גייער האָבן
אים געפעלט, און ער איז זיכער געווען, אַז אין דער גאַנצער
וועלט וואָלט ער קיין בעסערע פוס־גייער נישט געפינען. ער

האָס געפילט, אַז זײַנע כּוחות זענען פאַרשטאַרקט געוואָרן און געהאָפט, אַז ער וועט קאָנען באַווייזן גרויסע גבורות. און די אָפיצירן האָבן גערעדט וועגן פאַרשידענע מיליטערישע ענינים און פאַרשידענע מינים זעלנער וועלכע מ'קאָן אַלץ זען אויף דער וועלט.

— גוט זענען די זאַפּאָראָזשער פוס-גייער, באַזונדערס אויף צו פאַרטיידיקן זיך פון הינטער גראָבנס—האָט הער שלעשינסקי געזאָגט — אָבער זיי וועלן זיך קאָנען זיי אַקעגנשטעלן, ווייל זיי זענען מער אויסגעבילדעט פאַר זיי.

— אָ, זיי זענען אַ סך בעסער!—האָט הער מיגורסקי זיך אָנגערופן.

— פונדעסטוועגן איז דאָס אַ שווער פאָלק — האָט הער ווירשול געזאָגט—אָט וואָלט איך זיך אונטערגענומען מיט מײַנע טאָטערס זיי אין משך פון צוויי טעג אַזוי מיד און מאַט צו מאַכן, אַז אויפן דריטן טאָג וואָלט איך זיי שוין ווי די שעפּסלעך געקאָנט אויסשניַכטן.

— וואָס רעט איר! די דײַטשן זענען גוטע זעלנער.

און דערויף האָט זיך אָנגערופן הער לאָנגינוס פּאָדביפּיענטאַ מיט זײַן זינגנדיקן ליטווישן לשון:

דער דערבאַרעמדיקער גאָט האָט פאַרשידענע אומות באַשאָנקן מיט פאַרשידענע מעלות. ווי איך האָב געהערט, האָבן אונזערע רײַטער קיין גלײַכן נישט צו זיך אין דער גאַנצער וועלט, דערפאַר קאָנען נישט אונזערע און נישט די אונגאַרישע פוס-גייער זיך נישט פאַרגלײַכן מיט די דײַטשע פוס-גייער.

— ווייל גאָט טוט אַלץ מיט יושר — האָט הער זאַגלאָבאַ זיך דערויף אָנגערופן — אײַך, למשל, האָט ער געגעבן אַ גרויס עשירות, אַ גרויסע שווערד און אַ שווערע האַנט, דערפאַר אָבער אַ קורצן שכל.

— ער האָט זיך שוין אין אים אײַנגעזויגן ווי אַ פּיאַווקע — האָט הער סקשעטוסקי לאַכנדיק געזאָגט.

און הער פּאָדביפּיענטאַ האָט צוגעזשמורעט די אויגן און געזאָגט מיט זײַן געוויינלעכן בנעימותדיקן טאָן:

— מיאוס צו הערן! אייך האָט ער אַ פּנים געגעבן אַ צו לאַנגע צונג.

— אויב איר האַלט, אַז ער האָט שלעכט געטון, וואָס ער האָט מיר געגעבן אַזאַ צונג, ווי איך האָב, וועט איר גיין אין גיהנום אַריין צוזאַמען מיט אייער צניעות, ווייל איר ווילט זיך אַקעגנשטעלן זיין רצון.

— עט, ווער וועט דאָס אייך איבעררײדן. איר רעט און רעט.

— און ווייסט איר, מיין הער, מיט וואָס דער מענטש שיידט זיך אָפּ פון א בהמה?

— מיט וואָס?

— מיטן שכל און לשון.

— אוי האָט ער אים געגעבן, האָט ער אים געגעבן! — האָט פּאָלקאָווסקי-מאָקרסקי אויסגערופן.

— איז אויב איר פאַרשטייט נישט, פאַרוואָס פוילן פאַרמאָגט די בעסטע ריטער און די דייטשן די בעסטע פוס-גייער, וועל איך אייך דאָס מסביר זיין.

— אדרבא, פאַרוואָס? פאַרוואָס? — האָבן אַ פּאָר שטימען געפרעגט.

— אָט פאַרוואָס: ווען גאָט האָט באַשאַפן דאָס פערד, האָט ער עס פאָרגעשטעלט די מענטשן, אַז זיי זאָלן לויבן זיין ווערק. און פאָרנט איז געשטאַנען דער דייטש. אַזוי ווי זיי האָבן שטענדיק ליב זיך צו שטופן פאָרויס, האָט גאָט געוויזן דאָס פערד און געפרעגט דעם דייטש: וואָס איז דאָס? און דער דייטש האָט געענטפערט: פערד! — וואָס? — האָט גאָט געזאָגט — „פע!" זאָגסטו אויף מיין ווערק? דערפאַר וועסטו, שמוציקע בריאה, אויף דעם דאָזיקן באַשעפעניש נישט רייטן — און אויב יאָ, וועסטו קיין בריה אין רייטן נישט זיין. נאָך די דאָזיקע ווערטער האָט ער דאָס פערד געשענקט דעם פּאָליאַק. אָט פאַרוואָס די פוילישע רייטער זענען די בעסטע, און די דייטשן האָבן גענומען צו-פוס נאָכלויפן גאָט און אים איבערבעטן און אַזוי אַרום האָבן זיי זיך אויסגעאַרבעט פאַר די בעסטע פוס-גייער.

— זייער קונציק האָט איר דאָס, מיין הער, אויסגעטייטשט — האָט הער פּאָדביפּיענטא געזאָגט.

דעם ווייטערדיקן שמועס האָבן איבערגעהאַקט נייע געסט, וואָס זייגען אָנגעלאָפן מיט דער ידיעה, אַז עפּעס נאָך חיילות דערנענטערן זיך צוך לאַגער און אַז דאָס קאָנען נישט זיין קיין קאָזאַקן, ווייל זיי קומען נישט פון קאָנסטאַנטינווו, נאָר גאָר פון אַ גאַנץ אַנדערער זייט, פון טייך זברוטש. און אין צוויי שעה שפּעטער זענען די דאָזיקע פּאָלקען טאַקע אַריינגעקומען מיט אַזאַ געפּילדער פון טרומייטען און פּויקן, אַז דער פירשט האָט זיך אַזש דערבייזערט און געשיקט זיי באַפעלן, אַז זיי זאָלן שטיל זיין. ווייל דער שונא איז נאָענט. עס האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז דאָס איז געווען דער הער קרוין-וועכטער סאַמועל לאַשטש, וועלכער האָט געשמט מיט זיינע אַוואַנטורעס, רשעות, אַרומרייסענישן און עזותקייטן, אָבער אויך מיט זיין גרויסער גבורה. ער האָט געפירט אַכט הונדערט מענטשן פון דעם זעלבן שניט וואָס ער אַליין, צום טייל שלאַכטשיצעס, צום טייל קאָזאַקן, וועלכע האָבן אַלע כשר פאַרדינט די תליה, אָבער דער פירשט האָט זיך נישט אָפּגעשראָקן צוליב דער הפקרות פון די דאָזיקע זע־נער, ווייל ער איז געווען זיכער, אַז אין זיינע הענט וועלן זיי מוזן פאַרוואַנדעלט ווערן אין שטילע שעפּסלעך און אַז זיי וועלן מיט זייער גבורה און מסירות-נפש מכ..ר זיין אַלע זייערע חסרונות. יענער טאָג איז אַזוי ארום געווען אַ מזלדיקער טאָג. נעכטן נאָך האָט דער פירשט, צוליבן אַוועקגיין פון קיעווער וואָיעוואָדא, געהאַט באַשלאָסן אָפּצושטעלן די מלחמה, ביז עס וועלן צוקומען פרישע כוחות, און זיך אויף אַ געוויסע צייט אָוועקלאָזן אין אַ רואיק לאַנד — און היינט איז ער ווידער געשטאַנען בראש פון אַ בערך צוועלף-טויזנט-קעפּיקער אַרמיי, און הגם קשיוואָנאָס האָט פאַרמאָגט פינף מאָל אזוי פיל זעלנער, האָבן פוגדעסטוועגןביידע אַרמייען געקאָנט גילטען פאַר גלייכע מחמת דעם, וואָס צובונטעוועטע חיילות זענען צום גרעסטן טייל באַשטאַנען פון המון. איצט האָט שוין דער פירשט אַפילו נישט געטראַכט וועגן אָפּרוען. פאַרמאַכענדיק זיך מיט לאַשטשן, דעם

קיעווער וואָיעוואָדאַ, זאַסשווילִיכאָווסקין, מאַבּניצקין און אָשינסקין, האָט ער זיך באַראָטן איבּער דער ווייטערדיקער מלחמה. סאיז באַשלאָסן געוואָרן אויפֿן מאָרגנדיקן טאָג צו באַפֿאַלן קשיוואָנאָסן און אויבּ ער וועט נאָך ניִשט זיין אָנגעקומען, צו גיין אים אַנטקעגן.

ס׳איז צוגעפֿאַלן אַ טיפֿע נאַכט, אָבער זייט די לעצטע רעגנס, וועלכע האָבּן ביי מאַכנוווקא אַזוי שטאַרק דאָקוטשעט די זעלנער, האט זיך איינגעשטעלט אַ הערלעך וועטער. אויפֿן טונקעלן הימל האָבּן געפֿינקלט חמרים פֿון גאָלדענע שטערן. די לבנה האָט זיך אַרויפֿגערוקט הויך און באַגאָסן מיט אַ ווייסער שיין די ראָסאָלאָווצער דעכער. אין לאַגער איז קיינעם נישט איינגעפֿאַלן צו שלאָפֿן. אַלע האָבּן שוין געוווסט וועגן דער מאָרגנדיקער שלאַכט און זיך געגרייט צו איר. זיי האָבּן זיך ווייטער געשמועסט צווישן זיך, געזונגען און זיך געריכט אויף גרויסע תענוגים. די אָפֿיצירן און די חשובע געזעלשאַפֿט, וועלכע זענען אַלע געוועזן אויפֿגערוימט, האָבּן זיך פֿאַרזאַמלט אַרום דעם גרויסן פֿייער־שטוים און זיך פֿאַרווײַלט מיט אַ כוסע.

— דערציילט־זשע ווייטער — האָבּן זיי זיך געווענדעט צו זאַגלאָבאַן — ווען איר זענט דעמאָלט אַריבּער דעם דניעפּר, וואָס האָט איר ווייטער געטון און ווי אַזוי זענט איר מגולגל געוואָרן קיין באַר?

הער זאַגלאָבאַ האָט אויסגעליידיקט די קוואָרט מעד און געזאָגט:

— גנעדיקע הערן! ווען איך זאָל וועלן דערציילן אַלץ מיט אַלע פּרטים, וואָלטן דעמאָלט קיין צען נעכט אויך נישט גענוג געווען, און עס וואָלט אודאי אויך קיין מעד ניִשט געקלעקט, ווייל אַ אַלטן גאָרגל, פּונקט ווי אַ אַלטן וואָגן, מוז מען כּסדר שמירן. גענוג, כ׳וועל אייך זאָגן, אַז איך בין אויך מיט דער פֿירשטין געריטן קיין קארסון, אין לאַגער פֿון כמיעלניצקין גופֿא, און זי בשלום אַרויסגעפֿירט פֿון דעם דאָזיקן גיהנם,

— יעזוס מאַריאַ! נישט אַנדערש, איר האָט געמאַכט כּישוף! — האָט הער וואָלאָדיאָווסקי אויסגעשריגן.

— אמת, איך האָב טאַקע געמאַכט כּישוף — האָט הער זאַגלאָבאַ געענטפערט — די דאָזיקע גיהנם־קונץ האָב איך מיך נאָך אין מיינע יוגנט־יאָרן אויסגעלערנט אין אַזיע ביי אַ מכשפה, וועלכע האָט זיך געהאַט אין מיר איינגעליבט און מיר מגלה געווען אַלע סודות פון דער כּשוף־מאַכערישער חכמה. אָבער אַ סך כּישוף־מאַכן האָב איך נישט געקאָנט, ווייל ס'איז געווען כּישוף אַקעגן כּישוף. כמיעלניצקי איז אַרומגערינגלט מיט אַ גאַנצער מחנה פון מכשפים און מכשפות, וועלכע האָבן אים אַראָפּגעבראַכט אַזוי פיל שדים, אַז ער בעלי־הבתעוועט מיט זיי ווי מיט פויערן. אַז ער גייט שלאָפן, מוז אים אַ שד די שטיוול אַראָפּציִען; אַז די בגדים ווערן אים פאַרשטויבט, קלאַפּן די שדים זיי אויס מיט די עקן, און ער, אַז ער איז בגילופנדיק, דערלאַנגט נאָך דעם אָדער יענעם אין פּיסק אַריין, באשר־בכן — טענה'ט ער — דו דינסט מיר נישט ווי ס'געהער צו זיין!

דער גאָטספאָרכטיקער הער לאָנגינוס האָט זיך איבערגעצלמט און געזאָגט:

— מיט אים זענען די כּחות פון גהינום, און מיט אונז די כּחות פון הימל.

— די שדים וואָלטן מיך געוויס געוועזן אויסגעגעבן פאַר כמיעלניצקין, ווער איך בין און וועמען איך פיר מיט זיך, אָבער איך האָב זיי באַשווירן און זיי האָבן געשוויגן. כ'האָב אויך מורא געהאַט, אַז כמיעלניצקי זאָל מיך נישט דערקענען, ווייל איך בין מיך מיט אים אין טשעכרין, מיט אַ יאָר צוריק, אַ צוויי מאָל צונויפגעקומען. עס זענען אויך געווען אַ פּאָר אַנדערע באַקאַנטע פּאָלקאָווניקעס, אָבער דער בויך איז מיר געווען איינגעפאַלן, די באָרד אויסגעוואַקסן ביז צום גאַרטל, די האָר ביז צו די אַקסלען, דאָס איבעריקע האָט פאַרשטעלט די פרעמדע הלבשה אַזוי, אַז קיינער האָט מיך נישט דערקענט.

— האָט איר, הייסט עס, געזען כמיעלניצקין אַליין און מיט אים גערעט?

— צי כ'האָב געזען כמיעלניצקין? פּונקט אַזוי, ווי כ'זע אייך. ער האָט דאָך מיך אַלס שפּיאָן אַרויסגעשיקט קיין פּאָדאָל

און מיר מיטגעגעבן זיינע מאַניפֿעסטן צו פֿאַנאַנדערטיילן זיי אויפֿן וועג צווישן די פּויערים. כּדי מיך צו באַוואָרענען אויפֿן וועג האָט ער מיר מיטגעגעבן זיין שטאַב, אַזוי, אַז פֿון קאָרסון אָן בין איך אומעטום געפֿאָרן זיכער. אַז פּויערים אָדער טאָלבאַווינער האָבן מיך באַגעגנט, האָב איך זיי צוגעשטעלט דעם שטאַב צו דער נאָז און געזאָגט: „גיט נאָר אַ שמעק דערצו, קינדער, און גייט צום טייוול!״ כ׳האָב זיך אומעטום געהייסן געבן גיט צו עסן און צו טרינקען, און מ׳האָט טאַקע געגעבן — און וועגנס אויך, פֿון וואָס איך בין זייער געוועזן צופֿרידן און האָב שוין כּסדר אַכטונג געגעבן אויף מיין אָרעמע פֿריילין פֿירשטין, אַז זי זאָל זיך אויסרוען נאָך אַזוי פֿיל פּורעניות און שרעק. און איך זאָג אייך, מיינע הערן, אַז נאָך איידער איך בין אָנגעקומען קיין באַר, האָט זי שוין געהאַט אַזוי אָפּגעפֿרישט אירע כּחות, אַז דאָרט אין באַר זענען ביי אַלעמען שיער די אויגן נישט אַרויס פֿון קוקן אויף איר. פֿאַראַן דאָרט אַ סך שיינע מיידלעך, ווייל עס זענען זיך דאָרט אַהין צונויפֿגעפֿאָרן שלאַכטשיצעס פֿון ווייטע מקומות. אָבער אַקעגן איר האָבן זיי אַלע אַ פּנים אַקוראַט ווי נאַכט אַקעגן טאָג. עס האָבן זי די מענטשן טאַקע ליב — און אויך איר, מיינע הערן, וואָלט זי ליב געהאַט, ווען איר וואָלט זי געקענט.

— אודאי, אודאַי! — האָט דער קליינער הער וואָלדיאַווסקי געזאָגט.

— אָבער פֿאַרוואָס עפּעס האָט איר געוואַנדערט אַזש קיין באַר? האָט הער מיגורסקי געפֿרעגט.

— ווייל איך האָב זיך געטראַכט, אַז איך וועל נישט האָבן קיין מנוחה, כּל־זמן איך וועל נישט זיין אויף אַ זיכערן אָרט — דערפֿאַר טאַקע האָב איך אויך נישט קיין צוטרוי צו די קליינע שלעסער, ווייל כ׳האָב מיר געטראַכט, אַז די מורדים קאָנען צו זיי אָנשפּאַרן. עפּעס אַנדערש אָבער איז באַר, ווייל אויב אַפֿילו זיי וועלן צו איר אָנשפּאַרן, וועלן זיי זיך די ציין ביי איר צובראָכן. דאָרט האָט הער אַנדזשעי פּאָטאָצקי מעכטיק באַפֿעסטיקט די מויערן און כמיעל גייט אים אַזוי פֿיל אָן, ווי=

פֿיל עס גייט מיך אָן דאָס דאָזיגע ליידיקע גלאָז. מיינט איר, גנעדיקע הערן, אַז איך האָב שלעכט געטון, וואָס כ'בין אַזוי ווייט אַוועק פֿון פֿייער? פֿאַרגעסט ניט, אַז דאָהין האָט זיך מסתמא געיאָגט נאָך מיר און אַז ער וואָלט מיך געכאַפּט, וואָלט ער פֿון מיר, זאָג איך אייך, געמאַכט מעדנים פֿאַר די הינט. איר קענט אים ניט, אָבער איך קען אים. כאַפּט אים דער טייוול! איך וועל ניט האָבן קיין מנוחה, כל-זמן מען וועט אים ניט אויפֿהענגען! שיק אים, גאָט, צו אַזאַ גליקלעכן סוף — אמן! ער האָט זיך מסתמא אויף קיינעם ניט אַזוי אָנגעזעצט ווי אויף מיר. ברר! אַז איך טראַכט וועגן דעם, ווערט מיר אַזש קאַלט אין אַלע אבֿרים. דערפֿאַר טאַקע געניס איך איצט גערן פֿון משקאות, הגם איך האָב בטבֿע גאָרניט ליב צו טרינקען.

— וואָס רעדט איר — האָט זיך הער פּאָדביפּיענטא אָנגערופֿן — איר טרינקט דאָך, ברודערל, ווי אַ עמער פֿון ברונעם.

— קוקט בעסער ניט אַריין אין ברונעם, ווייל קיין חכם וועט איר אויפֿן גרונט ניט דערזען. אָבער דאָס איז ניט וויכטיק. פֿאָרנדיק אַזוי מיט כמיעלניצקיס שטאַב און מאַניפֿעסטן, האָב איך אויף קיין גרויסער שטערונגען זיך ניט אָנגעשטויסן. אָנקומענדיק קיין ווינניצא, האָב איך דאָרט געטראָפֿן דעם פּאָלק פֿון הער אקסאַק, וועלכער געפֿינט זיך איצט דאָ אין לאַגער, אָבער איך האָב נאָך פֿון זיך ניט געהאַט אַראָפּגעוואָרפֿן די הלבשה פֿון „דיד", ווייל איך האָב מורא געהאַט פֿאַר די פּויערן. אָבער פֿון די מאַניפֿעסטן בין איך פּטור געוואָרן. פֿאַראַן דאָרט אַ זאָט-מאַכער, וועלכער רופֿט זיך סוהאַק. דער דאָזיקער סוהאַק האָט שפּיאָנירט פֿאַר די זאַפּאָראָזשער און געשיקט ידיעות צו כמיעלניצקין. דורך אים האָב איך אַוועקגעשיקט די מאַניפֿעסטן און אויף זיי אויפֿגעשריבן אַזעלכע פּזמונות, אַז ווען כמיעל וועט זיי איבערלעזן, וועט ער אודאי הייסן פֿון אים די הויט אַראָפּשינדן. דערווייל אָבער, האָרט ביי באַר, האָט מיט מיר געטראָפֿן אַזאַ סבֿה, אַז כ'בין שוין האַרט ביים ברעג שיר ניט דערטרונקען געוואָרן.

— וואָס איז געשען? וואָס?

— כ׳האָב באַגעגנט שכורע זעלנער, הפקר־יינגען, וועלכע האָבן געהערט, ווי כ׳האָב געזאָגט צו דער פירשטין: ג ע ד י ק פ ר יי ל י ן, ווארום כ׳האָב מיך שוין נישט געהאַט אַזוי שטאַרק געהיטן, ווייל כ׳בין שוין געווען נאָענט צו די אייגענע. דערהערט אַזוי, טראַכטן זיי זיך: וואָס איז דאָס פאַר אַ דיד און וואָס איז דאָס פאַר אַ יונגל, צו וועלכן מען זאָגט: „געדיק פריילין"? זיי האָבן אַ קוק געטון אויפן פריילין: שיין ממש ווי אַ געמאָלט בילד! נו האָבן זיי זיך אַ נעם געטון צו אונז. איך האָב אַוועק־געזעצט דאָס פריילין אין אַ ווינקל, זי פאַרשטעלט מיט דער שווערד...

— ס׳איז אַ חידוש—האָט וואָלאָדיאָווסקי איבערגעהאַקט — וואָס זייענדיק פאַרשטעלט פאַר אַ דיד, האָט איר געהאַט אַ שווערד ביי זיך.

— האַ? — האָט זאַגלאָבאַ געזאָגט — וואָס כ׳האָב געהאַט אַ שווערד? און ווער האָט אײַך געזאָגט אַז כ׳האָב געהאַט אַ שווערד? כ׳האָב נישט געהאַט, נאָר איך האָב געכאַפּט די שווערד פון אַ זעלנער, וואָס איז געלעגן אויפן טיש. ווארום דאָס איז געווען אין א קרעטשמע אין שיפּינצע. כ׳האָב כהרף־עין אַוועקגעלייגט צוויי אָנפאַלער. דאָ האָבן זיך די איבעריקע געכאַפּט צום כלי־זיין. איך שריי: שטייט, כלבים, איך בין אַ שלאַכטשיץ! אָבער דאָ האָט זיך דערהערט אַ רוף: „האַלט! האלט!" אַ פאָרפּאָסטן פּאָרט! ס׳האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז דאָס איז נישט געווען קיין פאָרפּאָסטן, נאָר מאַדאַם סלאַוואָשעווסקאַ מיט אירע באַגלייטער, ווייל איר זון — אַ יונגער בחור — האָט זי אַוועקגעשיקט אין באַגלייטונג פון פופציק רייטער. ערשט זיי האָבן צוריקגעהאַלטן יענע רוצחים, און דאָ האָב איך מיך גע־ווענדעט צו מאַדאַם סלאַוואָשעווסקאַ מיט אַ דרשה. איך האָב זי אַזוי גערירט מיט מיינע ווערטער, אַז זי האָט זיך אזש צו־וויינט. זי האָט גענומען דאָס פריילין פירשטין אין די קאַרעטע אריין און מיר זענען אַוועק קיין באַר. מיינט איר אפשר, מיינע הערן, אַז דאָס איז שוין אַלץ? האָט איר אַ טעות...

מיט אַמאָל האָט הער סלעשינסקי איבערגעהאַקט די דערציילונג:

— גיט נאָר אַ קוק, מײַנע הערן — האָט ער געזאָגט — איז דאָס דאָרט דער מאָרגן־שטערן, אָדער וואָס?

— אַ! ס'קאָן נישט זײַן! — האָט הער סקושעטוסקי געענטפערט — ס'איז נאָך צו פרי.

— אָט דאָרט, אין דער זײַט פון קאָנסטאַנטינוווו!

— יאָ. אָבער זעט נאָר: עס ווערט וואָס אַמאָל העלער!

—אָבער דאָס זענען דאָך פײַער־פלאַמען!

בײַ די דאָזיקע ווערטער זענען אַלעמענס פּנימער ערנסט געוואָרן, אַלע האָבן פאַרגעסן די דערציילונג און זענען אויפגעשפּרונגען פון די ערטער.

— פײַער־פלאַמען! פײַער־פלאַמען! — האָבן אַ פּאָר שטימען איבערגעחזרט.

— דאָס איז קושיוואָנאָס אָנגעקומען פון פּאָלאָננע!

— קושיוואָנאָס מיט דער גאַנצער מאַכט.

— די פאָדערשטע וואַכן האָבן אַ פּנים אונטערגעצונדן די שטאָט, אָדער די שכנותדיקע דערפער.

דאָ האָט זיך דערהערט אַ שטיל שאַלן פון אַלאַרם־טרומייט; גלײַכצײַטיק האָט זיך דער אַלטער זאַטשווילכאָווסקי מיט אַמאָל באַוויזן צווישן די ריטער.

— גנעדיקע הערן! — האָט ער געזאָגט — עס זענען געקומען פאָרפאָסטנס מיט ידיעות. דער שונא איז נאָענט! מיר לאָזן זיך באַלד אין וועג אַרײַן! צו די פּאָלקן! צו די פּאָלקן!..

די אָפיצירן זענען וואָס גיכער אַוועק צו זייערע פּאָלקן. די דינער האָבן פאַרלאָשן די פײַערס און אין אַ ווײַלע אַרום איז געווען פינסטער אין לאַגער. נאָר דאָרט ווײַט, בײַ קאָנסטאַנטינוווו, האָט זיך דער הימל געראָיטלט וואָס אַ מאָל ברייטער, וואָס אַ מאָל שטאַרקער און דערבײַ זענען די שטערן פאַרבלאַסט געוואָרן און זיך איינציקווײַז געלאָשן. און ווידער האָט זיך דערהערט אַ שטיל שאַלן פון טרומייטן. עס זענען געגעבן געוואָרן שטילע סיגנאַלן זיך צו זעצן אויף די פערד. אומדײַטלעכע מאַסן פון מענטשן און פערד האָבן זיך גענומען באַוועגן. אין דער שטילקייט האָט מען געהערט נאָך טריט פון די פערד, דעם

מעסיקן גאַנג פֿון די פוס-גייער און צום סוף דאָס טויבע געריוש פֿון וווּרצעלס האַרמאַטן; פֿון צייט צו צייט האָט אָפּגעהילכט אַ געקלאַנג פֿון כלי-זיין אָדער עס האָבן זיך דערהערט שטימען פֿון דער קאָמאַנדאַ. געווען עפּיס אימהדיקס און בייז-אָנזאָגנדיקס אין דעם דאָזיקן נאַכט-מאַרש, וואָס איז געווען פֿאַרהילט אין פֿינסטערניש, אין די דאָזיקע קולות, שושקערייען, געקלאַנג פֿון אייזן, גלאַנץ פֿון די פּאַנצערס און שווערדן. די פּאָלקן האָבן זיך אויסגעצויגן איבערן קאָנסטאַנטינאָווער וועג און זיך גערוקט איבער אים אין דער ריכטונג פֿון פֿייער, ענלעך צו עפּיס אַ געוואַלדיקן שלאַנג, וואָס קריכט אין דער פֿינסטער. אָבער די פּרעכטיקע יולי-נאַכט האָט זיך שוין דערנענטערט צו איר סוף. אין ראָסאָלאָווצע האָבן די הענער גענומען קרייען און זיך אָפּגעענטפֿערט איינער דעם צווייטן פֿון אַלע עקן שטאָט. אַ מהלך פֿון אַ מייל האָט אָפּגעטיילט ראָסאָלאָוויצע פֿון קאָנסטאַנטינאָוו, אַזוי אַז נאָך איידער די חיילות זיינען אין אַ לאַנגזאַמען מאַרש אַדורכגעגאַנגען אַ העלפֿט וועג, האָט זיך פֿון הינטער די פֿייער-פֿלאַמען אַרויסגערוקט דער מאָרגנשטערן, אַ בלאַסער, גלייך ווי ער וואָלט געווען איבערגעשראָקן, און וואָס אַמאָל מער אָנגעזאַפּט די לופֿט מיט ליכטיקייט, אַריינקריכנדיק פֿון שאָטן די וועלדער און וועלדלעך, זעם ווייסן פּאַס פֿון שליאַך און די חיילות, וואָס זיינען איבער אים געגאַנגען. איצט האָט מען שוין בולט געקאָנט אָנזען די מענטשן, די פֿערד און די ענגע רייען פֿון די פוס-גייער. עס האָט אַ בלאָז געטון אַ קיל פֿרימאָרגן-ווינטל און אַרויסגערופֿן אַ געריוש צווישן די פֿאָנען איבער די קעפּ פֿון די ריטער.

צוערשט זיינען געגאַנגען וויערשולס טאָטערס, נאָך זיי פּאָניאַטאָווסקיס קאָזאַקן, שפּעטער די דראַגונער, וווּרצעלס האַרמאַטן, און גאָר צום סוף די פוס-גייער און די הוזאַרן. הער זאַגלאָבאַ איז געריטן נעבן סקשעטוסקין, אָבער ער האָט זיך עפּעס געדרייט אויפֿן זאָטל און ס'איז קענטיק געווען אַז די נאָענטע שלאַכט האָט אים נישט געלאָזט איינרוען.

— גנעדיקער הער — האָט ער גאַנץ שטיל געזאָגט צו

סקשעטוסקין, גלייך ווי ער וואָלט מורא געהאַט, אַז עמיצער זאָל אים נישט אונטערהערן.

— און וואָס וועט איר זאָגן?

— וועלן די הוזאַרן די ערשטע זיין צום אָנגריף?

— איר האָט געזאָגט, אַז איר זענט אַן אַלטער זעלנער, און איר ווייסט נישט, אַז די הוזאַרן לאָזט מען איבער צו דער אַנטשיידונג פון דער שלאַכט, אין מאָמענט, ווען דער שונא שטרענגט אָן זיינע לעצטע כוחות.

— איך ווייס דאָס, כ'ווייס, אָבער כ'האָב זיך געוואָלט אַן איבעריק מאָל איבערצייגן.

אַ רגע האָבן זיי געשוויגן. שפּעטער האָט הער זאַגלאָבאַ מיט אַ נאָך נידעריקערער שטים ווייטער געפרעגט:

— קשיוואָנאָס קומט אָן מיט זיין גאַנצער מאַכט?

— יאָ.

— און וויפיל מאַן פירט ער מיט זיך?

— בסך־הכל צוזאַמען מיטן המון זעכציק טויזנט מאַן.

— אָ, צום טייוול! — האָט הער זאַגלאָבאַ אויסגערופן. סקשעטוסקי האָט אַ שמייכל געטון אונטער דער וואָנס.

— מיינט נישט, מיין הער, אַז איך האָב מורא — האָט זאַגלאָבאַ ווייטער געשעפּטשעט — אָבער איך האָב אַ קורצן אָטעם און כ'האָב נישט ליב קיין געשטופּ, ווייל ס'איז הייס, און אַז ס'איז הייס, בין איך אויס מענטש. גאָר עפּיס אַנדערש איז צו קעמפן אין צווייען. דער מענטש קאָן לכל־הפחות זיך באַנוצן מיט המצאות, און דאָ האָבן די המצאות קיין שום ווערט נישט. נישט דער מוח, נאָר די הענט נעווינען. דאָ בין איך אַ שוטה לגבי דעם הער פּאַדביפּיענטאַ. כ'האָב אויפן בויך די צוויי הונ־דערט גולדן, וואָס דער פירשט האָט מיר געשענקט, אָבער גלויבט מיר, גנעדיקער הער, אַז כ'וואָלט דעם בויך געוואָלט בעסער האָבן ערגיץ־אַנדערשוווּ. טפו! טפו! כ'קאָן נישט סובל זיין די דאָזיקע גרויסע שלאַכטן! זאָל אויף אייך קומען אַ מגפה!

— ס'וועט אייך גאָרנישט זיין, מיין הער. נעמט אייך אָן מיט מוט.

— מוט? דערפֿאַר האָב איך דאָך טאַקע מורא, אַז די העל־דישקייט וועט אין מיר גובר זיין דעם שׂכל. כ׳בין צו ה׳ ציק און כ׳האָט געהאַט אַ שלעכטן סימן: ווען מיר זיינען געזעסן ביים פייער זיינען צוויי שטערן אַראָפּגעפֿאַלן. ווער ווייס? אפשר איז דאָרט געווען מיין שטערן.

— פֿאַר די גוטע מעשׂים וועט אייך גאָט באַלוינען און מציל זיין פֿון שלעכטס.

— הלואי ער זאָל נאָר ניט צו פֿרי צ׳טראַכטן עפּעס אַ שׂכר פֿאַר מיר.

— פֿאַרוואָס זענט איר ניט געבליבן ביי די וועגנס.

— כ׳האָב געמיינט, אַז ביים חייל וועל איך זיין זיכערער.

— און אַזוי איז טאַקע. איר וועט זען, אַז ס׳איז גאָר־ניט אַזוי שרעקלעך. מיר זענען שוין געוווינט און געוווינהייט איז די צווייטע נאַטור. אָט זענען מיר שוין בייך סלוטש און ווישאָוואַטי־סטאַוו.

און באמת, די וואַסערן פֿון ווישאָוואַטי־סטאַוו, וואָס זע־נען געווען אָפּגעטיילט פֿון סלוטש דורך אַ לאַנגער דאַמבע, האָבן אַ בלאַנק־געטון פֿון דערווייטנס. די חיילות האָבן זיך מיט אַמאָל אָפּגעשטעלט אויף דער גאַנצער ליניע.

— שוין? — האָט הער זאַגלאָבאַ געפֿרעגט.

— דער פֿירשט וועט אויסשטעלן די רייען — האָט הער סקזשעטוסקי געענטפֿערט.

— כ׳האָב ניט ליב קיין געשטופּ! כ׳זאָג אייך נאָכאַמאָל, כ׳האָב ניט ליב קיין געשטופּ.

— די הוזאַרן אויפֿן רעכטן פֿליגל! — האָט זיך דערהערט די שטימע פֿון פֿירשטס דינער, וואָס איז צוגעלאָפֿן צום הער יאַן.

ס׳איז געוואָרן אינגאַנצן ליכטיק. די פֿייער־פֿלאַמען זענען פֿאַרבלאַסט געוואָרן אַ קעגן דער העלער שיין פֿון דער אויפֿגייענדיקער זון, די גאָלדענע שטראַלן האָבן זיך אָפּגע־שפּיגלט אין די שאַרפֿן פֿון די הוזארישע שפּיזן און ס׳האָט זיך אויסגעדוכטן, אַז איבער די קעפּ פֿון די ריטער פֿלאַקערן, טויזנטער ליכט. נאָכדעם ווי די חיילות האָבן זיך אויסגעשטעלט

האָבן זיי, שוין נישט באַהאַלטנדיק זיך מער, געזונגען ווי איין שטים: „זייט באַגריסט איר טויערן פֿון גהולה!״ דאָס מעכטיקע ליד האָט זיך צוגאָסן איבער די פֿעלדער, האָט פֿול־געמאַכט מיט זיינע טענער דעם חלל פֿון סאָסנע־וואַלד און פֿון דאָרט האָט זיין ווידער־קול זיך דערהויבן צום הימל.

צום סוף איז דער ברעג אויף דער צווייטער זייט פֿון דער דאַמבע, אויף ווי ווייט דאָס אויג האָט געגרייכט, שוואַרץ געוואָרן פֿון קאָזאַקן־מאַסן; פֿאָלקן זענען אָנגעקומען נאָך פֿאָלקן, זאַפּאָראָזשער רייטער, באַוואָפֿנט מיט לאַנגע שפּיזן, פֿוסגייער מיט ביקסן און גאַנצע כוואַליעס פֿון פֿויערן, באַוואָפֿנט מיט קאָסעס, דרעש־שטעקנס און גראַבלעס. הינטער זיי האָט מען געזען, ווי אין אַ נעבל, געוואַלדיקע מאַסן פֿון וועגנס, וועלכע האָבן אויסגעזען ווי אַ באַוועגלעכע שטאָט. די די סקריפּעריי פֿון טויזנטער וועגנס און כראָפּעריי פֿון די פֿערד האָט דערגרייכט אַזש ביז צו די אויערן פֿון פֿירשטס־זעלנער. די קאָזאַקן זענען אָבער געגאַנגען אָן דעם געוויינלעכן געטומל, אָן געהייל און זיך פֿאַרהאַלטן אויף דער צווייטער זייט פֿון דער דאַמבע. צוויי פֿיינטלעכע מחנות האָבן אַ געוויסע צייט געקוקט שטילשווייגנדיק איינע אויף די צווייטע.

הער זאַגלאָבאַ, וועלכער איז די גאַנצע צייט נישט אָפּגעטרעטן פֿון סקשעטוסקין, האָט אַ קוק געטון אויף דעם דאָזיקן מענטשן־ים און געברומט.

— יעזוס כריסטע, צו וואָס האָסטו אַנגעשאַפֿן דאָס דאָזיקע לומפּן־געזינדל! נישט אַנדערש, נאָר כמיעלניצקי אַליין מיטן המון און מיט אַלע לייז שטייען דאָרט. זאָגט מיר, גנעדיקער הער, איז דאָס נישט קיין הפֿקרות? זיי וועלן דאָך אונדז מיט די היטלעך פֿאַרשיטן. און אַזוי גוט איז פֿריער געווען אין אוקראַינע! שלאָגן זיך און שלאָגן זיך! אַז דער טייוול זאָל אייך שלאָגן אין גיהנם! און דאָס אַלץ האָט זיך אָנגעזעצט אויף אונדזערע קעפּ! אַז אַ מיתה־משונה זאָל אויף זיי קומען!..

— שילט נישט, מיין הער. היינט איז זונטאָג.

— אמת טאַקע, היינט איז זונטאָג, בעסער אַ טראַכט צו

טון וועגן גאָט. אונזער גאָט אין הימל... קיין שום דרך־ארץ קאָן מען פון די דאָזיקע הפקר־יונגען נישט דערוואַרטן... זאָל געהייליקט ווערן דיין נאָמען... עס וועט זיך אַביסל אָפּטון אויף דער דאָזיקער דאַממע!.. זאָל קומען דיין קעניגקייך... עס האָט מיר שוין דעם אָטעם פאַרכאַפּט... זאָל געשען דיין רצון... אַז איר זאָלט אַלע אויספּגרן, רוצחים, רשעים! גיט נאָר אַ קוק, מיין הער, וואָס איז דאָס?

אַ מחנה פון אַ פּאָר הונדערט מאַן האָט זיך אָפּגעריסן פון דער שוואַרצער מאַסע און זיך אָן סדר אַ לאָז געטון צו דער דאַמבע.

— דאָס זענען צוויי קעמפער—האָט הער סקשעטוסקי זיך אָנגערופן—באַלד וועלן אויף אונזערע זיי אַקעגנרייטן.

— הייסט עס, אַז די שלאַכט הויבט זיך שוין טאַקע אָן?

— ווי ס׳איז דאָ אַ גאָט אין הימל.

— זאָל עס דער טייוול נעמען! (הער זאַגלאָבאַס אומרויִקייט האָט שוין דאָ דערגרייכט די העכסטע מדרגה) און איר, מיין הער, קוקט זיך צו־ויף, ווי אויף אַ פאָרשטעלונג אין אַ תענית—האָט ער אומצופרידן אויסגעשריגן צו סקשעטוסקין—גלייך ווי עס וואָלט זיך דאָ נישט געהאַנדלט וועגן אייער טויט!

— איך האָב דאָך שוין געזאָגט: מיר זענען געוווינט דערצו.

— און איר וועט זיך מסתמא אויך אַריינלאָזן אין אַ צוויי־קאַמף?

ס׳איז אפילו פּחיתות־כבוד פאַר אַ ריטער זיך אַריינצולאָזן אין צוויי־קאַמפן מיט אַ אַזאַ שונא; עס טוט דאָס נישט דער, וואָס שוינט זיך זיין גוטן נאָמען, אָבער אין די איצטיקע צייטן רעכנט זיך קיינער נישט כבוד.

— עס גייען שוין אונזערע, זיי גייען שוין—האָט אויסגעשריגן הער זאַגלאָבאַ, זעענדיק די רויטע ליניע פון וואָלאָדיאָווסקיס דראַגונער, וועלכע זיינען געפלויגן צו דער דאַמבע.

נאָך זיי האָבן זיך אַרויסגעלאָזט אַ צוואַנציק פריייוויליקע פון יעדן פּאָלק, עס זענען געגאַנגען צווישן אַנדערע: דער געלער וויערשול, קושעל, פּאָניאַטאָווסקי, ביידע קאַרוויטשס און פון

הוזאַרן־פּאָלק הער לאָנגינוס פּאָדבּיפּיענטאַ.

דער מרחק צווישן ביידע מחנות האָט זיך גענומען גע־וואַלטיק פאַרקלענערן.

— שיינע זאַכן וועט איר זיך דאָ אָנזען—האָט סקשעטוסקי געזאָגט צום הער זאַגלאָבאַ־קוקט זיך צו באַזונדערס צו וואָלאָ־דיאָווסקין און פּאָדבּיפּיענטאַן, דאָס זענען גרויסע ריטער. איר וועט זיי דערזען?

— כ׳וועל דערזען.

— טאָ קוקט, וועט איר אַליין באַקומען חשק.

# 15 קאַפּיטל.

אָבער די קעמפער, ווען זיי האָבן זיך דערנענטערט איי־נער צום צווייטן, האָבן פערהאַלטן די פּערד און גענומען צו־ערשט זיך אויסטוישן מיט זלזולים.

— וואַרט! וואַרט! באַלד וועלן מיר מיט אייערע נבלות די הינט אָנקאָרמען! — האָבן אויסגערופן דעם פירשטס זעלנער.

— אייערע נבלות טויגן פאַר די הינט אויך נישט.

— איר וועט פוילן אין דעם דאָזיקן סטאַוו, רוצחים גע־מיינע!

— ווען ס'איז באַשערט, דער וועט פוילן. אייך וועלן דאָ גיכער די פיש צוגריזשען.

— מיט די גראַבליעס צום מיסט, כאַמעס! דאָס שטייט אייך מער אָן, איידער די שווערד.

— הגם מיר זענען כאַמעס, אָבער אונזערע זינדלעך וועלן זיין שלאַכטשיצעס, ווייל זיי וועלן געבוירן ווערן פון אייערע פריילינס!

עפּיס אַ קאזאק, אַ פּנים, פון יענער זייט דניעפּער, האָט זיך ארויסגערוקט פון דער מחנה און צונויפליינגדיק די הענט נעבן מויל, האָט ער אויסגערופן מיט אַ מעכטיקער שטים:

— דער פירשט האָט ביי זיך צוויי פלעמעניצעס! זאָגט אים, ער זאָל זיי צושיקן קזשיוואָנאָסן...

הער וואָלאָדיאָווסקי איז אַזש פינסטער געוואָרן אין די אויגן פון רציחה, ווען ער האָט דערהערט די דאָזיגע לעסטע־רונג, און כהרף־עין האָט ער נאָכגעלאָזט דאָס פּערד אויפן זאַ־פּאָראָזשער.

הער סקזשעטוסקי, וועלכער איז געשטאַנען אויפן רעכטן

פֿליגל מיט די הוזאַרן, האָט אים פֿון דערווייטנס דערקענט און אַ געשריי געטון צו זאַגלאָבאַן:

— וואָלאַדאָווסקי! פֿליט! וואָלאָדאָווסקי! קוקט! דאָרט! דאָרט!

— כ'זע. האָט הער זאַגלאָבאַ זיך אָנגערופֿן — ער איז צו אים שוין צוגעפֿאַלן! זיי שלאָגן זיך שוין! איינס! צוויי! ס'איז שוין נאָך אים! כ'זע זייער גוט! אָהאָ, שוין! אָ, איז דאָס אַ גבור, אַז דער טייוול זאָל אים כאַפּן!

און באמת, נאָכן צווייטן צוזאַמענשטויס איז דער לעסטערער אַראָפּגעפֿאַלן אויף די ערד, ווי געטראָפֿן פֿון אַ דונער — און ער איז געפֿאַלן מיטן קאָפּ צו די קאָזאַקן — אַ שלעכטער סימן פֿאַר זיי.

און דאָ איז אַרויסגעשפּרונגען אַ צווייטער, אָנגעטון אין אַ רויטן ראָק, וועלכער איז צעראָפּגעריסן געוואָרן פֿון עפּעס אַ שלאַכטשיץ. ער איז צוגעפֿאַלן צום הער וואָלאָדיאָווסקי אַ ביסל פֿון דער זייט, אָבער זיין פֿערד האָט גראָד דעמאָלט, ווען ער האָט אויסגעצויגן די שווערד, זיך געשטרויכלט. הער וואָלאָדיאָווסקי האָט זיך געגעבן אַקער אום און דעמאָלט האָט מען געקאָנט זען, וואָס פֿאַר אַ גרויסער בריה ער איז, וואָרום ער האָט בלויז מיט דער האַנט אַ ריר געטון אַזוי לייכט און אַזוי ווייך, אַז מען האָט עס כמעט מיטן אויג נישט באַמערקט, און דעם קאָזאַקס שווערד איז אַ פֿלי געטון אין די הויך, הער וואָלאָדיאָווסקי האָט אים דאַן אָנגעכאַפּט פֿאַרן קאַרק און אַ שלעפּ געטון צוזאַמען מיטן פֿערד צו זיינע מענטשן.

— ברידער מיינע, ראַטעוועט! — האָט געשריגן דער געפֿאַנגענער.

אָבער קיין ווידערשטאַנד האָט ער נישט געשטעלט, ווייל ער האָט געוווסט, אַז אין פֿאַל פֿון אַ מינדעסטן ווידערשטאַנד, וועט אים באַלד אַ שווערד דורכשטעכן. אדרבא, ער האָט נאָך דאָס פֿערד מיט די פּיענטעס געשלאָגן, אַז עס זאָל נאָכגיין — און אַזוי האָט אים הער וואָלאָדיאָווסקי געפֿירט, ווי אַ וואָלף פֿירט אַ קאָזע.

דערזעענדיק דאָס, האָבן זיך פֿון בײדע זײַטן אַ שאָט גע־טון צו אַ פּאָר צענדליק זעלנער, ווײַל מער האָבן אויף דער שמאָלער דאַמבע ניִשט געקאָנט אַרויף. זיי זענען באַלד צוגע־פֿאַלן יחידים־ווײַז אײנער צום צווייטן. עס האָט זיך צונויפֿ־געקלאַמערט אַ זעלנער מיט אַ זעלנער, אַ פֿערד מיט אַ פֿערד, אַ שווערד מיט אַ שווערד, און וווּנדער־שיין איז געווען דער אָנבליק פֿון דער דאָזיקער ריי פֿון צווי־קאַמפֿן, אויף וועלכע בײדע אַרמייען האָבן געקוקט מיט דער גרעסטער נײַגעריקייט, ווײַל זיי האָבן פֿון זיי געוואָלט אַרויסדרינגען, אויף וועמענס זײַט עס וועט זײַן דער נצחון. די פֿרימאָרגן־זון האָט געשײַנט איבער די קעמפּער, און די לופֿט איז געווען אַזוי קלאָר, אַז מ'האָט שוין כמעט געקאָנט פֿאַנאַנדערשיידן די פּנימער פֿון בײדע צדדים. צוקוקנדיק זיך פֿון דער ווײַטנס, וואָלט עמיצער גע־קאָנט מיינען, אַז דאָ קומט פֿאָר עפּעס אַ טורנע, אָדער אַ פֿאַר־ווײַלונג. פֿון צײַט צו צײַט איז אָבער אַ פֿערד און אַ רײַטער אַרויסגעפֿלויגן פֿון געדראַנג; פֿון צײַט צו צײַט איז אַ הרוג אַראָפּגעפֿאַלן פֿון דער דאַמבע אין קלאָרן שפּיגל פֿון וואַסער, וועלכעס האָט זיך צושפּריצט אין גאָלדענע פֿונקען, און דער־נאָך איז עס אין אַ געקרייזלטער כוואַליע געגאַנגען פֿון ברעג וואָס אַ מאָל ווײַטער און ווײַטער.

עס האָט געקוואָלן דאָס האַרץ בײַ די זעלנער פֿון בײדע אַרמייען, וועלכע האָבן זיך צוגעקוקט צו די גבֿורות פֿון זייערע ריטער, און צוזאַמען דערמיט איז אויך געוואַקסן דער חשק צום קאַמף. יעדער האָט געשיקט ברכות צו זײַניקע; מיט אַמאָל האָט הער סקשעטוסקי אַ פּאַטש געטון אין די הענט און אויס־געשריגן:

— וויִערשול איז אומגעקומען! ער איז געפֿאַלן צוזאַמען מיטן פֿערד — קוקט, ער איז געזעסן אויף דעם ווײַסן פֿערד!

אָבער וויִערשול איז ניִשט אומגעקומען, הגם ער איז באמת געפֿאַלן צוזאַמען מיטן פֿערד, וואָרום עס האָט זיי בײדען אומ־געוואָרפֿן דער ריִזיקער פּוליאַן, פֿירשט יערעמיס אַן אַמאָליִקער קאָזאַק, איִצט דער צווייטער קאָמענדאַנט נאָך קשיוואָנאָסן. דאָס

איז געווען אַ באַרימטער צוויי־קעמפער, וועלכער האָט קיינמאָל ניט דורכגעלאָזט דאָס דאָזיקע שפּיל. ער איז געווען אַזוי שטאַרק, אַז ער האָט לייכט געקאָנט צוברעכן צוויי פּאָדקאָוועס מיט אַ מאָל, און אין צוויי־קאַמף, האָט מען געזאָגט, איז אים קיינער ניט בכוח בייצוקומען. אומוואַרפנדיק ווירשולן, האָט ער זיך געוואָרפן אויפן טיכטיקן אָפּיציר קוראָשלאַכטשיץ און אים מוראדיק דורכגעשניטן, כמעט אַזש ביז צום זאָטל. די איבעריקע האָבן זיך צוריקגעצויגן אין שרעק, און דערזעענדיק דאָס, האָט הער לאָנגינוס אומגעדרייט צו איבם זיין ליפּלענדישע קאָבילע.

— ווערסט אומקומען! — האָט פוליאַן אויסגעשריגן, זעענדיג דעם דרייסטן מאַן.

— פאַרפאַלן! — האָט הער פּאָדביפּיענטע געענטפערט, אויפהויבענדיג זיין שווערד.

ער האָט אָבער ניט געהאַט זיין לאַנגע תּליונים־שווערד, וועלכע ער האָט געהאַט באַשטימט פאַר צו גרויסע צילן, אַז ער זאָל זיך מיט איר באַנוצן אין אַ צוויי־קאַמף; ער האָט זי דעריבער איבער געלאָזט אין די הענט פון זיין געטרייען יינגל ביי די רייען; געהאַט האָט ער נאָר אַ לייכטע שווערד מיט אַ בלויער, מיט גאָלד געצייכנטער קלינג. פוליאַן האָט אויסגעהאַלטן איר ערשטן קלאַפּ, אָבער ער האָט באַלד דערקענט, אַז ער האָט דאָ צו טון מיט ניט קיין געוויינלעכן קעמפער, ווייל די שווערד האָט אים אַזש אין דער האַנט זיך אַ טרייסל געטון — ער האָט אָבער אויסגעהאַלטן אויך דעם צווייטן און דעם דריטן קלאַפּ, און דערנאָך — צי ווייל ער האָט איינגעזען, אַז דער קעגנער שטייגט אים אַריבער מיט זיין געשיקטקייט אין צוויי־קאַמף, צי אפשר ווייל ער האָט פאַר ביידע צדדים זיך געוואָלט באַווייזן מיט זיין שרעקליכער גבורה, צי ווייל ער איז צוגעקוועטשט געוואָרן צום עק פון דער דאַמבע און מורא געהאַט אַז הער לאָנגינס לאַנגע קאָבילע זאָל אים ניט אַריינשטופּן אין וואַסער, — גענוג, אַז אָפּשלאָגענדיג דעם לעצטן קלאַפּ, האָט ער זיין פערד אויסגעגליכן מיטן הער לאָנגינס פערד און אין דער העלפט אַריינגעכאַפּט דעם ליטווינער אין זיינע מעכטיקע אָרעמס.

זיי האָבן זיך צונויפגעטשעפּעט אַזוי, ווי צוויי בערן, וואָס ראַנגלען זיך צוליב אַ נקבה, ווען די תאווה כאַפּט זיי אָן. זיי האָבן זיך צונויפגעקלאַמערט ווי צוויי סאָסנעס, וואָס וואַקסן אַרויס פון איין שטאַם און וויקלען זיך אַרום איינע אַרום דער צווייטער, אַזוי אַז זיי זעען אויס כמעט ווי איין בוים.

אַלע האָבן איינגעהאַלטן דעם אָטעם און שטילשווייגנדיק זיך צוגעקוקט צום געראַנגעל פון די דאָזיקע קעמפער, וואָס יעדער פון זיי האָט צווישן זיינע מענטשן געגאָלטן פאַר דעם גרעסטן גבור, און זיי — וואָלסט געמיינט, זיי זענען אויף אַן אמת זיך צונויפגעוואַקסן אין איין גוף — ווייל אַ לאַנגע צייט זענען זיי געבליבן אָן באַוועגונג. און נאָר די פּנימער זייערע זענען רויט געוואָרן, און נאָר פון די אָדערן, וועלכע זענען זיי אַרויסגעשפּרונגען אויף די שטערנס, פון די רוקנס, וואָס האָבן זיך ביי זיי אויסגעקרימט ווי די בויגנס, האָט מען ביי דער דאָזיקער שרעקלעכער רואיקייט געקאָנט דערקענען די איבערמענטשלעכע אָנשטרענגונג פון די אָרעמס, וועלכע האָבן זיך געדריקט איינע די אַנדערע.

צום סוף האָבן ביידע גענומען צאַפּלען. אָבער ביסלעכווייז איז הער לאָנגינס פּנים געוואָרן וואָס אַמאָל רויטער, און דאָס פּנים פון קאָזאַק — וואָס אַמאָל בלויער. עס איז פאַרפלאָסן נאָך אַ ווײַלע. די אומרואיקייט פון די אַרומיקע איז כסדר געוואַקסן. מיט אַמאָל איז די שטילקייט איבערגעריסן געוואָרן דורך א טויבער, געשטיקטער שטום:

— לאָז אָפּ...

— ניין... ברודערל!.. — האָט אַ צווייטע שטים געענטפערט.

נאָך אַ ווײַלע: דאָ האָט עפּעס שרעקלעך אַ כאָרכל געטון, ס'האָט זיך דערהערט אַ קרעכץ, ווי פון אונטער דער ערד — אַ כוואַליע פון שוואַרץ בלוט האָט אַ זעץ געטון פון פּוליאַנס מויל און דער קאָפּ איז אים געבליבן הענגען אויפן אַקסל.

דעמאָלט האָט הער לאָנגינוס אים אויפגעהויבן פון זאָטל און נאָך איידער די אַרומיקע האָבן געהאַט צייט אַ טראַכט צו

טון וועגן דעם, וואָס איז געשען, האָט ער אים איבערגעוואָרפן אויף זיין זאָטל, און דערנאָך זיך געלאָזט פליען צו זייגע חברים.

— וויוואַט! — האָבן אויסגעשריגען ווישניאָוויעצקיס מענטשן.

— אַ טויט! — האָבן געענטפערט די זאַפּאָראָזשער.

און אַנשטאָט צוטומעלט צו ווערן צוליב דער מפלה פון זייער מנהיג, האָבן זיי זיך מיט נאָך מער פאַרביסענקייט געוואָרפן אויפן שונא. עס האָט זיך צופלאַקערט אַ ווילדער קאַמף, וועלכער איז צוליב דער ענגשאַפט פון אָרט געוואָרן נאָך מער פאַרביסן. און נישט קוקנדיק אויף זייער גאַנצער גבורה, וואָלטן די קאָזאַקן אַודאי געמוזט זיך אונטערגעבן זייערע קעגנער, וועלכע האָבן אַרויסגעוויזן אַ גרעסערע געשיקטקייט אין צוויי־קאַמף. אָבער פון קשיוואָנאָסעס לאַגער האָט זיך מיט אַמאָל געלאָזט הערן אַ שאַלן פון טרומייטן, וועלכע האָבן גערופן זיי זיך אומצוקערן.

זיי האָבן זיך תיכף־ומיד צוריקגעצויגן, און די קעגנער, וועלכע זענען אַ ווײַלע נאָך געבליבן שטיין, כדי צו באַווייזן, אַז זיי האָבן דאָס שלאַכט־פעלד נישט פאַרלאָזן, האָבן זיך אויך אומגעקערט צו זייעריקע. די דאַמבע איז פוסט געוואָרן, עס זענען אויף איר געבליבן בלויז מענטשלעכע און פערדישע הרוגים, גלייך ווי אַ אָנזאָג דערפון, וואָס עס וועט ערשט זיך אָפּטון — און שוואַרץ איז געווען דער דאָזיקער וועג פון טויט צווישן ביידע אַרמייען — נאָר אַ לייכט ווינטל האָט צוקנייטשט דעם גלאַטיקן אויבן־אויף פון טייך און יאָמערלעך אַ רויש געטון אין די געבלעטער פון די ווערבעס, וואָס זענען געשטאַנען דאָ און דאָרט איבער די ברעגעס פון סטאַוו.

דערווייל האָבן זיך גערירט קשיוואָנאָסעס פאָלקן, ווי חמרים פון ווערם, וואָס דאָס מענטשלעכע אויג קאָן זיי נישט דורכדרינגען. צוערשט איז געגאַנגען דער המון, הינטער אים די גוט־אויסגעבילדעטע זאַפּאָראָזשער פיס־גייער, ווייטער די רייטער־מאות און די פרייוויליקע טאָטערס און די קאָזאַקישע אַרטילער־

יע, און דאָס אַלץ אָן אַ באַזונדערס גרויסן סדר. זיי האָבן זיך געשטופּט איינע דורך די אַנדערע, זיי זענען געגאַנגען „אויף די קעפּ", שטרעבנדיק מיט זייער אומגעהייערער מאַסע מיט געוואַלט דורכצוגיין די דאַמבע און שפּעטער צו פאַרפלייצן און פאַרדעקן דעם פירשטס חיילות. דער ווילדער קשיוואָנאָס האָט געגלויבט אין דער פויסט און אין דער שווערד, און נישט אין דער מלחמה־קונסט, דערפאַר האָט ער מיטן גאַנצן כח געשטויסן צו דער אַטאַקע און געהייסן די פּאָלקן, וואָס זענען געגאַנגען פון הינטן, נאָכשטופּן די פאָדערשטע פּאָלקן, כדי זיי זאָלן אַפילו אומגערנוויליק מוזן גיין. די האַרמאַטן־קוילן האָבן געגומען פּאַטשן איבערן וואַסער, ווי די ווילדע שוואַנען, צוליב דעם ווייטן מרחק האָבן זיי אָבער קיין היזקות נישט אָנגעמאַכט אין פירשטס חיילות, וואָס זענען געווען אויסגעשטעלט ווי אַ שאַך־ברעט אויף דער צווייטער זייט פון סטאַוו. אַ מבול פון מענטשן האָט פאַרפלייצט די דאַמבע און געגאַנגען פאָרויס אָן אָפּהאַלט; אַ טייל פון דער דאָזיקער כוואַליע, ווען זי האָט אָנגעשפּאַרט צום טייך, האָט באַמיט זיך אים אַריבערצוגיין און נישט געפינענדיק קיין דורכגאַנג, האָט ער זיך ווידער אומגעקערט צו דער דאַמבע — און זיי זענען געגאַנגען אַזוי געדיכט, אַז מ'האָט איבער זייערע קעפּ, ווי אָשינסקי האָט שפּעטער געזאָגט, געקאָנט דורכפאָרן אויף פערד, און זיי האָבן אַזוי באַדעקט די דאַמבע, אַז ס'איז קיין איין שפּאַן פרייע ערד נישט געבליבן.

יערעמי האָט דערויף געקוקט פון אַ העכערן ברעג און געקנייטשט די ברעמען, און פון די אויגן האָבן זיך געצויגן בליצן צו די דאָזיקע מאַסן. זעענדיק אָבער די אומאָרדנונג און דאָס דורכשטופּן־זיך פון קשיוואָנאָסעס פּאָלקן, האָט ער געזאָגט צום פּאָלקאָווניק מאַכניצקי:

— אויף אַ פויערישן אופן הויבט אָן דער שונא מיט אונז און נישט רעכנענדיק זיך מיט די כללים פון דער מלחמה־קונסט, גייט ער זיך אויף אונז ווי אויף אַ געיעג, אָבער ער וועט צו אונז נישט דערגיין.

דערווייל, ווי אים אויף להכעיס, זענען זיי שוין דערגאַנ־

געוען ביז אין די העלפט אַריין פון דער דאַמבע און זיי האָבן זיך פאַרהאַלטן פאַרחידושטע און באַאומרויִקטע צוליבן שטילשווייגן פון פירשטס חיילות. אָבער גראָד אין דער רגע איז אַנטשטאַנען אַ באַוועגונג צווישן די דאָזיקע חיילות — און זיי האָבן זיך צו־ריקגעצויגן, לאָזנדיק צווישן זיך און דער דאַמבע אַ ברייטהדיק פוסטן האַלב־עיגול, וועלכער האָט געזאָלט זיין דאָס שלאַכט־פעלד.

דערנאָך האָבן קאַריצקיס פוס־גייער זיך צוטיילט און פריי געמאַכט אַ אָרט פאַר די פיסקעס פון וורזבעלס האַרמאַטן, וואָס זענען געווען געווענדעט צו דער דאַמבע, און אין ווינקל, וואָס האָט זיך געבילדעט צווישן סלוטש און דער דאַמבע, האָבן אין די געוויקסן, וואָס ביי די ברעגעס, געפינקלט די ביקסן פון זשינסקיס דייטשן.

און דאָ איז פאַר מלחמה־מבינים באַלד קלאָר געוואָרן, אויף וועמענס צד עס מוז אויספאַלן דער נצחון. נאָר אַזאַ ווילדער קאָזאַק, ווי קשיוואָנאָס, האָט זיך געקאָנט רייסן צו אַ שלאַכט ביי אַזעלכע באַדינגונגען, ביי וועלכע ער וואָלט מיט זיין גאַנ־צער מאַכט נישט געקאָנט אַפילו דעם טייך אַריבערגיין, ווען ווישניאָוויעצקי וואָלט אים וועלן דערין שטערן.

אָבער דער פירשט האָט מיט אַ כיון באַשלאָסן צו לאָזן אַ טייל פון זיינע כחות דורכגיין די דאַמבע, כדי זיי אַרומצו־רינגלען און צו פאַרטיליקן. דער גרויסער מנהיג האָט אויסגע־נוצט די פאַרבלענטקייט פון קעגנער, וועלכער האָט אַפילו נישט געקוקט דערויף, וואָס זיינע מענטשן, וואָס וועלן קעמפן אויפן צווייטן ברעג, וועט ער קאָנען קומען צו הילף נאָר דורך אַ שמאָלן אַריבערגאַנג, דורך וועלכן עס וועט נישט מעגלעך זיין אַריבערצושיקן גרעסערע מחנות מיט אַמאָל. די מלחמה־מבינים האָבן דעריבער געקוקט מיט פאַרוווּנדערונג אויפן מש־געגעם שריט פון קשיוואָנאָסן, וועלכן קיין שום זאַך האָט דערצו נישט געצוווּנגען.

עס האָט אים נאָר געצוווּנגען די אַמביציע און די בלוט־דורשטיקייט, וואָרום דער קאָזאַק האָט זיך דערוווּסט, אַז נישט קוקנדיק אויף די איבערוואָג פון די חיילות, וואָס זענען אַרויס־

געשיקט געוואָרן אונטער קשיוואָנאָסעס פירונג, האָט כמיעלניצקי זיך געשראָקן פאַרן רעזולטאַט פון דער שלאַכט מיט יערעמין און איז דעריבער מיט דער גאַנצער מאַכט געגאַנגען קשיוואָנאָסן צו הילף. צו קשיוואָנאָסן זענען אָנגעקומען באַפעלן, אַז ער זאָל קיין שלאַכט נישט פירן. אָבער דוקא דערפאַר האָט קשיוואָנאָס באַשלאָסן זי צו פירן—און ער האָט זיך צוגעאײַלט.

נאָכדעם, ווי ער האָט גענומען פּאָלאָננע, האָט אים דאָס בלוט געשמעקט און ער האָט צו אים נישט געוואָלט האָבן קיין שותּפים, דערפאַר טאַקע האָט ער זיך געאײַלט. ער וועט פאַרלירן אַ העלפט מענטשן — טאָ וואָס מאַכט דאָס אויס! אָבער מיט דער רעשט וועט ער פאַרפלייצן דעם פירשטס מאָגערע כּחות און פון זיי מאַכן אַ תּל־עולם. יערעמיס קאָפּ וועט ער כמיעלניצקין ברענגען אַ מתּנה.

בּיני־לבּיני זענען די כוואַליעס פון המון צוגעקומען צום עק פון דער דאַמבע און צום סוף זענען זיי זי אַריבער און זיך פאַנאַנדערגעגאָסן איבער יענעם האַלב־עיגול, וועלכן יערעמיס חיילות האָבן פריי־געמאַכט. אָבער אין דער זעלבער רגע האָבן זשינסקיס באַהאַלטענע פוס־גייער געשאָסן אויף זיי אין די זייט; פון וווּרצעלס האַרמאַטן האָבן אַרויסגעזעצט לאַנגע רויך־פּאַסן, די ערד האָט זיך צוטרייסלט פון דעם געקנאַלעריי און די שלאַכט האָט זיך אָנגעהויבן אויף דער גאַנצער ליניע.

די רויך־וואָלקנס האָבן פאַרהילט די ברעגעס פון סלוטש, דעם סטאַוו, די דאַמבעס און דאָס פעלד גופא, אַזוי אַז מ'האָט גאָרנישט געזען; פון צייט צו צייט האָבן נאָר אַ בלאַנק געטון די רויטע קאָלירן פון די דראַגונער, פון צייט צו צייט האָבן נאָר אַ בליץ געטון די קאַמען איבער די פליִענדיקע העלמען און אַ שרעקלעכן געטומל איז געשטאַנען אין דער דאָזיקער כמאַרע. אין דער שטאָט האָט מען געקלונגען אין אַלע גלאָקן, וואָס זייערע יאָמערלעכע טענער האָבן זיך צונויפגעמישט מיטן באַסאָוון געברום פון די האַרמאַטן. פון קאָזאַקישן לאַגער האָבן זיך געשאָטן צו דער דאַמבע וואָס אַמאָל נײַע און נײַע פּאָלקן.

און די פּאָלקן, וואָס זענען זי דורכגעגאַנגען און זיך

אַריבערגעקריגן אויף די צווייטע זייט פֿון סטאַוו, האָבן זיך כהרף־עין אויסגעצויגן אין אַ לאַנגער ליניע און זיך געוואָרפֿן אויפֿן פֿירשטס פֿאָלק. די שלאַכט האָט זיך געצויגן פֿון איין עק סטאַוו ביז צום אָרט, ווו דער טייך בויגט זיך אויס, און ביז צו די בלאָטיקע לאָנקעס, וואָס זענען אין יענעם נאַסן זומער געווען פֿאַרגאָסן.

דער המון און די טאָל־באַוווינער האָבן געמוזט מנצח זיין אָדער אומקומען, ווייל הינטער זיך האָבן זיי געהאַט וואַסער, צו וועלכן עס האָבן זיי געשטויסן די אַטאַקעס פֿון פֿירשטס פֿוס־גייער און רייטער.

ווען די הוזאַרן האָבן זיך געוואָרפֿן אין קאַמף, איז הער זאַגלאָבאַ, הגם ער האָט אַ קורצן אָטעם און נישט ליב געהאַט קיין געשטופּ, מיט זיי דאָך מיטגעגאַנגען, ווייל סיי־ווי־סיי האָט ער קיין אַנדערע ברירה נישט געהאַט, וואָרום אַ נישט האָט אים געדראָט די סכנה צו טרעטן צו ווערן. ער איז געפֿלויגן מיט פֿאַרמאַכטע אויגן און אין קאָפּ זענען אים מיט דער שנעלקייט פֿון אַ בליץ דורכגעלאָפֿן די געדאַנקען: „די המצאות האָבן קיין ווערט נישט! די המצאות האָבן קיין ווערט נישט! דער שוטה זיגט, און דער חכם קומט־אום!“ דערנאָך איז ער געוואָרן אין כּעס אויף די מלחמה, אויף די קאָזאַקן, אויף די הוזאַרן און אויף אַלע אין דער וועלט. ער האָט גענומען שעלטן — און מתפּלל זיין. די לופֿט האָט אים געפּייפֿט אין די אויערן, פֿאַרהאַלטן זעם אָטעם אין דער ברוסט — מיט אַמאָל האָט ער זיך אָן עפּעס אָנגעשטויסן מיטן פֿערד, ער האָט דערשפּירט אַ ווידערשטאַנד, דאָ האָט ער געעפֿנט די אויגן און דערזען אָט וואָס: קאָסעס, שווערדן, דרעש־שטעקנס, אַ סך צופֿלאַמטע פּנימער, אויגן, וואָנסעס... און דאָס אַלץ איז געווען אומדייטלעך, פֿרעמד, אַלץ האָט געציטערט און געפֿלאַטערט, געשפּרונגען, געברענט פֿון רציחה. דעמאָלט איז ער געוואָרן מלא־חמה אויף די דאָזיקע שונאים דערפֿאַר, וואָס זיי זענען געקראָכן אין די אויגן אַריין און אים געצוווּנגען צו באַטייליקן זיך אין דער שלאַכט. ווילט איר, נאַט אייך! — האָב ער געטראַכט — און גענומען שניידן

בלינדערהייט אויף אַלע זייטן. אַמאָל האָט ער דורכגעשניטן די לופט, און אַמאָל האָט ער געשפּירט, אַז די שאַרף קריכט אַריין אין עפּעס ווייכעס. אין דער זעלבער צייט האָט ער אויך געשפּירט, אַז ער לעבט נאָך און דאָס האָט אים צוגעגעבן זייער אַ סך מוט, שלאָג! הרגע! — האָט ער געריטשעט ווי אַ ווילדער אָקס — צום סוף זענען יענע ווילדע פּנימער אים נעלם געוואָרן פון די אויגן, און אַנשטאָט זיי האָט ער דערזען אַ מאַסע פּלייצעס, דעקן פון היטלעך אין די געשרייען האָבן אים שיער נישט די אויערן צוריסן.

— זיי אַנטלויפן? — איז אים דורכגעפלויגן אַ געדאַנק דורכן קאָפּ — יאָ! — און דאָ האָט אים באַהערשט אַ אומגעווינלעכע גבורה.

— גזלנים! — האָט ער געשריגן — אַזוי באַגייט איר זיך מיט שלאַכטשיצעס?

און ער איז אַריינגעשפּרונגען צווישן די אַנטלויפנדיקע, האָט אַ סך פון זיי אַריבערגעהיפּט און אויסמישנדיק זיך אין געדראַנג, האָט ער מיט אַ פאַרשטאַרקטער אויפגעמונטערקייט שוין גענומען אַרבייטן. דערווייל האָבן זיינע חברים צונעשפּאַרט די קאָזאַקן צו די ברעגעס פון סלוטש, וואָס זענען גענוג געדיכט געוועזן בעוואָקסן מיט בוימער — אין זיי האָבן זיי געיאָגט אין דער לענג פון ברעג צו דער דאַמבע-צו, נישט נעמענדיק געפאַנגען קיין איין לעבעדיקן נפש, ווייל עס האָט קיין צייט נישט געקלעקט.

מיט אַמאָל האָט הער זאַגלאָבאַ דערשפּירט, אַז דאָס פערד הויבט אָן אויסצושפּרייטן די פיס און גלייכצייטיק איז אויף אים אַרויפגעפאַלן עפּעס אַ שווערע משא און אַרומגעוויקלט דעם גאַנצן קאָפּ אַזוי, אַז פינסטערניש האָט אים אינגאַנצן אַרומגעהילט.

— גנעדיקע הערן! ראַטעוועט! — האָט ער אַ געשריי געטון, שלאָגנדיק מיט די פיענטעס דאָס פערד.

דאָס פערד אָבער, וועלכעס איז אַפנים פאַרמאַטערט גע-

וואָרן, טראָגנדיק דעם שווערן רייטער, האָט נאָר געקרעכצט און זיך נישט גערירט פֿון אָרט.

הער זאַגלאָבאַ האָט געהערט אַ גערודער, געשרייען פֿון די רײַטער, וואָס זענען פֿאַר אים פֿאַרבייגעפֿלויגן, און שפּעטער איז דער דאָזיקער גאַנצער ווירער דורכגעלאָפֿן און אַרום און אַרום איז שטיל געוואָרן.

און ווידער האָבן די געדאַנקען אַזוי גיך, ווי די טאַטערישע פֿײַלן, גענומען פֿליִען דורך זײַן קאָפּ.

— וואָס איז דאָס? וואָס איז געשען? יעזוס מאַריאַ! מ'האָט מיך גענומען אין געפֿאַנגענשאַפֿט!

און אויפֿן שטערן האָבן אים אַרויסגעשלאָגן קאַלטע שווייס־טראָפּנס. אַפֿנים, מ'האָט אים אַרומגעבונדן דעם קאָפּ פּונקט אַזוי, ווי ער האָט אַנומלט אַרומגעוויקלט באָהונס קאָפּ. די משא, וואָס ער שפּירט אויפֿן אָרעם, איז נישט עפּעס אַנדערש ווי אַ היידאַמאַקישע האַנט. אָבער פֿאַרוואָס פֿירט מען אים נישט, פֿאַר־וואָס הרגעט מען אים נישט? פֿאַרוואָס שטייט ער אויף אַן אָרט?

— לאָז־אָפּ, כאַם! — האָט ער צום סוף אויסגעשריגן מיט אַ געשטיקטער שטים.

אַ שטילשווייגן.

— לאָז־אָפּ, כאַם! איך שענק דיר דאָס לעבן
קיין שום תשובה.

האָם זאַגלאָבאַ האָט נאָך אַמאָל אַ זעץ געטון מיט די פּיענטעס אין די זייטן פֿון פֿערד, אָבער ווידער אָן פּעולה. דאָס פֿערד האָט זיך נאָך מער צושפּרייט און האָט זיך ווידער נישט גערירט פֿון אָרט.

דעמאָלט האָט אַ געוואַלדיקע רציחה אָנגעכאַפּט דעם אומגליקלעכן געפֿאַנגענעם און אַרויסציִענדיק דאָס מעסער פֿון דער שייד, וואָס איז אים געהאָנגען אויפֿן בויך, האָט ער מיט אים אַ שרעקלעכן זעץ געטון הינטן־אַרום.

אָבער דאָס מעסער האָט נאָר דורכגעשניטן די לופֿט.

דעמאָלט האָט זאַגלאָבאַ מיט ביידע הענט אָנגעכאַפּט יענע

רעק, וואָס האָט אים אַרומגעוויקלט דעם קאָפּ, און האָט זי
בהרף־עין אַראָפּגעריסן.
— וואָס איז דאָס?
קיין הײדאַמאַקעס נישטאָ. אַרום און אַרום איז פּוסט.
גאָר פֿון דער ווײַטנס האָט מען געזען אין רויך דורכלויפן וואָ־
לאָדיאָווסקיס רויטע דראַגונער, און נישט ווייט פֿון זיי האָט גע־
פֿינקלט דאָס כלי־זיין פֿון די הוזאַרן, וועלכע האָבן געיאָגט
דעם יתר־הפליטה און זיי צוריקגעטריבן פֿון פֿעלד צום וואַסער.
אָבער ביי הער זאַגלאָבאַס פֿיס איז געלעגן אַ פֿאָן פֿון
אַ זאַפּאָראָזשער פּאָלק. ווייזט אויס, אַז אַ אַנטלויפנדיקער קאָזאַק
האָט זי אוועקגעשליידערט אַזוי, אַז זי האָט זיך מיטן שטעקן
פֿאַרטשעפּעט פֿאַר הער זאַגלאָבאַס אַקסלען און מיט דער פֿלאַכ־
טע האָט זי אים פֿאַרדעקט דעם קאָפּ.
ווען הער זאַגלאָבאַ האָט דאָס אַלץ דערזען און תּופֿס
געווען, איז ער ערשט געקומען צו זיך.
— אַהאַ! — האָט ער געזאָגט — כ'האָב פֿאַרכאַפּט אַ פֿאָן.
סטייטש? אפֿשר האָב איך נישט פֿאַרכאַפּט? אויב די גערעכטיקייט
וועט נישט פֿאַלן פֿאַר אַ קרבן אין דער דאָזיקער מלחמה, וועל
איך זיכער באַלוינט ווערן. אָ, כאַמעס! אייער גליק, וואָס מיין
פֿערד האָט זיך איינגעשפּאַרט און נישט געוואָלט זיך רירן פֿון
אָרט. איך האָב געהאַט אַ טעות, מיינענדיק, אַז אויף המציאות
קאָן מען זיך מער פֿאַרלאָזן, ווי אויף גבורה. איך טויג אין דער
אַרמיי צו עפּעס מער, ווי צום עסן סוכאַרעס. אָ, גאָט! עס
פֿליט שוין דאָ ווידער עפּעס אַ מחנה קאָזאַקן. נישט דאָ־אַרום,
כּלבים, נישט דאָ־ם! אַז די וועלף זאָל אויפֿפֿרעסן דאָס דאָזיקע
פֿערד! — שלאָג! — הרגע!
און באמת, אַ נייע מחנה קאָזאַקן איז געלאָפֿן צום הער
זאַגלאָבאַ־צו, יאָמערנדיק מיט אומענטשלעכע קולות, און נאָך איר
האָט זיך געיאָגט פּאָלאַנאָווסקיס פּאַנצער־פּאָלק. און הער זאַג־
לאָבאַ וואָלט אפֿשר געווען אומגעקומען אונטער די פֿערדישע קאָ־
פּיטעס, ווען נישט סקשעטוסקיס הוזאַרן, וועלכע האָבן דערטרונ־
קען די קאָזאַקן, נאָך וועלכע זיי האָבן זיך געיאָגט, און זענען

איצט צוריקגעקומען כדי אַרומצוריגלען פֿון ביידע זייטן די אַנטלויפֿנדיקע מחנות. דערזעענדיק דאָס, האָבן די זאַפּאָראָזשער זיך געוואָרפֿן אין וואַסער אַרײַן, ווו זיי זענען אומגעקומען אין די בלאָטעס און טיפֿע גראָבנס נאָכדעם, ווי זיי זענען ניצול געוואָרן פֿון דער שווערד. אַ טייל זענען געפֿאַלן אויף די קני און געבעטן רחמים, אָבער זיי זענען אומגעקומען פֿון דער שווערד. מוראדיק איז דאָ געווען דער פּאָגראָם, אָבער נאָך מוראדיקער איז ער געווען אויף דער דאמבע. אַלע אָפּטײלונגען, וואָס זענען זי אַריבערגעגאַנגען, זענען פֿאַרטיליקט געוואָרן אין יענעם האַלב־עיגול, וואָס איז געבילדעט געוואָרן דורכן פֿירשטס חיילות. די, וואָס זענען נאָך נישט געווען אַריבערגעגאַנגען, זענען אומגעקומען אונטער דעם אומאויפֿהערלעכן פֿײַער פֿון ווורצעלס האַרמאַטן און אונטער די זאַלפּן פֿון די דײַטשע פֿוס־גייער. זיי האָבן נישט געקאָנט גיין נישט אַהין און נישט צוריק, ווײַל קשיוואָנאָס האָט צוגעשיקט כסדר נײַע פּאָלקן, וועלכע האָבן זיך געשטופּט, שטויסנדיק פֿאַר זיך די, וואָס זענען געגאַנגען פֿאַר זיי, און אַזוי ארום פֿאַרשפּאַרט דעם איינציקן וועג צום אַנטלויפֿן. וואָלסט געמיינט, אַז קשיוואָנאָס האָט זיך געגעבן אַ שבֿועה אומצוברענגען אַלע זײַנע מענטשן, וועלכע האָבן זיך צונויפֿגעקנוילט, געשטיקט, געשלאָגן, געפֿאַלן, אַרײַנגעשפּרונגען אין וואַסער אויף ביידע זייטן — און דערטרונקען געוואָרן. פֿון איין עק האָט מען געזען מאַסן פֿון אַנטלויפֿנדיקע, פֿון צווייטן עק — די מאַסן, וואָס זענען געלאָפֿן פֿאָראויס, און אין דער מיט—חמרים און באַרג פֿון הרוגים, יללות, אומנאַטירלעכע געשרייען, אַ ווילדע בהלה, צומישעניש, אַ תוהו־ובֿוהו. דער גאַנצער סטאַוו איז פֿיל געווען מיט הרוגים פֿון מענטשן און פֿערד. די וואַסערן זענען אַרויסגעטרעטן פֿון די ברעגעס.

פֿון צײַט צו צײַט זענען די האַרמאַטן אַנטשוויגן געוואָרן. דעמאָלט האָט די דאַמבע, ווי דאָס פּיסק פֿון אַ האַרמאַט, אַרויסגעשפּיגן מאַסן פֿון זאַפּאָראָזשער און פֿון די המון־לײַט, וועלכע זענען זיך צולאָפֿן איבערן האַלב־עיגול און געפֿאַלן אונטער דער שווערד פֿון די רייטער, וואָס האָבן אויף זיי געוואַרט, און

ווירצל האָט אויפֿסניי גענומען שפּילען; מיט אַ רעגן פֿון אייזן און בליי האָט ער פֿאַרשפּאַרט די דאמבע, פֿאַרהאַלטענדיק דעם צושטראָם פֿון פֿאַרשטאַרקונגען.

די דאָזיגע בלוטיקע שלאַכטן האָבן אָנגעהאַלטן גאַנצע שעהן.

אַ אויפגעבראַכטער, אַ צורייצטער, האָט קשיוואָנאָס זיך נאָך ניִשט אונטערגעגעבן און געוואָרפֿן טויזנטער קאָזאַקן אין די אָרעמס פֿון טויט.

און אויף דער צווייטער זייט איז יערעמי, אָנגעטון אין אַ זילבערנעם פּאַנצער, געשטאַנען אויף אַ פֿערד אויף אַ הויכן בערגל, וואָס האָט אין יענע צייט געהייסן קרושא-מאָגילא — און האָט געקוקט.

דאָס פּנים זיינס איז געווען רויִק, זיין בליק האָט אַרומגענומען די גאַנצע דאמבע, דעם סטאַוו, די ברעגעס פֿון סלוטש און האָט דערגרייכט אַזש ביז צום אָרט, וווּ ס'איז געשטאַנען קשיוואָנאָסעס געוואַלדיקער לאַגער, פֿאַרהילט אין אַ בלוילעכן נעבל. דער פּירשט האָט ניִשט אַראָפּגעלאָזט זיינע אויגן פֿון דעם דאָזיקן זאַמל-פּונקט פֿון וועגנס, און צום סוף האָט ער זיך געווענדעט צום דיקן וואָיעוואָדא פֿון קיעוו און געזאָגט:

— היינט וועלן מיר שוין דעם לאַגער ניִשט איינעמען.

— ס'הייסט? איר, גנעדיקער פּירשט, וואָלט וועלן?..

— די צייט לויפט גיך. צו שפּעט! קוקט, גנעדיקער הער, אָט איז שוין אָוונט.

און באמת, זייט די צוויי-קעמפער זענען אַרויסגעפֿאָרן, האָט די שלאַכט, וואָס קשיוואָנאָס האָט אונטערגעהאַלטן מיט זיין עקשנות, שוין געדויערט אַזוי לאַנג, אַז די זון האָט געהאַט צייט דורכצולויפֿן איר טאָג-טעגלעכן קרייז און האָט זיך שוין איצט גענייגט צום אונטערגאַנג. לייכטע, הויכע כמאַרעלעך, וואָס האָבן אָנגעזאָגט אַ שיין וועטער, זענען געווען צוזייט איבערן הימל ווי סטאַדעס פֿון וויים-האָריקע שעפּסעלעך, און זיי האָבן זיך גענומען רויטלען און גרופּן-וועיז אַראָפּנידערן פֿון די הימלישע פֿעלדער. דער צופֿלוס פֿון קאָזאַקן צו דער דאמבע האָט ביס-

לעכווייז אויפגעהערט, און די פּאָלקן, וואָס זענען שוין אַרויף אויף איר, האָבן זיך צוריקגעצויגן אין מהומה און אומאָרדנונג.

די שלאַכט האָט זיך געענדיגט, און געענדיקט האָט זי זיך דערפֿאַר, וואָס די פֿאַרביטערטע מאַסן זענען צום סוף צוגעשטאַנען צו קשיוואַנאָסן און געשריגן מיט יאוש און כעס:

— בוגד! ווערסט אונז אומברענגען! בלוטיקע הענט! מיר וועלן דיך אַליין בינדן און איבערגעבן יערעמין, און אַזוי אַרום אויסקויפֿן אונזער לעבן. אַ טויט דיר, נישט אונז!

— מאָרגן וועל איך איבערגעבן אין אייערע הענט יערעמין און דאָס גאַנצע חיל, אָבער איך וועל אַליין אומקומען — האָט קשיוואַנאָס געענטפֿערט.

אָבער דער דאָזיגער געגאַרטער מ אָ ר ג ע ן האָט ערשט געזאָלט קומען, און דער ה יי נ ט איז געווען אַ טאָג פֿון פּאָגראָמען און מפּלות. אַ פּאָר טויזנט פֿון די טיכטיקסטע קאָזאַקן, שוין נישט רעכענענדיק דעם המון, זענען געפֿאַלן אויפֿן שלאַכטפֿעלד, אָדער דערטרונקען געוואָרן אין סטאַוו און אין טייך. בערך צוויי טויזענט זענען גענומען געוואָרן אין געפֿאַנגענשאַפֿט. עס זענען געפֿאַלן פֿערצן פּאָלקאָווניקעס, אַ חוץ פֿאַרשידענע עלטסטע פֿון נידעריגערע מדרגות. דער צווייטער פֿירער נאָך קשיוואַנאָסן, פּוליאַן, איז לעבעדיקערהייט, ווען אפֿילו מיט צובּיזוקטע אברים, אַריינגעפֿאַלן אין די הענט פֿון שונא.

— מאָרגן וועלן מיר אַלע אויסקוילן! — האָט קשיוואַנאָס איבערגעחזרט, — קיין בראָנפֿן און קיין עסנוואַרג וועל איך פֿריער אין מיין מויל נישט נעמען!

און אין דערזעלבער צייט האָט מען אין קעגנערישן לאַגער געוואָרפֿן די פֿאַרכאַפּטע פֿאָנען צו די פֿיס פֿון שרעקלעכן פֿירשט. יעדער פֿון די פֿאַרכאַפּער האָט געוואָרפֿן זיין פֿאָן, אַזוי אַז עס האָט זיך אָנגעהויפֿנט אַ היבשער שטויס, ווייל עס זענען געווען ביז פֿערציק פֿאָנען. און ווען סאיז געקומען די ריי אויף הער זאַגלאָבאַן, האָט ער געשליידערט זיין פֿאָן מיט אַזאַ כוח און רעש, אַז דער שטעקן האָט אַזש געפּלאַצט. ווען דער פֿירשט האָט דאָס געזען, האָט ער אים פֿאַרהאַלטען און געפֿרעגט:

— דאָס האָט איר מיט די אייגענע הענט פאַרכאַפּט די דאָזיקע פאָן?

— איך בין אייך גרייט צו דינען, גנעדיקער הער פירשט!

— ווי אין זע, זענט איר נישט בלויז אוליסעס, נאָר אויך אַכילעס.

— איך בין אַ פּשוטער זעלנער, נאָר איך דין ביי אַלעקסאַנדער פון מאַקעדאָניע.

— אַזוי ווי איר נעמט נישט קיין שכירות, זאָל דער קאַסיר אייך אויסצאָלן נאָך צוויי הונדערט גילדן פאַר אייער גוטער טאַט.

הער זאַגלאָבא האָט אָנגעכאַפּט דעם פירשטס קני און געזאָגט:

— גנעדיקער הער פירשט! אייערע חסדים זענען גרעסער פאַר מיין גבורה, מיט וועלכער איך האָב מיך גאָרנישט בדעה איבערצונעמען.

אַ קוים באַמערקבאַרער שמייכל האָט זיך באַוויזן אויף הער סקשעטוסקיס טונקעלן פּנים, אָבער דער ריטער האָט געשוויגן און שפּעטער אַפילו האָט ער אויך נישט דערמאָנט נישט פאַרן פירשט און נישט פאַר קיינעם וועגן הער זאַגלאָבאַס צוטומלטקייט פאַר דער שלאַכט — און הער זאַגלאָבא איז אַוועקגעגאַנגען מיט אַזאַ ערנסטער מינע, אַז זעענדיק אים, האָבן די זעלנער פון אַנדערע פּאָלקן אָנגעוויזן אויף אים מיט די פינגער און געזאָגט:

— אָט דער דאָזיקער פאַרשוין האָט היינט באַוויזן די גרעסטע גבורה!

די נאַכט איז צוגעפאַלן. אויף ביידע זייטן פון טייך און סטאַוו האָבן געפלאַקערט טויזנטער פייער-הויפנס און די רויךקנוילן האָבן זיך דערהויבן ביז צום הימל. דער פאַרמאַטערטער זעלנער האָט זיך אונטערגעלענט דאָס האַרץ מיט עסנוואַרג, מיט בראָנפן — אָדער זיך צוגעגעבן מוט צו דער מאָרגנדיקער שלאַכט, דערציילנדיק זיך די גבורות פון דער היינטיקער שלאַכט. אָבער אַריבערגעשריגן אַלע האָט הער זאַגלאָבא, וועלכער האָט זיך

באַריִמט דערמיט, וואָס ער האָט אויפגעטון, און דערמיט, וואָס ער וואָלט בכּח געווען אויפֿצוטון, ווען דאָס פֿערד זיינס וואָלט זיך נישט געווען אָפּזאָגן אים צו דינען.

— איך זאָג אייך, גנעדיקע הערן — האָט ער זיך געווענדעט צום פירשטס אָפּיצירן און צו דער שלאַכטע פֿון טישקעוויטשעס פּאָלק—אַז גרויסע שלאַכטן זענען פֿאַר מיר קיין נייעס נישט; איך האָב זיי נישט ווייניק מיטגעמאַכט אי אין מולטאַני און אי אין טערקיי. היות אָבער ווי איך בין שוין לאַנג נישט געווען אויפֿן שלאַכט-פֿעלד, האָב איך מורא געהאַט—נישט פֿאַרן שונא, וואָרום ווער וועט דאָרט מורא האָבן פֿאַר כאַמעס! — נאָר פֿאַר דער אייגענער היציקייט, ווייל איך האָב מיר געטראַכט, ווער ווייס ווי ווייט זי וועט מיך פֿאַרטראָגן.

— און זי האָט אייך טאַקע פֿאַרטראָגן.

— אָבער פֿאַרטראָגן! פֿרעגט דעם הער סקשעטוסקי: ווי נאָר איך האָב געזען, אַז הער ווירשול פֿאַלט מיטן פֿערד, האָב איך תיכף געוואָלט, קיינעם נישט פֿרעגנדיק, לויפֿן אים צו הילף. די חברים האָבן מיך קוים צוריקגעהאַלטן.

— יאָ, אמת! -- האָט הער סקשעטוסקי זיך אָנגערופֿן—מיר האָבן אייך געמוזט צוריקהאַלטן.

— אָבער!—האָט קאַרוויטש איבערגעהאַקט—ווו איז ווירשול?

— ער איז שוין געפֿאָרן אויף אויסשפּירונגען, ער ווייסט נישט פֿון קיין אָפּרו.

— באַטראַכט נאָר, גנעדיקע הערן, — האָט געזאָגט הער זאַגלאָבא, אַ אומצופֿרידענער דערפֿון, וואָס מ׳האָט אים איבערגעהאַקט די דערציילונג—ווען איך האָב פֿאַרכאַפּט די דאָזיקע פֿאָן...

— איז, הייסט עס, ווירשול נישט פֿאַרוואונדעט? — האָט קאַרוויטש ווידער געפֿרעגט.

— ...נישט צום ערשטן מאָל אין מיין לעבן האָב איך פֿאַרכאַפּט אַ פֿאָן, אָבער קיינמאָל איז דאָס מיר נישט אָנגעקומען מיט אַזוי פיל מי...

— נישט פֿאַרוואונדעט, נאָר צוקלאַפּט — האָט געענטפֿערט אַזולעוויטש, אַ טאָטער—און ער האָט זיך אויך אָנגעטרונקן מיט

וואַסער, ווייל ער איז געפֿאַלן מיטן קאָפּ צום סטאַוו.

— איז טאַקע אַ חידוש, וואָס די פּיש זענען נישט אויסגעפּגרט—האָט הער זאַגלאָבא געזאָגט מיט כּעס — ווייל פֿון אַזאַ פֿייערדיקן קאָפּ האָט דאָס וואַסער אַודאי אויפֿגעקאָכט.

— אָבער ער איז אַ גרויסער גבור!

— נישט אַזאַ גרויסער, אויב אַ האַלבער יאַן *) האָט זיך מיט אים געקאָנט אַ עצה געבן. טפֿו, ס'איז מיט אייך גאָרנישט מעגלעך עפּעס צו רעדן! איר וואָלט געקאָנט זיך לערנען ביי מיר, ווי אַזוי צו פֿאַרכאַפּן אַ פּאָן ביים שונא...

דעם ווייטערדיקן שמועס האָט איבערגעריסן דער יונגיטשקער הער אַקסאַק, וועלכער איז אין דער רגע צוגעקומען צום פֿייער-הויפֿן.

— נייעס ברענג איך אייך, גנעדיקע הערן! — האָט ער געזאָגט מיט אַ קלינגענדיקער, האַלב-קינדישער שטים.

— די ניאַנקע האָט די וויקעלעך נישט געוואַשן, די קאַץ האָט די מילך אויסגעלעקט און דאָס טעלערל איז צובראָכן געוואָרן—האָט הער זאַגלאָבא געברומט.

אָבער הער אַקסאַק האָט זיך גאָרנישט געמאַכט פֿון דעם דאָזיקן ליצנות אויפֿן חשבון פֿון זיין יונגלשן עלטער און האָט געזאָגט:

— פּוליאַנען בראָט מען אויפֿן פֿייער...

— וועלן די הינט האָבן געבראָטנס!—האָט הער זאַגלאָבא איבערגעהאַקט.

— ...און ער זאָגט אויס וואָס ער ווייס. די אונטערהאַנדלונגען זענען איבערגעריסן. דער וואָיעוואָדא פֿון ברוסילאוו איז שיער נישט פֿון זינען אַראָפּ. כמיעל גייט מיט דער גאַנצער מאַכט קשיוואָנאָסן צו הילף.

— כמיעל? וואָס איז דאָס אַזוינס כמיעל? ווער האָט דאָ מורא פֿאַר כמיעלן? מיר לאַכן פֿון כמיעלן!... — האָט הער

---

*) פּוליאַן—פּ ו ל אויף פּויליש: האַלב, יאַן—אַ נאָמען.

זאַגלאָבא געזאָגט און דערביי געקוקט אויף אַלע מיט שטאָלץ.

— כמי׳ל, הייסט עס, גייט, אָבער קשיוואָנאָס האָט אויף אים נישט געוואַרט און דערפאַר האָט ער פאַרשפּילט...

— ער האָט געשפּילט, געשפּילט, — ביז ער האָט פאַרשפּילט...

— זעקס טויזנט קאָזאַקן זענען שוין אין מאַכנווקע. באָהון פירט זיי.

— ווער? ווער? — האָט מיט אַמאָל זאַגלאָבא געפרעגט מיט אַגאַנץ אַנדערער שטים.

— באָהון.

— סקאָן נישט זיין!

— אַזוי דערציילט פּוליאַן.

— אָט האָסטו דיר אַ עסק! — האָט הער זאַגלאָבא יאָמערלעך אויסגערופן — ווען קאָנען זיי דאָ זיין?

— אין דריי טעג אַרום. אָבער גייענדיק צו דער שלאַכט, וועלן זיי זיך נישט אַזוי איילן, כדי די פערד זאָלן נישט פאַרמאַטערט ווערן.

— אָבער איך וועל מיך איילן! — האָט דער שלאַכטשיץ געברומט. — הימלישע מלאכים, ראַטעוועט מיך פון דעם דאָזיקן גזלן. כ׳וואָלט גערן אָפּגעגעבן מיין פאַרכאַפּטע פּאָן, אַבי דער דאָזיקער רשע זאָל צוברעכן האַלז און נאַקן, נאָך איידער ער וועט דאָ אַהערקומען. איך האָף, אַז מיר וועלן אויך דאָ לאַנג נישט וואַרטן. מיר האָבן געוויזן קשיוואָנאָסן, וואָס מיר קאָנען, און איצט איז צייט זיך אויסצורוען. כ׳האָב אַזוי פיינט דעם דאָזיקן באָהון, אַז אָן עקל קאָן איך זיין טייוולאָנישן נאָמען ניט דערמאָנען. איך האָב גוט צוגעטראָפן! כ׳האָב נישט געקאָנט זיצן אין באַר? דער שד האָט מיך דאָ אַהערגעטראָגן...

— שרעק זיך נישט — האָט סקשעטוסקי שטיל געזאָגט — וואָרום ס׳איז אַ בושה! צווישן אונז וועט אייך גאָרנישט געשען.

— ס׳וועט מיר גאָרנישט געשען? איר קענט אים נישט! ער קריכט שוין אפשר צו אונז ערגיץ צווישן די פייער-הויפנס,

(דאָ האָט הער זאַגלאָבאַ זיך אומרויִק אַרומגעקוקט). און אויף אייך איז ער פּונקט אַזוי אויפגעבראַכט, ווי אויף מיר.

— הלואי זאָל איך מיך מיט אים באַגעגנען! — האָט הער סקשעטוסקי געזאָגט.

— אויב דאָס זאָל זיין אַ גליק, בין איך עס מוחל. איך וויל אים גערן, אַלס קריסט, פאַרגעבן אַלע עוולות, נאָר מיטן תּנאי, אַז מען זאָל אים מיט צוויי טעג פריער אויפהענגען. איך שרעק מיך נישט, אָבער איר וועט אפילו נישט גלויבן, וואָס פאַר אַ אומגעווינלעכער עקל עס כאַפּט מיך אָן! כ'האָב ליב צו וויסן, מיט וועמען איך האָב צו טון: מיט אַ שלאַכטשיץ, איז מיט אַ שלאַכטשיץ, מיט אַ פּויער, איז מיט אַ פּויער; אָבער דאָס איז עפּעס אַ גלגול פון אַ שד, מיט וועלכן מען ווייס נישט ווי אַזוי זיך נוהג צו זיין. איך האָב דאָך אים אָפּגעטון נישט קיין לייכטע שטיקלעך, אָבער ווען איך האָב אים דעם קאָפּ אַרומגעבונדן האָט ער אָנגעשטעלט אַזעלכע אויגן, אַז איך קאָן זיי אייך גאָרנישט באַשרייבן און אין דער מינוט פון יציאת־נשמה וועל איך זיי נאָך געדענקען. כ'וויל נישט וועקן דעם שד, כל־זמן ער שלאָפט, נאָר איין מאָל העלפט אַ חכמה. און אייך וועל איך אויך זאָגן, אַז איר זענט אומדאַנקבאַר און האָט גאָרנישט אין זין דאָס אָרעמע מיידל...

— ווי פאַלט איר עפּעס אויס?

— ווייל — האָט הער זאַגלאָבאַ געזאָגט, אוועקרופנדיק דעם ריטער פון פייער־הויפן — איר זענט בלב ונפש אַריינגעטון אין די קריגס־ענינים און האַלט אין איין מלחמה־האַלטן, און זי דאָרט באַגיסט זיך יעדן טאָג מיט טרערן און קוקט אויס אומזיסט אויף אייער תּשובה. אַן אַנדערער אויף אייער אָרט וואָלט שוין געווען מי־יודע וואָס אויפגעטון און וואָלט שוין זיכער מיך געוועזן אַרויסגעשיקט צו איר, ווען ער וואָלט זי נאָר אויף אַן אמת ליב געהאַט און זיך דערבאַרעמט איבער איר פאַרבענקטער נשמה.

— האָט איר, הייסט עס, בדעה צוריקצוקערן קיין באַר?

— אַפילו שוין היינט, ווייל עס איז מיר אויך אַ רחמנות

אויף איר. הער יאַן האָט זיינע פֿאַרבענקטע אויגן אויפֿגעהויבן צו די שטערן און אַזוי געזאָגט:

— זייט מיך נישט חושד אין אַ נישט אמתער ליבע, ווייל גאָט איז מיין עדות, אַז איך נעם נישט קיין שטיקל ברויט אין מויל אַריין און פֿאַרמאַך נישט מיינע אויגן צום שלאָף, אַז איך זאָל פֿריער נישט טראַכטן וועגן איר, און פֿאַר קיינעם קאָן מיין האַרץ נישט זיין אַזאַ שטענדיקער געסט, ווי פֿאַר איר. און אויב איך האָב אייך נישט אַרויסגעשיקט מיט אַ תשובה, איז עס דערפֿאַר, וואָס איך האָב אַליין געוואָלט פֿאָרן, כדי צו באַרויקן מיין בענקשאַפֿט און זיך אָן שום שהיות צו פֿאַרבינדן מיט איר דורך אַ אייביקן בונד: און עס זענען נישטאָ אַזעלכע פֿליגל אויף דער וועלט און נישט אַזאַ פֿלי, מיט וועלכע איך וואָלט נישט וועלן פֿליען אַהין, צו מיין אָרעמען מיידל...

— און פֿאַרוואָס פֿליט איר נישט?

— ווייל פֿאַר דער שלאַכט האָט מיר דאָס נישט געפּאַסט צו טון. איך בין אַ זעלנער און אַ שלאַכטשיץ, און דעריבער דאַרף איך שוינען מיין כבוד...

— אָבער היינט איז דאָך נאָך דער שלאַכט, אזוי... קאָנען מיר דאָך זיך לאָזן אין וועג אַריין, אַפֿילו שוין באַלד...

הער יאַן האָט אָפּגעזיפֿצט.

— מאָרגן וועלן מיר אָנגרייפֿן קשיוואָנאָסן...

— דאָס, זעט איר גנעדיקער הער, פֿאַרשטיי איך נישט. איר האָט צוקלאַפּט דעם יונגן קשיוואָנאָס, איז געקומען דער אַלטער קשיוואָנאָס; איר וועט צוקלאַפּן דעם אַלטן קשיוואָנאָס, וועט קומען דער יונגער, יענער דאָרט... (כ'זאָל עס אין אַ בייזער שעה נישט אַרויסרעדן)... באָהון; איר וועט אים צוקלאַפּן, וועט קומען כמיעלניצקי. צום טייוול! אויב עס וועט אַזוי גיין, איז דאָך שוין בעסער, אַז איר זאָלט מיט אַמאָל בשותּפֿות מאַכן מיטן הער פֿאָדביפּיענטאַ; וועט זיין אַ תם און צניעות פּלוס הער סקשעטוסקי, בסך-הכּל: צוויי תּמען און צניעות. לאָזט בעסער צורו, ווייל בנאמנות, איך וועל זיין דער ערשטער, וואָס וועט אָנרעדן דאָס פֿריילין, אַז זי זאָל אייך אַרויסשטעקן אַ

צינג, און דאָרט איז דאָך הער יענדזשעי פּאַטאָצקי, וואָס אַז ער דערזעט זי, שפּריצן אַזש פונקן פון זיינע אויגן, און אָט-אָט דוכט זיך, וועט ער אַ הירזשע-טאָן ווי אַ פערד. טפו, צום טייוול! ווען עס זאָל מיר דאָס זאָגן עפּעס אַ צוציקל, וואָס איז נאָך קיינמאָל אין אַ מלחמה נישט געווען און דאַרף זיך ערשט פאַרשאַפן רום, וואָלט איך נאָך פאַרשטאַנען, אָבער נישט איר, וואָס האָט זיך אָנגעזאַפּט מיט בלוט, ווי אַ וואָלף, און ביי מאַכנווקאַ, ווי מ'האָט מיר געזאָגט, האָט איר דערהרגעט עפּעס אַ מחבל פון גיהנום, אָדער אַ מענטשן-פרעסער. נישט אַנדערש, נאָר דאָס בלוט האָט אייך אַזוי פאַרשמעקט, אַז איר גאַרט מער נאָך בלוט, איידער נאָך אַ ווייב...

הער סקשעטוסקי האָט נישט ווילנדיק אַ קוק געטון אויף די לבנה, וועלכע האָט געשווומען אויפן הויכן פינקלדיקן הימל, ווי אַ זילבערן שיפל איבערן לאַגער.

— איר האָט אַ טעות — האָט ער געזאָגט אין אַ ווײלע אַרום — נישט דאָס בלוט האָט מיר פאַרשמעקט, און אויך נישט נאָך כבוד יאָגט איך מיך, נאָר עס פּאַסט מיר נישט צו פאַרלאָזן מיינע חברים אין דער שווערער נויט, ווען מיין פּאָלק דאַרף זיך שטעלן צו דער שלאַכט. דאָס איז אַ פראַגע פון ריטערלעכן כבוד, און דאָס איז אַ הייליקע זאַך. וואָס שייך די מלחמה, וועט זי זיך אַוודאי פאַרציען, ווייל דאָס לומפּן-געזינטל האָט זיך שוין צופיל צעוואַקסן; אויב אָבער כמיעלניצקי גייט קשיוואָנאָסן צו הילף, וועט זיין אַ הפסקה. אָדער קשיוואָנאָס וועט אונז מאָרגן געבן אַ געלעגנהייט צו אַ שלאַכט, אָדער נישט. אויב ער וועט געבן, וועט ער מיט גאָטס הילף באַקומען אַ פערדינטן פּסק, און שפּעטער וועלן מיר מוזן גיין אין אַ רויִקער לאַנד כדי זיך אַביסל אויסצורוען, וואָרום שוין צוויי חדשים, ווי מיר שלאָפן נישט, עסן נישט, נאָר מיר שלאָגן זיך און שלאָגן זיך, נישט האָבנדיק קיין דאַך איבערן קאָפּ נישט בייטאָג און נישט ביינאַכט, און אויסגעשטעלט אויף די סכנות פון שטורמען און גאַס-רעגנס. דער פירשט איז אַ גרויסער פירער, אָבער אויך אַ קלוגער. ער וועט זיך נישט וואַרפן אויף כמיעלניצקין מיט אַ

פאַר טויזנט מענטשן קעגן צענדליקער טויזנטער. איך ווייס שוין, אַז ער וועט גיין קיין זבאַראַזש, דאָרט וועט ער אָפּפריִשן זיינע כּוחות, אָנקלייבן נייע זעלנער, די שלאַכטע פון דער גאַנ־צער רעפּובליק וועט זיך צו איִם צוזאַמענלויפן — און עוֹרשט דעמאָלט וועלן מיר צוטרעטן צו דער גענעראַל־שלאַכט. מאָרגן איז דעריִבער דער לעצטער אַרבייטס־טאָג, און איבערמאָרגן וועל איך שוין קאָנען מיִט אַ ריין געוויסן פאָרן מיט אייך קיין באַר. אין כּדי אייך צו בארויקן, קאָן איך אייך נאָך זאָגן, אַז באָהון וועט בשום אופן נישט באַווייזן אויף מאָרגן אַהערצוקומען אַזוי אַז ער וועט אין דער שלאַכט זיך נישט באַטייליקן, און ווען אפילו ער וואָלט זיך יאָ באַטייליקט האָף איך, אַז זיין פויערי־שער שטערן וועט נישט בלויז צנטקעגן דעם פירמשלעכן, נאָר אויך אַנטקעגן מיין ריטערלעכן שטערן פאַרבלאַסט ווערן.

— אַ מיאוסע בריאה איז דאָס! כ׳האָב אייך שוין גע־זאָגט, אַז איך האָב נישט ליב קיין געשטופּ, אָבער ער איז נאָך ערגער פון אַ געשטופּ, הגם, ווי געזאָגט, ער רופט אַרויס ביי מיר מער עקל איידער מורא אָבער גוט, לאָמיר וועגן דעם מער נישט ריידן. מאָרגן הייסט עס, וועלן מיר שינדן די הויט פון די פויערן, און שפּעטער היידאַ קיין באַר! אָ! ווי אירע שיינע אויגן וועלן שמייכלען, אַז זי וועט אייך הערן ריידן; אָ! ווי אירע בעקלעך וועלן זיך צופלאַמען! און ווייסט איר, מיין הער, אַז אויך איך האָב זיך פאַרבענקט נאָך איר, ווייל איך האָב זי ליב ווי אַ פאָטער. און ס׳איז נישט קיין חידוש. קיין געזעצ־לעכע קינדער האָב איך נישט. די נחלה איז ווייט, ווייל זי ליגט אַזש אין טערקיי, ווו די געצן־דינערישע קאָמיסאַרן צו־גנבענען זי, און איך אַליין לעב ווי אַ יתום אויף דער וועלט, און אויף דער עלטער וועל איך אודאי מוזן גיין צום הער פאַדביפּיענטאַ אַלס רעזידענט קיין מישיקישקי.

— ניט אַזוי וועט עס זיין, זאָל אייך דער קאָפּ וועגן דעם נישט ווייטון. פאַר דעם, וואָס איר האָט פאַר אונז געטון, וועלן מיר נישט קאָנען גענוג אייך אָפּדינען.

דעם ווייטערדיקן שמועס האָט איבערגעהאַקט עפּעס אַ

אָפּיִציר, וועלכער איִז גראָד פֿאַרבייגעגאַנגען האָרט נעבן זיי און געפֿרעגט:

— ווער שטייט דאָס דאָרט?

— ווייערשול! — האָט סקשעטעוסקי אויסגערופֿן, דערקענענדיק איִם לויטן קול — שוין צוריִק פֿון דער אויספֿירונג?

— יאָ, און איצט פֿון פּירשט.

— און וואָס הערט מען דאָרט?

—מאָרגן וועט זיין אַ שלאַכט. דער שׂונא פֿאַרברייטערט די דאַמבע, לייגט בריִקן אויפֿן סטיר און סלוטש, ווי־לנדיק זיך דוקא אַריִבערקריִגן צו אונז.

— און וואָס זאָגט דער פּירשט דערצו?

— דער פּיִרשט האָט געזאָגט: גוט!

— און גאָרנישט מער?

— גאָרניִשט. ער האָט נישט געהייסן שטערן, און דאָרט אַרבייטן די העק שוין מעשים! ביִז איִן דער פֿריִ וועלן זיי יאַרבייטן.

— אַ אויסזאָגער האָסטו געפֿאַקט?

— כ׳האָב געכאַפּט זיבן אויסזאָגער. אַלע דערציילן, אַז וועגן כמיעלניִצקין האָבן זיי געהערט, אַז ער גייט, אָבער ער זאָל נאָך זיין זייער ווייט. וואָס פֿאַר אַ נאַכט!

— לייכטיק ווי בייטאָג. און וואָס מאַכסטו נאָכן פֿאַלן?

— די ביינער טוען וויי. כ׳גיי דאַנקן אונזער הערקולעסן, און שפּעטער שלאָפֿן, ווייל כ׳בין מיד. כ׳זאָל כאָטש אַ צוויי שעה קאָנען דורכדריִמלען!

— אַ גוטע נאַכט!

— אַ גוטע נאַכט!

— גייט אויך איר — האָט הער סקשעטעוסקי געזאָגט צו זאַגלאָבאַן — ס׳איִז שפּעט, און מאָרגן וועט מען דאַרפֿן אַרבייטן.

— און איבערמאָרגן פֿארן — האָט הער זאַגלאָבאַ דערמאנט.

זיי זענען אַוועקגעגאַנגען און נאָכדעם ווי זיי האָבן געזאָגט די תפלות האָבן זיי זיך געלייגט נעבן פֿייער. אינגיכן האָבן זיך די פֿייער-הויפֿנס אייך גענומען לעשן איינס נאָכן אַנדערן! דער לאַגער איז איינגעהילט געוואָרן אין פֿינסטערניש — און נאָר די לבנה האָט געוואָרפֿן אויף אים אירע זילבערנע שטראַלן, מיט וועלכע זי האָט באַלויכטן וואָס אַמאָל ברייטער און ווייטער די שלאָפֿנדיקע מענטשן-גרופּן. די שטילקייט איז איבערגעריסן געוואָרן נאָר דורך דער אַלגעמיינער, מעכטיקער כראָפּעריי און דורך די קולות פֿון די זעלנער. וואָס זענען געשטאַנען אויף דער וואַך הינטערן לאַגער.

אָבער דער שלאָף האָט נישט אויף לאַנג פֿאַרמאַכט די מידע אויגן פֿון די זעלנער. קוים איז נאָר דער ערשטער זונשטראַל געפֿאַלן אויף די נאַכט-שאָטנס, האָט אין אַלע עקן פֿון לאַגער אָפּגעהילכט דאָס שאַלן פֿון טרומייטן, וועלכע האָבן גערופֿן אויפֿצושטיין.

מיט אַ שעה שפּעטער האָט דער פֿירשט, צו דער גרויסער פֿאַרוווּנדערונג פֿון אַלע ריטער, זיך צוריקגעצויגן אויף דער גאַנצער ליניע.

# 16 קאַפּיטל.

אָבער דאָס איז געווען אַ צוריקציען־זיך פֿון אַ לייב, וועלכער דאַרף האָבן פֿרייען פּלאַץ צום שפּרונג.

דער פּירשט האָט מיט אַ כּיון געלאָזט קשיוואָנאָסן אַריבערגיין דעם טייך, כּדי ער זאָל אים קאָנען פֿאַרשאַפֿן אַ וואָס גרעסערע מפּלה. אין סאַמע אָנהויב פֿון דער שלאַכט האָט ער אַ טרייב געטון די פֿערד און גענומען כּלומרשט אַנטלויפֿן. דערזעענדיק דאָס, האָבן די קאָזאַקן און דער המון צורודערט זייערע רייען און זיך געלאָזט נאָך אים יאָגן און אַרומרינגלען. דעמאָלט האָט דער פּירשט מיט אַמאָל זיך אַרויסגעדרייט און מיט דער גאַנצער קאַוואַלעריע איז ער זיי מיט אַמאָל באַפֿאַלן אַזוי מוראדיק, אַז זיי האָבן קיין איין ווײַלע נישט געקאָנט שטעלן קיין ווידערשטאַנד. מ׳האָט זיי געיאָגט אויף אַ מהלך פֿון אַ מייל ביז צום אַריבערגאַנג, שפּעטער דורך די בריקן, דאַמבעס און אַ האַלב מייל אַזש ביז צום לאַגער, האַקנדיק און קוילנדיק אָן רחמנות. און דער העלד פֿון דעם דאָזיקן טאָג איז געווען דער זעכצן־יעריקער הער אַקסאַק, וועלכער איז דער ערשטער באַפֿאַלן און האָט דער ערשטער אַרויסגערופֿן די מהומה, נאָר מיט אַזאַ אויסגעבילדעטן און אויסגעפּרוווטן חייל האָט דער פּירשט זיך געקאָנט באַנוצן מיט אַזעלכע המצאות און מאַכן דעם אָנשטעל, אַז ער אַנטלויפֿט, וואָרום אין יעדער אַנדערער אַרמיי וואָלט אַזאַ קאַטאָוועס געקאָנט פֿאַרוואַנדלט ווערן אין אַ רעכטן אמת. דער צווייטער טאָג האָט זיך אויסגעלאָזט מיט אַ נאָך פֿיל שווערערער מפּלה פֿאַר קשיוואָנאָסן. עס זענען פֿאַרכאַפּט געוואָרן אַלע פֿעלד־האַרמאַטן, אַ סך פֿאָנען, דערונטער בערך צוואַנציק קרוין־פֿאָנען, וואָס זענען דורך די זאַפּאָראָזשער גענומען געוואָרן אין קאָרסון, ווען קאָניצפּאָלסקי און פּאָטאָצקי... 

גייער אין ווורצעלט האַרמאַטן וואָלטן געקאָנט אָניאָגן די קאַוואַלעריע וואָלט מען מיט איין קלאַפּ גענומען אויף דעם לאַגער.

אָבער ביז זיי זענען אָנגעקומען איז געוואָרן נאַכט און דער שונא האָט זיך שוין געהאַט שטאַרק דערווייטערט, אַזוי אַז עס איז שוין נישט מעגלעך געווען אים אָנצויאָגן. פונדעסטוועגן האָט זאַטשוויליכאָווסקי פאַרכאַפּט אַ האַלבן לאַגער מיט געוואַלדיקע זאַפּאַסן פון געווער און לעבנסמיטלען. דער המון האָט שוין צוויי מאָל געהאַט געכאַפּט קשיוואָנאָסן און אים געוואָלט אַרויסגעבן דעם פירשט, אָבער ער האָט אים צוגעזאָגט תיכף־ומיד צוריק־צוקערן צו כמיעלניצקין און דערמיט איז ער קוים ניצול געוואָרן פון זיינע הענט. ער איז טאַקע אַנטלאָפן מיט איבעריקן האַלבן לאַגער, אַ צוקלאַפּטער, אַ צושלאָגענער, אַ פאַריאושטער און זיך אָפּגעשטעלט ערשט אין מאַכנוווקא, ווו כמיעלניצקי האָט באַלד נאָך זיין אָנקומען, אין דער רגע פון ערשטן כעס־אויסברוך, אים געהייסן פאַרן האַלדז צושמידן אויף אַ קייט צו אַ האַרמאַט.

און ערשט ווען דער ערשטער כעס איז געשטילט געוואָרן, האָט דער זאַפּאָראָזשער העטמאַן זיך דערמאָנט, אַז דער אומגליקלעכער קשיוואָנאָס האָט דאָך גאַנץ וואָלין בעגאָסן מיט בלוט, אַז ער האָט איינגענומען זאָלאָנצע, האָט טויזנטער נפשות פון דער שלאַכטע אַרויסגעשיקט אויף יענער וועלט און זייערע קערפּערס נישט געלאָזט צו קבורה ברענגען און אַז ער האָט אומעטום אָפּגעהאַלטן נצחונות, ביז ער האָט זיך נישט באַגעגנט מיט יערעמין. פאַר די דאָזיקע פאַרדינסטן האָט זיך דער זאַפּאָראָזשער העטמאַן דערבאַרעמט איבער אים און נישט בלויז אים באַלד געהייסן אָפּשמידן פון האַרמאַט, נאָר נאָך אים צוריק געגעבן די קאָמאַנדע און אַרויסגעשיקט קיין פּאָדאָל אויף נייע נצחונות און נייע שחיטות.

און ביני־לביני האָט דער פירשט געגעבן זיין חיל דעם אַזוי לאַנג געגאַרטן אָפּרו. אין דער לעצטער שלאַכט האָט אויך דאָס דאָזיקע חיל געליטן גרויסע אבדות, בעזונדערס ביי די

איבערפֿאַלן פֿון די רייטער אויפֿן לאַגער, הינטער וועלכן די קאָזאַקן האָבן זיך פֿאַרטיידיקט מיט מסירות-נפֿש און געשיקטקייט, כ'וועגען דעמאָלט געפֿאַלען ביז פֿינף הונדערט זעלנער. פֿאָלקאָווניק מאָקרסקי, אַ שווער פֿאַרוווּנדעטער, האָט אינגיכן אויסגעהויכט זיין נשמה? לייכט פֿאַרוווּנעט זענען געוואָרן אויך הער קושעל און פּאַלאַנאָווסקי און דער יונגער הער אַקסאַק. און הער זאַגלאָבא, וועלכער האָט נאָכדעם, ווי ער האָט זיך צוגעוואוינט צום געשטופּ, העלדיש זיך געשלאָגן צוזאַמען מיט אַנדערע, האָט צוויי מאָל געכאַפּט קלעפּ מיט אַ דרעש-שטעקן, האָט באַקומען אַ וווּנד אין רוקן און נישט קאָנענדיג רירן מיט קיין אבר, איז ער געלעגן, ווי אַ טויטער, אויף הער סקשעטוסקיס קאַרעטע.

אין אַזוי האָט דער גורל צונישט געמאַכט דעם פּלאַן פֿון דער נסיעה קיין באַר, ווייל זיי האָבן זיך נישט געקאָנט באַלד לאָזן אין וועג אַריין, בפֿרט אַז דער פֿירשט האָט בראש פֿון צוויי פֿאָלקן אַרויסגעשיקט דעם הער סקשעטוסקי אַזש ביז זאַסלאַוו, כּדי דאָרט צופֿאַרטיליקן די פֿאַרזאַמעלטע קופּעס פֿון פּויערן. דער ריטער האָט זיך געלאָזט אין וועג אַריין, נישט דערמאָנענדיק קיין וואָרט פֿאַרן פֿירשט וועגן באַר, און אין משך פֿון פֿינף טעג האָט ער געבּרענט און געקוילעט ביז ער האָט נישט ריין-געמאַכט די גאַנצע געגנט.

צום סוף זענען זיינע מענטשן זייער פֿאַרמאַטערט געוואָרן פֿון די כסדרדיקע מלחמות, ווייטע מאַרשן, פֿאַרבראָכענע איבערפֿאַלן, אָן שלאָף פֿאַרבראַכטע נעכט, און ער האָט דעריבער באַשלאָסן צוריקצוקערן צום פֿירשט, וועגן וועלכן ער האָט געהאַט אַ ידיעה, אַז ער איז אַוועק קיין טאַרנאָפּאָל.

ערב דעם צוריקקער האָט הער יאַן זיך פֿאַרהאַלטן אין סוכאָזשינצע ביים כאָמאָר און איבערלאָזנדיק די פֿאָלקן אין דאָרף, איז ער אַליין אַוועק אין אַ פּויערישע כאַטע אויף נאַכטלעגער און אַזוי ווי ער איז געווען שטאַרק מיד פֿון דער אומאויפֿהערלעכער אַרבייט, איז ער באַלד איינגעשלאָפֿן און פֿעסט דורכגעשלאָפֿן די גאַנצע נאַכט.

באַגינען, ווען ער איז נאָך געווען האַלב-פֿאַרשלאָפֿן, האַלב וואַך, האָבן פֿאַרשיידענע געדאַנקען און חלומות גענומען זיך ראַיען אין זיין קאָפּ. משונהדיקע בילדער האָבן זיך דורכגערוקט פֿאַר זיינע אויגן. צו ערשט האָט זיך אים געדוכטן, אַז ער איז אין לובני, אַז עס איז גאָר קיינמאָל פֿון דאָרט נישט אַרויסגעפֿאָרן, אַז ער שלאָפֿט אין זיין שטוב אין וואַפֿן-הויז און אַז זשענדזשאַן, ווי תמיד אין דער פֿרי, פּאָרעט זיך אַרום זיינע מלבושים און גרייט זיי אים צו צום אויפֿשטיין.

ביסלעכווייז אָבער האָט די ווירקלעכקייט גענומען פֿאַרטרייבן די דמיונות. דער ריטער האָט זיך דערמאָנט, אַז ער איז אין סוכאָזשינצע און נישט אין לובני — נאָר איין געשטאַלט פֿון יונגל איז נישט צורונען געוואָרן אין נעבל, און הער סקשעטוסקי האָט אים כסדר געזען, ווי ער זיצט ביים פֿענסטער און ציט אויס די לעדערלעך פֿון פּאַנצער, וועלכע זענען פֿון דער היץ געווען שטאַרק צוזאַמענגעצייגן

ער האָט אָבער אַלץ געמיינט, אַז ער זעט דאָס אַלץ אין חלום, און ער האָט דעריבער אויפֿסניי פֿאַרמאַכט די אויגן.

אין אַ ווײַלע אַרום האָט ער זיי אויפֿגעמאַכט. זשענדזשאַן איז אַלץ געזעסן ביים פֿענסטער.

— זשענדזשאַן! — האָט הער יאַן אויסגעשריגן — דו ביסט עס, אָדער דיין גייסט?

און דאָס יונגל האָט זיך איבערגעשראָקן פֿון דעם אומגעריכטן רוף, אַז דער פּאַנצער איז אַזש מיט אַ געקלאַנג אַראָפּגעפֿאַלן אויף די ערד. ער האָט פֿאַנאַנדערגעשפּרייט די הענט און געגאָזט:

— אָ, גאָט מיינער! פֿאַרוואָס שרייט איר אַזוי, גנעדיקער הער? ווּ ס פֿאַראַ גייסט! איך לעב און בין געזונט!

— און די ביסט צוריק געקומען?

— איר האָט דען מיך אַרויסגעטריבן?

— קום נאָר דאָ אַהער צו מיר, לאָמיך דיך אַרומנעמען!

דאָס געטרייע יונגל איז צוגעלאָפֿן צו זיין האַר און אים

ארומגעוומען פאַר די קני, און הער סקשעטוסקי האָט אים גע־קושט אין קאָפּ מיט גרויסער שמחה און איבערגעחזרט:

— דו לעבסט! דו לעבסט!

— אָ, מיין גנעדיקער האַר! איך קאָן נישט ריידן פון גרויס שמחה, וואָס איך זע נאָך דעם גנעדיקן האַר אַ לעבעדיקן און אַ געזונטן... אָ, גאָט מיינער!.. נאָר דער גנעדיקער האַר האָט אַזאַ געשריי געטון, אַז כ׳האָב אַזש דעם פאַנצער אַרויס־געלאָזט... די לעדערלעך האָבן זיך צוזאַמענגעצויגן... אַ פּנים, אַז דעם גנעדיקן האַר האָט קיינער נישט באַדינט. אַ לויב דיר, גאָטעניו, אַ לויב... אָ מיין געליבטער האַר!

— ווען ביסטו דאָס געקומען?

— היינט ביינאַכט.

— און פאַרוואָס האָסטו מיך נישט אויפגעוועקט?

— אַ! איך האָב געזאָלט אויפוועקן?! אין דער פרי בין איך געקומען נעמען די מלבושים...

— פון וואַנען ביסטו געקומען?

— פון הושטשא.

— וואָס האָסטו דאָרט געטון? וואָס האָט מיט דיר פּאַסירט? זאָג, דערציילן!

— זעט איר, גנעדיקער הער, ס׳זענען געקומען קאָזאַקן קיין הושטשא ראַבירן און ברענען דעם הער וואָיעוואָדא פון בראַצ־לאַוו, און איך בין שוין דאָרט פריער געווען, ווייל איך בין דאָרט אָנגעקומען מיטן פאָטער פּאַטראָני לאַסקאַ, וועלכער האָט מיך מיטגענומען צו כמיעלניצקין קיין הושטשא; ווייל דער הער וואָיעוואָדא האָט אים געשיקט מיט בריוו צו כמיעלניצקין. האָב איך זיך געקליבן מיט אים צוריקצוקערן, און איצט האָבן די קאָזאַקן פאַרברענט הושטשא און דעם פאָטער פּאַטראָני, פאַר זיין צוגעבייגטקייט צו אונז, האָבן זיי דערהרגעט, און דער זעלבער גורל וואָלט אויך זיכער געטראָפן דעם הער וואָיעוואָדא, ווען ער וואָלט זיך דאָרט געפינען, הגם ער איז אויך געווען אַ גאָטס־פאָרכטיקער און האָט מיט זיי געטון אַ סך חסדים...

אָבער רייד קלאָר און מיש נישט צונויף פאַרשיידענע זאַכן,

ווייל איך קאָן נישט פאַרשטיין. דו ביסט, הייסט עס, געווען ביי די קאָזאַקן, ביי כמיעלן, אָדער ווי דאָרט?

— אודאי בין איך געווען ביי די קאָזאַקן, ווייל בעת זיי האָבן מיך פאַרהאַלטן אין טשעכרין האָבן זיי מיך באַטראַכט פאַר אַ אייגענעם און געהאַלטן ביי זיך. אָבער זאָל זיך דער גנעדיקער הער אָנטאָן. גאָט מיינער, אַלץ איז אַזוי פאַרוואָרלאָזט, אַז ס'איז נישטאָ וואָס צו נעמען אין די הענט אַריין... אַז עס זאָל דיך... גנעדיקער הער, זאָל זיך דער גנעדיקער הער נישט בייזערן, וואָס איך האָב דעם בריוו, וועלכן דער גנעדיקער הער האָט געשריבן פון קודאַק, נישט אָבגעגעבן אין ראָזלאָגי, אָבער דער גזלן באָהון האָט מיר אים אַרויסגעריסן; ווען נישט דער דיקער שלאַכטשיק, וואָלט איך אויך דאָס לעבן פטור געוואָרן.

— כ'ווייס, כ'ווייס. דו ביכט נישט שולדיק. דער דאָזיקער דיקער שלאַכטשיץ געפינט זיך איצט אין לאַגער. ער האָט מיר דערציילט אַלץ גענוי, ווי אַזוי ס'איז געשען; ער האָט אויך דאָס פריילין ביי באָהונען אַרויסגעגנבעט און איצט לעבט זי בשלום אין באַר.

— אַ! געלויבט איז גאָט! איך האָב שוין געוווסט, אַז באָהון האָט זי נישט באַקומען. וועט מסתמא בקרוב שוין זיין אַ חתונה?

— אודאי, פון דאַנען לאָזן מיר זיך באַלד לויטן באַפעל קיין טאַרנאָפאָל, און פון דאָרט קיין באַר.

— געלויבט איז גאָט אין הימל. ער וועט זיך אודאי אויפהענגען — דער דאָזיקער באהון — אָבער אים האָט שוין אַ כישוף־מאַכערין נביאות געזאָגט, אַז ער וועט קיינמאָל נישט באַקומען די, וועגן וועלכער ער טראַכט, און אַז זי וועט געהערן צו אַ ליאַך, און דער דאָזיקער ליאַך — דאָס זענט איר מסתמא.

— פון וואַנען ווייסטו דאָס אַלץ?

— ווייל כ'האָב געהערט. איך מוז דעם גנעדיקן הער דערציילן אַלץ מיט אַלע פרטים, און דער גנעדיקער האַר זאָל זיך דערווייל אָנטון, ווייל מ'קאָכט שוין פרישטיק פאַר אונז.

און אָט ווען איך בין מיט יענעם שיפֿל אַרויסגעפֿאָרן פֿון קודאַק, זענען מיר געפֿאָרן שרעקלעך לאַנג, ווייל מיר זענען געפֿאָרן וואַסער־אַראָפּ, און דערצו נאָך איז דאָס שיפֿל קאַליע געוואָרן און מ׳האָט עס געמוזט צורעכט־מאַכן. זענען מיר געפֿאָרן, הייסט עס, געפֿאָרן, גנעדיקער האַר, געפֿאָרן...

— געפֿאָרן, געפֿאָרן... — האָט הער יאַן אַ אומגעדולדי־קער נאָכגעזאָגט.

— און מיר זענען אָנגעקומען קיין טשעכרין. און וואָס עס האָט מיט מיר דאָרט געטראָפֿן, ווייסט שוין דער גנעדיקער האַר.

— ווייס איך שוין.

— און אָט ליג איך אַזוי אין שטאַל און זע ניט גאָרניט וועלט פֿאַר די אויגן. און מיט אַ מאָל, באַלד נאָך באָהונס פֿ־פֿאָרן, איז אָנגעקומען כמיעלניצקי מיט אַ געוואַלדיקער זאַפּאָ־ראָזשער אַרמיי. און אַזוי ווי דער הער גרויס־העטמאַן האָט פֿריִער געהאַט באַשטראָפֿט די טשעכריִנער איינוווינער פֿאַר זייער צוגענייגטקייט צו די זאַפּאָראָזשער און אין דער שטאָט זענען געווען אַ סך צושלאָגענע און פֿאַרוווּנדעטע מענטשן, האָבן זיי געמיינט, אַז איך בין אויך איינער פֿון זיי און דערפֿאַר האָבן זיי ניִשט בלויז מיך נישט דערהרגעט, נאָר נאָך מיט מיר געטון חסדים, פֿאַרבונדן די וווּנדן און ניִשט דערלאָזט, אַז די טאָ־טערס זאָלן מיך צונעמען, הגם זיי דערלויבן זיי אַלץ צו טון. אַז איך בין נאָך דעם אַלעם געקומען צו זיך, האָב איך מיר געטראַכט, וואָס איך זאָל דאָ טון? און די דאָזיקע גזלנים זענען דערווייל אוועק קיין קאָרסון און דאָרט צעקלאַפּט די הערן העטמאַנעס. אָ, גנעדיקער האַר, וואָס מיינע אויגן האָבן זיך אָנגעזען, דאָס לאָזט זיך גאָרנישט באַשרייבן! און זיי ווידער האָבן זיך גאָרנישט געהיטן און ניִשט אַרויסגעוויזן קיין ברעקל בושה, בפֿרט, אַז זיי האָבן מיך געהאַלטן פֿאַר אַן אייגענעם. און איך טראַכט מיר: אַנטלויפֿן, אָדער ניִשט אַנטלויפֿן? אָבער כ׳האָב געזען, אַז ס׳איז זיכערער צו בלייבן, ביז עס וועט זיך ניִשט מאַכן אַ בעסער געלעגנהייט. און ווען זיי האָבן אָנגעהויבן צו־

נויפצופירן פון קאָרסון די גאָלד=געשטיקטע זייד=וואַרגען, זילבערנע כּלים, קרעדענסן, טי־ערע שטייגער.. אוי! אוי! גנעדיקער האַר — כ׳האָב געמיינט, אַז דאָס האַרץ פּלאַצט מיר אין די אויגן קריכן מיר פון קאָפּ אַרויס. און די דאָזיקע רוצחים האָבן פאַרקויפט זעקס זילבערנע לעפל פאַר אַ טאָלער, און שפּעטער פאַר אַ קוואָרט בראָנפן, און אַ גאָלדענעם קנאָפּ, אָדער ספּינקע, אָדער באַצירונג פון אַ היטל האָט מען געקאָנט אויך פאַר אַ האַלבער קוואָרט קריגן. טראַכט איך מיר אַזוי: פאַרוואָס זאָל איך עפּעס זיצן מיט פאַרלייגטע הענט, לאָמיך אויך עפּעס אויפטון. אַז גאָט וועט העלפן און איך וועל אַמאָל זיך אומקערן קיין זשענדזשאַן, אויף פּאַלעסיען, ווו עס וווינען מיינע עלטערן, וועל איך עס זיי אָוועקגעבן, ווייל זיי פירן דאָרט מיט די יאַוואָרסקיס אַ פּראָצעס, וואָס דויערט שוין פופציק יאָר, און זיי האָבן נישט מיט וואָס אים ווייטער צו פירן. האָב איך איינגעקויפט, גנעדיקער האַר, אַזוי פיל עשירות פון כּל המינים, אַז איך האָב עס געמוזט אויף צוויי פערד אָנלאָדן, און איך האָב דאָס געהאַלטן פאַר אַ נחמה אין מיין גרויסן צער, ווייל איך האָב שרעקלעך געבענקט נאָך דעם גנעדיקן האַר.

— או, זשענדזשאַן, דו ביסט תּמיד דערזעלבער! פון אַלץ מוזטו ציען נוצן.

— אַז גאָט האָט מיך געבענטשט, טאָ וואָס פאַר אַן עולה איז דאָס? איך האָב דאָך נישט געגנבעט, און אַז דער גנעדיקער האַר האָט מיר מיטגעגעבן אַ געלד=בייטל אויפן וועג קיין ראָזלאָגי — האָב איך אים צוריקגעבראַכט, אָט איז ער! מיין חוב איז אים אָפּצוגעבן, ווייל איך בין ביז ראָזלאָגי נישט צוגעפאָרן.

דאָ האָט דאָס יונגל אויפגעבונדן דעם גאַרטל, האָט אַרויסגענומען דעם בייטל און אים אַוועקגעלייגט פאַרן ריטער. און הער סקשעטוסקי האָט אַ שמייכל געטון און געזאָגט:

— אויב ס׳איז דיר אַזוי גוט געגאַנגען, ביסטו דאָך מסתּמא רייכער פון מיר, אָבער האַלט דיר שוין אויך דעם דאָזיקן בייטל.

— איך דאַנק הכנעהדיק דעם גנעדיקן האַר. ס׳האָט זיך

אָנגעקלי־ן אַ ביסל — גאָטס חסד! עס וועלן זיך פֿרייען טאַטע-מאַמע און אויך דער זיידעשי, וואָס איז אַלט נײַנציק יאָר. און מיט די יאַוואָרסקיס וועלן זיי זיך שוין פּראָצעסירן ביז זיי וועלן בלײַבן אָן אַ גראָשן און זיי וועלן זיי שיקן מיט די טאָרבעס איבער די הײַזער. און דער גנעדיקער האַר וועט אויך פֿאַרדינען, ווײַל דעם געשפּרינקלטן גאַרטל, וואָס דער גנעדיקער האַר האָט מיר צוגעזאָגט אין קודאַק, וועל איך נישט מאָנען, הגם ער איז מיר זייער געפֿעלן געוואָרן.

— ווײַל דו האָסט שוין געמאָנט! — אָ ביסטו אַ פֿויגל! אַ אמתער וואָלף, וואָס לאָזט זיך גאָרנישט אָנזעטיקען! איך ווייס נישט, ווו דער דאָזיקער גאַרטל געפֿינט זיך — אָבער קוים האָב איך צוגעזאָגט, וועל איך געבן, אויב נישט דעם, איז אַ אַנדערן.

— איך דאַנק הכנעהדיק דעם גנעדיקן הער, — האָט געזאָגט דאָס יונגל, ארומנעמענדיק דעם הער סקשעטוסקיס קני.

— אָבער גענוג שוין וועגן דעם! דערצייל ווייטער, וואָס מיט דיר האָט געטראָפֿן.

— האָט ,הייסט עס, גאָט מיך מזכה געווען מיט עשירות צווישן די רוצחים. איך האָב נאָר געהאַט צער דערפֿון, וואָס כ'האָב נישט געוווּסט, וואָס דער גנעדיקער הער מאַכט און דערפֿון, וואָס באָהון האָט פֿאַרכאַפּט דאָס פֿרײַלין. אָבער דאָ האָב איך געהערט, אַז ער ליגט אין טשערקאַסי, און קוים וואָס ער לעבט, ווײַל די פֿירשטן אין ראָזלאָגי האָבן איבער אָרנטלעך צוקלאַפּט. האָב איך מיך געקליבען קיין טשערקאַסי, ווײַל ווי דער גנעדיקער האַר ווייסט, קאָן איך אַ פּלאַסטער צולייגען און ווונדען פֿאַרבינדען. און מ'האָט שוין זאָרט אויך דאָס געוווּסט. און אָט האָט מיך פּאָלקאָווניק דאָניעץ דאָרט אַהינגעשיקט און איז אַליין מיט מיר געפֿאָרן, אַז איך זאָל יענעם רוצח די ווונדען פֿאַרבינדען. ערשט דעמאָלט איז מיר אַ משא אַראָפּגעפֿאַלן פֿון האַרץ, ווײַל איך בין געוווּר געוואָרן, אַז אונזער פֿרײַלין איז אַנטלאָפֿן מיט יענעם שלאַכטשיץ.

איך בין אַוועק צו באָהונען. איך טראַכט מיר: ער וועט

דערקענען, אָדער ער וועט נישט דערקענען? און ער איז געלעגען אין דער היץ, האָט ער דעריבער תּחילת מיך נישט דערקענט. שפּעטער ערשט האָט ער דערקענט, און ער זאָגט צו מיר: „דו ביסט געפאָרן מיט אַ בריוו קיין ראָזלאָגי?“ איך ענטפער: „יאָ, איך“. — און ער ווידער: „דאָס האָב איך דיך געשלאָגן אין טשעכרין?“ — „יאָ, מיך“. — „דינסטו דאָס (זאָגט ער) דעם הער סקזשעטוסקי?“ און דאָ האָב איך גענומען לייקענען שטיין און ביין: „קיינעם (זאָג איך) דין איך שוין נישט מער. די דאָזיקע דינסט האָט מיר פאַרשאַפט מער צרות איידער טובות, און דעריבער האָב איך מיך באַפרייט און בין בעסער אַוועק צו די קאָזאַקן און אייך באַדין איך שוין צען טעג און וועל אייך אויסהיילן אייערע ווונדן!“ ער האָט מיר געגלויבט און געשענקט זייער אַ גרויסן צוטרוי. כ'האָב זיך פון אים אויך דערוווּסט, אַז ראָזלאָגי איז פאַרברענט, אַז ער האָט צוויי פירשטן דערהרגעט און די איבעריקע, ווען זיי האָבן געהערט וועגן דעם, האָבן זיי לכתחילה געוואָלט גיין צו אונזער פירשט, ווייל אָבער זיי האָבן נישט געקאָנט, זענען זיי אַנטלאָפן צום ליטווישן חייל. אָבער אויפגעקאָכט ביז גאָר איז ער געוואָרן ווען ער האָט דערמאָנט יענעם דיקן שלאַכטשיץ — ער האָט דאַן, זאָג איך אייך, גנעדיקער האַר, געקריצט מיט די ציין, ווי איינער, וואָס קנאַקט ניס.

— לאַנג איז ער קראַנק געווען?

— לאַנג, לאַנג, ווייל אָט האָבן די ווונדן זיך אים פאַרהיילט און באַלד האָבן זיי זיך ווידער געעפנט, ווייל ער האָט זיך תּחילת נישט געשוינט. נישט ווייניק נעכט בין איך ביי אים אָפּגעזעסן (אַז צוהאַקט און צובראָקט זאָל ער ווערן!) — ווי ביי עפּעס רעכטס. און דער גנעדיקער האַר דאַרף וויסן, אַז איך האָב אַ שבועה געטון אים אָפּצוצאָלן פאַר מיינע עוולות און איך וועל מיין שבועה מקיים זיין, ווען אַפילו איך זאָל מיין גאַנץ לעבן אים דאַרפן נאָכגיין — ווייל ער האָט מיך אומזיסט און אומנישט אַזוי מבזה געווען און צושלאָגן ווי אַ הונט, און איך בין נישט עפּיס אַ ליאַדע כאַם. ער מוז שוין פון מיין האַנט אומקומען, סיידן עמיצער אַנדערש וועט אים פריהער דערהרגע-

נען. איך זאָג אייך, גנעדיקער האַר, אַז אפשר הונדערט מאָל האָב איך געהאַט אַ געלעגנהייט דערצו, ווייל אָפט איז ביי אים, אַחוץ מיר, קיינער נישט געווען. כ׳האָב זיך דעמאָלט געטראַכט: זאָל איך אים שטעכן — אָדער נישט? — אָבער ס׳איז מיר געווען אַ בושה צו שטעכן אים אַ ליגנדיקן אין בעט.

— דאָס איז שיין פון דיין זייט, וואָס דו האָסט אים אַ קראַנקן און מאַכטלאָזן נישט ערמאָרדעט. דאָס פּאַסט פאַר אַ פּויער און נישט פאַר אַ שלאַכטשיץ.

— זעט דער גנעדיקער האַר, איך האָב מיך אויך פונקט אַזוי געטראַכט. איך האָב מיך נאָך דערמאָנט, אַז ווען די עלטערן האָבן מיך פון דער היים משלח געווען, האָט מיך דער זיידעשי איבער געצלמט און געזאָגט: „געדענק דו, שוטה איינער, אַז דו ביסט אַ שלאַכטשיץ און שוין דיר דיין כבוד, זאָלסט דינען געטריי, אָבער מבזה זיין דיך זאָלסטו נישט לאָזן". ער האָט אויך געזאָגט, אַז ווען אַ שלאַכטשיץ באַגייט זיך ווי אַ פּויער ווייַנט דער האַר יעזוס. און מיר ליגט אין זכרון די דאָזיקע התראה און איך היט מיך פון אַזעלכע זאַכן. איך האָב דעריבער געמוזט דורכלאָזן די געלעגנהייט. און דאָ ווערט די צוגעבייגטקייט וואָס אַמאָל גרעסער! נישט איינמאָל האָט ער מיך געפרעגט: „מיט וואָס וועל איך דיר באַלוינען?" — האָב איך געענטפערט! „מיט וואָס אייך וועט ווילגעפאַלן". און איך קאָן זיך נישט באַקלאָגן, ער האָט מיר געגעבן מתנות מיט אַ ברייטער האַנט, און איך האָב צוגענומען, ווייל איך האָב מיר געטראַכט: צו וואָס זאָלען זיי בלייבן אין די רוצחישע הענט. אויף אים קוקנדיק, האָבן אויך אַנדערע מיר געגעבן, ווייל איך זאָג אייך גנעדיקער האַר, אַז קיינער איז דאָרט נישט אַזוי באַליבט ווי ער, סיי ביי די קאָזאַקן און סיי ביים המון, הגם איך דער גאַנצער רעפּובליק וועסטו אפשר נישט געפינען נאָך אַ שלאַכטשיץ, וואָס זאָל אַזוי פיינט האָבן דעם המון, ווי ער...

דאָ האָט זשענדזשאַן געגומען דרייען מיטן קאָפּ, גלייך ווי ער וואָלט זיך אָן עפּעס דערמאָנט און אויף עפּעס געחידושט און אין אַ ווייַלע אַרום האָט ער ווייטער אַזוי געזאָגט:

— א אויסטערלישער מענטש איז דאָס און מען מוז מודה זיין, אַז ער האָט אַ נשמה ממש ווי פון אַ שלאַכטשיק. און דאָס דאָזיקע פריילין — האָט ער זי ליב! האָט ער זי ליב! גרויסער גאָט! ווי ער איז נאָר אַביסל געזונט געוואָרן, איז צו אים געקומען דאָס פריילין דאָניעץ אים וואָרזאָגן. און זי האָט וואָרגעזאָגט, אָבער נישט קיין גוטס. אַ געמיינע ריזן־מויד איז דאָס, לאָזט זיך אַריין אין חברותא מיט שדים... אָבער אַ לוסטיקע מויד. אַז זי צולאַכט זיך, וואָלסטו געשווירן, אַז אַ פערד הירשזעט און דערביי אנטפלעקט זי ווייסע גרויסע ציין. זי איז אַזוי שטאַרק, אַז זי קאָן אַ פאַנצער צורייסן, און אַז זי גייט, טרייסלט זיך אַזש די ערד. און ווייזט אויס, אַז אַ דאַנק דעם אויבערשטנס חסד, האָב איך ביי איר נושא־חן געווען און זי האָט זיך צו מיר צוגעשאַרט. זי פלעגט נישט פאַרבייגיין פאַר מיר, אַז זי זאָל מיך נישט אָנכאַפּן פאַר׳ן קאָפּ אָדער אַ ציִטון פאַרן אַרבל, אָדער גלאַט אַזוי אַ שטויס־טון. און נישט איינמאָל האָט זי געזאָגט: „קום!“ און איך האָב מורא געהאַט, אַז אַ שד זאָל מיר נישט ערגיץ אין דער פינסטער דעם קאָפּ אַראָפּדרייען, און אַלץ, וואָס איך האָב אָנגעקליבן, זאָל נישט גיין לאיבוד. האָב איך איר דעריבער געענטפערט: „האָסט דען ווייניק אַנדערע!“ און זי: „געפעלסט מיר הגם דו ביסט נאָך אַ קינד! געפעלסט מיר“. „אַוועק פון מיר, פאַס!“ און זי ווידער: „געפעלסט מיר! געפעלסט מיר!“

— און דו האָסט געזען ווי זי האָט כישוף־געמאַכט?

— כ׳האָב געזען, געהערט. עפּעס אַ רוך, א סקריפּעריי, אַ קוויטשעריי, שאַכנע, אַז כ׳האָב אַזש אָנגעהויבן צו ציטערן און צו פלאַטערן. און זי איז געשטאַנען אין דערמיט, האָט צוזאַמענגעצויגן די שוואַרצע ברעמען און איבערגעחזרט: אַ ליאַך שטייט ביי איר! אַ ליאַך שטייט ביי איר! טשילו! הוקו — טשילו“!... אַ ליאַך שטייט ביי איר!“ אַ צווייט מאָל האָט זי אָנגעשאָטן ווייץ אין אַ זיפּ און געקוקט, און די קערנדלעך דרייען זיך אַזוי ווי די ווערעם און „טשילו! הוקו! טשילו! אַ ליאַך שטייט ביי איר!“ — עי! גנעדיקעד האַר! ווען ער וואָלט

נישט געווען אַזאַ רוצח, וואָלט פּשוט געווען אַ רחמנות צו קוקן אויף זיין יאוש יעדעס מאָל נאָכן וואָרזאָגן. אָפּטמאָל פּלעגט ער בלאָס ווערן ווי די וואַנט, פאַלן צו דער ערד מיטן פּנים אַראָפּ, ברעכן זיך די הענט איבערן קאָפּ און קלאָג און וויינען און איבערבעטן דאָס פּריילן, ווייל ער איז ווי א רוצח געקומען קיין ראָזלאָגי, ווייל ער האָט אירע ברידער דערהרגעט: „ווו ביסטו, טייבעלע, ווו ביסטו מיין איינציקע! (האָט ער גערופן) — איך האָב דיך אויף דער האַנט געטראָגן — און איצט קאָן איך אָן דיר נישט לעבן!.. איך וועל שוין מער (האָט ער געזאָגט) מיט קיין האַנט צו דיר זיך נישט צורירן, דיין קנעכט וועל איך זיין, אַבי מיינע אויגן זאָלן אויף דיר קוקן". דאָ פּלעגט ער זיך ווידער דערמאָנען אן הער זאַגלאָבאַן און קריצן מיט די ציין און בייסן דאָס בעט, ביז ער פּלעגט נישט אַנטשלאָפן ווערן, אָבער אויך שלאָפנדיקערהייט פּלעגט ער נאָך זיפצן און קרעכצן.

— און קיינמאָל האָט זי אים קיין גוטס נישט וואָרגעזאָגט?

— שפּעטער ווייס איך שוין נישט, גנעדיקער האַר, ווייל ער איז געזונט געוואָרן און איך האָב מיך פון אים אָפּגעטשעפּעט. און אַז קסיאָנדז לאַסקאָ איז געקומען, האָט מיר באָהון געטון אַ טובה און מיך געלאָזט מיט אים פאָרן קיין הושטשא. די רוצחים דאָרט האָבן געוווסט, אַז איך פאַרמאָג אַביסל עשירות, און איך האָב אויך נישט באַהאַלטן, אַז איך פאָר צרויסהעלפן מיינע עלטערן.

— און זיי האָבן דיך נישט באַראַבעוועט?

— אפשר וואָלטן זיי דאָס געטון, אָבער צום גליק זענען קיין טאָטערס דעמאָלט נישט געווען און די קאָזאַקן האָבן זיך נישט דערוועגט דאָס צו טון, ווייל זיי האָבן נורא געהאַט פאר באָהונען. איבעריקנס, האָבן זיי מיך שוין געהאַלטן פאַר אַ זייעריקן. כמיעלניצקי אַליין האָט דאָך מיך געהייסן זיך צוהערן און מודיע זיין, וואָס מ'וועט ריידן ביים וואָיעוואָדא פון בראַצלאַוו, ווען עס וועלן זיך דאָרט צונויפקומען עפּיס שררות... זאָל אים דער טייוול כאַפּן! און אַזוי בין איך אָנגעקומען קיין הושטשאַ, אָבער דאָ זענען געקומען קשיוואָנאָסעס און דערהאַר-

געט דעם פֿאָטער לאַסקאָ — און איך האָב אַ העלפֿט פֿון מיין פֿאַרמעגענס באַגראָבן אין דער ערד און מיט דער צווייטער העלפֿט בין איך אַנטלאָפֿן אַהער, ווייל איך האָב געהערט, אַז דער גנעדיקער האַר פֿאַרטיליקט די קאָזאַקן נעבן זאַסלאַוו. געלויבט איז דער אויבערשטער, וואָס איך האָב דעם גנעדיקן האַר געטראָפֿן אַ געזונטן און אַ מונטערן און וואָס עס וועט בקרוב זיין די חתונה פֿון גנעדיקן האַר... אַ סוף וועט שוין קומען צו אַלע צרות. איך האָב געזאָגט די דאָזיקע גזלנים, וואָס זענען געגאַנגען אַקעגן דעם פּירשט דעם האַר אונזערן, אַז זיי וועלן שוין נישט צוריקקערן. האָבן זיי איצט! אפֿשר וועט די מלחמה זיך אויך שוין ענדיקן.

— אָ ניין! איצט וועט זי זיך ערשט אָנהויבן מיט כמיעלניצקין אַליין.

— און דער גנעדיקער האַר וועט נאָך דער חתונה זיך שלאָגן?

— און דו האָסט ווידער געמיינט, אַז נאָך דער חתונה וועל איך ווערן אַ פּחדן?

— ע, כ'האָב נישט געמיינט. כ'ווייס, אַז ווער-ווער, אָבער דער גנעדיקער האַר וועט קיין פּחדן נישט ווערן. איך פֿרעג נאָר סתּם אַזוי, ווייל נאָכדעם ווי איך וועל אָוועקפֿירן צו די עלטערן דאָס, וואָס איך האָב אָנגעקליבן, וואָלט איך וועלן מיטגיין מיטן גנעדיקן האַר. און אפֿשר וועט מיר גאָט העלפֿן, אַז איך זאָל קאָנען זיך אָפּרעכענען מיט באָהונען פֿאַר מיינע עוולות, ווייל אויב עס שטייט מיר נישט אָן איבער אומצוברענגען דורך אַ בגידה, קאָן איך דאָך אים ערגיץ אַנדערשוו נישט געפֿינען, סיידן אויפֿן שלאַכט-פֿעלד. ער וועט זיך נישט באַהאַלטן...

— אַזוי פֿאַרביסן ביסטו?

— יעדער מוז זיך האַלטן זיין וואָרט. און אויב איך האָב אַ שבועה געטון, וועל איך אפֿילו קיין טערקיי אים נאָכפֿאָרן. אַנדערש קאָן שוין נישט זיין. און איצט וויל איך מיטן גנעדיקן האַר פֿאָרן קיין טאַרנאָפּאָל — און דערנאָך אויף די חתונה.

אָבער פאַרוואָס פאָרט עפּעס דער גנעדיקער האַר קיין באַר דורך טאַרנאָפּאָל? דאָס איז דאָך ניִשט דער ריכטיִגער וועג
— ווייל איך מוז די פּאָלקען אָפּפירן.
— כ׳פערשטיי, גנעדיקער האַר.
— און איצט גיב עפּעס צו עסן! — האָט הער סקשע-טוסקי געזאָגט.
— איך האָב שוין וועגן דעם געטראַכט. דער בויך איז דער יסוד.
— באַלד נאָכן עסן לאָזן מיר זיך אין וועג אַריין.
— געלויבט איז גאָט, הגם מיין פערד איז שרעקלעך מיד.
— כ׳וועל דיר הייכן געבן אַן אַנדער פערד און דו וועסט שוין אויף אים רייטן.
— כ׳דאַנק הכנעהדיק דעם גנעדיקן האַר — האָט זשענדשאַ געזאָגט און צופרידן געשמייכעלט אויפן געדאַנק, אַז נאָך דעם געלד-בייטל און גבשפּרונקעלטן גאַרטל איז דאָס שוין די דריטע מתנה.

# 17 קאַפּיטל.

הער סקשעטוסקי איז בראש פֿון פֿירשטס פֿאָלקן געפֿאָרן קיין זשבאַראַזש, און נישט קיין טאַרנאָפּאָל, ווייל עס איז געקומען אַ נייער באַפֿעל, אַז ער זאָל גיין אַהין, און אויפֿן וועג האָט ער דערציילט דעם געטרייען יונגל וועגן אַלץ, וואָס האָט זיך מיט אים אַליין פֿאַרלאָפֿן, ווי אַזוי ער איז אין סיטש אַריינגעפֿאַ״ן אין געפֿאַנגענשאַפֿט, ווי לאַנג ער האָט דאָרט געמוזט בלייבן און וואָס ער האָט אַלץ איבערגעליטען ביז כמיעלניצקי האָט אים אָפּגעלאָזט. זיי זענען געגאַנגען געלאַסן, וואָרום, הגם זיי האָבן קיין וועגן און משאות נישט נעפֿירט, איז זיי אָבער אויסגעקומען צו פֿאָרן דורך אַ לאַנד, וואָס איז געווען אַזוי פֿאַרוויסט, אַז עס איז מיט דער גרעסטער מי אָנגעקומען זיך צו פֿאַרזאָרגן מיט לעבנסמיטלען פֿאַר די מענטשן און פֿערד. דאָ און דאָרט האָבן זיי באַגעגנט גרופּן פֿון מענטשן, דאָס רוב פֿרויען און קינדער, וועלכע האָבן געהאַט אַ קלאָגדיקן אויסזען און זיי האָבן געבעטן גאָט זיי צוצושיקן דעם מלאך־המות אָדער די טאָטערס, וועלכע וועלן זיי אמת נעמען אין געפֿאַנגשאַפֿט און בינדן אין קייטן, זיי וועלן אָבער ווייניקסטענס געבען זיי צו עסן. און געווען איז דאָך גראָד שניט־צייט אין דעם דאָזיקן פֿרוכטבאַרן, מיט מילך און האָניק פֿליסנדיקן לאַנד, אָבער קשיוואָנאָסעס פֿאָרפּאָסטנס האָב אַ תל געמאַכט פֿון אַלץ און די רעשט איינוואוינער האָבן זיך דערנערט מיט דער קאָרע פֿון די בוימער. ערשט נעבן יאַמפּאָל זיינען די ריטער אַריין אין אַ לאַנד, וואָס האָט פֿון דער מלחמה נאָך אַזוי פֿיל נישט געליטען. און דאָ האָבן זיי שוין געקענט זיך בעסער אויסרוען און בשפֿעדיק זיך פֿאַרזאָרגן מיט שפּייז און מאַרשירנדיק גיך צו זבאַראזש, זעבען זיי אָנגעקומען אַהין פֿינף טעג נאָכן אַרויספֿאָרן פֿון סוכאָזשינצע.

אין זבאראזש איז דאָס אָנגעלויף געווען גרויס. פּירשט יערעמי האָט זיך דאָרט אָפּגעשטעלט מיטן גאַנצן חייל און אַ חוץ דעם זענען זיך צונויפגעפאָרן נישט ווייניקער שלאַכטשיצעס. די מלחמה האָט געהאָנגען אין דער לופט. מ'האָט גערעט נאָר וועגן איר; די שטאָט און די אומגעגנט האָט געווימעלט פון באַוואָפנטען פאָלק. די שלום-פּאַרטיי אין וואַרשא, וואָס איז אין אירע האָפנונגען אונטערגעשטיצט געוואָרן דורכן הער קושעל, דעם וואָיעוואָדא פון בראַצלאַוו, האָט אמת זיך נאָך נישט מיאש געווען פון די אונטערהאַנדלונגען און נאָך אַלץ געגלויבט, אַז מ'וועט מיט זיי קאָנען איינשטילן דעם שטורם, דערפאַר אָבער האָט זי פאַרשטאַנען, אַז די אונטערהאַנדלונגען וועלן נאָר דעמאָלט האָבן אַ פּעולה, ווען עס וועט זיי אונטערשטיצן אַ מעכטיקע אַרמיי. און אַזוי זענען די אַסיפות פון סיים אָפּגעהאַלטן געוואָרן אונטער מלחמה-הכנות און האַרמאַטען-דונער, וועלכע זענען געוויינלעך אַ אָנזאָג פון דעם אָנרוקנדיקן שטורם. עס איז אויסגערופן געוואָרן אַ אַלגעמיינע דינסט-פליכט, עס זענען צוזאַמענגעצויגן געוואָרן די שוץ-חיילות, און הגם דער קאַנצלער און די קאַמענדאַנטן האָבן נאָך געגלויבט אין שלום, האָט פונדעסטוועגן די מלחמה-שטימונג באַהערשט די הערצער פון די שלאַכטשיצעס. די פּאָגראָמען, וואָס ווישנאָוויעצקי האָט אויסגעפירט, האָבן דערהיצט די פאַנטאַזיע. ביי אַלעמען האָט געברענט די תאווה זיך נוקם צו זיין אין די פויערן און זיך אָפּצורעכענען פאַר די מפּלות ביי די געלע וואַסערן, ביי קאָרסון, פאַר דעם בלוט פון אַזוי פיל טויזנטער אין שרעקלעכע ענויים אומגעקומענע, פאַר די חרפּות און בושות... דער נאָמען פון שרעקלעכן פּירשט איז געווען באַלויכטן מיט די שטראַלן פון רום — ער האָט געשוועבט אויף אַלעמענס ליפּן, האָט געלעבט אין אַלעמענס הערצער, און צוזאַמען מיט דעם דאָזיקן נאָמען האָט זיך פון די ברעגעס פון באַלטישן ים אַזש ביז צו ווילדע פעלדער אויך געטראָגן דער הילך פון דעם אימה'דיקן וואָרט: מלחמה!

מלחמה! מלחמח! עס האָבן זי אָנגעזאָגט אי די סמנים

אויפן הימל, אי די צופלאַמטע מענטשלעכע פּנימער, אי די בלאַנקנדיקע שווערדן, און דאָס נאַכט־געביל פון די הינט פאַר די ראָטעס און אי דאָס כראָפּן פון די פערד, וואָס האָבן דערשנאַפּט דעם ריח פון בלוט. מלחמה! די שלאַכטשיצעס איבער אַלע קאַנטען, פּאָוויאַטען, הויפן און קליינע גיטער האָבן אַרויסגעצויגען פון די באַהעלטענישן די אַלטע פּאַנצערס און שווערדן, דאָס יונגוואַרג האָט געזונגען לידער וועגן יערעמין, און די ווייבער האָבן מתפּלל געווען פאַר די אַלטאַרן. און עס האָבן זיך אַרויסגעלאָזט באַוואָפנטע מאַסן סיי אין פּרייסן, סיי אין ליפלאַנד, סיי אין גרויס־פּוילן און ווימלדיקער מאַזאָוויע, אַזש העט ביז צו די טאַטראַ־בערג און פינסטערע וועלדער פון בעסקיד.

און די מלחמה איז געווען אומפאַרמיידלעך. די באַוועגונג פון די זאַפּאָראָזשער רוצחים און די פאָלקס־מרידה פון אוקראַיִנישן המון האָבן זיך געגוויטיגט אין וועלכע עס איז העכערע לאָזונגען, ווי שחיטות און רציחות, ווי דער קאַמף מיט די שררות און מיט די ערד־מאַגנאַטן. כמעלניצקי האָט דאָס גוט פאַרשטאַנען און אויסנוצנדיק די טליענדיקע פאַרביטערטקייט און צורייצטקייט, די הפקרות און נגישות, וואָס האָבן אין יענע אומרואיקע צייטן נישט געפעלט איןביידע לאַגערס, האָט ער דעם סאָציאַלן קאַמף פאַרוואַנדעלט אין אַ רעליגיעזער מלחמה, ער האָט צורייצט דעם פאָלקס־פאַנאַטיזם און באַלד אין אָנהויב אויסגעגראָבן אַ תהום צווישן ביידע צדדים — אַ תהום, וועלכן מ׳האָט נישט מיט קיין פאַרמעט און נישט מיט קיין אונטערהאַנדלונגען, נאָר מיט בלוט געקאָנט אויסגלייכן.

און שטרעבנדיק פון גאַנצן האַרץ צו פירן אונטערהאַנדלונגען, איז ער דערמיט אויסן געווען צו באַוואָרענען נאָר זיך און זיי, אייגענע מאַכט — און דערנאָך?.. וואָס דער נאָך האָט געזאָלט זיין וועגן דעם, האָט דער זאַפּאָראָזשער העטמאַן נישט געטראַכט, אין די צוקונפט האָט ער נישט געקוקט און וועגן איר נישט געדאגהט.

ער האָט אָבער נישט געוווסט, אַז דער תהום, וואָס ער האָט געשאַפן, איז אַזוי גרויס, אַז קיין שום אונטערהאַנדלונגען

וועלן אים נישט פאַרשטיין אַפילו אויף אַזאַ צייט, וואָס ער, כמיעלניצקי אַליין, האָט געדאַרפט. אַ פלינקער פּאָליטיקער, האָט ער אָבער נישט איינגעזען, אַז ער וועט בשלום נישט קאָנען נהנה זיין פון די בלוטיקע פירות פון זיין לעבנס ווערק.

און פונדעסטוועגן איז לייכט געווען צו פאַרשטיין, אַז דאָרט, ווו מ'האָט אַ קעגן זיך באַוואָפנטע מחנות פון צענטליקער טויזנטער, וועלן די פעלדער זיין דער פאַרמעט אויף אויסצושרייבן די אַקטן און די שווערדן און שפּיזן וועלן זיין די פעדערן.

און אַזוי האָבן די געשעענישן ממילא געפירט צו דער מלחמה און אַפילו די פּראָסטע מענטשן, וואָס האָבן אַלץ נאָר באַנומען מיטן אינסטינקט, האָבן פאַרשטאַנען, אַז אַנדערש קאָן נישט זיין און אין דער גאַנצער רעפּובליק האָבן זיך די אויגן וואָס אַמאָל מער געווענדעט צו יערעמין, וועלכער האָט פון אָנהויב אָן גערופן צו מלחמה אויף טויט און לעבן. אין שאָטן פון דער דאָזיקער ריזיקער נעשטאַלט זענען וואָס אַמאָל מער פאַרטונקעלט געוואָרן דער קאַנצלער און דער בראַצלאַווער וואָיעוואָדע און די קאָמענדאַנטן, און צווישן זיי דער מעכטיקער פירשט דאָמיניק, וואָס איז באַשטימט געוואָרן פאַרן הויפּט-פירער. עס איז געפאַלן זייער אָנזען, זייער חשיבות און עס איז אָפּגעשוואַכט געוואָרן די דיסציפּלין פאַר דער מאַכט, וואָס זיי האָבן אויסגעפירט. מ'האָט געהייטן די חיילות און די שלאַכטשיצעס זיך צונויפקומען קיין לוווו, און שפּעטער קיין גלינייאַני און עס זענען טאַקע אָנגעקומען וואָס אַמאָל גרעסערע מחנות. ס'איז זיך צונויפגעקומען דאָס שוץ-חיל, נאָך זיי זענען געקומען די גוטבאַזיצער פון די שכנותדיקע וואָיעוואָדזטוועס, באַלד אָבער האָבן נייע געשעענישן גענומען נאַדראָען דעם כבוד פון דער רעפּובליק, וואָרום נישט בלויז די ווייניקער דיסציפּלינירטע פּאָלקן, וואָס האָבן זיך געשטעלט צום קאַמף אויפן אַלגעמיינעם רוף, נישט בלויז די פּריוואַטע חיילות, נאָר אויך דאָס רעגולערע שוץ-מיליטער האָבן נאָכדעם ווי זיי זענען אָנגעקומען אויפן אָרט פון זאַמעל-פונקט, זיך אָפּגעזאָגט צו געהאָרכן די קאָמענדאַנטן

און אויך להכעיס די באַפעלן האָבן זיי זיך געלאָזט קיין זאַבּ־ראַזש, כדי דאָרט צו דינען אונטער דער קאָמאַנדע פון פּירשט יערעמי. אַזוי האָבן צוערשט געטון די קיִעווער און בראַצלאַווער וואָיעוואודזטוועס, וואָס אַ גרויסער טייל פון דער דאָרטיקער שליאַכטע האָט שוין פריִער געדינט אונטער יערעמיס פירונג, נאָך זיי זענען געגאַנגען, די רוטעניִשע און לובליִנער שליאַכטשיזעס, שפּעטער אויך די קרוין־חיילות — און ס'איז שוין נישט שווער געווען פאָרויסצוזען, אַז אויך דאָס גאַנצע איבעריקע חייל וועט זיי נאָכטון.

יערעמי, וועלכער איז מיט אַ פיִון אויסגעמיטן און פאַר־געסן געוואָרן, איז אַזוי אַרום ממילא געוואָרן דער העטמאַן און הויפּט־פירער פון דער גאַנצער אַרמיי פון דער רעפּובליק. די שלאַכטע און דאָס טייל, וואָס זענען אים געווען איבערגעגעבן בלב־ונפש, האָבן נאָר געוואַרט אויף באַפעל, די מאַכט, מלחמה, שלום, די צוקונפט פון דער רעפּובליק זענען געלעגן אין זיינע הענט.

און ער איז נאָך געוואַקסן פון טאָג צו טאָג, ווייל יעדן טאָג זענען צו אים נייע פאָלקן צוגעשטאַנען און ער איז אַזוי ריזיִק אויסגעוואַקסן, אַז זיין שאָטן האָט געגומען פאַלן נישט בלויז אויפן קאַנצלער און די קאָמאַנדאַנטן, נאָר אויך אויפן סע־נאַט, אויף וואַרשאַ און אויף די גאַנצע רעפּובליק.

אין די קאַנצעלער־קרייזן אין וואַרשע, ווו מ'האָט אים פיינט געהאַט, און אין לאַגער פון די קאָמענדאַנטן, אין דער סביבה פון פירשט דאָמיניק און ביים בראַצלאַווער וואָיעוואָדע, האָט מען גענומען מורמלען וועגן זיין אומבאַגרעניצטער אַמביציע און הוצפה; מ'האָט דערמאָנט די געשיכטע וועגן האַדזשאַטש, ווי אַזוי דער חוצפּאַדיקער פירשט איז מיט פיר טויזנט מענטשן געקומען קיין וואַרשע אַריינגייענדיק אין סענאַט, איז ער גרייט געווען אַלע אויסצוהאַרגענען, נישט שוינענדיק אַפילו דעם קיניג גופא.

„וואָס קאָן מען דערוואַרטן פון אַזאַ מענטש און ווי ווועט ער זיך איצט אויפפירן — האָט מען געזאָגט — נאָך אַלע זיי־

נע גבורות און נצחונות, וועלכע האָבן אים פֿאַרשאַפֿט אַזאַ קלינגנדיקן נאָמען? ווי אומגעוועגלעך גרויס מוז זיין זיין גאווה צוזעענדיק די באַליבטקייט ביים חייל און ביי דער שלאַכטע? ווער וועט זיך אים איצט אַקעגנשטעלן? וואָס וועט זיין דער גורל פֿון דער רעפּובליק, אויב איין בירגער קאָן זיך דערשלאָגן צו אַזאַ מאַכט, אַז ער קאָן טרעטן דעם ווילן פֿון סענאַט און אָפּנעמען די שליטה ביי די פֿירער, וואָס זענען באַשטימט געוואָרן דורך דער רעפּובליק? צי האָט ער אויף אַן אמת בדעה אָנצוטון די קרוין אויפֿן קאָפּ פֿון פּרינץ קאַראָל? אַ העלד איז ער טאַקע — דאָס איז אמת, אָבער הלואי ער זאָל נישט ברענגען קיין רעה דער רעפּובליק דורך זיין גאווה און אַמביציע".

אַזוי האָט מען געזאָגט אין וואַרשע און אין די קרייזן פֿון די קאָמענדאַנטן, באַזונדערע ביים פֿירשט דאָמיניק, וואָס די קנאה-שנאה צווישן אים און יערעמין האָט שוין נישט ווייניק שאָדן געבראַכט דער רעפּובליק — און יענער העלד איז דערווייל געזעסן אין זבאַראזש, אַ פֿאַרזונקענער און אומעטיקער אין פֿאַר אַלעמען פֿאַרהוילענער פֿאַרטראַכטקייט. די פֿרישע נצחונות האָבן נישט פֿאַרטריבן זיין אומעט. ווען עפּיס אַ נייער פֿאָלק פֿון שוץ-מיליטער אָדער פֿון די בירגערלעכע רייען פֿלעגט אָנקומען קיין זבאַראַזש, פֿלעגט ער אים אַקעגנפֿאָרן, מיט איין קוק אָפּשאַצן זיין ווערט און באַלד ווידער אַריינפֿאַלן אין פֿאַרטראַכטקייט.

די זעלנער האָבן מיט פֿרייד-געשרייען געשטראָמט צו אים, געפֿאַלן פֿאַר אים אויף די קני, רופֿנדיק: „זיי באַגריסט, אומבאַזיגבאַרער פֿירער! דער סלאַווישער הערקולעס! ביז צום טויט וועלן מיר פֿון דיר נישט אָפּטרעטן"! — און ער האָט געענטפֿערט: איך נויג מיך פֿאַר אייך! מיר אַלע זענען אין קריסטוסעס רשות, און איך בין צו מינדערווערטיק, אַז איך זאָל האָבן די שליטה איבער אייער לעבן, מיינע הערן!"— און ער איז צוריקגעגאַנגען צו זיך, אַנטלאָפֿן פֿון מענטשן און אין איינזאַמקייט זיך געפּלאָגט מיט זיינע געדאַנקען. אַזוי זענען פֿאַרגאַנגען גאַנצע טעג. און דערווייל האָט די שטאָט געקאָכט פֿון די מחנות זעלנער, וועלכע האָבן זיך כסדר פֿאַרמערט. די נאָר וואָס צוגעשטאַנענע

חיילות האָבן געטרונקען פֿון באַגינען ביז נאַכט, זענען געגאַנ־
גען איבער די גאַסן, געטומלט און געפֿילדערט און אַרומגעריסן
זיך מיט די אויסלענדישע אָפֿיצירן. דאָס רעגולערע חיל, וועל־
כעס האָט אויך דערשפּירט, אַז די לייצעס פֿון דער דיסציפּלין
זענען נאָכגעלאָזט געוואָרן, האָט געטרונקען און געגעסן און גע־
שפּילט אין ביינדלעך. טאָג־טעגלעך נייע געסט, און דעריבער
אויך נייע סעודות און פֿאַרוויילונגען מיט די אָרטיקע פֿרויען.
די חיילות האָבן פֿול געמאַכט אַלע גאַסן, זיי זענען אויך גע־
שטאַנען אין די אַרומיקע דערפֿער און וואָס פֿאַר אַ פֿאַרשידנאַר־
טיגקייט פֿון פֿערד, כלי־זיין, הלבשות, פֿעדערן, רינגעל־פּאַנצערס,
העלמען, כּלערליי קאָלירן פֿון די פֿאַרשידענע וואָיעוודזטוועס!
וואָלסט געמיינט, עפּעס אַ גרויסער יריד, צו וועלכן עס איז
זיך צונויפֿגעפֿאָרן אַ העלפֿט פֿון דער גאַנצער רעפּובליק. אָט
לויפֿט פֿון צייט צו צייט עפּעס אַ שררהשע קאַרעטע, מיט גאָלד
אָדער פּורפּור באַצירטע, געשפּאַנט אין זעקס אָדער אַכט פֿערד
מיט פֿעדערן, באַגלייט פֿון פּאַזשען אין אונגאַרישע אָדער דייטשע
הלבשות, הויף־יאַנטשאַרן, קאָזאַקן, טאָטערס, דאָרט ווידער שניי־
דען דורך דעם המון מיט אַנאַטאָלישע אָדער פּערסישע פֿערד אַ־
פּאָר געזעלשאַפֿטן, וואָס בלאַנקען מיט זייד און סאַמעט, און
פּאַנצערס. די באַצירונגען ביי די היטלעך און אונטערן האַלז
פֿינקלען מיט פֿייערלעך פֿון בריליאַנטען און רובינען — און
אַלץ טרעט זיי אָפּ דעם וועג צוליב דעם אָנזען פֿון זייערע
ערבן. דאָרט ווידער פֿאָרן גאַנעק בלאָזט פֿון זיך אַ אָפֿיציר
פֿון פֿיס־גייער־פּאָלק אין אַ פֿרישן בלאַנקנדיקן פּאַנצער, מיט אַ
לאַנגען שטעקעלע אין דער האַנט און מיט אַ גדלות אויפֿן פּנים
און מיט אַ בירגערלעך האַרץ אין דער ברוסט; אויף אַ אַנדערן
אָרט פֿינקלען די קאַמפֿאָרמיקע העלמען פֿון די דראַגונער, די
קאַפּעלושן פֿון די דייטשע פֿוס־גייער, די פֿיר־עקיקע היטלעך פֿון
דעם בירגערלעכן חיל, קאַפּוזעס, פֿוטערנע היטלעך. די די־
נערשאַפֿט, אין כלערליי קאָלירן, וואַרפֿט זיך אַהין און אַהער ווי
אין קדחת. דאָ און דאָרט איז די גאַס אָנגעפּאַקט מיט וועגנס;
דאָרט גייען די וועגענס ערשט אַריין מיט אַ פֿאַרטויבנדיקער

כקריפעריי, אומעטום הערן זיך קולות, געשרייען: אַוועק פון וועג! — קללות פון דער דינערשאַפט, אַמפּערנישן, געשלעגן, כראָפּעריי פון פערד. די קלענערע געסלעך זענען אַזוי אָנגעפּאַקט מיט שטרוי און היי, אַז עס איז נישט מעגליך זיך דורך דורכצושטופּן.

און צווישן די דאָזיקע הערלעכע הלבשות, וואָס האָבן געבלאַנקט מיט אַלע קאָלירן פון רעגן־בויגן: צווישן די זיידנס, סאַמעטס, מיט גאָלד און זילבער באַשטיקטע געוועבן, צווישן די פּינקלדיקע בריליאַנטן — ווי אויסטערליש האָבן דאָ אויסגעזען ווישניאָוויעצקיס פאָלקן, די פאַרמאַטערטע, די אָפּגעריסענע, די אויסגעדאַרטע, מיט פאַרזשאַווערטע פאַנצערס, אין אָפּגעשאָסענע קאָלירן און צופליקטע מונדירן! די אָפיצירן פון חשובסטע פאָלקן האָבן געהאַט אַ פּנים פון זיידעס און אויסגעזען ערגער, ווי די דינער פון אַנדערע פאָלקן, אָבער אַלע האָבן געהאַט דרך־ארץ פאַר די דאָזיקע שמאַטעס, פאַר דעם דאָזיקן זשאַווער און פאַר דעם דאָזיקן קלאָגעדיקן אויסזען, ווייל דאָס זענען סמנים פון גבורה. די מלחמה איז אַ שלעכטע מאַמע, ווי סאַטורן, פאַרצערט זי אירע אייגענע קינדער, און די, וואָס ווערן דורך איר נישט פאַרצערט, גריזשעט זי אַרום, ווי אַ הונט דעם ביין. די דאָזיקע אָפּגעבליאַקעוועטע קאָלירן דאָס זענען שפּורן פון ביינאַכטיקע רעגנס, אָדער פון די מאַרשן צווישן ווינטן און שטורעמס, אָדער אונטער דער גליענדיקער זון; דער דאָזיקער זשאַווער אויפן אייזן — דאָס איז נישט אָפּגעווישטע בלוט פון די אייגענע, אָדער פון די שונאים, אָדער פון ביידע צוזאַמען, און דערפאַר טאַקע האָבן ווישניאָוויעצקיס מענטשן אומעטום געקומען דעם אויבן־אָן. זיי דערציילן אין די שענקען און אין די קוואַרטירן, און די איבעריקע הערן זיך נאָר צו. און עס פלעגט טרעפן, אַז איינעם פון די צוהערער כאַפּט אַזש אָן אַ קראַמף פאַרן גאָרגל, ער גיט זיך אַ זעץ מיט די הענט איבער די לענדען און שרייט אויס: זאָל שוין אַ קויל אייך טרעפן, מיינע הערן! נישט אַנדערש, איר זענט שדים און נישט מענטשן! און ווישניאָוויעצקיס מענטשן ענטפערן דערויף: „נישט אונזער פאַרדינסט איז דאָס,

נאָר דאָס פֿערדינסט פֿון יענעם מנהיג, וואָס זיינס גלייכן איז גאָר אויף דער וועלט נישטאָ" און אַזוי האָבן זיך אַלע סעודות אויסגעלאָזט מיט די אויסרופֿן: זאָל לעבן יערעמי! זאָל לעבן דער פֿירשט וואיעוואָדאַ! דער פֿירער איבער אַלע פֿירער און העטמאַן איבער אַ"ע העטמאַנעס!...

די שלאַכטע, אַז זי שכּורט זיך אָן, לאָזט זי זיך אַרויס אויף די גאַסן, און שיסט פֿון די בויגנס און ביקסן, און ווען ווישניאָוויעצקיס מענטשן זענען זיי מתרה, אַז די פֿרייהייט וועט אָנהאַלטן נאָר ביז אַ צייט, אַז עס וועט קומען דער מאָמענט, ווען דער פֿירשט וועט זיי נעמען אין די הענט אַריין און איינפֿירן אַזאַ דיסציפּלין, וועגן וועלכער זיי האָבן נאָך קיינמאָל נישט געהערט — נעמען זיי זיך נאָך מער הוליען, כּל-זמן זיי האָבן צייט. „לאָמיר הוליען, כּל-זמן מען מעג — האָבן זיי גערופֿן — אַז עס וועט קומען די צייט צו געהאָרכן, וועלן מיר געהאָרכן, ווייל ס'איז פֿאַראַן וועמען". און דער אומגליקלעכער פֿירשט דאָמיניק האָט שטענדיק מיאוס אָפּגעשניטן, ווייל די זעלנער האָבן פֿון אים תּמיד חוזק געמאַכט. זיי האָבן דערציילט, ווי אַזוי ער איז מתפּלל די גאַנצע טעג, און אין אָוונט הענגט ער אויף אַן אויער פֿון אַ קרוג און יעדעס מאָל ווען ער גיט אַ שפּיי אויפֿן בויך, עפֿנט ער איין אויג און פֿרעגט. „וואָס איז דאָס?" מ'האָט אויך געזאָגט, אַז ביינאַכט טרינקט ער „יאַלאַפּאַם", און אַז ער האָט געזען שלאַכטן נאָר אַזויפֿיל, וויפֿיל ער האָט זיי אויף די אויסגעשטיקטע האָלענדישע טעפּיכן. קיינער האָט זיך שוין פֿאַר אים דאָרט נישט אָנגענומען און קיינער האָט אים נישט געשוינט און מער פֿון אַלע האָבן אים געזידלט די, וואָס האָבן זיך אָפּן נישט גערעכנט מיט קיין שום מיליטערישער דיסציפּלין.

אָבער הער זאַגלאָבאַ האָט זיי נאָך אַריבערגעשטיגן מיט זיין ליצנות און שטעכווערטלעך. ער האָט זיך שוין געהאַט אויסגעהיילט פֿון זיין מיחוש און רוקן און איצט איז ער געווען אין זיין עלעמענט. און וויפֿיל ער האָט אַליין אויפֿגעגעסן און אויסגעטרונקן, איז אַן עבֿרה צו באַשרייבן, ווייל דאָס שטייגט

אַרײַבער אַלע מענטשלעכע השגות. עס זענען אים נאָכגעגאַנגען און כסדר אַרומגערינגעלט קופּעס פֿון זעלנער און שלאַכטשיצעס, און ער האָט געדרשנט, דערציילט און ליצנות געמאַכט פֿון די, וואָס האָבן אים מכבד געווען, ער האָט אויך געקוקט, ווי אַן אַלטער זעלנער, פֿון אויבן אַראָפּ אויף די, וואָס זענען געגאַנגען אין די מלחמה, און מיט דער גאַנצער גדלות פֿון אַ אויסגעפּרוווטן מלחמה־מאַן, פּלעגט ער זיי זאָגן: איר אַלע ווייסט דעם טעם פֿון אַ מלחמה, פּונקט אַזוי פֿיל, וויפֿיל די נאָנעס ווייסן דעם טעם פֿון אַ זכר; מלבושים האָט איר נייע און עס הערט זיך פֿון זיי אַ ריח פֿון בשמים, און הגם דאָס איז אַ מחיהדיקער ריח, וועל איך פֿונדעסטוועגן אין דער ערשטער שלאַכט זיך באַמיִען צו האַלטן זיך פֿון אייך פֿון ווייטנס. אוי! ווער עס האָט נישט געשמעקט קיין מלחמה־קנאבל, דער ווייסט נישט וואָסערע טרערן ער קוועטשט אַרויס! די גנעדיקע מאַדאַם וועט אין דער פרי נישט ברענגען קיין אָנגעוואַרעמט ביער און אויך נישט קיין ווײַן־זופּ! עס וועלן אייך איינפֿאַלן די בייכער, איר וועט פֿאַרדאַרט ווערן ווי קעז אויף דער זון. איר מעגט מיר גלויבן, איך בין אַ בעל־נסיון איך האָב שוין אַ סך מיטגעמאַכט, אַ סך! כ'האָב שוין נישט איין פֿאָן פֿאַרכאַפּט, אָבער איך מוז אייך זאָגן, מיינע הערן, אַז קיין איינע איז מיר נישט אָנגעקומען אַזוי שווער, ווי די פֿאָן ביי קאָנסטאַנטינאָוו. אַז דער טייוול זאָל כאַפּן די דאָזיקע זאַפּאָראָזשער. זיבן מאָל, זאָג איך אייך, האָט מיר דער שווייס אַרויסגעשלאָגן, ביז איך האָב זי אָנגעכאַפּט פֿאַרן שטעקן. פֿרעגט דעם הער סקשעטוסקין, אָט דעם, וועלכער האָט באַרדאָבויטן דערהרגעט, ער האָט עס מיט די אייגענע אויגן געזען און באַוווּנדערט. אָבער גיט נאָר אויך איצט אַ געשריי אַ קאָזאַק אין אויער אַריין: „זאַגלאָבאַ!״— וועט איר זען, וואָס ער וועט אייך זאָגן. אָבער וואָס נוצט דאָס אַלץ צו דערציילן אייך, אַז איר האָט בסוף־הכל נאָר געשלאָגן פליגן אויף די ווענט, און מער קיינעם נישט״.

— ווי אַזוי איז דאָס געשען? ווי אַזוי — האָבן די יונגע געפֿרעגט.

— און וואָס ווילט איר, אַז די צונג זאָל פֿון דרייען זיך מיר ברענען אין מויל ווי אַן אַקס אין וואָגן?

— אויב אַזוי, דאַרף מען זי באַגיסן! ווײַן! — האָט די שלאַכטע אויסגערופֿן.

— אודאי אַזוי! — האָט הער זאַגלאָבאַ געענטפֿערט און צופֿרידן דערפֿון, וואָס ער האָט געפֿונען דאַנקבאַרע צוהערער, האָט ער זיי דערציילט אַלץ פֿון אָנהויב אָן, פֿון דער נסיעה קיין גאַלאַץ און פֿון דעם אַנטלויפֿן פֿון ראָזלאָגי ביז צום פֿאַרכאַפּן די פֿאָן בײַ קאָנסטאַנטינאָוו, און זיי ווידער האָבן געהערט מיט אָפֿענע מײַלער, און האָבן געמורמלט פֿון צײַט צו צײַט, ווען ער האָט געריִמט זײַנע אייגענע גבורות און דערבײַ צופֿיל חוזק־געמאַכט פֿון זיי צוליב זייער אומבאַהאָוונטקייט אין מלחמה־ענינים, אָבער זיי האָבן אים ווײַטער פֿאַרבעטן און יעדן טאָג געגעבן צו טרינקען אין אַ אַנדערע קוואַרטיר.

אַזוי האָט מען געהוליעט און זיך געלאָזט וווילגיין אין זבאַראַזש אַז דער אַלטער זאַטשוויליכאָווסקי און די איבעריקע חשובים האָבן זיך אַזש געחידושט, וואָס דער פּירשט האָט אַזוי לאַנג דערלויבט צו הוליען; און דער פּירשט איז כסדר געזעסן אין זײַן קוואַרטיר — ער האָט אַ פּנים מיט אַ כּיוון געלאָזט די זעלנער טון וואָס זייער האַרץ גלוסט, כּדי זיי זאָלן זיך קאָנען לאָזן וווילגיין ערב די נײַע שלאַכטן. בינו־לבֿינו איז אָנגעקומען הער סקשעטוסקי און ער איז באַלד אַרײַנגעפֿאַלן ווי אין אַ קאָכעדיקן קעסל אַרײַן. עס האָט זיך אים אויך געוואָלט אַביסל אויסרוען אין דער סבֿיבֿה פֿון זײַנע חבֿרים, אָבער נאָכמער האָט ער געגאַרט צו פֿאָרן קיין באַר, צו דער געליבטער, און צו פֿאַרגעסן אַלע אומגליקן, צרות, אַלע דאגות און יסורים אין אירע זיסע אָרעמס. ער איז דעריבער אָן שום שהיות אַוועק צום פּירשט אָפּגעבן אַ דין־וחשבון פֿון דער נסיעה קיין זאַסלאַוו און אויספּועלן אַ דערלויבעניש צו פֿאָרן קיין באַר.

ער האָט געטראָפֿן דעם פּירשט אַ פֿאַרענדערטן נישט צו דערקענען, אַז ער האָט זיך אַזש דערשראָקן קוקנדיק אויף אים — און אין האַרצן האָט ער זיך געפֿרעגט. איז דאָס דער פּירער,

— ווען איך האָב געזען ביי מאַכנוווקאַ און קאָנסטאַנטינאָוו? — ווייל פאַר אים איז געשטאַנען אַ מענטש, וואָס די לאַסט פון דאגות האָט איינעבויגן זיין רוקן די אויגן זענען ביי אים געווען איינגעפאַלן און די ליפן פאַרטרוקנט, גלייך ווי ער וואָלט געווען געפלייגט פון אַ שווערער אינערלעכער קרענק. אויף די פראַגע וועגן זיין געזונט, האָט ער געענטפערט קורץ און טרוקן, אַז ער איז געזונט, און דער ריטער האָט מער זיך נישט דערוועגט צו פרעגן — ער האָט דעריבער אָפּגעגעבן אַ באַריכט פון דער אויסשפירונג און באַלד גענומען בעטן וועגן אַ דערלויבניש צו קענען פערלאָזן דעם פאָלק אויף צוויי חדשים, ביז ער וועט נישט חתונה האָבן און אַוועקפירן זיין פרוי קיין סקושעטושעוואָ.

הערנדיק דאָס, האָט דער פירשט ווי זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף. די געוויינלעכע גוטהאַרציקייט האָט זיך צוגאָכן איבער זיין אומעטיקן פנים און צוטוליענדיק דעם הער סקשעטוסקי, האָט ער געזאָגט:

— עס קומט, הייסט עס, אַ סוף צו דיין ווייטאָק. פאָר, פאָר, זאָל דיך גאָט בענטשן, כ'וואָלט אַליין אויך געוואָלט זיין אויף דיין חתונה, ווייל סיי דעם פריילין קורצעוויטש, אַלס וואַסילס טאָכטער, און סיי דיר, אַלס פריינט, קומט דאָס פון מיר, אָבער אין דער איצטיקער שווערער צייט איז מיר נישט מעגלעך זיך צו לאָזן אין וועג אַריין. ווען ווילסטו פאָרן?

— גנעדיקער הער פירשט — אַפילו היינט נאָך!

— אויב אַזוי, פאָר מאָרגן. דו קאָנסט נישט פאָרן אַליין. כ'וועל דיר מיטגעבן דריי הונדערט טאָטערס פון ווישנעוועצקיס פאָלק, כדי דו זאָלסט זי קאָנען בשלום אָפּפירן. מיט זיי וועסטו גיך אָנקומען, און זיי וועלן דיר נויטיק זיין, ווייל דאָרט שלעפן זיך אַרום מחנות פון הולטאַיעס. כ'וועל דיר אויך געבן אַ בריוו צום הער יענדזשיי פאָטאָצקי, אָבער ביז איך וועל אים אָנשרייבן, ביז די טאָטערס וועלן קומען, און ביז דו אַליין [illegible] זיין גרייט, וועט אַריבער דער מאָרגנדיקער טאָג,

— ווי דער גנעדיקער פירשט וועט באַפעלן. אָבער

דערוועג מיך נאָך צו בעטן, אַז וואַלאַדיאָווסקי און פּאָדביפּיענ-טא זאָלן קאָנען מיט מיר מיטגיין.

— גוט. קום נאָך מאָרגן נעמען אָפּשיד און אַ ברכה. כ׳וואָלט וועקן אויך דיין פּירשטין שיקן עפּעס צום אָנדענק. עדל בלוט פליסט אין אירע אָדערן. זייט גליקלעך, ווייל איר זענט ווערט איינער דעם צווייטן.

דער ריטער האָט שוין געקניט און אַרומגענומען די קני פון באַליבטן פירער, וועלכער האָט נאָך אַ פּאָר מאָל איבערגע-חזרט:

— זאָל דיר גאָט געבן גליק! זאָל דיר גאָט געבן גליק! נו, קום נאָך מאָרגן.

אָבער דער ריטער האָט זיך נישט אויפגעהויבן און איז נישט אַוועקגעגאַנגען. גלייך ווי ער וואָלט וועלן נאָך עפּעס בעטן, און צום סוף האָט זיך פון זיין מויל אַרויסגעריסן:

— גנעדיקער הער פירשט!

— און וואָס נאָך ווילסטו זאָגן? — האָט דער פירשט מילד געפרעגט.

— דער גנעדיקער הער פירשט וועט מיר מוחל זיין מיין העזה, אָבער מיר ווערט דאָס האַרץ צושניטן און פון גרויס צער נעם איך זיך די דרייסטקייט צו פרעגן: וואָס איז אייך, גנעדי-קער הער פירשט? פייניקן אייך דאגות, אָדער אַ קראַנקהייט?

דער פירשט האָט אים אַרויפגעלייגט די האַנט אויפן קאָפּ:

— דו קאָנסט דאָס נישט וויסן! — האָט ער געזאָגט מיט אַ זיסן טאָן — קום נאָך מאָרגן.

הער סקשעטוסקי האָט זיך אויפגעשטעלט און איז אַוועק-געגאַנגען מיט אַ פאַרקלעמט האַרץ.

אין אָוונט איז אין זיין קוואַרטיר געקומען דער אַלטער זאַטשווילכאָווסקי, און צוזאַמען מיט אים דער קליינער וואַלאַ-דיאָווסקי, הער לאָנגינוס פּאָדביפּיענטא און הער זאַגלאָבאַ. זיי האָבן זיך געזעצט צום טיש און מיט אַמאָל איז אַריינגעקומען זשענדזשאַן, טראָגנדיק בעכערס און אַ פעסל.

— אין נאָמען פון גאָט און זון! — האָט הער זאַגלאָבאַ

אויסגערופן — ווי איך זע, איז אייער יונגל אויפגעשטאַנען תחית-המתים.

זשענדזשאַן איז צוגעגאַנגען און אים אַרומגענומען פאַר די קני.

— כ׳בין נישט אויפגעשטאַנען תחית-המתים, נאָר איך בין נישט געשטאָרבן אַ דאַנק דעם, וואָס דער גנעדיקער הער האָט מיך מציל געווען.

און הער סקשעטוסקי האָט צוגעגעבן:

— און שפּעטער איז ער נאָך אַוועק באַהוטן דינען.

— אויב אַזוי, וועט ער אין גיהנום באַקומען אַ אויסצייכענונג — האָט הער זאַגלאָבאַ געזאָגט. דערנאָך האָט ער זיך געווענדעט צו זשענדזשאַנען: — דו האָסט דאָרט פון דער דאָזיקער דינסט קיין גרויס נחת נישט געמוזט האָבן; נאַ דיר אַ טאָלער און זאָל עס דיר זיין צו נחמה.

— כ׳דאַנק הכנעהדיק דעם גנעדיקן הער — האָט זשענדזשאַן געזאָגט.

— ער! — האָט הער סקשעטוסקי אויסגערופן — דאָס איז שוין איינמאָל אַ בריה! ביי די קאָזאַקן האָט ער אָפּגעקויפט דעם שלל, און דאָס, וואָס ער האָט, וואָלטן מיר ביידע צוזאַמען נישט געקאָנט קויפן, ווען אפילו איר וואָלט אַלע אייערע נחלות אין טערקיי פאַרקויפט.

— אַזוי גאָר? — האָט הער זאַגלאָבאַ געזאָגט — אויב אַזוי האַלט מיין טאָלער אין וואַקס, ווי אַביימעל, ווייל אויב דו וועסט נישט טויגן צו עפּעס רעכטס, וועסטו ווייניקסטענס טויגן אויף אַ תליה. אַ גוטקייט בליקט אַרויס פון דעם דאָזיקן יונגלס אויגן. (דאָ האָט הער זאַגלאָבאַ אָנגעכאַפּט זשענדזשאַנען פאַר אַן אויער און עס לייכט געצויגן, און דערביי ווייטער געזאָגט). איך האָב ליב מזיקים און איך זאָג דיר נביאות, אַז עס וועט פון דיר ווערן אַ מענטש, אויב דו וועסט נישט זיין קיין בהמה. און ווי דערמאָנט דיך עפּעס דיין האַר, באָהון. — האַ?

און זשענדזשאַן האָט געשמייכעלט, ווייל עס האָבן אים געשמעקט זאַגלאָבאַס חניפה-רייד — און ער האָט געענטפערט:

— א, מיין הער, אַז ער דערמאָנט זיך אָן אייך, קריצט ער מיט די ציין, אַז פֿונקען שיטן זיך אַזש פֿון זיין מויל.

— גיי צום טייוול! — איז הער זאַגלאָבא מיט אַמאָל אויפגעקאָכט געוואָרן — וואָס פּלאַפּעלסטו מיר דאָ!

זשענדזשאַן איז אַרויסגעגאַנגען — און זיי האָבן גענומען שמועסן וועגן דער מאָרגנדיקער נסיעה און וועגן דעם גרויסן גליק, וואָס וואַרט אויפֿן הער יאַן. דער מעד האָט תיכף ווידערגעשטעלט דעם כעס ביים הער זאַגלאָבאַ, וועלכער האָט באַלד גענומען שיטן מיט רמזים אויפֿן חשבון פֿון הער סקשעטוסקיס חתונה אָדער דערציילן וועגן הער יענדזשיי פּאָטאָצקיס ליבע צום פריילין־פירשטין. הער לאָנגינוס האָט געזיפֿצט. זיי האָבן געטרינקען און געפרייט זיך פֿון גאַנצן האַרץ. צום סוף האָבן זיי גענומען שמועסן וועגן מלחמה־ענינים און וועגן פּירשט. סקשעטוסקי, וועלכער איז אַפּאָר וואָכן ניט געווען אין לאַגער, האָט געפֿרעגט:

— זאָגט מיר, גנעדיקער הערן, וואָס איז געוואָרן מיט אונזער פּירשט? ער איז דאָך גאָר אַ אַנדערער מענטש. איך קאָן דאָס אַלץ נישט פֿאַרשטיין. גאָט האָט אים געשיקט איין נצחון נאָכן צווייטן, און אויב מ׳האָט אים דאָרט געמיטן ביים באַשטימען די הויפּט־קאָמענדאַנטען — טאָ איז וואָס? דערפֿאַר שטראָמט דאָך צו אים דאָס גאַנצע חייל, אַזוי אַז ער וועט אָן וועמענס עס איז חסד ווערן העטמאַן און פֿאַרטיליק כמיעלניצקין... אָבער ער ווערט קענטיק כסדר געפּלאָגט פֿון שווערע דאגות!...

— און אפשר הויבט ער אָן צו ליידן אויף פּאָדאַגרע — האָט הער זאַגלאָבא זיך אָנגערופֿן; — אַז זי גיט זיך מיר אַמאָל אַ כאַפּ אַריין אין גראָבן פֿינגער, פֿאַל איך אַריין אין אַ מרה־שחורה אויף גאַנצע דריי טעג.

— און איך וועל אייך, ברידערלעך, זאָגן — האָט הער פּאָדביפּיענטאַ זיך אָנגערופֿן, שאָקלענדיק מיטן קאָפּ — איך האָב דאָס אַליין נישט געהערט פֿון קסיאָנדז מוכאָוויעצקי, אָבער כ׳האָב געהערט, ווי ער האָט עמיצן געזאָגט, פֿאַרוואָס דער פּירשט איז זיך מצער... איך אַליין זאָג גאָרנישט: דאָס איז אַ

גוטהערציקער האַר, אַ גוטער און גרויסער מלחמה־מאַן, און ווי קום איך אים צו משפטן, אָבער קסיאָנדז מוכאָוויעצקי... איבע־ריקנס, וואָס ווייס איך דען?

— נו, גיט נאָר אַ קוק, מיינע הערן, אויף דעם דאָזיקן ליטווינער! — האָט הער זאַגלאָבאַ אויסגערופן — ווי אַזוי זאָל איך פֿון אים ניט חוזק־מאַכן, אַז ער קען גאָרנישט ריידן ווי אַ מענטש. וואָס האָט איר דען געוואָלט זאָגן? דרייט זיך און דרייט זיך און צום עיקר קאָן ער גאָרנישט צוקומען.

— וואָס האָט איר דען אויף אַן אמת געהערט? — האָט הער יאַן געפֿרעגט.

— עט! אַז, ווייס איך... מ׳זאָל האָבן געזאָגט, אַז דער פֿירשט האָט צופֿיל בלוט פֿאַרגאָסן. דאָס איז אַ גרויסער פֿירער, אָבער אין שטראָפֿן ווייס ער פֿון קיין שיעור ניט, און איצט, זאָגט מען, זעט ער אַלץ רויט — ביי טאָג רויט און ביי נאַכט רויט, גלייך ווי אַ רויטער וואָלקן וואָלט אים אַרומגעהילט...

— רעט ניט קיין שטותים! — האָט דער אַלטער זאַ־טשווילכאָווסקי אויסגעשריגן מיט כעס — דאָס זענען ווייבערי־שע מעשיות. אין שלום־צייט איז ער פֿאַר די הולטאַיעס געווען דער בעסטער מושל, און אויב ער איז אומבאַרחמנותדיק פֿאַר די מורדים, טאָ איז וואָס? דאָס איז אַ פֿאַרדינסט און ניט קיין עבֿרה. קיין שום ענוים, קיין שום שטראָף וואָלט נישט געווען צופֿיל פֿאַר די, וואָס האָבן דאָס פֿאָטערלאַנד אין בלוט דער־טרונקען, פֿאַר די, וואָס האָבן דאָס אייגענע פֿאָלק פֿאַרקויפֿט פֿאַר קנעכט צו די טאָטערס, ניט מורא־האָבנדיק פֿאַר גאָט, פֿאַרן מאַיעסטעט, פֿאָטערלאַנד, העכסטער מאַכט! ווו וועט איר מיר נאָך ווייזן אַזעלכע רשעים, ווו וועט איר נאָך זען אַזעלכע אַכזריותדיקייטן ווי די, וואָס זיי זענען באַגאַנגען איבער פֿרויען און קליינע קינדער, ווו זענען געהערט געוואָרן אַזעלכע שרעק־לעכע רציחות? און פֿאַר זיי דאָס זענען צופֿיל די תּליות און די דרענגער?! טפֿו, טפֿו! איר האָט טאַקע אַ אייזערנע האַנט, אָבער אַ ווייבעריש האַרץ. כ׳האָב געזען, ווי איר האָט געקרעכצט, ווען מ׳האָט פּוליאַנעס געבראָטן אויפֿן פֿייער, און איר האָט גע־

זאָגט, אַז הלואי וואָלט איר אים בעסער אויפן אָרט דערהרג׳ט.
אָבער דער פֿירשט איז נישט קיין ווייב — ער ווייס ווי אַזוי צו באַשטראָפן, ווי אַזוי צו באַלוינען. — וואָס פֿאַר אַ נאַרישע מעשיות וועט איר מיר דאָ דערציילן?

— כ׳האָב דאָך געזאָגט, פּאָטער, אַז כ׳ווייס נישט — האָט זיך הער לאָנגינוס פֿאַרענטפֿערט.

אָבער דער זקן האָט נאָך לאַנג געסאָפּעט און זיך געגלעט מיט דער האַנט די מילך־ווייסע טשופּרינע און געברומט:

— רויט! הם! רויט!.. דאָס איז גאָר עפּיס נייעס! משוגע איז דער, וואָס האָט דאָס אויסגעטראַכט!

אַ ווײַלע איז געוואָרן שטיל, נאָר דורך די פֿענסטער האָט זיך דערטראָגן דאָס געפּילדער פֿון די הוליענדיקע שלאַכטשיצעס.

דער קליינער וואָלאָדיאָווסקי האָט איבערגעהאַקט די שטילקייט, וואָס האָט געהערשט אין שטוב.

— און וואָס מיינט איר, פּאָטער? וואָס קאָן זיין די סיבה פֿון פֿירשטס אומעט?

הם! — האָט דער זקן געזאָגט — ער פֿאַרטרויט מיר נישט זיינע סודות, און דערפֿאַר ווייס איך נישט. איבער עפּיס פֿאַר־טראַכט ער זיך, שלאָגט זיך מיט דער אייגענער דעה. דאָס מוז זיין אַ שווערער קאַמף, אַנדערש קאָן נישט זיין -- און וואָס גרעסער די נשמה, אַלץ גרעסער דער ווייטאָק...

און דער אַלטער ריטער האָט קיין טעות נישט געהאַט, ווייל גראָד אין דעם מאָמענט איז יענע פֿירשט, דער פֿירער און זיגער, געלעגן אין שטוב פֿאַר קריסטוסעס בילד אין זיין קוואַרטיר און געפֿירט איינעם פֿון די פֿאַרביסנסטע קאַמפֿן אין זיין לעבן.

די וואַך אויפן שלאָס האָט אָנגעזאָגט האַלבע נאַכט, און יערעמי האָט נאָך אַלץ גערעדט מיט גאָט און מיט דער אייגענער גרויסער נשמה. זיין שכל, געוויסן, ליבע צום פֿאָטערלאַנד, שטאָלץ, באַוווסטזיין פֿון אייגענער קראַפֿט און גרויסע באַשטי־מונגען זענען אין זיין ברוסט פֿאַרוואַנדעלט געוואָרן אין קעמ־פֿער און זיי האָבן געפֿירט צווישן זיך אַ האַרטנעקיקן געראַנגל,

פֿון וועלכן עס האָט געפּלאַצט די ברוסט, עס האָט געפּלאַצט דער קאָפּ און דער ווייטאָק האָט זיך געשפּירט אין אַלע זיינע אברים. אַקעגן דעם ווילן פֿון פּרימאַס, קאַנצלער, סענאַט קאָמענדאַנטן, אַקעגן דעם ווילן פֿון דער רעגירונג, זענען געגאַנגען צו דעם דאָזיקן זיגער די שוק־חיילות די שלאַכטע, די פּרעמדע פּריוואַטע פּאָלקן — מיט איין וואָרט — די גאַנצע רעפּובליק האָט זיך איבערגעגעבן אין זיין רשות, איז אַנטלאָפֿן אונטער זיינע פֿליגל, האָט אָנפּאַרטרויט איר גורל זיין גאונישן קאָפּ און גערופֿן דורך אירע בעסטע זין: „ראַטעווע, ווייל דו אַליין קענסט ראַטעווען!" נאָך אַ חודש, נאָך צוויי, און ביי זבאַראַזש וועלן שטיין הונדערט טויזנט קעמפּער, וואָס וועלן גרייט זיין צו שלאָגן זיך אויף טויט און אויף לעבן מיטן שלאַנג פֿון דער בירגער־מלחמה. דאָ האָבן בילדער פֿון דער צוקונפֿט, באַגאָסן מיט עפּעס אַ בלענדנדיקן ליכט פֿון רום און מאַכט, זיך גענומען פֿאַנאַנדערוויקלען פֿאַר די אויגן פֿון פּירשט. עס וועלן פֿאַרציטערט ווערן די, וואָס האָבן אים געוואָלט פֿאַרשעמען און דערנידריקן — און ער וועט אַ כאַפּ טון די דאָזיקע אייזערנע מחנות פֿון ריטער און זיי אַוועקפֿירן אין די אוקראַינישע סטעפּעס צו אַזעלכע נצחונות, צו אַזעלכע טריומפֿן, וועלכע זענען נאָך אין דער געשיכטע נישט געהערט געוואָרן. און דער פּירשט שפּירט אין זיך דעם נויטיקן כוח — פֿון די אָרעמס וואַקסן אים אַרויס פֿליגל, ווי די פֿליגל פֿון הייליקן מיכאַל דעם שר פֿון די מלאכים. אָט ווערט ער אין דער רגע פֿאַרוואַנדלט אין אַ ריז, וועלכן דער גאַנצער שלאָס, גאַנץ זבאַראַזש, גאַנץ רוס קאָן נישט אַרומנעמען. ער שווערט ביי גאָט! ער וועט כמיעלניצקין פֿאַרטיליקן! ער וועט דערשטיקן די מרידה — ער וועט דעם פֿאָטערלאַנד צוריקגעבן זיין רו ער זעט די רחבותדיקע פֿעלדער, די צענטליקער טויזנטער זעלנער, ער הערט דאָס דונערן פֿון די האַרמאַטן, אַ שלאַכט! אַ שלאַכט! אַ פּאָגראָם, וואָס איז נאָך נישט געזען, נאָך נישט געהערט געוואָרן! צענטליקער טויזנטער קערפּערס, צענטליקער טויזנטער פֿאָנען ליגן אויסגעשפּרייט איבערן פֿאַרבלוטיקטן סטעפּ, און ער טרעט איבער

כמיעלניצקיס גוף און טרומייטן שפּילן אַ נצחון־מאַרש און דאָס קול גייט פֿון ים צו ים... דער פֿירשט שפּרינגט אויף און שטרעקט אויס די הענט צו קריסטוסן און אַרום זיין קאָפּ פלאַ־קערט עפּעס אַ רויט ליכט: קריסטוס! „קריסטוס! קריסטוס! — רופֿט ער — דו ווייסט! דו זעסט, אַז איך וועל דאָס בכוח זיין צו טון, זאָג מיר, אַז איך דאַרף עס טון!"

אָבער קריסטוס האָט דעם קאָפּ אויף די ברוסט אַראָפּגע־האָנגען און געשוויגן מיטן אויסדרוק פֿון אַזאַ צער אויפֿן פּנים, גלייך ווי מ'וואָלט אים נאָר וואָס געקרייציקט. — צוליב דיין רום!"
— האָט דער פֿירשט אויסגערופֿן — און נישט צוליב מיר! נישט צוליב מיר! נאָר צוליב דעם רום פֿון דיין נאָמען! „צום רום פֿון גלויבן און דער קירך, פֿון גאַנצן קריסטנטום! אָ קריסטוס! קריס־טוס!" און אַ נייַ בילד האָט זיך באַוויזן פֿאַר זיינע אויגן. מיטן נצחון איבער כמיעלניצקין וועט נאָך דאָס ווערק נישט זיין פֿאַר־ענדיקט. נאָכדעם ווי ער וועט פֿאַרצערן די מליצה־ווערטער, גע־קרעפֿטיקט ווערן און ריזיק אויסוואַקסן מיט דער הילף פֿון אירע כּוחות, די צענדליקער טויזנטער קאָזאַקן וועט ער פֿאַרייניקן מיט די צענדליקער טויזנטער ריטער און גיין ווייטער; ער וועט באַ־פֿאַלן קרים, דעם שרעקלעכן שלאַנג וועט ער אין זיין אייגענעם גרוב דערווישן, און אַריינשלאָגן אַ צלם דאָרט, ווו די גלאָקן האָבן ביז איצט נאָך קיינמאָל נישט גערופֿן די גלויביקע צו דער תּפֿלה.

אָדער ער יועט אויך גיין אין די מדינות, וואָס די פּירשטן ווישניאַוויעצקיס האָבן שוין אַמאָל צוטרעטן מיט די פֿאַרשי־דענע קאָפּיטעס, און אויסציען די גרעניצן פֿון דער רעפּובליק, און צוזאַמען מיט זיי אויך די גרעניצן פֿון דער קירך, ביז די ווייטסטע עקן פֿון דער ערד...

און ווי איז דער סוף פֿון רום, גבורה, מאַכט? — ניטאָ קיין סוף און קיין ברעג...

אין שלאָס־חדר פֿאַלט אַריין דאָס ווייסע ליכט פֿון דער לבנה, אָבער די זייגערס שלאָגן אַ שפּעטע שעה און די העגער קרייען, באַלד וועט טאָגן. אָבער צו וועט דאָס זיין אַ טאָג,

אין וועלכן עס וועט, צוזאַמען מיט דער זון אויפן הימל, אויך אויפגיין אַ נייע זון אויף דער ערד?

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

יאָ! אַ קינד וואָלט געווען דער פּירשט, און נישט קיין העלד, ווען ער וואָלט דאָס נישט געטון, ווען ער וואָלט צוליב וועלכע עס איז טעמים זיך אָפּגעזאָגט צו פאָלגן דעם רוף פון זיינע באַשטימונגען. אָט שפּירט ער שוין אַ געוויסע רויקייט, וואָס דער דערבאַרעמדיקער קריסטוס האָט אויף אים אויסגעגאָסן — זאָל דערפאַר זיין געלויבט זיין נאָמען! — שוין כראַכט ער ניכטער, לייכט און מיט זיינע גייסטיקע אויגן זעט ער קלאָר דעם מצב פון פּאָטערלאַנד און פון אַלע ענינים. די פּאָליטיק פון קאַנצלער און פון יענע מושלים דאָרט אין וואַרשא, און אויך פון בראַצלאַווער וואָיעוואָדא איז אַ שלעכטע — און אַ אומגליק פאַרן פּאָטערלאַנד. צווערשט אַ תל מאַכן פון זאַפּאָראָזשע, אַ ים בלוט פון איר אויסצאַפּן, צוברעכן זי, חרוב-מאַכן, צוקוועטשן, מנצח זיין, און שפּעטער ערשט די באַזיקטע אַלץ נאָכגעבן — אַ סוף מאַכן צו יעדער הפקרות, צו אַלע רדיפות, איינפירן אָרדנונג און רו; זיין בכוח צו מאַכן פון אַלץ אַ תל-עולם אין פונדעסטוועגן שענקן דאָס לעבן — אָט דאָס איז דער וועג, אויף וועלכן עס דאַרף גיין די גרויסע, הערלעכע רעפּובליק. אפשר אַמאָל, אַמאָל האָט מען געקאָנט אויסקלויבן אַ אַנדערן וועג, היינט — נישט! וואָרום צו וואָס פאַר אַ תכלית קאָנען פירן אָפּמאַכן, ווען עס שטייען אַ קעגן זיך הונדערטער טויזנטער באַוואָפנטע מענטשן, און ווען אַפילו זיי וואָלטן געשלאָסן געווארן — וואָס פאַר אַ ממשות קאָנען זיי האָבן? ניין! דאָס זענען נאָר פוסטע חלומות, פאַלשע איינרעדענישן, דאָס באַדייט אַ מלחמה אויף גאַנצע דורות אַרויס, דאָס באַדייט אַ ים פון טרערן און בלוט פאַר דער צוקונפט!... זאָלן זיי גיין אויף דעם דאָזיקן איינציקן, גרויסן, איידעלן, מעכטיקן וועג — און ער וועט גאָרנישט מער וועלן און באַגערן. ער וועט זיך צוריק באַזעצן אין זיין לובני און וועט וואַרטן רויק, ביז די שרעקלעכע מלחמה-טרומייטן וועלן אים אופסניי נישט וועקן צו מעשים...

זאָלן זיי גיין? אָבער ווער? דער סענאַט? די שטורמישע סיימען? דער קאַנצלער? דער פּרימאַס, אָדער די קאָמענדאַנטן, ווער, אַ חוץ אים, איז משיג דעם דאָזיקן גרויסן געדאַנק? און ווער קאָן אים אויספירן? זאָל זיך געפינען אַזעלכער — אדרבא! אָבער ווו איז ער? ווער איז בכוח דאָס אויסצופירן? — ער אַליין — ווייטער קיינער נישט! — צו אים גייט די שלאַכטע, צו אים שטראָמען די חיילות, אין זיין האַנט ליגט די שווערד פון דער רעפּובליק. מיט דער רעפּובליק רעגירט דאָך דער ווילן פון פאָלק אַפילו דעמאָלט, ווען אַ מושל זיצט אויפן כסא־המלוכה, אַ פּשיטא־שוין ווען קיין מושל איז נישטאָ. דער ווילן פון פאָלק איז דאָס העכסטע געזעץ! און ער ווערט אויסגעזאָגט נישט בלויז אויף די סיימען, נישט בלויז דורך די שליחים, סענאַט און קאַנצלערס, נישט בלויז דורך די געזעצן און מאַניפעסטן, נאָר נאָך שטאַרקער, נאָך בולטער, נאָך בפירושער — דורך מעשים. ווער רעגירט דאָ? — דער ריטערלעכער שטאַנד — אָבער אָט פאָרט זיך דער דאָזיקער ריטערלעכער שטאַנד קיין זבאַראַזש און זאָגט אים: דו ביסט אונזער מנהיג. די גאַנצע רעפּובליק גיט אים איינשטימיק איבער די מאַכט און זאָגט: דו ביסט אונזער מנהיג. זאָל ער זיך צוריקציִען? וואָס פאַר אַ נאָמינאַציע דאַרף ער דען נאָך? פון וועמען זאָל ער זי באַקומען? אפשר פון די, וואָס באַמיִען זיך די רעפּובליק אומצוברענגען און אים צו דערנידריקן?

פאַרוואָס? פאַרוואָס? צי דערפאַר, וואָס ווען אַלע האָט ארומגענומען אַ בהלה, ווען די העטמאַנעס זענען געווען גע־פאַנגען אין געפאַנגענשאַפט, די חיילות זענען אומגעקומען, די שררות האָבן זיך באַהאַלטן אין די שלעסער, און דער קאָזאַק האָט אַוועקגעשטעלט זיין פוס אויף דער ברוסט פון דער רע־פּובליק, האָט ער אַליין אַוועקגעשטויסן דעם דאָזיקן פוס און אויפגעהויבן פון שטויב דער פאַרחלשטן קאָפּ פון דער מ[illegible]־רעפּובליק — האָט פאַר איר מקריב געווען אַלץ, דאָס לעבן, דאָס פאַרמעגן, האָט זי מציל געווען פון שאַנד, פון טויט — ער, דער זינער!!

ווער עס האָט דאָ מער פאַרדינסטן — זאָל זיך נעמען די דאָזיקע מאַכט! ווער עס האָט מער רעכט דערויף— זאָל זי באַקומען! ער וועט גערן זיך אָפּזאָגן פון דער דאָזיקער לאַסט, וועט געהן זאָגן צו גאָט און צו דער רעפּובליק: „לאָזט אייער קנעכט צורו״ — ווייל ער איז שוין זייער פאַרמאַטערט און האָט שוין נישט מער קיין כח, און דערצו נאָך איז ער זיכער, אַז סיי זיין אָנדענק, סיי זיין קבר וועט נישט פאַרגעסן בלייבן.

אָבער אויב אַזעלכער איז בכלל נישטאָ— וואָלט איך דאָך באמת געוועזן נאָר אַ קינד, און נישט קיין מאַן, ווען איך וואָלט מיך אָפּגעזאָגט פון דער דאָזיקער מאַכט, פון דעם דאָזיקן ליכטיקן וועג, פון דער גלענצנדיקער, גרויסער צוקונפט, אין וועלכער עס ליגט די רעטונג פון דער רעפּובליק, איר רום, מאַכט, גליק!

און פאַרוואָס?

דער פירשט האָט ווידער שטאָלץ אויפגעהויבן דעם קאָפּ און זיין פלאַמיקער בליק איז געפאַלן אויף קריסטוסן, אָבער קריסטוס האָט זיין קאָפּ אויף די ברוסט אַראָפּגעהאָנגען און געשוויגן מיט אַזאַ אויסדרוק פון יסורים, גלייך ווי מ׳וואָלט אים נאָר וואָס געקרייציקט...

פאַרוואָס? דער העלד האָט זיינע צוהיצטע שלעפן געדריקט מיט די הענט... אפשר איז פאַראַן אַ תשובה. וואָס באַדייטן די שטימען, וואָס אין מיטן פון די גאָלדענע און רעגנבויגנדיקע זעאונגען פון רום, אין מיטן פון רויש פון די קומענדיקע נצחונות, אין מיטן פון די האָפנונגספולע אויסזיכטן אויף גדולה און מאַכט, רופן זיי אַזוי אומברחמנותדיק צו אים אין דער נשמה: „אַך! שטיי, דו אומגליקלעכער!״ וואָס באַדייט יענע אומרויקייט, וואָס נעמט אַרום זיין אומדערשראָקענע ברוסט מיט אַ ציטער פון עפּעס אַן אימה? וואָס באַדייט דאָס, וואָס ווען ער באַווייזט זיך באותות ובמופתים, אַז ער מוז איבערנעמען די מאַכט, פאַרנעמט ער עפּיס אַ שעפּטשעריי אין דער טיפעניש פון זיין געוויסן. „דו נאַרסט זיך אַליין, די גדלות פאַרפירט דיך, דער שטן פון גאוה זאָגט דיר צו מאַכט און גדולה?!

און ווידער האָט אַ מוראדיקער קאַמף זיך צופֿלאַקערט אין דעם פֿירשטס נשמה, ווידער האָט אים מיטגעריסן אַ שטורם פֿון שרעק, אומזיכערקייט און ספֿקות.

וואָס טוט די שלאַכטע, וואָס אָנשטאָט צו די קאָמענדאַנטען, שטראָמט זי צו אים? זי טרעט דאָס געזעץ. וואָס טוט דאָס חייל? עס ברעכט די דיסציפּלין. און ער, דער בירגער, ער, דער זעלנער זאָל זיך שטעלן בראש פֿון דער אומגעזעצליכקייט? ער זאָל זי דאָס באַדעקן מיט זיין חשובן נאָמען? ער זאָל דאָס דער ערשטער געבן אַ מוסטער פֿון אומגעהאָרכזאַמקייט, הפֿקרות, ניש־ שוינען דאָס געזעץ, און דאָס אַלץ נאָר דערפֿאַר, כּדי צו פֿאַרכאַפּן די מאַכט מיט צוויי חדשים פֿריער, וואָרום אויב פּרינץ קאַראָל וועט אויסגעקליבן ווערן פֿאַר אַ מלך, וועט דאָך אים סיי־ווי־סיי די מאַכט נישט מיידן? ער זאָל דאָס געבן אַזאַ שרעקליכן מוסטער די קומענדיקע דורות? און צי וואָס וועט דאָס ברענגען? היינט וועט אַזוי טון ווישניאָוויעצקי, מאָרגן קאָניעצפּאָלסקי, פּאָטאָצקי, פּירליי, זאַמאָיסקי אָדער לובאָמירסקי! און אויב יעדער וועט, נישט שוינענדיק דאָס געזעץ און דיסציפּלין, נעמען האַנדלען אַזוי ווי עס דיקטירט אים זיין אייגענע אַמביציע; אויב די קינדער וועלן גיין אין די דרכים פֿון זייערע פֿאָטערס און זיידעס, ווי וועט דאַן אויסזען די צוקונפֿט פֿון דעם דאָזיקן אומגליקלעכן לאַנד? דער וואָרם פֿון ווילקיר, הפֿקרות, פּערזענליכע פּניות טאָטשעט שוין אַזוי אויף דעם שטאַם פֿון דער דאָזיקער רעפּובליק; אונטער דער האַק פֿון דער בירגער־מלחמה שיט זיך קרישל־שטויב, די פֿאַרדאַרטע צווייגן פֿאַלן אָפּ פֿון בוים—וואָס וועט זיין, ווען די, וואָס דאַרפֿן אים שיצן און היטן ווי דאָס שוואַרץ־אַפּל פֿון אויג—וועלן אַליין אונטערלייגן פֿייער? וואָס וועט זיין? יעזוס! יעזוס!

כמיעלניצקי האָט גערעט אויך וועגן טובת־הכּלל און אַלץ, וואָס ער טוט, איז געווענדעט קעגן געזעץ און דער העכסטער מאַכט.

דעם פֿירשט איז אַ שוידער דורכגעלאָפֿן פֿון די פֿיס ביז צום קאָפּ. ער האָט פֿאַרבראָכן די הענט: „זאָל איך זיין אַ צוויי־

טער כמיעלניצקי—אָ קריסטוס!"

אָבער קריסטוס האָט דעם קאָפּ אויף די ברוסט אַראָפּגעהאָנגען און געשוויגן מיט אַזאַ אויסדרוק פון יסורים, גלייך ווי מ׳וואָלט אים נאָר וואָס געקרייציקט.

דער פירשט האָט זיך ווייטער געראַנגעלט מיט זיך אַליין. אויב ער וועט איבערנעמען די מאַכט, און דער קאַנצלער, סענאַט און קאָמענדאַנטען וועלן אים אויפרופען פאַר אַ בוגד און בונטאָווש׳טיק — וואָס וועט דאַן זיין? אַ צווייטע בירגער-מלחמה? און אַחוץ דעם, צי איז דען כמיעלניצקי דער גרעסטער און געפערלעכסטער שונא פון דער דאָזיקער רעפּובליק? איז זי דאָך נישט איין מאָל באַפּאַלן געוואָרן פון נאָך גרעסערע מאַכטן, און ווען צוויי-הונדערט טויזנט מעכטיקע דייטשן האָבן ביי גרינוואַלד זיך געלאָזט אַקעגן יאַגעלאָס פאָלקן; ווען ביי כאָטשים האָט האַלב אַזיע זיך געשטעלט צו דער שלאַכט, האָט זיך אויסגעוויזן, אַז די סכנה פון אונטערגאַנג איז נאָך נענטער — און וואָס איז געוועזן דער סוף פון די דאָזיקע פיינטלעכע כוחות?

ניין! די רעפּובליק האָט פאַר מלחמות נישט קיין מורא און זי וועט פון מלחמות נישט אונטערגיין! אָבער פאַרוואָס עפּעס איז זי ביי אַזעלכע נצחונות, ביי אַזאַ פאַרבאָרגענעם כוח, ביי אַזאַ רום, זי, וואָס האָט פאַרטיליקט די קרייץ-ריטער און די טערקן — פאַרוואָס איז זי אַזוי שוואַך און אָפּהענגיק, אַז זי האָט זיך אונטערגעגעבן פאַר איין קאָזאַק? אַז די שכנים פליקן אירע גרענעצן, אַז זי איז געוואָרן צו שאַנד און צו שפּאָט ביי די פעלקער, אַז קיינער הערט זיך נישט צו צו איר שטים, האָט נישט קיין מורא פאַר איר כעס, און אַלע גלויבן, אַז איר אונטערגאַנג איז אומפאַרמיידלעך?

אַך! דאָס איז ער טאַקע, דער פּועל-יוצא פון דער גאוה און אַמביציע פון די מאַגנאַטן, פון די מעשים אויף אייגענער דעה, פון דער הפקרותן נישט כמיעלניצקי איז דער ערגסטער שונא, נאָר די אינערלעכע אומאָרדנונג, נאָר די הפקרות פון דער שלאַכטע, די קנאַפּקייט און אומגעהאָרכזאַמקייט פון חייל, די שטורמישקייט פון די סיימען, די אַרומרייסעניש, צושפּליטערטע-

קייט, מהומות, אָפּהענגיגקייט. פּערזענלעכע פּניות, דאָס פּעלן פון דיסציפּלין — קודם-כל דאָס פּעלן פון דיסציפּלין, דער בוים הויבט אָן צו פוילען און צו קרישלען זיך אין מיטן. ס׳וועט נישט לאַנג דויערן און דער שטורם-ווינט וועט אים אומשליידערן — אָבער אַ פאַרברעכער איז דער, וואָס לייגט צו די הענט צו אַזאַ אַרבעט, פאַרשאָלטן איז ער און זיינע קינדער ביזן צענטן דור!!..

גיי-זשע איצט, דער זיגער ביי נעמיראָוו, פּאָהרעבישטשע, מאַכנווקאַ, און קאָנסטאַנטינוו; גיי, פּירשט-וואָיעוואָדאַ, גיי נעם צו די מאַכט ביי די קאָמענדאַנטען, צוטרעט דאָס געזעץ און דעם ווילן פון דער העכסטער מאַכט און גיב אַ מוסטער די קומענדיקע דורות, ווי אַזוי צו צופליקן דאָס איינגעווייד פון דער מאַמע.

אַ אימה, אַ יאוש און אַ שגעון האָבן זיך אָפּגעשלאָגן אויפן פּנים פון פּירשט... ער האָט אַ מוראדיקן געשריי געטון און אָנכאַפּנדיק זיך מיט די הענט פאַר דער טשופּרינע, איז ער געפאַלן צו ערד פאַר קריטטוסן.

און ס׳האָט תשובה-געטון דער פּירשט און געשלאָגן מיטן קאָפּ אין דער שטיינערנער פּאָדלאָגע און פון זיין ברוסט האָט זיך אַרויסגעריסן אַ טויבע שטים:

— גאָט! זיי מיר מוחל, דעם זינדיקן בשר-ודם! גאָט! זיי מיר מוחל דעם זינדיקן בשר-ודם!..

דער רויטלעכער מאָרגנשטערן איז שוין אויפגעגאַנגען אויפן הימל און דערנאָך איז געקומען די גאָלדענע זון און באַלויכטן דעם זאַל. פון די גזימסן האָט זיך דערטראָגן אַ געצוויטשעריי פון שפּערלינגס און שוואַלבן. דער פּירשט האָט זיך אויפגעשטעלט און איז געגאַנגען וועקן דאָס יונגל זשעלענס-קי, וועלכער איז געשלאָפן אויף דער צווייטער זייט טיר.

— לויף — האָט ער צו אים געזאָגט — צו די באַפעל-איבערגעבער און הייס זיי צוזאַמענרופן אַהער צו מיר די פּאָלקאָווניקעס, וואָס שטייען אין שלאָס און אין דער שטאָט, סיי פון די שוץ-פּאָלקען און סיי פון די פרישע חיילות.

אין צוויי שעה אַרום איז דער זאַל פול געוואָרן מיט די באַוואָנסלטע און באַבערדלטע געשטאַלטן פון די מלחמה־לייט. פון דעם פירשטס מענטשן זענען געקומען דער אַלטער זאַטש־ווילי כאָווסקי, פּאָלאַנאָווסקי, סקשעטוסקי מיטן הער זאַגלאָבאַ, ווורצל, מאַכניצקי, וואָלאָדיאָווסקי, וויערשול, פּאָניאַטאָווסקי, כמעט אַלע אָפיצירן, ביז צו די פּאָנען־טרעגער, אַחוץ קושעלן, וועל־כער איז געווען אַרויסגעשיקט אויף אַן אויסשפּירונג קיין פּאָ־דאל. פון די שוץ־חיילות זענען געווען דערביי אָשינסקי און קאָריצקי. אַ סך פון די חשובע שלאַכטשיצעס, וואָס זענען נאָר וואָס צוגעשטאַנען צו דער אַרמיי, האָט מען נישט געקאָנט אַרויסשלעפּן פון די וואַרעמע געלעגערס, פונדעסטוועגן האָט זיך פון זיי אויך אָנגעקליבן אַ שפּאָר הייפל. און צווישן זיי באַאַמ־טע פון פאַרשידענע קאַנטן, פון קאַשטעלאַנין ביז צו קאַמער־הערס... עס האָבן זיך געטראָגן אין דער לופט שושקערייען, שמועסן און עס האָט גערוישט ווי אין אַ בין־שטאָק, און אַלע־מענס אויגן זענען געווען געווענדעט צו דער טיר, דורך וועל־כער דער פירשט האָט זיך געזאָלט באַווייזן.

מיט אַמאָל איז אַלץ אַנטשוויגן געוואָרן. דער פירשט איז אַריינגעקומען, דאָס פּנים איז ביי אים געווען רויק, ליטער — און נאָר די פון נישט שלאָפן רויטע אויגן און די צוזאַמענגע־צויגענע ברעמען האָבן עדות געזאָגט וועגן דעם דורכגעמאַכטן קאַמף. און דורך דער דאָזיקער ליטערקייט און אַפילו בנעימות־דיקייט האָט זיך דורכגעשלאָגן אַ ערנסטקייט און אַ פעסטער רצון.

גנעדיקע הערן! — האָט ער געזאָגט — היינטיגע נאַכט האָב איך גערעט מיט גאָט און מיין אייגענעם געוויסן און אָנ־געפרעגט, וואָס איך דאַרף טאָן: איך בין דעריבער אייך מודיע, גנעדיקע הערן, און איר זייט מודיע אַלע ריטער, אַז צוליב דער טובה פון פאָטערלאַנד און צוליב דער אחדות, וואָס איז נויטיק אין אַ עת־צרה, וואַרף איך זיך אונטער דעם באַפעל פון די קאָמענדאַנטן.

אַ שווערע שטילקייט האָט געהערט צווישן די פאַרזאַמלטע.

דעם זעלבן טאָג, מיטאָג־צייט, זענען אויפֿן שלאָס הויף געשטאַנען דריי הונדערט טאָטערס פֿון ווארשעווער פּאָלק, וואָס זענען געווען גרייט זיך צו לאָזן אין וועג אריין מיטן הער סקשעטוסקין, און אין שלאָס האָט דער פֿירשט איינגעאָרדנט אַ מיטאָג לכּבֿוד די עלטסטע מיליטער־לייט, וועלכער האָט צו דער צייט אויך געזאָלט זיין אַ געזעגנונגס־מאָלצייט פֿאַר אונזער ריטער. מ'האָט אים דעריבער אַוועקגעזעצט נעבן פֿירשט אַלס "יונגן הער" און באַלד נאָך אים איז געזעסן הער זאַגלאָבאַ, ווייל מ'האָט געוווּסט, אַז אַדאַנק זיין געשיקטקייט און מוט איז דאָס „יונגע פֿריילין" גיצול געוואָרן פֿון דער לעצטער צרה. דער פֿירשט איז געווען פֿריילעך, ווייל ער האָט אַראָפּגעוואָרפֿן אַ משה פֿון האַרץ, און ער האָט אויפֿגעהויבן דעם כּוס פֿאַרן גליק פֿון קינפּטיקן פּאָרל, די ווענט און די פֿענסטער האָבן געציטערט פֿון די קולות פֿון די ריטער. אין פֿאָדערהויז האָט געטומלט די דינערשאַפֿט, צווישן וועלכער זשענדשאַן האָט געפֿירט דעם אויבן־אָן.

— גנעדיקע הערן! — האָט דער פֿירשט געזאָגט — זאָל דער דאָזיקער דריטער כּוס זיין פֿאַרן קומענדיקן דור. אַ גרויס געזינטל וועט דאָס זיין, הלוואי זאָלן די עפּעלעך, נישט פֿאַלן ווייט פֿון בוים. זאָלן פֿון דעם דאָזיקן אָדלער אַרויסקומען אָדלערלעך, וואָס זאָלן נישט פֿאַרשעמען זייער פֿאָטער!

— זאָלן זיי לעבן! זאָלן זיי לעבן!

— צום דאַנק!! — האָט סקשעטוסקי אויסגערופֿן, אויסטרינקנדיק אַ גרויסן כּוס

— זאָלן זיי לעבן! זאָלן זד לעבן!

— זאָלן זיי זיך פֿרוכפּערן און מערן!

— איר דאַרפֿט, גנעדיקער הער, אויסשטעלן כאָטש אַ הײַלבּ פּאָלק! האָט לאַכנדיק געזאָגט דער אַלטער זאַטשווילכאָווסקי.

— ער וועט ממש פֿאַרשיטן די אַרמיי מיט סקשעטוסקיס!

איך קען אים שוין! — האָט זאַגלאָבאַ אויסגעשריגן.

די שלאַכטשיצעס האָבן פֿאַרהילכט דעם זאַל מיט זייער געלעכטער. דער ווייַן איז געקראָכן אין די קעפּ אַריין, אומעטום

האָט מען געזען רויטע פּנימער, וואָנסעס, וואָס באַוועגן זיך; דער עולם איז מיט יעדער ווײַלע געוואָרן מער אויפגערוימט.

— אויב אַזוי — האָט הער יאַן לוסטיק געזאָגט — מוז איך זיך שוין פאַר אײַך מודה זײַן, אַז דער קוקוק האָט מיר אויסגעקוקט צוועלף יונגלעך.

— גאָט מײַנער! — אַלע באַטשאַנעס ווערן פון דער גרויסער אַרבעט אויסגעפּגרן! — האָט הער זאַגלאָבאַ אויסגעוויפן.

די שלאַכטשיצעס האָבן געענטפערט מיט אַ נײַעם אויסברוך פון געלעכטער און געלאַכט האָבן אַלע, אַז דער זאַל איז אַזש ווי פון אַ דונער פאַרטויבט געוואָרן.

מיט אַמאָל האָט זיך אויף דער שוועל פון זאַל באַוויזן עפּעס אַ טריבע געשטאַלט, באַדעקט מיט שטויב — און דערזעענדיק דעם טיש, די סעודה, און די צופלאַמטע פּנימער, איז זי שטיין געבליבן אין דער טיר, גלײַך ווי זי וואָלט זיך געשלאָגן מיט דער דעה, צי זי זאָל ווײַטער גיין.

דער פירשט האָט זי באַמערקט דער ערשטער, ער האָט צוזאַמענגעצויגן די ברעמען, פאַרשטעלט די אויגן און געזאָגט:

— ווער איז דאָס דאָרט? אַ! דאָס איז קושעל! פון דער אויסשפּירונג! וואָס הערט מען! וואָס פאַר אַ נײַעס ברענגט איר!

— זייער שלעכטע, גנעדיקער הער פירשט — האָט דער יונגער אָפיציר געזאָגט מיט אַ משונהדיקער שטים.

די פאַרזאַמלטע זענען מיט אַמאָל אַנטשוויגן געוואָרן. די כוסות, וואָס זענען געטראָגן געוואָרן צום מויל, זענען געבליבן הענגען אין מיטן וועג, אַלעמענס אויגן האָבן זיך געווענדעט צו קושעלן, וואָס זײַן פאַרמאַטערט פּנים האָט אויסגעדרוקט צער און ווייטאָק.

— איר האָט בעסער וועגן זיי נישט געדאַרפט דערציילן, ווען איך בין מיך משמח ביי אַ כוס—האָט דער פירשט געזאָגט — אָבער אַז דו האָסט שוין אָנגעהויבן, דערצייל ביז צום סוף.

— גנעדיקער פירשט, איך וואָלט אויך נישט וועלן זיין קיין אָנזאָגער פון אַ שלעכטער בשורה, וועלכע איך קאָן גאָרנישט אַרויסברענגען פון מיין מויל.

— וואָס איז געשען? זאָג!

— באַר... איז גענומען!

(סוף פון צווייטן טייל).